דאָס בוך איז דערשינען מיט דער פריינדלעכער מיטהילף פון די משפחות:

יוסף אַרנאָלד און קלמן אַראָנאָוויטש (ניו־יורק);

*

פון די חברטעס שרה (לאָס־אַנדזשעלעס) און אידאַ (שיקאַגאָ) — צו פאַראייביקן זייערע טייערע יצחק ווייס און וואָלף פראַטקין.

# אינהאַלט:

# אַריינפיר

שרייבנדיק דאָס בוך זכרונות, האָב איך זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו געבן אַ דורכבליק פון מיין לעבנס־וועג לפּחות ביז אויגוסט 1951־טן יאָר, ד. ה. ביזן סוף פון דער קאַדענץ פון דער ערשטער כנסת. די געשיכטע פון מיין לעבן האָב איך איינגעטיילט אין 4 תקופות, לויט אַ געאָגראַפישער חלוקה, אויב מ׳קאָן אַזוי זאָגן.

די ערשטע תקופה נעמט אַרום מיינע יוגנט־יאָרן, ביזן פאַרלאָזן פוילן אין יאָר 1907. די תקופה טיילט זיך אויף 4 פעריאָדן: 1. מיינע קינדער־יאָרן — 1884—1899; 2. גימנאַזיע־יאָרן — 1899—1902; 3. אוניווערסיטעט־יאָרן — 1902—1905; 4. אין דער באַוועגונג אין פוילן — 1905—1907.

די צווייטע תקופה נעמט אַרום די יאָרן אין פעטערבורג 1907—1918, און זי טיילט זיך אויך אויף 4 פעריאָדן: 1. די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — 1907—1914; 2. די מלחמה־יאָרן — 1914—פעברואַר 1917; 3. די פעברואַר־רעוואָלוציע אין 1917־טן יאָר ביז אָקטאָבער 1917; 4. פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין יאָר 1917 ביז יאַנואַר פון יאָר 1919.

די געשיכטע פון מיין לעבן אין די צוויי תקופות ווערט דערציילט אין ערשטן באַנד. דער צווייטער באַנד וועט אַרומנעמען די תקופה פון מיינע וואַנדערונגען — 1919—1925, און זי ווערט איינגעטיילט אויף 5 פעריאָדן: 1) פוילן אין יאָר 1919; 2) ארץ־ישראל, דעצעמבער פון יאָר 1919 — יוני פון יאָר 1920; 3) ווין, 1920—1922; 4) דאַנציק, 1922—1924; 5) בערלין און פאַריז, סעפּטעמבער פון יאָר 1924 — יוני פון יאָר 1925, ווען איך האָב פאַרלאָזן איראָפּע און באַזעצט זיך אין ארץ־ישראל.

אין גאַנג פון שרייבן דאָס בוך האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז אַ סך זאַכן זענען פאַרשוווּנדן פון מיין זכרון. דערפאַר בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז איך דאַרף זיך נישט שטיצן בלויז אויף מיין זכרון אַליין, נאָר אויך אַרויסהעלפן זיך מיט פאַרשידענע מקורות. איך האָב זיך גענומען צו

די מקורות, וואָס זענען פאַראַן אין מיין אַרכיוו, באַזונדערס צו דעם מאַ־טעריאַל, וואָס איך האָב געשריבן אין פאַרשידענע צייטן. און דעמאָלט איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן, אַז דאָ און דאָרט פאָדערט זיך אויך אַן ערנסטע באַהאַנדלונג, כדי צו קאָנען באַלייכטן דעם פאָן פון די געשעע־נישן. ס׳האָט זיך ביי מיר געשאַפן דער פאַרלאַנג אַרויסצוהעלפן זיך מיט די געשיכטלעכע מקורות פון דער באַוועגונג, צו וועלכער איך געהער אַן דעם גרעסטן טייל פון מיין לעבן.

אין תוך איז דאָס בוך, וואָס ווערט איבערגעגעבן דעם לייענער, נישט בלויז אַ בוך פון זכרונות. אין אַנהייב מאַכט דאָס בוך אַן איינדרוק פון נאָר פערזענלעכע זכרונות, און דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווייל אין מיינע פריסטע יאָרן האָב איך זיך, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים. אָבער פון יאָר 1905 איז מיין פערזענלעך לעבן ענג צונויפגעפלאָכטן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך האָב זיך באַמיט אָפּצושטעלן אויף די היסטאָרישע געשעענישן, פון וועלכע איך בין געווען אַן עדות און צו שילדערן זיי אַזוי, ווי איך האָבן זיי געזען.

איך האָב זוכה געווען צו אריכת ימים, און אַ סך האָב איך געזען אין מיין לעבן. איך האָב זיך באַגעגנט מיט טויזנטער מענטשן און געקו־מען אין באַרירונג מיט פיל הונדערטער קליענטן, ווייל אַ סך יאָרן האָב איך זיך באַשעפטיקט מיט אַדוואָקאַטור. דורך מיר זענען דורכגעגאַנגען גנבים און רוצחים, דעפרוידאַנטן, פאַרגוואַלדיקער און אויך פיל אָרנטלעכע מענטשן, וואָס זענען נכשל געוואָרן ביי אַזאַ אָדער אַנדערער עבירה. איך האָב געזען מענטשן, וואָס האָבן געגלייבט באמונה שלימה, אַז זיי זענען גערעכט, און נאָר זיי. זיי האָבן אפילו נישט געפרוווט באַמיען זיך צו וועלן פאַרשטיין דעם צווייטן. איך האָב געזען מענטשן, וואָס זענען גרייט געווען צו לאָזן זיך אַ סך קאָסטן, כדי אָפּצונאַרן דעם צווייטן, אָדער צו דערלעבן אַ נקמה אין זייער קעגנער. איך האָב געזען טויזנטער עדות אין געריכטן, וואָס האָבן געשוווירן ביי גאָט אָדער נישט געוואָלט שווערן און עדות געזאָגט אויף אַן ערנוואָרט, און סיי די, סיי יענע האָבן געזאָגט ליגן. אין דער יוסטיץ עקזיסטירט אַ הנחה: אַז יעדער מענטש איז אָרנטלעך, ביז ס׳ווערט נישט דערוויזן דער היפך דערפון; איך בין אָבער געקומען צו פונקט אַ פאַרקערטער, טרויעריקער מסקנה, אַז יעדער מענטש איז נישט אָרנטלעך, ביז ס׳ווערט נישט דערוויזן דער היפך דערפון.

מיינע גאַנצע יאָרן האָב איך גענומען אַן אָנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, כאָטש איך האָב קיינמאָל נישט געאַרבעט פיזיש און געווען פאַ־רעכנט צו „די מענטשן פון פרייע באַרופן״. איך האָב אין מיין לעבן נישט אויסגענוצט קיין איין מענטש (אויסער אַ קורצע צייט, ווען איך בין געווען

אַ לאַנדווירט אין רחובות. איך האָב באַקומען בירושה פון מיין פאָטער אַ מאַנדלען־סאַד, און אין משך פון 2 יאָר האָב איך פאַרדינט — פון פרעמדער אַרבעט — 60 לירות. די גאַנצע צייט האָב איך זיך באַמיט פטור צו ווערן פון סאַד און פון צו זיין אַ לאַנדווירט).

די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז איינגעטיילט אין קלאַסן. אַלע מענטשן זענען צוגעשניטן פון איין מאַטעריאַל. נישט מער: איין קלאַס אַר־בעט ווייניק און האָט אַ סך, און דער צווייטער קלאַס אַרבעט אַ סך און האָט ווייניק. איך האָב אויף שטענדיק פאַרבינדן מיין גורל מיט די אַרבעטנדיקע. די עיקר־סיבה פון אָפּנאַרעריי און פאַלשקייט אויף דער וועלט זע איך אין פריוואַט־אייגנטום. במשך פון טויזנטער יאָרן איז דער מענטש דערצויגן געוואָרן אויף דער לערע פון פריוואַט־אייגנטום; אין אַן אָרדענונג. וואָס שטיצט זיך אויף דעם פרינציפּ — איז די מענטשן שווער צו בייטן זייער כאַראַקטער. נאָר מיטן מבטל מאַכן דעם דאָזיקן פרינציפּ וועט ערשט אין משך פון דורות מעגלעך זיין קאַרדינאַל צו ענדערן די מענטשלעכע פסי־כאָלאָגיע, צו פאַרבייטן די עגאָיסטישע פסיכאָלאָגיע אויף אַ קאָלעקטיווע. דערפאַר דאַרף אונדזער גאַנצע ענערגיע זיין געווענדט צו ענדערן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג, און דאָס איז פאַרבונדן מיט מלחמות און רע־וואָלוציעס. אין דעם קאַמף צו ענדערן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג שטייען אַ סך מענטשן מן הצד. זיי האַלטן זיך פאַר אומפּאַרטייאישע, און זיי מיינען, אַז אַלע צרות זענען צוליב די פאַרטייען. זיי פאַרשטייען נישט, אַז ווער עס שטייט מן הצד אין מלחמה־צייט — העלפט ער, מיטן נישט אַריינמישן זיך, דעם שטאַרקערן צד.

איך האָב פאַרבונדן דעם גורל פון מיין לעבן מיטן אַרבעטער־קלאַס און מיט זיינע קאַמפן. פונדעסטוועגן האָב איך קיינמאָל נישט געזינדיקט מיט צופיל אידעאַליזירן אַ מענטש בלויז דערפאַר, ווייל ער געהערט צום אַרבעטער־קלאַס. איך האָב אויך נישט געפילט קיין בלינדע שנאה כלפּי אַ מענטשן, וואָס געהערט צום באַזיצנדיקן קלאַס. די מענטשן, וועלכע איך האָב פיינט געהאַט, זענען געווען — די פאַרעטער און דעזערטירן, די, וועל־כע זענען אַריבער פונעם לאַגער פון די אַרבעטער צום לאַגער פון די קאַ־פּיטאַליסטן. ווען איך פלעג באַגעגענען אַ יידישן פרדסן פון רחובות אָדער נס־ציונה, האָב איך צו אים נישט געפילט קיין פערזענלעכע שנאה. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַזוי דערצויגן געוואָרן פון זיינע עלטערן און ער איז ממשיך לויט זייער טראַדיציע. אויב אַזאַ מענטש איז אַריבער אין אַרבעטער־לאַגער, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיין געוויסן האָט אים נישט געלאָזן צורו און האָט אים געצוווּנגען צו איבערשאַצן די ווערטן. אויב אָבער אַן אַרבעטער האָט געשטרעבט צו פאַרלאָזן זיין קלאַס און האָט פאַרביטן

זיין לעבנס־שטייגער אויף ווערן אַן עקספּלאָאַטאַר, וואָס בויט זיין לעבן אויף פרעמדער פּראַצע — אַזאַ אַרבעטער איז געווען אין מיינע אויגן אַ פּאַרעטער.

אויך אין מיין סביבה האָב איך געזען מענטשן, וואָס כאָטש זיי זענען געווען פאַרעכנט צווישן די קעמפער פאַר אַ נייער וועלט, האָט עפּעס פון זיי זיך געטראָגן אַ פרעמדקייט. היות זייער אידעאַל איז געווען די גאַנצע מענטשהייט, האָבן זיי זיך צוגעוווינט נישט צו דערזען דעם נאָענטן מענטש. פון ליבשאַפט צום ווייטן האָבן זיי פאַרלאָזט דעם נאָענטן. פון דאַנען — די טרוקענע באַציונג, די פרעמדקייט צו מענטשן פון זייער סביבה.

צוליב מיינע מחשבות וועגן מענטש און זיינע מידות האָב איך זיך נישט איינמאָל אָנגעשטויסן אויף דער פראַגע פון בילדונג און דערציונג אין דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. וואָס פאַר אַ ווערט האָט די דערציונג, ווען איר באַזע — פּריוואַט־אייגנטום — איז צעפּוילט. איז דען מעגלעך צו דערציען אַן אידעאַלן מענטשן, מאַכנדיק שלום מיט דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג? לייענענדיק פּעדאַגאָגישע ביכער, האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַן אַבסטראַקטער פּסיכאָלאָגיע, אַ מעטאַפיזישער, ווי די פּסיכאָלאָגיע פון מענטש וואָלט נישט געווען פאַרבונדן, נישט געוואָרן באַווירקט און נישט אַרויסגעדרונגען פון די לעבנס־באַדינגונגען פון יחיד און כלל. דערפאַר טאַקע קאָן נישט דערציונג אַלץ אויפטאָן אין דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג.

מיין גאַנץ לעבן איז דורכגעגאַנגען אין אַ צייט פון מלחמות, וואָס איך האָב זיי אָבסערווירט פון ווייטן, און רעוואָלוציעס, וואָס איך האָב זיי אָבסערווירט פון דער נאָענט. די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה אין יאָר 1904 האָט געשאַפן אַן אָנהייב פון אַ תקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע אויף דער וועלט, וואָס ציט זיך און וועט זיך נאָך ציען צענדליקער יאָרן. פאַר מיין צייט זענען פאַרגעקומען מלחמות פון די קליינע פעלקער אויף דעם באַלקאַן אין יאָר 1912; די ערשטע וועלט־מלחמה, צוויי רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד: אין יאָר 1905 און אין יאָר 1917; די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל; די איטאַליעניש־אַביסינישע מלחמה אין יאָר 1935; די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה; די פאַרטיליקונג פון אַ דריטל פון מיין פאָלק; אונדזער באַפרייונגס־מלחמה; די מלחמות אין די קאָלאָניעס נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין אינדאָנעזיע, וויעטנאָם, מאַלאַיע; די גרויסע מלחמה אין כינע, ביז דער קליינער וועלט־מלחמה אין קאָרעע.

אין משך פון 50 יאָר זענען פאַרגאָסן געוואָרן טייכן בלוט פון אַלע פעלקער, און באַזונדערס איז אין זיי קענטיק דער שטראָם פון יידיש בלוט, כאָטש ער טיילט זיך נישט אויס מיטן קאָליר. בלוט, בלוט און ווידער בלוט — צוליב וואָס און צו וואָס? — כדי אָנצוזעטיקן די תאוות פון די געלט־מאַגנאַטן פון אַלע פעלקער. אין מיטן פון דעם בלוטיקן ים שטייט דער ראַטנפאַרבאַנד און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, נישט געקוקט אויף די שאָטן־זייטן, וואָס זענען אויך דאָרט פאַראַן, ווי דער איינציקער לייכט־טור־ם, וואָס וואָרנט און רופט צו ראַטעווען די גאַנצע מענטשהייט. און פון דער שרעקלעכער מלחמה, פון דעם דאָזיקן ים פון בלוט גייט אויף און הייבט זיך אַרויס די גבורה פון די קינדער פון מיין פאָלק אין די געטאָ־אויפשטאַנדן, די גבורה פון די קינדער פון די סאָוויעטן־פעלקער, וואָס האָבן אויפגעהויבן די פרייהייט־פאָן אויף די גאַסן פון סטאַלינגראַד! די דאָזיקע גבורה און אונדזער באַפרייונגס־מלחמה זענען עס אָט דער כוח, וואָס גיט לעבנס־זאַפט מיין דערקענטעניש, אַז ס׳איז נישט פאַרלוירן אונ־דזער האָפענונג און די האָפענונג פון דער גאַנצער מענטשהייט, אויף אַן אָרדענונג פון יושר און צדק באחרית הימים, ווי ס׳האָבן נביאות געזאָגט אונדזערע נביאים און ס׳האָבן פאַרויסגעזען אונדזערע וויזיאָנערן.

ביים ראַנד פון מיין לעבן פיל איך, אַז עס קומט פאַר אין מיר אַן איבערשאַצונג פון ווערטן. און אַ סך זאַכן זע איך איצט אין אַן אַנדערן שיין. איך דערמאָן זיך אַ מימרא פון תלמוד: אַ מענטש ווערט געבוירן מיט גע־ביילטע פויסטן, און ווען ער שטאַרבט זענען די הענט אָפן און אויס־געצויגן, ד. ה., אַז אַ קינד, ווען ס׳ווערט געבוירן, וויל עס אַרומכאַפּן די די גאַנצע וועלט, עס גרייט זיך איינצונעמען דאָס לעבן, אָבער ווען אַ מענטש שטאַרבט זענען זיינע הענט ליידיק, ער האָט קיין זאַך נישט פאַרכאַפּט און נישט מיטגענומען מיט זיך.

פון דער פאַרשטייפטער פויסט ביז דער אָפענער קאַלטער האַנט — דאָס איז די געשיכטע פון דעם מענטשנס לעבן.

אין שייכות מיט דעם גייען אויף אין מיין זכרון צוויי ווערק:

אין דער דראַמע פון מעטערלינק „די שוועסטער בעאַטריסע" ווערט דערציילט וועגן אַ יונגער און שיינער מאַנאַשקע. אין אַ געוויסער נאַכט איז די מאַנאַשקע פאַרשוווּנדן געוואָרן פונעם מאַנאַסטיר, זי איז אַנטלאָפן מיט איר געליבטן. אין דער דאָזיקער נאַכט איז אויך פאַרשוווּנדן די סטאַ־טוע פון דער מאַדאָנע, וואָס איז געשטאַנען אין מאַנאַסטיר און דער פיע־דעסטאַל איז געבליבן ליידיק. ס׳זענען אַוועק יאָרן. און אָט, אין איינער אַ נאַכט קערט זיך אום די מאַנאַשקע, אַ צעבראָכענע און דערשלאָגענע, און אין דער זעלבער נאַכט קערט זיך אום און באַווייזט זיך די סטאַטוע פון

דער מאַדאָנע אויפֿן פּיעדעסטאַל. די אַלטע מאָנאַשקעס רינגלען אַרום די יונגע און קושן אירע הענט, פֿאַר זיי איז קלאָר, אַז זי איז די מאַדאָנע, ווייל זי איז דאָך פֿאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט דער מאַדאָנע און געקומען צוריק מיט איר. אָבער די יונגע מאָנאַשקע וויינט און זאָגט: „צוואָס קושט איר מיינע הענט? איר ווייסט נישט, וואָס די הענט האָבן אָפּגעטאָן!". די יונגע מאָנאַשקע, וועלכע איז אַרויס אין דער גרויסער פֿאַרדאָרבענער וועלט, באַציט זיך איצט אַנדערש צו דער וועלט פֿון די מאָנאַשקעס, וואָס זענען עלטער פֿון איר אין יאָרן, אָבער אָרעמער אין קענען די וועלט.

און אין דער דערציילונג פֿון לעאָניד אַנדרעיעוו „דער הייליקער לאַזאַר" ווערט דערציילט: דער הייליקער לאַזאַר איז אויסגעגאַנגען און נאָך דריי טעג צוריק לעבעדיק געוואָרן. האָבן די חברים געמאַכט אַ גרויסע סעודה לכבוד דער געשעעניש, אָבער דער הייליקער לאַזאַר איז געזעסן שטיל ביים טיש און זיינע אויגן האָבן נישט געזען און זיינע אויערן האָבן נישט געהערט קיין זאַך. דער הייליקער לאַזאַר האָט געזען יענע וועלט, איז וואָס זשע פֿאַר אַ ווערט האָט די וועלט אין זיינע אויגן!

אויך מיר קומט אָפּטמאָל אויס, ווי איך וואָלט שוין געווען פֿאַרזונקען אין יענער וועלט, איז, ווי זשע קאָן איך איצט אויפֿנעמען מיט דער זעלבער וואַרעמקייט און פֿילבאַרקייט אַט די זאַכן, וואָס האָבן מיך אויפֿגעשטורעמט אין מיינע יוגנט־יאָרן?

איך האָב נישט אין האַרצן קיין געפֿיל אַז איך בין שוין אַלט, פֿונדעסטוועגן הער איך נישט אויף צו טראַכטן, אַז יעדער פֿאַרשוווּנדענער טאָג דערנענטערט מיך צום סוף פֿון מיין לעבן. אַט די דערקענטעניש, וועגן אומפֿאַרמיידלעכן אונטערגיין, מוז אומבאַדינגט ווירקן אויף מיין באַציונג צו יעדער דערשיינונג אין לעבן. אינעם ראָמאַן פֿון סאָוויעטישן שרייבער שפּאַנאָוו, „די אונטערצינדער", זאָגט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין דייטשלאַנד צו רוזוועלטן: „...איך, ווי אַ היסטאָריקער, האָב זיך אויסגעלערנט צו באַציען זיך צו יעדער זאַך מער־ווייניקער רויק. פּונקט ווי דאָס, וואָס עס געשעט, וואָלט געווען מער נישט ווי אַ מעשה וועגן זאַכן, וואָס זענען שוין לאַנג פֿאַריבער". איצט דאַכט זיך מיר, אַז אַט דער געדאַנק פּאַסט זיך, זעט אויס, אויך צו מיין באַציונג צו אַלץ, וואָס עס געשעט. פֿונדעסטוועגן, שרייבנדיק מיינע זכרונות, דורכגייענדיק דעם גאַנצן מאַטעריאַל וואָס איז מיט דעם פֿאַרבינדן, פֿיל איך, ווי איך לעב איבער פֿונדאָסניי מיין לאַנג לעבן. מיין גאַנץ לעבן האָב איך געחלומט וועגן אַ נייער וועלט, וועגן א ניי לעבן פֿאַר מיין פֿיל־געליטענעם פֿאָלק. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז דער וועג צו אַ נייער וועלט, צו אַ ניי לעבן פֿון מיין פֿאָלק, איז אַ לאַנגער און שווערער. איך בין זיכער, אַז מיינע טרוימען וועלן פֿאַר־

ווירקלעכט ווערן, הגם איך וועל שוין אפשר נישט זען די פולע פֿאַרווירקלעכונג מיט מײַנע אייגענע אויגן. אַ סך בלוט איז שוין פֿאַרגאָסן געוואָרן און וועט נאָך פֿאַרגאָסן ווערן אויף דעם דאָזיקן לאַנגן וועג. די אַלטע וועלט וועט זיך לײַכט נישט אונטערגעבן, ס׳וועט אָבער סוף כּל סוף זיגן די גערעכטיקייט אין דער גאַנצער מענטשהייט, און צווישן איר, ווי אַ גלײַכער צווישן גלײַכע, וועט באַגליקט ווערן אויך מײַן פֿאָלק.

איך האָב נישט קיין חרטה אויפֿן וועג, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט. נישט איינמאָל האָב איך געמאַכט פֿעלערן, אָפּגענייגט פֿונעם וועג, אָבער נישט אויסגעביטן מײַן גאָט און נישט פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ טאָפּ לינדזן. דער אינערלעכער קריטעריום אין האַרצן — ער האָט מיך געפֿירט אויף מײַן וועג צו מײַן ציל, צו וועלכן איך האָב געשטרעבט מײַנע אַלע יאָרן לויט דער שטים פֿון מײַן געוויסן.

קיינער ווייסט נישט, וואָס ס׳וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג און ווען ס׳וועט קומען זײַן לעצטער טאָג. צי וועל איך עפּעס זאָגן איידער איך וועל אַוועקגיין אויף אייביקער רו? צי וועל איך שרײַבן אַ צוואה? איך האָב געטראַכט און געקומען צום אויספֿיר, אַז די מתים דאַרפֿן נישט שטערן די לעבעדיקע ממשיך צו זײַן זייער לעבן אַזוי ווי זיי פֿאַרשטייען. איך דערמאָן זיך, אַז דער שפּאַנישער שרײַבער בלאַסקאָ איבאַנעז האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ראָמאַן מיטן נאָמען „די מתים באַפֿעלן". ס׳קאָן אָבער זײַן, אַז די, וואָס לאָזן איבער צוואות, מאַכן זיך בלויז פֿאַלשע אילוזיעס, ווי זיי וואָלטן געווען בכוח עפּעס צוצוגעבן צום לעבן און באַווירקן עס אפֿילו נאָכן טויט. לויט מיר נאָך — זאָלן זיך די לעבעדיקע באַפֿרייען פֿון דער השפּעה פֿון די טויטע, און זאָלן זיי גיין מיט זייער וועג לויט די פֿאָדערונגען פֿון לעבן. איך בין, אַלזאָ, געקומען צו דער מסקנה, אַז ס׳וועט נישט זײַן קלוג, אויב איך וועל שרײַבן אַ צוואה. אָנשטאָט דעם, האָב איך באַשלאָסן אַרויסצוברענגען אויפֿן פּאַפּיר די געשיכטע פֿון מײַן לעבן, אפֿשר וועט דערפֿון אַרויסקומען עפּעס אַ נוצן פֿאַר עמעצן, וואָס וועט זיך באַקענען מיט מײַן לעבנס־דערפֿאַרונג אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם 20־טן יאָרהונדערט. און אויב דער לייענער וועט געפֿינען אַן אינטערעס אין מײַן בוך און באַלערנדיקע זאַכן — וועט דאָס זײַן פֿאַר מיר מײַן לוין.

# מיינע קינדער־יאָרן

## (1899—1884)

איך בין געבוירן געוואָרן כ"א אדר תרמ"ד, דעם 17־טן מערץ 1884. דריי יאָר פאַר מיין געבוירן ווערן זענען מיינע עלטערן אַריבערגעפאָרן פון קליינעם שטעטעלע קאַלוואַריע, אין דער ליטע, וווּ מיין מוטער איז געבוירן געוואָרן, קיין וואַרשע. מיין זיידע, דער מוטערס פאָטער, איז געווען אַ סוחר, אַ בן־תורה און געהאַט סמיכות אויף רבנות. מיין מאַמע, פון דער משפחה טיקטין, איז פאַר־יתומט געוואָרן נאָך אין די קינדער־יאָרן. זי איז געווען די באַלעבאָסטע אין מיין זיידנס שטוב און זי האָט אויך געפירט דאָס געשעפט, ווייל דער זיידע איז על פי רוב געווען אין בית־מדרש. די מאַמע האָט מיר דערציילט, אַז איר זיידע, איר מאַמעס פאָטער, איז געווען אַ רב און געשטאַמט פון של"ה הקדוש און זיינע עלטערן זענען געווען רבנים בני רבנים אין משך פון דורות. איר זיידע האָט געהאַט 4 טעכטער, און אַלע, חוץ מיין מאַמעס מאַמע, האָבן חתונה געהאַט מיט רבנים.

מיין מאַמע האָט געהאַט צוויי ברידער און איין שוועסטער, און אַלע האָבן זיי אויסגעוואַנדערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. איינער פון די פעטערס, טוד־רוס טיקטין, איז געווען אַ רב אין טשיקאַגאָ. איינער פון פעטערס קינדער איז געווען — ווי מאָדנע עס זאָל נישט קלינגען — אַ מיסיאָנער. ווען איך בין געווען אין 1938 יאָר אין אַמעריקע און איך האָב זיך וועגן דעם דערוווּסט פון מיינע קרובים, האָב איך פון זיי געבעטן דעם אַדרעס פון אָט דעם פעטערס זון, וואָס איז לויט זיי שוין געווען אַן 80־קער און געוווינט אין קאַליפאָרניע. איך האָב זייער שטאַרק געוואָלט אַ שמועס טאָן מיט דעם דאָזיקן מיסיאָנער, וואָס שטאַמט פון רבנישן יחוס, אָבער די מענטשן פון מיין משפחה האָבן זיך געשעמט מיט דעם קרוב און מיר נישט געגעבן דעם אַדרעס. מיין מוטערס פאָטער איז אויף דער על־טער אַוועק קיין ארץ־ישראל דאָרט שטאַרבן. מיין זיידע, מיין פעטער טודרוס טיקטין און מיין פאָטער זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן הר־הזיתים, אין איין הייל.

מיין פאָטער איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע. זיין פאָטער איז געווען אַ בן־תורה, געהאַט סמיכות אויף רבנות, ער האָט זיך אָבער באַשעפטיקט מיט איינ־בינדעריי. מיין פאָטער האָט געהאַט דריי ברידער און אַ שוועסטער. איין פעטער

מיינער איז געווען אַ דאָקטאָר, דער צווייטער — אַ סוחר, און דער דריטער האָט איבערגענומען בירושה דעם זיידנס וואַרשטאַט און איז געוואָרן איינבינדער. מיין פאָטערס משפחה שטאַמט פון ווילייקע נעבן ווילנע. דער פאָטער האָט מיר דער־ציילט, אַז אונדזער פאַמיליע־נאָמען — ראַפאַלקעס — נעמט זיך פון דעם, וואָס אונדזער משפחה האָט געוווינט אַנטקעגן קאָשטשאָל אויפן נאָמען פון הייליקן ראַפאַעל. קומט, אַלזאָ, אויס, אַז מיין יחוס איז אַ רבניש־פּראָלעטאַרישער מיט אַ זכר פון אַ הייליקן קאַטויל...

מיין פאָטער איז געווען אַ פרומער און געהאַט סמיכות אויף רבנות. צוערשט איז מיין פאָטער געווען אַ קאָמיסיאָנער, דערנאָך א שיך־הענדלער, און צום סוף אַ באַלעבאָס פון אַ שיך־פאַבריק.

איך בין געבוירן געוואָרן אויף דזשעלנע־גאַס נומער 14. אין עטלעכע יאָר אַרום זענען מיר אַריבער אויף נאָוואָליפקי און דערנאָך אויף נאָוואָליפיע.

איך געדענק זיך פונעם עלטער פון 8 יאָר. פון אַ מער פריערדיקן עלטער איז מיר געבליבן אין זכרון, ווי צו 6 יאָר בין איך געפאָרן מיט מיינע עלטערן קיין ווילנע, צו דער חתונה פון מיין פעטער דעם דאָקטאָר. אין באַן האָט זיך מיט מיר געשפּילט אַ רוסישער אָפיציר און האָט מיר געגעבן אַ גרויסן רויטן עפּל.

צו יענער צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אויף דאַטשע אין יאַבלאָנע, הינטער וואַרשע. איינמאָל בין איך געזעסן ביים וועג, און אָט איז פאַרבייגעפאָרן אַ וואָגן, און די מענטשן פון וואָגן האָבן מיך גערופן צו זיך. ביי אונדז אין שטוב פלעגט מען דאַן אַ סך דערציילן וועגן ציגיינער, וועלכע גנבענען קינדער און עסן זיי אויף. דערפאַר בין איך געווען זיכער, אַז די מענטשן פון וואָגן זענען ציגיינער, וואָס ווילן מיך צוגנבענען און אויפעסן. איך בין קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן דורכן פעלד אין שטוב אַריין און לויפנדיק געפאַלן אויפן זאַמד...

אויף דער ערשטער חדר איז געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון. ווען איך בין אַלט געוואָרן 5 יאָר, האָט מיך מיין פאָטער אָפּגעגעבן אין חדר פון שפּ״ר — שאול פנחס ראַבינאָוויטש — אויף קאַרמעליצקע 27. מיר האָבן דאָרט אויך געלערנט רוסיש. דאָרט איז געווען אַ לערער, וואָס פלעגט אונדז שלאָגן מיט אַ ווירע איבער די הענט. ער פלעגט אָנשרייבן אַ שורה נעמען פון שטעט און מיר פלעגן דאַרפן אויספילן מיט די נעמען דאָס גאַנצע בלעטל. פון די דאָזיקע נעמען געדענק איך די שטעט: דאָרפּאַט און דינאַבורג. דער לערער איז געווען אַ דייטש, האָט ער די שטעט באַצייכנט מיט דייטשישע נעמען. אויף רוסיש האָט מען די שטעט גערופן: יוריעוו און דווינסק.

צו 6 יאָר בין איך אַריבער אין חדר פון יידישן שרייבער קונאָווסקי, אויף דזשיקע גאַס וואָלינסקע. איך האָב דאָרט געלערנט אַנדערהאַלבן יאָר. אין דעם חדר זענען געווען אויסטערלישע מנהגים. דער רבי פלעגט זיצן ביים טיש

און שרייבן ביכער, און מיר, די תלמידים, פלעגן לערנען חומש און תנ״ך, פסוק און טייטש. אַזוי פלעגן מיר פאַרטייטשן: „בני ישראל — די זענע ישראל״. פאַר יעדער זאַך, וואָס איז געווען נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין, פלעגט מען קריגן געשלאָגן איבער די הענט, און אָפטמאָל פלעגט מען אַוועקלייגן אויף אַ שטול און שלאָגן. איינמאָל האָט דער רבי דערזען ביי אַ קינד אַ שפּיגעלע. דאָס קינד האָט באַקומען קלעפּ, און דאָס שפּיגעלע האָט דער רבי צוגענומען. פון דאַן אָן איז געווען אַזוי: ווי נאָר דער רבי פלעגט עמעצן באַשטראָפן, האָט ער צוגערופן צוויי יינגלעך, געהייסן זיי צופירן דעם קרבן צום בענקל און האַלטן דאָס שפּיגעלע פאַר זיינע אויגן, ער זאָל זען זיין פּרצוף פאַר דער עקזעקוציע. פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין גרויסן חשק צו לערנען אין דאָזיקן חדר. בדרך כלל, פלעגן מיר נישט גיין אַליין אין חדר, נאָר דעם רבינס בעלפער (באַהעלפער) האָט צונויפגענומען די תלמידים און געבראַכט זיי אין חדר. ווען איך פלעג נישט וועלן גיין, האָט דער בעלפער אָפּגעפירט די איבעריקע קינדער און דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט, געקומען נאָך מיר און מיט געוואַלט מיך אַוועקגעטראָגן אויפן אַקסל, דערביי האָט געטראָפן, אַז ער פלעגט מיר צערייסן די הייזלעך...

ס'איז געווען אַ מנהג אין וואַרשע, אַז מען פלעגט ברענגען קליינע קינדער אין שטוב פון אַ געווינערין, אַוועקשטעלן זיי פאַרן בעט, זיי זאָלן זאָגן פאַר איר „שמע ישראל״ און קאַפּיטלעך תהילים, פאַרן געזונט פון דער מוטער און קינד. מיר פלעגן זיך זייער פרייען מיט אַזאַ געלעגנהייט, ווייל מען האָט געהאַט דערפון — זיסוואַרג, אַ הויפן פאַר יעדן קינד.

אין חדר האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויפן אַנטאַגאָניזם צווישן די פּוילישע יידן און די, וועלכע זענען געקומען קיין פּוילן פון רוסלאַנד און ליטע — די „ליט־וואַקעס״. דער אַנטאַגאָניזם איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין די באַציונגען צווישן די קינדער גופא. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן דאָס לידל: „ליטוואַק חזיר, טשו, טשו, טשו, לייג זיך אין דר'ערד ליו, ליו, ליו״. אַ „ליטוואַק״ פלעגט מען אַנדערש נישט אָנרופן, ווי „חזיר״ אָדער „צלם־קאָפּ״. איינמאָל איז אויף גענשע פאַרבייגעגאַנגען אַ חזיר, און מיין פאָטער האָט געהערט, ווי אַ חסיד זאָגט צום צווייטן: „זע נאָר, זע נאָר, ווי דער ליטוואַק שפּאַרט זיך״. דער אַנטאַ־גאָניזם האָט געהאַט זיינע וואָרצלען אין עטלעכע סיבות: ראשית, האָבן משפּיע געווען די באַציאונגען צווישן די פּאָליאַקן און די יידן בכלל. די רוסישע יידן זענען געווען דער רוסיפיקאַטאָרישער עלעמענט אין פּוילן, דערפאַר האָבן זיי גורם געווען די יידן־שנאה מצד די פּאָליאַקן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך, ווייזט אויס, נישט אַזוי שטאַרק געפילט, ביז עס זענען נישט געקומען קיין פּוילן די רוסישע און ליטווישע יידן. די פּוילישע יידן האָבן אַלזאָ אַרויפגעוואָרפן די שולד פאַר דער פאַרשטאַרקונג פונעם אַנטיסעמיטיזם אויף די רוסישע און ליטווישע יידן. נישט

ווייניק האָט דאָ געווירקט די טראַדיציאָנעלע שנאה, וואָס זיי האָבן געהאַט איינע צו די אַנדערע, ווי חסידים און מתנגדים, ווייל די פּוילישע יידן זענען ס׳רוב געווען חסידים, און די „ליטוואַקעס״ — מתנגדים. ס׳איז אויך געווען אַ גרויסער אונטערשיד אין דער מענטאַליטעט פון די פּוילישע און רוסישע יידן. סיי די, סיי יענע זענען געווען געבענטשט מיט פעיקייטן, אָבער אין דער צייט, וואָס די חסידים האָבן געלעבט מיט אַ מין דביקות און דערהויבנקייט, זענען די מתנגדים געווען „טרוקענע״ מענטשן. די פּוילישע יידן האָבן איבערגענומען געוויסע אייגנשאַפטן פון די פּאָליאַקן, אין וועמענס סביבה זיי האָבן זיך געפונען דורות־לאַנג. זיי זענען געווען מער כיטרע, און די רוסישע יידן זענען געווען מער אָפנהאַרציקע, ווי די רוסן. ס׳האָט אויך דאָ אוודאי געווירקט די „נאַציאָנאַלע״ קאָנקורענץ צווישן אָרטיקע און פרעמדע.

מיין קוזין, אַ יינגל פון אַ יאָר ניין, איז איינמאָל צו מיר געקומען און געפרעגט: „ווער איז געווען אברהם אבינו — אַ וואַרשעווער אָדער אַ ליטוואַק?״ פון אַלע מיינע חברים פונעם חדר געדענק איך מיטן פאַמיליע־נאָמען נאָר איין יינגל — ליפשיץ. מיר האָבן געוווינט אין שכנות און פלעגן צוזאַמען אומקערן זיך אַהיים. איינמאָל האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט אַ מיאוס וואָרט. מיין חבר האָט דאָס פאַרגעדענקט און אַ לאַנגע צייט פלעגט ער מיר דראָען, אַז אויב איך וועל אים נישט געבן וואָס ער פאַרלאַנגט, וועט ער דערציילן דעם רבין וואָסער וואָרט איך האָב געזאָגט. אַ לאַנגע צייט האָב איך זיך געפונען אונטער דער שרעק פון אָט דער „מסירה״.

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ יאָר זיבן, פלעג איך פרייטיק־צונאַכטס און שבת אין דער פרי גיין מיטן טאַטן אין דער שול „מוריה״ אויף דזשעלנע־גאַס. מיין פאָטער איז דאָרט געווען פון די גבאים, און מיט זיין הילף איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גרויסע שול אויפן צווייטן שטאָק. אין דער שול האָב איך זיך באַפריינדט מיט אַ הדרת־פּנימדיקן ייד, וואָס פלעגט זיך תמיד מיט מיר שפּילן. דאָס איז געווען זאב גלוסקין, שפּעטער — איינער פון די בויער פון רחובות.

איינמאָל בין איך מיטגעגאַנגען מיט מיין טאַטן אין שול שבת פאַרנאַכט. נאָך מעריב איז מיין פאָטער דאָרט פאַרבליבן כאַפּן אַ שמועס וועגן פּאָליטיק. מיר איז געוואָרן לאַנגווייליק, בין איך אַרויס פון שול און באַגעגנט מיין חבר ליפשיץ. ער האָט מיר פאָרגעלייגט, מיר זאָלן אַריינגיין אין חתונה־זאַל, וווּ ס׳איז דעם אָוונט פאָרגעקומען אַ חתונה. ער פלעגט שטענדיק גיין צו דער חתונה־סעודה, כאָטש די מחותנים זענען גאָרנישט געווען זיינע קרובים, ווייל די געסט פון יעדן צד האָבן אים אָנגענומען פאַר אַ מחותן פון צווייטן צד, און אַזוי פלעגט ער עסן און טרינקען און לאָזן זיך ווױלגיין. איך האָב זיך געלאָזט אָנרעדן און מיר זענען אַריין אין חתונה־זאַל. די קעלנער האָבן אונדז מכבד געווען מיט ניס און

לעמאָניאַד. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט און געשטופּט זיך צו זען דעם חתן מיט דער כלה, און ס'איז אונדז געווען פריילעך. פּלוצים איז אַריין אין זאַל אונדזער דינסטמיידל און ס'איז געקומען אַ סוף צו מיין שמחה. געשען איז אָט וואָס: ווען דער פאָטער איז אַהיימגעקומען און מיך נישט געטראָפן, האָט ער זיך זייער גע־דאַגהט און געגאַנגען מיך זוכן. מען האָט אויך געשיקט די דינסט, זי זאָל זען ווו איך בין אַהינגעקומען. אָבער אָנשטאָט מיך צו זוכן, האָט זי באַשלאָסן אַריינצוכאַפּן זיך דרך אגב אין חתונה־זאַל און דאָרט הנאה האָבן פון כל טוב, מן הסתם אויף ליפּשיצס שטייגער...

דאָס איז נישט געווען די ערשטע חתונה, אויף וועלכער איך בין געווען. צוויי מאָל האָט מיין פאָטער מיך מיטגענומען אויף חתונות פון קרובים, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין גרויסע זאַלן. די בדחנים פלעגן מיך זייער ווילן. איין זאַך האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק: אין צענטער פון זאַל איז געשטאַנען אַ טיש און אויף אים זענען געלעגן די מתנות, וועלכע עס האָט באַ־קומען דאָס יונגע פּאָרפאָלק. ביים טיש איז געשטאַנען אַ ייד מיט אַ באָרד און ער פלעגט אויסרופן און מודיע זיין: „דער קרוב פון חתנס צד" אָדער „דער קרוב פון דער כלהס צד איז מנדב לטובת דעם פּאָר"... צוערשט האָט ער אויסגערופן אויף זאַכן, דערנאָך אַריבערגעגאַנגען צו געלט, פון גרויסגעלט ביז צו אַ רובל, — און איינער נאָכן אַנדערן זענען צוגעגאַנגען די קרובים און אַוועקגעלייגט דאָס געלט אויף דער טאַץ.

איך בין געבליבן אַ בן־יחיד ביי מיינע עלטערן. איך האָב צוויי שוועסטערן (העלענאַ זילבערמאַן, איצט אין רחובות און מרים ראַפּאַלקעס־כהן, איצט אין חיפה). מיינע צוויי עלטערע ברידערלעך זענען געשטאָרבן פאַר מיין געבוירן ווערן און איך, דער יונגסטער, בין געווען דאָס מוזיניקל. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט מיך זייער געצערטלט. מיין פאָטער פלעגט מיר אָפט דערציילן מעשיות. איינע פון זיי האָט זיך אויפגעהיט אין מיין זכרון ביזן היינטיקן טאָג.

ווען מיין פאָטער איז געווען אין קאַלוואַריע אויף קעסט ביי זיין שווער, פלעגט ער פאָרן פון שטעטל צו שטעטל פאַרקויפן סחורה. איינמאָל איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט, דער פאָטער האָט איינגעדרימלט און איז אַרויסגעפאַלן פון שליטן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין דער שליטן געווען העט ווייט און עס האָבן נישט געהאָלפן זיינע געשרייען. בלית־ברירה האָט דער פאָטער אָנ־געהויבן צו שפּאַנען צופוס. איז אָבער אויסגעבראָכן אַ שניי־זאַווערוכע, וואָס איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און דער שניי האָט אַלץ פאַרשאָטן. דער פאָטער האָט געפילט, אַז עס פאַרלאָזן אים די כוחות. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן וועג און אָנגעהויבן מתפּלל זיין. ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט און ס'איז אָנגעפאָרן אַ פויער.

דער פּאָטער האָט אים געבעטן, ער זאָל אים מיטנעמען. דער פּויער האָט אָבער גאָרנישט געענטפערט און בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ווען דער פּאָטער האָט זיך שוין אַריינגעזעצט אין שליטן און געפּרוּווט אָנבינדן אַ געשפּרעך מיטן פּויער, האָט יענער נישט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט פון מויל. ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער דאָרפישער אַכסניה, איז דער פּאָטער אַראָפּ פון שליטן און אים געפרעגט וויפל עס קומט. דער פּויער האָט נישט געענטפערט און גלייך נעלם געוואָרן...

— זעסט, מיין קינד — האָט דער פּאָטער צוגעגעבן — דערפאַר, ווייל איך האָב זיך נישט מייאש געווען און איך האָב זיך פאַרלאָזט אויפן רבונו־של־עולם, האָט ער מיר צוגעשיקט זיין מלאך, און צוליב דעם האָב איך נישט געקאָנט זען זיין פּנים. איצט, ווייזט אויס, בין איך נישט ראוי צו זען אַזעלכע ניסים.

איך האָב אָבער געטראַכט, אַז איך וואָלט אין אַזאַ פאַל זיך באַמיט צו דערזען דאָס פּנים פון מלאך, הגם איך האָב נישט געוווסט וואָס טוט מען אַזעלכעס, אַז ס׳זאָל אויך צו מיר אַמאָל קומען אַ מלאך, אַ שליח פון הקדוש ברוך הוא.

צו אַכט יאָר בין איך אַריבער אין אַ דריטן חדר, אויך אויף דזשיקע־גאַס, אין שטיינס חדר. דאָ האָט דער רבי שוין מער אַכט געלייגט אויף די תלמידים, אָבער קלעפּ און מלקות האָבן אויך דאָ נישט געפעלט. ביי דעם רבין איז געווען אַן עיקר־זאַך אַ שיינער כתב, און ער האָט אָוועקגעגעבן אַ סך מי, אַז אונדזער כתב־יד פון העברעיש זאָל זיין אַ שיינער. וואָס ס׳איז שייך צו מיר, האָט אים צו מיין גרויסן באַדויערן נישט אָפּגעגליקט.

שבת פלעג איך צוזאַמען מיט מיינע חברים פון חדר אַרויסגיין שפּאַצירן אויפן „וווינע־פּלאַץ״ אָדער אין די לאַזשענקעס. דאָרט האָט נישט איינמאָל גע־טראָפן, אַז מיר האָבן אַריינגעכאַפּט קלעפּ פון די שקצים. דערפאַר טאַקע האָבן מיר גערנער געשפּאַצירט אין קראַשינסקי־גאָרטן אויף נאַלעווקי־גאַס.

אין חדר האָב איך געלערנט ביזן סוף פון ניינטן יאָר. דאַן האָט מיין פּאָטער באַשלאָסן, אַז ס׳איז שוין די ריכטיקע צייט איך זאָל שוין באמת לערנען. צוליב דעם האָט מען גענומען אין שטוב אַריין אַ פּריוואַטן לערער. ער האָט מיט מיר געלערנט תנ״ך, תלמוד און העברעיש. ער איז געווען אַ באַשיידענער בחור, וואָס איז געקומען פון ליטע קיין וואַרשע. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען גרינבערג, נאָר ער האָט אים פאַרביטן אויף לידסקי, כדי אַרויסצודרייען זיך פון מיליטער־דינסט. זיין השפּעה אויף מיר איז געווען גרויס. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ פרומען. איך פלעג זיך שטענדיק וווּנדערן, ווי זאָגט ער עס אָפּ שמונה־עשרה אויף אויסנווייניק אין משך פון עטלעכע סעקונדעס. מיט דער צייט האָב איך זיך אי־בערצייגט, אַז ער איז אַ צבועק און זיין גאַנצע פרומקייט איז בלויז אַן אָנשטעל צוליב פּרנסה וועגן.

כדי איך זאָל האָבן מער חשק צום לערנען האָט דער פאָטער, אין אַ שטיקל צייט אַרום, געגעבן מיר פאַר אַ שותף צום לערנען דעם באַלעבאָס זון, פּנחס פּאָמפּער. צוויי יאָר כמעט האָבן מיר געלערנט צוזאַמען. פּנחס איז געווען פליי־סיקער און האָט מער פון מיר זיך אויסגעצייכנט אין לערנען. איך האָב נישט געקאָנט קאָנצענטרירן זיך אויף דער לעקציע און ווען פּנחס האָט געלערנט תנ״ך אָדער גמרא, פלעג איך זיין פאַרטאָן אין אַנדערע, ווייטע מחשבות. דער לערער, וואָס האָט דאָס באַמערקט, האָט מיך געוואָלט פּאַקן אויף דער הייסער מינוט. איינ־מאָל ווען איך בין געווען פאַרטראָגן אין מיינע געדאַנקען, האָט ער מיך פּלוצים אַ פרעג געטאָן: „ווו האַלט מען?״. מיין תשובה איז דווקא געווען אַ ריכטיקע, ווייל דער לעצטער פּסוק איז מיר מעכאַניש אַריין אין זכרון, איך האָב אים אָבער נישט געקאָנט מסביר זיין. פאַרשטייט זיך, אַז די זאַך האָט זיך געענדיקט מיט אַ פּאַטש פון לערער.

אין יענער צייט בין איך געווען אָפּגעהיט אין פרומקייט. שוין פון די סאַמע יונגסטע יאָרן האָט מען מיך צוגעוויינט צו דאַווענען 3 מאָל אַ טאָג און, פאַרשטייט זיך, אויך זאָגן קריאת־שמע פאַרן שלאָפן. מען האָט מיך געלערנט, אַז מ׳דאַרף זאָגן קריאת־שמע שוין ליגנדיק אין בעט, און בעת מעשה דאַרף מען אויסציען די פיס. אין משך פון יאָרן האָב איך דאָס שטרענג אָפּגעהיט. מן הסתם האָב איך דאָס געטאָן צוליב מורא פאַרן טאַטן, ווייל ער פלעגט מיך אויך אָפּט־מאָל שלאָגן. דער פאָטער האָט, למשל, אויף אונדז, די קינדער, גוזר געווען, אַז ווען ער קומט פון געשעפט דאַרפן מיר שוין שלאָפן. איינמאָל בין איך מיר געלעגן אין בעט אָבער נאָך נישט איינגעשלאָפן, דער טאַטע איז געקומען, און איך האָב שנעל זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע, אַז ער זאָל נישט זען, צי איך שלאָף אָדער איך בין וואַך. מיר פלעגן מורא האָבן פאַרן טאַטן, און ס׳קאָן זיין, אַז אָט די מורא האָט אויף מיר געווירקט, איך זאָל זיין אַ ירא שמים. איך געדענק, איינמאָל אין אַ שבועות־נאַכט בין איך געווען וואַך ביז פאַרטאָג, געלייענט תקון־שבועות און פאַרטיפט זיך אין אקדמות. אָבער די צייט פון פרום זיין האָט נישט לאַנג געדויערט. אינגיכן האָב איך אָנגעהויבן נאָכצוטראַכטן, אַז בעצם פאַרלאַנגט גאָרנישט דער רבונו־של־עולם איך זאָל דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג. איך האָב ביי זיך געטראַכט, אַז מ׳קאָן דאַווענען און מ׳דאַרף דאַווענען אין אַן עת צרה, אָבער פאַרוואָס דווקא שטענדיק מיטן זעלבן נוסח, און פאַרוואָס דווקא אין שול? צי איז דען נישט בעסער אָפּצוזונדערן זיך ערגעץ אין אַ ווינקל און דאָרט בעטן צו גאָט ווי אַזוי ס׳ווילט זיך?

ווען דער פאָטער האָט באַמערקט די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר מיט מיר, האָט ער, ווייזט אויס, באַשלאָסן מיר אַנטקעגנצוקומען און איינמאָל האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן, אַז אין די איצטיקע צייטן קאָן מען זיך שוין נישט באַגנוגענען

נאָר מיט די יידישע זאַכן אַליין מען מוז אויך לערנען „גויאישע זאַכן". און דער־פאַר האָט מען מיר געדונגען אַ לערער אויף שעהן נאָך מיטאָג, ער זאָל מיך צו־גרייטן אין גימנאַזיע. די כוונה איז, ווייזט אויס, געווען — איך זאָל נישט אַנקומען אין גימנאַזיע, וווּ מען איז מחלל שבת, נאָר איך זאָל לערנען אין שטוב די לימודים פון דער גימנאַזיע און יעדעס יאָר זאָל איך אָפּגעבן די עקזאַמענס ווי אַן „עקסטערן".

מיין ערשטער לערער פון די „גויאישע" לימודים איז געווען אַ סטודענט פון 5־טן יאָר מעדיצין אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, טאַלאַלאָווסקי. ער איז געווען אַ גוטער און ערנסטער לערער. קיינמאָל האָט מען נישט געזען קיין שמייכל אויף זיין פּנים. איך האָב דעם לערער געשעצט און אויך מורא געהאַט פאַר אים. ביי מיר איז געבליבן פון אים דער איינדרוק — ווי פון אַ מענטשן, וואָס קאָן נישט קיין שמייכל טאָן. אין יאָרן אַרום האָב איך זיך מיט אים געטראָפן אין פּע־טערבורג. ער איז געווען דאָקטאָר אין קורסק, און איך — אַדוואָקאַט. מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט עטלעכע אָוונטן און ערשט דעמאָלט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ער איז אַ פּיקח און פול מיט הומאָר.

אין יאָר 1896 זענען פאָרגעקומען פייערונגען אין אַלע שטעט פון גרויסן רוסלאַנד, לכבוד דער קרוינונג פון צאַר ניקאָליי דעם צווייטן, וועלכער איז אַרויף אויפן טראָן אין 1894 יאָר. ווי באַוווּסט האָט די פייערונג אין מאָסקווע זיך אויס־געלאָזן מיט אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע אויפן כאָדינקע־פעלד. מען האָט דאָרט פאַרטיילט דעם עולם משקה מיט זעמל. ס'זענען דאָרט געווען פאַרזאַמלט הונדער־טער טויזנטער מענטשן, און יעדער האָט געוואָלט באַקומען זיין חלק, איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה, און אין דער גרויסער שטופּעניש זענען דערדריקט געוואָרן הונדערטער מענטשן און קינדער. און דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן פאַר דער הערשאַפט פון ניקאָליי דעם 2־טן, וועלכער איז באַצייכנט געוואָרן אין דער ליטעראַטור פון דער אונטערערד אַלס „ניקאָליי דער בלוטיקער". ס'זענען אויך פאָרגעקומען פייערונגען אין וואַרשע. דער פאָטער האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל נישט גיין צו די פייערונגען, און אויב שוין יאָ גיין — איז נאָר מיטן לערער גרינ־בערג. בין איך געגאַנגען מיטן לערער איבער די וואַרשעווער גאַסן און זיך צו־געקוקט צו די פייערונגען. מיר זענען געקומען אויפן טעאַטער־פּלאַץ און זענען געבליבן שטעקן צווישן גרויסן המון. פּלוצלינג האָב איך דערהערט אויסגעע־שרייען: „אַ זשיד גייט!" און ס'זענען אונדז באַפאַלן כוליגאַנעס. מיר האָבן זיי גאָרנישט געטאָן אָבער דעם לערער גרינבערג האָבן זיי צעשלאָגן און פאַרוואונדעט אין קאָפּ. ווען מיר האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט זענען מיר אַנטלאָפן אין אַ צווייטער גאַס און מיר האָבן אָנגעקלונגען אין אַ פאַרהויז פון אַ דאָקטאָר. און אָט איז צו אונדז צוגעקומען אַ פרוי און האָט גרינבערגן אַ פרעג געטאָן:

„גרינבערג, וואָס איז אײַך ?". איך געדענק, אַז נישט געקוקט אויף דעם טרויעריקן מצב, אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, האָט ער נישט אָפּגעטראָטן פון דאָס זייניקע און ער האָט געענטפערט, אַז ער איז נישט גרינבערג, נאָר לידסקי...

זומער פלעגן מיר פאָרן אויף דאַטשע, ס׳רוב קיין שווידער. איינער אַ ייד, יאַרעצקי, האָט אין יאָר 1893 אָפּגעקויפט דאָרטן גרויסע וואַלד־פּאַרצעלאַציעס און אויסגעבויט דאַטשעס. פאַר אונדז, די קינדער, איז דאָרט ממש געווען אַ גן־עדן. מיר פלעגן גיין אין וואַלד, געקליבן שוואָמען, אָדער צום טייך שווידער באָדן זיך. דאָס וואַסער אין טייך האָט געגרייכט ביז די קני, אָבער איין אָרט, נאָענט פון ברעג איז געווען אַ סך טיפער. איינמאָל בין איך אַריין אין דעם אָרט, און שיער נישט דערטרינקען געוואָרן. כ׳האָב זיך געשטאַרקט, געמאַכט עטלעכע טריט און אַרויס בשלום.

איינמאָל זענען מיר צוגעקומען צום ברעג טייך און האָבן דאָרט געטראָפן אַ פּוילישע פרוי, וואָס האָט געיאָמערט און געקלאָגט אויף איר מאַן, וועלכער איז אַריין זיך באָדן און ס׳האָט אים, ווייזט אויס, געכאַפּט אַ שלאַק, און ער איז דערטרונקען געוואָרן. וויינענדיק האָט די פרוי אַ זאָג געטאָן: „ער האָט דאָך געהאַט מיט זיך אַ שווערן האַנטוך, ווו איז ער נעלם געוואָרן ? ער איז דאָך געווען צו שווער אַוועקצושווימען מיטן שטראָם"...

ווען איך בין אַלט געוואָרן 13 יאָר, האָב איך אָפּגעגעבן עקזאַמענס פאַר דריי קלאַסן אין דער גימנאַזיע אויף נאָוואָליפּקי. איך האָב אויסגעהאַלטן די עקזאמענס און דאָך נישט אָנגענומען געוואָרן. אַ יידיש קינד האָט געמוזט האָבן אויסגעצייכנטע באַלן, כדי אַריינגערעכנט צו ווערן אין דער נאָרמע פון 10%, לויטן „נומערוס קלאַוזוס".

דאָס זענען געווען די ערשטע עקזאַמענס אין מיין לעבן, און איך האָב, נאַטירלעך, שטאַרק זיך איבערגענומען. איינמאָל האָב איך זיך געדאַרפט עקזאַמענירן פון געאָגראַפיע און געשיכטע. אַ טאָג פאַר די עקזאַמענס האָב איך געלערנט פון גאַנץ פרי ביז 10 אַזייגער אין אָוונט, דערנאָך בין איך אַריין אין בעט. דער טאַטע איז נאָך געזעסן אין גרויסן צימער און געלייענט ביי אַ ליכט די „הצפירה". איך בין געווען אין אַ מצב פון יאָ און נישט אַנדרימלט צו ווערן. מיטאַמאָל איז מיר איינגעפאַלן אַ גאָניאַלער געדאַנק: מען קאָן דאָך צונויפפאָרן די היסטאָריע מיט דער געאָגראַפיע און דעמאָלט וואָלט איך פּטור געוואָרן פון ביידע צוזאַמען. איך בין אַראָפּ פון בעט, צוגעגאַנגען צום טאַטן און אים גענומען דערקלערן אין וואָס עס האַנדלט זיך. דער טאַטע האָט בשום אופן נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. איך בין געוואָרן אין כעס און געזאָגט דעם טאַטן: אַז ער פאַרשטייט קיין זאַך נישט... נאָך אַ סך מאָל האָב איך אָפּגעגעבן עקזאַמענס אין מיין לעבן און בלויז

2 מאָל נישט אויסגעהאַלטן. בעתן עקזאַמענירן זיך אין 5־טן קלאַס האָב איך נישט אויסגעהאַלטן פון גריכיש, און בעת איך בין שוין געווען אַן אַדוואָקאַט, האָב איך געדאַרפט באַלייגן אַ ספּעציעלן עקזאַמען, כדי צו האָבן דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן אין האַנדלס־געריכט אַלס געשוווירענער אַדוואָקאַט, און אויך דעמאָלט האָב איך געמוזט אָפּגעבן עקזאַמען אַ צווייט מאָל.

מיט די עלטערן פלעגן מיר רעדן יידיש, מיט די שוועסטערן — פּויליש, און די לערנשפּראַך איז געווען רוסיש. פּאַקטיש האָב איך קיין איין שפּראַך נישט געקענט ווי געהעריק. לייענען פלעג איך נאָר רוסיש, כ׳האָב זייער ליב געהאַט צו לייענען, אָבער נאָר בעלעטריסטיק. מיר האָבן אַבאָנירט דעם זשורנאַל „ניוואַ״ און יעדן חודש פלעגן מיר באַקומען אַ ראָמאַן פון מיין ריד, אָדער זשול ווערן. אויסער דעם פלעג איך נעמען ביכער אין אַ ביבליאָטעק, און איך האָב איבער־געלייענט אַלע ווערק פון קופּער, עבערס און אַנדערע. פון פענימאָר קופּערס בי־כער, וואָס איך האָב זייער ליב געהאַט, איז מיר פאַרבליבן אין זכרון איין עפּיזאָד: ווען די אינדיאַנער זענען געזעסן אין זייער וויגוואַם (געצעלט) און דערציילט סודות, איז איינער פון זיי צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי אויפגעעפנט. אַז מען האָט אים געפרעגט — צוליב וואָס? האָט ער געענטפערט: אַז מען רעדט סודות און די טיר איז פאַרמאַכט, קאָן מען נישט וויסן צי שטייט נישט ווער הינטער דער טיר און הערט זיך נישט אונטער; ווען די טיר איז אָפן, קאָן מען זיין זיכער, אַז קיינער הערט אונדז נישט. נישט איינמאָל האָב איך דאָס אויסגענוצט אין לעבן.

איך פלעג אויך לייענען די ביכער פון מיין עלטערער שוועסטער, און אַזוי האָב איך געלייענט די רוסישע קלאַסיקער. איינמאָל האָב איך שטילערהייט גע־נומען אַ בוך, וואָס מיין שוועסטער האָט אים פאַר מיר אויסבאַהאַלטן, טאָלסטאָיס „קרייצער סאָנאַטע״. מיינע שוועסטערן האָבן אויף מיר דעמאָלט נאָך געקוקט ווי אויף אַ נאַיוו יינגל, אָבער איך האָב שוין פון לאַנג געוווּסט אַלע „סודות״. מיינע חברים פון חדר — זיי האָבן דאָס מיר די „סודות״ אַנטפּלעקט.

מיין שוועסטער העלענע האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין מיין דער־ציונג. זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער, און ווען זי איז רייף געוואָרן, האָבן די עלטערן געוואָלט דערלעבן פון איר נחת, דהיינו — האָבן אייניקלעך. און תיכף ווי זי האָט געענדיקט די גימנאַזיע האָבן שדכנים אָנגעהויבן ביי אונדז אָפּשלאָגן די טירן אָן אַ סוף. דאָס זענען געווען פאַרשידענע און משונהדיקע טיפּן: מיט בערד און אָן אַ סמן פון אַ באָרד, אין לאַנגע קאַפּאָטעס און קורץ געקליידטע, מיט שירעמס און אָן שירעמס; אַזעלכע, ביי וועלכע עס האָט אַרויסגעשטעקט פון טאַש אַ רויט נאָזטיכל, און אַנדערע אָן נאָזטיכלעך. ס׳פלעגט נישט דורכגיין קיין וואָך אָן אַ „זעעכץ״: דער חתן פלעגט קומען זיך פאָרשטעלן. די בחורים זענען אויך געווען פון אַלע מינים. מיר, די קינדער, פלעגן קוקן אויף דער זאַך זייער

גערן, ווייל ס׳איז געווען פריילעך. מיין שוועסטער האָט זיך אָבער אַרויסגעמאַכט פון יעטוועדן שידוך. זי פלעגט שטענדיק אויסגעפינען עפּעס אַ פּגם אין יעדן פאָרגעשטעלטן חתן. אַזוי האָט זיך די זאַך געצויגן עטלעכע יאָר, ביז דער סוד איז סוף כל סוף אַנטפּלעקט געוואָרן פאַרן פאָטער: מיין שוועסטער האָט געהאַט אַ גוטע חברטע, יענע האָט געהאַט אַ ברודער, אַ סטודענט אין אויסלאַנד, אַ קלוי־גער בחור, אַ שטילער און אָנגענעמער — און צווישן זיי ביידן האָט זיך פאַרפירט אַ ליבע. ווען דער פאָטער האָט זיך עס דערוווּסט האָט זיך געטאָן חושך אין שטוב. אַלע האָבן געוווּסט אַז איר געליבטער איז אַ חולה, און ווי גיט מען עס אויס אַ טאָכטער פאַר אַ קראַנקן מענטשן? אַ לאַנגע צייט האָט זיך געצויגן אַ קריגעריי צווישן מיין שוועסטער און די עלטערן. מיר, די קינדער, האָבן זיך נישט אַריינ־געמישט אין דעם ענין, כאָטש מיר זענען געווען מיטן גאַנצן האַרצן אויף דער שוועסטערס צד. די מאַמע איז אויך גרייט געווען נאָכצוגעבן דער שוועסטער, דער פאָטער האָט זיך אָבער פעסט געהאַלטן ביים זייניקן. סוף כל סוף האָט די שוועסטער מסכים געווען חתונה צו האָבן מיט אַן אַנדערן, אַ בן־תורה און מיט גוטע זיטן. ער האָט אויך געקענט פראַנצויזיש. ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ חתונה מיט הונדערטער געסט. די שמחה איז געווען גרויס. פון גרויס שמחה האָט דער פאָטער אַ טרונק געגעבן איבער דער מאָס, און ווי זאָגט מען: נכנס יין — יצא סוד. ביים טיש זענען געזעסן אַ סך אורחים, און ס׳האָט זיך געפירט אַ שמועס און בינו לבינה האָט מען אויך באַרירט די פרויען־פראַגע. יעדער האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אָבער דער טאַטע האָט געהאַלטן אַ גאַנצע רעדע. ווען איינער האָט דערנאָך אַרויסגעבראַכט דעם באַוווּסטן קוק פון די פרומאַקעס אויף דער פרוי, אַז די פרויען זענען פּטור פון מצוות, אַז זיי זענען לייכטזיניקע און ענ־לעכע זאַכן, האָט זיי דער פאָטער דערציילט די מעשה מיט ברוריה, דער פרוי פון רבי מאיר: איינער פון רבי מאירס תלמידים האָט זיך געוועט מיט אים, אַז ברוריהן קאָן מען אויך איבעררעדן און דערפירן צו אַ זינד. און ער האָט זי טאַקע איבערגערעדט, די ברוריה, די קלוגע און צדקת, — די, וואָס האָט מיט רויקייט און שטאַרקן האַרץ באַרויקט איר מאַן בעתן אומגליק, ווען ס׳זענען גע־שטאָרבן צוויי קינדער, און זי האָט געזאָגט צו איר מאַן, ווי איוב: השם נתן והשם לקח! — אָבער לאחר המעשה האָט זי אַליין זיך אומגעבראַכט... די געסט האָבן אַפּלאָדירט אויפן טאַטנס רעדע. ווען ס׳זענען אָבער אַוועק די איינגעלאַדענע געסט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע קריגעריי צווישן טאַטן מיט דער מאַמען. ס׳רוב פלעגט דער טאַטע שמייכלען, ווען ס׳פלעגט אויסברעכן אַ קריגעריי צווישן אים און דער מאַמען, אָבער צייטנווייז פלעגט ער אויך אַרויס פון די כלים. דער פאָטער איז געווען לייכט אין כעס צו ווערן און לייכט אויף איבערבעטן זיך. דאָס מאָל איז די מאַמע אַרויס פון די כלים, זי האָט געטענהט, אַז דער פאָטער קען נישט קיין

שום פּרויען אויסער זיין פרוי, און צוליב דעם האָבן די געסט פאַרשטאַנען פון זיינע רייד, אַז ער רעדט עס פון זיין אייגענער דערפאַרונג, הייסט עס, אַז ער האָט זי פאַרשעמט אין די אויגן פון מענטשן.

די דערציִונג וואָס מיר איז געגעבן געוואָרן איז געווען אַן איבערפּלעכ־לעכט. מיינע עלטערן האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל זיין אַ גוטער ייד, אָבער זייער זאָרג דערפאַר איז געווען אַ מער אויסערלעכע, ווי אַן אינערלעך־גייסטיקע. די סביבה איז געווען אינגאַנצן אַ יידישע, אָבער קיינמאָל האָבן זיך סיי די לערער, סיי די עלטערן נישט באַמיט איינצופלאַנצן אין מיין האַרצן אַ טיפע נשמהדיקע צוגעבונדנקייט צום פאָלק און זיין געשיכטע. מען האָט נישט געטראַכט אין שטוב צו געבן מיר פאַרשטיין דאָס לעבן, זאָל זיין אין אַזאַ פאָרם, וואָס איך בין בכוח געווען אויפצופאַסן. גיין אין טעאַטער איז געווען פאַרבאָטן, ווייל עס געהער צו די גויים. גליטשן זיך אויפן אייז טאָר מען נישט, ווייל מען קאָן צעברעכן אַ פוס. האַלטן אַ הונט אין שטוב טאָר מען נישט, ווייל ווער ס'האָדעוועט אַ הונט, איז דאָך, ווי באַוווסט, אַ שלעכטער מענטש. זעלטן פלעגט די מוטער אַרויסווייזן אַ ליבשאַפט צו מיר, און אויב ס'איז געשען דער פאַל און זי האָט מיר אַ קוש געטאָן, האָט דער פאָטער פון איר חוזק געמאַכט און געזאָגט: „קעלבערנע התפעלות".

אפילו די זאָרג פאַר מיין רעליגיעזער דערציונג איז געווען נישט מער ווי אַ פאָרמעלע. מען האָט מיך נישט דערצויגן צו די רעליגיעזע עיקרים אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן באַווירקן די פאַנטאַזיע. די רעליגיע איז אונדז דערלאַנגט גע־וואָרן אין נוסח פון די מתנגדים, אָן שום באַציונג צום לעבן און צו דער נאַטור. פון דעם שטאַנדפּונקט איז חסידות אַ סך נענטער געווען צו דער נשמה פון קינד.

אין איינעם פון די שבתים, זייענדיק אין וואַלד, האָבן מיר, איך און מיין חבר פּנחס, אויסגעבויט אַ שטוב פון מאָך און ס'איז אונדז גאָרנישט איינגעפאַלן אַז אין דעם איז פאַראַן אַ חילול שבת. ווען ס'האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט מיין לערער גרינבערג און מיין פאָטער, זענען זיי אַוועק אין וואַלד, געפונען דעם „בנין" און אים צעשטערט.

אָבער איינמאָל האָט געטראָפן אַ פאַל, אַז דער פאָטער האָט געהאַנדלט נישט לויט זיין שטייגער. נעבן אונדזער שטוב אין שווידער זענען געלעגן ברע־טער. פאַרן לייגן זיך שלאָפן שבת נאָכמיטאָג האָט דער פאָטער אָנגעזאָגט נישט צו קריכן אויף די ברעטער, ווייל מ'קאָן נאָך צעברעכן האַלדז און נאַקן. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דווקא געקלעטערט אויף די ברעטער, און טאַקע אַראָפּגעפאַלן און געמאַכט זיך אַ קענטיקן בייל אויפן שטערן. די זאַך האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן, נישט מחמת איך האָב מורא געהאַט פאַרן טאַטן, נאָר ווייל ער איז געווען גערעכט וואָס ער האָט געוואָרנט. ווען דער פאָטער איז אויפגע־שטאַנען פון שלאָף און האָט מיך געפרעגט וואָס ס'איז מיר געשען, האָב איך אים

דערציילט, אַז איך בין מיט פנחסן געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד. איך האָב צוגעמאַכט די אויגן און פנחס האָט זיך אונטערגענומען מיך צו פירן. ער האָט אָבער אויך צוגעמאַכט די אויגן, און איך האָב זיך אָנגעשטויסן אין אַ בוים און זיך צעביילט. דער פאָטער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ שמייכל און געזאָגט: איך ווייס אַז דו דערציילסט מיר נישט דעם אמת, אָבער דער דאָזיקער שקר דיינער איז אַזוי שיין און לייגט זיך אויפן שכל, אַז איך בין דיר דאָס מאָל מוחל.

דער סאַמע טרויעריקסטער טאָג פון יאָר איז געווען יום־כּיפּור. שוין ערב יום־כּיפּור שפּרייט זיך אויס אַ מין טרויער אין שטוב. ווען דער פאָטער טוט אָן דעם קיטל און בענטשט אונדז פאַרן גיין אין שול אַריין, ווערט אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן און מען ווייסט נישט צוליב וואָס. אין שול איז מען ביז שפּעט ביינאַכט. אַ גאַנצן טאָג דאַרף מען דאָרטן זיצן, דאַווענען און הונגערן. מיר, די קינדער האָבן נישט געפאַסט, אָבער דווקא דערפאַר האָט מען אויף אונדז אינגאַנצן קיין אַכט נישט געלייגט, ווען מיר זענען געקומען פון שול.

זייער סימבאָליש זענען געווען די מתנות, וואָס איך פלעג באַקומען צו מיין געבורטסטאָג. צו 7 יאָר האָט מיר דער טאַטע געגעבן די 5 חומשים אין אַ שיינעם איינבאַנד: אויפן איינבאַנד איז געווען אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות מיין נאָמען און דעם טאַטנס נאָמען. צו 8 יאָר האָב איך באַקומען די ספרים תנ״ך. צו 9 יאָר — די זעקס סדרי משנה, און צו בר־מצווה — האָב איך באַקומען גאַנץ תלמוד בבלי.

זייער טרויעריק איז געווען דער מצב בנוגע נאַציאָנאַלער דערציונג. דער עיקר איז געווען דאָס לערנען העברעיש, חומש, תנ״ך און תלמוד. מען האָט אינגאַנצן נישט געזאָרגט דערפאַר, אַז דאָס קינד זאָל זיך באַקענען מיטן איצטיקן לעבן פון פאָלק און דערוועקן אין אים אַ ליבשאַפט צו זיין פאַרגאַנגענהייט. וואָסערע נאַציאָנאַלע געפילן האָבן געקאָנט אַרויסוואַקסן פון דעם, וואָס אַ צוועלף־יעריק יינגל לערנט בבא קמא, בבא מציעא און בבא בתרא, מיטן ברייטן פירוש פון רשב״ם? וואָס איז אַ קינדעריש מוחל מסוגל צו פאַרשטיין אין דער מסכתא גירושין, אָדער גיטין? אין מיין זכרון איז כּמעט גאָרנישט פאַרבליבן פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געלערנט אין דער גמרא, כאָטש שוין צו 13 יאָר בין איך דערגאַנגען צו אַ „לייענען" (לערנען אַליין גמרא).

פונדעסטוועגן איז די סביבה, אין וועלכער איך בין אויפגעוואַקסן, געווען אין איר תוך אַ נאַציאָנאַלע. פון מיינע פריסטע יאָרן האָב איך געזען די יידישע גאַסן, דעם האַנדל־וואַנדל אין מאַרק, די קראָמען, די קבצנים, די אַרבעטער, די שוידערלעך, געדיכט־באַפעלקערטע גרויסע הויפן, און מער פון אַלץ האָט אויף מיר געהאַט אַ השפעה דער ציוניסטישער געדאַנק פון מיינע עלטערנס שטוב. דאָס וואָרט ארץ־ישראל פלעגט אין אונדזער שטוב דערמאָנט ווערן כּמעט יעדן

טאָג. דער פאָטער איז געווען פון די „חובבי ציון" און אַ מיטגליד פון „מנוחה ונחלה". איך פלעג שטענדיק הערן געשפּרעכן אין שטוב צווישן טאַטע־מאַמע וועגן דער „קאָלאָניע" וואָס דער טאַטע האָט געקויפט אין ארץ־ישראל. ער האָט אויף איר געגעבן עטלעכע הונדערט רובל און יעדעס יאָר פלעגט ער שיקן נאָך אַ סכום געלט אויף די הוצאות פון דער „קאָלאָניע". די מאַמע איז געווען אַ מער פּראַקטישע פאַרן טאַטן, און זי פלעגט שטענדיק טענהן, אַז ער „באַגראַבט געלט" אין ארץ־ישראל. איך בין אָבער געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס מיר האָבן אַ „קאָלאָניע" אין רחובות. צו אונדז אין שטוב פלעגן שטענדיק קומען רבנים, „מחברים", און דער פאָטער פלעגט ביי זיי קויפן זייערע ספרים. צייטנווייז פלעגן קומען משולחים פון ארץ־ישראל און דער פאָטער האָט זיי גוט אויפגענומען. איינ־מאָל זענען געקומען צוויי יידן, וואָס האָבן אויסגעזען זייער מאָדנע אין מיינע אויגן. זיי האָבן געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן ארץ־ישראל און וועגן דער הייליקער שטאָט צפת. דער פאָטער האָט זיי געגעבן אַ סכום געלט און אין שול האָט מען אויך פאַר זיי צונויפגעזאַמלט אַ היפּשע סומע. דערנאָך האָט מען זיך אָבער דערוווּסט, אַז דאָס זענען געווען סתם שנאָררערס, און זיי האָבן אונטערן מאַנטל פון שליחות אָפּגענאַרט די יידן.

צו יענער צייט זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות וועגן דרייפוס־פּראָצעס. מען האָט אָנגעהויבן רעדן אין שטוב וועגן באַרימטן אַרטיקל פון עמיל זאָלאָ — „איך באַשולדיק". אַזוי־אַרום האָב איך זיך דערוווּסט וועגן פראַנצויזישן שרייבער זאָלאָ. עטלעכע יאָר שפּעטער האָב איך איבערגעלייענט דאָס רוב פון זיינע ביכער. פון יענער צייט אָן פלעג איך פון צייט צו צייט הערן אין שטוב רעדן וועגן דרייפוסן. זייענדיק אין גימנאַזיע, אין יאָר 1899 האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער משפּט האָט זיך פאַרענדיקט און דרייפוס איז געוואָרן באַגנעדיקט.

אין יאָרן אַרום האָב איך געהערט אין שטוב, אַז די סעדער אין רחובות גיבן שוין פּרוכטן, אַז עס וואַקסן דאָרט מאַנדלען און וויינטרויבן און אַז אין וואַרשע איז געגרינדעט געוואָרן אַ געזעלשאַפט מיטן נאָמען „כרמל מזרחי", און מען פאַרקויפט דעם ארץ־ישראל־וויין אין דער גאַנצער וועלט. איך האָב שטאָל־צירט מיטן ארץ־ישראלדיקן וויין. איינמאָל האָט אונדז דער פאָטער דערציילט, אַז ער האָט געשריבן צו זיין ממונה אין רחובות, אַז אַז ער זאָל נישט פאַרקויפן דאָרט די מאַנדלען, נאָר איבערשיקן קיין וואַרשע. מיר האָבן באַקומען 40 פּוד מאַנדלען. אַ טייל פון זיי האָבן מיר פאַרקויפט אין וואַרשע און דעם איבעריקן טייל האָבן מיר ביסלעכווייז צעשלעפּט און אויפגעגעסן. איך האָב שטענדיק געהאַט פולע קעשענעס מיט מאַנדלען; איך פלעג זיי ברענגען אין אוניווערסיטעט און מכבד זיין די חברים, די גויים, כדי צו ווייזן די פּירות פון ארץ־ישראל.

אַלע אונדזערע בני־בית, בתוכם מיינע שוועסטערן, האָבן געהערט צו

ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. מיין עלטערע שוועסטער איז געווען אַ מיטגליד פון „בנות ציון״. אָפט זענען אין שטוב פאָרגעקומען אַסיפות פון פאָטערס מענטשן, אָדער פון די שוועסטערס חברטעס. אַזוי אַרום האָבן זיך צונויפגעוועבט אין מיין געשטאַלטיקונג די פאַנטאַזיע פון זשול ווערן, די רוסישע ווירקלעכקייט לויט טורגעניעוון, די יידישע גאַס פון וואַרשע און דאָס ווייטע און נאָענטע ארץ־ישראל.

# גימנאַזיע־יאָרן

**(1902—1899)**

צו 13 יאָר בין איך טאַקע נישט אַנגעקומען אין גימנאַזיע, איך בין אָבער געוואָרן מיט איר פאַרבונדן, ווייל יעדעס יאָר האָב איך געלערנט דעם קורס פונעם אַנטשפּרעכנדיקן קלאַס. צו 14 יאָר האָב איך אָפּגעגעבן עקזאַמען צום 5־טן קלאַס און נישט אויסגעהאַלטן. אָבער אין אַ יאָר אַרום האָב איך זיך עקזאַמינירט אין 6־טן קלאַס, און דאָסמאָל אויסגעהאַלטן אַלע עקזאַמענס. איך האָב אָבער נאָך נישט באַקומען אַזעלכע באַלן איך זאָל קאָנען אָנקומען אין גימנאַזיע אָן כאַ־באַר. מיין עלטערע שוועסטער און איך האָבן פאָרגעלייגט דעם פאָטער, ער זאָל געבן כאַבאַר, כדי מען זאָל מיך אָננעמען אין גימנאַזיע. דער פאָטער האָט אָבער אַפילו הערן נישט געוואָלט דערפון. וואָס, ער וועט געבן כאַבאַר, כדי זיין זון זאָל מחלל שבת זיין?! ער האָט שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז איך וועל שוין נישט זיין קיין רב ביי יידן, און אויב נישט קיין רב, טאָ זאָל שוין זיין לפּחות — אַ געבילדעטער מענטש. דערפאַר האָט ער געוואָלט, איך זאָל לערנען, אָבער נישט גיין אין גימנאַזיע.

אין איינעם אַ פּרייטיק, האַרבסט־צייט, איז געקומען צו אונדז עפּעס א באַאַמטער פון גימנאַזיע און ער האָט פאָרגעלייגט איינצאָלן 25 רובל וועט ער דורכפירן מ׳זאָל אָננעמען דעם זון אין גימנאַזיע. אונדז האָט דער פאָרשלאָג פאַר־וווּנדערט, ווייל מיר האָבן געוווּסט, אַז דער ענין איז, בדרך כלל, פאַרבונדן מיט עטלעכע הונדערטער. אָבער אפילו דעם קליינעם סכום, וואָס ס׳האָט געבעטן דער באַאַמטער, האָט דער פאָטער לכתחילה נישט געוואָלט געבן. דערנאָך איז ער ווייכער געוואָרן און מסכים געווען. דער באַאַמטער האָט באַקומען דאָס געלט און געזאָגט, אַז איך קאָן מאָרגן קומען אין גימנאַזיע. ס׳איז נישט געווען קיין גרענעץ צו מיין גליק.

צומאָרגנס, אום שבת, בין איך געגאַנגען מיט מיין שוועסטער אין גימנאַ־זיע. די שוועסטער האָט זיך געפרעגט ביים אינספּעקטאָר וולאַדימיראָוו — אַ הויכער מיט אַ גרויסער באָרד, אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט — צי איך בין אָנגענומען געוואָרן, און יענער האָט געענטפערט אַז יאָ. איך האָב אים געפרעגט,

צי קאָן איך גלייך אַריינגיין אין קלאַס. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ דורכ־דרינגלעכן בליק פון אויבן ביז אַראָפּ, און האָט איינגעפונען אַ פּגם אין מיינע מלבושים. איך האָב נישט געטראָגן קיין שוואַרצע בינדע אונטערן שוואַרצן רעקל און אויך נישט געטראָגן קיין פּאַסעק. ער האָט מיר געהייסן קומען מאָנטיק, אָבער געהעריק אויסגעשטאַט.

אין אַ צייט אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז נאָך דעם ווי עס זענען אָנגעקומען עטלעכע תלמידים נישט־יידן, איז געוואָרן פריי אַ פּלאַץ אויך פאַר מיר לויט די באַלן וואָס איך האָב באַקומען, און דער באַאַמטער וואָס האָט דערפון געוווּסט, האָט זיך געמאַכט אַ כשרע געלעגנהייט צו פאַרדינען אַ 25־קער. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן מיין גימנאַזיע־קאַריערע.

אין 6־טן קלאַס זענען געווען 30 שילער, 25 פּוילישע, 1 רוסישער און פיר יידישע. אין האַרבסט 1899 האָב איך אָנגעהויבן לערנען אין גימנאַזיע און איך פרילינג 1902 האָב איך געענדיקט. אין דער 2־טער גימנאַזיע, אויף נאָוואָליפּקי, האָב איך געלערנט נאָר 3 יאָר. די יאָרן האָבן אָבער אויף מיר געהאַט זייער אַ גרויסע השפּעה.

דאָרט איז געווען אַ לערער פון רוסיש און היסטאָריע — אַרכאַנגעלסקי, אַן אכזר און אַנטיסעמיט. ער האָט אויף מיר געוואָרפן אַ שלעכט אויג, און איך האָב קיין איינמאָל נישט זוכה געווען אַפילו צו אַ „דריי" פון אַן ארבעט. ס'האָט מיר געדראָט צו בלייבן נאָך אַ יאָר אין זעקסטן קלאַס. סוף־כל־סוף האָט זיך מיר איינגעגעבן מיט גרויסע שוועריקייטן צו באַקומען אַ „דריי" אין צווייטן האַלב־יאָר, אָבער דער לערער האָט מיט מיר אויסגערעדט אַ תנאי, אַז איך וועל לערנען פריי־וואַט זומער־צייט, און איך האָב טאַקע געלערנט גאַנץ קאַניקול און אין 7־טן קלאַס האָט זיך די באַציונג פונעם לערער צו מיר געביטן לטובה.

אַ מאָדנע זאַך האָט מיט מיר פּאַסירט בעתן שרייבן אָט די זכרונות. אין איינער אַ נאַכט האָט זיך מיר געחלומט יענער לערער. ער האָט זיך פאַר מיר באַוויזן, ווי כ'האָב אים געדענקט פון אַמאָל. ס'איז פאַר מיר געווען אַ רעטעניש — ווי אַזוי און פאַרוואָס האָט זיך עס באַוויזן אין חלום, נאָך העכער 50 יאָר, אַ מענטש, וואָס איך האָב וועגן אים כמעט נישט געטראַכט די גאַנצע צייט. ס'איז באַוווּסט, אַז די קעמערלעך בייטן זיך אין קערפּער, און נאָך 7 יאָר בלייבט נישט אין גוף קיין איין קעמערל פון די פריערדיקע, נאָר אין מוח בלייבן די קעמערלעך נישט געענדערט דאָס גאַנצע לעבן. אויב אַזוי קאָן זיין, אַז אין עפּעס אַ קעמערל אין מוח איז געבליבן שטעקן אָט דער פּרצוף, און פּלוצלינג, נאָך 50 יאָר, איז ער אַרויפגעשווומען אין זכרון און דערשינען אויפסניי.

דער לערער פון מאַטעמאַטיק, פּראָפעסאָר הערץ, איז געווען אַ ייד. בכלל איז דאָס געווען אַ זעלטנהייט אַ ייד זאָל זיין אַ לערער אין אַ מלוכהשער גימנאַ־

זיע! אין גאַנץ רוסלאַנד זענען געווען, צו יענער צייט, נאָר 3 יידן לערער אין גימנאַזיעס. הערץ איז געווען אַן עלטערער מענטש, ביי די 70־קער, אַ באַרימטער מאַטעמאַטיקער, מיט אַ גוטן געמיט, אָבער לייכט אין כעס צו ווערן און ער פלעגט אַ סך שרייען אויף דער לעקציע. רוסיש האָט ער גערעדט מיט אַ יידישן אַקצענט און די פּוילישע תלמידים האָבן פון אים געלאַכט. זיי האָבן אים אָבער אויך ליב געהאַט. הגם איך האָב געקענט דעם מאַטעריאַל פון מאַטעמאַטיק, האָט ער מיר קיינמאָל נישט געשטעלט מער פון אַ „דריי". ווען איך בין אַריין אין 8־טן קלאַס, האָט דאָס מיר פאַרשאַפט גרויסע זאָרג, ווייל איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועט עס מיר שטערן אַנצוקומען אויפן אוניווערסיטעט. כאָטש עס איז באַוווסט געווען צווישן די תלמידים, אַז דער לערער הערץ האָט ליב געלט, האָט ער פונדעסטוועגן נישט גענומען קיין כאבאר, ער פלעגט אָבער געבן פּריוואַטע לעקציעס צו תלמידים פון זיינע קלאַסן און דאָס איז געווען אַן אויסגעפּרוווט מיטל צו פאַרבעסערן ביי אים די מיינונגען. איך האָב די זאַך אויפגעקלערט דעם טאַטן און מיר האָבן גלייך געשיקט אַ באַקאַנטן צום לערער מיט אַ פאָרשלאָג, ער זאָל מיר געבן פּריוואַטע לעקציעס. הערץ האָט לכתחילה געענטפערט, אַז ס'איז נישט נייטיק, ווייל איך קען אַזוי אויך דעם מאַטעריאַל. אונדזער שליח האָט אָבער געטענהט, אַז איך האָב אַ ספּעציעלן אינטערעס צו קאָסמאָגראַפיע און הערץ איז איינגעגאַנגען אויף דער בקשה. אָן ספק, אַז עס האָט געהאַט צו זאָגן דער קאָנווערט מיט פופציק רובל, וואָס אונדזער באַקאַנטער האָט ביי אים איבערגע־לאָזט, פון פאָרויס, פאַר צען לעקציעס. איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוקומען צום לערער אין שטוב, און ער האָט טאַקע זייער גוט געלערנט. פון דאַן אָן האָב איך באַקומען גוטע באַלן — גוט און זייער גוט — נישט בלויז פון קאָסמאָגראַפיע, נאָר אויך פון אַלגעברע און טריגאָנאָמעטריע.

גרויסע צרות האָבן מיר פאַרשאַפט מיינע חברים. מיינע חברים, די גויים פון קלאַס זענען אַלע אָן אויסנאַם געווען אַנטיסעמיטן. יעדן טאָג פלעגן זיי אונדז זידלען און שעלטן. „זשיד פּאַרשיווי" האָבן מיר געהערט רופן עטלעכע מאָל אין טאָג. איך בין געווען אַ קליינער און שוואַכער, אָבער דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ איז ביי מיר געווען געגוג אַנטוויקלט און איך האָב נישט געקאָנט פאַר־שווייגן די באַליידיקונגען. איך פלעג אָפּענטפערן מיט זידלערייען און צוליב דעם אַריינגעכאַפּט קלעפּ פון גרויסע און שטאַרקע יונגען, 18—19 יאָריקע. ס'איז נישט געווען קיין טאָג, אַז איך זאָל נישט קומען אַ היים אָן אַ סימן אויפן פּנים. מיינע יידישע חברים האָבן געשוויגן און איך בין שטענדיק געווען דער קרבן. ווען איך בין געווען אין 8־טן קלאַס, האָבן מיר געלערנט גאָגאָלס „טאַראַס בולבאַ". דער לערער פון רוסיש, אָרלאָוו, האָט אויסגערופן איינעם פון די תלמידים, אַ זון פון אַ פּוילישן ריכטער, ער זאָל אַלס ביישפּיל אָנרופן אַן עפּיטעט, וואָס חזרט זיך

אָפּט איבער אין ווערק. דער יונג האָט זיך אויפגעהויבן און געענטפערט: „פּאַר־שיווי זשיד”. האָב איך זיך אויפגעהויבן נישט געבעטענערהייט, און איך האָב געזאָגט, אַז ס׳איז פאַראַן נאָך אַן עפּיטעט: „פּראָקליאַטי ליאַך” (פאַרשאָלטענער פּאָליאַק). נאָך דער לעקציע האָב איך אריינגעכאַפּט פון די פּאָליאַקן אַן אַ שיעור קלעפּ. דאָסמאָל האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט די יידישע חברים, און ס׳זענען אויך געווען פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט, אַז מ׳זאָל איבעררייסן דאָס געשלעג.

דערווייל בין איך געווען אַ גוטער תלמיד. איך האָב גיך פאַרנומען איינעם פון די ערשטע ערטער פון מאַטעמאַטיק, גריכיש און לאַטיין און די גויים האָבן אָנגעהויבן בעטן זיך ביי מיר, איך זאָל זיי אַרויסהעלפן. נישט געקוקט אויף די אָנגעשטרענגטע באַציאונגען צווישן אונדז, האָב איך שטענדיק געענטפערט יעדן איינעם, וואָס האָט זיך צו מיר געווענדט. די גויים האָבן מיך אָנגעהויבן צו שעצן אויך דערפאַר, וואָס איך האָב זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט פאַר דער דירעקציע. צוליב דעם, וואָס די איבעריקע יידישע חברים האָבן זיך אויפגעפירט נישט אַזוי, האָבן די גויים גאָר אינגיכן אָנגעהויבן צו אונטערשיידן צווישן מיר און זיי. איינמאָל בין איך געשטאַנען ביי דער קאַטעדרע און דערקלערט עטלעכע גויים עפּעס אַ טעאָריע פון געאָמעטריע אויף פּויליש. ס׳איז אַריין דער אינספּעקטאָר און האָט געהערט מיין דערקלערן. „דאָס איז פיין — האָט ער געזאָגט — פאַרוואָס אָבער אויף פּויליש?” (מען האָט דעמאָלט נישט געטאָרט רעדן קיין פּויליש אין די ווענט פון דער גימנאַזיע). איך האָב געענטפערט, אַז איך בין געוווינט צו ענטפערן אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער מען פרעגט מיך. האָט דער אינספּעקטאָר געפרעגט: ווער האָט דיך געפרעגט? האָב איך נישט געוואָלט דערציילן און דערפאַר געוואָרן באַשטראָפט, אָבער די נעמען פון מיינע חברים האָב איך נישט אויסגעגעבן. אַן אַנדער מאָל, ווינטער־צייט, האָבן מיר, בעת אַ הפסקה, געשפּילט אין שניי־באַלן אין קלאַס. ס׳איז אַריין דער אויפזעער און האָט געפּאַרשט און געוואָלט דערגיין, ווער ס׳האָט זיך באַטייליקט אין אָט דער שפּיל. מיך האָט ער געפּאַקט אויף אַן אָרט, אָבער די נעמען פון די חברים האָב איך נישט אויסגעגעבן. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב באַקומען די שטראָף, אָבער פון דאַן אָן האָבן זיך די גויים אָנגעהויבן באַציען צו מיר מיט דרך־ארץ, כאָטש זיי האָבן בכלל נישט געביטן זייער באַציונג צו יידן. זיי פלעגן טענהן, אַז אַלע יידן זענען מנוולים, אויסער ראַפּאַלקעס, וואָס איז אַ ליטישער בחור.

אין 8־טן קלאַס האָט געטראָפן אַ פאַל, וואָס האָט נאָכמער פאַרשאַרפט די באַציונגען צווישן די יידן און די פּאָליאַקן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן מיר, איך און א פּוילישער חבר, זיך אויפגעהויבן פאַרן אָנהייב פון דער לעקציע, און דערקלערט דעם לערער אָרלאָוו, אַז מיר האָבן נישט צוגעגרייט די לעקציע. ס׳איז

געוועזן אַזוי אָנגענומען, אָבער מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז די פּוילישע חברים האָבן באַשלאָסן מודיע צו זיין דעם לערער אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, אַז דער גאַנצער קלאַס האָט נישט צוגעגרייט די לעקציעס. און אָט איז אַרויסגערופן גע־וואָרן איין תלמיד און ער האָט געזאָגט, אַז דער קלאַס האָט נישט צוגעגרייט די לעקציע. אַזוי האָט געטאָן דער צווייטער, דריטער תלמיד, ביז דער לערער האָט אַרויסגערופן די דריי יידן, איינעם נאָכן אַנדערן, און זיין האָבן אַלע דריי אָפּגע־ענטפערט די לעקציע. די פּאָליאַקן האָבן אין דעם איינגעזען אַ ברוך פון דער סאָלידאַריטעט און אויפגעהויבן אַ שוידערלעכן טומל. ס'איז צונויפגערופן גע־וואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן א משפט איבער די דריי חברים. איך בין אויך געווען איינער פון די ריכטער. מיר האָבן זיך באגנוגנט מיט מאכן א שארפן פאָרוואורף די חברים, וועלכע האָבן זיך פאַר־זינדיקט. דערווייל זענען אָבער די באַציונגען נאָך מער קאַליע געוואָרן.

ווען מען האָט גענומען רעדן וועגן פאָטאָגראַפירן דעם קלאַס פאַרן סיום, ווי ס'איז געווען אָנגענומען, האָבן די פּאָליאַקן דערקלערט, אַז זיי זענען גרייט אַריינצונעמען מיך צום פאָטאָגראַפירן זיך, אָבער בשום אופן נישט — די דריי איבעריקע יידן. האָב איך זיי געזאָגט, אַז אָן די יידישע חברים וועל איך זיך אויך נישט פאָטאָגראַפירן. זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, מוותר געווען אויף מיר אויך, און מיר, די יידן, האָבן זיך פאָטאָגראַפירט באַזונדער. ס'איז געווען אָנגענומען אַריינ־צונעמען אויף אַזאַ פאָטאָגראַפיע עמעצן פון די „גדולי הדור". זיי, די גויים האָבן גענומען אַ בילד פון מיצקעוויטשן. אָבער מיר האָבן זיך געמאַטערט און נישט געוווּסט וועמען אַריינצונעמען. און היות איך בין געווען דער „מלומד" צווישן אונדז אין יידישע זאַכן, ווייל די דריי יידישע חברים האָבן געשטאַמט פון אַסי־מילירטע משפּחות, האָבן אַלע בלית ברירה מסכים געווען מיט מיין פאָרשלאַג, וואָס איך האָב געמאַכט, נאָך לאַנגע טראַכטענישן און ספקות, צו נעמען דאָס בילד פון... משה מענדעלסאָן. פריער האָב איך פאַר מיינע חברים פאָרגעלייגט פאָטאָגראַפירן זיך מיט אַ בילד פון טעאָדאָר הערצל, זיי האָבן אָבער אויף דעם בשום אופן נישט געוואָלט איינגיין. אַלס פשרה, האָבן זיי מסכים געווען אויף מענדעלסאָנען.

איך פלעג נישט איינמאָל פירן וויכוחים אין קלאַס מיט מיינע פּוילישע חברים וועגן נאַציאָנאַלע פראַגן. אין די שבתים פלעג איך קומען אין גימנאַזיע אין די יום־טובדיקע מלבושים. ווען די פּאָליאַקן האָבן מיך געפרעגט, וואָס איך האָב זיך עפּעס אויסגעפוצט, האָב איך זיי דערקלערט, אַז ס'איז היינט שבת, מיין נאַציאָנאַלער יום־טוב.

ווען איך בין געווען אין זעקסטן קלאַס, האָב איך זיך באַפריינדט מיט אַ יינגל פון 5־טן קלאַס, פּעטיע שוואַרצמאַן. מיר האָבן געוווינט נאָענט איינער פון

אַנדערן, און איך פלעג ביי אים פאַרברענגען אין די אָוונטן. מיר האָבן אָרגאַני־זירט אַ קליינעם קרייז פון 4 חברים און צוויי חברטעס. מיר פלעגן לייענען צוזאַ־מען, שפּילן און אפילו פאָרשטעלן. אין די ווינטער־פעריען האָבן מיר געמאַכט אַ פאָרשטעלונג פון גימנאַזיע־לעבן. אויף מיר איז אויסגעפאַלן אַ הומאָריסטישע ראָל. די פאָרשטעלונג איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג, באַזונדערס האָט מען געלויבט מיין שפּילן. פון דאַן אָן און ווייטער בין איך געווען זיכער, אַז איך וועל אַמאָל ווערן אַ גרויסער אַרטיסט.

אין יענער צייט האָב איך ס׳ערשטע מאָל געזען אַן עלעקטריש לעמפּל. צווישן די יידישע חברים פון דער גימנאַזיע איז געווען איינער פרידמאַן. זיין פאָטער איז געווען אַן אַדוואָקאַט און אַ גרויסער עושר. זייער דירה האָט זיך גע־פונען אין פוילישן קוואַרטאַל, אויף פּאָקסאַל־גאַס, און דאָרט האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזען אַן עלעקטריש לעמפּל, ווי מען צינדט עס אָן און ווי מען פאַרלעשט עס. מיר האָבן שוין טאַקע געלערנט פיזיק אין גימנאַזיע, ס׳איז אָבער נאָר געווען טע־אָריע, און דאָ האָבן מיר געזען בחוש עלעקטריש ליכט. אין יענע טעג האָב איך אויך געזען ס׳ערשטע מאָל אַ פּאָנאָגראַף און א קינאָ. פאַר 5 קאָפּיקעס פלעגן מיר אַריינגיין אין א קראָם, אַנידערזעצן זיך אַרום טיש, אויף אים איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן עפּעס אַ מאַשין, פון וועלכער עס האָבן זיך געצויגן גומענע רערלעך, און מיר פלעגן אַריינשטעקן די רערלעך איןביידע אויערן און געהערט דריי לידער איינס נאָכן אַנדערן. מיר פלעגן ווידער פאַר 5 קאָפּיקעס אַריינגיין אין אַ צווייטער קראָם, אויסזעצן זיך אויף בענקלעך, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען. אויפן וואַנט איז געווען אויסגעצויגן אַ ווייסער לייוונט, און אויפן לייוונט האָבן מיר געזען, ווי ס׳קומט אָן אַ באַן און גייט גלייך אויף אונדז. פּלוצלינג האָט די באַן זיך אָפּ־געשטעלט, און די מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון איר...

איך האָב דעמאָלט אַ סך געלייענט שיינע ליטעראַטור. מיין עלטערע שוועסטער, וואָס איז שוין געווען נאָך דער חתונה, איז געקומען צו מיר מיט אַ טענה, פאַרוואָס אַזאַ בחור, אַ תלמיד פון 7־טן קלאַס גימנאַזיע, זאָל נישט לייענען קיין ערנסטע ביכער. זי איז געווען עלטער פון מיר מיט 11 יאָר און האָט זיך געזאָרגט וועגן מיין דערציונג, כאָטש זי האָט שוין געהאַט אירע אייגענע קינדער. מיך האָט נישט אינטערעסירט קיין זאַך אויסער די ענינים פון שטוב און גימנאַ־זיע. איך האָב געלייענט די רוסישע קלאַסישע ליטעראַטור: טורגעניעוון, גאָגאָלן, פּושקינען, לערמאָנטאָוון, טאָלסטאָיען מאַמין־סיביריאַקן, מיכיילאָוון און אַנדערע. איך האָב אָבער נישט געלייענט קיין שום זאַך פון דער פּוילישער ליטעראַטור און אויך נישט פון דער יידישער, שוין אָפּגערעדט פון דער העברעישער. די „הצפירה", וועלכע מיין פאָטער פלעגט באַקומען, האָב איך אַפילו נישט געקאָנט לייענען.

ווי האָט אויסגעזען דאָס לערנען אין אַ מלוכהשער גימנאַזיע אין יענער

צייט ? אין תוך זענען סיי די לערער, סיי די תלמידים נישט געווען פאַראינטע־רעסירט מיט די לימודים לשמה. די לערער האָבן נאָר אין זינען געהאַט זייער געהאַלט, און די תלמידים האָבן געוווסט, אַז זייער זאַך איז יעדעס יאָר אַריבער־צוגיין אין אַ העכערן קלאַס און צו באַקומען אַ דיפלאָם, כדי דערנאָך צו קאָנען אויסלערנען זיך אַ פּראָפעסיע, וואָס זאָל געבן פּרנסה, ווי מעדיצין אָדער אַדוואָ־קאַטור.

בדרך כלל פלעגן די תלמידים נישט צוגרייטן די לעקציעס יעדן טאָג. פּונקט ווי אַלע תלמידים, פלעג איך זיך צוגרייטן נאָר אין די טעג, ווען איך האָב זיך געריכט, אַז דער לערער וועט מיך פרעגן. מיר האָבן פון פאָרויס געוווסט כמעט גאַנץ גענוי, ווען די לערער וועלן אויסרופן לויט דער רשימה, ד. ה. לויטן אלף־בית. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָט זיך אָנגעקליבן אַ סך מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן נישט געקענט. באַזונדערס האָבן די שילער נישט ליב געהאַט די אַל־טערטימלעכע שפּראַכן, לאַטיין און גריכיש. די מערהייט האָט נישט געהאַט קיין שום אָנונג אין די דאָזיקע שפּראַכן. ווען מען האָט זיי אַרויסגערופן צו ענטפערן, פלעגן זיי האַלטן אין בוך די איבערזעצונג קעגן אָריגינאַל און לייענען זאַץ נאָך זאַץ דעם טעקסט און די איבערזעצונג, און דעם לערער איז נישט איינגעפאַלן, אָדער ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער זעט נישט, ווי מיר נאַרן אָפּ. דער לערער פון גריכיש איז געווען אַן עלטערער מענטש און איז געווען זייער פילבאַר אויף פילאָלאָגישע פראַגן. ער פלעגט זיך באַמיען צו מאַכן אונדז אויפמערקזאַם אויף דער קרובהשאַפט צווישן די אלטערטימלעכע שפּראַכן, און ער האָט זיך געמיט אויסצוגעפינען שותפותדיקע וואָרצלען פון ווערטער. אַזוי, למשל, האָט ער אונדז דערקלערט, אַז דאָס גריכישע וואָרט אדעלפאָס (אַ ברודער) און דאָס וואָרט אדעלפידאָס (ברודער־זון), שטאַמט פון סאַנסקריט, פון וואָרט „סאגאַר־ביאַס". ס׳איז מיר שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט זיך אויסגעבילדעט „אדעלפוס" פון „סאגאַרביאַס", אָבער יעדעסמאָל, ווען מיר פלעגן זיך אָנטרעפן אויפן וואָרט „אדעלפאָס", פלעג איך זיך אונטעראיילן און דערקלערן, אַז דאָס וואָרט האָט זיך אויסגעבילדעט פון סאַנסקריטישן וואָרט „סאגאַרביאַס". דער אַל־טיטשקער איז געווען זייער צופרידן, און איך האָב אויך געהאַט פון דעם אַ פּעולה — גוטע צייכנס.

אויף די אַרויסלאָז־עקזאַמענס, האָבן מיר זיך געדאַרפט עקזאַמינירן פון לאַטיין און גריכיש, איבערזעצן עטלעכע פראַגמענטן פון אָווידיוס און פון דער „אָדיסייע", אַ מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן פריער נישט געלערנט. די פראַגמענטן זענען געווען באַשטימט פון פאָרויס, נאָר מיר האָבן נישט געוווסט וואָסערע זיי זענען. ווען מיר וואָלטן צוגעטראָטן צו די עקזאַמענס אָן דער צוגרייטונג פון די באַשטימטע פראַגמענטן, וואָלטן מיר אויף זיכער דורכגעפאַלן. די לערער האָבן

דאָס זייער גוט געוווּסט. וואָס האָבן מיר געטאָן? איך און נאָך צוויי חברים, די פאָרשטייער פון קלאַס, זענען געקומען צו די לערער אין שטוב און געבעטן זיי, זיי זאָלן אונדז געבן די רשימה פון די פראַגמענטן, וואָס זענען אָנגעמערקט געוואָרן צום איבערזעצן. דער לערער פון לאַטיין האָט געמאַכט אַן אָנשטעל און געטענהט: ווי קאָן מען עס אַזאַ זאַך טאָן, ס'איז דאָך נישט געזעצלעך? און אַז די רשימה פון די פראַגמענטן צום איבערזעצן איז נישט קיין גרויסע און ס'איז גאָר נישט אַזוי, שווער. דערביי האָט ער אונדז געוויזן דאָס צעטל, אַזוי, אַז עס האָט זיך געלאָזט פאַרגעדענקען די טיטלען פון די דערמאָנטע פראַגמענטן. אָבער דער לערער פון גריכיש האָט נישט געמאַכט קיין דריידלעך און האָט אונדז גלייך געגעבן די געפאָדערטע רשימה.

דער לערער פון לאַטיין איז געווען אַ מאָדנער מענטש. איינמאָל האָט ער באַמערקט, אַז איך לייען עפּעס אַ בוך אונטערן באַנק. איז ער צו און געהייסן ווייזן דאָס בוך. דאָס איז געווען דאָס בוך פון הערצלען „די יידישע מדינה", אויף רוסיש. ער האָט גענומען דאָס בוך אין האַנט אַריין, אַריינגעקוקט אין אים און דערנאָך געפרעגט, צי ס'איז אַ לעגאַל בוך. איך האָב געענטפערט אַז יאָ, האָט ער מיר גלייך אָפּגעגעבן דאָס בוך, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט.

דער לערער פון דייטש איז געווען עפּעס אַ טיפּשעוואַטער יעקע. ער האָט מקפיד געווען, אַז מען זאָל אים איבערזעצן פון בוך, נישט לייענענדיק אפילו דעם דייטשישן טעקסט. קיינער פון די תלמידים האָט טאַקע נישט געקאָנט לייענען דעם טעקסט, וואָס איז געווען געשריבן מיט דער גאָטישער שריפט. כאָטש איך האָב געקענט בעסער דייטש פון מיינע חברים, האָב איך אויך געהאַט שוועריקייטן ביים לייענען. איך פלעג זייער גוט איבערזעצן, נישט לייענענדיק דעם טעקסט, און איך האָב תמיד באַקומען גוטע צייכנס. רעדן דייטש האָב איך נישט געקאָנט און פלעג ס'רוב אַריינמישן אין דייטש יידישע ווערטער. אָפט פלעגט מיך דער לערער פרעגן, מיט וואָסערע מאָדנע ווערטער איך באַנוץ זיך, און איך האָב אים דערקלערט, אַז מיר האָבן עמיגרירט פון דייטשלאַנד מיט הונדערטער יאָרן צוריק, און אין דער משפחה זענען ווייזט אויס פאַרבליבן אויסדרוקן פון יענע צייטן, וואָס זענען זייער ענלעך צו „פּלאַט־דייטש". דער לערער איז געווען צופרידן מיט דער דערקלערונג. ס'איז דעריבער נישט קיין ווונדער, אַז נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע, זענען דער רוב פון די תלמידים געווען עמי־הארצים ווי ס'האָט זיך טאַקע געפאַסט פאַר אַ מלוכהשער גימנאַזיע אין צאַרישן רוסלאַנד.

אין פעברואַר 1901־טן יאָר האָט דער סטודענט קאַרפּאָוויטש *) דערהרגעט

*) אין אַ צייט אַרום, שוין אין ארץ־ישראל, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז קאַרפּאָוויטש — געווען אַ סעקרעטאַר פון יידישן מאָסקווער אַדוואָקאַט פּאָרטוגאַלאָוו, איז געווען דער שווער פון מאיר גראָסמאַן.

דעם בילדונגס־מיניסטער באַגאָליפּאָוו, דעם, וואָס האָט באַפוילן אָפּגעבן פאַר כּאָלדאָטן די סטודענטן, וואָס זענען געווען פאַרמישט אין די אומרוען אויף די אוניווערסיטעטן. אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט זענען אויך אויסגעבראָכן אומרוען; דורך מיין פענצטער האָב איך געזען ווי ס׳איז געקומען פּאָליציי און האָט אַרעסטירט אַ סטודענט, וואָס האָט געוווינט אין קעגנאיבערדיקן הויז.

איך בין נאָך אַלץ געווען גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אויסער די ווענט פון אונדזער שטוב און גימנאַזיע. אָבער אָט איז צו מיר געקומען אין דעצעמבער פון 1901־טן יאָר אַ תלמיד פון אַ צווייטער גימנאַזיע, אויך פון 8־טן קלאַס, און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס מאַקס לעוויטע (שפּעטער — אַן אַגראָנאָם, עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1906 און זיך באַזעצט אין בית־שלמה, איז געשטאָרבן אין יאָר 1950) און האָט מיר דערציילט, אַז די יידישע תלמידים פון די גימנאַזיעס אין גאַנץ רוסלאַנד האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן זיך, און מען דאַרף דאָס טאָן אויך ביי אונדז אין פּוילן. מען האָט זיך געווענדט צו אים פון מינסק און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך פאַרנעמען מיטן אָרגאַניזירן די יידישע גימנאַזיע־תלמידים אין פּוילן, און ער ווענדט זיך צו די תלמידים, צו איינעם פון יעדן 8־טן קלאַס פון די גימנאַזיעס און פון די רעאַלע מיטל־שולן אין וואַרשע, כדי צו שאַפן דעם יסוד פאַר דער יידישער שילער־אָרגאַניזאַציע אין גאַנץ פּוילן. דער ציל פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען — אויפצומאָנען מיט־גלידס־אָפּצאָל, כדי מעגלעך צו מאַכן די תלמידים, וואָס זענען צוליב „נומערוס קלאַוזוס" נישט אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט, אַז זיי זאָלן זיין אימשטאַנד צו לערנען אין אויסלענדישע אוניווערסיטעטן.

ווי געזאָגט, האָב איך זיך ביז איצט נישט פאַראינטערעסירט מיט קיין שום געזעלשאַפטלעכן ענין. מיין ציוניזם איז געווען בעיקר אַ געפיל־זאַך. ביי די פּאָליאַקן אָבער איז געווען צווישן די תלמידים אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע. כמעט אַלע האָבן געהערט צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע „נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַטיאַ". פיל מאָל האָב איך זיי געזען אין גימנאַזיע, ווי זיי סודן זיך צווישן זיך. נישט איינמאָל האָב איך זיי מקנא געווען, וואָס זיי האָבן סודות. איצט, ווען לעוויטע האָט מיר פאָרגעשלאָגן דעם גאַנצן ענין, איז דאָס מיר געפעלן און איך האָב אים צוגעזאָגט מיטצובאַטייליקן זיך. מיר האָבן צוזאַמען באַשטימט צו ווענדן זיך אין אַנדערע גימנאַזיעס. צוערשט זענען געווען 5 תלמידים, צווישן זיי בראָניסלאַוו גראָסער, שפּעטער אַ באַוווסטער בונדיסט. גראָסער, אַ תלמיד פון 7־טן קלאַס, איז דעמאָלט געווען אַן עקסטרעמער אַסימילאַטאָר, ער האָט נעגירט די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון די יידן אַלס פאָלק און נישט איינמאָל האָבן מיר מיט אים דיסקוטירט וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ווען איך האָב אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן — וואָס זענען זיי פאַרט די יידן, אויב נישט קיין פאָלק? האָט ער געענטפערט, אַז עפּעס גאָר אַ באַזונדערער „שבט"...

אונטער דער השפעה פון דער שילער־אָרגאַניזאַציע האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ פאַרלאַנג צו דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. אין פּעטערבורג איז דאַן דערשינען אַ ליבעראַלע צייטונג, „נאָוואָסטי" (נייעס). איך האָב אָנגעהויבן יעדן טאָג צו לייענען די צייטונג פון אָנהייב ביזן סוף. דאָס האָט מיר געגעבן אַ שוואַכע אַנונג וועגן די וועלט־פּראָבלעמען, כאָטש איך האָב זיך נאָך אַלץ אין זיי נישט אָריענטירט.

דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען: „אַלרוסישער פאַרבאַנד פון יידישע תלמידים". פאַרשטייט זיך, אַז אונדזער טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אונטערערדיש, ווייל יעדע מין אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַרבאָטן אין צאַרישן רוסלאַנד. מיר האָבן געבילדעט דעם „וואַרשעווער ראַיאָן־קאָמיטעט" (וואַרשאַווסקי ראַיאָנני קאָמיטעט) און אויף דער „קאָנספּיראַטיווער" פאָסט, וואָס איז צוליב שפּאָרזאַמקייט געשריבן געוואָרן אויף קאַרטלעך, פלעגט לעוויטע אונטערשרייבן זיך: „וואַש ראַדושני קראַטשייטיס" (אַ פאַמיליע פון אַ באַוווסטן שניידער) אויסטיילנדיק די איניציאַלן.

מיר האָבן באַשלאָסן צונויפצורופן אַ קאָנפערענץ פון דער אָרגאַניזאַציע אין יוני 1902. אָבער שוין פאַר דער קאָנפערענץ בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז ס'איז נישט מעגלעך צו שאַפן אַ שטענדיקע פאַרבינדונג צווישן די חברים בלויז דורך זאַמלען אָפּצאָלונגען, ווייל די גאַנצע טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען נישט מער ווי אויפמאָנען דעם חודשדיקן מיטגלידס־אָפּצאָל. אין יעדן קלאַס איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכער תלמיד, וואָס פלעגט אויפמאָנען דעם אָפּצאָל פון זיין קלאַס און יעדן חודש איבערגעבן דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פון דער גאַנצער גימנאַזיע, יענער ווידער פלעגט דאָס איבערגעבן דעם קאַסירער פון וואַרשעווער קאָמיטעט. די קאַסירער פון אַלע גימנאַזיעס אין פּוילן פלעגן אָפּשיקן דאָס געלט צום ראַיאָן־קאָמיטעט. און אויב מיר פלעגן צונויפרופן די תלמידים פון קלאַס אויף אַ פאַרזאַמלונג, האָבן מיר פאַקטיש נישט געוווּסט, וואָס מיר האָבן צו טאָן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מ'דאַרף געבן עפּעס אַן אידעאָלאָגישן אינהאַלט אונדזער אָרגאַניזאַציע.

איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן וואָס מ'קאָן טאָן אין דער ריכטונג. די תלמידים זענען נישט געווען פון איין שניט. די מערהייט איז באַשטאַנען פון יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען אָפּגעריסן און פרעמד פון די געשעענישן אויף דער וועלט. אַ גרויסער טייל האָט געשטאַמט פון אַסימילירטע קרייזן, און נאָר אַ קליינע צאָל זענען געווען ציוניסטן אָדער בונדיסטן.

דערפאַר האָב איך פאָרגעלייגט צו שאַפן אַ ביבליאָטעק. מיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן און מען האָט עס מיר איבערגעגעבן צו אָרגאַניזירן. איך האָב איינגעשאַפן ביכער און בראָשורן על־פּי־רוב פון אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט, ווי:

„די יידישע מדינה" פון הערצלען, „די שטרעמונגען אין יידנטום" פון מאַרגאָלין, „אויטאָעמאַנציפּאַציע" פון פּינסקער און אַנד. די איבעריקע חברים פונעם קאָ־מיטעט האָבן זיך נישט באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט דער ביבליאָטעק, און מיר געגעבן פרייע הענט. איך האָב געמאַכט אַ קאַטאַלאָג, און אויף יעדן בוך האָב איך אויפגעקלעפּט אַ צעטל מיט אַ נומער. חברים האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו מיר אין שטוב אַריין אויסלייען ביכער, און אַמאָל פלעג איך ברענגען די ביכער אין גימנאַזיע. איינמאָל ביים איינקויפן ביכער, האָב איך באַמערקט, אַז עמעצער שפּירט מיר נאָך. איך האָב זיך געפונען אויף דזשיקע־גאַס (שפּעטער זאַמענהאָף — אויפן נאָמען פונעם שעפער פון עספּעראַנטאָ), ווו עס זענען געווען צוויי גרויסע דורכגאַנגס־הייף צו דער נאַלעווקי־גאַס. איך בין אַריין אין אַ דורכגאַנגס־הויף און אַרויסגעקומען אויף נאַלעווקי, און אַזוי האָט דער מענטש פאַרלוירן מיינע שפּורן. איך האָב זיך דערמאָנט אין דער געשיכטע, וואָס איך האָב געלייענט אין בוך פון שרייבער־רעוואָלוציאָנער סטעפּאַניאַק (קראַווטשינסקי): — אַ שפּיצעל איז אים נאָכגעגאַנגען, האָט סטעפּאַניאַק באַשלאָסן אים צו פאַרמאַטערן, וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט געקויפט אין מאַרק אַ לעבל ברויט, זיך אַזוי געגאַנגען און דער שפּיצעל — נאָך אים. אַזוי האָט ער שפּאַצירט גאַס־איין גאַס־אויס און, גייענ־דיק, געגעסן צו ביסלעך פון ברויט. אַז עס זענען אַריבער עטלעכע שעה, האָט זיך דער שפּיצעל געווענדט צו סטעפּאַניאַקן און געזאָגט: האָסט גאָרנישט קיין געפיל פון רחמנות אין האַרצן? אַזויפיל שעהן גיי איך דיר נאָך, איך בין הונגע־ריק, און דו שפּאַצירסט זיך און רעכנסט זיך נישט מיט מיר...

דער פאַל פון נאָכשפּיאָנירן מיר האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ פּחד. ווען איך בין געקומען אין שטוב אַריין האָב איך געמאַכט אַן אַלגעמיינעם „בדיקת חמץ". און כדי נישט צו געבן דער פּאָליציי, אויב זי וועט קומען, וואָסער נישט איז גע־לעגנהייט אויף אַ פאַרדאַכט, בין איך געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און אַראָפּגעריסן אַלע צעטלעך פון די ביכער־טאָוולען.

פון דער ביבליאָטעק זענען מיר אַריבער צו רעפעראַטן. מיר האָבן אָפּגע־מאַכט צווישן זיך, אַז די אָרגאַניזאַציע איז נישט קיין פּאַרטייאישע, און יעדער איינציקער האָט אַ רעכט צו האַלטן רעפעראַטן לויט זיין איינזען. צוערשט איז דער ענין געגאַנגען גלאַטיק, אָבער מיט דער צייט איז די אָרגאַניזאַציע צעפאַלן, ווייל צוליב דעם אידעישן קאַמף האָט מען דערוויל פאַרנאַכלעסיקט די פּראַק־טישע אַרבעט, דאָס זאַמלען געלט.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויף זומער צונויפצורופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע אָרגאַניזאַציעס.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין שווידער. מיר זענען געזעסן צוויי טעג אין אונטערערדישע באַדינגונגען. אויף דער קאָנפערענץ האָב איך זיך דאָר־

ערשטע מאָל באַקענט מיט ערליכן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן באַוווּסט ווי איינער פון די פירער פון „בונד". ער האָט דאַן געענדיקט די גימנאַזיע אין לובלין.

אין די לעצטע חדשים פאַרן ענדיקן די גימנאַזיע פלעגן מיר, די יידישע חברים, שמועסן צווישן זיך וועגן ווייטערדיקן לערנען און יעדער האָט אויסגע־דריקט זיינע פאַרלאַנגען. איך האָב דעמאָלט אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו פאַרנעמען זיך מיט נאַטור־וויסנשאַפט. הגם לויט דער דערציִונג וואָס מיר, יידישע קינדער פון אַ גרויסער שטאָט, האָבן באַקומען, האָט די נאַטור נישט פאַרנומען ביי אונדז קיין אָרט, באַזונדערס אין די „מתנגדישע"" שטובן. די קענטעניִשן פון מיינע חברים אין נאַטור זענען געווען זייער נעבעכדיקע. איך געדענק ווי צו 18 יאָר האָב איך געמאַכט אַ שפּאַציר מיט אַ גרופּע חברים און חברטעס אין דער דאַטשע־געגנט יוזעפאָוו, הינטער וואַרשע. ווען איינע פון די חברטעס האָט דערזען אַ קאַרטאָפל־פעלד אין בליען, האָט זי אויסגעדריקט איר באַוווּנדערונג, קוקנדיק אויף די „נידעריקע אַקאַציע־ביימלעך". אין אַ צייט אַרום האָב איך אין פּעטער־בורג באַגעגנט זיך מיט חברים סטודענטן. בעת אַן עקסקורסיע אין אַ זאָאָלאָגישן מוזיי, האָט אַ סטודענט אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג, זעענדיק סאַרדין־פישלעך מיט קעפּלעך, ווייל ער איז דאָך געווען צוגעוווינט צו עסן סאַרדין־קאָנסערוון אָן קעפּלעך. נאָר ווי אויסטערליש די זאַך זאָל נישט אויסזען, האָט זיך אין מיר אויפ־געוועקט און אַנטוויקלט אַ טיף געפיל צו דער נאַטור. אפשר דערפאַר, וואָס איך בין געווען אויף דאַטשע אויסערן שטאָט, צווישן וועלדער און פעלדער, אפשר האָט דאָס געווירקט. און אפשר האָט אויף מיר געווירקט מיין שוועסטער מרים, וואָס האָט געלערנט נאַטורוויסנשאַפט אין זשענעווע, זי האָט מיר געמאַכט נאָענט איר געביט. איך האָב שוין געקענט גוט אַלע פעלד־געוויקסן, איך האָב אפילו געקאָנט אונטערשיידן פאַרשידענע מינים שוועמלעך. איך האָב ליב געהאַט צו ליגן אויפן פעלד און איינקוקן זיך אויף די ווערימלעך, וואָס האָבן געפּויזעט און געשורשעט צווישן די גראָזן. אַ סך שעהן פלעג איך נאָכשפּירן די מוראַשקעס, ווי זיי קריכן אַרויס פונעם מוראַשניק. איך פלעג זיך צוקוקן צו זייער שטייגער־לעבן. איך האָב אַלזאָ באַשלאָסן אָנצוקומען אויפן נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט און אויך באַ־ווירקט אַ חבר פון מיין קלאַס און ער האָט אויך באַשלאָסן אָנצוקומען מיט מיר צוזאַמען אויפן זעלבן פאַקולטעט.

יענעם זומער פון יאָר 1902 האָבן מיר געוווינט אויף דאַטשע אין יוזע־פאָוו. אויף צומאָרגנס נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע, האָב איך פאַרביטן די ווייסע קנעפּ פון מיין רעקל אויף גאָלדענע, מיטן מלוכהשן אָדלער, און געקויפט זיך אַ היטל מיט בלויע פּאַסן. איך האָב זיך אויסגעפּוצט אין סטודענטישע קליידער,

כאָטש איך בין נאָך גאָרנישט געווען זיכער, צי איך וועל באמת זוכה זיין אָנגעגור־מען צו ווערן אויפן אוניווערסיטעט.

איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן די זומערדיקע חדשים אויף זעלבסטביל־דונג. איך האָב אָנגעהויבן לייענען פּיסאַרעוון, דעם באַוווסטן רוסישן קריטיקער, וואָס איז געשטאָרבן צו 26 יאָר. אין רוסלאַנד איז נישט געווען קיין געבילדעטער מענטש, וואָס זאָל נישט האָבן געקענט פּיסאַרעוון און נישט דערצויגן געוואָרן אויף זיינע ביכער. זיינע ווערק זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 6 בענדער, און אין משך פון זומער האָב איך זיי איבערגעלייענט פון אָנהייב ביזן סוף. פּיסאַרעוו האָט מיר טאַקע געגעבן אַן אינהאַלט און ריכטונג אין לעבן. זיין שיטה איז געווען דער פּילאָזאָפיש־רעוואָלוציאָנערער רעאַליזם. טורגעניעוו האָט אין זיין ווערק „פאָטערס און קינדער" געפּרווט אַרויסברענגען דעם טיפּ פון פּיסאַרעוון אין גע־שטאַלט פון הויפּט־העלד באַזאַראָוו. „די בינען" פון פּיסאַרעוון האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. דאָס איז געווען אַ צעשמעטערנדיקע קריטיק פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג דורך אַ דערציילונג וועגן לעבן פון די בינען. און אַז איך האָב איבערגעלייענט אין פּיסאַרעווס זכרונות וועגן זיין אוניווערסי־טעט־לעבן: „...איך בין שוין דערגאַנגען צום דריטן יאָר און האָב זיך נאָך נישט אויסגעפּאָרמירט קיין וועלט־אָנשויאונג" — האָבן די ווערטער געשלאָגן איבער מיין קאָפּ, ווי מיט אַ שווערן האַמער. איך בין דאָך שוין אויך געווען כמעט אַ סטו־דענט, און איך האָב נאָך אַלץ נישט געוווסט, וואָס דאָס איז אַ וועלט־אָנשויאונג.

נאָך פּיסאַרעוון האָב איך געלייענט סקאַביטשעווסקין, מיכאַילאָווסקין, דאָ־בראָליובאָוון, טשערנישעווסקין, אָבער קיינער פון זיי האָט אויף מיר נישט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק ווי פּיסאַרעוו. פּיסאַרעוו איז אויך געווען אַ ליבהאָבער פון די נאַטור־וויסנשאַפטן, און דאָס האָט געשטימט מיט מיין געדאַנקען־גאַנג.

יענעם זומער זענען מיר אַלע אויפגעציטערט געוואָרן צוליב די ווילנער געשעענישן. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון ווילנע, פאָן־וואַל, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיין אכזריות, וואָס האָט נאָך אַלס יונגער אָפיציר דערטרונקען אין בלוט דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1863 — האָט עטלעכע וואָכן פאַרן 1־טן מאַי מודיע געווען, אַז ער וועט נישט דערלויבן קיין שום דעמאָנסטראַציעס, און ווער ס'וועט עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט, וועט באַשטראָפט ווערן מיט שמיץ. אָבער טראָץ דעם איז דעם 1־טן מאַי פאָרגעקומען א דעמאָנסטראַציע פון הונ־דערטער יידישע אַרבעטער. די דעמאָנסטראַציע איז צעטריבן געוואָרן דורך די קאָזאַקן. עטלעכע צענדליק מענטשן זענען אַרעסטירט געוואָרן, און צומאָרגנס זענען זיי באַשטראָפט געוואָרן מיט 25—50 שמיץ יעדער איינער. הירש לעקערט, אַ יידישער שוסטער פון ווילנע, איז אויפגעשטאַנען נוקם צו זיין זיך פאַר דער־

באַליידיקונג פון די יידישע ארבעטער. דעם 18־טן מאַי האָט ער געשאָסן אין פאָן־וואָל און אים פאַרוואונדעט. לעקערט איז געכאַפּט געוואָרן און געשטעלט געװאָרן פאַר אַ משפט, און דאָס מיליטער־געריכט האָט אים פאַרמשפּט צו תליה. דער פסק־דין איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער נאַכט פון 11־טן יוני.

ווען ס׳איז רייף געוואָרן מיין באַשלוס צו לערנען נאַטורוויסנשאַפט, האָב איך געזאָלט אָנגעבן אַן אַנטשפּרעכנדיקע ביטע אין דער אוניווערסיטעט־קאַנצע־לאַריע. איך האָב געוווּסט, אַז דער חשבון פון 10%, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר יידן אין אוניווערסיטעט ווערט געפירט אין יעדן פאַקולטעט באַזונדער. אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט האָט מאַטעמאַטיק און נאַטורוויסנשאַפט געביל־דעט איין פאַקולטעט, אָבער געלערנט האָט מען אין באַזונדערע גרופּן. היות איך האָב געמיינט, אַז דער חשבון פון די פּראָצענטער וועט געמאַכט ווערן באַזונדער פאַר יעדער גרופּע, און איך האָב געוווּסט, אַז א סך יידן זענען בעלנים אָנצוקומען אויף נאַטורוויסנשאַפט, האָב איך מורא געהאַט אָנצוגעבן אויף נאַטורוויסנשאַפט און אָנגעגעבן אויף מאַטעמאַטיק. ערשט נאָכן דערלאַנגען די ביטע האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער חשבון פון די פּראָצענטער איז איינער פאַר ביידע גרופּעס פון דעם פאַקולטעט צוזאַמען, און איך האָב זיך באַטראַכט צו ענדערן מיין ביטע און אָנגעבן אויף נאַטורוויסנשאַפט. פון אַ פאַרמיטלער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די זאַך לאָזט זיך איינאָרדענען דורך אַ „מתן בסתר״. איך האָב געגעבן איינעם אַ באַאַמטן פון אוניווערסיטעט 25 רובל, ער האָט גענומען מיינע פאַפּירן צו זיך אין שטוב, און איך האָב מיט דער אייגענער האַנט געענ־דערט דעם נוסח פון מיין ביטע. ביי דער געלעגנהייט האָב איך געזען אַ געהיימען בייגעלייגטן דאָקומענט. לויט די אָנווייזונגען פון די הויכע ספערן, האָט יעדער קלאַסן־דירעקציער פון 8־טן קלאַס גימנאַזיע געהאַט אַן אויפגאַבע, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך דערוווּסט פון אַבסאָלווענט אויף וואָסער הויכשול ער האָט בדעה אָנצוגעבן זיינע פּאַפּירן, צו שיקן זיין „כאַראַקטעריסטיק״ צו דער אַדמיניסטראַציע פון דעם אַנטשפּרעכנדיקן אַנשטאַלט. אין מיינע פּאַפּירן האָב איך געזען די „כאַראַקטע־ריסטיק״, וועלכע ס׳האָט געשריבן אונדזער קלאַסן־דירעקציער, דער רוסיש־לערער אָרלאָוו. מיין עיקר־זינד — לויט דער „כאַראַקטעריסטיק״ — געדענק איך גוט: „ס׳איז שווער צו באַווירקן ראַפּאַלקעסן, ער זאָל קומען אין גימנאַזיע אַן אָפּגע־גאָלטער״ (אַ גימנאַזיסט האָט נישט געטאָרט זיך פאַרלאָזן אַ באָרד).

ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט דער חודש אויגוסט, האָבן די אַבסאָלווענטן פון די גימנאַזיעס פון פּוילן זיך באַגעגנט אויפן גרויסן הויף פון אוניווערסיטעט אויף קראַקאָווסקע פּשעדמיעשטשע. מיר זענען געווען אין גרויסער זאָרג, ווייל נאָר די מיט די מעדאַלן זענען געווען זיכער, אַז מען וועט זיי אָננעמען. דעם 10־טן אויגוסט האָט מען געזאָלט אָנגעבן אויפן מודעות־טאָוול פון סעקרעטאַריאַט די

נעמען פון די סטודענטן וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן. אין דער לעצטער נאַכט האָבן פיל פון אונדז נישט צוגעמאַכט קיין אויג.

סוף־כל־סוף איז געקומען דער 10־טער אויגוסט. אין דער רשימה פון די סטודענטן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויפן נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקול־טעט, האָב איך נישט געפונען מיין נאָמען. מיין חבר, וואָס האָט געהאַט די זעלבע צייגנישן וואָס מיינע, איז אָנגענומען געוואָרן, און דאָס צוליב וואָס? זיין פאַמיליע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אות „ל" און מיינע — מיט אַ „ר", איז ער מיר פאַר־לאָפן דעם וועג אין אַלפאַבעטישן סדר און אין דעם זכות איז ער אַן שוועריקייטן אַריין אין אוניווערסיטעט.

אין אַ וואָך אַרום איז דערשינען אַ צוגאָב־רשימה, וווּ איך האָב שוין געפונען אויך מיין נאָמען. אַזויאַרום בין איך אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט.

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען ווי עפּעס אַ מין איבערקערעניש אין אונדזער שטוב. מיין שוועסטער מרים, וואָס האָט געענדיקט די גימנאַזיע מיט 2 יאָר פאַר מיר, האָט געוואָלט ווייטער שטודירן, זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין אויסזיכטן אָנגענומען צו ווערן אין וואַסער נישט איז הויכשול אין רוסלאַנד. אויך אין וואַרשע האָט מען נאָך דאַן נישט אָנגענומען קיין סטודענטינס אויפן אוני־ווערסיטעט, און אַלע מיידלעך, וואָס האָבן געוואָלט לערנען ווייטער, האָבן געהאַט אויסצוקלייבן אָדער ווערן אַ צאָן־דאָקטער, אָדער אַ געהילפס־פאַרמאַצעווטיק, אָדער אַן אַקושערקע. ביי די יידן פון די פּראָווינץ־שטעט האָבן זיך אַ ביסל צונויפ־געמישט די יוצרות, און זיי פלעגן זאָגן, ווייצלענדיק זיך: „זובנאַיאַ אַקושערקאַ" — „אַ צאָן־אַקושערקע", אַזויאַרום האָט אַ מיידל, וואָס האָט געוואָלט אָנקומען אויף הויכשול, געמוזט פאָרן קיין אויסלאַנד. און מיין שוועסטער האָט טאַקע באַ־שלאָסן צו פאָרן אין דער שווייץ. די עלטערן זענען געווען קעגן דעם, און פאַר־שטייט זיך, נישט געהאָלפן איר מיט געלט. מיט גרויס מי האָט זי פון געבן לעקציעס, אָנגעקליבן עפּעס אַ סכום, און אין איינעם אַ טאָג האָט זי זיך אויפגע־הויבן און אַוועקגעפאָרן קיין זשענעווע. דער טאָג איז געווען אין שטוב ווי אַ תשעה באב. ס'איז אַריבער אַ חודש, צוויי חדשים און דער פאָטער האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דער שוועסטער. איך און מיין עלטערע שוועסטער, און צום סוף אויך די מאַמע, האָבן איינגערעדט ביז ער האָט סוף־כל־סוף אָנגעהויבן צו שיקן מיין מאָטן נישט געלאָזן צורו, ביז ער האָט סוף־כל־סוף אָנגעהויבן צו שיקן מיין שוועסטער אַ סכום געלט יעדן חודש. צוויי יאָר האָט מיין שוועסטער געלערנט נאַטורוויסנשאַפט און אין יאָר 1905 האָט זי זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. זי איז געווען אַקטיוו אין דער פאַרטיי, און אין סוף 1908־טן יאָר, ווען די פּאָליציי האָט אויף איר געוואָרפן אַן אויג און געוואָלט זי אַרעסטירן — האָט זי פאַרלאָזט וואַרשע און אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין דער צייט פון איר זיין אין דער שווייץ איז צווישן אונדז פאָרגעקומען אַ כסדרדיקער בריוו־אויסטויש. ביים באַאַרבעטן די זכרונות, האָב איך צווישן מיינע פּאַפּירן געפונען אַ קאַרטל מיט בילדער, וואָס איך האָב צו איר געשיקט אין 1903 יאָר, און אויף דעם קאַרטל איז געווען אַ מאָנטאַזש פון די צייטונגען, וואָס זענען דערשינען אין יענער צייט אין יידיש און העברעיש. דאָס זענען געווען: „הדור", „השחר", „כרם חמד", „דער יוד", „המליץ", „הצפירה", „יודישעס פאָלקס־בלאַט", „הדגל", „קול לעם", „השולמית", „ביכורי העתים", „המביט", „די וועלט", „יודישע פאָלקס־צייטונג", „המגיד", „עברי אנוכי", „שערי ציון", „עולם קטן", „היום", „הנשר", „הבוקר אור", „הלבנון", „השילוח", „יודישע פרויענוועלט", „השקפה", „השבוע", „הכרמל", „הקול".

אין די יאָרן האָט זיך פאַרענדיקט אַ מין רעליגיעזע איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיר. שוין פון לאַנג פלעג איך טראַכטן, אַז גאָט מישט זיך נישט אַריין אין די קליינע טאָג־טעגלעכע ענינים, אין יעדן פּרט און פּרט, און איך האָב אָנגעהויבן ספקן אין דער אינדיווידועלער השגחה, כאָטש איך האָב נאָך געגלייבט אין דער אַלגעמיינער השגחה, און אַז ס'זענען געקומען די עקזאַמענס, האָב איך געבעטן גאָטס הילף, און אין טאָג פון די עקזאַמענס האָב איך געזאָגט תהילים. פונדעסטוועגן האָב איך געטראַכט: וואָס גייט עס גאָט אָן, צי איך בין מחלל שבת, צי נישט. ער וויל מ'זאָל אים שעצן און מער גאָרנישט, אָבער שבת און „כשרות" אינטערעסירן אים נישט. אין גימנאַזיע פלעגט מען פאַרקויפן סענדוויטשן מיט חזיר־פלייש, און אין איינעם אַ טאָג האָב איך באַשלאָסן צו קויפן אַזאַ סענדוויטש. מיין ווידערגעפיל איז געווען גרויס, ווען איך האָב דאָס געגעסן דאָס ערשטע מאָל, כ'האָב זיך אָבער שנעל צוגעוויינט. אין 7־טן קלאַס האָב איך שוין אָנגעהויבן ספקן אפילו אין דער אַלגעמיינער השגחה, און אין 8־טן קלאַס האָב איך שוין נישט געגלייבט אין גאָט, כאָטש איך בין נאָך געווען זיכער, אַז עס עקזיסטירט אַן אייבערשטער כוח, און ער איז דאָס דער, וואָס האָט באַשאַפן און פירט אָן מיט דער וועלט. אָבער אויך די אמונה איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען אין זומער 1902, נאָכן לייענען די ביכער פון פּיסאַרעוון.

# אין אוניווערסיטעט

**(1905—1902)**

בעת איך בין אָנגענומען געוואָרן אין אוניווערסיטעט האָב איך קודם־כל באַשטעלט פּאַרמע־מלבושים, וואָס קאָנען פאַרשאַפן זייער טרעגער אַ חשובע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, באַזונדערס אין דער געזעלשאַפט פון מיידלעך.

ווען איך בין געקומען דאָס ערשטע מאָל מיטן טאַטן אין שול אָנגעטאָן אין מיינע פּאַרמע־קליידער, האָבן מיך אַרומגערינגלט אַלע מתפּללים און געטאַפּט דאָס געוואַנט פון רעקל. יעדער איינער האָט מיך געפרעגט וואָס איך לערן, און ווען זיי האָבן דערהערט, אַז איך האָב אויסגעקליבן נאַטורוויסנשאַפט, האָבן זיי מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערטע אויגן. זיי האָבן נאָכאַמאָל געפרעגט דעם פאָטער, צי האָב איך בדעה צו זיין אַ דאָקטער אָדער אַן אַדוואָקאַט, און אַז דער פאָטער האָט זיי געענטפערט, אַז נישט דאָס און נישט יענץ, האָבן זיי זיך נאָך מער פאַרוווּנדערט אויף מיר און אויפן טאַטן. מיין טאַטע איז אָבער געווען שטאָלץ מיט דעם וואָס זיין זון לערנט תורה לשמה, און נישט דווקא צוליב פּרנסה־תכלית.

איך האָב אָנגעהויבן צו קומען אויף די פאָרטראָגן פון די פּראָפעסאָרן און עפּעס נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו הערן זיי. על־כל־פּנים האָט מיין אויפמערקזאַמקייט נישט געדויערט לענגער פון אַ שעה, דערנאָך האָב איך זיך שוין מער נישט צוגעהערט צו די פּראָפעסאָרן, נאָר פלעג זיצן און חלומען אויף דער וואָר. ביסלעכווייז האָב איך אויפגעהערט באַזוכן די לעקציעס.

איך האָב זיך באַפריינדעט מיט אַ חבר, לעאָן ראָזענטאַל, פון סוואַלק (זיין ברודער, דער פּסיכיאַטאָר ד״ר ראָזענטאַל, איז אין רמלה דערהרגעט געוואָרן דורך די אַראַבער בעת די בלוטיקע געשעענישן פון יאָר 1936). לעאָן איז געווען אַ פעיקער בחור, אַ פּיקח, און ער האָט געהאַט אַ נישט־געוויינלעכן זכרון צו פאַמיליע־נעמען, צאָלן און שווערע ווערטער. מיר האָבן געוווינט צוזאַמען אין איין צימער און באַשלאָסן זיך אָפּגעבן אין אונדזער ערשטן לערניאָר מיט זעלבסטבילדונג. לעאָן, וואָס איז שוין געווען אויפן זעלבן קורס דאָס צווייטע יאָר, האָט מיר דערקלערט, אַז אין תוך קאָן מען זיך צוגרייטן צו די עקזאַמענס פון יעדן געביט נישט הערנדיק אפילו קיין איין לעקציע, מיטן אויסנאַם פון דעם פּראָפעסאָר פון פיזיק, וואָס איז אַ מטורף, אַ מאָרפיניסט און אַן אַכזר. האָבן מיר דערפאַר באַ־

שטימט צוויי שעה א טאָג אויף פיזיק און צוויי שעה אויף זעלבסטבילדונג. מיר האָבן באַשלאָסן צו שטודירן פּאָליטישע עקאָנאָמיע לויט איסאַיעוון און די געשיכטע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע לויט אינגרעמען. אויך דאָס צווייטע יאָר האָבן מיר ממשיך געווען די זעלבסטבילדונג. מיר האָבן גענומען ספּענסערס סאָציאָלאָגיע, צוויי דיקע בענדער, און זיי געלערנט פון אָנהייב ביזן סוף. ספּענסער האַלט, אַז די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז פּאַקטיש גלייך צו אַ מענטשלעכן אָרגאַניזם, און ער דערגייט אין דער טעאָריע ממש צו אַבסורדן. די באַן־ליניעס זענען לויט דער טעאָריע, ווי די אָדערן אינעם מענטשלעכן גוף, און די געלט־מטבעות — די רויטע קייקעלעך אין אונדזער בלוט און אַזוי ווייטער. אָט די טעאָריע האָט ביי אונדז אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג. מיר האָבן געלייענט אויך ביכער פון אַנדערע סאָציאָלאָגן, וואָס האָבן געהאַלטן פון ספּענסערס טעאָריע ווי מישלע. נאָך פיל געשפּרעכן וועגן דער טעאָריע, זענען מיר געקומען צו דער מסקנה, אַז ספּענסערס לערע איז אַ פאַלשע און זי איז אויסן צו דינען די אינטערעסן פון דעם הערשנדיקן קלאַס פון דער געזעלשאַפט. ס׳איז באַוווּסט דער פאַלגנדיקער עפּיזאָד פון דער רוימישער געשיכטע: ווען די פּלעבייער האָבן זיך צעבונטעוועט און פאַרלאָזן רוים, איז צו זיי געקומען אַ שליח פון די פּאַטריציער און געפּרוּווט זיי איבערצייגן זיי זאָלן זיך אומקערן אין שטאָט אַריין. ער האָט אויך געטענהט, אַז די מלוכה איז געגליכן צו אַ מענטש, וואָס האָט הענט, פיס און די איבעריקע גלידער. און צי איז דען מעגלעך, אַז די פיס אָדער די הענט פון מענטשן זאָלן זיך צעבונטעווען קעגן זיין קאָפּ? אַזוי איז אויך די לערע פון ספּענסערן און מישלע נישט מער ווי אַ סאָציאָלאָגישע לערע פון דער בורזשואַזיע, וואָס איז פאַראינטערעסירט איינצופלאַנצן אין די מאַסן דעם געדאַנק, אַז דאָס פאָלק האָט נישט קיין שום באַדייטונג אָן די הערשער.

ווי געזאָגט, איז לעאָן ראָזענטאַל געווען פון סוואַלק. אין אוניווערסיטעט איז געווען אַ גרופּע סטודענטן פון דער־אָ שטאָט און אויך פון אַנדערע שטעט אין ליטע, ווי קאָוונע. אַדאַנק ראָזענטאַלן האָב איך זיך דערנענטערט צו דער גרופּע ליטוואַקעס, וואָס אויף זיי איז געלעגן אַ שטעמפּל פון פּראָווינציאָנעלקייט. פאַרשידענע געשיכטעס האָבן אַרומגעקרייזט וועגן זיי אין אונדזערע קרייזן. איינער פון זיי, למשל, אַ הויכער און דאַרער בחור האָט שטענדיק געטענהט, אַז ער איז נישט צופרידן פונעם מיטאָג אין דער סטודענטישער קיך, אַז מען האָט אים געפרעגט פאַרוואָס? האָט ער געענטפערט, אַז די פּאָרציעס זענען צו גרויסע. „איז וואָס? וואָס איז דער אומגליק, עסט מען און מען לאָזט איבער". אָבער איבערלאָזן — דאָס נישט! ער האָט מורא, טאָמער וועט ער זיין הונגעריק. און אָט איז דער בחור אין די קאַניקולן געפאָרן אַהיים און פאַרגעסן זיין מאַנטל אויף דער באַן־סטאַציע אין וואַרשע. איז ער געוואָרן צערודערט און טעלעגראַפירט קיין

וואַרשע צום פּאַרוואַלטער פון דער סטאַציע וועגן זיין סטודענטישן מאַנטל. ער האָט אים געגעבן אַ דייטלעכן סימן, אַז אין קעשענע געפינען זיך צוויי אייער... און נאָך אַ מעשה, וואָס איז געשען מיט צוויי פון דער גרופּע, וועלכע האָבן געוווינט צוזאַמען. ס'איז אויסגעבראָכן צווישן זיי אַ סכסוך, און איינער האָט אָנגעגאָסן אין צווייטנס בעט וואַסער, האָט דער צווייטער באַשלאָסן זיך נוקם צו זיין. אין אַן אָוונט איז ער געזעסן און געלייענט אַ בוך ביי אַ לאָמפּ. ווען ער האָט געהערט די טריט פון זיין חבר אויף די טרעפּ, האָט ער אויף גיך אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ און זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל. אַז דער חבר איז אַריין אין פינצטערן צימער און האָט געוואָלט אָנצינדן די לאָמפּ, האָט ער אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט פאַרן גלעזל פון דער לאָמפּ און זיך אָפּגעבריט. און נאָך האָט מען דערציילט וועגן צוויי פון דער גרופּע ליטוואַקעס, אַז זיי האָבן ביידע געהאַט איין פּאָר הויזן, און זיי פלעגן דעריבער גיין אין אוניווערסיטעט אַ טאָג איבער אַ טאָג. ווען איינער איז געגאַנגען אין אוניווערסיטעט איז דער צווייטער געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין צימער אין די גאַטקעס.

איך האָב זיך באַפריינדעט מיט נאָך אַ סטודענט פון יורי, וועלכער האָט געוווינט מיט מיר צוזאַמען. ער האָט געהייסן אהרן פּאַטקין. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי ס.ס. און פון צייט־צו־צייט פלעגט מען אים איינלאַדן צו האַלטן אין געוויסע ערטער רעפעראַטן. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַן אַדוואָקאַט אין מאָסקווע. נאָך דער רעוואָלוציע איז ער מגולגל געוואָרן קיין מעלבורן אין אויסטראַליע, געוואָרן אַ גרויסער סוחר און זיך אויך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און מיט יידישער קולטור. איך האָב אים באַגעגנט אין יאָר 1949 אין תל־אביב. ער איז געקומען אין לאַנד אַלס טוריסט, ער האָט געפּאָרשט די מעגלעכקייטן פון באַזעצן זיך, און האָט אויך געוואָלט מאַכן געשעפטן אין לאַנד. ער האָט אָבער מורא געהאַט טאָמער וועט דערוויל די פּאַריינִיקטע אַרבעטער־פּאַרטיי מאַכן אַ רעוואָלוציע און קאָנפיסקירן זיין פאַרמעגן. איך האָב אים באַרויקט און אפילו גרייט געווען ערוב צו זיין פאַרן אָפּלייגן די רעוואָלוציע אויף אַ פופצן יאָר. דאָס האָט אים באַפרידיקט, ווייל ער איז שוין אַלט געווען 65 יאָר. אין עטלעכע חדשים אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז געשטאָרבן מיט אַן אומגעריכטן טויט.

אין דער דאָזיקער צייט האָב איך זיך נישט איינמאָל געקריגט מיט פּאַטקינען אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל. איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, וועגן אַ סתם־טעריטאָריע, וואָס האָט אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי אַ פולשטענדיקע אַבסטראַקציע. לעאָן האָט אויך געהאַלטן מיט מיר אין דעם וויכוח. ער איז אויך צוערשט געווען אַ פאַרברענטער ציוניסט. אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך אָבער דערוווּסט, אַז ער איז געוואָרן אויס ציוניסט און אַרי־

בער צום „בונד". אין ערשטן אוניווערסיטעט־יאָר האָבן מיר זיךביידע דער־נענטערט צום סטודענטישן ציוניסטישן קרייז, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע „קדימה", און אין יאָר 1903 זענען מיר אַריינגעטראָטן אַלס מיט־גלידער אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. „קדימה" האָט געהערט צו דער דעמאָ־קראַטישער פראַקציע, בראש פון וועלכער ס'זענען געשטאַנען חיים ווייצמאַן און אַבערסאָן — אין דער שווייץ. מיר זענען אויך אַריינגעטראָטן אין דער יידישער סטודענטישער אָרגאַניזאַציע „לאַנטשנאָשטש" („איינינקייט"), וואָס האָט נישט געטראָגן קיין פּאָליטישן כאַראַקטער, און צווישן אירע מיטגלידער זענען געווען ציוניסטן, בונדיסטן און אומפּאַרטייאישע. אין אוניווערסיטעט זענען געווען צוויי נישט־יידישע סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס: „בראַטניאַ פּאָמאָץ" („ברידערלעכע הילף"), וואָס איז אינגאַנצן געווען אין גייסט פון דער „נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַטיאַ" (שאָוויניסטן און אַנטיסעמיטן, לויט אונדזערע היינטיקע באַגריפן — פאַשיסטן) און „ספּוּיניאַ" פון מער פּראָגרעסיווע סטודענטן, ווי פּ.פּ.ס. (סאָציאַליסטן). צוליב נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע מאָטיוון זענען אַלע דריי אָרגאַניזאַציעס געווען אין אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג.

מיר זענען געווען דער יונגסטער שיכט אין „קדימה". דאָרט האָבן מיר באַגעגנט יצחק גרינבוים, די ברידער אָלשוואַנגער, נח פּרילוצקי, וועלכער איז דאַן געווען אַ פאַרברענטער ציוניסט, און דערנאָך איז ער אַוועק צו די פאָלקיסטן און געוואָרן זייער וואָרטזאָגער, אַפּאָלינאַרי האַרטגלאַס וואָס איז דערנאָך אַ סך יאָרן געווען דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים, געשטאָרבן אין תל־אביב אין 1954 יאָר, מ. וויניק, איצט — אַ לערער פון דער גימנאַזיע „הרצליה" און אין מקוה ישראל, ראָזענפעלד, וואָס האָט דערנאָך אַ סך יאָרן געאַרבעט אין פּיק"אַ, און נאָך אַנד. צוערשט האָבן מיר זיך בלויז צוגעהערט צו אַנדערע, ווייל מיר האָבן נישט גע־קאָנט און נישט געוווּסט אַרויסצוטרעטן עפנטלעך. בלויז פּרילוצקי, וואָס איז שוין געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו באַטיי־ליקן אין וויכוחים.

ס'איז אויך געווען אַ קרייז פון ציוניסטישע סטודענטקעס — „דבורה". צווישן זיינע מיטגלידערינס איז געווען סאַבינע גאָלדמאַכער, וואָס איז דערנאָך געוואָרן מיין פרוי. אין וואַרשע איז נאָך געווען אַ יוגנט־קרייז „התחיה", צו וועלכן עס האָט געהערט יוסף שפּרינצאַק. אַלע דריי אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך פאַרעכנט צו דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע" און האָבן געזאָלט אויסקלייבן אַ דעלעגאַט צום 6־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. יעדע הונדערט מיטגלידער האָבן געהאַט רעכט צו וויילן איין דעלעגאַט און אלע אָרגאַניזאַציעס האָבן צוזאַמען גע־ציילט די נייטיקע צאָל. אלס דעלעגאַט צום קאָנגרעס איז דאַן אויסגעוויילט גע־וואָרן דער אינזשעניער יאַן קירשראָט, וועלכער איז זייער פרי געשטאָרבן.

אין יענע טעג האָב איך דורכגעמאַכט אַ מין אינערלעכע רעוואָלוציע. איך האָב געשטרעבט צוצוגעבן מיין אויסערלעכן אויסזען אַ מער ערנסטקייט. כ'האָב זיך פאַרלאָזן אַ געלע באָרד, אויפגעהערט צו טאַנצן, ווייל איך האָב געטראַכט, אַז דאָס פּאַסט נישט פאַר אַן ערנסטן מענטש. אויף אָוונטן פלעג איך ס'רוב זיין נאָר אַן אָבסערוואַטאָר און איך האָב זיך באַצויגן מיט אַ געוויסן ביטול צו מענ־טשן וואָס הוליען און זענען פריילעך. זיכער איז אין דעם געווען נישט ווייניק פּאָזע. פונדעסטוועגן האָב איך זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער צוגרייטונג פון יערלעכן סטודענטישן אָוונט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לטובת אונדזער אָר־גאַניזאַציע. אַזעלכע אָוונטן פלעגן על־פּי־רוב איינגעאָרדנט ווערן אין גרויסן זאַל פון „דאָלינאַ שוויצאַרסקאַ" אויף די אויאַזדאָווער אַלייען. אויף אַ פּורים־אָוונט אין זעלבן זאַל האָב איך ס'ערשטע מאָל באַגעגנט שלום אַשן. ער איז געווען אין אונדזער עלטער און האָט אויף דעם אָוונט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ מענטש פון דער אונטערוועלט. שוין דאַן האָט מען אָנגעוויזן אויף אים, ווי אויף אַ פילצוזאָגנדיקן שרייבער. אויף די אָוונטן פלעגן זיך די סטודענטן צונויפקלייבן אַרום אַ לאַנגן טיש און זינגען, ווי דער שטייגער, דאָס ליד „גאַודעאַמוס איגיטור". האָבן אַ סך געטרונקען און אָנגעשיכורט זיך. איך האָב נישט געקאָנט טרינקען ווי ס'באַדאַרף צו זיין, אָבער די חברים האָבן מיך אויסגעלערנט די דאָזיקע מלאכה. איך האָב זיך אַלזאָ אומגעקערט פון דעם אָוונט פאַרטאָג — שיכור לוט. צומאָרגנס האָט מיר דער פאָטער געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט נאָך דעם גייסט פון סטודענטן, וואָס פאַר־זאַמלען זיך און פאַרנעמען זיך מיט רעוואָלוציע, אָבער סתם אָנצוזויפן זיך ווי די גוים — דאָס לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל.

מיין פאָטער האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט מיינע לימודים פון אוני־ווערסיטעט. ביים עסן פלעגן מיר כמעט תמיד שמועסן וועגן נאַטורוויסנשאַפט. צו יענער צייט האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט ביאָלאָגיע און געלייענט עטלעכע ביכער אויף דער טעמע, אויסער די פון פּראָגראַם פון אוניווערסיטעט. ווי דאָס בוך פון לוקאַשעוויטש. אין אַ ריי שמועסן מיטן טאַטן פלעג איך אים צוממיינסטן איבערגעבן מיינע קענטענישן. ער פלעגט הערן מיט גרויס אינטע־רעס, אָבער מיט ברען פאַרטיידיקן דעם רעליגיעזן גלויבן, אַז אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָט. דאַרווינס עוואָלוציע־טעאָריע האָט ער געהאַלטן פאַר פול־שטענדיקע אַפּיקורסות. אָפטמאָל פלעגן אונדזערע שמועסן אַרויס פון תחום פון פריינדשאַפט און פאַרוואַנדלען זיך אין קריגערייען. די מאַמע פלעגט קומען אונדז איינשטילן. דער שווערסטער פּונקט אין די וויכוחים מיטן טאַטן איז געווען די־פראַגע: אויב דאַרווין איז טאַקע גערעכט, און די לעבעדיקע וועלט און די גע־וויקסן האָבן זיך אַנטוויקלט פון אַן אַמעבע — דאָס ערשטע קעמערל — ווער־זשע האָט באַשאַפן אַט דאָס קעמערל? אויף דער קשיא האָב איך נישט געהאַט

קיין תשובה. איך האָב שוין געוווּסט וועגן וויסנשאַפטלעכן וויכוח צווישן פּאַסטערן און פּושע, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די זעכציקער יאָרן פון 19־טן י. ה. אין וועלכן פּושע האָט געזאָלט האָבן געפּרוּווט באַווייזן, אַז דער ערשטער אָרגאַנישער קערפּער איז באַשאַפן געוואָרן פון נישט אָרגאַנישע עלעמענטן און פּאַסטער האָט אָפּגעוואָרפן די מיינונג. די סטודענטן זענען געווען גענייגט צו פּאַסטערן, און די רעטעניש וועגן ערשטן אָרגאַנישן קעמערל איז נישט געלייזט געוואָרן. ווען איך האָב געלייענט פּיסאַרעוון, האָב איך צו מיין פאַרווּנדערונג געפונען ביי אים, אַז ער פאַרטיידיקט דווקא פּושע, בעת אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור איז פּושע געווען פאַררעכנט פאַר אַן אַוואַנטוריסט און פּאַסטער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַן אויסגעצייכנטן וויסנשאַפטלער. ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך תופס געווען פּיסאַרעווס אָנשוויוּנגען און איך האָב אויך באַנומען זיין צאָרן אויפן וויסנשאַפטלעכן „שאַרלאַטאַניזם״, וואָס פירט אַ קאַמף מיט דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע.

פאַר פּסח האָט מען ביי אונדז געשמועסט, אַז די פּאָליאַקן אין וואַרשע גרייטן זיך צו פּאָגראָמען אויף יידן. איך געדענק, אַז מיר, די סטודענטן, האָבן זיך געגרייט צו זעלבשוץ. אונדזער סטודענטישע אָרגאַניזאַציע האָט אונדז איינגעטיילט אין גרופּעס און געשיקט אין די געפערלעכע ערטער. אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן צו שטיין אַנטקעגן קלויסטער אויף באָניפראַטען־גאַס. איך בין דאָרט געשטאַנען עטלעכע שעה מיט אַ גראָבן שטעקן אין האַנט. עטלעכע פּאָליאַקן זענען פאַרבייגעגאַנגען און געקוקט אויף מיר מיט חשד. מיט דעם האָט זיך אויסגעלאָזט דער גאַנצער ענין.

די עקזאַמענס אויפן ערשטן קורס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פון אַלע קעגנשטאַנדן אויף איין מאָל, אין חודש מאַי. איך האָב אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס און אַריבער אויפן צווייטן קורס. איצט האָב איך געבעטן מיין פאָטער, ער זאָל מיר געבן די מעגלעכקייט צו פאָרן אויפן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. מיין שוואָגער אהרן זילבערמאַן, דער מאַן פון מיין עלטערער שוועסטער, אַ פאַרברענטער ציוניסט, האָט זיך געגרייט צו פאָרן אויפן קאָנגרעס. מיט אים צוזאַמען האָט אויך געזאָלט פאָרן אַ באַקאַנטער און ידיד פון אונדזער משפחה, פּרוזשאַנסקי. דער פאָטער איז אַנטקעגנגעקומען מיין בקשה און איך האָב זיך געמאַכט אַן אויסלענדישן פּאַס כדת וכדין. אָבער מיין שוואָגער און פּרוזשאַנסקי האָבן זיך נישט געמאַכט קיין פּאַספּאָרטן, כדי איינצושפּאָרן הוצאות. זיי האָבן זיך באַזאָרגט מיט צייגענישן („פּול־פּאַסעק״), ווי זיי וואָלטן געווען איינוווינער פון דער גרענעץ, וואָס האָבן רעכט צו יעדער צייט אַריבערצוגיין די גרענעץ. צוליב דעם זענען זיי געפאָרן מיט אַ שיף אויף דער ווייסל, און איך — לויטן פאַרלאַנג פון טאַטן — האָב געמוזט פאָרן מיט זיי. אויף דעם וועג איז אויך געפאָרן איינער פון די באַ־

רימטע ציוניסטישע רעדנער, חיים יהודה חזן, דער פֿאָטער פֿון יעקב חזן פֿון משמר העמק.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געשווומען מיט אַ שיף איבערן טייך. מיר זענען אַריבער די גרענעץ און אַראָפּ אין אַ קליין דייטשיש שטעטל — קולמזעע. זענען מיר אַוועק אָנקוקן דאָס שטעטל. פֿאַרבייגייענדיק זענען מיר אַריין אין אַ גרויסן זאַל, אין וועלכן ס'איז פֿאָרגעקומען אַ נאַציאָנאַלע פֿייערונג. דאָס איז געווען זונטיק און די מענטשן האָבן געטאַנצט און געזונגען. איך בין נתפּעל געוואָרן פֿון דער פֿרייער אַטמאָספֿער, וואָס האָט דאָרט געהערשט סיי אין זאַל, סיי אויף די גאַסן. ס'איז גלייך קענטיק געוואָרן דער אונטערשיד צווישן דער אַטמאָספֿער ביי אונדז, אין צאַרישן רוסלאַנד, און אין דעם ווילהעלמישן דייטשלאַנד.

אין באַזעל האָב איך מיט צופֿרידנקייט אַרומגעשוועבט אין די קאָרידאָרן פֿונעם קאָנגרעס־זאַל. מיר האָבן אַלע געוווינט אין אַ פּריוואַטער דירה, אין מעבלירטע צימערן און מיר פֿלעגן זיצן שפּעט אין אָוונט, ווייל נאָך די זיצונגען פֿלעגן מיין שוואָגער, חזן און פּרושאַנסקי דיסקוטירן צווישן זיך אַ לענגערע צייט. דאָס איז געווען דער לעצטער קאָנגרעס מיט דער באַטייליקונג פֿון הערצלען, און דער עיקר אויפֿן קאָנגרעס איז געווען דאָס פּראָבלעם אוגאַנדאַ.

אין יענער צייט האָב איך געזען הערצלען. אַ הויכער מענטש, מיט אַ קאָפּ העכער פֿון זאַנגווילן — אויך אַ הויכער. ער האָט געהאַט אַ ברייטע שוואַרצע באָרד און פֿאַרחלומטע אויגן. ער האָט צוגעצויגן דאָס האַרץ פֿון אַלע, וואָס האָבן אים געזען.

דער קאָנגרעס־זאַל איז געווען אַ ברייטער און זייער אַ לאַנגער. איך פֿלעג זיצן ביים סוף און צוהערן זיך. די דייטשישע שפּראַך האָב איך נישט אינגאַנצן פֿאַרשטאַנען. מען האָט אָבער אַ סך גערעדט אויף יידיש און רוסיש, קיינער האָט אָבער נישט גערעדט קיין העברעיש. אָט שטייט אויף דער בינע דייוויס טריטש און רעדט וועגן ציפּערן. הערצל שטייט אויף דער בינע ביים רעדנער־פּולפּיט, און פֿון צייט־צו־צייט רייסט ער טריטשן איבער אינמיטן די רייד. פֿונוויטן זעט מען עפּעס אַ פּרוי ווינט און הערצל וויזט אָן אויף איר מיטן פֿינגער און זאָגט עפּעס צו טריטשן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּרוי איז פֿון די קאָלאָניסטן אין ציפּערן, און זי איז ספּעציעל געבראַכט געוואָרן אויפֿן וויכוח וועגן ציפּערן, ווי אַ באַווייז, אַז די קאָלאָניזאַציע אין ציפּערן האָט זיך נישט איינגעגעבן.

און אָט איז אַ יונגער בחור אין ברילן. ער שטייט ביים פּולפּיט און רעדט אויף רוסיש. ער קריטיקירט שאַרף די אָנפֿירונג, און דער עולם איז נישט צופֿרידן פֿון זיינע רייד און שרייט צו אים: „גענוג"! איז דער בחור געוואָרן אין כעס, אַ טופּע געטאָן מיטן פֿוס און אויסגעשריגן: „מאַלטשאַט!" (שווייגן). צום סוף האָט מען אים געצוווּנגען אַראָפּצוגיין פֿון דער בינע. דאָס איז געווען אַ יונגער

צייטונגס־קאָרעספּאָנדענט פון אָדעס, מיטן נאָמען זשאַבאָטינסקי, מיטן ליטעראַרישן פּסעוודאָנים — אַלטאַלענאַ.

בשעת איינעם פון די וויכוחים האָט מען פון דער גאַלעריע אַראָפּגעלאָזט אַ גרויסע מאַפּע פון אַפריקע און אויפגעהאָנגען אויף דער בינע. אינמיטן פון דער מאַפּע איז געווען אַן אָרט באַצייכנט מיט אַ רויטן קאָליר — אוגאַנדאַ. פון אַלע רעדנער אויף דעם וויכוח געדענק איך — מאַקס נאָרדוי, ווי ער שטייט ביים פּול־פּיט און רעדט וועגן „נאַכט־אַזיל". נאָרדוי — מיט אַ גרויסער ווייסער באָרד און אַ הדרת פּנים. עס זענען דאָרט געווען גרויסע געשרייען, נישט איינמאָל האָט מען געשטערט די רעדנער. אונדזער קאָמפּאַניע האָט זיך צעטיילט אויף צוויי נישט קיין גלייכע טיילן: פון איין זייט — מיין שוואָגער, חזן און פּרושאַנסקי, וואָס זענען געווען אוגאַנדיסטן, פון דער צווייטער זייט: איך, דער ניינצן־יאָריקער בחור. די וויכוחים האָבן זיך פאַרצויגן ביז איבער חצות. די דריי אוגאַנדיסטן האָבן נישט געקאָנט אויף מיר משפּיע זיין און אַרויסרייסן פון מיין האַרצן דאָס, וואָס עס האָט איינגעפלאַנצט אין מיר די שטוב פון מיין פריסטער קינדהייט אָן — מיין געפיל צו ארץ־ישראל. מיט דער הילף פון באַקאַנטע האָב איך זיך אַריינ־געגנבעט אויף אַן אַסיפה פון די „ניין־זאָגערס", וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ זייטיקן זאַל פון קאָנגרעס־בנין. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט נעבן פּולפּיט. איך דערמאָן זיך גוט, ווי הערצל איז געשטאַנען פאַרן פּולפּיט און גערעדט צו די „ניין־זאָגער" — און אַנטקעגן אים איז געשטאַנען ד"ר בוכמיל און האָט אים געשליי־דערט אין פּנים אַריין: „הער דאָקטאָר, זי זינד איין פערעטער!".

נאָכן קאָנגרעס זענען אין באַזעל איינגעאָרדנט געוואָרן פאָרטראָגן פון לאַנדקענטעניש, וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע. אַ גאַנצע וואָך בין איך געזעסן און האָב געלערנט, ווייל ביז דער צייט האָב איך דאָך געהאַט אַ מטושטשן באַגריף וועגן דעם לאַנד. אויף די פאָרטראָגן איז געווען אַ רייד וועגן דער קליטה־מעגלעכקייט, וועגן די אַראַבישע איינוווינער, וועגן דער לאַנדווירטשאַפט. פון אַלע פּרעלעגענטן געדענק איך נאָר איינעם, אַרטור רופּין, וואָס האָט שוין דעמאָלט געמאַכט אויף אונדז אַ שטאַרקן איינדרוק. מיט דער גרינטלעכקייט פון זיינע ידיעות.

צוריקגעפאָרן בין איך מיט אַ צעבראָכן געמיט. מיינע באַגלייטער זענען פריער אַוועקגעפאָרן, און איך בין נאָך פאַרבליבן אויף עטלעכע טעג, כדי צו באַ־קענען זיך מיט דער שווייץ. אויפן קאָנגרעס האָב איך באַגעגנט אַ חבר, מיינעם אַ בן־עיר, וואָס איז געווען אַ סטודענט אין דער שווייץ. צוזאַמען מיט עטלעכע זיינע חברים זענען מיר אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין די בערג. פון דאָרט בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, פירנדיק אין סאַקוואַיאַזש אומלעגאַלע ליטערטור, ווי:

„השחר" און „ההמון". ווען מיר זענען געקומען צו דער גרענעץ, איז מיך באַפאַלן א שרעק צוליב די זשאַנדאַרמען, אָבער אַלץ איז אדורך בשלום.

ווי באַוווּסט, האָט דער ענין אוגאַנדא געשפּאָלטן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויך אין וואַרשע. אין די דעמאָקראַטישע ציוניסטישע קרייזן האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ גרויסן פאַרנעם די דיסקוסיע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע דריי דעמאָקראַטישע קרייזן: „קדימה", „דבורה" און „התחיה" און אויך אַ פערטער יוגנט־קרייז — „מתתיהו", פון וועלכן ס'זענען מיט דער צייט אַרויסגעוואַקסן אייניקע פון די אַקטיוויסטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, און צווישן זיי יצחק טאַבענקין.

אין יענעם האַרבסט פון יאָר 1903 האָט זיך געפירט אַ שטורמישער וויכוח אין די קרייזן. מיר פלעגן זיך צונויפקומען אין אַ דירה אויף נאַוואָליפּקי 24. אין די וויכוחים האָבן גענומען אַן אָנטייל: יצחק גרינבוים, די ברידער אַלשוואַנגער, האַרטגלאַס, זיידמאַן און אַנדערע פון „קדימה", עטלעכע חברטעס פון „דבורה", די ברידער לעשטשינסקי, שלומקע זוסמאַן, אַ יונגער בחור, וואָס האָט געטראָגן אַ קאַפּאָטע, שפּרינצאַק פון „התחיה" מייזעל און נאָך. דער וויכוח האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט, און אין עצם נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן. די קרייזן זענען געבליבן טריי צו „ציוני־ציון" און בלויז עטלעכע חברים האָבן זיי פאַרלאָזט, און אין אַ צייט אַרום געווען צווישן די גרינדער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פאַרטיי (ס.ס.), כאָטש בעת זיי זענען נאָך געווען טעריטאָריאַליסטן האָבן זיי זיך ווייטער אָנגערופן „פועלי־ציון".

און אָט איז אונדז באַוווּסט געוואָרן, אַז ד"ר הערצל פאָרט קיין רוסלאַנד אויף אַן אוידיענץ מיטן אינערן־מיניסטער, דעם באַוווּסטן תליון פלעווע. מיר האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דעם, הגם צו אַן עפנטלעכן פּראָטעסט איז נישט דערגאַנגען. נאָך דער רעוואָלוציע אין יאָר 1917 איז אונדז געוואָרן באַוווּסט, אַז די „אָכראַנע" (רוסישע געהיים־פּאָליציי) האָט אין 1903 אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן ציוניזם, כדי צו געבן פלעווען אַ פולע אינפאָרמאַציע. אין די רעוואָלוציע־חדשים פעברואַר־מערץ איז איינע פון די ערשטע אויפטוען פון דעם צעבונטעוועטן המון געווען דאָס שטורעמען דעם „אָכראַנע"־בנין אויף אָפּיצערסקאַיאַ. מען האָט אַלץ אַרויסגעשליידערט פונעם הויז און אונטערגעצונדן. צווישן אַנדערע זאַכן איז אויך געווען דאָרט דאָס בוך וועגן ציוניזם אין עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן. עטלעכע עקזעמפּלאַרן זענען אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פונעם פייער און איינער איז אַריינגעפאַלן צו מיר אין די הענט אַריין. איך האָב שפּעטער אויסגענוצט דאָס בוך, ווען איך האָב געשריבן אַרטיקלען וועגן דער געשיכטע פון „פועלי־ציון".

זומער 1904 האָבן מיר אַלע אויפגענומען מיט באַגייסטערונג די ידיעה, אַז דער מיניסטער פלעווע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט ביים אונטערדריקן די

רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג בכלל און די בונטן פון די פויערים בפרט, וואָס האָט אָרגאַניזירט די פּאָגראָמען אויף יידן, און באַזונדערס דעם קישעניעווער פּאָגראָם אין 1903־טן יאָר — איז דערהרגעט געוואָרן דורכן סטודענט יעגאָר סאַזאָנאָוו. סאַזאָנאָוו איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף אייביקער קאַטאָרגע, און דער־נאָך, ווען ער איז געווען אין סיביר, איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אלס פּראָ־טעסט קעגן די קערפּערלעכע שטראָפן, וואָס זענען אָנגעווענדט געוואָרן כלפּי פּאָליטישע אַרעסטירטע.

דער קישעניעווער פּאָגראָם האָט אויף אונדז אַלעמען געמאַכט אַ דער־דריקנדיקן איינדרוק. באַזונדערס, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט די פּרטים פון די שוידערלעכע מעשים פון דער הריגה און דעם אכזריותדיקן איזדעקעווען זיך איבער זקנים, קינדער און שוואַנגערע פרויען. מיר האָבן געוווּסט, אַז די פּאָגראָמ־שטשיקעס זענען דערמוטיקט געוואָרן צו זייערע ווילדע מעשים פון דער צאַרי־שער רעגירונג, און אַז דער לעבעדיקער גייסט פון די בלוטיקע געשעענישן איז געווען דער אינערן־מיניסטער פּלעווע. פונדעסטוועגן האָט מען דאָס נישט געטאָרט זאָגן אָפן. ערשט אין צוויי יאָר אַרום, אין דער צייט פון „פרילינג" אין צאַרישן רוסלאַנד, אין יאָר 1905, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאָס בוך פון פירשט אורו־סאָוו, דער גובערנאַטאָר פון קישעניעוו בעת די געשעענישן, א. נ. „זאַפּיסקי גו־בערנאַטאָרא" (זכרונות פון אַ גובערנאַטאָר). אין דעם בוך דערציילט אורוסאָוו גענוי וועגן דער צוגרייטונג פון די געשעענישן דורך דער פּאָליציי, וועגן די אָנווייזונגען, וואָס ער האָט באַקומען פון פּעטערבורג, וועגן זיינע באַמיונגען אויס־צומיידן דעם פּאָגראָם, און ווי אַזוי זיינע באַמיונגען זענען געוואָרן צונישט צוליב דער תקיפות פון מיניסטער פּלעווע.

אַ סך נעכט האָב איך נישט געקאָנט שלאָפן. איין נאַכט בין איך אויפגעש־שטאַנען און אָנגעשריבן אַ קורצן אַרטיקל וועגן די געשעענישן. איך האָב אים געגעבן אַ טיטל מיט אַ צושריפט פון פּרוגס אַ ליד: „מענטשן — שטיינער, מענ־טשן — חיות". איך האָב דעם אַרטיקל אַוועקגעשיקט אין דער רוסישער ציוניס־טישער וואָכנשריפט „יעווריעיסקאיאַ זשיזן", און געוואַרט מיט אומגעדולד צו דער־זען מיין ערשטן אַרטיקל אין דרוק, ער האָט אָבער קיינמאָל נישט דערזען די ליכטיקע שיין.

אין אַ צייט אַרום איז געוואָרן באַוווּסט וועגן אַטענטאַט פון דאַשעוווסקין אויפן אַנטיסעמיטישן זשורנאַליסט קרושעוואַן, וועלכער האָט געהאַט אַ דירעקטע שייכות צום קישעניעווער פּאָגראָם. דאַשעוווסקי איז באַפאַלן קרושעוואַנען אין יוני 1903 אויף איינער פון די פּעטראָגראַדער גאַסן און אים פאַרוווּנדעט מיט אַ מעסער. אין דעם יאָר איז דאַשעוווסקי געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געריכט און איז

פאַרמשפּט געוואָרן אויף 5 יאָר תפיסה, אָבער אין יאָר 1906 איז ער באַגנעדיקט געוואָרן. ס'האָבן אים פאַרטיידיקט די אַדוואָקאַטן גרוזענבערג און מיראָנאָוו.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס צווייטע שול־יאָר. ס'האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די אַרבעטן אין דער לאַבאָראַטאָריע פון אַנאַליטישער כעמיע. די אַרבעט אין דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט. איך האָב דאָרט געאַרבעט, צוזאַמען מיט לעאָנען, פון אין דער פרי ביז 6 אַזייגער אָוונט. אין גאַנג פון דער אַרבעט האָב איך ערשט איינגעזען אויף וויפל עס פעלן מיר ידיעות פון נישט־אָרגאַנישער כעמיע. איך האָב דאָס געדאַרפט דערגענצן, האָב איך בייטאָג געאַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע און ביינאַכט — געלערנט.

אויפן צווייטן שול־יאָר האָט זיך ביי אונדז באַוויזן אַ נייער חבר, אַ באַ־בערדלטער, מיטן נאָמען זאַרכין, ער איז געווען אַן אלטער סטודענט, וואָס איז אַ צייט פריער געווען אַרעסטירט דורך דער פּאָליציי. 10 חדשים איז ער אָפּגעזעסן אין ציטאַדעל אין וואַרשע פאַר פּאָליטישער טעטיקייט. דערפאַר האָט ער אויס־געזען אין אונדזערע אויגן ווי אַ רעוואָלוציאָנער מיט סטאַזש. ער פלעגט רעדן ווי אַ דערפאַרענער קעמפער און זיין מיינונג פלעגט ער אַרויסזאָגן כמעט ביי יעדן ענין. צוערשט האָבן מיר אים זייער געשעצט, אָבער מיט דער צייט האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ פּוסטער מענטש, מיט אַן אויבערפלעכלעכער אינ־טעליגענץ, וואָס קאָן רעדן וועגן אַלץ, נישט וויסנדיק קיין זאַך ווי געהעריק. אויך זיין פּאָליטישע טעטיקייט איז געווען ספקדיק, און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז זיין אַרעסט איז געשען צוליב אַ טעות פון דער פּאָליציי. צוערשט איז ער אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן פּאַרזיצער פון דער „איניקייט", אָבער זיין אויטאָ־ריטעט איז אויסרעגעוויינלעך געפאַלן אין משך פון איין יאָר. צו דעם פאַל פּאַסט זיך דאָס רוסישע ווערטל: לויט דער הלבשה באַגעגנט מען, און מען באַגלייט אַרויס לויטן פאַרשטאַנד.

מיר האָבן געלערנט היסטאָלאָגיע — די וויסנשאַפט וועגן קעמערל. צוליבן פעלן פון אַ רוסישן לערנבוך, האָבן מיר געלערנט פון אַ פּוילישן, אָנגעשריבן פונעם יידישן פּראָפעסאָר נוסבוים פון קראָקע. מיר איז איינגעפאַלן איבערצוזעצן דאָס בוך אויף רוסיש, און דאָס בוך האָט געהאַט ביי טויזנט זייטן. איך האָב זיך צונויפגערעדט מיט אַ רוסישן סטודענט און מיר האָבן זיך פאַרטיילט מיט דער אַרבעט צווישן זיך. מיר האָבן איבערגעזעצט כמעט דאָס גאַנצע בוך. עס האָט אָבער קיינמאָל נישט דערזען די ליכטיקע שיין.

אין דער צייט האָט דער פאָטער פאַרפירט מיט מיר אַן ערנסטן שמועס. דער פאָטער האָט באַשלאָסן, אַז אַ בחור וואָס איז שוין געוואָרן 19 יאָר דאַרף חתונה האָבן. איך האָב אים אויף דעם געענטפערט מיט אַ שמייכל. ער האָט מיך

צוגערעדט אָנצוקוקן אַ כלה. די כלה איז געווען אַ שיין מיידל, אפילו מיט אַ נדן פון 25 טויזנט רובל. איך האָב מסכים געווען צו גיין אויף אַ „זעעכץ״, אָבער בשעת מעשה נישט אויפגעהערט צו שמייכלען. מיין פאָטער האָט זיך אויף מיר צעבייזערט — ווי קאָן מען דאָס מאַכן „לייטיש געלעכטער״ פון אַן ערנסטער זאַך! אַזוי־צי־אַזוי, פון שידוך איז גאָרנישט געוואָרן. און אַזוי אויך מיט אַ צווייטן שידוך — אויך אַ שיין מיידל, מיט אַ גרויסן נדן. הקיצור, איך בין געווען צופרידן מיט זיך אַליין, וואָס איך בין אויף זיך אַ באַלעבאָס און איך וועל זיך אויסקלייבן אַ פרוי לויט מיין געשמאַק נאָך...

צו יענער צייט פלעגן קומען קיין וואַרשע פון די נאָענטסטע שטעטלעך בחורים, באַנקקוועטשערס אין די ישיבות און בתי מדרשים, — אָדער צוליב דעם וואָס זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן די גמרא און געקומען אין דער גרויסער שטאָט צו זוכן השכלה, אָדער זיי זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די ישיבות, ווייל מען האָט זיי געכאַפּט ביי אַפּיקורסות. דאָס זענען געווען ייִנגלעך פון 13—17 יאָר, און צווישן זיי אויך חתונה געהאַטע און פאָטערס פון קינדער, וואָס האָבן איבער־געלאָזט זייער משפחה ביים מחותן אויף קעסט. זיי זענען אַלע אָן אויסנאַם געווען דלפנים, אָן אַ פרוטה אין קעשענע, און אויף צו באַצאָלן אַ לערער האָבן זיי אוודאי און אוודאי נישט געהאַט פון וואָס. איז טאַקע דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן, לויט דער איניציאַטיוו פון לעדערער (דערנאָך געוואָרן פּאַרוואַלטער פון דער שול פאַר בלינדע אין ירושלים, געשטאָרבן אין יאָר 1925) אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אויסצוגעפינען לערערס, בחינם אָדער פאַר געצאָלט, פאַר אָט די בחורים. מיר פלעגן צונויפזאַמלען באַשטייערונגען און דינגען אַ לערער פאַר יעדע צוויי בחורים. היות זיי האָבן געמוזט זיין צוגעפּאַסט איי־נער צום צווייטן — איז די סעלעקציע דורכגעפירט געוואָרן דורך עקזאַמענס. די ראָל פון אַן עקזאַמינאַטאָר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף מיר. פון די זיך באַשטייערנ־דיקע געדענק איך — זעליק ווייצמאַן, וועלכער האָט חודש נאָך חודש געצאָלט 1 רובל מיט 75 קאָפּיקעס.

איך האָב בדרך כלל נישט גענומען קיין געצאָלט פאַר לעקציעס. איך האָב דערקלערט דעם פאָטער, אַז אויב איך וועל נעמען שכר־לימוד — וועל איך קאָנ־קורירן מיט די סטודענטן, וואָס לעבן פון געבן לעקציעס, און איך נייטיק זיך נישט אין אייגענער הכנסה, ווייל איך לעב דאָך אויף זיין חשבון. בין איך אַזוי־אַרום געווען אי אַ זיך באַשטייערנדיקער, אי אַ לערער. מיט אייניקע פון מיינע תלמידים פון יענע צייטן איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך אין אַ סך יאָרן אַרום. אין ניו־יאָרק, אין דער רעדאַקציע פון „מאָרגן־זשורנאַל״ האָב איך גע־טראָפן אַ פּובליציסט, איינער פון מיינע אַמאָליקע תלמידים. איין תלמיד, מיט וועמען איך האָב געלערנט צוויי יאָר אויף צוצוגרייטן אים צו די עקזאַמענס אויף

פאָלקס־לערער, האָט אינגאַנצן נישט געהאַט קיין פעיקייטן, און איך האָב מיט אים געאַרבעט עבודת פּרך ממש, ביז ער האָט אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס. אַ צווייטער תלמיד, וועמען איך האָב צוגעגרייט פאַר אַ געהילפס־פּראָוויזאָר, האָט בשום אופן נישט געקאָנט תופס זיין דעם אונטערשיד צווישן פּאַראַלעלע און פּערפּענדיקולאַרע ליניעס. דריי מאָל איז ער אַדורכגעפאַלן ביי די עקזאַמענס און לסוף דאָך אויסגעהאַלטן. איך האָב אים שפּעטער געטראָפן אין פּעטערבורג, וווּ ער האָט געאַרבעט אַלס פּראָוויזאָר. אַ באַגאַבטע תלמידה, וועלכע איך האָב צו־געגרייט, האָט צום ערשטן מאָל אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס אויף געהילפס־פּראָ־וויזאָרן. איך האָב זי שפּעטער געטראָפן אין מאָסקווע, וווּ זי האָט געאַרבעט ביי איר פּראָפעסיע.

צווישן מיינע תלמידים איז געווען אַ ישיבה־בחור פון אַ יאָר 17, אַ פאָ־טער פון קינדער, אַ קראַנקער און שוואַכער, אָבער אַ גייסטיק אַנטוויקלטער יונגערמאַן. אָפטמאָל האָבן מיר נאָך דער לעקציע פאַרפירט שמועסן. איינמאָל האָט ער מיר דערציילט, אַז עס האָט אים באַהערשט אַ ליידנשאַפט צו שרייבן, און ער האָט שוין געהאַט מיט זיך אַ דערציילונג, וואָס ער האָט מיר געוואָלט פאָרלייענען. דאָס איז געווען אַ דערציילונג פון אַ בעל־עגלה. מיט דער הילף פון נח פּרילוצקי האָב איך דעם בחור געבראַכט צו פּרצן. פּרצן האָב איך געקענט פון וויטן און אפילו איינמאָל געהערט זיינס אַ פאָרטראָג אין אַ פּריוואַטער שטוב וועגן נאַציאָ־נאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם. פּרילוצקי איז געווען ביי פּרצן אַ בן־בית, און ער האָט אים געבעטן אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם בחור. ער האָט זוכה געווען צו אַ גרויסער דערמונטערונג מצד פּרצן און איז שפּעטער געוואָרן אַ באַ־רימטער שרייבער, דאָס איז געווען שלמה גילבערט.

אין די האַרבסט־חדשים האָט זיך אָנגעהויבן אַ יוירונג צווישן די סטו־דענטן, וואָס זענען בדרך כלל נישט געווען צופרידן פונעם צאַרישן רעזשים. ס'זע־נען געווען פּאָליטישע קרייזן, וואָס האָבן זיך באַמיט אונטערצוהאַלטן דעם צו־שטאַנד פון שפּאַנונג צווישן די סטודענטן. מיר האָבן אויך געהאַט אַ פאַרלאַנג אַרויסצוווייזן רעוואָלוציאָנערן גייסט, כאָטש נישט שטענדיק איז דערצו געווען אַ געלעגנהייט. אין יענער צייט האָט מען פאַרגעשטעלט אין וואַרשעווער דראַמאַ־טישן טעאַטער אַ בולט אַנטיסעמיטישע פּיעסע „דאָס גאָלדענע קאַלב". אויף דער פאָרשטעלונג זענען געווען יידישע סטודענטן אַ מאַן צען־צוועלף און זיי האָבן שאַרף רעאַגירט. ס'איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל. מען האָט זיי איינציקווייז פאַרהאַלטן און פאַרמשפּט אויף צען טעג אַרעסט. אין אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דאָן געקאָכט, עס זענען פאַרגעקומען שטורמישע פאַרזאַמלונגען, עס האָט אונדז אויפּ־געבראַכט נישט בלויז דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, נאָר אויך דער פאַרלאַנג צו באַווייזן זיך אַלס רעוואָלוציאָנערן. יעדן פון אונדז האָט געפּייניקט, פאַרוואָס

ער האָט נישט זוכה געווען צו זיין צווישן די גליקלעכע וואָס זענען פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף אַרעסט. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב די פּיעסע וועט ווייטער געשטעלט ווערן, וועלן מיר קומען אין טעאַטער און מאַכן אַ ריזיקן סקאַנדאַל. עס איז געווען צווישן אונדז אַ גרופּע סטודענטן, וועלכע מען האָט אָנגערופֿן „עקס־טרעמע ראַדיקאַלן", זיי זענען נישט געווען פֿאַרמישט אין קיין פּאָליטישע ענינים, נאָר אַריינגעטאָן אין קאָרטן־שפּיל. אויף אָוונטן און פֿייערונגען פֿלעגן זיי זיך באַווייזן אין יום־טובדיקע מלבושים, מיט שווערדלעך אַלס סימבאָל פֿון „עקס־טרעמען ראַדיקאַליזם". דאָסמאָל האָבן אפילו די „ראַדיקאַלן" געהאַלטן מיט אונדז, כאָטש אין אַנדערע פֿאַלן האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט יעדן אַרויסטריט, וואָס איז געווען געווענדט קעגן דער אַדמיניסטראַציע. דער ענין איז אָבער באַוווּסט גע־וואָרן אין שטאָט און די טעאַטער־דירעקציע האָט אָפּגערופֿן די ווייטערדיקע פֿאָר־שטעלונגען פֿון דער פּיעסע.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די יוירונג צווישן די סטודענטן אָנגעהויבן אַרויסצווייזן בולטע סימנים. ס'איז צונויפגערופֿן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פֿאַר־זאַמלונג פֿון אַלע סטודענטן יידן און פּאָליאַקן, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו דערקלערן אַן אַלגעמיינעם שטרייק. מיר האָבן טאַקע געשטרייקט עטלעכע טעג. מיר פֿלעגן קומען אין אוניווערסיטעט, אָבער נישט אויף די פֿאָרטראָגן. צוליב דעם האָט די אַדמיניסטראַציע פֿאַראָרדנט נישט אַריינצולאָזן די סטודענטן אויפֿן הויף פֿון אוניווערסיטעט. בלויז אַ קליינע צאָל סטודענטן זענען פֿאַרעכנט געוואָרן פֿאַר „בלאַגאָנאַדיאָזשנע" (געטרייע) און האָבן באַקומען אַ ספּעציעלע אַריינטריט־דערלויבעניש. צווישן זיי בין איך אויך געווען. דאָס האָט מען געהאַלטן פֿאַר אַ באַליידיקונג. ס'איז צונויפגערופֿן געוואָרן אַ פֿאַרזאַמלונג און מען האָט באַשלאָסן, אַז די אַלע וואָס האָבן באַקומען די אַריינטריטס־דערלויבענישן, זענען מחויב צו באַווייזן זיך אין אוניווערסיטעט, אַריינגיין אין די אוידיטאָריעס און באַזייטיקן פֿון דאָרט די שטרייקברעכער. איך בין געגאַנגען און אויסגעפֿירט אַלץ, וואָס איז אויף מיר אַרויפֿגעלייגט געוואָרן. די אַדמיניסטראַציע האָט פֿאַרמאַכט דעם אוני־ווערסיטעט און ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ דיסציפּלינאַרער געריכט. לויטן פּסק־דין פֿון געריכט, אין באַשטאַנד פֿון די רעאַקציאָנערסטע פּראָפֿעסאָרן, האָט מען מיך באַשטראָפֿט אַריבערצופֿירן פֿון דער מדרגה פֿון אַ סטודענט צו דער מדרגה פֿון אַ „פֿרייען צוהערער". לויט די אוניווערסיטעט־תקנות האָבן די פֿרייע צוהערער געהאַט דאָס רעכט צו לערנען נאָר אויפֿן ערשטן יאָר און אויב זיי האָבן אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס, האָט מען זיי אָנגענומען אַלס סטודענטן אויפֿן צווייטן יאָר. אויף די העכערע לערן־יאָרן האָט מען נישט צוגעלאָזט קיין פֿרייע צוהערער צו קיין עקזאַמענס. היות איך בין געווען אויפֿן צווייטן יאָר, האָט מיר געדראָט אַרויסגעטריבן צו ווערן פֿון אוניווערסיטעט. צו מיין גליק, בין איך פֿאַר די עקזאַ־

מענס צוריקגעשטעלט געוואָרן אין מיינע רעכט אַלס סטודענט. איך בין צוגעטראָטן צו די עקזאַמענס צוזאַמען מיט אַלע חברים און האָב זיי אויסגעהאַלטן.

צום סוף פון דעם יאָר האָב איך זיך אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיט זאָאָלאָגיע, באַזונדערס מיט ענטאָמאָלאָגיע. מיך האָבן פאַראינטערעסירט די אינזעקטן, באַזונדערס די פלאַטערלעך מיט די וווּנדערלעכע קאָלירן. איך האָב באַשלאָסן צו פאַרנעמען זיך זומער־צייט מיט קאָלעקציאָנירן אינזעקטן. איך האָב זיך געקויפט די נייטיקע מכשירים און געפאָרן אין אַ קליין שטעטל פון סוואַלקער גובערניע, וווּ עס האָט געוווינט מיין פעטער, דער דאָקטאָר באָריס ראַפּאַלקעס.

אין יוני 1904 בין איך געקומען קיין סייני. דאָס איז געווען אַ טיפּיש יידיש שטעטל. זיין גאַנצע פאַרבינדונג מיט דער וועלט איז געגאַנגען דורך דער גובערניאַלער שטאָט סוואַלק, אַ מהלך פון 3 שעה פאָרן מיט אַקס. די צייטונגען פלעגן אָנקומען אַ טאָג אָדער צוויי נאָך זייער דערשיינען. אין צענטער פון שטעטל איז געווען אַ גרויסער מאַרק, און צוויי מאָל אין דער וואָך פלעגט ער ווערן פול מיט פויערים פון דער אומגעגנט, וואָס פלעגן קומען פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן. אַ רעש, אַ מאַסע מענטשן, בהמות, עופות און... גנבים. מיין פעטערס שטוב איז געווען נעבן מאַרק, און דורך די פענצטער האָט מען אים געזען אינגאַנצן.

מיין קוזין שלמה, אַ צעניאָריק יינגל, איז געווען מיין הויפּט־געהילף אין מיין אַרבעט. אין דער פרי פלעגן מיר אַרויסגיין אויף „יאַגד" אין דער אומגעגנט כאַפּן נייע אינזעקטן, וועלכע זענען נאָך נישט געווען אין מיין קאָלעקציע, ער האָט באַזונדערס ליב געהאַט די פלאַטערלעך. ס'איז ביי מיר געווען אַ גרויסער טאָג ווען מיר האָבן צום ערשטן מאָל געכאַפּט דאָס פלאַטערל Papilio Machaon — אַ גרויס פילפאַרביק פלאַטערל, דאָס שענסטע פון די טאָג־פלאַטערלעך אין מיטל־אייראָפּע. טריקענען פלאַטערלעך — דאָס איז אַ באַזונדערע קענטעניש פאַר זיך. ווען איך פלעג זיך אַנידערזעצן נאָך מיטאָג, פאָרען זיך ביים טריקענען די פלאַטערלעך, פלעגט שלמה קוקן אויף מיר און אויף מיין אַרבעט מיט אַ הייליקן ציטער. ער פלעגט ממש אויפציטערן, ווען ער האָט דערזען, אַז צוליב אַ נישט פאָרזיכטיקער באַוועגונג האָב איך באַשעדיקט אַ שיין פליגעלע. צייטנווייז פלעג איך אויך מאַכן אַ „ווויוויסעקציע" פון גרויסע שפּרינגערס און פלעג דערקלערן שלמהן דעם געבוי פון זייער קערפּער.

מיר האָבן זיך נישט באַגנוגנט נאָר מיטן טאָג־„יאַגד". ס'איז פאַראַן אַ גאַנצע וועלט פון אינזעקטן, וואָס פירן אַ נאַכט־לעבן, א סך פון זיי זאַמלען זיך אַרום ליכט. מיר פלעגן אַרויסגיין אין די אָוונטן, ווען ס'איז שוין געווען גוט פינצטער, אין וואַלד אַריין אויסער דער שטאָט, אויסקלויבן אַ ליידיק אָרט, אויסשפּרייטן אַ גרויס ליילעך און אינמיטן אַוועקשטעלן אַ לאָמטערן פון שטאַרק ליכט

און דערנאָך צוזעצן זיך און וואַרטן אויף „אורחים". גלייך פלעגן זיך באַווייזן נאַכט־פלאַטערלעך און נעמען אַרומקרייזן אַרום און אַרום, ס'פלעגן זיך אויך באַווייזן זשוקעס און אַנדערע אינזעקטן. מיר פלעגן זיך אומקערן שפּעט אַ היים מיט אַ גרויסן געפאַנג. דערנאָך האָבן מיר געמאַכט נאָך אַן עקספּערימענט. מיר האָבן געקויפט פלייש אַריינגעטאָן אין אַ טאָפּ און דעם טאָפּ פאַרגראָבן אין דער ערד. ס'זענען פאַראַן עטלעכע מינים זשוקעס „באַגרעבער", וואָס עסן פגירה־פלייש. דעם טאָפּ מיטן פלייש פלעגן מיר לאָזן אויף צוויי־דריי טעג, דערנאָך פלעגן מיר קומען, אויפגראָבן דעם טאָפּ און געפונען די „באַגרעבער".

מיר האָבן געהאַט עטלעכע זייער שיינע עקזעמפּלאַרן נאַכט־פלאַטערלעך. דאָס שענסטע פון זיי איז געווען דאָס מיטן „מתים־קאָפּ". דער נאָמען שטאַמט פון דעם, ווייל עס האָט געהאַט אויפן ברוסט אַ פיגור ווי אַ מין קאָפּ. די נאַכט־פלאַטערלעך זענען בדרך כלל נישט וויניקער שיין ווי די טאָג־פלאַטערלעך, און באַזונדערס די מיט פילפאַרביקע אונטערשטע פליגעלעך. אין משך פון זומער בין איך באַרייכערט געוואָרן מיט עטלעכע קאָלעקציעס, אַלע איינגעסדרטע אונטער גלאָז, מיטן לאַטיינישן נאָמען אויף אַ צעטעלע נעבן יעדן אינזעקט. אייניקע פון די קאָלעקציעס האָב איך אַוועקגעגעבן אין שולן, ווי למשל דער שול „יהודיה", וווּ מיין שוועסטער איז געווען די פאַרוואַלטערין, דער שול פון סאָניע ראַוויטש און אַנדערע.

במשך פונעם זומער האָב איך אויך באַוויזן איבערצוזעצן אַ טייל פון נוס־בוימס בוך. צופיל צייט האָב איך נישט געקאָנט אָפּגעבן פאַר דער אַרבעט, ווייל איך האָב געדאַרפט אַ סך לייענען לשם זעלבסטבילדונג.

צייטנווייז פלעגן מיר פאָרן קיין סוואַלק מיט דעם פעטערס גאַנצער משפחה, אויף צו פאַרברענגען דאָרט עטלעכע שעה.

מיין פעטער האָט געהאַט אין שטאָט אַ גוטן פריינד, אַן אַפּטייקער, אין דער אַפּטייקער האָט געהאַט צוויי טעכטער. זיין ווייב האָט וויזט אויס באַשלאָסן, אַז איך וואָלט געווען נישט קיין שלעכטער זיווג פאַר דער עלטערער טאָכטער. דערפאַר האָב איך זוכה געווען צו אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט פון איר זייט. ווען מיר פלעגן קומען צו זיי, האָט זי מיך נישט געלאָזט פאַרפירן קיין געשפּרעך מיט די טעכטער, נאָר זי אַליין איז געווען מיין מיטשמועסערין די גאַנצע צייט. ס'איז מיר געווען זייער לאַנגווייליק אין איר געזעלשאַפט בעת די טעכטער זענען אַוועק אין אַ צווייטן צימער. ס'פלעגט טרעפן, אַז איך האָב זיך אינגאַנצן נישט צוגעהערט צו אירע רייד און געטראַכט וועגן מיינע אייגענע ענינים. איינמאָל האָב איך זיך אינגאַנצן אויסגעטאָן פון איר אָנוועזנהייט, און ווען זי האָט פּלוצלינג מיך אַ פרעג געטאָן, וואָס דאַרף זי לויט מיין מיינונג טאָן, האָב איך איר, נישט מיר נישט דיר, אָפּגעענטפערט: אויפהענגען זיך. גיך האָב איך זיך

געכאַפּט וואָס ס׳איז געשען. איך האָב זיך פאַרענטפערט פאַר איר און האָב איר געזאָגט, אַז איך בין בדרך כלל אַ צעשטרייטער, ביז קראַנקהאַפטיקייט, און דער פעטער באַמיט זיך צו שאַפן פאַר מיר אַ רפואה צו דער מחלה. דער פעטער, וואָס איז גראָד אַריינגעגאַנגען אין צימער און אונטערגעכאַפּט עפּעס פון מיין פאַר־ענטפערן זיך, האָט זיך געכאַפּט, אַז ער דאַרף מיר אַרויסהעלפן פון דעם מצב און האָט באַשטעטיקט מיינע רייד.

דער זומער האָט זיך דערנענטערט צום סוף און איך האָב זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, אין אוניווערסיטעט. דאָס איז געווען אין האַרבסט 1904־טן יאָר. אין גרויסן רוסלאַנד האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן די תקופה פון פּאָליטישן „פרילינג". אַלס אינערן־מיניסטער איז באַשטימט געוואָרן דער פירשט סוויאַטאָ־פּאָלק־מירסקי, אין האַרצן האָט זיך צעבליט עפּעס אַ האָפענונג וועגן ענדערונגען אין דער פּאָליטיק פון צאַרישן רעזשים. די פאַראינטערעסירונג מיט דער אַרבע־טער־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אַרומצוכאַפּן ברייטע קרייזן.

אויך מיר איז געווען אוממעגלעך נישט באַהערשט צו ווערן פונעם פּאָ־ליטישן מצב און איך האָב אויך אַ ביסל געלייענט וועגן דער אַרבעטער־באַווע־גונג. צווישן מיינע אוניווערסיטעט־חברים זענען אויך געווען בונדיסטן, צווישן זיי איינער אַ שוואַרץ, מיט וועמען ס׳האָט מיך אויך פאַרבונדן עפּעס אַ משפּחה־דיקע קרובהשאַפט. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער בחור, אַ שווייגער, און איך האָב ליב געהאַט מיט אים צו שמועסן. אין „בונד" האָב איך נישט געקאָנט אַריינטרעטן, ווייל איך בין דאַן געווען אַ ציוניסט, אָבער די רעוואָלוציאָנערישקייט פון „בונד" האָט מיך צוגעצויגן. די באַציונג פון די בונדיסטן צו אונדז, ציוניסטן, איז אָבער געווען זייער אַ שלעכטע. איינמאָל האָט מיר געזאָגט איינער פון די בונדישע חברים, אַז יעדער ציוניסט איז נישט מער ווי אַן אידיאָט... האָב איך אים געזאָגט, אַז ער קען אינגאַנצן נישט דעם ציוניזם. אין האַרצן האָב איך אָבער געפילט, אַז ס׳פעלט מיר טאַקע עפּעס. מיין פאָטער האָט געהאַט אַ שיך־פאַבריק, עס האָבן ביי אים געאַרבעט ביי 15 אַרבעטער. פון צייט־צו־צייט פלעג איך צו זיי אַריינגיין און פאַרפירן מיט זיי געשפּרעכן. זיי זענען אַלע געווען בונדיסטן. מיר האָבן זיך נישט ווייניק געאַמפּערט. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געמיינט, אַז איך בין אין אַלץ גערעכט. איך אַליין האָב אָבער געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי זענען אויך גערעכט, ווייל סוף־כל־סוף קאָן נישט דער ציוניזם פאַרענטפערן זייערע טאָג־טעגלעכע פאָדערונגען. און ווער זענען עס די אָרגאַניזאַטאָרן פון די שטרייקן? — אוודאי נישט די ציוניסטן. נישט איינמאָל האָב איך מיט זיי גערעדט וועגן שטרייקן און ס׳זענען געווען פאַלן, ווען איך האָב באַרעכטיקט זייערע שטרייקן ביי מיין פאָטער.

בכלל האָב איך נישט שלום געמאַכט מיט דעם פאַקט וואָס מיין פאָטער איז אַ פאַבריקאַנט. בעת איך בין נאָך געווען אַ תלמיד פון גימנאַזיע האָבן איך באַ־

מערקט, אַז ביי אונדז אין שטוב קומען צייטנווייז זיך צונויף מענטשן, וואָס רעדן נישט וועגן שול־ענינים, אָדער וועגן ציוניסטישע ענינים. דאָס זענען געווען שיך־פּאַבריקאַנטן, וואָס פלעגן זיך באַראַטן וועגן ענינים פון לאַקאַטן.

אַזוי צי אַזוי — ס׳איז דערגאַנגען צו דעם, אַז לויטן פּאַרשלאַג פון שוואַרצן האָב איך מסכּים געווען איינצוצאַלן אַ חודשלעכן אָפּצאָל פאַרן „בונד". איך האָב אָבער געפילט עפּעס אַ דאָפּלטקייט אין זיך, איך האָב נישט שלום געמאַכט מיט דער מלחמה פון „בונד" קעגן ציוניזם, איך האָב אויך נישט געפונען קיין באַפרי־דיקונג אין מיין באַלעבאַטישן ציוניזם. אַזוי־אַרום האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון פּועלי־ציון, וואָס איך האָב געהערט וועגן איר קיום, נישט ווייסנדיק וועגן איר קיין זאַך. אויך אין „קדימה" האָט מען זיך אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן מיט פּועלי־ציון, באַזונדערס מיט „פּאַלעסטינער" פּועלי־ציון, ד. ה. מיט די, וואָס זענען געבליבן טריי ארץ־ישראל. ס׳איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן צו האַלטן אַ רעפעראַט אין „קדימה" וועגן פּועלי־ציון. דאָס יאָר האָבן כּמעט אַלע עלטערע געענדיקט די לימודים — ווער אין אוניווערסיטעט, ווער אין דער פּאָליטעכניק — און זענען אַרויסגעטראָטן פון „קדימה", צווישן זיי : האַרטגלאַס, ליפשיץ, זיידמאַן, גרינבוים און אַנדערע. פון אַלע עלטערע זענען געבליבן נאָר אַלשוואַנגער — דער עלטערער און דוכאַווני. זענען מיר, איך און פרילוצקי, דאַן אַריבער צום קרייז פון די עלטערע, און אין קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע זענען איצט אויסגעווילט געוואָרן אַלשוואַנגער, פרילוצקי און איך. ווען מען האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט צו רעפערירן וועגן פּועלי־ציון איז מיין מצב געווען זייער אַ שווערער. אין וואַרשע איז נאָך פּועלי־ציון נישט געווען אָרגאַניזירט, ס׳איז נישט געווען קיין שום ליטעראַטור, נישט פון זיי און נישט וועגן זיי, און דאָס וואָס מ׳האָט געוווּסט איז געווען אַלץ פון הערן. ס׳איז מיר אויסגעקומען צו באַנוצן זיך מיט דער הילף פון איינעם, וואָס האָט עפּעס געהערט, אַז עס זענען דאָ אין דרום־רוסלאַנד גרופּירונגען פון פּועלי־ציון. מער מאַטעריאַל איז געווען וועגן די מינסקער פּועלי־ציון, וואָס, ווי מען האָט דער־ציילט, זענען זיי געווען קעגן דעם פּאָליטישן קאַמף, און געהאַלטן נאָר פון עקאָ־נאָמישן קאַמף. אַזוי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז קענטיק די ווירקונג פון דער זובאַטאָווטשינע אויף דער יידישער גאַס.

דער אָנהייב פון 20־טן י. ה. איז אין רוסלאַנד געשטאַנען אונטערן צייכן פון אַ ברייטער עקאָנאָמישער אַרבעטער־באַוועגונג. שטרייקן פון אַרבעטער וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט עקאָנאָמישע פאָדערונגען זענען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. נישט וועגן אַלע שטרייקן זענען געווען ידיעות אין דער פּרעסע. דער „בונד" האָט אָבער אַרויסגעגעבן כּמעט יעדע וואָך זיין אומלעגאַלע צייטונג „פּאָ־

סלעדניע איזוועסטיאַ" („לעצטע ידיעות") און דאָרט זענען פאַרעפנטלעכט גע־
וואָרן באַריכטן וועגן אַרבעטער־שטרייקן פון יידן און נישט־יידן (ס'איז געווען
שווער צו באַקומען די צייטונג. אין יאָר 1922 זענען צו מיר אַריינגעפאַלן פולע
יאָרגענג פון דער צייטונג, אָנהייבנדיק פון יאָר 1901 ביזן יאָר 1905, און איך
האָב זיי שפּעטער איבערגעגעבן דעם רינגעלבלום־אינסטיטוט אין תל־אביב).

זובאַטאָוו איז געווען פון די אָנפירער פון דער צאַרישער געהיים־פּאָליציי.
ווי באַוווּסט, האָט די צאַרישע זשאַנדאַרמעריע געפירט אַן אויסראָטונגס־מלחמה
קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַלע אירע פאָרמען. די הערשער פון יענער
צייט האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז די עקאָנאָמישע שטרייקן וועלן סוף־כל־סוף דער־
פירן די אַרבעטער צו אַ פּאָליטישן קאַמף. ס'איז אַ ספק, אויב זיי האָבן עפּעס
געוווּסט פון מאַרקס לערע, אָבער דינענדיק די אינטערעסן פון די רוסישע פעאָ־
דאַלן און דער גרויס־בורזשואַזיע, האָבן זיי תופס געווען די פאַרבינדונג צווישן
פּאָליטיק און עקאָנאָמיע. צוערשט האָבן זיי זיך באַמיט צו דערשטיקן יעדן שטרייק,
אפילו דעם קלענסטן. מיט דער צייט, האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז דער אַרבעטער
וואָס פאַרדינט נישט אויף זיין עקזיסטענץ וועט זיך בשום אופן נישט אָפּזאָגן פון
זיין פּראָפעסיאָנעלן קאַמף און זיי האָבן באַשלאָסן אַ ביסל פריי צו לאָזן דעם פּאַ־
סעק און דערלאָזן, אין אַ קליינער מאָס, דעם עקאָנאָמישן קאַמף, כדי אָפּצוציען
זיי פון פּאָליטישן קאַמף, וואָס וועט אין דער קאָנסעקווענץ דערפירן די אַרבעטער
צו אַ מלחמה מיט דער זעלבסטהערשאַפט, מיט דעם אַבסאָלוטיזם. און דעמאָלט
האָט זובאַטאָוו אַנטוויקלט זיין טעאָריע, אַז ס'איז אין תוך נישטאָ קיין פאַרבינדונג
צווישן עקאָנאָמישן קאַמף און דעם פּאָליטישן און ער האָט אָנגעהויבן צו גרינדן
אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געקעמפט נישט מער ווי פאַר דער פאַרבע־
סערונג פון זייער עקאָנאָמישן מצב. זיין טעות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער
האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אויב עס וועט זיך פאַרשטאַרקן דער פּראָפעסיאָנעלער
קאַמף, וועט ער אין קאָנסעקווענץ, פריער אָדער שפּעטער, זיך אָנשטויסן אין די
פּאָליטישע באַדינגונגען פון דער מלוכה, און די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, צי
ער וועט דאָס וועלן צי נישט, וועלן איבערטרעטן די גרענעץ, וואָס ער האָט זיי
אָנגעצייכנט. אַלנפאַלס, איז דאָס געווען מערנישט, ווי אַ צייטווייליקע זאַך. צווישן
דער יידישער אינטעליגענץ האָבן זיך אויך געפונען נאַיווע מענטשן, וועלכע זענען
אַריינגעפאַלן אין זובאַטאָווס נעץ, און צווישן זיי — מערעזשין און טשעמערינסקי.

ס'איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז אין אָט דער נעץ זענען אויך אַריינגעפאַלן
יידישע אַרבעטער פון מינסק, באַזונדערס די ציוניסטן צווישן זיי, ווייל צווישן
ציוניזם ווי אַ באַוועגונג פון דער צוקונפט־וויזיע און צווישן די טאָג־טעגלעכע
לעבנס־באַדינגונגען פון יידישן אַרבעטער איז נישט געווען קיין שום פאַרבינ־
דונג, נישט טעאָרעטיש און נישט פּראַקטיש.

אויפן סמך פון די דאָזיקע קאַרגע ידיעות האָב איך רעפערירט פאַר מיינע חברים וועגן פועלי־ציון.

אין יענער צייט האָט „קדימה" באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ בראָשור וועגן גרינדן אַ נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. אין ביאַליסטאָק האָט געוווינט ד"ר יוסף כאַזאַנאָוויטש, וועלכער איז אונדז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער זאַמלער פון ביכער און די גרויסע זאַמלונג, וואָס ער האָט שוין פאַרמאָגט איז באַשטימט געוואָרן צו ווערן דער יסוד פון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק. דער קאָמיטעט האָט מיך געשיקט קיין ביאַליסטאָק, כדי צו באַגעגענען זיך מיט ד"ר כאַזאַנאָוויטש און בעטן אים אָנשרייבן אַ הקדמה צו אונדזער בראָשור און אויך באַקומען פון אים מאַטעריאַל. בין איך געפאָרן קיין ביאַליסטאָק און באַגעגנט זיך מיטן ד"ר כאַזאַנאָוויטש, אַ מענטש אין טיפן עלטער, אַן אָנגענעמער מיטשמועסער. ער האָט מיך זייער האַרציק אויפגענומען, אַזוי וויט, אַז איך האָב אפילו נישט געפילט דעם גרויסן אונטערשיד אין יאָרן.

ביי כאַזאַנאָוויטשן אין שטוב האָב איך זיך באַגעגנט מיט איינעם פון די ציוניסטישע עסקנים אין שטאָט, מיט ד"ר פאַפּיערנע, און ער האָט מיט מיר אָפּגערעדט אַ באַזונדערע באַגעגעניש אין אָוונט. ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין אַ קאַבאַרעט. דאָס ערשטע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זען אַזאַ פאַרוויילונגס־אָרט. ד"ר פאַפּיערנע האָט מיך, ווייזט אויס, אָנגענומען פאַר אַ מער דערוואַקסענעם, ווייל איך האָב געטראָגן אַ באָרד. פון קאַבאַרעט האָב איך קיין הנאה נישט געהאַט, און הגם מיר האָבן דאָרט געשמועסט גאַנץ פריינדלעך, איז ביי מיר נישט פאַרשוווּנדן דער ביי־טעם. דערנאָך, ווען איך האָב זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, האָב איך געשריבן צום ד"ר פאַפּיערנע מיט אַן אָנצוהערעניש וועגן פאַרבליבענעם ביי־טעם פון יענעם באַזוך. איך האָב אים געשריבן, אַז ס'איז מיר אפילו באַקאַנט די אַרויסזאָגונג פון פושקינען, אַז מ'קאָן זיין אַ טיכטיקער מענטש און פונדעסטוועגן טראַכטן וועגן דער שיינקייט פון נעגל... איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט באַקומען קיין שום תשובה.

פון צייט־צו־צייט פלעגן צו אונדז קומען, קיין וואַרשע, חשובע פּרעלעגענטן. „קדימה" אָדער אַן אַנדערער ציוניסטישער קרייז פלעגט איינאָרדענען די פאָרטראַגן אין געהיים, ווייל לויט די צאַרישע געזעצן איז געווען פאַרבאָטן צונויפצוזאַמלען אַ גרעסערע צאָל מענטשן אויף איין אָרט. אַלע פאָרטראָגן פלעגן טאַקע פאָרקומען אין פריוואַטע וווינונגען. למשל, דער פאָרטראָג פון חיים ווייצמאַן איז פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון דער פאַמיליע קרינסקי, וואָס איינע פון זיינע טעכטער איז געווען די שנור פון נחום סאָקאָלאָוו. אַזוי איז אויך באָראָכאָוו געקומען קיין וואַרשע. די פּאַרטיי פועלי־ציון האָט זיך נאָך נישט ענדגילטיק

אָרגאַניזירט, אָבער באַראָכאָוו איז שוין געווען באַוווּסט אַדאַנק זיינע אַרטיקלען אין ציוניסטישן חודש־זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן״ („יידיש לעבן״).

די צופעליקע פאַרטראַגן האָבן אָבער מיך נישט באַפרידיקט. האָב איך אָנגעהויבן צו באַטייליקן זיך אין אַ קרייז פון חברים, וואָס פלעגן צוזאַמען לייענען און אויפקלערן זיך פאָליטישע פראַגן. אין דעם קרייז האָט זיך אויך באַטייליקט מיין באַקאַנטער, ליבמאַן הערש, אַ פעיקער בחור, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ רעוואָלוציאָנער און געווען נאָענט מיט זיינע אָנשויונגען צום „בונד״. אויף מיר האָט ער געקוקט ווי אויף אַ מענטש מיט קליינבירגערלעכע אָנשויונגען, ווייל איך בין געווען אַ ציוניסט. נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע, פלעגן מיר זיך צייטנווייז טרעפן און דיסקוטירן וועגן פאָליטישע ענינים. זומער 1903 האָבן מיר באַשטימט צו גרינדן אַ קרייז צום שטודירן געזעלשאַפטלעכע פראַגן. איינמאָל האָב איך אין דעם קרייז געהאַלטן אַ פאָרטראָג וועגן „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און באַרירט דעם ענין פון דער פּראָקלאַמאַציע פונעם עקזעקוטיוו פון דער „נאראָדנאיא וואָליא״, וואָס האָט גערופן צו מאכן פּאָגראָמען אויף יידן. די מאָטיוון פון די מחברים פון דער פּראָקלאַמאַציע זענען געווען אַזעלכע: אויב דער פייער וועט אָנהייבן צו פּאָגראָמירן יידן, וועט ער נאָכדעם אַריבערגיין צום קאַמף מיט די פּריצים און רייכע. די מעשה מיט דער פּראָקלאַמאַציע האָבן מיר זיך דערוווּסט פון אַ בראָ־שור, וואָס איז דעמאָלט פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך זאב זשאַבאָטינסקי. דערנאָך איז געוואָרן באַוווּסט, אַז די פּראָקלאַמאַציע איז אָנגעשריבן געוואָרן נישט מיטן וויסן פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע, נאָר דורך סודעיקין און דעגאַיעוו אַליין, וועלכע זענען געווען פּראָוואָקאַטאָרן.

אָט דעם פּרט האָב איך נאָך נישט געוווּסט בעתן שמועס אין קרייז. הערנ־דיק מיינע רייד איז אויף מיר אָנגעפאַלן הערש ליבמאַן מיט זידלערייען און עס איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די טעטיקייט פון דעם קרייז און מיין פאַרבינדונג מיט הערש ליבמאַנען. אין יאָר 1906 איז הערש ליב־מאַן אַוועקגעפאָרן קיין זשענעווע, האָט זיך דאָרט באַזעצט און געוואָרן פּראָפעסאָר פון סטאַטיסטיק. צו מיין גרויסער פאַרוווּנדערונג איז ער דאָס גאַנצע לעבן גע־בליבן אַ בונדיסט. אין יאָר 1927 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בראָשור וועגן קריזיס אין ציוניזם, און איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן זיינע אַרגומענטן מיט אַן אַר־טיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר 1928 אין „פּראָלעטאַרישן געדאַנק״. הערש ליבמאַן איז געשטאָרבן אין יאָר 1955 אין עלטער פון 72 יאָר, ווען ער איז געווען אויף אַ בונדישער קאָנפערענץ אין מאָנטרעאָל, אין קאַנאַדע. ער האָט געבעטן אָנצושרייבן אויף זיין מצבה: „דאָ ליגט אַ מענטש, וואָס האָט נישט גע־פונען קיין וועג אין זיין לעבן״.

*

דער אָנהייב פון סעמעסטער אין אוניווערסיטעט איז געווען אַ רויקער. מיר האָבן אָנגעהויבן ערנסט צו לערנען. מיין נייגונג צו כעמיע איז שוין פון לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ליבשאַפט צו אינזעקטן, באַזונדערס צו פּלאַטערלעך (לעפּידאָפּטערא). איך בין אַריין אַרבעטן אין דער לאַבאָראַטאָריע פון פּראָפעסאָר באַסאַנאָוו, וועמען יאַנוש קאָרטשאַק דערמאָנט אין זיינע ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען ווי איינעם פון זיינע לערער. דער פּראָפעסאָר באַסאַנאָוו איז געוואָרן באַרימט אַלס זאָאָלאָג ווען ער האָט אַנטדעקט, אַז דאָס ווערסאַן־קעמערל פון די האָניק־בינען איז נישט איינקעמערלדיק, נאָר צווייקעמערלדיק. ביים פּראָפעסאָר האָט געאַרבעט דער פּריוואַט־דאָצענט מאָרדווילקאָ, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט דריי גרויסע בענדער וועגן לייז און זייערע „מעלקנדיקע קי״. דער פּראָפעסאָר האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען. ווען איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב אַ באַזונדערע נטיה צו לעפּידאפּטערא, האָט ער מיר געגעבן אַן אויפגאַבע צו פאָרשן די אַנטוויקלונג פון קאָליר (פּיגמענט) ביי די פּלאַטערלעך. איך האָב אָנגעהויבן צו לייענען וועגן דעם פּראָבלעם וואָס דער פּראָפעסאָר האָט פאַר מיר אַוועקגעשטעלט און דעם רוב פון מיין צייט בין איך געווען פאַרנומען אין דער לאַבאָראַטאָריע. איך האָב געלייענט אַ סך ביכער וועגן פּיגמענט און האָב זיך אויך דערוואָרבן טעכנישע ידיעות. איך האָב, למשל, געלערנט ווי צוצוגרייטן פּרעפּאַראַטן אויף צו אָבסערווירן זיי אונטערן מיקראָסקאָפּ. דאָס איז מער נישט ווי אַ טעכנישער ענין, און דאָך איז אין דעם פאַראַן זייער אַ ראַפינירטע אַרבעט, ווייל מען דאַרף איינאיבן די הענט צום צוגרייטן דין־דינסטע רעפּטעלעך פון אַ האַלבן מילימעטער די דיק.

איינמאָל בין איך געגאַנגען אין באָטאַנישן גאָרטן אויף נאָוואָגראָדזקע־גאַס און צונויפגעזאַמלט עטלעכע הונדערט שלייערלעך פון קרויט־פּלאַטערל (קאַפּוסט־ניצאַ). ווען דער גערטנער האָט דערזען, אַז איך זאַמל צונויף די שלייערלעך, האָט ער זיך זייער מיט מיר דערפרייט, ווייל די שלייערלעך האָבן אויפגעגעסן די קרויט־בלעטער. איך האָב אריינגעלייגט די שלייערלעך אין כלאָראָפאָרם. דער פּראָפעסאָר האָט מיך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז טויטנדיק די שלייערלעך דורך כלאָראָפאָרם קאָן צעשטערט ווערן דער פּיגמענט, אַז מ׳דאַרף דעריבער אָפּשניידן פריער די קעפּלעך. נאָכן אָפּטאָן די „אָנגענעמע״ מלאכה, האָב איך אַריינגעלייגט די קערפּערלעך אין אַ קליינעם טעפּל, צעמאָלן און דורכגעזייט דורך אַ זייער, כדי אָפּצוטיילן די האַרטע קערפּערלעך פון דער פליסיקייט, וואָס איז אין גוף פונעם שלייערל. איך האָב אַוועקגעשטעלט דעם זייער אויף עטלעכע טעג. ביסלעכווייז איז די פליסיקייט אַראָפּגערינען אין אַ גלאָז. און אָט האָב איך דערזען, אַז די פליסיקייט באַקומט אַ רויטלעכן קאָליר. איז עס מיר געוואָרן אויפפאַלנדיק, ווייל

לויט דער טעאָריע געפינט זיך דער פּיגמענט אין דער הויט פונעם שלייערל און נישט אין אינגעווייד. איך האָב דאָס געוויזן דעם פּראָפעסאָר. ער איז אויך פאַר־וווּנדערט געוואָרן און געזאָגט, אַז ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מיר זאָלן האַלטן פאַר עפּעס אַ וויכטיקער אַנטדעקונג. ס׳זענען אָבער אומגעריכט אינגאַנצן איבער־געריסן געוואָרן מיינע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען — אויפן גאַנצן לעבן.

ס׳איז אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. איך האָב געזען ווי מענטשן גייען אַוועק אויפן פראָנט. איך האָב געלייענט אין די צייטונגען וועגן מאַסן מענטשן וואָס זענען אומגעקומען ביי לאַיאַלאַן; איך האָב זיך דערוווּסט, ווי אַזוי ס׳איז אומגעבראַכט געוואָרן דער גאַנצער רוסישער פלאָט אונטער דער אָנפירונג פון אַדמיראַל מאַקאַראָוו, ווי אַזוי ס׳איז דערטרונקען געוואָרן די טאָר־פּעדאָ־שיף „סטרעגושטשי״: צוויי רוסישע מאַטראָסן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן אונטערדעק פון דער שיף, האָבן געעפנט די פענצטער און די שיף דער־טרונקען. איך האָב שוין נישט געקאָנט געפינען קיין מנוחה.

די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה איז אויסגעבראָכן דעם 26־טן יאַנואַר 1904 פאַרטאָג. יאַפּאַן איז אָנגעפאַלן אויפן רוסישן פלאָט אין פּאָרט־אַרטור און האָט מיט איין קלאַפּ דערטרונקען דריי פון די סאַמע נייעסטע קרייצערס. די סיבות פון דער מלחמה זענען געווען רייך אימפּעריאַליסטישע, דער רוסישער אימפּעריאַליזם האָט זיך אויפן וויטן מזרח צונויפגעטראָפן מיטן יאַפּאַנישן.

סוף פונעם 19־טן י. ה. און ווייטער האָט רוסלאַנד אויסגעברייטערט איר השפעה אויף כינע און איז אַריינגעדרונגען קיין מאַנדזשוריע. אין יאָר 1898 האָט רוסלאַנד פאַראַרענדירט צוויי כינעזישע פּאָרטן — פּאָרט־אַרטור און דאַלני. פון דאָרט האָט זי געשטרעבט אַריינצודרינגען קיין קאָרעע. אין קאָרעע האָט זיך רוסלאַנד צונויפגעטראָפן מיטן יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם, וועלכער האָט אויך נישט געזוכט בלויז מערק אויסער זיין מעטראָפּאָליע, נאָר אויך אַרויסגעוויזן אַ דראַנג צו פאַרנעמען נייע טעריטאָריעס פאַר דער יאַפּאַנישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געלעבט אין אַ שרעקלעכער געדיכטקייט אויף די הימלאַנד־אינדזלען. ביים טייך יאַלו אין קאָרעע זענען געווען אַ מאַסע וועלדער, פון וועלכע ס׳האָבן געוואָלט נתעשר ווערן אַ געוויסע צאָל פּריוואַטע רוסישע פירמעס. ס׳איז געגרינדעט גע־וואָרן אַ ספּעציעלע געזעלשאַפט אויף צו עקספּלאָאַטירן די וועלדער פון צפון־קאָרעע. די אַקציאָנערן פון דער געזעלשאַפט זענען געווען פון די סאַמע שפּיצן פון דער רוסישער בורזשואַזיע און רעגירונג בראש מיטן צאַר בכבודו ובעצמו. אָפיציעל איז בראש פון דער געזעלשאַפט געשטאַנען דער מלוכה־סעקרעטאַר בעזאָבראַזאָוו, די אַקציעס זענען צעטיילט געוואָרן צווישן די הויפס־לייט. ניקאָליי דער 2־טער האָט אינוועסטירט אין דעם געשעפט העכער צוויי מיליאָן רובל.

צווישן די אַקציאָנערן זענען אויך געווען דער מיניסטער פּלעווע און דער אַדמי־ראַל אַלעקסייעוו פון דער אַגרעסיווער גרופּירונג פון קעניגלעכן הויף. זיי האָבן מיט אַלע מיטלען אונטערגעגראָבן זיך אונטער דער פּאָזיציע פונעם פינאַנס־מי־ניסטער וויטע און גענעראַל קאָראָפּאָטקין, וועלכע זענען געווען קעגן דער אַגרע־סיווער פּאָליטיק אין קאָרעע, ווייל דאָס וואָלט געקאָנט דערפירן צו אַ מלחמה מיט יאַפּאַן — אַ מלחמה, צו וועלכער רוסלאַנד איז אַבסאָלוט נישט געווען צוגעגרייט. אין דער דאָזיקער פלוגתא האָט באַקומען די אויבערהאַנט בעזאָבראַזאָוו. די יאַ־פּאַנער האָבן צוערשט געפּרוּווט אויסמיידן אַ מלחמה. ווייסנדיק אָבער די מיליטע־רישע שוואַכקייט פון רוסלאַנד האָבן זיי סוף־כל־סוף זי אָנגעגריפן, אָנווענדנדיק דעם כלל, אַז אַן אָפענסיווע איז די בעסטע פאַרטיידיקונג.

די מפּלה פון רוסישן מיליטער איז געקומען זייער שנעל. איין דורכפאַל האָט נאָכגעיאָגט דעם צווייטן. דער פלאָט פון שטילן אָקעאַן, אונטער דער אָנפי־רונג פון אַדמיראַל מאַקאַראָוו איז אַרויסגעפאָרן אויפן פראָנט אויפן וויטן מזרח און דעם 31־טן מערץ איז געטראָפן געוואָרן די קריגס־שיף, אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען דער הויפּט־קאָמאַנדיר. די שיף איז דערטרונקען געוואָרן און צוזאַמען מיט דער מאַנשאַפט איז אויך אומגעקומען מאַקאַראָוו. מיט דער שיף איז אויך דערטרונקען געוואָרן דער רוסישער קונסט־מאָלער ווערעשטשאַגין.

דער גענעראַל קאָראָפּאָטקין איז געשיקט געוואָרן קיין מאַנדזשוריע, אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פון די יבשה־כוחות אויפן וויטן מזרח. זיין סטראַטעגיע האָט זיך געשטיצט אויף דער הנחה, אַז ס׳איז בעסער אָפּצושטופן די אַנטשיידנדע שלאַכט אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך, ווייל ער האָט גוט געוווּסט, אַז זיין מיליטער איז נישט ווי געהעריק צוגעגרייט. דאָס מיליטער פון אַקטיוון דינסט איז געבליבן אין טיף רוסלאַנד, כדי צו דערשטיקן די אַלץ וואַקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג. אויפן וויטן מזרח זענען געשיקט געוואָרן די מאָביליזירטע רעזערוויסטן. נאָך אַן עלף־חדשימדיקער באַלאַגערונג איז אין חודש דעצעמבער געפאַלן פּאָרט־אַרטור. דער גענעראַל סטעסעל, דער קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג, וואָס האָט אויפגעהאַלטן די פּאָזיציעס אַזאַ לאַנגע צייט, איז דעמאָלט פאַררעכנט געוואָרן פאַר איינעם פון די רוסישע נאַציאָנאַלע העלדן. אָבער נאָכן פאַלן פון פּאָרט־אַרטור איז קלאָר געוואָרן, אַז די פעסטונג האָט זיך געקאָנט האַלטן נאָך עטלעכע יאָר, ווייל זי געפינט זיך אויף אַ באַרג, אָן אַ צוטריט צו איר פון וועלכער עס איז זייט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז סטעסעל און אויך אַלעקסייעוו זענען אונטערגעקויפט געוואָרן פון די יאַפּאַנער און זיי ביידע האָבן איבערגעגעבן די פעסטונג דעם שונא. אין דער לעצטער יבשה־שלאַכט, אין פעברואַר 1905 יאָר, איז כמעט אינ־גאַנצן צעשמעטערט געוואָרן דאָס רוסישע מיליטער. דעם 14—15־טן מאַי איז דער רוסישער פלאָט כמעט אינגאַנצן אומגעבראַכט געוואָרן אין דער ים־שלאַכט ביי צוסימאַ.

נאָך די מפּלות איז רוסלאַנד געווען געצוווּנגען אונטערצושרייבן דעם 23־טן אויגוסט 1905־טן יאָר אַ שלום־אָפּמאַך אין פּאָרטסמוט. דעם אָפּמאַך האָט אונטערגעשריבן וויטע. רוסלאַנד האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אירע תּביעות אויף דרום־מאַנדזשוריע און קאָרעאַ און האָט אויך איבערגעגעבן יאַפּאַן אַ העלפט פון אינדזל סאַכאַלין (די העלפט פון סאַכאַלין איז אומגעקערט געוואָרן דעם ראַטנ־פאַרבאַנד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה).

אויפן אונטערשרייבן דעם שלום־אָפּמאַך האָבן אויך געהאַט אַ השפּעה די געשעענישן אין לאַנד גופא. דאָס פאָלק האָט נישט פאַרשטאַנען צו וואָס עס דאַרף מקריב זיין דאָס לעבן פון צענדליקער טויזנטער אַרבעטער און פּויערים פאַר די פּריוואַטע אינטערעסן פון די פּריצים און פון צאַר. די מלחמה גופא, די מפּלות אין די קרבנות, זענען געווען דער עיקר גורם צו דער גרויסער יוירונג, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דעם גרויסן רוסלאַנד. אין די שטעט זענען אָרגאַני־זירט געוואָרן דעמאָנסטראַציעס פון סטודענטן, ווי די דעמאָנסטראַציע ביים קאַ־זאַנער סאָבאָר, ווו די קאָזאַקן האָבן זיך צעווילדעוועט און געשלאָגן די סטודענטינס מיט גומענע שטעקנס.

די מלחמה, וועלכע האָט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג נישט אַרויסגע־רופן קיין סימפּאַטיע, איז נאָך מער געווען פאַרהאַסט ביי דער יידישער באַפעל־קערונג. ס'איז נישט געווען קיין ייד, וואָס זאָל נישט האָבן געווינטשן אַ טויט־מפּלה דער צאַרישער הערשאַפט. וועגן דעם זענען אפילו ארומגעגאַנגען אין פאָלק וויצן. מען האָט דערציילט, אַז אין די שלום־באַדינגונגען וואָס די יאַפּאַנער האָבן אַרויסגעשטעלט איז געווען פּונקט, אַז מ'זאָל זיי איבערגעבן פיר ערבני־קעס: אַ רוסישן גלח, וואָס טרינקט נישט; אַ באַאַמטן, וואָס נעמט נישט קיין כאַבאַר; אַ קראַנקן־שוועסטער, וואָס איז נאָך אַ בתולה און אַ יידן, וואָס איז נישט געשלאָגן געוואָרן. מען האָט אַ היפּשע צייט געזוכט, ביז מען האָט סוף־כל־סוף געפונען אַזעלכע פיר יחידי־סגולה און מען האָט זיי געשיקט אין אַ באַזונדערן וואַגאָן אויפן ווייטן מזרח. אויפן וועג האָט דער גלח נישט אויסגעהאַלטן, ער האָט זיך אָנגעשיכורט און אָנגעהויבן צו פאַרטשעפּען די קראַנקן־שוועסטער, האָט זיך אַריינגעמישט דער באַאַמטער, דער גלח האָט אים אונטערגעקויפט און יענער איז אַנטשוויגן געוואָרן. האָט זיך אַריינגעמישט דער ייד און געוואָלט ווירקן אויפן גלח, ער זאָל לאָזן צורו די שוועסטער, ווייל זי וועט חלילה נישט קאָנען זיין קיין ערובניצע, האָט דער גלח צעשלאָגן דעם יידן ביז בלוט. און אַזוי אַרום זענען פּסול געוואָרן אַלע פיר ערבניקעס...

מען האָט אויך דערציילט אַ מעשה מיט אַ יידישן זעלנער וואָס איז פאַר־וווּנדעט געוואָרן אין שלאַכט. אַ קויל האָט אים געטראָפן אין פוס און הינקענדיק איז ער געגאַנגען אויפן וועג צום שפּיטאָל. ס'האָט אים באַגעגנט אַ רוסישער

סאַניטאַר און געפרעגט ווו ער איז פאַרווונדעט, דער זעלנער האָט אים געענטפערט אַז ער איז פאַרווונדעט געוואָרן אין פוס. דער סאַניטאַר האָט אים גענומען אויפן אַקסל און געטראָגן צום שפּיטאָל. אויפן וועג האָט אַ שראַפּנעל געטראָפן דעם יידישן זעלנער און אים אָפּגעריסן דעם קאָפּ. דער סאַניטאַר האָט עס נישט באַ־מערקט און אים געבראַכט אַ טויטן אין שפּיטאָל. ווען מען האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט געבראַכט אַ טויטן, האָט זיך דער סאַניטאַר פאַרווונדערט און אויסגערופן: דער זשיד האָט מיך אויך דאָסמאָל אָפּגענאַרט, ער האָט געזאָגט, אַז ער איז פאַרווונדעט געוואָרן אין פוס, און אין דער אמתן איז ביי אים אָפּגע־ריסן געוואָרן דער קאָפּ...

ווען דער מצב אויפן וויטן מזרח איז אַלץ ערגער געוואָרן, האָט מען ווי־דער דערציילט צווישן יידן, אַז אויפן פראָנט איז געשיקט געוואָרן אַ גרויסע באַן, אַ העלפט מיט איקאָנעס און אַ העלפט מיט בעזעמער — אַזוי ווי ס׳זאָגט דאָס יידישע פאָלקס־ווערטל: „אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם אויך!״.

די אומרוען זענען דערגאַנגען צו דער הויפּטשטאָט פּעטערבורג. דער צאַר האָט געוואָלט מאַניפעסטירן, אַז ער רעכנט זיך מיט דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג און באַשטימט אַלס אינערן־מיניסטער דעם פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי. דער ברייטער עולם האָט זיך טאַקע טועה געווען מיינענדיק, אַז די צייט פון „פרי־לינג״ איז שוין געקומען. פון אַלע שטעט האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פּעטיציעס צום צאַר. די ליבעראַלע בורזשואַזיע, די „זיעמסטוואָ״ האָט געשיקט מיט הכנעה אַ דעלעגאַציע צו דערלאַנגען אַ פּעטיציע צום „פּאָטער פון פאָלק״, צום צאַר „דעם געזאַלבטן און אויסדערווײילטן״. זיי האָבן קיין סך נישט געפאָדערט: שאַפן אַ מין זיעמסקי פאַרלאַמענט (זיעמסקי סאָבאָר), ווי אַ ראַטגעבערישע אינסטאַנץ אין באַשטאַנד פון פאָרשטייער פון די „פּני״ פון אַלע גובערניעס. אָבער דער צאַר האָט געהאַט איין־און־איינציקן ענטפער: נישט געבן קיין תשובה. ווייזט אויס לויט דער עצה פון זיין דערציער און וועגווייזער, איינער פון די שוואַרצסטע צווישן די שוואַרצסטע, דעם ראש פון הייליקן סינאָד — פּאָביעדאָנאָסצעוו.

ס׳איז געקומען דער טאָג פון 9טן יאַנואַר 1905. די געשעענישן פון דעם טאָג האָבן אויפגעשטורעמט גאַנץ רוסלאַנד. אין דער געשיכטע זענען זיי אַזוי פאַרגעשטעלט: צענדליקער טויזנטער אַרבעטער האָבן זיך צונויפגעזאַמלט און געלאָזט זיך גיין צום ווינטער־פּאַלאַץ נישט, חלילה, צו דעמאָנסטרירן, נאָר צו בעטן דעם „צאַר באַטיושקאַ״ צו פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען. דער גלח גאַפּאָן איז געווען טעטיק צווישן די אַרבעטער פון די גרויסע פאַבריקן אין דער פאָרשטאָט „נאַרווסקאַיאַ זאַסטאַווא״. ווי ס׳איז דערנאָך קלאָר געוואָרן האָט גאַפּאָן נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט פּאָליטישע פּאַרטייען. פון אייגענעם ווילן, און אפשר פון ריין קריסטלעכע געפילן, האָט ער זיך דערנענ־

טערט צו די אַרבעטער, כדי זיי צו העלפן אין זייער נויט. גאַפּאָן האָט איינגע־פלאַנצט אין מוח פון די אַרבעטער דעם געדאַנק, אַז אין זייער שלעכטן מצב זענען שולדיק נאָר די מיניסטאָרן און איבעריקע באַאַמטע, וואָס שטייען בראש פון דער מלוכה, אָבער דער צאַר אַליין איז אַ מענטש אַ גוטער און וווילער, וואָס באַציט זיך מיט גרויס זאָרג צו די פּאָלקס־מאַסן. דערפאַר דאַרפן די אַרבעטער גיין צום צאַר און אים איבערגעבן וועגן אַלץ וואָס עס דריקט זיי אויפן האַרצן. די פּאָליטישע פּאַרטייען, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן (ס.ר.) זענען נאָך דאַן געווען צו שוואַך, און אויב אפילו זיי האָבן געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר צווישן די אַרבעטער אויף דער „נאַרוווסקאַיאַ זאַסטאַוואַ", האָבן זיי נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט דאָרט צו ווירקן אין זייער גייסט. און אפשר האָבן זיי אויך געמיינט, אַז גאַפּאָנס באַוועגונג וועט ענדלעך מיטווירקן צום פּאָליטישן רייף־ווערן פון די אַרבעטער.

און אָט האָט אַ המון פון הונדערטער טויזנטער מענטשן, מיטן גלח גאַפּאָן בראש, צונויפגעזאַמלט זיך אויפן פּלאַץ פאַרן ווינטער־פּאַלאַץ. מיט אַנטבלויזטע קעפּ איז די גאַנצע מאַסע געפאַלן אויף די קני, אָבער דער צאַר, דער פּחדן, האָט געענטפערט דעם המון, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין שטויב — מיט אַ פייער פון ביקסן און האַרמאַטן. הונדערטער געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע, אָפּגעהאַקטע הענט און פיס, אָפּגעריסענע קעפּ, בערג אויף בערג מיט היטלען און שטיוול — האָבן אויסגעפּילט דעם פּלאַץ און באַפאַרבט אים מיט אַ רויטן קאָליר, ווי די פאַרב פון די אויסגעפּוצטע מלוכה־פּאַלאַצן. די פּאָליציי האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך די אַנטלויפנדיקע און אַ סך פון זיי אַרעסטירט. גאַפּאָן איז אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן. ערשט איצט האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די ס.ר.׳ן, אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט ער זיך, ווייזט אויס, אויך פאַרבונדן מיט דער „אָכראַנע". די ס.ר. האָבן זיך דערוווּסט דערפון און זיי האָבן אים פאַרמשפּט צום טויט. פּנחס רוטענבערג דערציילט אין זיינע זכרונות וויאַזוי ער איז געפאָרן אין יענעם דאָרף אין פינלאַנד ווו גאַפּאָן האָט זיך אויסבאַהאַלטן און מיט דער הילף פון אַ חבר אויסגעפירט דעם גזר־דין.

דער נייַנטער יאַנואַר האָט אויפגעברויזט און אויפגעשטורעמט די געמיטער אין גאַנץ רוסלאַנד. די ערשטע זענען אַרויסגעטראָטן די סטודענטן אין יעדער שטאָט. אויך ביי אונדז, אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, האָט דער אויפברויז זיך געלאָזט פילן. די צוויי סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס, די יידישע און די פּוילישע האָבן באַשלאָסן צונויפצורופן אויפן 15־טן יאַנואַר אַן אַלגעמיינע „סכאָדקע". מיר האָבן זיך כמעט אַלע צונויפגעזאַמלט — עטלעכע טויזנט סטודענטן. מיר האָבן גערופן צו פּראָטעסטירן קעגן דער הריגה אויפן פּלאַץ פאַרן ווינטער־פּאַלאַץ און

אַרויסרוקן פּאָליטישע פאָדערונגען· פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם אונטעריאָכטן פּוילן איז געווען די עיקר־פאָדערונג — צו געבן פּוילן זעלבשטענדיקייט און גאַנץ רוסלאַנד אַ קאָנסטיטוציע. די לאָזונג איז געווען: צונויפרופן צוויי גריג־דונגס־פאַרזאַמלונגען, איינע אין פּעטערבורג פאַר גאַנץ רוסלאַנד, און די צווייטע אין וואַרשע — פאַר פּוילן. פון אַלע ריכטונגען האָבן זיך באַוויזן רעדנער. אין נאָמען פון אונדזער גרופּע, דער ציוניסטישער, איז אַרויסגעטראָטן נח פּרילוצקי. ער האָט גערעדט אויף רוסיש, ווייל ער האָט נישט געקאָנט קיין פּויליש, און דאָס איז געווען אַ בפירושער פּגם, ווייל די שנאה צו די „מאָסקאַליעס" (רוסן) איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין פּוילן. מען האָט מורא געהאַט, אַז צוליבן אַרויסטריט אויף רוסיש, וועט מען פּרילוצקין אַראָפּטרייבן פון דער טריבונע, מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין גוטן רעדנער אַחוץ אים. פּרילוצקי האָט גערעדט אַזוי שיין, אַז נישט בלויז, וואָס מען האָט אים נישט אַראָפּגעטריבן, נאָר אַפילו גוט זיך צוגעהערט צו אים און באַגלייט זיינע רייד מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

דערווייל, ווען ס'איז נאָך געווען גרויסער טאָג, איז געקומען די פּאָליציי אין אוניווערסיטעט, און דאָס איז לכל הדעות געווען אַ פּגיעה אין דער אוניווערסיטעט־אויטאָנאָמיע· מיר האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע צום רעקטאָר מיט דער פאָדערונג צו באַזייטיקן די פּאָליציי. די פּאָליציי האָט טאַקע פאַרלאָזט דעם הויף, אָבער זיך קאָנצענטרירט אין געסל פאַרן אוניווערסיטעט. מיר האָבן באַשלאָסן נישט צו פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט ביז די פּאָליציי וועט אינגאַנצן נישט באַזייטיקט ווערן. ס'איז אָבער געווען נאַכט, און דער הונגער האָט אָנגע־הויבן צו פּייניקן — איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט. מיר זענען דורכגעגאַנגען דאָס געסל צווישן אַ שפּאַלער פון דער פּאָליציי.

צוליב דער שפּעטער צייט — ס'איז שוין געווען נאָענט צו צוועלף — זענען צוויי חברים געקומען צו אונדז נעכטיקן: פּרילוצקי און יעלין (שפּעטער געהרגעט געוואָרן). ראָזענטאַל האָט שוין דעמאָלט געוווינט מיט מיר צוזאַמען אין דער דירה פון מיינע עלטערן. אין די גאַסן פון שטאָט האָבן מיר געזען סימנים פון אַ פּאָגראָם ממש: צעבראָכענע שויבן, פּאַפּירן האָבן זיך געוואַלגערט, שטיינער, און אַ סך קראָמען זענען די שוי־פענצטער געווען צעטראַסקעט. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון די מיטינגען, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אויף די גאַסן פון דער שטאָט. ווען מיר זענען געקומען אַהיים, האָבן זיך מיינע עלטערן זייער דערפרייט וואָס מ'זעט אונדז שוין, ווייל זיי האָבן געציטערט פאַרן מוזי־ניקל, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז פאַרמאַכט געוואָרן דער אוניווערסיטעט און קיינער האָט נישט געוווסט וואָס ס'וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג· אין דעם יאָר, אין 1905, האָב איך זיך געדאַרפט שטעלן צום מיליטער, ווייל איך בין אַלט

געוואָרן 21 יאָר. איך בין טאַקע געבוירן געוואָרן דעם 17־טן מערץ, אין מײַן מעטריקע איז אָבער געווען פאַרשריבן די געבורטס־דאַטע אויפן 1־טן יוני. ווי דער שטייגער פון אַלע יידן, האָט, ווייזט אויס, אויך מײַן פאָטער פאַרגעסן צו פאַרשרייבן מיך צו דער צייט. ערשט ווען איך בין אַלט געוואָרן 9 יאָר איז ער געגאַנגען מיט מיר אין קאָמיסאַריאַט, און ווי עס איז געווען פאַרשריבן אין פּראָטאָקאָל, „האָט ער געבראַכט מיט זיך אַ קינד" און דערקלערט, אַז ס'איז מיר געוואָרן 9 יאָר און מײַן נאָמען איז אַזוי און אַזוי. ווען דער אוניווערסיטעט וואָלט געווען אָפן, וואָלט איך באַקומען אַ פּראָלאָנגאַטע פון מיליטער ביזן פאַרענדיקן די לימודים, איז ער אָבער צו די צרות געווען פאַרמאַכט, דעריבער האָט מײַן פאָטער באַשלאָסן צו שיקן מיך קיין אויסלאַנד לערנען ווייטער אין וואָסער נישט איז אוניווערסיטעט, און אַזויאַרום באַקומען אַ פּראָלאָנגאַטע פון פּריזיוו. איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ציריך אין דער שווייץ. מײַן פאָטער האָט מיך באַגלייט ביז דער גרענעץ און אין חודש מערץ בין איך געקומען אויפן אָרט. דעמאָלט האָב איך באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אויף מעדיצין, אָנשטאָט נאַטורוויסנשאַפט.

אין אוניווערסיטעט האָט מען מיך אָנגענומען אויפן דריטן סעמעסטער, און אין מערץ האָב איך אָנגעהויבן צו באַזוכן די פאָרטראָגן. צו מײַן שלימזל איז דער פּראָפעסאָר פון אַנאַטאָמיע געווען פּראָפ. ריגע, וואָס איז געווען דער באַוווּסטער מומחה אויף אויגן און אויערן און דער גאַנצער סעמעסטער איז ביי אונדז אַוועק אויף שטודירן אָט די אברים. די מאַסע פּרטים פון די דאָזיקע אברים האָט מיך שטאַרק איבערגעשראָקן און איך בין געקומען צום אויספיר, אַז אין מעדיצין שטעקט אַ גרויסע סכנה: צוליב איין פאַרדריסלעכן טעות, קאָן מען אומברענגען אַ מענטשן. ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער סעמעסטער, האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם מעדיציניש פאַקולטעט.

אין ציריך איז געווען אַ פּראָפעסאָר שטאַנדפוס, אַ ספּעציאַליסט פאַר פלאַטערלעך. איך האָב פלייסיק געהערט זיינע פאָרטראָגן און הגם מיר זענען געווען בלויז דריי סטודענטן אויף זיין קורס האָט ער אַרויסגעוויזן אַן ערנסטע באַציונג צו זיין אַרבעט. פון צייט־צו־צייט פלעגט ער מיט אונדז מאַכן אויספלוגן הינטער דער שטאָט. מיר פלעגן צונויפזאַמלען פלאַטערלעך און מאַכן פאַר זיך זייער אינטערעסאַנטע קאָלעקציעס. עס האָבן זיך אונדז געטראָפן אַזעלכע מינים פלאַטערלעך, וואָס זענען בכלל נישט געווען בנמצא אין דער פּוילישער פאַונע.

קיין ציריך בין איך געפאָרן מיט צוויי חברטעס, וואָס האָבן זיך אויך געגרייט צו שטודירן מעדיצין. איינע איז געווען אַ גאַנץ לייכטזיניקע פריילין און דער עיקר געטראַכט וועגן בחורים, די צווייטע איז געווען אַן ערנסטע. בשעת מיר פלעגן פאַרפירן אַ געשפּרעך וועגן אונדזער צוקונפט און מיר פלעגן פּרווון טרעפן ווער פון אונדז עס וועט זיין אַ דאָקטאָר, איז פאַר אלעמען קלאָר געווען,

אַז איך וועל אויף באַשטימט ענדיקן מעדיצין און מן הסתם וועט אויך די חברטע גרוניע, די צווייטע, דערצו זוכה זיין, אָבער די ערשטע וועט אַוודאי נישט דערגרייכן צו קיין שום תכלית. ס׳איז אָבער געשען פּונקט פאַרקערט. די ערשטע איז געוואָרן אַ דאָקטאָר, און מיר ביידע, גרוניע און איך, האָבן קיינמאָל נישט געענדיקט ביזן סוף מעדיצין. גרוניע האָט אין אַ צייט אַרום חתונה געהאַט מיטן רוסיש־יידישן שרייבער אָסיפּ דימאָוו (געשטאָרבן אין צפון־אַמעריקע אין 1959).

ווען מיר זענען געקומען קיין ציריך האָבן מיר ביי אַן עלטערער פּרוי געדונגען צוויי צימערן; די צוויי מיידלעך אין איין צימער און איך אין צווייטן. די באַציונגען צווישן אונדז זענען געווען פריינדלעכע. מיר פלעגן צוזאַמען גייך אויף באַזוכן צו אונדזערע פריינד, וואָס מיר האָבן זיך מיט זיי באַקענט אַדאַנק דער רעקאָמענדאַציע פון אונדזער באַקאַנטער אין וואַרשע, לילי פראַנק — די מאַמע פון שורע אָשעראָוויטש ז״ל, דער חבר פון גבעת־ברענער וואָס איז גע־הרגעט געוואָרן בעת דער באַפרייונגס־מלחמה, ווען זיין דזשיפּ איז אַרויף אויף אַ מינע.

מיינע חברטעס פלעגט באַזוכן אַ בחור, אַ סטודענט, וואָס האָט זיך מער פאַרנומען מיט פּאָליטיק, ווי מיט שטודירן. דאָס איז געווען ראָשטשין, אַ באַ־ווּסטער אַנאַרכיסט. מיר פלעגן זיך אָפט באַגעגענען, און ער האָט אויף מיר אַזויפיל משפּיע געווען, אַז איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן ווי צונויפפּאָרן אַנאַר־כיזם מיט ציוניזם. ראָשטשין האָט, צווישן אַנדערן, געטענהט, אַז דאָס פּריוואַט־אייגנטום, אפילו דאָס קלענסטע, שטערט דעם מענטש צו זיין אַן אַנאַרכיסט. ער האָט מיר דערציילט, אַז איינמאָל איז ער געפאָרן אין דער שווייץ מיט אַ באַן, און נעבן אים איז געזעסן אַ מיידל, וואָס האָט כלומרשט, אָנגענומען זיין אַנאַר־כיסטישע תורה. ווען די באַן האָט זיך דערנענטערט צום לאַנגן טונעל פון גאָט־האַרד, האָט ער געשפּירט, אַז דאָס מיידל איז געוואָרן אומרויק. ווען ער האָט איר געפרעגט, וואָס איז די סיבה, האָט זי געענטפערט, אַז זי האָט מורא, טאָמער וועט מען אין דער פינצטער צוגנבענען איר טשעמאָדאַן. „נו, זעסטו — האָט ער צוגעגעבן — קאָן אַ מענטש ווערן אַן אַנאַרכיסט, אויב ער האָט אַ טשעמאָדאַן?!״ און טאַקע ער, ראָשטשין, האָט באמת גאָרנישט פאַרמאָגט, און פאַרשטייט זיך, אַז ער פלעגט לייען פון מיר געלט און קיינמאָל נישט אָפּגעבן. ער איז געווען זייער אַ פעיקער מענטש, אָנגעשטאָפּט מיט ידיעות, אַ בקי׳ אין יידישקייט, און נישט איינמאָל פלעגט ער מיך פאַרווּנדערן מיטן אויפקלערן שווערע ערטער אין תנ״ך. אָבער זיין השפעה אויף מיר איז, ווייזט אויס, געווען אַן איבערפלעכ־לעכע. ווען איך האָב זיך מיט אים צעשיידט יענעם זומער — האָב איך זיך אויך צעשיידט מיטן אַנאַרכיזם איינמאָל פאַר אַלעמאָל.

אין ציריך האָב איך באַגעגנט אַ סך עמיגראַנטן פון די רוסישע רעוואָלו־

ציאָנערן. פון צייט צו צייט פלעגן זיי האַלטן פאָרטראָגן פאַר די רוסישע סטו־דענט. אַזוי האָב איך איינמאָל געהערט דעם פאָרטראָג פון ברוך סטאָלפּנער, איינער פון די זיילן פון מאַרקסיזם אין יענער צייט. ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָב איך געהאַט די זכיה צו הערן פּלעכאַנאָוון.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז אין ציריך האָב איך ממשיך געווען מיט מיין זעלבסטבילדונג. איך האָב שוין געהאַט געלייענט פּלעכאַנאָוון, קאַוטסקין (דעם „ערפורטער פּראָגראַם" און אַ ביסל פון באָגדאַנאָוון. איצט האָב איך זיך אָפּגעגעבן מיט מאַרקסן. איך האָב אָנגעהויבן לייענען זיין ווערק „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע". איך האָב זיך אָבער איבערצייגט, אַז די זאַכן זענען צו שווער פאַר מיין פאַרשטאַנד. איך האָב נאָכאַמאָל געלייענט דאָס בוך אין אַ צייט אַרום.

איידער איך האָב פאַרלאָזט וואַרשע האָט זיך דאָרט אָרגאַניזירט אַ קאָמי־טעט פון ציוני־ציון, ווייל מען האָט זיך שוין געגרייט צום זיבעטן קאָנגרעס, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין באַזעל. איך בין אַריין אין דעם קאָמיטעט אַלס פאַר־שטייער פון „קדימה", און אפילו זייענדיק אין ציריך האָב איך ווייטער אונטער־געהאַלטן פאַרבינדונגען מיטן קאָמיטעט. פאַר מיין אַרויספאָר איז אין וואַרשע געפייערט געוואָרן דער יובילי פון שפּ"ר — שאול פנחס ראַבינאָוויטש, וואָס איז געווען מיין ערשטער לערער פון העברעיש. איך האָב אויף דער דאָזיקער מסיבה באַגריסט דעם אַלטיטשקן שפּ"רן אין נאָמען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

אויך אין ציריך האָב איך נישט איבערגעריסן מיט מיין ציוניסטישער טעטיקייט. אין דער שטאָט איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון סטודענטן־ציוניסטן מיטן נאָמען „השחר". איך בין אַריינגעטראָטן אַלס מיטגליד פון „השחר" און דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט צבי אברהמי, וואָס האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט צוויי אַרטיקלען אין „יעוורעסקאַיאַ זשיזן". ער איז געווען אַן ערנסטער מענטש און מיר האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס צוטרוי. איך ווייס נישט וואָס איז געוואָרן זיין סוף און וויאַזוי ער איז נעלם געוואָרן פונעם געזעלשאַפטלעכן האָ־ריזאָנט. איינמאָל האָב איך געהאַלטן אַ פאָרטראָג אין אונדזער אָרגאַניזאַציע און מיין עיקר־אָפּאָנענט איז געווען דער טעריטאָריאַליסט שמואל ווייצמאַן, דער ברודער פון חיים ווייצמאַן.

איך דאַרף זאָגן דעם אמת: אין ציריך האָב איך זיך בדרך כּלל נישט גע־פילט זייער גוט. לכתחילה האָט יעדע זאַך אַרויסגערופן ביי מיר אַן אינטערעס. ס'איז דאָך געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך בין אויף אַ לענגערער צייט אַרויס פון די לעבנס־באַדינגונגען אין אַ צאַרישער אָרדענונג און אַריבער אין אַ פריי לאַנד ווי שווייץ. אַלץ האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען אויסטערליש. מיר פלעגן איינאָרדענען עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען אין קאַפעען; מיר פלעגן זיצן

און טרינקער זאַפּט געמישט מיט וואַסער (און ווען ס׳האָט זיך געענדיקט דער זאַפּט — האָט מען געטרונקען וואַסער אַליין, וואָס מ׳האָט גערופן „זאַפּט מיט וואַסער"...), מיר פלעגן הערן פּאַרטראַגן, דיסקוטירן, קיין פּאָליציי האָט מען כמעט ווי נישט געזען; די פּרעסע איז געווען אַ פרייע, און די מענטשן זענען אויך געווען עפּעס אַנדערע, גאַסטפריינטלעכע, גוטהאַרציקע און שמייכלענדיקע. וואָס מער איך האָב זיך אָבער באַקענט מיט די שווייצער, אַלץ מער האָב איך באַמערקט אין וואָסער מאָס ס׳האָט אַריינגעדרונגען אין זייער האַרץ און מחשבה דער פּיליסטערישער גייסט. אפילו זייערע סאָציאַליסטן האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען אויסטערליש, ווי מענטשן אָן טעמפּעראַמענט, וואָס זיצן לאַנגווייליק לאַנגע שעהן און סמאָטשקען פּאַרטראַגן די פּייקע. איך האָב זיך פּאַרטראַכט, ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז אַ פאָלק פון העלדן, קעמפער פאַר פרייהייט, וועלכע האָבן דערוואָרבן זייער זעלבשטענדיקייט מיט בלוט, איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלק פון פּיליסטערס, וואָס איז אַזוי רויק און זיכער ביי זיך, אַ שמח בחלקו. ס׳האָט מיר אויסגעזען, אַז אַזוי היטן זיי אויך אָפּ דעם אָנדענק פון פרייהייטס־העלד ווילהעלם טעל. איינמאָל, אין אַ זונטיק, בין איך געפאָרן אין אַ שטעטל און דאָרט געזען דעם דענקמאָל פון ווילהעלם טעל, דעם נאַציאָנאַלן שווייצאַרישן העלד פון דער פאָלקס־מלחמה קעגן די עסטרייכישע פעאָדאַלן, וואָס איז געשילדערט אין דער באַרימטער דראַמע פון פרידריך שילער. גראָד איז אָנגעקומען אַ גרופּע שווייצער, זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַרן דענקמאָל, געזונגען מאָנאָטאָנע לידער און פאַנאַנדערגעגאַנגען זיך. דאָס איז געווען אין געבוירנטאָג פון ווילהעלם טעל.

בכן, האָב איך זיך אָנגעהויבן לאַנגווייליקן אין ציריך. איך האָב געהאַט עטלעכע חברים, אָבער כמעט תמיד האָב איך געלעבט ביחידות. אָפטמאָל, פאַר־נאַכט, פלעג איך גיין צו דער ציריכער אָזיערע, דינגען אַ שיפל און אָוועקשיפן ווייט־ווייט. די אָזיערע איז געווען שמאָל און לאַנג, ביי אַ 40 קילאָמעטער. עס פלעגט טרעפן, אַז שיפנדיק זיך אויף דער אָזיערע, זאָל מיך באַהערשן אַ גע־דאַנק וועגן זעלבסטמאָרד, נישט מחמת ליידן, נאָר סתם פון לאַנגווייליקייט. אין אַ צייט אַרום, אַז איך פלעג טראַכטן פון יענער תקופה, בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז אַ מענטש דאַרף זיך געפינען אין אַ סביבה פון מענטשן, וואָס זענען אים נאָענט אין גייסט, ווייל אויב נישט וועט דאָס לעבן ווערן פאַר אים אַ לאַסט. אפילו די חברים פון „השחר" האָבן מיר אויך אויסגעזען שטאַרק אויסטערלישע. זיי זענען שוין לאַנג געווען אין דער שווייץ און אויך געווען פּיליסטערס מיט אַ שמאָלן האָריזאָנט, ווייטע פון דער יידישער ווירקלעכקייט אין פּוילן און רוסלאַנד, ווייטע פון דער נישט־יידישער ווירקלעכקייט. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, ווי ס׳וואָלט פון זיי זיך געטראָגן אַ ריח פון שימל.

ס׳איז געקומען דער 1־טער מאַי פון יאָר 1905. די שטאָט איז געווען

אונטערן צייכן פונעם יום־טוב. אַ שפע פון רויטע פאַנען. עפנטלעכע פאַרזאַמ־לונגען אין ריזיקע זאַלן. פאַרן אַרויסגיין צו דער אַלגעמיינער דעמאָנסטראַציע, האָבן זיך אין אַ סך ערטער געזאַמלט מענטשן פון פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און ס'איז באמת איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פּראַכטפולע דעמאָנסטראַציע. אַלע גאַסן זענען געווען פול מיט ראָוועריסטן, די ראָווערן באַצירט מיט רויטע פענדלעך און מיט מאַסן מענטשן אָן אַ סוף. דער צונויפטרעף־פּונקט איז געווען אויף אַ ברייט פעלד, אויף דער צווייטער זייט פון ציריכסבערג. די פייערלעכע רעדע האָט געהאַלטן דער באַרימטער פירער פון די שווייצאַרישע סאָציאַליסטן, דער אַלטיטשקער גרייליך. ווי אַנדערש איז געווען די דאָזיקע פייערונג פון די ערשטע מאַי־פייערונגען אין וואַרשע. אין וואַרשע איז נישט אַדורך קיין איין ערשטער מאַי אָן צעשלאָגענע און פאַרוווּנדעטע. איך דערמאָן זיך די פייערונג אין וואַרשע מיט איין יאָר פריער, אין יאָר 1904. גרופּעסווייז האָט מען זיך גע־זאַמלט אין פאַרשידענע ערטער און פון מאָל צו מאָל איז די פּאָליציי באַפאַלן די אָדער יענע גרופּע און צעשלאָגן פיל דעמאָנסטראַנטן. האָט די פּאָליציי צעטריבן די פאַרזאַמלטע אין איין אָרט, האָבן זיך גלייך צונויפגעזאַמלט עטלעכע צענדליק מענטשן אין אַ צווייטן אָרט. אויך דאָסמאָל, צומאָרגנס פון דער גרויסער פייערונג אין דער שווייץ, האָבן די צייטונגען געשריבן, אַז אין וואַרשע איז געווען אַ גרוי־סע דעמאָנסטראַציע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך פּ.פּ.ס. אויף די יעראָזאָ־לימער אַלייען זענען אָפּטיילונגען פון זשאַנדאַרמען אויף פערד באַפאַלן די דע־מאָנסטראַנטן, געשלאָגן, געשאָסן און עס זענען געהרגעט געוואָרן אַ סך מענטשן.

אין אַ זונטיק־טאָג האָט די שווייצאַרישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי באַשלאָסן רופן אַ גראַנדיעזן פאַרזאַמלונג־צונויפטרעף פון דריי סאָציליסטישע פּאַרטייען — די שווייצאַרישע, די דייטשישע און די עסטרייכישע. דער צונויפטרעף איז פאָר־געקומען אין קאָנסטאַנץ, אויף דער באָדען־אָזיערע — אַ גרענעץ־שטאָט צווישן די דריי לענדער. איך בין אויך געפאָרן אַהין. דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט צענד־ליקער טויזנטער מענטשן, און איך האָב געהאַט די זכיה צו הערן די וועלט־באַרימטע פירשטייער פון דריי פּאַרטייען: פון דער שווייצאַרישער האָט גערעדט דער אַלטער גרייליך, פון דער דייטשישער — בעבעל, און פון דער עסטרייכישער — דער אַלטער וויקטאָר אַדלער.

שבועות זענען מיר געווען פריי אַ פּאָר טעג. האָבן מיר באַשלאָסן, איך און צוויי פּוילישע סטודענטן פון וואַרשע, צו מאַכן אַן אויספלוג און אַרויפקלעטערן אויפן פּילאַטוס — אַ באַרג אין דער געגנט פון לוצערן, וואָס זיין הייך איז 2100 מעטער. מיר זענען געפאָרן מיט דער באַן ביז דער שטאָט צוג, און פון דאָרטן זענען מיר געגאַנגען צופוס ביז לוצערן, וואָס געפינט זיך ביים ברעג פון דער אָזיערע פון די פיר קאַנטאָנען. לוצערן איז אַ שיינע שטאָט, אָבער די אָזיערע איז נאָך צען מאָל שענער.

מיר זענען אַריבער די אָזיערע און געקומען צום שטעטל אַלפּנאַכשטאַט, צופוסנס פון פּילאַטוס. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויפקלעטערן. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז נאָך 3 שעה בערך וועלן מיר דערגרייכן די העלפט וועג, ווו עס געפינט זיך אַן אַכסניה. דאָרט וועלן מיר פאַרבלייבן ביז האַלבע נאַכט, כדי אַ ביסל אָפּצורוען זיך און דערנאָך וועלן מיר ממשיך זיין אַרויפצוקלעטערן אויפן צווייטן און שווערסטן טייל פון באַרג; און אויב אַלץ וועט גיין כשורה — וועלן מיר דערגרייכן צום שפּיץ פון פּילאַטוס 4 אַזייגער פאַרטאָג, די פּאַסיקע צייט צו זען דעם זונאויפגאַנג.

זענען מיר אַרויסגעגאַנגען פון אַלפּנאַכשטאַט 8 אַזייגער אין אָוונט און געקומען צו דער אכסניה. מיר האָבן געטרונקען ציגן־מילך און אויסגעגלייכט די ביינער אויפן שטרוי אין שטאַל. האַלבע נאַכט זענען מיר אַרויס אין וועג. קיין שטעקנס האָבן מיר נישט געהאַט, אפילו קיין לאַמטערן אויך נישט. ס׳איז שטאָק פינצטער, ס׳פאַלט אַ רעגן, די קעלט ווערט אַלץ שטאַרקער און מיר קלעטערן אויף אַ סטעזשקע. נאָך אונדז גייט אַ צווייטע גרופּע. מיר גייען מיט אַ סטעזשקע, וואָס האָט אַ סך זיגזאַגן. אין איין אָרט האָט דער שניי פאַרדעקט די גאַנצע סטעזשקע. איינער פון דער צווייטער גרופּע האָט אונדז דערקלערט, אַז דער שניי גליטשט זיך אַראָפּ פּאַסנווייז פון דער הייך און זאַמלט זיך אָן אויף דער סטעזשקע, אויב מיר וועלן גיין גלייך וועלן מיר ווייטער אַרויפקומען אויפן פרייען וועג. און אַזוי איז געווען: עטלעכע מאָל האָבן מיר איבערגעהאַקט פּאַסן שניי און אַרויסגעקומען אויף דער סטעזשקע. אָבער אָט זענען מיר פאַרזונקען געוואָרן אין איין אָרט און מיר האָבן געטאָפּטשעט אין שניי אָן אַ סוף. דערוויל זענען אונדז אויסגעגאַנגען די כוחות. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. די קעלט איז געווען מוראדיק, די הענט און פיס כמעט ווי פאַרפרוירן. קיין וועג איז נישט געווען און וואָס מען דאַרף טאָן — האָט קיינער נישט געוווּסט. די שווייצער, מיט די לאַנגע שטעקנס, האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוגליטשן זיך גלייך אויף אונטן. זיי האָבן דערביי געהאַלטן די שטעקנס הינטער זיך און אַריינגעשטעקט זיי אין דער ערד, כדי אָפּצוהאַלטן די געשווינדקייט ביים אַראָפּגליטשן זיך. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שטעקנס. מיר זענען געווען אויפן ראַנד פון פאַרצווייפלונג. ס׳איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו זעצן זיך אויפן שניי און אַראָפּגליטשן זיך אָט אַזוי סתם אויף אונטן און וואָס ס׳וועט זיין וועט זיין... אומגעריכט האָט זיך באַוויזן אַ יונגער שווייצער, וואָס האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ער ווייסט דעם וועג און אויף זיין ערנוואָרט פון אַ שווייצאַרישן בירגער אונדז מבטיח געווען אין משך פון אַ האַלבער שעה אַרויסצופירן אויפן ריכטיקן וועג. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז דער שווייצאַרישער בחור האָט אונדז אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה. דער גאַנג איז געווען זייער אַ שווערער, מיר האָבן געמוזט קריכן אויף אַלע פיר, איינגעגראָבן זיך טיף

אין שניי, כדי אויפצוהאַלטן זיך און נישט אַראָפּגליטשן זיך אויף אונטן. אין 40 מינוט אַרום זענען מיר אַרויף אויף דער סטעזשקע, און נאָך אַ שעה גאַנג זענען מיר ענדלעך צוגעקומען צום האָטעל אויפן שפּיץ פעלדז. דאָס וועטער איז געווען זייער אַ שטורעמדיקס, מיט אַ שלאַקס־רעגן און צאָרנדיקע ווינטן. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דעם זון־אויפגאַנג וועלן מיר שוין דאָס מאָל נישט זען פון שפּיץ־באַרג. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך פאַרעקשנט אַרויפצוגיין אויפן שפּיץ. מיר האָבן געקויפט לאַנגע באַרג־שטעקנס און צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע עקסקורסאַנטן האָבן מיר געקלעטערט צום שפּיץ־באַרג. דער וועג איז געווען זייער אַ גליטשיקער, שטעלסט אַוועק אַ פוס נישט ווי ס׳באַדאַרף־צו־זיין — און דו קייקלסט זיך גלייך אַראָפּ אין אָפּגרונט. ענדלעך האָבן מיר דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג, אָבער נישט צו דער באַשטימטער צייט. איך האָב זיך דעמאָלט געגעבן אַ נדר אומצוקערן זיך אַהער נאָכאַמאָל און זען דעם זונאויפגאַנג, און זאָל זיין, וואָס ס׳וועט זיין...

דעם נדר האָב איך נישט פאַרגעסן. אין יולי זענען מיר געגאַנגען, איך און נאָך חברים, קיין אַלפּנאַכשטאַט, כדי אַרויפצוקלעטערן אויפן באַרג. דאָס וועטער איז געווען אַ שיינס. ווידער האָבן מיר גענעכטיקט אין דעם האָטעל, און מיטן זונאויפגאַנג זענען מיר געווען אויפן שפּיץ באַרג. ווען די זון האָט אויפגעשיינט האָב איך געשפּירט, אַז ס׳איז כדאי געווען צו קומען נאָכאַמאָל אויף דעם אָרט. די זון האָט געמאַכט אַ קפיצת הדרך פון אונטערן האָריזאָנט, ממש ווי אַ פייל פון אַ בויגן און זי איז געווען אַ סך גרעסער פון דער, וואָס איך בין געוווינט געווען צו זען יעדן טאָג.

ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט פון זיבעטן קאָנגרעס אין באַזעל. די עיקר־פראַגע, וואָס איז געשטאַנען פאַרן קאָנגרעס, איז געווען: ארץ־ישראל אָדער סתם אַ טעריטאָריע. דער אוגאַנדאַ־פּראָיעקט איז שוין אַראָפּ פון דער טאָגאָרדענונג, כאָטש דער זיבעטער קאָנגרעס האָט נאָך באַדאַרפט אויסהערן אַן אָפיציעלן באַריכט וועגן דער פראַגע פון דער קאָמיסיע, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויפן זעקסטן קאָנגרעס. אויפן זעקסטן קאָנגרעס האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אַז אוגאַנדאַ דאַרף זיין א „נאכט־אַזיל״. אָבער אַ סך, וואָס האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון אָפּזאָגן זיך פון ארץ־ישראל, זענען אַוועק ווייטער און אָפּגעזאָגט זיך פון געדאַנק וועגן שיבת־ציון. אָנשטאָט אים איז געקומען דער ריינער טעריטאָריאַליזם, הן אין בורזשואַזע קרייזן, הן אין פּראָלעטאַרישע. ס׳האָט זיך שוין אָרגאַניזירט די פּאַרטיי ציוניסטן־סאָציאַליסטן (ס.ס.) פון איין זייט און אַ בור־

זשואַזע גרופּע מיט זאַנגווילן און יאָכעלסאָנען — פון דער צווייטער זייט. אין סאָציאַליסטישן טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע" (רענעסאַנס), זענען אויך געווען אָנהענגער פון טעריטאָריאַליזם, מען האָט שוין אפילו געזוכט וועגן צו דער פאַרווירקלעכונג.

די פראַגע פון „דאָ און דאָרט" — די פאַרבינדונג צווישן ארץ־ישראל אין דער צוקונפט און דער יידישער ווירקלעכקייט — איז געווען אינגאַנצן פאַרטונקלט. דער בורזשואַזער ציוניזם האָט זיך געמאַטערט מיט דער פראַגע און געשאַפן דעם באַגריף פון „קעגנוואַרטס־אַרבעט", וואָס האָט געפונען זיין פולן אויסדרוק אין דעם העלסינגפאָרער פּראָגראַם. אויך ביים פּראָלעטאַרישן ציוניזם, וואָס האָט ערשט געשטעלט די ערשטע טריט, האָט שוין די פראַגע פאַרנומען אַ חשובן אָרט. אין דעם פּונקט זענען די „וואָזראָזשדענצעס" דערגאַנגען צו דער מסקנה, אַז נישט די ציוניסטישע באַוועגונג וועט פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם, נאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, דורך זיין אייגענער אָרגאַניזאַציע — די קהילות, וואָס וועט נעמען אויף זיך די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. אויף אַזאַ אופן וועט געשאַפן ווערן די פאַרבינדונג צווישן דער טעטיקייט אין גלות און דעם לעבן אין ארץ־ישראל, נאָר דערוויל ווערט אָנשטאָט ארץ־ישראל גענומען אין באַטראַכט די אומבאַוווסטע „טעריטאָריע". דאָס ממשותדיקע ארץ־ישראל האָט לפּחות עקזיסטירט אויף דער געאָגראַפישער מאַפּע, אָבער די „טעריטאָריע" האָט זיך ערשט געשאַפן בלויז אין די מוחות פון די טעריטאָריאַליסטן פון די פאַרשידענע מינים. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז דער טעריטאָריאַליזם איז פאַרמשפּט געוואָרן פאַרוואַנדלט צו ווערן מיט דער צייט אין אַ פולשטענדיק אַבסטראַקטן געדאַנק, אַ געדאַנק, וואָס וועט גיך פאַרשווינדן פון דער וועלט. די „וואָראָזשדענצעס" האָבן צוגעפּאַסט אַ טעאָריע אויף צו דערקלערן די סיבות פון דער אומנאָרמאַלקייט אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די עיקר־סיבה פון דער אומנאָרמאַלקייט איז דער מאַנגל פון וואָסער נישט איז טעאָריע, און זיי האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון, אַז דער דאָזיקער געדאַנק, צוליב זיין אַבסטראַקטקייט, איז נישט פאַרבונדן מיטן ווירקלעכן לעבן פון פאָלק. כדי אויסצופילן דעם בלויז, איז אין זייער קלייזל געשאַפן געוואָרן אַ טעאָריע וועגן „נאַציאָנאַלער עקספּלאָאַטאַציע", דאָס מיינט: געוויסע פעלקער עקספּלאָאַטירן אַנדערע, און אַלע צוזאַמען עקספּלאָאַטירן דאָס יידישע פאָלק; די עקספּלאָאַטאַציע איז אַן עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און פיזישע (פּאָגראָמען). ס'האָט זיך אָבער געשטעלט די פראַגע: פאַרוואָס זאָלן פּאָגראָמען אָנגערופן ווערן עקספּלאָאַטאַציע און נישט הריגה? פּאָליטישע באַגרענעצונגען — פאַרוואָס זאָלן זיי באַדייטן עקספּלאָאַטאַציע און נישט קיין באַוווסטזיניקע שטערונג פון דער אַנטוויקלונג פון אַ צווייט פאָלק? דאָס

זעלבע איז מיט עקאָנאָמישע באַגרענעצונגען. בקיצור, אָנשטאָט דעם באַגריף פון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ פון הערשנדיקן פאָלק קעגן אַלע שיכטן פון אונ־טערדריקטן פאָלק, האָט מען איינגעפירט אַ פאַרטונקלטן באַגריף „עקספּלאָאַ־טאַציע" וואָס דאַרף כלומרשט זיין מער פאַרשטענדלעך און מער נאָענט פאַר די מאַסן.

דערווייל האָט זיך דערנענטערט די צייט פון קאָנגרעס. ביידע מחנות, די טעריטאָריאַליסטן און פּאַלעסטינצעס האָבן זיך געגרייט צום קאָנגרעס, צום לעצטן אַנטשיידענעם קאַמף. די פּאַלעסטינצעס — ציוני ציון — זענען זיך צונויפגעקו־מען אויף זייער פאָרקאָנפערענץ אין פרייבורג־באַדען. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין פרייבורג. דער קאָמיטעט פון ציוני ציון אין וואַרשע האָט מיר צוגע־שיקט אַ מאַנדאַט פון דער מאַריופּאָלער אָרגאַניזאַציע. דער מאַנדאַט איז געווען אַן אימפּעראַטיווער אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל, ד. ה. אַן אַנטשלאָסענער. איך בין געקומען קיין פרייבורג און גלייך פון דער באַן אַריין אין קאָנגרעס־ביוראָ. צו מיין פאַרוווּנדערונג האָט מען מיך דאָרט אויפגענומען מיט אַפּלאָדיסמענטן. די ציוניסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט זענען נישט געווען צוגעוווינט צו זען אין זייער געזעלשאַפט אַ יונגן בחור מיט אַ רוקזאַק אויף די פּלייצעס און אַ לאַנגן שטעקן אין האַנט. ווי איך בין נאָר אַריין אין קאָנגרעס־זאַל, איז צו מיר צוגע־גאַנגען אַ מיידל פון אַ יאָר 20, פון מיטעלן ווּוּקס, מיט פענסנע אויף דער נאָז, און האָט מיך געפרעגט אויף רוסיש, צי איך בין אַ חבר פון פּועלי־ציון. ווייזט אויס, אַז לויטן אויסערלעכן אויסזען (איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ רוסישער שוואַרצער בלוזע (רובאַשקע), לויטן שטייגער פון די רוסישע סטודענטן אין יע־נער צייט) האָב איך געמוזט דווקא זיין אַ חבר פון פּועלי־ציון. איך בין געוואָרן צעמישט. פּועלי־ציוניסטישע געדאַנקען, נישט געשריבענע, זענען מיר געווען נאָענט פון לאַנג, איך האָב אָבער בשום אופן נישט געקאָנט שלום־מאַכן מיטן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, ווייל איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ דואַליסט, וואָס גיט צו אַ גלייכן ווערט דעם מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם אין דער געשיכטע. דערפאַר האָב איך געענטפערט דעם מיידל, אַז איך אַליין האַלט זיך פאַר אַ פּועלי־ציוניסט, כ׳בין אָבער נישט קיין אָנהענגער פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. תיכף איז דאָס מיידל פאַרשוווּנדן געוואָרן. דאָס איז געווען רחל גאָלדין, היינט רחל ינאית, די פרוי פונעם מדינה־פּרעזידענט — יצחק בן־צבי.

אויף דעם קאָנגרעס איז אויך געקומען פון וואַרשע מיין שוועסטער מרים. מיר זענען געווען איינשטימיק כמעט אין אַלע פראַגן, און ביידע האָבן מיר גע־וואָלט זיך דערנענטערן צו פּועלי־ציון, וואָס זענען אַהערגעקומען דאָס ערשטע מאָל ווי אַן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט. אויפן פריערדיקן קאָנגרעס האָט זיך באַטייליקט נאָר איין דעלעגאַט פון פּועלי־ציון פון גאַליציע. מען האָט דעמאָלט

אָנגעוויזן אויף אַ יונגן בחור מיט אַ שוואַרץ, קליין בערדל, אַן אויסגעפּוצטער, מיט ווייסע הענטשקעס, וואָס איז געזעסן אויף די ערשטע בענק, דאָס איז געווען שלמה קאַפּלאַנסקי. דאַסמאָל האָט זיך באַוויזן אויפן קאָנגרעס אַ גרופּע דעלעגאַטן און צווישן זיי: בער באָראָכאָוו, וואָס איך האָב אים געקענט נאָך פון וואַרשע, ווען ער האָט דאָרט געהאַלטן אַ רעפעראַט אין פרילינג פון יאָר 1904 אין דער וווינונג פון פּועה ראַקאָווסקי. אמת, זיין רעפעראַט האָט ער געהאַלטן נישט אַלס פּועלי־ציוניסט, ווייל אין יענער צייט האָט זיך באָראָכאָוו דערווייטערט פון די פּועלי־ציון פון דרום־רוסלאַנד צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, וואָס ער האָט וועגן זיי געשריבן אין זיין בראָשור „די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק". צווישן די פּועלי־ציוניסטישע דעלעגאַטן צום קאָנגרעס זענען געווען, אויסער באָראָכאָוון, אויך ברוכסאָן, כאַשין־אַווערבוך, קיווין, זאַקהיים, מתתיהו לעוואַקאָווסקי, דוד ראַפּאַפּאָרט, נאַסיאַ גרינבערג, כעלמער פון פּראָסקוראָוו און אַנדערע.

אין די חדשים אַפּריל־מאַי איז אַוועק פון „התחיה" אין וואַרשע אַ גרופּע חברים, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן פּועלי־ציון, און זי האָט זעלבשטענדיק אויסגעווײלט ראַסקינען אַלס דעלעגאַט צום זיבעטן קאָנגרעס. די גרופּע האָט געציילט זיבעציק מיטגלידער, און אין איר שפּיץ זענען געשטאַנען: בן־ציון ראַסקין, יצחק טאַבענקין און אַלטער גאָטליב. בן־ציון ראַסקין האָט זיך נישט פאַרייניקט מיט דער גרופּע דעלעגאַטן פון פּועלי־ציון אויפן קאָנגרעס, ווייל די גרופּע האָט געהאַלטן פון „פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם", אָנערקענענדיק ארץ־ישראל נאָר פון ריין פּראַקטישע טעמים. די וואַרשעווער גרופּע האָט אָבער געהאַלטן פון „פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם". ארץ־ישראל האָט פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין איר פּראָגראַם, וואָס האָט געוואָלט באַגרינדן די שטרעבונג צום לאַנד אויף אַ מאַרקסיסטישן יסוד. דער דעצידירנדיקער קאַמף צווישן פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם און דעם פּרינציפּיעלן איז ערשט פאָרגעקומען אין צוויי יאָר אַרום אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון אין קראָקע, זומער פון יאָר 1907.

די פּועלי־ציון־גרופּע האָט נישט געשפּילט קיין קענטיקע ראָל נישט אין פרייבורג און נישט אויפן קאָנגרעס, ווייזט אויס, צוליב די מיינונגס־פאַרשידנהייטן און שטרייטן, וואָס זענען אָנגעגאַנגען אין איר גופא. עס שטייט נאָך פאַר מיינע אויגן דאָס בילד אויפן וועג פון פרייבורג קיין באַזעל, די שטאָט פון קאָנגרעס. די פּועלי־ציון־גרופּע איז געפאָרן צוזאַמען אין איין קאָמפּאַניע, און זי האָט באַשלאָסן צו מאַרשירן אָרגאַניזירטערהייט פון דער סטאַציע ביזן קאַסינאָ־בנין, וווּ ס'איז פאָרגעקומען דער קאָנגרעס. איך בין געשטאַנען אויף די טרעפּ פונעם בנין, ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער צוג. בראש האָט מאַרשירט מרים לוריע פון סמאָלענסק (איצט די פרוי פון יצחק גרינבוים) און געהאַלטן אַ רויטע פאָן מיט אַ בלויען מגן־דוד.

איך מיט מיין שוועסטער האָבן געפּרוּווט שאַפן אויפן קאָנגרעס אַ גרופּע ציוניסטן־סאָציאַליסטן, נישט קיין מאַרקסיסטן, מיר האָבן אפילו אויפגעהאָנגען וועגן דעם אַ מודעה, אָבער אויסער אונדז האָט זיך צו דער „פּראַקציע" געמאָלדן נאָר איין בחור, טור.

ווי באַוווּסט, האָט זיך אויפן קאָנגרעס געפירט דער אַנטשיידענער וויכוח צווישן די ציוני־ציון און טעריטאָריאַליסטן, און ווען דער רוב האָט אָפּגעשטימט קעגן טעריטאָריאַליזם, אפילו אין זין פון „נאַכט־אַזיל" פון נאָרדוי, — האָבן זיך אויפגעהויבן די טעריטאָריאַליסטן און פאַרלאָזט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. איך געדענק: עטלעכע טעריטאָריאַליסטן שטייען אין אַ ווינקל און וויינען ביטער (ווען ס'איז באַוווּסט געוואָרן דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג). די טעריטאָריאַליסטן האָבן דערנאָך געשאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע, בראש מיט זאַנגווילן און ד"ר יאָכלסאָן. ביז דער לעצטער צייט עקזיסטירט אַ טעריטאָריאַליסטישע גרופּע, וואָס גיט אַרויס די צייטונג „פרייַלאַנד". (דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר נ. שטיינבערג — ביז זיין טויט).

ווען דער קאָנגרעס האָט זיך פאַרענדיקט, האָט אַ גרופּע דעלעגאַטן פאַרגעלייגט צו מאַכן אַן עקסקורסיע איבער די שטעט אין שווייץ. די גרופּע איז באַשטאַנען פון זיבן מענטשן, צווישן זיי: כעלמער, פּרילוצקי, גאָלדשטיין (פון „ראַזסוויעט"), גרינפעלד און איך. מיר זענען געגאַנגען צופוס אין עטלעכע שטעט. מיר זענען געווען אין נוישאַטעל, איבערגעהאַקט די אקסן־שטראַסע צווישן פלוען און געשענען. די אקסן־שטראַסע איז אַ שאָסיי אויפן באַרג, וואָס גייט פּאַראַלעל צום ברעג פון דער אָזיערע פירוואַלד־שטעטער. אויפן וועג זענען פאַראַן טונעלן מיט פענצטער־עפענונגען צו דער אָזיערע; דער דאָזיקער וועג שטייגט איבער מיט זיין שיינקייט אַלץ וואָס איך האָב ווען נישט איז געזען אין מיין לעבן. אין געשענען הייבט זיך אָן דער לענגסטער טונעל אין דער וועלט — סאַן גאָטאַרד. מיר האָבן באַשלאָסן אַרויפצוקלעטערן אויפן באַרג, ווייל מיר האָבן געלייענט ביי בעדעקערן, אַז אויף סאַן־גאָטאַרד איז פאַראַן א מאָנאַסטיר, ווו מען גיט טוריסטן צו עסן אומזיסט. מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען די שטעט — ריאַלפּ, אַנדערמאַט, אָנגעקומען צו סאַן־גאָטאַרד און געזוכט דעם דערמאָנטן מאָנאַסטיר. מיר האָבן זיך אָבער דערוווּסט, אַז ער איז אָפּגעברענט געוואָרן לערך מיט אַ יאָר צוריק. פון דאָרט זענען מיר אַראָפּ אין איטאַליענישן קאַנטאָן און געקומען אין קליינעם שטעטל אייראָלאָ. מיר זענען געווען זייער הונגעריק. איך האָב אויפן שפּאַציר געשפּילט די ראָל פון אַ וועג־ווייזער, און אויף מיר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט צו קויפן ברויט. איטאַליעניש האָב איך נישט געקענט, איך האָב אָבער געוווּסט, אַז אויף לאַטיין איז ברויט „פּאַניס". איך בין אַריין אין אַן אָרט און געבעטן „פּאַניס". ס'האָט געכליאַפּעט אַ רעגן און איך בין געווען איינ־

געוויקלט אין אַ גרויער פּעלערינע, מיט אַ קאַפּטור אויפן קאָפּ. מען האָט מ'ך אָנגענומען פאַר אַ בעטלער און דערלאַנגט אַ שטיקל טרוקן ברויט...

פון אייראָלאָ האָבן מיר זיך מיט דער באַן אומגעקערט קיין געשענען, און פון דאָרט זענען מיר ווידעראַמאָל אַרויף אויפן באַרג און אראָפּ צו מעריגנען, צו „ארען־שלוכט", אַ רוישיקער און שמאָלער טייך. פון זיינע ביידע זייטן ציען זיך גראַניט־בערג, וואָס פאַרשטעלן די זון. דער וועג איז דורכגעהאַקט אין וואַנט פון גראַניט איבערן טייך, און דאָרט הערשט תמיד אַ טיפע פינצטערניש.

מיר זענען אַדורך דעם „פורקאַ־פּאַס" און געקומען צום האָטעל, וואָס געפינט זיך ביי דעם גלעטשער, וואָס בילדעט דעם טייך ראָנאַ. דאָ האָבן מיר געמוזט נעמען אַ וועגווייזער, ווייל דער וועג גייט איבערן אייז. ס'זענען געווען אַ סך פאַלן, ווען דאָס אייז איז צעשפּאָלטן געוואָרן און פיל טוריסטן זענען אומגעקומען. איידער מיר זענען אַריבערגעגאַנגען דעם גלעטשער, האָבן מיר יעדער פאַרצייכנט די אַדרעסן פון די איבעריקע חברים, אויב ס'וועט טרעפן אַן אומגליק — איז ווער פון אונדז עס וועט בלייבן לעבן, זאָל ער צוויסן געבן די פאַמיליעס. צוויי פון אונדז האָבן צוערשט נישט געוואָלט גיין, האָבן מיר זיי איבערגעגעבן אַלע אַדרעסן. אין לעצטן מאָמענט האָבן זיי אָבער חרטה געהאַט. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דער אויפגאַבע צוויסן צו טאָן, אין פאַל פון אַן אומגליק, אונדזערע משפחות, און אויסגעקליבן בעסער צו גיין מיט אונדז. מיר זענען דורכגעגאַנגען דעם גלעטשער און צוגעקומען צום „טויטן־ים". דער וועגווייזער האָט אונדז דערקלערט דעם זין פון דעם נאָמען, און דערציילט וועגן די שלאַכטן, וואָס די שווייצאַרער האָבן אָפּגעהאַלטן אויף דעם אָרט אין קאַמף פאַר פרייהייט. ווען מיר האָבן זיך געזעגנט מיטן וועגווייזער, האָט יענער מיך געלויבט פאַר די חברים. ער האָט אין מיר אָנערקענט פעיקייטן פון אַ וועגווייזער און אפילו מיר געעצהט ווידמענען זיך דעם פאַך.

ענדלעך זענען מיר געקומען קיין אינטערלאַקען און דאָ האָבן מיר זיך צעשיידט. איך האָב נאָך פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין אינטערלאַקען, און מיין פריינד כעלמער איז אַרויף אויפן באַרג בעאַטנבערג איבער אינטערלאַקען, צוזאָגנדיק מיך דערנאָך צו באַזוכן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר אַלע זענען געווען געענגט אין געלט און איך בין פאַרבליבן אָן אַ פרוטה. איך האָב זיך דאָרט באַקענט מיט אַ סטודענט און מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו מאַכן אַן אויספלוג און אַרויפקלעטערן אויף „יונגפרוי" — איינער פון די דריי בערג איבער אינטערלאַקען, וואָס זענען באַדעקט מיט שניי. דער באַרג „יונגפרוי" האַלט איבער $3\frac{1}{2}$ קילאָמעטער די הייך, אָדער 13.670 פוס. מיר זענען נישט דערגאַנגען אפילו צו א העלפט וועג ביזן שפּיץ. דער אויסבליק איז פון דאָרטן אַ ווונדערלעכער, באַזונדערס שיין איז אונטן בעתן זונאונטערגאַנג. ס'זעט אויס, ווי די אונטערגייענדיקע זון פאַרהאַלט

זיך נאָך אויף די שניי־בערג און דער פּורפּור פון דער שקיעה געמט אַרום און באַפּאַרבאַט אין רויט דעם ווייסן שניי. מיר האָבן געהאַט אַ בשותפותדיקע קאַסע, און מיין חבר פלעגט האַלטן אין איין שיקן קאַרטלעך און לאַנדשאַפט־בילדער צו זיינע חברים. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געגעבן זיך צו פילן און ס'האָט מיך פאַרדראָסן, איך האָב אים געוואָלט אָנלערנען און אויך אָנגעהויבן צו שיקן קאַרט־לעך, און ווען מיר האָבן זיך נאָך דריי טעג אומגעקערט, איז שוין די קאַסע גע־ווען אינגאַנצן ליידיק. מיין חבר, וואָס האָט געוווינט אין אַ פּענסיאָן האָט צוגע־זאָגט, אַז ער וועט אינדערפרי אַוועקגעבן פאַר מיר אַ זעמל. ער האָט אָבער דערנאָך מיר מודיע געווען מיט פאַרדרוס, אַז עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן אויסצופירן זיין פּלאַן, ווייל ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די אַרומיקע ביים טיש לאָזן נישט אַראָפּ קיין אויג פון זיינע הענט. היות איך בין געווען הונגעריק, זענען מיר געגאַנגען אין וואַלד קלייבן ניס און מאַלינעס. מיין חבר, ווען עס האָט געפיניקט דאָס געוויסן, האָט מיט מיר צוזאַמען געקליבן. אַזוי איז מיר אַריבער דער טאָג אין עסן ניס מיט מאַלינעס.

פאַרנאַכט איז מיך געקומען באַזוכן דער חבר כעלמער. איך האָב זיך מיט אים זייער דערפרייט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין הונגעריק און מיר זענען געגאַנגען עסן. נאָך דער סעודה האָב איך אים דערציילט, אַז אין אינטער־לאַקען איז פאַראַן אַ רולעטקע און איך האָב אויסגערעכנט און איינגעפונען, אַז לויט דער טעאָריע פון וואַרשיינלעכקייטן איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מיר זאָלן עפּעס געווינען. צו דעם איז נייטיק נישט מער ווי 35 פראַנק. כעלמער האָט גלייך מסכים געווען, ער האָט געהאַט געלט. מיר זענען אַוועק אין קאַסינאָ און איך האָב געשפּילט אַ האַלבע שעה. לכתחילה איז אַלץ געגאַנגען לויט מיין טעאָריע, און איך האָב שוין געהאַט אין קעשענע אַכציק פראַנק. מיטאַמאָל האָט אָבער די טעאָריע אָנגעהויבן צו פאַרפירן, ס'האָט זיך איבערגעדרייט דאָס רעדל און איך האָב אַלץ פאַרשפּילט. מיר האָבן ביידע געלאַכט, און פון דאַן אָן האָב איך שוין מער נישט אויסגעפּרוווט מיין גורל אויף דער רולעטקע.

כעלמער האָט מיך צוגערעדט, איך זאָל מיט אים אַריבער קיין בערלין, ווו ס'איז דעמאָלט געווען באַראָכאָוו. איך האָב זיך געהאַלטן אין איין איבערלייגן, ווי אַזוי קומט מען קיין בערלין. ענדלעך האָב איך געשיקט אַ טעלעגראַמע צום פאַ־טער אַז דער ציריכער מעדיצינישער פאַקולטעט באַפרידיקט מיך נישט און איך האָב באַשלאָסן אַריבערצוגיין אויף דעם זעלבן פאַקולטעט אין בערלין, ווייל דער בערלינער האָט אַ שם פאַרן בעסטן אין אייראָפּע. ווי נאָר איך האָב באַקומען געלט פון טאַטן בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ציריך, ליקווידירט דאָרט מיינע ענינים און נאָך אַ קליינער פאַסירנוג — אויפן וועג זענען מיר פאַרלוירנגעגאַנגען מיינע ביידע טשעמאָדאַנעס — בין איך צוזאַמען מיט כעלמערן אָנגעקומען קיין בערלין.

אין בערלין זענען דעמאָלט געווען: באָראָכאָוו, גאָלדע, ראַפּאַפּאָרט, נאַסיא גרינבערג און נאָך עטלעכע חברים. ווער ס'איז נאָר געקומען מיט באָראָכאָוון אין באַרירונג איז צוגעצויגן געוואָרן צו זיין פּערזענלעכקייט. ער איז געווען דורכגעדרונגען דורך און דורך מיט אָט דער „ליבשאַפט צום נאָענטן", וואָס האָט פיל מאָל געפעלט ביי די, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיט דער „ליבשאַפט צום ווייטן" — צו דער גאַנצער מענטשהייט. באָראָכאָוו האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די פּרטים פונעם לעבן ביי יעדן איינציקן פון אונדז און ער פלעגט זיך באַמיען צו העלפן אין אַלץ, צי דאָס איז אַ גרויסע אָדער אַ קליינע זאַך. איך בין באַזונדערס נתפּעל געוואָרן פון זיין ענציקלאָפּעדיש וויסן, פון זיין געוואַלדיקער ענערגיע און אויסערגעוויינלעכער אַרבעטס־פעיקייט. ביי טאָג פלעגן מיר צוזאַמען מיט אים זיצן אין דער ביבליאָטעק, און אין די אָוונטן, ווען עס האָבן זיך געענדיקט די ערנסטע געשפּרעכן, פלעגט ער אונדז דערציילן די פּערל־מעשיות פון פאָלקס־אוצר און האָט אונדז געלערנט יידישע פאָלקס־לידער, וואָס זענען געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אויף אוקראַינע.

ווען באָראָכאָוו האָט זיך דערוווּסט פון אונדזער ערשטן געשפּרעך, אַז איך בין נישט שווה בשווה מיטן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, אַז איך קאָן נישט באַגרינדן דעם געדאַנק וועגן ארץ־ישראל פון מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט, האָט ער באַשלאָסן צו ווידמען מיר צייט. זיין ווירקונג אויף מיר איז אַזוי שטאַרק געווען, אַז איך האָב אָנגענומען די דאָזיקע לערע אינגאַנצן, און איך בין איר געבליבן טריי מיין גאַנץ לעבן, פּונקט ווי איך בין אויך געבליבן טריי מיין גרויסן לערער. איך בין זיך נאָך דאַן פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט באָראָכאָוון אין דער פראַגע פון פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם, האָב איך באַשלאָסן נאָכצוזוכן, און אין משך פון דער צייט האָב איך טאַקע געפונען דעם וועג, וואָס פאַרבינדט דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם מיט דער היסטאָרישער שטרעבונג פון פאָלק ישראל צו ארץ־ישראל.

מיר, ד' בערלינער גרופּע, האָבן נישט געוווּסט וואָס מ'טוט ווייטער, וווּהין אַ קער טאָן זיך. נאָך עטלעכע באַראַטונגען איז באַשלאָסן געוואָרן אַוועקצולאָזן זיך קיין דרום־רוסלאַנד. מיר האָבן געוווּסט, אַז די סיימיסטן קלייבן זיך אויך אַהין, כדי צו אָרגאַניזירן דאָרט זייערע מיטגלידער.

קומענדיק קיין בערלין, בין איך אַוועק אין אוניווערסיטעט. הגם איך בין נישט געווען באַפרידיקט פון מעדיצינישן פאַקולטעט, האָב איך זיך דאָך פאַרשריבן אויף מעדיצין. מען האָט מיר געמאָלדן, אַז די לימודים וועלן זיך אָנהייבן ערשט אין אָנדערהאַלבן חדשים אַרום. היות איך האָב געהאַט פרייע צייט, האָב איך באַשלאָסן צוזושטיין צו די חברים, וואָס קלייבן זיך קיין דרום־רוסלאַנד. וויאַזוי וועל איך אָבער דערקלערן די זאַך דעם טאַטן? דערפאַר האָבן מיר זיך באַרעכנט און באַשלאָסן, אַז דערווייל וועל איך פאָרן קיין וואַרשע, און דאָרט וועל

איך וואַרטן אויף אַנווייזונגען פון באַראַכאַוון, נאָך דעם, ווי ער וועט קומען אויף אַן אָרט. מען האָט מיר אויך געגעבן אַ סכום געלט אויף איינצוקויפן אַ סאָציאַליסטישע ביבליאָטעק, פון דעם, וואָס איז שוין דעמאָלט דערשינען לעגאַל. אַוועקפאָרנדיק האָב איך אַלע מיינע זאַכן געלאָזן ביי מיין באַלעבאָסטע.

קומענדיק אין אויגוסט קיין וואַרשע אָן שום זאַכן, האָב איך דערקלערט, דעם פאָטער, אַז היות איך האָב נאָך זעקס וואָכן צו די לימודים, האָב איך בעסער געוואָלט זיין אַ שטיקל צייט אין דער היים. דער פאָטער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער ענין איז עפּעס נישט גלאַטיק, פונדעסטוועגן האָט ער זיך דערפרייט מיט מיין קומען. איך האָב געקויפט אַ סך בראָשורן, זיי געלייענט, און געוואַרט אויף אַ ידיעה פון באַראַכאַוון.

מיטן וואַרשעווער אוניווערסיטעט האָב איך נישט געהאַט איבערגעריסן. איינמאָל בין איך געגאַנגען אין אוניווערסיטעט. איך האָב געזען אַ סך סטודענטן קומען זיך צונויף, מאַכן פאַרזאַמלונגען. עטלעכע פון זיי האָט מען צורויסן געטאָן פון דער אַדמיניסטראַציע, אַז זיי זענען אויף שטענדיק באַזייטיקט געוואָרן פון אוניווערסיטעט, זיי האָבן באַקומען אַ „וואָלפישן בילעט", אַזאַ בילעט נעמט צו דאָס רעכט אָנגענומען צו ווערן אין וואָסערן נישט איז אוניווערסיטעט אין רוסלאַנד. יעדער קורס אויפן אוניווערסיטעט האָט געהאַט זיין אויפזעער, וועלכן מען האָט גערופן „פּעדעל", ער האָט געדאַרפט כלומרשט העלפן די סטודענטן, אינדעראמתן איז ער אָבער געווען נישט מער ווי אַ געהיים־אַגענט, וואָס האָט זיך באַקענט מיט אַלע סטודענטן פון קורס און פלעגט איבערגעבן דער אַדמיניסטראַציע וועגן יעדן איינציקן באַזונדער. מיר האָבן אויך געהאַט אַזאַ „פּעדעל", און עטלעכע פון אונדזערע חברים האָבן באַשלאָסן אים אָנצולערנען. בשעת איינער פון די פאַרזאַמלונגען האָט מען באַמערקט, אַז ער דרייט זיך אַרום זאַל. עטלעכע סטודענטן האָבן אים גלייך געפּאַקט און ער האָט פון זיי אַריינגעכאַפּט גוטע קלעפּ. איך בין דאַן צופעליק געשטאַנען ביי דער טיר און האָב געזען וואָס עס קומט פאָר אין דרויסן. „דער „פּעדעל" האָט מיך אויך געזען און ער האָט צוגעטראָגן און אָנגערעדט אויף מיר פאַר דער אַדמיניסטראַציע, אַז איך בין אויך געווען צווישן די שלעגער. אין צוויי וואָכן אַרום האָב איך באַקומען אַ בריוו פון דער אַדמיניסטראַציע אין וועלכן מען האָט מיר צוּוויסן געטאָן, אַז איך בין אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערסיטעט און באַקומע אַ „וואָלפישן בילעט".

דער אוניווערסיטעט האָט זיך געעפנט, אָבער די לימודים האָבן זיך נאָך נישט אָנגעהויבן, ווייל די סטודענטן האָבן זיך געזאַמלט און באַהאַנדלט די פראַגע, צי לערנען אָדער נישט. איך האָב אָנגענומען אַן עקסטרעמע שטעלונג און געהאַלטן פון ווייטער פירן דעם שטרייק.

אין יענע טעג בין איך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע

אויף אַ גרויסער פֿאַרזאַמלונג. ביז דאַן האָב איך שטענדיק געהאַט אימת הציבור, ווי נאָר איך האָב דאָס גובר געווען — האָב איך אָנגעהויבן באַווייזן זיך און פֿון צייט־צו־צייט אַרויסטרעטן אויף עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונגען.

ס'זענען געגאַנגען די וואָכן, און איך האָב נישט באַקומען קיין שום ידיעות פֿון באַראַכאָוון און פֿון די איבעריקע חברים פֿון דרום־רוסלאַנד.

צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן איז אין פֿאַרטסמוט אונטערגעשריבן געוואָרן אַ שלום־אָפּמאַך. בדרך־כלל האָבן מיר כמעט נישט געפֿילט די מלחמה. זי האָט נישט געהאַט קיין שום השפּעה אויפֿן לעבן אין ריזיקן הינטערלאַנד. אָבער אין צענטער פֿון רוסלאַנד און אין די דערפֿער האָבן די מענטשן טיילוויז געשפּירט די מלחמה צוליב דער מאָביליזאַציע. ווען ס'איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער שלום־אָפּמאַך האָט זיך אָנגעהויבן די יוירונג נישט נאָר צווישן די מאַסן, נאָר אויך אין די אויבערשטע שיכטן. אויף זיי האָט געווירקט נישט אַזוי די מלחמה גופֿא, ווי די מפּלה און גאָר באַזונדערס — דער שלום, וואָס איז געקומען אין רעזולטאַט פֿון דער מפּלה, דאָס וואָס רוסלאַנד האָט פֿאַרלוירן אַ העלפֿט פֿונעם אינדזל סאַכאַלין.

נאָך אין יאָר 1904 האָבן זיך פֿאַרשטייער פֿון „זיעמסקי סאָיוז" געווענדט מיט אַ פּעטיציע צום צאַר. דער "זיעמסקי סאָיוז" איז באַשטאַנען פֿון פֿאַרשטייער פֿון די שטאָטישע קאָמיטעטן (זיעמסקאַיאַ אופּראַוואַ) און פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿון די פּריצים (זיעמסטוואָ). דער פֿאַרבאַנד האָט זיך געווענדט צום צאַר מיט אַ מעמאָראַנדום וועגן דער נויטווענדיקייט צו שאַפֿן אַ קאָנסטיטוציאָנעלן רע־זשים. ניקאָלאַי דער צווייטער האָט אויף דעם מעמאָראַנדום אַרויסגעגעבן זיין פֿאָלגנדיקן פּסק: „אילוזיעס וואָס מ'קאָן זיי נישט פֿאַרווירקלעכן".

די כסדרדיקע מיליטערישע מפּלות ביזן שלום האָבן אויפֿגערודערט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן. אין גאַנץ רוסלאַנד זענען פֿאָרגעקומען עפֿנטלעכע פֿאַר־זאַמלונגען, וואָס האָבן אָנגענומען „רעוואָלוציאָנערע" רעזאָלוציעס, פֿאָדערנדיק אַ קאָנסטיטוציע.

פּעטערבורג האָט נישט פֿאַרגעסן דאָס פּראַגאָסענע בלוט. די אַרבעטער האָבן סוף־כל־סוף פֿאַרשטאַנען, אַז קיין שום גערעכטיקייט דאַרף מען נישט זוכן ביים צאַר־באַטיושקאַ, און זומער פֿון 1905־טן יאָר זענען אויסגעבראָכן די ערשטע שטרייקן אויף די פֿאַבריקן.

דאָס שטרייקנדיקע פּעטערבורג האָט, ווייזט אויס, מער געווירקט, ווי די בעטנדיקע אויף די קני. אין צאַרישן הויף האָט מען אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן געוויסע פֿאַרלייכטערונגען און וועגן נאָכגעבן דעם עולם. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שאַפֿן אַזאַ אינסטיטוציע, וואָס זאָל דינען ווי אַ סוראָגאַט פֿון אַ פּאַרלאַמענט. אַזוי איז אויפֿגעקומען דער פּאָרשלאַג וועגן דער מלוכהשער דומע לויטן פּראָיעקט פֿון בוליגינען.

דער אינערן־מיניסטער בוליגין האָט דעם 6־טן אויגוסט פון 1905־טן יאָר פּאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט וועגן דער דומע, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען. לויט דעם דעקרעט האָט די דומע געזאָלט זיין אַ ראַטגעבערישע אינ־סטאַנץ. די וואַלן האָבן געזאָלט זיין נישט קיין גלייכע, נאָר לויט צוויי — דריי אָדער פיר שטאַפּלען. די אַרבעטער און דאָס קליינבירגערטום זענען אינגאַנצן געווען באַרויבט פון וואַל־רעכט. די לינקע עלעמענטן האָבן גערופן צו באָיקאָ־טירן די דאָזיקע דומע. דער גאַנצער ענין מיט דער דומע איז אָבער אָפּגערוקט געוואָרן און די וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען, ווייל ביז וואָס ווען איז אָנגע־וואַקסן אַ כוואַליע פון שטרייקן, וואָס האָט פּאַרפלייצט גאַנץ רוסלאַנד. זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז בוליגינס פּראָיעקטירטער פּלאַן וועגן דער דומע האָט נישט געקאָנט איינשטילן דעם שטורעם. באַזונדערס איז די שטרייק־באַוועגונג אָנגע־וואַקסן אין אָנהייב אָקטאָבער, און ווען עס זענען צו איר צוגעשטאַנען די באַן־אַרבעטער, האָט זי אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון אַן אַלגעמיינעם אַלרוסישן שטרייק.

דער פּרעמיער־מיניסטער וויטע, א קלוגער מענטש און אַ כלומרשטער ליבעראַל, האָט געזען די האַרבקייט פון דער לאַגע און די סכנה פון אַ רעוואָלוציע, ער האָט געווירקט אויף ניקאָלייען צו געבן דעם פאָלק אַ „קאָנסטיטוציע". די קאַריקאַטורן פון יענער צייט ווייזן ניקאָלאַי דעם צווייטן ווי אַזוי וויטע האַלט אונטער זיין האַנט, וואָס שרייבט אונטער דעם מאַניפעסט און ווי מיט דער צוויי־טער ווישט דער צאַר מיט אַ נאָז־טיכל די טרערן, וואָס רינען פון זיינע אויגן.

דעם 17־טן אָקטאָבער איז פּאַרעפנטלעכט געוואָרן דער באַוווּסטער מאַ־ניפעסט, וועלכער גיט דעם פאָלק פּערזענלעכע פרייהייט און פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון דער דומע. פּעטערבורג האָט זוכה געווען אויפצונעמען די ריכטיקע פאָרשטייער פון פאָלק, וועלכע זענען אויסגעווילט געוואָרן אין דער ערשטער דומע. די אַרבעטער אין פּעטערבורג האָבן אָבער אויסגעווילט זייערס אַ באַזונ־דערע פאָרשטייערשאַפט. פּעטערבורג איז געווען די ערשטע שטאָט אין רוסלאַנד, וואָס האָט אויסגעווילט אַן אַרבעטער־ראַט (סאָוויעט) מיט כרוסטאַלאָוו־נאָ־סאַר בראש. דער אַרבעטער־ראַט האָט עקזיסטירט 50 טעג — פון 17־טן אָקטאָ־בער ביזן 3־טן דעצעמבער. לכתחילה זענען אין דעם ראַט אַריין פאָרשטייער פון 40 פאַבריקן, אָבער אין מיטן נאָוועמבער זענען אין אים שוין געווען פאַרטראָטן 562 דעלעגאַטן פון 147 פאַבריקן, 34 וואַרשטאַטן און 16 פּראָפעסיאָנעלע פאַריי־נען. דער דאָזיקער ראַט האָט אָרגאַניזירט דעם אַלגעמיינעם שטרייק פון די באַן־אַרבעטער, וואָס איז פאָרגעקומען אין די חדשים אָקטאָבער־נאָוועמבער אין גאַנץ רוסלאַנד.

דער ראַט האָט זיך געווענדט צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג מיט פאָדערונ־

געז וועגן אַפּראָוויזאַציע, ער האָט געפאָדערט אויפצוהערן אַסיגנירן געלט פאַר דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע און באַשטימען סובסידיעס אויף צו באַוואָפענען די אַרבעטער. דעם 10־טן נאָוועמבער האָט דער אַרבעטער־ראַט פּראָקלאַמירט פרייהייט פון דער פּרעסע, דעם 31־טן נאָוועמבער האָט ער אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן איינפירן אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

דער צאַר האָט שוין אָבער חרטה געהאַט אויפן מאַניפעסט און זיך ווידער אומגעקערט צו דער שיטה פון אונטערדריקונג און רדיפות. דעם 26־סטן נאָוועמבער איז אַרעסטירט געוואָרן דער פאָרזיצער פון אַרבעטער־ראַט — כרוס־טאַלאָוו־נאָסאַר. אויף זיין אָרט איז דאַן לעוו טראָצקי אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאָרזיצער פונעם „סאָוויעט". דעם 3־טן דעצעמבער איז אַרעסטירט געוואָרן דער גאַנצער סאָוויעט. דעם 19־טן נאָוועמבער 1906 האָט זיך אָנגעהויבן דער משפּט איבער אַלע 562 דעלעגאַטן פון אַרבעטער־ראַט. אַ טייל איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר און אַ טייל איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אין די תפיסות.

אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן לעגאַל דערשיינען אַרבעטער־צייטונגען: „נאַטשאַלאָ" („דער אָנהייב"), און „טאָוואַרישטש" („חבר") און אויך די צייטונג פון די קאַדעטן (קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן) „רעטש" (די שטימע) אונטער דער רעדאַקציע פון מיליוקאָוון.

מיר זענען אַלע געווען באַגייסטערט פון די אַרטיקלען פון לענינען און טראָצקין. טראָצקי האָט דעמאָלט אין אַ לייט־אַרטיקל אין „נאַטשאַלאָ" צום ערשטן מאָל אַרויסגעבראַכט דעם לאָזונג וועגן דער פּערמאַנענטער רעוואָלוציע.

אַ כוואַליע פון רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציעס האָט זיך דאַן צעגאָסן איבער גאַנץ רוסלאַנד. אָבער גיך איז אויך געקומען דער ענטפער, און דאָסמאָל אויך פון פּעטערבורג. פון די פּורישקעוויטשעס, די מענשיקאָווס, די סוואָרינס און די אַלע איבעריקע פון דער שוואַרצער מאה, די, וואָס האָבן געגרינדעט דעם „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק", וואָס האָט געענטפערט אויף די דעמאָנסטראַציעס מיט פּאָגראָמען אויף יידן. עס דאַרף דערמאָנט ווערן צו שאַנד דער באַפעל פונעם פּעטערבורגער גובערנאַטאָר — טרעפּאָוו: „נישט זשאַלעווען קיין קוילן!"

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט מיטגעצויגן די מאָסקווער אַר־בעטער, וועלכע האָבן געמאַכט דעם אויפשטאַנד אויף פּרעסניאַ אין דעצעמבער 1905, האָט אָנגעהויבן צו פאַלן אין 1906־טן יאָר, זי איז אָבער נישט פאַרגאַנגען.

צו אונדז קיין וואַרשע איז די ידיעה וועגן מאַניפעסט דערגאַנגען צו־מאָרגנס נאָך דער פּראָקלאַמירונג, ערשט דעם 18־טן אָקטאָבער. דער מאַניפעסט האָט פּראָקלאַמירט פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, פּרעסע־פרייהייט, און אויך כלומרשט געגעבן אַ קאָנסטיטוציע, לויט וועלכער עס דאַרף אויסגעוויילט ווערן

אַ דומע אויפֿן יסוד פֿון אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן.

די דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן האָבן זיך אָנגעהויבן שוין דעם 17־טן
אָקטאָבער אין אָוונט און זיי האָבן זיך געצויגן דעם גאַנצן טאָג פֿונעם 18־טן
אָקטאָבער. מיר האָבן אָנגעהויבן מיט אַ דעמאָנסטראַציע אויף מאַזאָוויעצקע־גאַס.
ווען מיר זענען צוגעקומען צו מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס האָט זיך אויף אונדז אַ לאָז
געטאָן אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן און אונדז אַריינגעשטויסן אין אַ טויער. מיר האָבן
אויפֿגעבראָכן דאָס טויער און אַרויסגעקומען צום ווינער וואָקזאַל. ווידער איז
אונדז אַנטקעגנגעקומען אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן. די קאָזאַקן האָבן זיך אַריינגעריסן
אין אונדזערע רייען, אָבער אונדז נישט אָנגערירט. דעמאָלט איז שוין אומעטום
באַוווּסט געוואָרן דער אינהאַלט פֿונעם מאַניפֿעסט און מיר האָבן דערפֿילט, אַז
ס'איז פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דער לופֿט. עס זענען אָרגאַניזירט
געוואָרן גרויסע דעמאָנסטראַציעס אויף די גאַסן פֿון וואַרשע. די פּאָליציי און דאָס
מיליטער איז פֿאַרשוווּנדן. אַ גרופּע מענטשן האָט געכאַפּט דעם פּריסטאַוו קאָנ־
סטאַנטינאָוו פֿון 8־טן קוואַרטאַל, וועלכער האָט געהאַט אַ וויסטן שם, מען האָט
אים באַשאָטן מיט זידלערייען און אַראָפּגעריסן די עפּאָלעטן. ס'האָבן זיך געפֿו־
נען אַזעלכע, וואָס האָבן אים געוואָלט דערהרגענען אויפֿן אָרט. צום סוף האָט
מען אים אָפּגעזעגנט מיט שפּייען אין פּנים אַריין און געבנדיק אים עטלעכע ברי־
קעס מיט די פּיס אין הינטערחלק און געלאָזט אים אַוועקגיין. אויפֿן באַנק־פּלאַץ
איז געשטאַנען אַ גימנאַזיסט און געהאַלטן אַ רעדע פֿאַרן המון. פּלוצלינג האָבן זיך
דערהערט שאָסן, דאָס מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין טויער פֿון באַנק, האָט
געעפֿנט אַ שיסעריי. דער רעדנער איז געפֿאַלן אַ טויטער. נעבן מיר ממש איז
געפֿאַלן מיין גוטער חבר, דער סטודענט יעלין. דער צעשראָקענער עולם האָט זיך
צעזייט און איז צעגאַנגען געוואָרן. איך מיט מיינער אַ באַקאַנטער זענען געבליבן
אַליין אינמיטן פּלאַץ. מיר זענען איילן אַוועק און אויך אַנטרונען געוואָרן אין
אַ טויער. ווען איך בין אַהין אַריין, איז צו מיר צוגעלאָפֿן אַ באַקאַנטער, בלייך
ווי די וואַנט און האָט מיך געפֿרעגט אַ פֿאַרציטערטער, צי איך האָב נישט געזען
זיין שירעם, וואָס איז אים פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין דער מהומה...

אין אָוונט זענען די גאַסן ווידער פֿול געוואָרן מיט מאַסן מענטשן. איך
געדענק: אויף מאַרשאַלקאָווסקע איז געגאַנגען אַ הויכער פּאָליאַק און אויף זיין
אַקסל איז געזעסן אַ קליין מיידעלע. ער האָט צו איר געזאָגט: פֿאַרגעדענק דעם
היינטיקן טאָג! — דאָס איז דער טאָג, ווען מיר האָבן פֿריי אָפּגעאָטעמט.

די מאַסן האָבן מאַרשירט צו די תּפֿיסות, אויפֿן טעאַטער־פּלאַץ און אויף
פּאַוויע, און געפֿאָדערט צו באַפֿרייען די אַרעסטירטע. אויף פּאַוויע איז מען אַנט־
קעגנגעקומען זייער פֿאָדערונג, און דער המון איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. ביי
דער תּפֿיסה אויפֿן טעאַטער־פּלאַץ זענען די מאַסן געשטאַנען אַ לאַנגע צייט, ביז

עס האָט זיך באַוויזן אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן און האָט זיי באַשאָסן. דאָרט זענען געפאַלן אַ סך געהרגעטע.

אויף צומאָרגנס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אָנפאַלן פון דער פּאָליציי און מיליטער אויף די מאַסן, און זייער שניט איז געווען — פיל געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע.

די געשעענישן האָבן נישט ווייניק געווירקט אויפן אויסרייפן פון מיין באַשלוס צו פאַרשטאַרקן מיין פאַרבינדונג מיט דער גרופּע פּועלי־ציון, וואָס האָט זיך אין יענע טעג אָרגאַניזירט אויך אין וואַרשע, און דעמאָלט בין איך אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער פּאַרטיי.

# אין דער פּאַרטיי

## (1907—1905)

אײדער איך גײ איבער צו באַשרײבן מײנע װײַטערדיקע זכרונות און די געשעענישן פֿון יענער צײַט, װעל איך זיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דער געשיכטע פֿון דער אַנטשטײיונג פֿון אונדזער באַװעגונג, אין װעלכער איך בין אַרײַן אין יאָר 1905 און געבליבן איר טרײַ דאָס גאַנצע לעבן.

אַ פּאַרטײַ — דאָס איז אַ ברײטע געזעלשאַפֿטלעכע באַװעגונג, װען אַפֿילו די צאָל פֿון אירע מיטגלידער איז קלײן. אַ באַװעגונג דאַרף האָבן אירע טרעגער, די מאַסן, װעלכע זאָלן זײַן אין איר פֿאַראינטערעסירט, און אַ ציל, װאָס זאָל איר געבן אַ לעבעדיקן ממשותדיקן אינהאַלט. עס געשעט, אַז עס איז פֿאַראַן אַן אַנט־שפּרעכנדיקער באָדן פֿאַר דער אַנטשטײיונג און אַנטװיקלונג פֿון אַ באַװעגונג, עס זענען פֿאַראַן מאַסן, װאָס פֿילן, אַז זײ נײטיקן זיך אין איר, אָבער זײ קאָנען נישט קלאָר און דײַטלעך אויסדריקן די באַדערפֿעניש װאָס יוירט אין זײ. זײ באַגײסטערן זיך מיט דער באַװעגונג, נישט באַגרײַפֿנדיק אינגאַנצן קלאָר די קװאַל פֿון דער באַגײסטערונג. עס געשעט אויך, אַז ס'איז פֿאַראַן דער ציל, דער פּראָגראַם, װאָס איז געשאַפֿן געװאָרן דורך אַ גרופּע אינטעלעקטואַלן, כּדי צו זאַמלען אַרום איר די מאַסן. מיט אַנדערע װערטער, עס טרעפֿט, אַז די מאַסן קוקן אויס אויף אַ פּראָגראַם, און עס געשעט, אַז דער פּראָגראַם קוקט אויס אויף די מאַסן. אויב די מאַסן קוקן אויס אויף אַ פּראָגראַם — װעט דער פּראָגראַם שוין קומען. װען דער פּראָגראַם אָבער קוקט אויס אויף די מאַסן, איז מעגלעך, אַז זײ װעלן קומען, אויב ער דריקט טאַקע אויס זײערע אינטערעסן און קאָן אויסהאַלטן די פֿײַער־פּראָבע פֿון לעבן. אויב ס'איז נישט אַזױ — האָט נישט די באַװעגונג קײן קיום.

צײַטנװײַז געשעט, אַז אין די טיפֿענישן פֿון די מאַסן פֿילט זיך עפּעס אַ יוירונג, װאָס איז דער אָנהײב פֿון יעדער באַװעגונג. עס עקזיסטירט דאָס געפֿיל פֿון נישט צופֿרידנקײט מיט דער װירקלעכקײט, אַ שטרעבונג צו ענדערונגען, עס עקזיסטירט שוין אַ באַװעגונג, ס'פֿעלט נאָך אָבער דער קלאָר דעפֿינירטער ציל. עס זענען פֿאַראַן די מאַסן, גרײטע צו דערשלאָגן זיך צום ציל, ס'איז אָבער נישטאָ װער ס'זאָל זײ װײַזן דעם װעג, װער ס'זאָל אויסדריקן זײערע געפֿילן און באַ־דערפֿענישן, װאָס זאָל פֿאָרמולירן דעם ציל און פֿאַרלײגן די יסודות פֿון דער טעאָריע און פּראַקטישער טעטיקײט. און דעמאָלט געשעט, אַז עס באַװײַזן זיך די יחידים מיט אַ גרויסער אינטואיציע, מיט אַ װאַך אויער, װאָס נעמען אויף און באַגרײַפֿן די יוירונג אין די טיפֿענישן און זײ דריקן אויס מיט קלאָרע איבער־

צייגנדיקע ווערטער, וואָס די מאַסן פילן, זיי שאַפן עס דעם פאָרמולירטן פראָגראַם. דאָס איז דער וועג פון יעדער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, וואָס האָט אויסזיכטן צו אַנטוויקלען זיך, ווייל זי קומט פון אונטן, נישט פון אויבן, ווייל זי דרינגט אַרויס פון די טיפע באַדערפענישן פון די מאַסן, מעגן זיי אפילו זיין נאָך נישט דערקענטע, זי דרינגט נישט אַרויס פון חקירות, אָפטמאָל אפילו טיפע און גע־קליגלטע, פון דער אינטעליגענץ.

עס טרעפט אָבער אויך, אַז איידער נאָך עס פילט זיך ערגעץ אַ יווירונג אונטן, הייבט זיך אויף אַ יחיד, אָדער יחידים, צייטנווייז אפילו אַ גאון, וואָס איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן אינערלעכן פראָטעסט קעגן דער ווירק־לעכקייט. דער בונט, דער פראָטעסט פון יחיד שאַפט דעם געדאַנק און דער געדאַנק נעמט אָן אַן אַנטשפּרעכנדיקע פאָרם. ביי דעם יחיד קומט אויך פריער דאָס געפיל, דערנאָך הייבט זיך אָן די באַגרינדונג פון געפיל דורך דער דערקענטעניש. און אָט איז שוין אויסגעדריקט געוואָרן דער דעפינירטער געדאַנק פון די יחידים, ס'איז שוין פאָרמולירט געוואָרן דאָס פראָגראַם, ס'פעלן נאָך אָבער די מאַסן, וואָס זאָלן זיך קאָנצענטרירן אַרום אים. מיט דער צייט קאָן געשען, אַז עס וועלן זיך אויך באַווייזן די מאַסן און זיי וועלן אָננעמען דאָס פראָגראַם. אָבער אַזאַ גע־זעלשאַפטלעכע באַוועגונג האָט ווייניקער אויסזיכטן אויף אַנטוויקלונג, ווייל זי איז נישט געקומען פון אונטן, נישט ווי א פראָדוקט פון די באַדערפענישן פון די מאַסן, נאָר אַלס רעזולטאַט פון דער פילבאַרקייט פון די יחידים, און עס איז אָפּהענגיק פון דעם, אויף וויפל די אינטואיציע פון די יחידים איז טאַקע מסוגל פאָרויסצוזען אין פולן פאַרנעם די באַדערפענישן פון די מאַסן, נאָך איידער די מאַסן גופא האָבן זיי דערקענט.

דער „בונד" פון איין זייט און די באַוועגונג פון „פועלי־ציון" פון דער צווייטער זייט — דאָס איז אַ לעבעדיקער ביישפּיל פון די דערמאָנטע צוויי וועגן אין אַנטשטיין פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. דער „בונד" איז אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט ווי אַ געדאַנק פון יחידים, וואָס האָט אויסגעקוקט אויף די מאַסן; די „פועלי־ציון"־באַוועגונג איז אַנטשטאַנען ווי אַן אויסדרוק פונעם אינ־טערעס פון די מאַסן, וואָס האָבן געזוכט און אויסגעקוקט (און אפשר — אפילו נישט אויסגעקוקט) אויף זייער אויסלייזער, אויף דעם, וואָס זאָל שאַפן דאָס פאָרמולירטע פראָגראַם.

דער „בונד" איז נישט מער ווי אַן אידעאָלאָגיע, געבראַכט צו די מאַסן פון דער יידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ, וואָס האָט געשטאַמט פון די משכילים. די דאָזיקע אינטעליגענץ איז געקומען צום סאָציאַליזם פון אַן אַבסטראַקטער הנחה, וואָס איז לחלוטין נישט געווען פאַרבונדן מיט די באַדערפע־נישן פון די יידישע מאַסן, און האָט אַרויסגעדרונגען פון אַנאַליז פון די עקאָנאָ־

מישע און פּאָליטישע פּאַרהעלטענישן פון רוסישן פּאָלק און פון דעם גרויסן רוסלאַנד. די רוסישע באַוועגונג, אין איר רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג אויף דער באַזע פון די באַציונגען, וואָס האָבן געהערשט אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט געזוכט פּאַרבינדעטע אין איר קאַמף און האָט זיך אָנגעשטויסן אויף די יידישע מאַסן. ווילנדיק זיי מיטציען מיט זיך, איז זי געווען געצוווּנגען צוצופּאַסן זיך טיילוויז צו זיי, צוטיילן זיי באַשטימטע פּריווילעגיעס און איינגיין אויף געוויסע פּשרות. די ערשטע פּשרה איז געווען: פירן די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אויף דער שפּראַך פון די יידישע מאַסן — אויף יידיש.

אויסערלעכע פאָרמען זענען קלאָר און קענטיק פאַרן אויג און ס'איז נישט נייטיק צו פאַרטיפן זיך אין זיי, כדי צו דערזען זיי און פאַרשטיין. אָבער דאָס אינערלעכע לעבן אונטער דער אויבערפלאַך, וואָס איז דער יסוד און שורש פון דער אויסערלעכער פאָרם, איז נישט אַזוי לייכט צו דערזען און פאַרשטיין. דערפאַר איז אַ סך לייכטער צוצופּאַסן זיך צו די אויסערלעכע פאָרמען, ווי צום אינער־לעכן לעבן. די יידישע אַסימילירטע אינטעליגענץ האָט זיך געפּרוּווט צופּאַסן אין איר אידעיש־סאָציאַליסטישן גאַנג נאָר צו די אויסערלעכע פאָרמען פונעם לעבן פון דער יידישער אַרבעטער־גאַס, ס'איז איר אָבער נישט איינגעפאַלן צו פאַרטיפן זיך און פאַרשן די סיבות, וואָס האָבן אָפּגעהיט די יידישע מאַסן פון אַסימילאַציע און וואָס האָבן געשאַפן אָט די אייגנאַרטיקייט פון זייער לעבנס־שטיי־גער און פון זייער שפּראַך. היות די מאַסן האָבן גערעדט יידיש, האָט מען אָנ־געהויבן פירן אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אויף יידיש. זי האָט אָנערקענט דעם עקזיסטירנדיקן פאַקט, זי האָט זיך אָבער נישט באַמיט צו אַנטוויקלען די זעלבּ־שטענדיקע קולטור פון די מאַסן און איגנאָרירט די אייגנאַרטיקייט פון זייערע לעבנס־באַדינגונגען, זייער לעבנס־שטייגער, קולטור און פאַרשידנאַרטיקע באַ־דערפענישן. יידיש איז געווען נאָר אַן אַגיטאַציע־מיטל. די דאָזיקע אינטעליגענץ האָט זיך אַפילו נישט געגעבן די מי צו ברענגען פאַרן יידישן אַרבעטער די אַל־געמיינע קולטור אין אַ צוגעפּאַסטער פאַר אים פאָרם. איר עיקר־אויפגאַבע איז געווען צוציען דעם יידישן אַרבעטער צו דער אַלגעמיינער קולטור דורך איבער־זעצונגען אויף יידיש.

סאָציאַליזם הייסט נישט נאָר אַ פּאָליטישער קאַמף קעגן דער צאַרישער הערשאַפט, סאָציאַליזם איז אויך אַ העפטיקער עקאָנאָמישער קאַמף, און אָט דער קאַמף דריקט זיך אויס קודם כל אין שטרייקן, ווי ס'איז ביי נישט־יידן. דערפאַר האָט מען אין די 90־קער יאָרן אָנגעהויבן אין די ווילנער סאָציאַליסטישע קרייזן צו אָרגאַניזירן שטרייקן, נישט אַנאַליזירנדיק די ספּעציפישע סיבות, וואָס האָבן דערפירט דעם יידישן אַרבעטער צו זיין נידעריקן מצב, און נישט זעענדיק פון פאָרויס, אַז די שטרייקן פון די יידישע מאַסן, ווען אפילו זיי גיבן גוטע רעזול־

טאָטן אויף אַ קורצער צייט — זענען זייערע דערגרייכונגען צייטווייליקע. אין אַ קורצער צייט אַרום קומט אויס ווידער צו פירן דעם זעלבן קאַמף, כדי צו דערגרייכן די זעלבע פאַריבערגייענדיקע רעזולטאַטן.

דער קלאַסן־קאַמף, וועלכן עס האָט געפירט דער „בונד", איז געווען אין זיין יסוד אַן אַבסטראַקטער, ווייל ער האָט נישט גענומען אין באַטראַכט די סטראַטעגישע באַזע, וואָס איז נייטיק אויף צו פירן אַ קלאַסן־קאַמף און איגנאָרירט דעם פאַקט, אַז דער קאַמף פון יידישן אַרבעטער פירט נישט צו קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן. דערפאַר האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט באַמיט זיך אויסצופאָרשן די סיבות פון דער דאָזיקער דערשיינונג.

ל. מאַרטאָוו דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז ווען ער האָט פאָרגעלייענט דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט פאַר יידישע אַרבעטער, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז זיי קאָנען אים נישט באַנעמען, ווייל די זאַכן זענען זיי פרעמד און אַנטשפרעכן אינגאַנצן נישט צו זייערע באַגריפן און לעבנס־באַדינגונגען. למשל, מאַרקס כאַראַקטעריסטיק פון דער בורזשואַזיע האָט אינגאַנצן נישט געפּאַסט צו די יידישע באַלעבאַטים פון ווילנע, וואָס זיי זענען געווען נאָענט באַקאַנט נאָר דעם יידישן אַרבעטער.

„...מיינע צוהערערינס (ס'רעדט זיך וועגן זאָקנשטריקערינס), ווי דער רוב יידישע באַלמעלאָכעס פון ווילנע, האָבן געלעבט אין צו נידעריקע סאָציאַלע באַדינגונגען, אַז זיי זאָלן קאָנען דערזען אין די שילדערונגען פון מאַניפעסט כאָטש אַ טיילווייז ענלעך בילד צו דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס איז זיי געווען באַקאַנט... דאָס אָרט, ווו עס רעדט זיך וועגן קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן די פאַרשידענע קלאַסן און זייער סאָציאַלן כאַראַקטער האָט נישט דערוועקט ביי מיינע צוהערערינס קיין שום בולטע אַסאָציאַציעס. איך געדענק ווי איינע פון זיי האָט ביי מיר געפרעגט: צי איז עס ריכטיק, אַז אין מאַניפעסט ווערט דערציילט וועגן די פירער פון דער בורזשואַזיע, אַז זיי זענען פאַרזונקען אין אויסגעלאַסנקייט, פאַרדאָרבנקייט און גאָט־לעסטערונג? גלייך האָבן זיך אויך אַנדערע פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע, זיי האָבן זי אַנאַליזירט פון אַלע זייטן און אַפילו צוגעגעבן, אַז לויט זייער אָפּשאַצונג האָט די בורזשואַזיע ערנסטע, פאַטריאַרכאַלישע פירער, וועלכע פאַרדינען מען זאָל זיי שעצן, מענטשן מיט א פרייער ליבעראַלער איינשטעלונג, וואָס האָבן ליב אַרבעט. נאָכמער, אַז די אייגנשאַפטן פון דער בורזשואַזיע זענען מער פּאָזיטיווע, ווי פון פּראָלעטאַריאַט פון די וואַרשטאַטן און באַזונדערס פון די פאַבריקן...

פון שמועס איז קלאָר געוואָרן, אז אָט די שטריקערינס האָבן נישט געקענט קיין שום אַנדערן בורזשוי אויסער זייער באַלעבאָסטע, וואָס איז אַמאָל אויך געווען אַן אַרבעטאָרין, אָדער אַן אינטעליגענטין פון זעלבן שניט וואָס זיי. זיי

האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן די קליינבורזשואַזיע אַלס קלאַס, וואָס אונ־טערדריקט דאָס סאָציאַלע לעבן און הערשט איבערן פאָלק. און אַלץ אין מאַני־פעסט וועגן דער בורזשואַזיע — האָט זיי אויסגעזען, ווי וועגן עפּעס אַ לאַנד, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט סמבטיון״ (״זכרונות פון אַ סאָציאַל־דעמאָ־קראַט״ — ל. מאַרטאָוו).

דער „בונד״, וואָס איז, ווי געזאָגט, אַנטשטאַנען אַלס באַוועגונג פון אויבן, האָט אַרויסגעוויזן וואַכזאַמקייט צו די פּראָבלעמען פון טאָגטעגלעכן לעבן, ער איז אָבער געווען ווייט פון צו קאָנען פאַרשטיין, אַז אונטער אָט דער אויבער־פלאַך זענען פאַראַן טיפענישן, אַז דאָס טאָגטעגלעכע האָט אַ פאַרגאַנגענהייט און אויך אַ צוקונפט. וועגן די היסטאָרישע כוחות אינעם לעבן פון פאָלק האָט דער „בונד״ קיינמאָל זיך נישט פאַרטראַכט. דאָס איז געווען זיין היסטאָריש פאַר־ברעכן. דערפאַר האָט ער נישט געקאָנט דערזען די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — און דאָס איז געווען זיין היסטאָרישע שטראָף. דער „בונד״ איז דעריבער געווען מעטאַפיזיש: ער האָט זיך באַגנוגנט מיטן זען די קעגנוואַרט, נישט פאַרטיפנדיק זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט, און דערפאַר גע־בליבן אָן אַ וויזיע פון דער צוקונפט. ער האָט אָנגענומען דאָס סטאַטישע אין לעבן פון יידישן מענטש אַזוי ווי עס איז, נישט דערשפּירנדיק דאָס דינאַמישע, וואָס ס׳איז פאַראַן אין אים. אין דער יידישער סטאַטיק האָט ער געפונען דעם פּראָ־לעטאַריאַט, און וואָס ס׳איז שייך דעם יידישן פאָלק, האָט ער זיך באַגנוגנט מיט דער עקזיסטירנדיקער קלאַסן־דיפערענציאַציע. פּונקט ווי ער האָט נישט פאַר־בונדן דעם היינט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט זיין פאַרגאַנגענהייט און צו־קונפט, אַזוי האָט ער אויך נישט געזען די פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט פון פאָלק. דערפאַר איז ער אין גרונט־גענומען געווען אַנטי־נאַציאָנאַל. נישט געקוקט אויף דעם, האָט דער „בונד״ געהאַט אַ באַדייטנדיקן דערפאָלג. ער האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט יידישע אַרבעטער, צוגעצויגן צו זיך מאַסן, ווייל די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער — און זיי האָט דער „בונד״ נישט דערפינדן, זיי זענען געווען רעאַל — האָבן געשטויסן די מאַסן צו אָרגאַניזירן זיך, כדי צו קעמפן פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייערע לעבנס־באַדינגונגען. דער „בונד״ האָט אויפגעהויבן די פאָן פון דער אָרגאַניזאַציע פון קאַמף פאַר אָט די אינטערעסן. די מאַסן, וואָס זענען געווען נישט צופרידן מיטן היינט, זענען אַוועק נאָכן „בונד״, נישט פאַרשטייענדיק, אַז זיין אָרגאַניזאַציע און זיין קאַמף קאָנען נישט פאַרזיכערן זייער צוקונפט, אַז אין בעסטן פאַל, איז זייער תכלית — אַ היינט אָן אַ צוקונפט. בקיצור געזאָגט: ס׳האָט עקזיסטירט אַ ליידיקער רוים, און דער „בונד״ האָט אים כלומרשט אויסגעפילט.

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען עס האָבן זיך געשאַפן די ערשטע

קרייזלעך פון „בונד״, איז אויפגעקומען אויף דער אַרענע פון יידישן לעבן אַן אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וואָס איז געווען אין אַלע אירע איינצלהייטן אַ פולשטענדיקער קעגנזאַץ צום „בונד״.

דאָס 19־טע י. ה. איז די תקופה פון דאַמף און עלעקטרי. אַט די פּראָדוק־ציע־כוחות האָבן צוגעאיילט די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם און דעם אויפקום פון זיין טרעגער — די בורזשואַזיע. אינעם קאַמף פאַר די מערק, איז די בור־זשואַזיע פון די אונטערדריקטע פעלקער געווען געצווונגען צו פאַרטיידיקן זיך קעגן דער בורזשואַזיע פון די הערשנדיקע פעלקער, כדי צו קאָנען אויסשטיין די קאָנקורענץ. דאָס פּיגנבלעטל פון נאַציאָנאַליזם — דאָס איז געווען דאָס געווער אין די הענט פון דער בורזשואַזיע פונעם הערשנדיקן פאָלק אין איר שטרעבונג אויסצובררייטערן אירע מערק אויסער די גרענעצן פון דער מלוכה; דאָס איז אויך געווען דאָס געווער פון דער בורזשואַזיע פון די אונטערדריקטע פעלקער אויף איר דאָפּלטן פראָנט: קעגן אָנגריף פון דרויסן אויף איר אינעווייניקסטן מאַרק און פאַר דער אויסשפּרייטונג זיינער פון אינעווייניק.

די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם האָט אַלזאָ גורם געווען צום וווקס פון נאַציאָנאַליזם אין 19־טן י. ה. די נאַציאָנאַלע באפרייונג פון גריכנלאַנד אין די 20־קער יאָרן; די פאַראייניקונג פון די דייטשע קליינע מדינות אין איין אימפּע־ריע אין די 60־קער יאָרן; די נאַציאָנאַלע באַוועגונג פון יענע יאָרן אין די אי־טאַליענישע שטעט, וואָס האָט דערפירט צו דער אַנטשטייונג פון אַ גרויס־איטאַ־ליע; די אַנטשטייונג פון די נאַציאָנאַלע קליינע מדינות אויפן באַלקאַן אין די 80־קער יאָרן — דאָס אַלץ איז אַ רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון די נייע פּראָדוקציע־כוחות אין אייראָפּע. און מ׳קאָן אויך זאָגן, אַז די דאָזיקע כוחות האָבן דעסגלייכן אַרויסגערוקט די יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג — דעם ציוניזם.

דער נאַציאָנאַליזם פון אַלע צייטן און אין יעדן אָרט, אין קעגנזאַץ צום סאָציאַליזם, שעפּט זיין עיקר־חיונה פון די קוואַלן פון עבר, פון די פאַרבאָרגע־נישן פון דער געשיכטע, פון די ערשטע צייטן פונעם אויפקום פון פאָלק, אויפן פאָן פונעם בשותפותדיקן לעבן און האָמאָגענישע באַדינגונגען, פון בשותפותדיקן אָפּשטאַם, שפּראַך, גייסטיקע ווערטן, בשותפותדיקע זיטן און מנהגים. דער נאַ־ציאָנאַליזם שטיצט זיך שטענדיק אויף דער געשיכטע און אויף די געשיכטלעכע רעכט. פאַרטיפנדיק זיך אין עבר — דער יסוד און וואָרצל פון יעדער נאַציאָנאַ־לער באַוועגונג — ווידמעט נישט דער נאַציאָנאַליזם קיין גענוגנדיקע אויפמערק־זאַמקייט דעם היינט. אין דעם פּרט גייט אַ סך ווייטער אַוועק דער נאַציאָנאַליזם פון אַן אונטערדריקט פאָלק, איידער פון אַ הערשנדיק פאָלק; נישט בלויז, וואָס ער זעט נישט די קעגנוואַרט, נאָר ער נעגירט זי אפילו. ער וויל פאַר זיך איינ־

שאַפֿן די צוקונפט נאָר אין זכות פון עבר ; פון דער קייט „פּאַרגאַנגענהייט—קעגנ־וואַרט—צוקונפט״ וואַרפט ער אַרויס דאָס מיטלסטע רינגל און שטרעבט זיך אָן צו פאַרבונדן אוממיטלבאַר די פּאַרגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט.

דער ציוניזם האָט געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין אַלע שיכטן פון פאָלק, ווייל די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג האָט געהויערט אויף זיי, ווי אַ שוואַרצער געדיכטער וואָלקן. דער ציוניזם האָט זיך געשטיצט אויף דער אַלטער קולטור פון פאָלק, אויף דער ליבשאַפט צו ציון און אויף די היסטאָרישע רעכט. ער האָט געזויגן פון די אַלטע מקורות און געוואָלט אַ נייג טאָן די ריכטליניע פון דער פאַרגאַנגענהייט צו דער צוקונפט. ער האָט נעגירט די קעגנוואַרט און באַצויגן זיך מיט פולשטענדיקער נעגאַציע צום גלות און צו אַלץ, וואָס איז אין גלות גע־שאַפן געוואָרן. ער האָט געוואָלט זען דעם טרייב־כוח צו דער פאַרווירקלעכונג פון זיין טרוים אין דער אויפבויונג פון דער צוקונפט פון פאָלק, נישט אין די מאַטעריעלע לעבנס־באַדינגונגען און אין די סיבות פון זייער אַנטוויקלונג, נאָר אין די אידעאַליסטישע מאָמענטן, אין גייסט פון פאָלק און אין זיין געלענקטן ווילן. דער ציוניזם האָט נישט געוואָלט זען, נישט בלויז די שאָטן־זייטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, נאָר אפילו די קלאַסן־דיפערענציאַציע, וואָס האָט אויסגעזען אין זיינע אויגן, ווי די גרעסטע צרה פון גלות, ווייל זי האָט געדראָט אָפּצוטעמפּן די שאַרף פון איר סאַמע וויכטיקסטן געווער — דאָס איינציקייטס־געפיל פון פאָלק.

דער ציוניזם האָט זיך באַזירט אויף דער איינציקייט פון פאָלק, אַז זי וועט שאַפן זיין גליק, און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס גליק פון פאָלק באַ־דייט קודם כל די אינטערעסן פון זיינע באַזיצנדיקע קלאַסן. אויב דער ציוניזם האָט אויסגעקריצט אויף זיין פאָן דאָס געבאָט פון אחדות, האָט עס באַדייט: אַרבעטער, האָט נישט אין זינען אייערע טאָגטעגלעכע זאָרגן, די נויט פון היינט, קומט לאָמיר צוזאַמען מאכן אַ חברה, כדי צו דערגרייכן אַ זיכערן שוץ־אָרט אין ארץ־ישראל, און דאָרט וועלן מיר אויסשמידן דאָס גליק פון פאָלק — וואָס מיינט: פון זיינע הערשנדיקע קלאַסן.

אויף וויפל דער ציוניזם האָט אָנגעצייכנט אַ ריכטליניע צווישן עבר און צוקונפט — איז ער געווען דיאַלעקטיש; אויף וויפל ער האָט געשטרעבט אויס־צובויען די צוקונפט דורכן נעגירן דעם היינט, דורך דער נעגאַציע פון דער קלאַסן־דיפערענציאַציע, שטיצנדיק זיך אויפן געאייניקטן ווילן — איז ער געווען אידעאַליסטיש.

דער ציוניזם איז אַלזאָ געווען דער פולער היפך פון „בונד״. דער „בונד״ איז געווען מעטאַפיזיש־מאַטעריאַליסיטש און דער ציוניזם איז געווען דיאַליקטיש־אידעאַליסטיש.

אונדז זענען באַקאַנט די נעמען פון די ערשטע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געוואָלט שאַפן אַ סינטעז צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם. שוין אויפן צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1898 זענען ד״ר לאַנדאַו און ד״ר נחמן סירקין אַרויסגעטראָטן מיט דעקלאַראַציעס אין גייסט פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

די ערשטע קרייזן פון ציוניסטישע אַרבעטער האָבן זיך באַוויזן אויף דער יידישער גאַס אין יאָר 1899. אין די שטעט און שטעטלעך פון גרויסן רוסלאַנד, אין יעקאַטערינאָסלאַוו און פּאָלטאַווע אויף דרום, אין באָברויסק, וויטעבסק, מינסק, אָרשע אין צענטראַל־רוסלאַנד, אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן — זענען אַנטשטאַנען קרייזן פון פּועלי־ציון, אָן שום פאַרבינדונג צווישן זיך. און די פּועלי־ציון־קרייזן האָבן געהאַט צענדליקער פאַרשידענע שיטות. ס׳איז געווען דער מינסקער „טאָלק״, דער דרום־רוסלענדישער „טאָלק״, דער פּוילישער „טאָלק״ און ענלעכע. און אפשר שטעקט שוין דאָ דער שורש פון דער באַזונדערער נטיה פון פּועלי־ציון צו שפּאַלטונגען.

די דאָזיקע אַרבעטער־קרייזן זענען נישט געקומען פון די בונדישע רייען, נאָר פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. דער „בונד״ האָט נעגירט די דינאַמיק, דער ציוניזם — די סטאַטיק. די אַרבעטער־קרייזן האָבן אונטערבאַוווסטזיניק געשטרעבט צו פאַריייניקן די סטאַטיק פונעם „בונד״ מיט דער דינאַמיק פון ציוניזם. זיי האָבן געזוכט דעם סינטעז צווישן בונדישן מאַטעריאַליזם און דער ציוניסטישער דיאַלעקטיק. די סטאַטיק וואַרפט זיך אין די אויגן מער ווי די דינאַמיק. דערפאַר איז לייכטער צו דערשפּירן ווען ס׳פעלט דער סטאַטישער עלעמענט, איידער ווען עס פעלט דער דינאַמישער. די אַרבעטער־גרופּעס אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן דערפאַר גלייך דערשפּירט דעם מאַנגל פון דער סטאַטיק אין פּראָגראַם, אָבער די אַרבעטער פון „בונד״ האָבן נישט גלייך געכאַפּט זיך וועגן מאַנגל פון דער דינאַמיק. דערפאַר האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ יוירונג אין ציוניזם, אין זיין סאַמע אָנהייב. אַז ס׳זאָל פאָרקומען אַ יוירונג אין „בונד״ האָט זיך געפאָדערט 35—40 יאָר צומווייניקסטן. און פון דער צווייטער זייט איז די נעגאַציע פון קלאַסן־מאָמענט דורכן ציוניזם, אין דער צייט, ווען עס האָט שוין עקזיסטירט אַ בולטע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון יידישן אַרבעטער — דער „בונד״, עלול געווען אַרויסצורופן אַ שטאַרקערע רעאַקציע אין די יידישע אַרבעטער־קרייזן, ווי דאָס נעגירן פון נאַציאָנאַלן מאָמענט דורכן „בונד״.

אין דער קעגנזייטיקער השפּעה פון די צוויי פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס איז מער קענטיק די השפּעה פון „בונד״ אויפן ציוניזם, איידער פאַרקערט. נאָך אין יאָר 1899 איז אין אָדעס געגרינדעט געוואָרן אַ קרייז פון

ציוניסטן־סאָציאַליסטן אונטערן נאָמען „שאר ישוב". זיין פּראָגראַם *) האָט אַנט־האַלטן פאָלגנדיקע דריי פּונקטן: 1. שאַפן אַ קאַסע פון קעגנזייטיקער הילף; 2. אָרגאַניזירן אַרבעטס־ביוראָען אויף צו זוכן אַרבעט פאַר די יידישע אַרבעטער; 3. אָרגאַניזירן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון.

אין אַ דאָקומענט פון דער גובערניאַלער פאַרוואַלטונג פון דער זשאַנ־דאַרמעריע אין בעסאַראַביע פון יאָר 1900 ווערט געזאָגט: „די ציוניסטישע אַגיטאַציע איז נישט געווונטשן פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט און פאַרן רע־זשים, צוליב די געהיימע פאַרזאַמלונגען, וואָס ווערן דורכגעפירט אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט (קישעניעוו). אויסער מיט ציוניסטישע פראַגן, פאַרנעמט מען זיך אויף די פאַרזאַמלונגען אויך מיט סאָציאַלע פראַגן, און ס'ווערן אויף זיי אָנ־גענומען באַשלוסן וועגן געהיימע צוגרייטונגען צו אָרגאַניזירן שטרייקן. אַזוי, למשל, איז דער שטרייק פון די בעקער, וואָס איז פאָרגעקומען אין פאַריקן יאָר, געווען אַ רעזולטאַט פון די ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען".

אין יאָר 1901 האָט די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע גרופּע אין לאָנדאָן, מיט נ. סירקין בראש, אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף „צו דער יידישער יוגנט", אַלס פּראָיעקט פאַר אַ פּאַרטיי־פּראָגראַם. ווען מען באַקענט זיך מיט דעם פּראָגראַם פון דער גרופּע, זעט מען, אַז דאָס איז דער ערשטער און נאָך נישט אויסגעקריס־טאַליזירטער פּרוּוו צו שאַפן אַ סינטעז צווישן די טאָגטעגלעכע באַדערפעניש און דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

איייניקע ציטאַטן פון דעם דערמאָנטן פּראָגראַם:

„דער סאָציאַליסטישער ציוניזם איז אַן ענטפער אויף די וויכטיקסטע לעבנס־באַדערפענישן פון יידישן אַרבעטנדיקן פּראָלעטאַריאַט און אויף אַ גאַנצער ריי דערשיינונגען פון יידישן לעבן. אויסער דעם עפנט די סאָציאַליסטיש־ציוניס־טישע באַוועגונג אַ ברייט פעלד פאַר אַן אויפטו פון יידישן פאָלק (ס'איז נישט קלאָר, וואָס עס מיינט „אַ גאַנצע ריי דערשיינונגען און אַן אויפטו" — נ.). פון דער צווייטער זייט, איז דאָס באַטייליקן זיך אין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאַמף — אַ מאַטעריעלע באַדערפעניש פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און א געהעריקער ענטפער דעם אַנטיסעמיטיזם".

הויפּט־טעזן:

„אַ סאָציאַליסטיש יידנטום — דאָס איז אַן אידעאַל, וואָס דאַרף פאַר־ווירקלעכט ווערן דורך קאָלאָניזאַציע, אינדוסטריע און האַנדל אויפן יסוד פון אַסאָציאַציע. די סאָציאַליסטישע אידעע פון ציוניזם דאַרף באַשטימען דעם כאַ־ראַקטער פון דער קאָלאָניזאַציע, געבן א ריכטונג דער גאנצער באַוועגונג, וואָס

*) די און אַנדערע פאַקטן זענען גענומען פון בוך „ציוניזם", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער רוסישער „אָכראַנע" אין יאָר 1903.

זאָל אַנטשפּרעכן די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פון די מאַסן, וואָס זאָל פאַרקערפּערן די העכסטע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן.

די קאָלאָניזאַציע דאַרף געפירט ווערן אויף ברייטערע יסודות פון אַסאָ־ציאַציע, וואָס זאָל אין איר אַנטוויקלונג דערפירן צו דער אַנטשטייונג פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אין איר פּראַקטישער טעטיקייט שטרעבט די פּאַרטיי צו פאַרשפּרייטן צווישן די יידן די אידעע פון קאָלאָניזאַציע אויף יסודות פון אַסאָציאַציע און קאָ־לעקטיוויזם.

די פּאַרטיי מאַכט נישט אָפּהענגיק די פאַרווירקלעכונג פון אירע צילן פונעם סוווערענעם ווילן פון סולטאַן און פון דער „דיפּלאָמאַטיע", און זי ברייטערט אויס דעם באַגריף „פּאַלעסטינע", אַריינרעכענענדיק אין אים אויך דעם אינדזל ציפּערן און האַלב־אינדזל סיני, ווו זי גרייט זיך אָנצוהייבן אַ קאָלאָניזאַציע אויף די אויבנ־דערמאָנטע יסודות. באַשטימענדיק אינגאַנצן זעלבשטענדיק די צילן און מיטלען, זעט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַ נויטווענדיקייט צו ווירקן אויף אַלע איבעריקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און אַזוי אויך אויף די קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפטן און אויף די יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. די אופנים פון דער השפעה אויף דעם עקזיסטירנדיקן ציוניזם דאַרפן זיין: פירן אַן אַגיטאַציע צווישן די ציוניסטישע מאַסן, באַטייליקונג אין די קאָנגרעסן, באַטייליקונג אין באַנק א.א.וו. וואָס שייך צו דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע — דאַרף מען אויפשטעלן קעגן איר די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון יידישן דעמאָקראַטישן עולם, און פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין די הויפּטשטעט, ווי פּאַריז און לאָנדאָן, דאַרף מען אָרגאַניזירן מאַסן־פּאַרזאמלונגען און דעמאָנסטראַציעס.

די קולטור־אַרבעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי נעמט אַרום די פאַרשפּרייטונג פון וויסן צווישן די מאַסן אין גייסט פון אייראָפּעישן פּראָגרעס און אין נאַציאָנאַלן גייסט, דורך אַנטוויקלען אַ קריטישע באַציונג פון די מאַסן צום מהות פון יידישקייט, צו דער יידישער געשיכטע און כתבי־הקודש.

אויף וויפל מען באַנוצט זיך אין פאָלקס־לעבן מיטן זשאַרגאָן, דאַרף די פּראָפּאַגאַנדע געפירט ווערן אין דער שפּראַך, אָבער די ליטעראַטור פון פאָלק וועט געשאַפן ווערן אין אונדזער אַלטער שפּראַך.

די באַציונג צו דער יידישער פּראַקטישער רעליגיע איז אַ נעגאַטיווע, און די פּאַרטיי דאַרף שטרעבן צו ליקווידירן אין יעדן אָרט די דעמאָראַליזירנדיקע השפעה פון די רבנים, הן די גייסטיקע, הן די מלוכהשע.

די נאָענטסטע אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי איז: צו אָרגאַניזירן קרייזן פון ציוניסטן־סאָציאַליסטן צווישן דער יוגנט און צווישן די אַרבעטער אין אַלע לענ־דער. די אַלע קרייזן דאַרף פאַרבינדן אַ צייטשריפט אין רוסיש און זשאַרגאָן,

וואָס די פּאַרטיי גרייט זיך אַרויסצוגעבן, אין דער ערשטער צייט נישט־פּעריאָדיש, און דערנאָך ווי אַ חודש־שריפט. ז'אָס אָרט פון דער אויסגאַבע וועט זיין לאָנדאָן, דער נאָמען פון דער אויסגאַבע: „פרייהייט־אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטן־סאָציאַליסטן".

דער פּראָגראַם ווייזט אָן אויף די פּרווון צו שאַפן אַ סינטעז צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם, ווען עס איז נאָך נישט געווען נישט דער וועג און נישט די ריכטיקע פאָרמולירונג. דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם, די דיאַלעקטיק פון ציוניזם און דער מאַטעריאַליזם פון „בונד" האָבן זיך דאָ פאַרייניקט נישט אויף אַן אָרגאַנישן, נאָר אויף אַ מעכאַנישן אופן, נישט אויפן וועג פון שאַפן אַ נייעם אינטעגראַלן געדאַנק, נאָר דורך אַוועקשטעלן אַ בינד־צייכן צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם.

אין גאַנג פון זיין אַנטוויקלונג איז דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער געדאַנק דערגאַנגען צו אַן עטאַפּ פון אָרגאַנישער פאַרייניקונג. ס'איז אַנטשטאַנען דער סינטעז פון מעטאַפיזישן מאַטעריאַליזם פונעם „בונד" מיטן דיאַלעקטישן אידעאַליזם פונעם ציוניזם און ס'איז געשאַפן געוואָרן דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם פון פּועלי־ציון. דער דאָזיקער סינטעז איז געשאַפן געוואָרן באַזונדער אויף מזרח און באַזונדער אויף מערב. אָבער בעת אויף מזרח איז די טעזע געווען שטאַרקער פון דער אַנטיטעזע, איז זי אויף מערב געווען, פאַרקערט, שוואַכער פון איר.

אויף מזרח, אין רוסלאַנד, איז די בונדישע טעזע געווען שטאַרק אַנטוויקלט. די עקזיסטענץ פון יידישע אַרבעטער־מאַסן, אמת, בלויז אין קליינע אונטערנעמונגען, די פּאָליטישע רדיפות, דער אכזריותדיקער צאַרישער רעזשים מיט זיין גאַנצן אַפּאַראַט, דאָס רעוואָלוציאָנערע געפיל, וואָס האָט געעווירט אין די מאַסן און אין דער אינטעליגענץ — דאָס אַלץ האָט געווירקט אויפן אויפנעמען די מאַטעריאַליסטישע טעזע פון „בונד". די פּועלי־ציון־באַוועגונג האָט זי אויפגענומען אינגאַנצן, אָבער אויך אַנטוויקלט מיט מער קראַפט. דווקא די פּועלי־ציוניסטישע באַוועגונג האָט בולט אַרויסגעבראַכט דעם אַנטי־מאַטעריאַליזם פון דער קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פון „בונד", און זי האָט עס דורכגעפירט דעם מאַטעריאַליסטישן אַנאַליז פון די ספּעציפישע לעבנס־באַדינגונגען פון יידישן אַרבעטער. אָבער אין מערב־גאַליציע, בוקאָווינע און אין אַ געוויסער מאָס אויך אין די פאַרייניקטע שטאַטן, האָט די ציוניסטישע אַנטיטעזע געשפּילט אַ גרויסע און דעצידירנדיקע ראָל. דאָרט, באַזונדערס אין אייראָפּע, האָט דער ציוניזם געשפּילט די ראָל פון אַדורכפירן אַ גרויסע רעוואָלוציע קעגן שטראָם פון אַסימילאַציע פון גאַליציאַנער דאָקטאָר און אַמעריקאַנער פעדלער. אויסער דעם, איז די קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט געווען דאָרט זייער שוואַך. צוליב

דעם איז די פּועלי־ציון־באַוועגונג אויף מערב געווען מער דורכגעדרונגען מיט דער דיאַלעקטיק פון ציוניזם, איידער מיטן מאַטעריאַליזם פון „בונד”. די פּועלי־ציון־באַוועגונג דאָרט איז נישט אַ סך ווייטער אַוועק פון סירקינס פּראָגראַם, וואָס האָט זיך פאַררופן אויפן מאַטעריאַליזם בלויז אויף אַזויפיל, אויף וויפל עס איז געווען נייטיק צום לייזן די טאָגטעגלעכע פראַגן פון יידישן אַרבעטער, נישט פאַר־טיפנדיק זיך אין זיי און נישט דערגרונטעווענדיק זיך צו זייער וואָרצל.

אין דער צייט, וואָס די פּועלי־ציון־באַוועגונג אויף מזרח איז געווען אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן דער מעטאַפיזיק פון „בונד”, קעגן זיין סטאַטיש־קייט, און אָננעמענדיק זיין מאַטעריאַליסטישע טעזע, האָט זי זי אַנטוויקלט, אָנ־ווענדנדיק די ציוניסטישע דיאַלעקטיק, — איז די פּועלי־ציון־באַוועגונג אויף מערב געווען אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן דער נעגאַציע פון דער קעגנוואַרט דורכן ציוניזם, קעגן דער נעגירונג פון דער קלאַסן־דיפערענציאַציע, און ווען זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער באַזע פון דער ציוניסטישער דיאַלעקטיק, האָט זי באַהעפט צו זיך, אמת, נאָר מעכאַניש, דעם מאַטעריאַליזם פון „בונד”. סיי אויף מזרח און סיי אויף מערב איז די פּועלי־ציון־באַוועגונג געוואָרן אַ דיאַלעקט־טיש־מאַטעריאַליסטישע באַוועגונג. נאָר אין דער צייט וואָס אויף מזרח איז דער מאַטעריאַליזם געווען און געבליבן דער יסוד, איז ער אויף מערב געווען ווי אַ צייטווייליקער צוגאָב. נאָר ביז אַ באַשטימטער צייט האָט דער מזרח געקאָנט גיין צוזאַמען מיטן מערב. אין אַנטשיידענעם מאָמענט פון קאַמף צווישןביידע וועלטן האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן די אָפּשטאַמונג: יחוס אין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען האָט דאָך אַ באַדייטונג.

דער קאָמיטעט פון פּועלי־ציון אין וואַרשע האָט זיך דאַן, אין יאָר 1905, געפונען אויף נאַלעווקי־גאַס 27, אויפן צווייטן שטאָק, אין דער וווינונג פון יצחק טאַבענקינס מוטער. די אלמנה טאַבענקין האָט געלעבט פון געבן מיטאָגן פאַר מענטשן פון גאַס. זי איז געווען אַ שטילע און גוטע פרוי, און צו אונדז אַלעמען, צו איר זונס חברים, האָט זי זיך באַצויגן ווי צו אירע אייגענע קינדער.

דער קאָמיטעט האָט, פאַרשטייט זיך, געאַרבעט קאָנספּיראַטיוו. אויך מיר, עטלעכע אינטעליגענטן, וואָס זענען געווען מער נאָענט צום קאָמיטעט, האָבן לכתחילה נישט געוווּסט זיין צוזאַמענשטעל. מיט דער צייט זענען אונדז באַוווּסט געוואָרן די נעמען פון זיינע דריי הויפּט־טוער: בן־ציון ראַסקין, יצחק טאַבענ־קין און שמעון „פייגעלע”.

בן־ציון איז געווען דער עלטסטער צווישן אונדז. ער איז שוין דעמאָלט געווען אין די דרייסיקער יאָרן, אַ לערער מיט ליטעראַרישע פעיקייטן (ער האָט איבערגעזעצט אויף יידיש „דאָס געזאַנג פון הייאַוואַטאַ„ פון לאָנגפעללאָ), ער איז

אויך געווען באהאווגט אין פראַגן פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. ער פלעגט לאַנג־זאַם דענקען, האָט אָבער געהאַט גרויסע אַמביציעס. מיר דוכט זיך, אַז ער האָט זיך פאַרשאַפט אָנערקענונג ביי אונדז נישט אַזוי צוליב זיינע באַזונדערע מעלות, ווי צוליב דער אומבאַגרענעצטער פאַרערונג, וואָס ס'האָט צו אים אַרויסגעוויזן יצחק טאַבענקין.

יצחק טאַבענקין, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 18, איז געווען באַ־שאָנקען מיט אויסערגעוויינלעכע אַנאַליטישע פעיקייטן. ער פלעגט אַריינדרינגען אין דער טיפעניש פון פּראָבלעמען און איז געווען אַן אַגיטאַטאָר פון גאָטס־גע־נאָד, מיט אַ גרויסער איבערצייגונגס־קראַפט, וואָס האָט אַרויסגעדרינגען מער פון זיין טיפן גלויבן, ווי פון דער לאָגיק פון זיינע געדאַנקען. זיינע רעדעס זענען שטענדיק געווען בליץ־געדאַנקען און אַנאַלאָגיעס, וואָס האָבן געקאָנט אָנצינדן, זיי זענען אָבער נישט געווען געבויט אין אַ געאָרדנטער סיסטעם. אַדאַנק זיינע פינקלדיקע אויגן, אָנגעצונדענע מיט אַ ים באַגייסטערונג, און זיין רעוואָלוציאָ־נערן טעמפּעראַמענט, איז ער געוואָרן דער באַליבטער פירער ביי אַלע זיינע חברים.

שמעון „פייגעלע" — פּרושיצקי, פון טשענסטאָכאָוו, אַ הויכער בלאָנדער בחור, איז נישט לאַנג געבליבן אין דער פּאַרטיי. אַ שטיקל צייט איז ער נאָך געווען מיט אונדז, אָבער גאָר גיך פאַרלאָזט ער די באַוועגונג און גייט אַריבער צו די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז ער אין פּעטערבורג באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־פּראָקוראָר.

אַרום דעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך גרופּירט אַ קרייז פון 15—20 אַרבעטער. צווישן זיי: יצחק דער זייגערמאַכער (היינט אַ לאַנדווירט אין מטולה), אברהם דער שניידער, שמואל דער איינבינדער, יוסף און שמואל דוד נאָוויצקי (דער ערשטער אין ניו־יאָרק, דער צווייטער אין ארגענטינע), חייקע (היינט אין ניו־יאָרק), מרדכי דער גאָלדשמיד (אוסינאָוויטש — היינט אין ירושלים, אַרבעט אין בצלאל), אלקנה (הורוויטש, איצט אין „הגושרים"), משה לאָזער סלוצקי (היינט אין עין־חרוד), יוסף זאַלצמאַן — אַ בחור אין אַ חסידיש היטל און אַ חסי־דישער קאַפּאָטע, געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער (געווען אין ארץ־ישראל אַ שומר, געפאַלן אויפן פּאָסטן ביי כנרת), הערשל שפּיגלמאַכער (היינט אין ישראל) און אחרון, אחרון, דער באַליבטסטער ביי אונדז אַלעמען, דער „פּעטער לאָזער", פינ־קלשטיין, אַ שטילער מענטש, וואָס פלעגט רעדן געלאַסן און אונדז באַרויקן אין יעדער עת צרה (געווען אַ שומר אין ארץ־ישראל, פאַרוווּנדעט געוואָרן אין בית שמן און געשטאָרבן אין ירושלים). ס'איז געווען נאָך אַ זעכצניאָריקער בחור, בנימין פינקעל (איצט אין די פאַרייניקטע שטאַטן).

עס זענען אויך געווען עטלעכע חברטעס: די שוועסטערן תמר און רבקה

שאַר, פּאָליע אָלסטער, פּאָליע „מיטן צאָפּ" (שפּעטער די פרוי פון באַוווסטן פּע־דאַגאָג יחיאל האַלפּערן), דאָרע איינשטיין, וואָס איז ביי אונדז געווען אַ טעכני־שער אַרבעטער (שפּעטער די פרוי פון דוד בלאָך־בלומענפעלד, אַ דאָקטאָר אין ישראל, געשטאָרבן סוף 1957).

איינמאָל זענען מיר געגאַנגען זאַלבעדריט, דער פּעטער לאָזער, בנימין פינקעל און איך, אויף דלוגע־גאַס פאָטאָגראַפירן זיך. ווען מיר זענען שוין געווען אויפן גאַס, איז אונדז איינגעפאַלן, אַז דאָס שטימט נישט מיט קאָנספּיראַציע: די פּאָליציי קאָן געפינען די קלישע און אין דעם שטעקט אַ סכנה. מיר האָבן זיך אומגעקערט צום פאָטאָגראַפיסט, באַצאָלט וואָס עס קומט, און געבעטן פאַרניכטן דעם נעגאַטיוו. ער האָט זיך זייער פאַרוווּנדערט אויף אונדזער מאָדנעם פאַרלאַנג, ער האָט אים אָבער אויסגעפולט פאַר אונדז אין די אויגן.

די בחורים זענען כמעט שטענדיק געווען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, אויך חייקע, געדענק איך, האָט געטראָגן אַ רעוואָלווער. די באַציונגען צווישן די חברים אויז קאָמיטעט זענען געווען אויפריכטיקע און האַרציקע. צו מיר האָט מען זיך לכתחילה באַצויגן מיט אומצוטרוי, ביז מען האָט מיך בעסער דערקענט.

אין יענע טעג האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען ידיעות פון פאַרשידענע שטעט איך רוסלאַנד וועגן פּאָגראָמען אויף דער אינטעליגענץ און באַזונדערס אויף יידן. מיר האָבן זיך געריכט אויף פּאָגראָמען אין וואַרשע, האָבן מיר אָנגעהויבן צו אָר־גאַניזירן אַ זעלבשוץ אין די הייזער. די מענער פלעגן, צו צוויי, שטיין ביינאַכט אין טויער אויף דער וואַך. ס'איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ זעלבשוץ אין דער פּאַרטיי. מיר האָבן געהאַט אַן ערך 50 רעוואָלווערן. איך געדענק ווי איינמאָל ביי־נאכט האָבן מיר, איך און פּאָליע „מיטן צאָפּ", איבערגעפירט צענדליקער רעוואָל־ווערן פון איין אָרט אויפן צווייטן. ס'איז אונדז אויסגעקומען פאַרבייגיין נאָענט דער קאַזאַרמע פון וואָלינער פּולק, וואָס האָט געשמט מיט זיין אכזריות. אַזוי זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין דער פּאַרטיי זעקס־זיבן גרופּעס, און יעדע האָט געציילט 10 חברים. די גרופּעס האָבן פּאַטראָלירט אויף פאַרשידענע גאַסן. זיי פלעגן זיך געפינען אין אַ צימער און אַרויסשיקן יעדע צוויי שעה אַ פּאַטראָל.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע האָט צונויפגערופן אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג (אין זאַל פון „מוריה" אויף דזשעלנע) וועגן זעלבשוץ. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען אַרויסגעטראָטן רעדנער פון אַלע ריכטונגען. מיר האָבן פאַר־געלייגט נח פּרילוצקין, וואָס האָט זיך דעמאָלט דעקלאַרירט אַלס אַ פּועלי־ציוניסט, ער זאָל אויפטרעטן אין אונדזער נאָמען. איך געדענק, אַז זיין אַרויסטריט האָט זייער דערצאָרנט יצחק גרינבוימען, און אפשר נישט אַזוי זיינע רייד, נאָר זיין עצם אַרויסטרעטן אין נאָמען פון פּועלי־ציון, ווייל שוין דעמאָלט איז געווען אונ־טער אַ ספק זיין שטאַנדהאַפטיקייט אַלס ציוניסט. און טאַקע אין אַ חודש־צוויי אַרום איז פּרילוצקי אַוועק פון אונדזער באַוועגונג.

מיר האָבן געפירט אַן אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אַרבעטער, גע־גרינדעט קרייזן צו לערנען פּאָליטישע עקאָנאָמיע און די פּראָבלעמען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. איך האָב געפירט אַ קרייז אין דער פאָרשטאָט פּראַגע, ווו צווישן מיינע צוהערער איז דאַן געווען נאָטע האַרפּאַז. אַ צווייטן קרייז האָב איך געפירט אין שטאָט גופא, וואָס זיינע צוהערער זענען בעיקר געווען האַנדלס־אָנגעשטעלטע, צווישן זיי — ישראל וועשער.

אונדזער טרעפפּונקט איז געווען אין הללס רעסטאָראַן אויף גענשע 29. דאָרט פלעגן זיך צונויפטרעפן ביי 150 חברים אין צוויי קליינע צימערלעך הינטער דער קראָם. פון צייט־צו־צייט פלעגן דאָרט פאָרקומען פאַרטראַגן. אויפן ראָג גענשע און דזשיקע איז געווען אונדזער בירזשע, דאָרט פלעגן מיר דערליידיקן אַלע פּאַרטייאישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים. נישט איינמאָל פלעגט די פּאָליציי מאַכן איבערפאַלן אויף דער בירזשע, צוליב וואָס מיר האָבן ז׳ דערנאָך אַריבערגעפירט אויף נאָוואָליפּקי, אַנטקעגן דער גימנאַזיע. אויך דאָ האָט די פּאָליציי אונדז נישט געלאָזן צורו און זייער אָפט געמאַכט „אָבלאַוועס״.

אויף דער בירזשע פלעגן זיך באַווייזן אַ סך חברים, איינאָרדענען דיסקו־סיעס און פירן אַן אַגיטאַציע. איך געדענק דעם חבר אבוש, וואָס האָט זיך אויס־געצייכנט אין די דיסקוסיעס מיט די בונדיסטן. די בונדיסטן האָבן אים געדראָט, אַז זיי וועלן אים צעברעכן די ביינער, אויב ער וועט וואַגן צו באַווייזן זיך אויף זייער בירזשע. אויף דער בירזשע פלעגט זיך אויך באַווייזן אַ חברטע פון „דבורה״ — סאַבינע גאָלדמאַכער. זי איז געווען אין טרויער צוליבן טויט פון איר פאָטער און געטראָגן אַ שוואַרצן לאַנגן וועלאָן, זי האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערק־זאַמקייט. ביי מיר האָט זי גלייך נושא חן געווען, און גאָר אינגיכן האָבן מיר זיך באַפריינדעט און פלעגן באַשטימען ראַנדעוווס אויף דער בירזשע. פון דעם קאָן מען זען, אַז נישט נאָר פּאַרטייאישע ענינים פלעגן דאָרט דערליידיקט ווערן.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, אויך גענומען אַן אָנטייל אין דער פּראָפעסיאָ־נעלער באַוועגונג. אונדז, די פּועלי־ציון, איז געווען שווער אַהין אַריינצודרינגען, ווייל דער „בונד״ און אויך די ס. ס., האָבן אונדז מקדים געווען, מיר האָבן זיך אויף דער אַרענע באַוויזן די לעצטע, און ווי ס׳איז באַוווּסט: המוציא מחברו עליו הראיה. דער „בונד״, ווי די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער, האָט זיך שוין פאַרוואָרצלט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען נישט צו דערלאָזן אונדז און אויך ס. ס. צו האָבן אין איר אַ השפּעה. דעמאָלט האָט זיך טאָקע אָנגעהויבן די דיסקוסיע, צי די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַ־ניזאַציעס דאַרפן זיין פּאַרטייאישע אָדער אומפּאַרטייאישע.

דער וויכוח וועגן דער פּאַרטייאישקייט און אומפּאַרטייאישקייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס איז געקומען אין פאַרבינ־

דונג מיט דער דיסקוסיע וועגן אָט דער פראַגע אין אויסלאַנד, באַזונדערס אין דייטשלאַנד. דאָרט איז דער וויכוח שוין געווען אַ פאַרעלטערטער, און ס׳האָט עקזיסטירט אַ גענוג רייכע ליטעראַטור, סיי בעבעל און סיי קאַוטסקי האָבן שוין אין דער פראַגע געזאָגט זייער אויטאָריטעט וואָרט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך באַוואָפנט מיט געווער פונעם דייטשישן אַרסענאַל, כאָטש אין תוך האָט די דיסקוסיע ביי אונדז נאָר אויסערלעך אויסגעזען ענלעך ווי די, וואָס אין דייטשלאַנד, אָבער אין תוך איז זי געווען אַן אַנדערע. אין דייטשלאַנד איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און קאַטוילישע פראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דאָרט איז אַנגעגאַנגען דער וויכוח וועגן דעם, צי זאָל די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג זיין אָפּגעריסן פון סאָציאַליסטישן אידעאַל און זאָרגן נאָר פאַר דער פאַרבעסערונג פונעם מאַטעריעלן מצב פון די אַרבעטער, אָדער זיין פאַרבונדן מיטן סאָציאַליזם, ווייל די פאַרבעסערונג פון מאַטעריעלן מצב קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דאַן, ווען די פראָפ.־באַוועגונג איז פאַרבונדן מיטן סאָציאַליזם, אויב נישט, וועט זי פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צעכיסטישער באַוועגונג, וואָס איז אָפּגעריסן פון קלאַס.ביידע צדדים האָבן מסכים געווען, אַז די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג דאַרף אַריינעמען אַלע אַרבעטער, אָן אונטערשייד פון זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען. אָבער די באַוועגונג קאָן זיין אונטער דער השפעה פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — ד. ה. אַ פאַרטייאישע, אָדער זי קאָן זיין אינגאַנצן פריי פון פּאָליטיק — ד. ה. אַן אומפאַרטייאישע. ביי אונדז דאַקעגן האָט זיך נישט געפירט קיין דיסקוסיע וועגן דעם, צי די פּאָליטיק פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג דאַרף זיין אַ סאָציאַליסטישע אָדער נישט, די פראַגע איז געווען: אונטער וועמענס השפעה דאַרף זי אַרונטערפאַלן? וואָסער סאָציאַליסטישע פאַרטיי וועט האָבן די העגעמאָניע אין דער פראָפ. באַוועגונג? און ס׳איז נאַטירלעך, אַז די סאָציאַליסטישע פאַרטיי, וואָס איז שוין אַריינגעדרונגען און זיך פאַרוואָרצלט אין דער פראָפ. באַוועגונג, איז געווען פאַראינטערעסירט צו באַשיצן די פאַרטייאישקייט פון דער פראָפ. באַוועגונג. דער „בונד״ איז טאַקע געווען אַן אָנהענגער פון דער פאַרטייאישקייט און מיר האָבן פאַרטיידיקט די אומפאַרטייאישקייט פון דער פראָפ. באַוועגונג.

צו יענער צייט האָבן מיר שוין געהאַט אָרגאַניזירט עטלעכע פראָפ. פאַריינען, ווי דעם פאַריין פון די קעלנער, „מאָנטשאַזשעס״, פורמאַנעס פון מעל, טאַנדעט־נייטאָרינס, האַנדלס־אַנגעשטעלטע, דעקאָראַציע־אַרבעטער — „בלומען, בלעטער, פעדערן״, דעם כעמישן פאַריין (זיין סעקרעטאַר, חבר האָפער איז איצט אין ישראל), און נאָך עטלעכע קליינע פאַריינען, באַזונדערס פון די אַרבעטס־צווייגן וואָס זענען נישט נאָך אַרומגענומען געוואָרן פונעם „בונד״. דער „בונד״, וואָס האָט שטאָלצירט מיט זיין ערשטקייט, האָט שוין געהאַט אַ רייכע

דערפאַרונג און האָט געהאַלטן זיך פאַרן „איינציקן פאָרשטייער פון יידישן פראָ־לעטאַריאַט", מיר האָבן אָבער ערשט געמאַכט די ערשטע טריט אין דער פראָפ. באַוועגונג.

אויף דער נישט־יידישער גאַס איז דווקא די סאַמע שטאַרקסטע פאַרטיי פּ.פּ.ס., געווען אַן אָנהענגערין פון אומפּאַרטייאישקייט פון דער פראָפ. באַוועגונג, ווייל זי איז געווען אַ פאַרטיי פון אַ גרויסער השפעה און געגלייבט, אַז זי איז בכוח צוציען צו זיך אַלע אַרבעטער, די פוילישע ווי די יידישע. די יידישע אַר־בעטער זענען געווען אָרגאַניזירט אין פּ.פּ.ס. ווי אַ סעקציע — „יידישע סעקציע פון פּ.פּ.ס.". די קליינע פאַרטיי פּ.ס.ד. (שפּעטער ס.ד.ק.פּ.ל. — סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיאַ קרולעסטווא פּאָלסקי אי ליטווי) איז געווען אַן אָנהענגערין פון פּאַר־טייאישקייט, ווייל זי איז געווען פאַראינטערעסירט צו דערווערבן מיטגלידער פאַר דער פאַרטיי. ווען זי פלעגט אָרגאַניזירן אַ שטרייק אין אַ פאַריין, האָט זי גלייכצייטיק דורכגעפירט אַ ווערבירונג און פאַרשריבן אַלע אַרבעטער פאַר אירע מיטגלידער, באַשטייערנדיק זיי מיטן פאַרטיי־אָפּצאָל.

פאַרשידן זענען געווען די וועגן פון דער אַנטוויקלונג פון דער פראָפּע־סיאָנעלער באַוועגונג: אַנדערש אין דייטשלאַנד און ענגלאַנד, און אַנדערש אין פוילן און רוסלאַנד. אין דייטשלאַנד און אין ענגלאַנד איז די פראָפ. באַוועגונג אַנטשטאַנען פאַר דער פּאָליטישער, און די לעצטע איז אַרויסגעוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט אַדאַנק דער פראָפ. באַוועגונג. אין רוסלאַנד און אין פוילן זענען פריער אנטשטאַנען די פּאָליטישע באוועגונגען, און זיי האָבן עס אָרגאַניזירט די פראָפ. פאַריינען. דאָ איז פאָרגעקומען דער קאַמף פאַר דער השפעה אויף דער פראָפ. באַוועגונג אין סאַמע אָנהייב פון איר אַנטשטיין, און דאָס האָט אויך גורם געווען אירע שפּאַלטונגען. פון דער אַנדערער זייט איז אויף דער באַוועגונג נישט געלעגן דער שטעמפּל פון ענגן עקאָנאָמיזם ווי דער צעכיזם אין דייטשלאַנד און דער טריידיוניאָניזם אין ענגלאַנד. אמת, ס'זענען אויך אין פוילן געווען צעכיס־טישע פאַריינען (נ.פּ.ר. און כ.ד.), אָבער זייער השפעה איז נישט געווען גרויס.

איינמאָל בין איך באַשטימט געוואָרן אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון דער פאַרטיי אויף אַ דיסקוסיע וועגן פאַרטייאישקייט אָדער אומפּאַרטייאישקייט פון דער פראָפ.־באַוועגונג, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן אַלגעמיינעם פאַריין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. לכתחילה האָב איך זיך געוואָלט באַפרייען פון דער אויפגאַבע, ווייל איך האָב זיך נישט שטאַרק פאַנאַנדערגעקליבן אין דעם ענין. אָבער בלית ברירה האָב איך זיך באַקענט מיט די בראָשורן פון קאַוטסקי, בעבעל און אַנדערע און איך האָב זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ פולשטענדיקן קענער פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ צאָל־רייכע. פון אונדזער פאַרטיי האָט זיך אויך באַטייליקט בן־ציון ראַסקין אין דער

דיסקוסיע. זיין אופן רעדן איז אָבער געווען אַ מער אַבסטראַקטער און דעם עולם איז שווער געווען אים צו פאַרשטיין.

די ערשטע שריט זענען טאַקע געווען זייער שווערע. מיר זענען אָבעי־ אין אַ גרויסער מאָס געווען אַריינגעטאָן אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון די אַרבעטער גופא, וואָס האָבן נישט צופיל גריבלענדיק זיך, זייער גוט פאַרשטאַנען זייערע פּראָפעסיאָנעלע ענינים. פון דעם שטאַנדפּונקט האָבן אונדז אַ סך זאכן קלאָר גע־מאַכט אונדזערע חברים: יצחק דער זייגערמאַכער, שמואל דער איינבינדער, יששכר דער פּאַסקעמאַכער, חייקע און אַ סך אַנדערע.

קלאָר, אַז כדי צו קאָנען פירן די פּאַרטיי־אַרבעט, האָט מען געדאַרפט האָבן געלט. מיטגלידס־אָפּצאָל האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געצאָלט און מיר פלעגן נעמען באַשטייערונגען פון זייטיקע מענטשן. איך ווייס נישט, צי יענע זענען געווען „סימפּאַטיקער". לכתחילה, נאָכן אָקטאָבער־מאַניפעסט, האָט זיך די בורזשואַזיע באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, נישט מאַכנדיק קיין אונטערשיד צווישן זיי, אָבער גאָר אינגיכן האָט זי זיך אָנ־געהויבן צוריקציען. דערפאַר האָבן מיר אָנגעווענדט מער דראַסטישע איבער־צייגונגס־מיטלען. מיר פלעגן באַזוכן גבירישע הייזער מיט געווער אין האַנט און מיר פלעגן באַשטייערן די באַלעבאַטים. אָנגעטאָן אין סטודענטישע מלבושים פלעג איך גיין מיט צוויי אַרבעטער, דאָס רוב מיט יצחק דעם זייגערמאַכער און שמואל דעם איינבינדער, צו אַ גביר, און באַשטימען דעם „בורזשוי" דעם צינז, וואָס די פּאַרטיי האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, נישט אָנגעבנדיק דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, און אַזוי, דרך אגב, פלעגט איינער פון מיינע באַגלייטער זיך שפּילן מיטן רעוואָלווער. די טאַקטיק האָט געהאָלפן און קיינער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט. ס'זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַ ביסל געדונגען וועגן סכום, עפּעס אָבער האָבן זיי געגעבן. די בורזשואַזיע האָט אונדז אפילו געשעצט, ווי קעמפער פאַר דער דעמאָקראַטיע, פון וועלכער זי האָט אויך געניאָסן, און זי האָט אויך פאַר אונדז מורא געהאַט. איך געדענק, אַז אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון וואַרשע, וואָס איז דעמאָלט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער טאָג־צייטונג „הזמן" אין ווילנע, איז געווען געשריבן וועגן אַ סטודענט ראף — צוליב קאָנספּיראַציע האָט מען נישט אָנגעגעבן מיין פולע פאַמיליע — וואָס גייט אַרום מיט צוויי באַוואָפנטע אַרבעטער און שלעפּט אַרויס געלט פון רייכע מענטשן...

ס'איז צו אונדז דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז די פּועלי־ציון אין דרום־רוסלאַנד האָבן זיך געשפּאָלטן. מיר האָבן געוווסט וועגן די סיימיסטן, מיר האָבן זיי אָבער נענטער נישט געקענט. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן אַ פולשטענדיקער שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען סוף 1905־טן יאָר צווישן די סיימיסטן און

פּועלי־ציון אין דרום־רוסלאַנד. ביי אונדז אין פּוילן האָבן דאַן די סיימיסטן נאָך נישט געפּרוווט זיך צו באַווייזן.

אין אַ באַשטימטן טאָג, האָט מען מיך גערופן אין קאָמיטעט, אין הינטערשטן צימער אין דער וווינונג פון דער אלמנה טאַבעטקין. דאָרט האָב איך געטראָפן: יצחקן, בן־ציון, יאַניאַ (פון ביאַליסטאָק, שפּעטער דערטרונקען געוואָרן אין אַ טייך), שמעון, יאַשאַ טראַכטענבערג (אַ סטודענט פון דער פּאָליטעכניק, נאָך דער רעוואָלוציע — אַ מיטגליד פון מינסקער ארבעטער־ראַט, האָט זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער זיינע שפּורן זענען פארשווינדן), דוד בלאָך־בלומענפעלד (שפּעטער בראש פון קפא״י, פּאָרזיצער פון תל־אביבער שטאָט־ראַט, געשטאָרבן אין לאַנד), ירמיהו (חיים איינשטיין, אַ גוטער רעדנער און אַ פּעיקער פּובליציסט). ביים טיש איז געזעסן אַ באַברילטער בחור, אַ נידעריקער און דיקער, מען האָט אים פאַר מיר פאָרגעשטעלט אַלס גור־אריה, דאָס איז געווען איינער פון די סיימיסטן. מיר האָבן אים פאַרוואָרפן מיט פראַגן: פון וואַנען ער איז, און וואָס ער האָט בדעה ביי אונדז צו טאָן. ער האָט קיין קלאָרע תשובות נישט געגעבן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער איז צו אונדז געשיקט געוואָרן כדי צו שפּאַלטן אויך ביי אונדז די אָרגאַניזאַציע, ווי די סיימיסטן האָבן עס געטאָן אין אַ סך אַנדערע שטעט. מיר האָבן באַשלאָסן פּטור צו ווערן פון דעם בחור. מיר האָבן גערופן צוויי חברים, פאָרגעלייגט זיי אָוועקצופירן דעם בחור אויפן וואָקזאַל, קויפן אים אַ בילעט, מיט גרויס כבוד אַריינפירן אין באַן־וואַגאָן און באַגלייטן אים עטלעכע סטאַציעס, אַז ס׳זאָל אים נישט איינפאַלן אומצוקערן זיך צו אונדז. אַזוי האָבן מיר פאַרטריבן דעם „סיים״ פון פּוילן.

די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. מיר האָבן שוין געציילט עטלעכע הונדערט מיטגלידער, און מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אויסברייטערן די אָרגאַניזאַציע איבער גאַנץ פּוילן. מיר האָבן אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט די פּראָווינץ־שטעט. אין לאָדזש זענען געווען טעטיק אריה האָלענדערסקי (וויקטאָר, געהרגעט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ אין יאָר 1939) און מוליע עדעלמאַן (געשטאָרבן אין ישראל, אין יאָר 1954); אין וולאָצלאַוועק — קינאָ דער עלטערער, אין קעלץ — קינאָ דער יונגערער (פעליקס, געשטאָרבן אין ישראל). דער קאָמיטעט האָט אויך געשיקט עטלעכע חברים אין די פּראָווינץ־שטעט. איך בין געפאָרן קיין וולאָצלאַוועק און מרדכי יאַרבלום קיין לובלין. אין לובלין איז צו אונדז אַריבער פון „בונד״ איינער פון זיינע אַקטיוויסטן, ראָזענטאַל, וועלכן מען האָט גערופן „מאַרקס אייניקל״ (געשטאָרבן אין לאָנדאָן).

אין דעצעמבער פון יאָר 1905 איז צונויפגערופן געוואָרן די ערשטע קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון אין פּוילן. זי איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, אין מיין

פּאָטערס וווינונג אויף נאָוואָליפּקי 10. פון וואַרשע האָבן זיך אין איר באַטייליקט די חברים: יצחק טאַבענקין, בן־ציון ראַסקין, שמעון און איך; פון לאָדזש — מוליע און וויקטאָר; פון קעלץ — פעליקס; פון לובלין און וולאָצלאַוועק — דער זון פון רב קאָוואַלסקי; פון טשענסטאָכאָוו — רוזשע פּרוזשיצקי (שמעונס שוועסטער); פון קאַליש — אברהם קאַלישער, דאָס איז דער שרייבער א. וויע־וויורקע; פון פּלאָנסק — דוד גרין (בן־גוריון) און אַנדערע. אַזוי איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן „דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַר־באַנד פּועלי־ציון אין פּוילן". אין ערשטן קאָמיטעט פון פאַרבאַנד זענען אַריין די חברים: בן־ציון, שמעון און אריה (וויקטאָר).

עס איז געווען נאָך אַ חבר, אלתר גאָטליב (דער שרייבער ב. צ. ידידיה — געשטאָרבן אין לאַנד), וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, און ווען ער האָט זיך פון דאָרטן אומגעקערט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געוואָרן אַ סיי־מיסט. אויף די פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער קאַפּע אויף גענשע, האָט דער חבר גאָטליב זיך באַמיט דערקלערן די חברים דעם „נייעם אמת". ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין גרויסן דערפאָלג. האָט ער בכן געפּרוּווט זוכן אַן אָנשפּאַר אין דער אָפּאָזיציע, וואָס האָט זיך דאַן געשאַפן אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. דער קאָמיטעט איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך אַ קליינער צאָל מיטגלידער, און ס'זענען געווען אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע חברים, וואָס האָבן געקוקט אויפן קאָמיטעט, ווי ער וואָלט זיך אַליין אויסגע־וויילט. האָבן זיי געקעמפט פאַר דער דעמאָקראַטיזאַציע פון די וואַלן. צו דער אָפּאָזיציע איז אויך צוגעשטאַנען אלתר, מיט דער כוונה ביי דער געלעגנהייט, צו שפּאַלטן די אָרגאַניזאַציע. אין אָנבליק פון אָט דער געשאַפענער לאַגע, האָב איך געראַטן די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט צונויפצורופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און איינשטילן די געמיטער.

דעם 5־טן יאַנואַר 1906־טן יאָר האָט דער קאָמיטעט צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין הללס קאָוויארניע אויף גענשע. עס זענען זיך צו־נויפגעקומען ביי 150 חברים. מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן צו דערעפענען די פאַרזאַמלונג, ווי ס'איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג זעלנער פון וואָלינער פּולק, מיטן געהילפס־פּריסטאַוו בראש. זיי האָבן באַזוכט און גענישטערט אין די בגדים. איין חברטע, וואָס איז געשטאַנען נאָענט פון מיר, איז אויסגעבראָכן מיט אַ היסטערישן געוויין. איך האָב געבעטן ביי אַ זעלנער, ער זאָל איר ברענגען וואַסער, יענער האָט זיך אָבער נישט גערירט פונעם אָרט. איך האָב זיך דאַן געווענדט צום גע־הילפס־פּריסטאַוו און ער איז אויף מיר אָנגעפאַלן מיט דראָונגען און זידלערייען. ער איז צו מיר צוגעגאַנגען און געזאָגט: „דו ביסט עס דער רויטער אַגיטאַטאָר

(איך בין געווען באַוואַקסן מיט אַ געל בערדל), דיך קען איך שוין פון לאַנג״. איך האָב אים תמימותדיק געענטפערט, אַז איך זע אים דאָס ערשטע מאָל, האָט ער מיר דערלאַנגט צוויי פּעטש. ס׳האָט אויך אַריינגעכאַפּט קלעפּ אַ צווייטער חבר פון דווינסק, ל. כהן (שפּעטער דער רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער טאָגעבלאַט״). מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין צוויי רייען, באַזוכט און דורכגענישטערט די קעשענעס פון יעדן איינעם. נאָך דער רעוויזיע האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אין דרויסן. אַרומגערינגלט פון די „וואָלינצעס״ פון אַלע זייטן, האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין פינפטן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, געעפנט פאַר אונדז ברייט די טויערן פונעם הויז, און דער געהילפס־פּריסטאַוו האָט באַפוילן צו די זעלנער: „און איצט, ברידערלעך, זייט זיי מכבד אַ ביסל!״ די זעלנער האָבן זיך אויסגע־שטעלט פון ביידע זייטן טויער און זיי האָבן אונדז געקלאַפּט מיט די פּריקלאַדן איבער די קעפּ.

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין א קליינעם הויף. די דערפאַרענע צווישן אונדז האָבן זיך געאיילט צום צימער פון דיזשורנעם, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער רעגיסטראַציע. איך און נאָך חברים האָבן נישט געוווּסט וווּהין צו קערן זיך. איך בין אַזוי געשטאַנען אינמיטן הויף, איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ זעלנער און האָט מיך אָנגעהויבן שלאָגן מיטן פּריקלאַד איבער דער פּלייצע. און אָט איז אַרויסגעגאַנגען פון דיזשורנעם צימער דער געהילפס־פּריסטאַוו און אויסגערו־פן: „וווּ איז דער רויטער אַגיטאַטאָר?״ איך האָב זיך אויף אַ ווײַלע געוואַקלט, דערנאָך בין איך צו צו אים און געזאָגט, אויב ער מיינט מיך בין איך דאָ. „נו, קום, הינטישער זון״ — האָט ער אויסגערופן. מיר זענען אַריין אין צימער פון די־זשורנעם. ער האָט מיך געפרעגט, מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך. איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן, אַז איך בין אַ סטודענט. האָב איך געענטפערט, אַז איך בין ביי די עלטערן. „הייסט עס אַ ליידיקגייער — האָט אַ ריטשע געטאָן דער געהילפס־פּריסטאַוו — און פאַרנעמט זיך מיט אַגיטאַציע!״ די איבעריקע פאַרהאַלטענע זענען נאָך דער רעגיסטראַציע אַריינגעפירט געוואָרן אין א צווייט צימער, נאָר מיר האָט מען געהייסן בלייבן אין דעם צימער ביזן סוף פון דער רעגיסטראַציע.

אין יענע צייטן זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אין די פּאָליציי־קאָמי־סאַריאַטן ווערן פאַרשוווּנדן מענטשן. איך האָב אויך שוין אָנגעהויבן מורא צו האָבן, אַז מיט מיר קאָן זיך אויסלאָזן זייער שלעכט. דער דיזשורנער, וואָס האָט רעגיסטרירט די חברים, פלעגט פון צייט צו צייט זידלען זיך מיט גראָבע רייד, די חברטעס פלעגן ווערן רויט און בלאַס און ער האָט געקוואָלן פון נחת. און אָט זענען שוין אַלע פאַררעגיסטרירט. ס׳איז מיר נישט געבליבן לאַנג צו טראַכטן, אויב איך וויל אַרויס פון דאַנען — מוז איך עפּעס טאָן.

אין צימער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ רעווירָאָווי (קוואַרטאַלני), וואָס לויט זיינע וואָנצעס האָט מען געקאָנט דערקענען, אַז ער איז אַ פּאָליאַק. איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן דעם אַנטי־רוסישן מאָמענט. איך בין צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט אויף פּויליש, אַז דער געהילפס־פּריסטאַוו, דער רוס, האָט מיר באַפוילן בלייבן דאָ אין צימער, אין דער צייט, וואָס אַלע איבעריקע ווערן אַריבערגעפירט אין צווייטן צימער, דעריבער בעט איך אים אַריינגיין צום פּריסטאַוו אַליין און פרעגן, פאַרוואָס פאַרהאַלט מען מיך דאָ נאָכן פאַרעגיסטרירן. איך האָב זיך משער געווען, אַז דער פּריסטאַוו ווייסט נישט וועגן דעם, און אויב דער רעווירָאָווי וועט אים פרעגן, וועט דאָס מיר אַרויסהעלפן. דער רעווירָאָווי האָט טאַקע אויסגעפירט מיין בקשה און אינגיכן האָט זיך באַוויזן דער געהילפס־פּריסטאַוו און אויסגעשריגן: „נו, קום שוין, היינטישער זון!" און ער האָט מיך אַריינגעפירט אין צווייטן צימער. ס'איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד, וואָס איך געפין זיך שוין ווידער צווישן די איבעריקע חברים.

ווייזט אויס, אַז צווישן אונדז איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. פון די 150 אַרעסטירטע, האָט די פּאָליציי אויסגעטיילט 40, די אָנפירנדיקע און אַקטיווע, און זיי האָט זי פאַרהאַלטן, די איבעריקע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין זייערע קאָמיסאַריאַטן און דאָרט זענען זיי באַפרייט געוואָרן. אליהו עסטרין (צוזאַמען מיט וועשערן געשטאַנען בראש פון דער אָפּאָזיציע) האָט געגעבן אַ זעלנער אַ פינפרובלדיקן כאַבאַר און איז באַפרייט געוואָרן. אַזוי האָט זיך פאַר לאַפּוועקע, ווייזט אויס, אויך אַרויסגעדרייט ישראל וועשער. שמעון „פייגעלע" איז נישט אַרעסטירט געוואָרן, ווייל ער איז געווען אין דרויסן.

איך און נאָך עטלעכע חברים זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין זעקסטן קאָמיסאַריאַט אויף דזשעלנע. דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן אין אַ צעלע אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פרי איז געקומען אונדזער רעווירָאָווי, דער, וואָס פלעגט קומען ערב חגאות צום טאַטן נאָך חגא־געלט. ער האָט מיר דערציילט, אַז מיינע עלטערן ווייסן שוין וועגן מיין אַרעסט און אַלץ איז אין אָרדענונג. די מאַמע און די שוועסטערן זענען געקומען זיך זען מיט מיר. מען האָט מיר פון שטוב געבראַכט עסן און אויך אַ קישן מיט אַ קאָלדרע. די אַנדערע נאַכט האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין דער הויפּט־תפיסה אין צענטער שטאָט, נעבן טעאַטער־פּלאַץ. דאָרט איז געווען שרעקלעך שמוציק און ווו מען האָט זיך נאָר אַ קער געטאָן, האָט געקריעט פון לייז. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געלעגן אויף אונדזערע פּעקלעך און פאַרטאָג האָבן מיר אָנגעהויבן איינצוואָרדענען זיך. פאַרנאַכט, איידער מיר האָבן נאָך באַוויזן צו לייגן זיך שלאָפן, האָט מען אונדז באַפוילן אָנצוטאָן זיך און אַראָפּגיין מיט די פּעקלעך אין קעלער. פון די ווענט האָט דאָרט גערינען וואַסער, אויף דער פּאָדלאָגע איז געווען אויסגעשפּרייט פייכט שטרוי.

פאַרטאָג האָט מען אונדז אויפגעוועקט און באַפוילן ארויסצוגיין מיט די פּעקלעך. מיר האָבן געהאַט אַ חשד, אַז מען וויל אונדז אַריבערפירן אין דער תפיסה פון ציטאַדעל, די פעסטונג הינטער דער שטאָט. אין יענער צייט זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז ווען מען פירט ביינאַכט אַריבער די אַרעסטירטע אין דער פעסטונג שלאָגט מען זיי מכות־רצח, און אויף אַזאַ אופן זענען שוין אומגעקומען א סך מענטשן. מיר האָבן זיך געווענדט צום קאָמענדאַנט פון דער תפיסה, קאָלענדאַ, און אים איבערגעגעבן וועגן אונדזער מורא פאַר דעם גאנג ביינאכט. ער האָט אונדז געגעבן זיין אָפיציריש ערן־וואָרט, אַז מען וועט אונדז נישט אָנרירן.

מען האָט אונדז אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי. אונדזערע באַגלייטער זענען געווען וואָלינצעס. דאָס האַרץ האָט אונדז געזאָגט, אז נישט געקוקט אויפן ערנוואָרט פון אָפיציר קאָלענדאַ, וועלן מיר שלעכט אָפּשניידן אויפן וועג.

איידער מיר זענען אַרויס, האָט דער אָפיציר פון די וואָלינצעס געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע: „אייער זאַך — האָט ער געזאָגט — איז צו זאָרגן וועגן דער אָרדענונג פאַר יעדן פּרייז, און אויב איר וועט אָנטרעפן אויף אַ וואָסער נישט איז פּרוּוו פון אַנטקעגנשטעלן זיך, נישט פאָלגן, אָדער אפילו אויב ווער ס׳איז וועט נישט גיין ווי געהעריק אין סטראָי — דאַרפט איר שיסן אָן שום וואָרענונג״. אָט די רעדע האָט אונדז זיכער נישט געקאָנט באַרויקן.

כל זמן מיר זענען געגאַנגען אויף די גאַסן פון שטאָט, איז אַלץ געווען כשורה. אָבער ווי מיר זענען נאָר אַרויס אויסער דער שטאָט, האָבן זיך דערהערט געשרייען פון אַלע זייטן. דער אָפיציר האָט איין מאָל זיך אויסגעדרייט און אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז דאָרט געשען?״, אַ זעלנער האָט געענטפערט „פּיאַניצאַ (אַ שכור) וואַשע בלאַגאָראָדיע!״ דער אָפיציר איז געווען צופרידן פון דער תשובה. די צאָל פון די דאָזיקע „שיכורים״ האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן פון מינוט צו מינוט. איך האָב געזען, ווי אַ זעלנער גייט צו צו יעדן ערשטן פון דער ריי און טיילט אים אַריין קלעפּ. דער ערשטער פון מיין ריי האָט זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן, איינגעשפאַרט זיך און נישט געוואָלט גיין פאָרויס. היות איך האָב זיך משער געווען, אַז אַזוי וועט זיין נאָך ערגער, האָב איך אים אייליק אַ צי געטאָן פאָרויס און די פאַרהויבענע האנט פון זעלנער האָט אים נישט געטראָפן. דער זעלנער האָט זיך נוקם געווען און מיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט אַ ווילדן צאָרן. ער האָט מיך געשלאָגן דערפאַר, ווייל איך האָב צוויי פּעקלעך, און דערפאַר, וואָס איך בין אַ פּיראָויגיקער (מיט ברילן) אגיטאַטאָר, דערנאָך האָט ער מיך ווידער געשלאָגן, ווייל איך בין א רויטער אגיטאַטאָר. איך האָב אַריינגעכאַפּט קלעפּ אין קאָפּ, אין דער פּלייצע און איבערן גאַנצן קערפּער. ער האָט מיר דערלאַנגט מיט

דער האַנט, געקאָפּעט מיטן פּוס, געזעצט מיטן פּריקלאַד. אַן אַנדער זעלנער האָט איינגעוויקלט די האַנט אין אַרבל פאַרן דערלאַנגען מיר אַ זעץ.

מידע, צעשלאָגענע, זענען מיר ענדלעך מיט וואַקלדיקע שריט געקומען אין דער פעסטונג. אַ העלפט פון אונדז, די „גליקלעכע״, זענען אַריין אין דריטן פּאַוויליאָן, די איבעריקע, און איך בתוכם האָבן אָבער געמוזט גיין נאָך אַ האַלבע שעה ווייטער ביז צום פערטן פּאַוויליאָן.

אין דער פעסטונג האָבן מיר געטראָפן עטלעכע חברים, וועלכע זענען שוין פריער געהאַט אַרעסטירט געוואָרן, צווישן זיי איז געווען דער פעטער לאָזער, דער מעכאַניקער טייטלבוים, בנימין פינקעל און ירמיהו. ווען איך בין אַריין אהין, האָב איך זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין, נישט צוליבן ווייטיק, נאָר צוליב דער גרויסער באַליידיקונג.

מיר זענען געזעסן האַלב־הונגעריקע זיבן טעג אין אַ פינצטער אָרט, אַן אַ פּאָדלאָגע, פערציק מענטשן צוזאַמענגעשטיקט, אין באַדינגונגען פון שמוץ און געשטאַנק. פונדעסטוועגן זענען מיר געווען צופרידן, וואָס מיר געפינען זיך אַלע צוזאַמען און מען שלאָגט אונדז נישט מער. אין אַ וואָך ארום האָט מען אונדז אריבערגעפירט אויף אַ צווייט אָרט, נישט אָנזאָגנדיק אונדז וועגן דעם פון פאָרויס. פון דער פעסטונג האָט מען אונדז אַוועקגעפירט ביז צו דער באַן־סטאַנציע. אונדזערע קרובים, וואָס האָבן, ווייזט אויס, געוווּסט, אַז מען פירט אונדז אַריבער, האָבן אויף אונדז געוואַרט ביי דער סטאַנציע. מען האָט זיי אָבער נישט דערלויבט צוצוגיין און צו רעדן מיט אונדז. מיר האָבן נאָר געקוקט איינע אויף די אַנדערע און אויך באַקומען שפּייז־פּעקלעך. איך האָב געזען מיינע שוועסטערן און מיין מוטער. מיין מוטער האָט זיך צעוויינט.

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס און אַוועקגעפירט מיט דער באַן אויף דער סטאַנציע נאָוואָגעאָרגיעווסק. דאָרט האָט מען אונדז ווידער אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי און אוועקגעפירט אין דער פינצטערער דורכן וואַלד. נאָך אַ גאַנצער שעה גיין זענען מיר אָנגעקומען צו דער מאָדלינער פעסטונג. מען האָט אונדז גלייך אַריינגעפירט דורך אַ טויער אויף אַ הויף, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ האַלב־קרייז. דאָרט איז געווען די תפיסה. פאַר אונדז איז באַשטימט געוואָרן אַן אָרט אויפן צווייטן שטאָק אין הויכע, געראַמע צימערן, וואַרעמע און גוט באַלויכטענע. אויך דאָ האָבן מיר געטראָפן חברים, וואָס זענען אַהער געבראַכט געוואָרן פריער.

אין מאָדלין זענען מיר געזעסן העכער דריי חדשים. דאָ זענען געווען אַלע חברים פון קאָמיטעט און די אַקטיוויסטן: יצחק טאַבענקין, בן־ציון ראַסקין,

דוד בלאָך, בנימין עפּראַן, דער פּעטער לאַזער, ירמיהו און אַנדערע; ס'איז אויך דאָ געווען חנא מאַדזשעוויצקי (היינט אין לאַנד).

כמעט אַלע אַרעסטירטע פון צווייטן שטאָק זענען געווען פּאָליטישע. אין מיין צעלע זענען געזעסן אַ סך חברים פון פּ.פּ.ס. און אויך איינער פון ס.ד. בראַטמאַן. ער האָט גוט געצייכנט, און ער האָט מיט אַ בלייער אָנגעצייכנט מיין פּאָרטרעט אויף אַ טאָוול פון אַ שפּייז־פּעקל. דאָס בילד מיט זיין אונטערשריפט הענגט נאָך עד היום אין מיין צימער. ס'איז אויך געווען צווישן אונדז אַ יידישער בחור, נישט קיין „פּאָליטישער". דערפאַר וואָס מען האָט ביי אים געפונען אַ רע־וואָלווער, האָט מען אים פאַררעכנט פאַר אַ פּאָליטישן. ער איז געווען, ווי ער האָט זיך אַליין אָנגעגעבן, אַן „אַנאַרכיסט" אַן עקספּראָפּריאַטער צוליב „אַנאַר־כיסטישע" טעמים, און איינמאָל נאָך אַזאַ מין רויב־אָנפאַל, אָדער „עקספּראָפּריא־ציע", ווי ער האָט עס אָנגערופן, האָט מען אים געכאַפּט און אַרעסטירט.

צווישן אונדזערע זעקס חברים אין דער צעלע און די פּעפּעסאָווצעס זע־נען שטענדיק פאָרגעקומען וויכוחים; לויט זיי נאָך זענען מיר אַלע געווען שאָ־וויניסטן. באַזונדערס פלעגן זיי דערגיין די יאָרן דעם „אַנאַרכיסט", וואָס האָט זיך דערוויִיל דערנענטערט צו אונדז. איינמאָל האָב איך פאָרגעלייגט דעם ד"ר קראַשניעווסקי פון פּ.פּ.ס., מען זאָל איינאָרדענען אַן אָפענע דיסקוסיע און מאַכן אַ סוף מיט די פּריוואַטע וויכוחים. ער איז אויף דעם איינגעגאַנגען. די דיסקוסיע האָט זיך געצויגן עטלעכע טעג. איך האָב בעת דער דיסקוסיע רעפערירט וועגן מהות פון פּועלי־ציון. פון דאַן אָן האָבן אויפגעהערט זייערע באַשולדיקונגען אין שאָוויניזם און זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַציען זיך צו אונדז מיט כבוד, אפילו דעם „אַנאַרכיסט" האָבן זיי געלאָזן צורו.

אין דער פרי פלעגן מיר באַקומען טיי מיט שוואַרץ ברויט — צוויי פונט (800 גראַם) אַ טאָג. בייטאָג זופּ מיט אַ קליין מאָגער שטיקל פלייש, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן איינגעשרומפּענער, ביז מען האָט עס ענדלעך אינגאַנצן נישט אָנגעזען. מיר האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן עקאָנאָם, האָט ער אונדז מכבד געווען מיט אַ דריי־גאָרנדיקער רוסישער קללה. אַלס פּראָטעסט פאַר דער באַ־לייַדיקונג האָבן מיר דערקלערט אַ הונגער־שטרייק. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט די פירער און מיך בתוכם איבערגעפירט אויפן אונטערשטן שטאָק. די צע־לעס זענען דאָרט אויך געווען אין אַ פאָרם פון אַ האַלב־קרייז, נאָר היות די הינ־טערשטע וואַנט איז געווען פאַרזונקען אין דער ערד האָט זי נישט געהאַט קיין פענצטער. אויך אויף דער פאָדערשטער זייט איז נישט געווען קיין וואַנט, נאָר עפּעס אַ מין שטאַכעטן ווענטל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום אַלגעמיינעם קאָרי־דאָר. דאָס ליכט איז צו אונדז אַריינגעדרונגען נאָר פון קאָרידאָר, און די צעלעס זענען כמעט אַלע געווען פאַרזונקען אין פינצטערניש.

איך בין אַריינגעפאַלן צווישן גאָר אַן אַנדערער קאָמפּאַניע. פון מיינע חברים איז דאָרט קיינער נישט געווען. עס זענען דאָרט געווען דריי „אינטעלי־גענטן", — צוויי פון ס.ד., ביידע יידן, און איך. אויסער אונדז זענען דאָרט געווען 13 סטרוזשעס, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן פאַר אַ שטרייק, זעקס אַנטרייבער פון טראַמווייען („קאָנקעס"), פּורמאַנעס, פיר גנבים, אַ געהילפס־פּראָוויזאָר, אַ האַלבער אידיאָט און אַן עלטערער ייד, אַ פרומער, מיט אַ באָרד, וואָס האָט נישט געגעסן קיין טריפות און געדאַוונט דריי מאָל אַ טאָג.

מיר פלעגן באַקומען ביכער פון דרויסן. מען האָט אונדז פאַרוועדט צו האַלטן מעסערלעך, געלט, אַ שאַך־שפּיל און ענלעכע זאַכן. יעדן טאָג נאָכמיטאָג פלעגט זיך בייטן די וואַך, און יעדן טאָג פלעגן דורכגעפירט ווערן רעוויזיעס. איינער פון די אַרעסטירטע סטרוזשעס האָט באַהאַלטן צווישן זיינע זאַכן אַ טאַשן־מעסערל און פלעגט מיט דעם ראַזירן די חברים. די דיזשורנע אָפיצירן פלעגן זיך וווּנדערן, ווי אַזוי די אַרעסטירטע סטרוזשעס זענען אָפּגעראַזירט. איך האָב געמאַכט אַ שאַך־שפּיל. פון שוואַרצן ברויט האָב איך געמאַכט די שוואַרצע פּי־גורן, דערנאָך האָב איך צעמישט דאָס ברויט מיט קאַלך פון דער וואַנט און גע־מאַכט די ווייסע פיגורן. יעדן טאָג פלעגט מען בעת די רעוויזיעס געפינען דעם שאַך און קאָנפיסקירן, און איך פלעג מאַכן די פיגורן פונדאָסניי. איך האָב עט־לעכע מענטשן אויסגעלערנט שפּילן אין שאַך. אויך איינער פון די גנבים האָט זיך אויסגעלערנט שפּילן און אויפן דריטן טאָג שוין מיך באַזיגט. אָט דער גנב, גראַבאָווסקי, האָט געהאַט זיין „אידעאָלאָגיע". לויט זיינע רייד, האָט ער געגנבעט, כדי צו נעמען נקמה אין דער בורזשואַזער אָרדענונג. ער פלעגט אַ סך דער־ציילן פון זיין „פּראַקטיקע". איין דערציילונג איז נאָך עד היום פאַרבליבן ביי מיר איינגעקריצט אין זכרון:

עטלעכע טעג האָט ער נאָכגעשפּירט נאָך אַ לערערקע, וואָס האָט געוווינט איינע אַליין אין אַ שטוב. ענדלעך האָט ער באַשלאָסן איינברעכן זיך צו איר אין דירה, ווען זי וועט זיין דער פרי אַוועקגיין אין שול. אַזוי האָט ער געטאָן. ווי זי איז אַרויס פון שטוב, האָט ער אויפגעריסן דעם שלאָס און אָנגעהויבן פּאַרען זיך אין די זאַכן. פּלוצלינג האָט ער דערהערט, אַז זי קערט זיך אום — זי האָט מן־הסתם עפּעס פאַרגעסן. אויף גיך האָט ער זיך אויסגעטאָן און אַריינגעלייגט זיך צו איר אין בעט. זי איז אַריין און דערזען אַ פרעמדן מאַנספּערשוין ביי איר אין בעט, האָט זי אויפגעהויבן אַ געשריי: „אַ גנב, אַ גנב!" און ער האָט איר רויק געזאָגט: „מאַניאַ (ער האָט איר נאָמען איבערגעלייענט אויפן שילדל פון דער טיר), וואָס שרייסטו, מען וועט דאָך מיינען, אַז איך בין טאַקע אַ גנב. איך פאַר־זיכער דיר, אַז איך וועל מער נישט גיין מיט קאַזשען און זיי נישט אויף מיר אין כעס, ווייל דו קאָנסט דאָך ברענגען אויף דיר און אויף מיר אַ גרויס אומגליק".

די לערערקע האָט אָבער נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע רייד און געהאַלטן אין איין שרייען, ביז עס האָט זיך באַוויזן דער סטרוזש און ער האָט געזען אַזאַ בילד: די לערערקע שרייט: „אַ גנב, אַ גנב" און אַ מאַנספּאַרשוין ליגט אין בעט און בעט זיך ביי איר. דער סטרוזש האָט געמאַכט אַן ערנסטע מינע, געהייסן דעם גנב אָנטאָן זיך און זיי זענען ביידע אַוועק. אין דרויסן האָט גראַבאָווסקי דער־ציילט דעם סטרוזש, אַז די לערערקע איז איפּערזיכטיק, און ער, דער סטרוזש, איז דאָך נישט קיין טיפּש און וועט אַליין פאַרשטיין, אַז דאָ איז נישט קיין ענין פון גנבה. דער סטרוזש, אַן עלטערער מענטש, האָט אים געפּאָלגט און געזאָגט: „רעכט, רעכט, גיי זיך בשלום, נאָר געדענק, מיין זון, דו זאָלסט עס נישט פאַר־געסן: אָט דער ענין וועט פאַר דיר זיין אַ גוטע לעקציע, דו זאָלסט זיך מער נישט פאַרנעמען מיט פרויען. די פרויען זענען עלול אומצוברענגען יעדן מאַנס־פּאַרשוין".

דער שמוץ אין צעלע איז געוועזן גרויס און מיר האָבן איינגעפּירט, אַז איין אָוונט זאָל יעדער פון אונדז רייניקן די מלבושים פון לייז. דער געהילפס־פּראָ־וויזאָר האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט אויספירן די תקנה. אַזוי האָבן מיר אויך באַשטימט, אַז ביינאַכט זאָל מען נישט דערליידיקן די באַדערפעניש אין דער כלי פון צעלע, נאָר ווענדן זיך צום שומר, ער זאָל עפענען די טיר אַרויסצו־גיין אין דרויסן. דער געהילף־פּראָוויזאָר האָט די תקנה אויך נישט אויסגעפירט. איינמאָל אין צוויי וואָכן האָט מען אונדז געפירט אין באָד. דער טאָג איז געווען ביי אונדז באַליבט, ווייל מיר פלעגן אויף עטלעכע שעה פאַרלאָזן די תפיסה. אין באָד פלעגאַן מיר אויסוואַשן די וועש. אָבער, מעשה שטן, איז ביי מיר די וועש אַרויסגעקומען נאָך שוואַרצער ווי זי איז געווען. דער געהיליפס־פּראָוויזאָר האָט קיין איין מאָל נישט באַוויליקט צו גיין אין באָד. סוף־כל־סוף האָבן מיר אויף אים געמאַכט אַ חברים־געריכט און ס'איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַן אור־טייל, אַז ער דאַרף דריי מאָל אַ טאָג רייניקן זיינע זאַכן. מיר האָבן אים לויט דער ריי אָפּגעהיט, אַז ער זאָל מקיים זיין זיינע פאַרפליכטונגען. אויך אין באָד אַריין האָבן מיר אים מיטגענומען מיט געוואַלד.

בעתן מיטאָג אין קיך, האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט די איבעריקע חברים. עטלעכע מאָל האָבן מיר איינגעאָרדנט זיצונגען. מיר פלעגן צווויסן געבן דעם הויפּטקוכער, אַז מיר זענען גרייט איבערצובלייבן אין קיך נאָכן עסן, כדי צו העלפן אים שיילן קאַרטאָפל. איינמאָל, ווען מיר זענען געזעסן זאַלבעפערט — יצחק טאַבענקין, בן־ציון ראסקין, דוד בלאָך און איך און געשיילט קאַרטאָפל, איז אַריינגעקומען דער אָפיציר. ער האָט אויף אונדז אַ קוק געטאָן מיט אַ שמייכל און געזאָגט: „נו, ס'איז קלאָר, אַז איר באַראַט זיך וועגן עפּעס און ווען איר וועט ארויס פון תפיסה וועט איר זיכער שרייבן זכרונות".

מיר פלעגן באַקומען בריוו פון דרויסן אין פאָרם פון צעטעלעך אַריינגע־לייגט אין ברויט, וואָס איז ספּעציעל דערצו געבאַקן געוואָרן. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין דער אָרגאַניזאַציע איז כמו אַ צייטווייליקער שלום, די אָפּאָזיציע וואַרט ביז מיר וועלן אַרויסגיין פון תפיסה. שמעון האָט זיך באַקלאָגט אין זיינע בריוו, אַז ס׳איז אים שווער אַליין, ער האָט נישט מיט וועמען זיך צו באַראַטן וועגן די טאָגטעגלעכע ענינים פון דער אָרגאַניזאַציע.

איך האָב זיך באַפריינדט מיט די אַרעסטירטע סטרוזשעס. איינער פון זיי, אַ גרויסער גוי מיט אַ באָרד, איז געוואָרן מיין בעסטער פריינד. קעגן אים האָב איך אויסגעזען זייער קליין, און ער פלעגט מיך אָפטמאָל אַ כאַפּ טאָן אויף די הענט און הוידען, ווי מען הוידעט אַ קינד. אין דעם הויז ווו ער איז געווען וועכ־טער האָבן מיר געהאַט קרובים. ווען איך בין נאָך דער באַפרייַונג געקומען איינ־מאָל מיט סאָבינען צו זיי, איז ער מיר אַנטקעגנגעלאָפן מיט גרויס שמחה און געשריגן: „פּאַניע ראַפּאַלקאָ!״ און ער האָט מיך ווידער אַ כאַפּ געטאָן אין די אָרעמס און אַ שטאַרקן הוידע געטאָן. סאָבינע איז געשטאַנען אַ שטאַרק פאַר־ווונדערטע און צעמישטע פון דער באַגעגעניש.

איך האָב אויך באַקומען בריוו פון שטוב און פון סאָבינען. איינער פון די אָפיצירן איז געווען מיין שוואָגערס באַקאַנטער און ווען ס׳איז געווען זיין דיזשור פלעגן מיר געניסן פון נישט ווייניק פּריוויליגיעס. איינמאָל, בעת זיין דיזשור, איז געקומען מיין שוועסטער. זי איז געשטאַנען פון ווייטן און דערציילט מיר, אַז איך אוניווערסיטעט האָט מען מיך ווידער אָנגענומען, אָבער זי איז נאָך פאַרמאַכט.

דערווייל איז געקומען דער פרילינג. מען האָט אונדז אָנגעהויבן אַרויספירן אויפן הויף אויף צוויי־שעהדיקע שפּאַצירן. די שמחה איז געווען גרויס. מיר האָבן זיך אַלע באַגעגנט און געקאָנט זיך דורכשמועסן וועגן אונדזערע ענינים וויפל ס׳האַרץ האָט געגלוסט.

די אַרעסטירטע האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן אין קנעפּלעך. ס׳האָט זיי אַרומ־געכאַפּט אַ מין האַזאַרד. אַלע האָבן געשפּילט און דער גנב גראַבאָווסקי האָט שטענדיק געוווּנען. ס׳זענען שוין געווען אַ סך אַזעלכע וואָס האָבן אונטערגע־האַלטן די הויזן מיט די הענט, ווייל זיי האָבן פאַרשפּילט אַלע קנעפּלעך. די קנעפּלעך־ליידנשאַפט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט אָנגעהויבן אָפּשניידן ביינאַכט די קנעפּ פון די הויזן. דער גנב גראַ־באָווסקי האָט אויסגעטראַכט אַ מין שפּיל אין „קאָנסטיטוציע״. ער פלעגט אַרויפ־קלעטערן אויף די אַקסלען פון אַ צווייטן גנב, נעמען אין האַנט אַ בייטש און פלעגט אונדז שמייסן, דערביי האָט ער געשריגן: „איר האָט געוואָלט אַ קאָנסטי־טוציע — טאָ נאַט אייך אַ קאָנסטיטוציע״.

אין אַ געוויסן טאָג זענען באַפרייט געוואָרן עטלעכע אַרעסטירטע. בעת

די גליקלעכע זענען אַרויס פון די תפיסה־טויערן האָבן מיר אויסגעבראָכן מיט אַ געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל". גלייך האָט זיך באַוויזן דער קאָמענדאַנט אור־לאָוויטש מיט עטלעכע זעלנער. ער האָט אויפגעעפנט די טיר פון אונדזער צעלע און אויסגעשטעלט די זעלנער אַנטקעגן דער אָפענער טיר. אונדז האָט ער איינ־געשטעלט אין רייען אין דער צעלע און געהייסן שטיין אויף אַכטונג. די זעלנער האָט ער באַפוילן צו שיסן, אויב עמעצער וועט זיך רירן פון אָרט. אַזוי זענען מיר געשטאַנען אויף אַכטונג ביי אַ פערטל שעה.

ס'האָט זיך דערנענטערט דער יום־טוב פסח. די יידן פון נאָווידוואָר — אַ שטעטל נעבן מאָדלין — מיטן רב נויפעלד בראש *) האָבן אונדז געשיקט מצות און קאַרטאָפל. מיר האָבן אויך באַקומען פעקלעך פון דער היים. נאָך דעם, ווי אַ סך פון אונדז זענען שוין באַפרייט געוואָרן, האָט מען די איבערגעבליבענע אַרעסטירטע צוריק אַריבערגעפירט אויבן, און איך האָב זיך ווידער געפונען צווישן די חברים. מיר האָבן באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ סדר. אינמיטן דעם סדר האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריין — נישט אליהו הנביא, נאָר דער די־זשורנער אָפיציר, און האָט אַרויסגערופן די אַרעסטירטע, וואָס ווערן גלייך באַ־פרייט. אויסער זעקס, זענען באַפרייט געוואָרן אַלע איבעריקע אונדזערע חברים. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען צווישן די זעקס פאַרבליבענע אין תפיסה. דער „סדר" איז צעשטערט געוואָרן. די חברים זענען געווען מלא שמחה, אָבער רע־כענענדיק זיך מיט אונדז, די פאַרבליבענע, האָבן זיי זייער פרייד נישט אַרויס־געוויזן. אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן צו פאַרבלייבן אין ארעסט נאָך עטלעכע וואָכן.

אין איינעם אַ פרייטיק זענען אויך באַפרייט געוואָרן די זעקס. איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים איינס אזייגער ביינאַכט. אין תפיסה האָב איך באַקומען אַ הויט־קראַנקהייט, און צו מיין גרויסן חידוש האָט די מאַמע פרייטיקצונאַכטס אונטערגעהייצט דעם אויוון און פאַר מיר צוגעגרייט אַ וואַרעמע וואַנע. דער פאָטער איז געזעסן אין נאָענטן צימער און האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק דעם חילול שבת.

אַ מאָדנע געפיל האָט מיך באַהערשט, ווען איך בין נאָך פיר חדשים תפיסה באַפרייט געוואָרן. גאַנצע טעג פלעג איך אַרומגיין איבער די גאַסן פון שטאָט אָן שום ציל. איך האָב געהאַט איין פאַרלאַנג: אַרומצוגיין אין די גאַסן און אָנקוקן די שטאָט; אלץ האָט אויסגעזען ווי ניי אין מיינע אויגן. נאָך עטלעכע טעג האָב איך זיך באַרויקט.

*) הרב נויפעלד איז געווען דער פאָטער פונעם נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם חבר פון פרעזידיום פון אַקציאָנס־קאָמיטעט.

נאָכן אַרויסגיין פון תפיסה האָט מען מיר איבערגעגעבן אויף אַ קאָנספּי־ראַטיוון אופן, אז איך בין צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן אין קאָמיטעט. שוין אויף דער ערשטער זיצונג איז געשטאַנען די פראַגע פון דער אָפּאָזיציע. זי איז געוואָרן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. צו די פריערדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע מאָטיוון איז צוגעקומען נאָך אַ מאָטיוו, אַ פּרינציפּיעלער.

ווי געזאָגט איז צווישן די פּוילישע פּועלי־ציון און די רוסישע געווען אַן אונטערשיד אין דער שטעלונג צום ארץ־ישראל־געדאַנק: פון איין זייט אַ פּראַק־טישע און פון דער צווייטער — אַ פּרינציפּיעלע. בעת מיר זענען געזעסן אין תפיסה, איז אין פּעטערבורג פאָרגעקומען אין פּאָלטאַווע די ערשטע קאָנפערענץ פון די רוסישע פּועלי־ציון. פון אונדזערע חברים האָבן זיך מוליע און שמעון באַ־טייליקט אין דער קאָנפערענץ.

ווי חבר מוליע שרייבט אין „פּועלי־ציון־אַלמאַנאַך", האָט שמעון אָפּגע־געבן אויף דער קאָנפערנעץ אַ דערקלערונג, אַז „היות אויך דער פּוילישער פאַרבאַנד האָט באַשלאָסן צוצושטיין צו דער פּאַרטיי ווי אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער איינס, און אַזוי ווי די חברים פון ביוראָ פון פאַרבאַנד זענען אין תפיסה, באַטייליקן מיר זיך אין דער קאָנפערענץ נאָר ווי אָבסערוואַטאָרן מיט באַראַטונג־רעכט, מיר קאָנען אָבער נישט נעמען אויף זיך קיין אחריות אויסצופירן די באַשלוסן". מיר האָבן טאַקע געהאַט חילוקי דעות מיט דער פּאַרטיי אין רוסלאַנד אין דער פראַגע פון באַגרינדן דעם ארץ־ישראל־געדאַנק. אויף דער דערמאָנטער קאָנפערענץ אין דע־צעמבער 1905 האָבן מיר זיך דעקלאַרירט אַלס פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס און אויף דער פּאָלטאַווער קאָנפערענץ האָבן די רוסישע חברים זיך אַ קער געטאָן צום געדאַנק פון פּראַקטישן, אָדער פּראַגנאָסטישן פּאַלעסטיניזם. נאָכן אַרויסגיין פון תפיסה האָבן מיר באַשלאָסן, אז מיר טרעטן אריין אין דער אלרוסלענדישער פּאַרטיי, — וואָס איר אַנטשטיין איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויף דער פּאָלטאַווער קאָנפערענץ, מיטן נאָמען: „די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון אין רוסלאַנד" — ווי אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, מיט אויטאָנאָמע רעכט צו פירן אַן אגיטאַציע אין שריפט און מינדלעך אין גייסט פון אונדזערע אייגענע פּרינציפּן.

וועגן וואָס איז געווען דער וויכוח? די רוסישע פּועלי־ציון, מיט באָראָ־כאָוון בראש, זענען אויף אַ טעאָרעטישן וועג געקומען צו אַזאַ טעריטאָריאַליס־טישער מסקנה: אַלע קולטור־אַנאָמאַליעס זענען אַ רעזולטאַט פון עקאָנאָמישע אַנאָמאַליעס, און די לעצטע זענען אַ רעזולטאַט פון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וואָס שטאַמט פון דעם, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט נישט קיין טעריטאָריע. ביז דעם פּונקט איז דער געדאַנקען־גאַנג פון אַלע פּועלי־ציון געגאַנגען אין איין ריכ־טונג, אָבער פון דעם פּונקט אָן האָבן זיך אַרויסגעוויזן חילוקי־דעות. די רוסישע

פּועלי־ציון, אַנאַליזירנדיק די באַדינגונגען פון צופּאַסן אַ טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק, זענען געקומען צום אויספיר, אַז די אַממייניסטן צוגעפּאַסטע טעריטאָריע איז ארץ־ישראל. דערצו זענען געווען א סך מאָטיוון. באַראָכאָוו, נאָך איידער ער איז געוואָרן אַ פּועלי־ציוניסט, האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרויסן און אינטערעסאַנטן אַרטיקל אין „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן״, אין וועלכן ער ברענגט 17 מאָטיוון פאַר דער באַגרינדונג פון דער הנחה, אַז ארץ־ישראל איז די פּאַסיקסטע פון אַלע טעריטאָריעס פאַר דער קאָנצענטראַציע פון יידישן פאָלק. אין דער דאָזיקער גאַנצער טעאָריע איז אָבער נישט גענוג אַרויסגעבראַכט געוואָרן די היסטאָרישע פאַרבינדונג פון יידישן פאָלק מיט ארץ־ישראל. מיר האָבן געטענהט, אַז אויב דער אַנאַליז פון די לעבנס־באַדינגונגען פון די יידן איז באמת א דיאַלעקטישער, איז אָבער די פראַגע פון דער טעריטאָריע אַנטשידן געוואָרן דורך באַראָכאָוון נישט דיאַלעקטיש, נאָר מעטאַפיזיש: ס׳ווערן אויפגעקלערט און אויסגעקלאָרט די באַדינגונגען פון דער טעריטאָריע אין דער איצטיקער צייט, נישט דורכפירנדיק קיין אַנאַליז און אויספאָרשונג פון היסטאָרישן פאַקטאָר אין דער פראַגע.

אין יאָר 1904 איז אין זשורנאַל „אָבראַזאָוואַניע״ אָפּגעדרוקט געוואָרן אַן אַרטיקל פון נ׳עזשדאַנאָוון וועגן „מהות פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם״. דעם זשורנאַל האָב איך באַקומען פון יצחק טאַבענקין, און ער האָט עס מיך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם אַרטיקל. דער אַרטיקל האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און פון אים בין איך געקומען צום באַגריף וועגן היסטאָרישער נויטווענדיקייט. צוויי זענען די פאַקטאָרן, וואָס באַשטימען די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פון א באַשטימטן פּראָצעס: די אינערלעכע נויטווענדיקייט דרינגט אַרויס פון אַלע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס זענען איין קייט פון אַנטוויקלונג פון דעם געגעבענעם אָרגאַניזם אין עבר, קעגנוואַרט און צוקונפט, ד. ה. פון זיין דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג. אָבער די אינערלעכע נויטווענדיקייט גיט נאָך נישט קיין גאַראַנטיע פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם געווונטשענעם פּראָצעס, און כדי דאָס צו דערגרייכן, מוזן די אויסערלעכע באַדינגונגען דערמעגלעכן זיין פאַרווירקלעכונג. נאָר די באַהעפטונג פון ביידע פאַקטאָרן צוזאַמען — די דרויסנדיקע מעגלעכקייט און די אינערלעכע נויטווענדיקייט — שאַפט די היסטאָרישע נויטווענדיקייט.

די טעאָריע איז געווען פאַר אונדז דער פעסטער יסוד פאַר דער באַגרינדונג פון ארץ־ישראל־געדאַנק אין לעבן פון יידישן פאָלק. ארץ־ישראל דרינגט אַרויס פון דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פון פאָלק אין משך פון צוויי טויזנט יאָר. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן מיר דעם געדאַנק פאָרמולירט אויף פאָלגנדיקן אופן: די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק איז צוויי טויזנט יאָר געווען פיקסירט אויף ארץ־ישראל, און דאָס איז אַן אידעאָלאָגישער סטימול פון אַ

גוואַלדיקן כוח, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון די שווערע עקאָנאָמישע באַדינ־גונגען, אין וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט זיך געפונען אין אַלע ישובים פון זיין אויסשפּרייטונג אין משך פון א לאַנגער תקופה.

דער דאָזיקער וויכוח האָט זיך געצויגן אין אונדזער באַוועגונג אַ סך יאָרן. אונדזער מאָטיווירונג, אין איר טעאָרעטישן טייל, איז געגעבן געוואָרן אין מיין אַרטיקל: „פּאַלעסטינע אין אונדזער טעאָריע פון א דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליס־טישן שטאַנדפּונקט", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זומער 1906 אין דריטן נומער פון דער אומלעגאַלער צייטונג „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט". אויפן ערשטן עטאַפּ איז דער וויכוח פאַרענדיקט געוואָרן אין אויגוסט 1907 אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון די רוסישע פּועלי־ציון אין קראָקע. דאָרט האָב איך רעפערירט וועגן „פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם". מיר האָבן אָפּאָנירט באָראָכאָוו און כאַשין, די באַגרינדער פון „פּראָגנאָסטישן פּאַלעסטיניזם". ווען איך בין נאָך געזעסן אין תפיסה, איז אין פּאָלטאַווע דערשינען די צייטונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּועלי־ציון „יעווריעסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ", אין וועלכער עס האָבן זיך באַוויזן דריי אַרטיקלען פון „פּאַסטאָיאַני" (באָראָכאָוו) וועגן „אונדזער פּלאַטפאָרם". אין זיי איז באָראָכאָוו אַריבער פון אונטערשטיצן דעם פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם צו דער באַגרינדונג פון פּראָגנאָסטישן פּאַלעסטיניזם. דער אונטערשיד איז געווען אַ קענטיקער: אָנשטאָט דער מאָטיווירונג, אַז ארץ־ישראל איז אַ טעריטאָריע, וואָס איז פאַר אונדז צוגעפּאַסט, האָט באָראָכאָוו דערוויזן, אַז ס'איז אַ נויטווענדיקייט די עליה זאָל זיין געווענדט קיין ארץ־ישראל, ווייל דאָרט זענען פאַראַן אַלע אויסזיכטן אויף אַנטוויקלען און איינ־וואָרצלען זיך, און דאָס וועט קומען צוליבן כאַראַקטער פון לאַנד, אי אלס „איינ־טערנאַציאָנאַלער האָטעל", אי צוליב איר האַלב־קאַפּיטאַליסטיש־אַגראַרישן כאַ־ראַקטער א.א.וו. דער וויכוח האָט זיך פאַרענדיקט ערשט אין אויגוסט 1917, אויף דער דריטער קאָנפערענץ פון די רוסישע פּועלי־ציון אין קיעוו.

אַזוי־אַרום האָט די וואַרשעווער אָפּאָזיציע, מיט ישראל ווישער און אליהו עסטרין בראש, ביז איצט כלומרשט געשטיצט דעם פּראַקטישן פּאַלעס־טיניזם, אָבער איצט איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א „פּראָגנאָסטישער" און אַלס צוגאָב צו די אָרגאַניזאַציאָנעלע טענות איז זי איצט אַרויסגעטראָטן קעגן אונדזער אויטאָנאָמיע, וואָס איז אונדז אָנערקענט געוואָרן אויף דער פּאָלטאַווער קאָנפערענץ.

אין קאָמיטעט צו וועלכן איך בין צוקאָאָפּטירט געוואָרן האָט געהערשט די מיינונג, אַז מ'דאַרף פירן דעם קאַמף מיט דער אָפּאָזיציע ביזן סוף. דעם געדאַנק האָט רעפּרעזענטירט שמעון און אויך יצחק טאַבענקין האָט מיט אים

מסכים געווען. איך האָב פאַרגעלייגט איינצופירן אין דער וואַרשעווער אָרגאַ־ניזאַציע אַ „דעמאָקראַטיזאַציע" און דורך דעם צונעמען ביי דער אָפּאָזיציע דעם אָפּיציעלן מאָטיוו. בן־ציון ראַסקין האָט זיך צו מיר פאַרייניקט. ס׳איז געווען אַ פראַגע, ווי אַזוי פאַרווירקלעכן די דעמאָקראַטיזאַציע, אַז אַלע זאָלן זיין צו־פרידן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטימען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון 7 מיטגלידער — דריי פון דער אָפּאָזיציע, דריי פון קאָמיטעט און איינער אַ נייטראַ־לער — און די קאָמיסיע וועט באַשליסן, ווי אַזוי אדורכצופירן די דעמאָ־קראַטיזאַציע.

פון דער אָפּאָזיציע זענען אַריין אין דער קאָמיסיע: אליהו עסטרין, ישראל וועשער און ישׂשכר ווייגטרויב (פּאַסקע־מאַכער); פון קאָמיטעט — דער פּעטער לאָזער, אברהם דער שניידער און איך; דער זיבעטער, דער נייטראַלער, איז געווען דוד בלאָך. מיר זענען געקומען צו אַן אַלגעמיינעם הסכם, אַז אונדזער אויפגאַבע איז צו באַאַרבעטן ריכטליניעס וועגן דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. כמעט צוויי פולע טעג זענען מיר געזעסן אין דער שול „יהודיה" אויף נאָוואָליפּיע 25, וווּ מיין שוועסטער מרים איז געווען די פאַר־וואַלטערין, און מיר האָבן אויסגעאַרבעט תקנות, וואָס זייער אינהאַלט איז מער־ווייניקער אַזאַ: ...די גאַנצע אָרגאַניזאַציע ווערט איינגעטיילט אויף גרופּעס־קעמערלעך צו 10—15 מיטגלידער, וועלכע ווערן אָרגאַניזירט לויטן פאַך. יעדעס קעמערל האָט זיינע רעפּרעזענטאַנטן, לעקציעס, מיטגליד־אָפּצאָל און אַ באַפּולמעכ־טיקטן, וועלכער רעפּרעזענטירט עס פאַר די פּאַרטיי־אינסטאַנצן. די באַפּול־מעכטיקטע פון אַלע קעמערלעך בילדן די „צענטראַלע סכאָדקע", וואָס איז די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפט פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע. די צענטראַלע סכאָדקע (ראָט) קומט זיך צונויף איינמאָל אין חודש. זי ווילט אויס — קאָנ־ספּיראַטיוו — אַ קאָמיטעט פון דריי מיטגלידער. כדי די רעזולטאַטן פון די וואַלן זאָלן זיין קאָנספּיראַטיוו, ווילט אויס דער ראָט איין מענטש, אַ פאַרבינדלער, וואָס ער ציילט איבער די צעטלען פון דער אָפּשטימונג און גיט צו וויסן די אויסגעווילטע וועגן די רעזולטאַטן. דער ראָט קאָן נאָר דעם פאַרבינדלעד, און אַזוי קען יעדער מיטגליד פון אַ קעמערל נאָר זיין באַפּולמעכטיקטן און מער קיינעם נישט.

דער קאָמיטעט האָט באַשטעטיקט די תקנות און גלייכצייטיק געמאָלדן, אַז ער לעזט זיך אויף. די קאָמיסיע פון די 7 האָט געדאַרפט דורכפירן די רעאָר־גאַניזאַציע. אין משך פון אַ וואָך זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די קעמערלעך, און זיי האָבן אויסגעווילט זייערע באַפּולמעכטיקטע. שבת, דעם 5טן מאַי 1906, איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון צענטראַלן ראָט, אויף דזשעלנע 3. דער ראָט איז באַשטאַנען פון 27 מיטגלידער, וואָס ווייזט, אַז פּאַרטיי־מיטגלידער זענען

געווען בערך 300. אַלס פאַרבינדלער איז אויסגעוויילט געוואָרן חיים איינשטיין (ירמיהו). פון אים האָב איך זיך דערנאָך דערוווּסט, אַז שמעון און יצחק האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט אין קאָמיטעט. מעגלעך, אַז זיי האָבן נישט מסכים געווען מיט דער רעאָרגאַניזאַציע. אין קאָמיטעט זענען איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן: בן־ציון ראַסקין, דוד בלאָך און איך.

דער צענטראַלער ראַט האָט אויסגעוויילט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָמיסיע, אין באַשטאַנד פון די פאָרשטייער פון די באַזונדערע קאָמיסיעס: פינאַנסיעלע, טעכנישע, פּראָפעסיאָנעלע, אַ שטרייק־קאָמיסיע, ליטעראַרישע און ביבליאָטעק־קאָמיסיע. ביים קאָמיטעט זענען נאָך געווען צוויי קאָמיסיעס: אַ קאָנספּיראַטיווע און אַ פּרינציפּיעלע, וועלכע מ׳פלעגט אויך אָנרופן די טעאָרעטישע קאָמיסיע. ד׳ לעצטע האָט זיך פאַרנומען מיט טעאָרעטישע און פּרינציפּיעלע פראַגן. אין איר באַשטאַנד זענען אַריין די חברים פון קאָמיטעט, דער פאַרבינדלער און אויסער זיי: אבוש, איש עברי (ש. לאנדינסקי), עמוס (שלמה קאלא), מנחם, יחזקאל, סאַבינע, ד׳ צוויי שוועסטער אָסטערמאַן, בנימין עפראָן, אברהם פאַר־ריזער, עליהו עסטרין, ישראל וועשער א. אַנד. מיר פלעגן זיך צונויפטרעפן יעדע וואָך. צוערשט האָבן מיר אַ סך דיסקוטירט וועגן פּראָבלעמען פון פּראַקטישן, פּראָגנאָסטישן און פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם.

צווישן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זענען געווען עטלעכע זייער אינטערעסאַנטע מענטשן:

אבוש איז אַלט געווען אַ יאָר נײַנצן, אַ גוטער אַגיטאַטאָר און פלינקער דיסקוטאַנט. פון קינדווייז אָן איז ער געווען באַהעפט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט שוין אויך באַוויזן צו זיין צוויי יאָר אין „בונד״, דערפאַר האָבן די בונדיסטן געהאַט אויף אים אַ בייז אויג. אין אַ צייט אַרום האָב איך געהערט, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען.

עמוס רובינראַט (שלמה קאַלאַ) — פון אַ יאָר אַכצן, אַ גימנאַזיסט, פון אַן אַסימילאַטאָרישער שטוב, געווען אַריינגעטאָן איבערן קאָפּ מיט לייענען ביכער. איך האָב אים געשעצט צוליב זיין ברייטן וויסן. דער אוצר פון זיינע ידיעות איז געווען זייער גרויס, ער האָט זיי אָבער נישט געקאָנט סיסטעמאַטיזירן. ער האָט אַ סך געשלונגען, אָבער נישט אַלץ פאַרדייעט און נישט אַלע מאָל האָט ער געוווּסט ווי אויסצונוצן זיינע ידיעות. נאָך פאַר אונדזער אַרעסט האָבן מיר גע־פּירט אַ טעטיקייט צווישן די תלמידים פון די מיטלשולן. ס׳איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ קרייז פון גימנאַזיסטן. בראש פון אים זענען געשטאַנען: עמוס, מ. יאַרבלום, ביכאָווסקי (איצט אין תל־אביב), שוואַרצמאַן און איך. מיר האָבן פאַר־שפּרייט צוויי פּראָקלאַמאַציעס: איינע — אַ פּראָטעסט קעגן די פּאָגראָמען אויף

יידן, און די צווייטע האָט אויף צוויי זייטלעך אַרומגענומען אונדזער גאַנצן פּראָגראַם. ביידע פּראָקלאַמאַציעס זענען געווען אויף פּויליש און אונטערגעשריבן אין נאָמען פון שילער־קרייז — „קאָלאָ״, — פונדאַנען שטאַמט עמוס׳עס פּסעוודאָנים — „שלמה קאָלאָ״. עמוס איז נאָך אַ לענגערע צייט געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי, אין יאָר 1917 איז ער אַריבער צו די לינקע פּ. ס. און צוזאַמען מיט זיי אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט וויסנשאַפט, געוואָרן אַ פּראָפעסאָר (רודניאַנסקי). מען זאָגט, אַז ער האָט זיך געשמדט.

מנחם, יחזקאל און איש עברי (ש. לאנדינסקי) — זענען געווען לערער, געוועזענע ישיבה־בחורים. אַלע דריי האָבן געהאַט אַ נטיה צו פּלפּלען זיך און אַריינחקרנען אין יעדער זאַך. זייער אופן פון טראַכטן איז נישט געווען קיין גראָדער, נישט קיין לאָגישער. שטענדיק זענען ביי זיי עפּעס אַרויסגעקומען אַפּנויגן, וואָס האָט זיי פאַרפירט אין אַ טעמפּן ווינקל, און אויב זיי זענען שוין אַמאָל געקומען צו אַ ריכטיקן געדאַנק, זענען זיי אויך צו אים דערגאַנגען מיט פּאַרפּלאָנטערטע וועגן. זיי האָבן זייער ליב געהאַט דעם וועג פון גריבלען זיך און כלומרשטער פּאַרטיפונג. אויב עמיצער האָט זיך צו זיי צוגעהערט, האָבן זיי אים שוין נישט אָפּגעלאָזט. פונדעסטוועגן איז געווען אַ גרויסער אונטערשיד צווישן מנחם חקרן (אַזוי האָט ער זיך אונטערגעשריבן אונטער אַן אַרטיקל וואָס ער האָט פּאַרעפנטלעכט אין „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט״) און יחזקאלען. מנחם איז געווען מער אַן אינדיווידואַליסט, יחזקאל — אַ מענטש מיט אַ ריינער נשמה, אַ שטילער, שטענדיק גערעדט באַזאַכט. איך האָב זייער ליב געהאַט יחזקאלען, כאָטש כ׳האָב זיך געהיט פון אַ באַגעגעניש מיט אים, ווייל ווען ער פלעגט מיך פּאַקן אין קאַוויאַרניע אָדער אויף דער בירזשע פלעג איך שוין נישט קענען פּטור ווערן פון אים אין משך פון אַ צוויי־דריי שעה. שטענדיק איז ער געווען פול מיט פראַגן און ספקות, און איך בין געווען מחוייב קלאָר צו מאַכן אים אַלע ספקות. מנחם חקרן האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געוואָרן אין תל־אביב אַ בעל־הבית. יחזקאלס גורל איז שוין געווען אַן אַנדערער. ער איז דורך דער פּאָליציי פּאַרשיקט געוואָרן אין צפון־רוסלאַנד, קיין וואָלאָגדע אָדער אַרכאַנגעלסק. צוויי יאָר האָב איך פון אים באַקומען זייער לאַנגע בריוו. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ער זיך אומגעקערט קיין וואַרשע און דאָרט געשטאָרבן.

איש עברי איז אויך פּאַרשיקט געוואָרן. ער האָט אַ סך אַרומגעוואָגלט אויך אין זיינע אָנשויונגען. בעת דער מלחמה איז ער אַריבער צום „בונד״, דערנאָך איז ער געוואָרן אַ פּאַרלעגער. ער האָט ווידער געוואָלט זיך דערנענטערן צו „פּועלי־ציון״.

סאַבינע גאָלדמאַכער, איצט מיין פרוי, איז געקומען צו פּועלי־ציון פונעם קרייז „דבורה". זי שטאַמט פון אַ פּולשטענדיק אַסימילירטער משפּחה. ביי זיי האָט מען גערעדט נאָר פּויליש. ווי מיינער אַ געטרייער פריינד און אַן איבער־געגעבענע צו דער פּאַרטיי, האָט זי מיר זייער שטאַרק צוגעהאָלפן אויף מיין געזעלשאַפטלעכן וועג.

די שוועסטער וויעראַ און אסתר אָסטערמאַן זענען אויך געקומען פון „דבורה". אסתר איז נאָך געווען אַ סך יאָרן אין דער פּאַרטיי. זי איז געווען סעקרעטאַרין פון אונדזערע קרייזן אין דער שווייץ. אין די 20קער יאָרן איז זי אַריבערגעפאָרן קיין רוסלאַנד און צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי י. ק. פּ. ־ פּועלי־ציון פאַרענדיקט איר פּועלי־ציוניסטישע קאַריערע.

בנימין עפראַן איז געווען טעטיק אַלס אינסטרוקטאָר אין שטעט און שטעטלעך. ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון פאָרן אין די פאַרוואָרפנסטע ערטער, האָט אָרגאַניזירט פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין אַ סך שטעטלעך. ער איז געווען אַ גוטער מאַסן־רעדנער און נישט איינמאָל געוואָרן אַרעסטירט. אין אַ צייט אַרום איז ער אַוועק פון אונדזער באַוועגונג און צוגעשטאַנען צו די „פּאָלקיסטן".

אברהם פּאַריזער — מען האָט אים אַזוי גערופן, ווייל ער האָט אַמאָל שטודירט אין פּאַריז — איז געווען אַ גוטער אַגיטאַטאָר. צוזאַמען מיט עפראָנען איז ער געשיקט געוואָרן אַלס אינסטרוקטאָר אין שטעט און שטעטלעך. מען האָט אים חושד געווען אין פאַרבינדונגען מיט דער פּאָליציי.

אין יענער צייט האָט דאָס ביוראָ פון פּוילישן פאַרבאַנד צונויפגערופן די צווייטע קאָנפערענץ. אויף דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין מאַי 1906, האָבן די חברים שמעון און מוליע אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער אַלרוסישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ (אין פעברואַר אין פּאָלטאַווע), און ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס וועגן אַריינטריט אין דער אַלרוסישער פּאַרטיי אויף „אויטאָנאָמע יסודות", ד. ה. — מיטן רעכט צו פירן אַגיטאַציע אין שריפט און אין וואָרט אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל און פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם. עטלעכע טעג פאַר דער קאָנפערענץ איז צו אונדז געקומען אַ חבר פון צענטראַל־קאָמיטעט אין רוסלאַנד, אַלעקסאַנדער כאַשין (באָרוכסאָן). דער טאָג האָט זיך מיר גוט פאַרגעדענקט. די קאָזאַקן האָבן געווילדעוועט אויף די גאַסן און געשלאָגן יעדן פאַרבייגייער, באַזונדערס יידן. איך בין געגאַנגען צו כאַשינען אין האָטעל „ראָסיאַ" אויף נאָוואָליפּקי 8. ס'איז מיר געשען אַ נס: אַ שייקע קאָזאַקן איז מיר אָנגעקומען אַנטקעגן, איך האָב אָבער נאָך באַוויזן אַריינצוכאַפּן זיך אין האָטעל נאָך איידער זיי זענען צו מיר צוגעקומען. מיר האָבן געשמועסט וועגן אַ סך פּאַרטיי־ענינים, באַזונדערס וועגן „אונדזער פּלאַטפּאָרם".

אין נייעם ביוראָ פון פאַרבאַנד זענען אַריין די חברים בן־ציון ראַסקין, אריה האַלענדערסקי און איך. היות אריה האָט געוווינט אין לאָדזש און בן־ציון ראַסקין האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום דערווייטערט פון דער אַרבעט — איז אויף מיין גורל אויסגעפאַלן צו פירן יענעם זומער די אַרבעט פון ביוראָ.

נאָך זיצנדיק אין מאַדלינער פעסטונג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס דערשיינט אַ צייטונג — „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט”, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. יאַרבלום (מ. סאַלאָמאָן), אַלס פאַרטייאישער אָרגאַן פון דער טשענסטאָ־כאָווער אָרגאַניזאַציע. דער ערשטער נומער איז געווען גאַנץ אָרעם. אויסער איין אַרטיקל פון מ. י. (יאַרבלום) קעגן „בונד”, וואָס איז דערנאָך דערשינען אין אַ באַזונדערער אויפלאַגע, זענען געווען בלויז נאָך עטלעכע אַרטיקע קאָרעספּאָנ־דענציעס. די צייטונג איז געדרוקט געוואָרן אין קראָקע. אין חודש אַפּריל האָבן מיר געשיקט שמואל דעם איינבינדער, כדי ער זאָל ברענגען עקזעמפּלאַרן פון דער צייטונג. ער איז געפאָרן אומלעגאַל און קומענדיק קיין וולאָצלאַוועק איז ער אַרעסטריט געוואָרן. מיר האָבן געשיקט סאַבינען קיין וולאָצלאַוועק אַרויס־נעמען אים פון אַרעסט. סאַבינע האָט אויסערלעך נישט געמאַכט קיין איינדרוק פון אַ „רעוואָלוציאָנערין”, זי האָט גיכער אויסגעזען ווי אַן „אַריסטאָקראַטין”, באַזונדערס, ווען זי האָט זיך אָנגעטאָן איר טרויער־וועלאָן. דערפאַר איז זי טאַקע געווען דער פּאַסיקער מענטש צו האָבן צו טאָן מיט דער אַדמיניסטראַציע. סאַבינע איז געקומען קיין וולאָצלאַוועק, האָט זיך דאָרט באַגעגנט מיט פעליקס קינא (געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1953) און מיט שמעון „פּייגעלע”. זיי האָבן זי באַגלייט צום קאָמענדאַנט פון דער תפיסה און געוואַרט אויף איר אין דרויסן. סאַבינע האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן קאָמענדאַנט אַלס שמואלס קוזינקע און אים דערציילט אַ גאַנצע מעשה וועגן קוזינס קראַנקער מוטער און אַז איר קוזין, אַ גוטער בחור און אַ לייטישער מענטש, איז אינגאַנצן אומשולדיק, אַז עמיצער האָט, ווייזט אויס, אים אָפּגעטאָן און צו אים אין די זאַכן אַריינגעלייגט פאַרבאָטענע פּאַפּירן. דער קאָמענדאַנט האָט זי שיין אויפגענומען, ער האָט אָבער זיך אָפּגעזאָגט איר צו העלפן. ערשט נאָך לאַנגע בעטענישן האָט ער צוגעזאָגט משתדל צו זיין זיך וועגן דעם ענין. אין דעם זעלבן טאָג איז טאַקע שמואל באַפרייט געוואָרן, מיטן באַדינג, אַז ער זאָל תיכף פאַרלאָזן די שטאָט. נישט געקוקט אויף דעם האָבן מיר נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר אַ שלעכטן סוף פון גאַנצן ענין און נאָך עטלעכע חדשים — באַשלאָסן אַוועקצושיקן שמואלן אומלעגאַל קיין אויסלאַנד. נאָך זיין אַוועקפאָרן זענען אַלע שפּורן וועגן אים נעלם געוואָרן.

* * *

דאָס נייע ביוראָ האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט” אַלס אָרגאַן פונעם וואַרשעווער ראַיאָן. מיטן צוגרייטן דעם מאַטעריאַל

פֿאַר דער צייטונג האָבן זיך פֿאַרנומען דוד בלאָך, חיים איינשטיין און איך. בן־ציון ראַסקין, אויף וועמען מיר האָבן געלייגט גרויסע האָפֿענונגען, האָט אונדז דאַסמאָל אַנטוישט, ער האָט זיך אַפֿילו נישט מטריח געווען אַראָפּצוקומען קיין וואַרשע, כדי צו באַקענען זיך מיטן מאַטעריאַל. זאַלבעדריט זענען מיר געפֿאָרן צו אים קיין וואָלאָמין, ער זאָל אים באַשטעטיקן. אויסער די אַרטיקלען פֿון בלאָכן און איינשטיינען זענען אין דער צייטונג פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן מיינע דריי אַרטיקלען. איינער פֿון זיי איז געווען אַ גרויסער (מיט „המשך קומט״) וועגן די „וואַראָזשדענצעס״. איך האָב אין אַרטיקל אויפֿגעוויזן, אַז זיי זענען אידעאַ־ליסטן. אין אַרטיקל איז געווען וועגן „בונד״. אין דער צייטונג האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן מיט דריי פּסעוודאָנימען, וואָס איך האָב שוין שפּעטער כסדר באַנוצט. אונטערן ערשטן אַרטיקל האָב איך זיך אונטערגעשריבן „ניר״ — לויט די ראשי־תיבות פֿון מיין נאָמען און פֿאַמיליע (נחום יעקב ראַפּאַלקעס), און אויף די צוויי איבעריקע — „א. שאַוועסקי״ און „תרי־עשר״. ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1920, האָבן די חברים פֿון מיר געלאַכט, זאָגנדיק: „דו ביסט דאָך אַ יידישיסט, איז ווי זשע האָסטו זיך אויס־געקליבן אַ העברעישן נאָמען״? צו מיין גרויסער בושה בין איך געווען גע־צוווּנגען מודה צו זיין זיך, אַז דעמאָלט, אין יאָר 1906, האָב איך נאָך נישט געוווּסט, אַז „ניר״ איז אַ העברעיש וואָרט... אין דער צייטונג איז אויך געווען אַן אַרטיקל פֿון מנחמען, אונטערגעשריבן „חקרן״ און אַ בריוו „צו די יידישע אַרבעטער״ פֿון חבר זיאַמע (אָסטראָווסקי), וואָס דוד בלאָך האָט אים איבער־געזעצט פֿון רוסיש. דער בריוו איז געווען אונטערגעשריבן „חברטע רחל״. עס זענען אויך געווען עטלעכע קאָרעספּאָנדענצן פֿון פֿאַרשידענע שטעט. די דריי אַרויסגעבער פֿון דער צייטונג, דוד, חיים און איך, האָבן איינמאָל באַשלאָסן צו באַשטימען פֿאַר אונדז קאָנספּיראַטיווע נעמען. מען האָט אָפּגערעדט, אַז דוד זאָל הייסן — ישעיהו, חיים — ירמיהו, און איך — זכריהו. די ערשטע צוויי נעמען האָבן זיך אָנגענומען, אָבער מיינער — נישט. מיך האָט מען גערופֿן „ניר״ אָדער מיט מיין פּערזענלעכן נאָמען — נחום.

מיר האָבן איבערגעגעבן דעם גאַנצן מאַטעריאַל צו דער טעכנישער קאָמיסיע בראש פֿון וועלכער עס איז געשטאַנען שמואל דער איינבינדער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער אונדז געבראַכט אַן אָפּגעדרוקטן נומער. די קאָ־רעקטור איז געווען אַן אויסגעצייכנטע, אָן שום גרייזן, אַ סך בעסער ווי אין די לעגאַלע צייטונגען. שמואל האָט מיר דערציילט, אַז די צייטונג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן מיט דער הילף פֿון אונדזער „באַיוווקע״. זי האָט פֿאַרנומען אַ דרוקעריי פֿון אַ „בורזשוי״ און אונטער דער דראָונג פֿון רעוואָלווערן אים געצווווּנגען אָפּצודרוקן די צייטונג. פֿאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעטער האָבן באַקומען זייער פֿולע שכירות.

אין צוזאמענהאַנג מיטן ארויסגעבן די צייטונג איז אַרויפגעשווומען די פראגע פון פינאנסיעלע מיטלען. די הכנסה פון מיטגליד־אָפּצאָל איז געווען זייער א קליינע. די בורזשואזיע האָט שוין אויפגעהערט געבן אירע „באַשטייערונגען", און מיר האָבן טאקע אויפגעהערט צו איר זיך צו ווענדן, אויסער אין זעלטענע פאַלן. צו יענער צייט האָט זיך באַוויזן אויף אונדזער האָריזאָנט דער חבר אברהם „בורזשוי". מען האָט אים אַזוי גערופן, ווייל שטענדיק האָט ער געהאט געלט אין קעשענע (לויט זיינע רייד פלעגט אים זיין מוטער שיקן פון רוסלאנד). ער איז געווען א נידעריקער, א דיקער, פלעגט זיך א ביסל פארהיקען, מיט שווארצע אויגן און א רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראמענט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעהאלטן צו גיין אויף זייער געפערלעכע ערטער, אפילו אין די סאמע שווערסטע צייטן, און דווקא מיט א רעוואָלווער. שטענדיק פלעגט ער קומען מיט זייער געוואגטע פּלענער, וואָס דער ווארשעווער קאָמיטעט פלעגט נישט דערלאָזן זיי צו רעאַליזירן. ער איז געווען דער אָנפירער פון דער „באָיעווקע".

דאָס איז געווען א צייט, ווען די רעאקציע האָט זיך געשטאַרקט. די שטאָט איז פול געווען מיט מיליטער, וואָס האָט באטראכט ווארשע ווי אן אָקופּירטע שטאָט. די באַפעלקערונג האָט געזען אין מיליטער אַ פיינטלעכן כוח און דאָס מיליטער האָט זיך טאקע באצויגן צו דער באפעלקערונג, אלצאיינס צו פּאָליאַקן ווי צו יידן, ווי צו „בונטאָווטשיקעס". די פּאַטראָלן זענען אַ גאַנצן טאָג ארומגעגאנגען אין די גאסן און רעווידירט יעדן פארבייגייער. אויב זיי האָבן געפונען עפּעס א פארדעכטיקע זאך, האָבן זיי געשלאָגן מכות־רצח. פאַרביי דער קאזארמע פון די וואָלינצעס אויפן פּזשעיאַזד איז בכלל געווען אוממעגלעך פארבייצוגיין.

אין איינעם א מיטוואָך פון חודש יוני אָדער יולי איז פאָרגעקומען א בלוט־באָד — דער בלוטיקער מיטוואָך. אין דעם טאָג זענען פאָרגעקומען אָנפאַלן פון פּ.פּ.ס. אויף פּאַטראָלן אין פאַרשידענע פלעצער פון שטאָט. עס זענען דערהרגעט געוואָרן 43 פּאָליציאַנטן. נאָכמיטאָג האָבן זיך אָנגעהויבן שיסערייען אין שטאָט. די „וואָלינצעס" זענען ארויס פון קאזארמע, אוועקגעשטעלט זיך אין דער ברייט פון נאָוואָליפּיע ווו איך האָב געוווינט, און געשאָסן לענגאויס דער גאָס. עס זענען דאַן געהרגעט געוואָרן זעקס מענטשן, צווישן זיי אַ דרייצניאָריק מיידעלע פון שכינישן הויף נעבן אונדז. זי האָט זיך אַרויסגעבויגן פונעם פענצטער אַ קוק טאָן, וואָס עס קומט פאָר, אין דער סעקונדע האָט איר אַ קויל געטראָפן אין קאָפּ. דאָס טויער פון אונדזער הויז איז געווען פארשלאָסן. אין דרויסן האָט זיך באוויזן א מענטש און איידער ער האָט באוויזן אריינצוגיין אינעווייניק, האָבן די וואָלינצעס געשאָסן און אים דערהרגעט.

פאַרנאַכט זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אלע גאסן ארום מארשאלקאָווסקע

און די פארבייגייער האָבן זיך נישט געקאָנט אומקערן א היים. איך בין אַרויס באַגלייטן סאַבינען אויף שליסקע־גאַס. אין יידישן קוואַרטאַל האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. א טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין דעם גאַנצן טייל שטאָט. נאָכן אָפּפירן סאַבינען בשלום האָב איך זיך אומגעקערט אהיים. אויף ווילעקע־גאַס האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ פּאָליאַק, ווייזט אויס אַ שכור. ער איז צוגעגאַנגען און אָנגעהויבן עפּעס שעפּטשען מיר אין אויער. לכתחילה האָב איך גאָרנישט פארשטאַנען. דערנאָך האָב איך זיך געכאַפּט, אז ער איז זייער פארביטערט אויף דער זשאַנדאַרמעריע און די זעלנער, און ווייל איך האָב געטראָגן א סטודענטיש היטל, האָט ער פארשטאַנען, אז איך בין א רעוואָלוציאָנער. ער האָט אַראָפּגענומען פונעם פינגער אַ שווערן גאָלדענעם רינג און מיר דערלאַנגט, זאָגנדיק: „טו דערמיט, ווי דו פארשטייסט, אבי דו זאָלסט זיך נוקם זיין אין די זשאַנדאַרמען". איך האָב אים גענומען אונטערן אָרעם און געגעבן צו פארשטיין, אז ס'איז נישט גוט אַזוי צוצוגיין צו סתם מענטשן אין גאַס און אַריינשעפּטשען אים אַזעלכע רייד. איך האָב אים אומגעקערט דעם רינג און געראָטן גלייך פאָרן אַ היים. ער האָט מיר געדאַנקט און איז אוועק.

נאָך פריער פלעגן יידן מורא האָבן אַרויסצוגיין אין די אָוונטן פון שטוב. אָבער איצטער, נאָכן בלוטיקן מיטוואָך, איז אין גאַס קיין לעבעדיק נפש נישט געווען ווי נאָר ס'איז געוואָרן פאַרנאַכט. בלויז מיליטערישע פּאַטראָלן פלעגן שפּאַנען הין און צוריק. די זעלנער פלעגן נישט גיין צוזאַמען, נאָר אין א קייט פון ביידע זייטן גאַס, ווייט איינער פון אנדערן אויף א 5—7 טריט, זיי האָבן מורא געהאַט פאר באָמבעס. און אפילו אין מיטן טאָג, ווי נאָר יידן האָבן זיך דערוווסט, אַז אין דער צווייטער גאַס איז דאָ אַ פּאַטראָל, פלעגן זיי גלייך זיך צעלויפן.

אָפיציעל האָב איך געווינט אין שטאָט ביי מיינע עלטערן און פּאַקטיש — אין שווידער. איך האָב זיך דאָרט געדונגען אַ צימער. דאָרט האָב איך פאַרבראַכט א סך זומערן אין מיינע קינדער־יאָרן. אין דער פרי' פלעג איך קומען אין שטאָט אַריין און נאָך מיטאָג אומגעקערט זיך קיין שווידער.

איצט איז אָנגענומען אין די גרויסע שטעט אין דער וועלט און אויך ביי אונדז, אַז אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג אַרבעט אין שטאָט און וווינט הינטערן שטאָט. דאַן איז דאָס געווען איינער פון די קאָנספּיראַציע־מיטלען אויסצוהיטן זיך פון דער געהיים־פּאָליציי, וואָס פלעגט אונדז נאָכשפּירן און אַפילו אויספירן רעוויזיעס ביי פאַרדעכטיקע. יענעם זומער האָט מען ביי מיין פאָטער דורכגעפירט אַ 4—5 רעוויזיעס, און נאָר איינמאָל האָט מען מיך געטראָפן אין שטוב. איך בין דאַן ארויס בשלום נאָר אין דעם זכות, וואָס דער אָפיציר איז געווען דער קוואַרטאַלנער, וועגן וועלכן איך האָב פריער דערמאָנט. בעת די רעוויזיעס האָט מען קאָנפיסקירט א סך פון מיינע פּאַפּירן.

אין איינעם א טאָג נאָכן „בלוטיקן מיטוואָך" בין איך אין דער פרי געקומען אין שטאָט. איך האָב באַמערקט, אז די יידן מאכן צו זייערע קראָמען און די דורכגייער פארבאַהאלטן זיך אין די טויערן פון די הייזער. איך האָב נישט געוווּסט וואָס ס'איז געשען און געגאַנגען ווייטער ביז איך בין געקומען אויפן ראָג נאָוואָליפּקי. דאָ האָב איך זיך אָנגעשטויסן פּנים אל פּנים מיט אַ פּאַטראָל פון די וואָלינצעס, וואָס זענען געגאַנגען פון ביידע זייטן גאַס. ס'איז שוין געווען צו שפּעט צו אַנטלויפן, ווייל דער פּאַטראָל וואָלט מיר אוודאי נאָכגעשאָסן. דער אָפיציר האָט געגעבן אַ סימן און די זעלנער האָבן מיך ענערגיש באַזוכט, און דערנאָך מיך געלאָזט גיין מיט מיין וועג. איך בין שוין געהאַט כמעט דורכגע־גאַנגען אַלע זעלנער, פּלוצלינג האָט דער לעצטער זעלנער אַ געשריי געטאָן: „שטיי, שטיי!" דער זעלנער איז צוגעגאַנגען, האָט אויפגעקנעפּלט מיין רעקל, דאָס וועסטל און העמד, און האָט אָנגעהויבן בודק צו זיין עפּעס אויף מיין לייב. איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל פון מיר. ער האָט, ווייזט אויס, גע־וואָלט מיר אויפקלערן זיין אויפפירונג און אַ זאָג געטאָן: „האָסט נישט קיין סימן אויפן קערפּער". דאָס איז געווען עטלעכע טעג נאָך דעם ווי מעזענצעוו האָט דורכגעפירט די עקספּראָפּריאַציע אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער באַנק אין מאָסקווע און האָט באַוויזן צו אַנטלויפן. מעזענצעוו האָט געהאַט אַ טאַטואירונג אויפן ברוסט. דער זעלנער, האָט געוואָרפן אויף מיר א פארדאכט, אז איך בין דאָס דער עקספּראָפּריאַטאָר, דערפאַר האָט ער ביי מיר געזוכט דעם סימן אויף דער ברוסט.

איך ווייס נישט צולב וואָס, נאָר די מאַכט האָט דעמאָלט געביטן איר באַציאונג צו די סטודענטן צום בעסערן. איך האָב דאָס אויסגענוצט און ווען איך בין ערגעץ געפאָרן, האָב איך געטראָגן סטודענטישע יום־טובדיקע מלבושים, מיט אַ באַגילדעטן קאָלנער. די פּאָליציי האָט נישט בלויז נישט געקוקט אויף מיר מיט חשד, נאָר אפילו זיך באַצויגן צו מיר מיט רעספּעקט. די יידן פלעגן זיך אויך באַציען מיט רעספּעקט צו אַ סטודענט, וואָס האָט געטראָגן די סטו־דענטישע מלבושים, דער עיקר דערפאַר, ווייל זיי האָבן אים אָנגענומען פאַר אַ גוי. איינמאָל בין איך געפאָרן מיט דער באַן קיין ביאַליסטאָק און ברייט זיך צעלייגט אויף דער באַנק אין וואַגאָן. און אָט איז אריין א יידישע משפחה און זי האָט נישט געהאַט די העזה בעטן מיך פריי צו מאַכן אַן אָרט. איך האָב זיך אויפגעהויבן און געזאָגט צו די מענטשן אויף יידיש, אז זיי קאָנען זיך זעצן. זיי האָבן זיך געזעצט און זייער שנעל האָבן זיי שוין פארנומען די גאַנצע באַנק, אז פאַר מיר איז שוין נישט געבליבן קיין אָרט. איך האָב זיך דאַן דערמאָנט אין אַ באַקאַנטן וויץ: אין באַן פאָרט א סטודענט און אנטקעגן אים זיצט א ייד. דער ייד הייבט אָן שטעלן פראגן אין א פאַרגרייזטן רוסיש: „וווהין פאָרט דער

העָר סטודענט?" — „קיין גראָדנע". „און פונוואַנען, העָר סטודענט?" — „פון פּעטערבורג". — „און צוליב וואָס פּאַרט דער העָר סטודענט פון פּעטערבורג קיין גראָדנע?" — „צו די עלטערן" — „און פאַרוואָס פּאַרט דער העָר סטודענט צו די עלטערן דווקא איצט?" די תשובה איז געווען: „אויף יום־טוב". — „און וואָסער יום־טוב איז איצט?" — „פּורים" — איז געווען דער ענטפער. דעמאָלט האָט זיך דער ייד צעשריגן: „זעט נאָר, זעט נאָר, ווי דער פריץ האָט זיך עס פאַנאַנדערגעזעצט! אַנו, גיט זיך נאָר אַ רוק!".

אין יענער צייט האָט אברהם „בורזשוי" אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אלס אָנפירער פון דער באָיוווקע. מיר האָבן זיך געגייטיקט אין פּאַפּיר פאַר דער צייטונג, האָבן מיר געשיקט אברהמען מיט נאָך אַ חבר צו גרוימאַנען דעם הור־טאָוניק אויף גראַניטשנע־גאַס פאָדערן פון אים פּאַפּיר פאַר דער „אָרגאַניזאַ־ציע". יענער האָט נישט בלויז אָפּגעזאָגט, נאָר געשאָלטן און געזידלט די שליחים. דאָס איז געווען אַ שטאַרקע באַליידיקונג פאַר דער אָרגאַניזאַציע. אויף דער פאַראָרדענונג פונעם קאָמיטעט האָט מען מודיע געווען דער פירמע, אַז פריער פון אַלץ דאַרף זי זיך אַנטשולדיקן פאַר דער אָרגאַניזאַציע און דערנאָך, אַלס צייכן פון חרטה דאַרף זי באַצאָלן 500 רובל קנס. אויב נישט וועט די אָרגאַניזאַציע דערקלערן אַ באָיקאָט אויף דער קראָם. תחילת האָבן די קרעמער זיך אויסגעלאַכט און אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט די גזירה. ווען זיי האָבן אָבער דערזען נעבן דער קראָם די חברה פון דער באָיוווקע, וואָס האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אין קראָם און מ'האָט אויך אויסגעבראָכן די שויפענצטער — אַ היזק מער פון 500 רובל — האָבן זיי אָנגעהויבן רעדן אַנדערש. אַ פאָר־שטייער פון דער פירמע האָט געבעטן הילף ביי נח פּרילוצקין, וועלכער האָט דעמאָלט געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַן אָפיציעלן פּראָטעקטאָר פון פּועלי־ציון. ער האָט, ווייזט אויס, צוגעזאָגט דער פירמע צו דערליידיקן דעם ענין בכי טוב און געשיקט מיר אַ צעטל מיט מוסר. מיר האָבן געענטפערט פּרילוצקין, אַז ער זאָל וויסן זיין אָרט און נישט אַריינמישן זיך אין ענינים, וואָס האָבן נישט צו אים קיין שייכות. בלית־ברירה האָט די פירמע באַצאָלט אַלץ, וואָס עס איז אויף איר אַרויפגעלייגט געוואָרן.

אזוי איז אויך געשען מיט דער פירמע אייזענבערג אויף פּושעיאַזד. נאָר דאָ האָט עס לענגער געדויערט. צוערשט האָט די פירמע זיך אויסגעלאַכט פון אונדזערע דראָונגען, ווייל זי האָט זיך געפונען אין שכנות מיט דער קאַזאַרמע פון די וואָלינצעס. אויסער דעם האָט זיך אַריינגעמישט די פּ.פּ.ס. און אפילו אַרויסגעלאָזט קעגן אונדז אַן אויפרוף פול מיט זידלערייען, אָנרופנדיק אונדז, כלומרשט צוליב אַ דרוק־פעלער, „פּאָדלי־ציון". פּ.פּ.ס. האָט געטראָגן אויף

אונדז א פּאַרדרוס, ווייל די אַנגעשטעלטע פון דער פירמע זענען געווען מיט־גלידער פון יידישער פּ.פּ.ס., דערפאַר האָט זי געזען אין אונדזער שטיקל אַרבעט אַן אריינרייסן זיך אין איר תחום. דעמאָלט האָבן מיר אויך דערקלערט אַ שטרייק פון די קעלנער אין דער קאָנדיטאָריי פון גריצהענדלער אויף נאַלעווקי. דער באַלעבאָס האָט געבראַכט פּוילישע שטרייקברעכער. אונדזערע חברים האָבן זיי געוואָלט אַראָפּנעמען פון דער ארבעט, אָבער פּ.פּ.ס. האָט זיי פּאַרטיידיקט און ארויסגעלאָזט דעם אויפרוף קעגן אונדז. מיר האָבן אויך נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן מיט אַן ענטפער. מיר האָבן ארויסגעגעבן א לאַנגן אויפרוף, אין וועלכן מיר האָבן אָנגערופן די יידן פון פּ.פּ.ס., וואָס האָב זיך אליין באצייכנט אלס „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן”, מיטן נאָמען „משה רבינוס פּערדלעך”. דעם אויפרוף האָט אָנגעשריבן ירמיהו, און ער האָט זיך געהאַלטן אין אָפּדרוקן אין דער דרוקעריי אויף אָגראָדאָווע 2, ווו עס זענען געדרוקט געוואָרן כמעט אַלע פּראָקלאַמאַציעס פון אַלע פּאַרטייען. גראָד דעמאָלט האָט די רוסישע מיליטערישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע אָפּגעדרוקט אין דער דרוקעריי איר באַרימטע וויבאָרגער פּראָקלאַמאַציע פון די דעפּוטאַטן פון דער דומע, וואָס איז פאַנאַנ־דערגעלאָזט געוואָרן דורכן צאַר. צוליב אַ פּראָוואָקאַטאָר איז די דרוקעריי אויפגעדעקט געוואָרן בעת עס האָט זיך געדרוקט די וויבאָרגער פּראָקלאַמאַציע. פונדעסטוועגן האָט זיך אונדזערע חברים איינגעגעבן ארויסצוגנבענען אונדזער אויסגעזעצטע פּראָקלאמאציע און מיר האָבן זי אָפּגעדרוקט אויף א פּרימיטיוון אופן צו 30—40 עקזעמפּלאַרן א טאָג.

נאָך דעם, ווי אונדזער באַיוווקע האָט אריינגעשאָסן אין די שויפענצטערס האָט די פירמע אייזנבערג באַצאָלט 300 רובל.

ביסלעכוויז איז ביי אונדז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו מאַכן עקס־פּראָפּריאַציעס. פּ.פּ.ס. פלעגט מאַכן עקספּראָפּריאַציעס טאָג־טעגלעך. אין גאַנץ רוסלאַנד פלעגן אַזעלכע אַקציעס דורכפירן די ס.ר.׳ן, די מאַקסימאַליסטן און די גרוזינישע ס.ד. און מיר פלעגן זיך אַליין פרעגן: פאַרוואָס זאָלן מיר זיין ערגער פון זיי? א גוטע „באָיווקע” האָבן מיר, קיין געלט האָבן מיר נישט, די מאכט איז פיינטלעך און אנטיסעמיטיש, רודפט, ארעסטירט און דערשטיקט, וואָס זשע דאַרף אונדז אָפּהאַלטן פון גיין אין די וועגן פון פּ.פּ.ס.? מיר האָבן דעמאָלט נישט געטראַכט וועגן דער דעמאָראַליזאַציע, וואָס אזעלכע אקציעס קאָנען אריינברענ־גען אין אונדזערע רייען. אויף איינער פון די זיצונגען פונעם קאָמיטעט מיט דער באטייליקונג פון אברהם „בורזשוי” האָבן מיר באַפולמעכטיקט א באַזונ־דערע קאָמיסיע צו פארנעמען זיך מיט די ענינים. אין דער קאָמיסיע זענען אַריין די אָנפירער פון די דריי אָפּטיילונגען פון אונדזער „באָיווקע”, אברהם „בורזשוי” און פונעם קאָמיטעט — איך מיט ירמיהון מיט וועטאָ־רעכט.

נאָכן באַהאַנדלען עטלעכע פאַרשלאָגן איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַן עקספּראָפּריאַציע אין פאַלעניץ, א דאַטשע־אָרט הינטער וואַרשע. דער ציל איז געווען די קאַסע פון דער באַן־סטאַציע. די אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן אָן שום שטערונגען. אין אָוונט זענען אַהין געקומען 18 חברים, באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן, זיי זענען אריין צום פאַרוואַלטער פון דער סטאַציע און אויסגעשריגן: „די הענט אין דער הייך!" יענער האָט תיכף אויפגעהויבן די הענט, אָפּגעגעבן דעם שליסל. אברהם „בורזשוי" האָט צוגענומען דאָס געלט פון דער קאַסע, קרוב 200 רובל, און איבערגעלאָזט אַ קבלה אין נאָמען פון „וואַרשעווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע". אַזוי האָט זיך געפירט פּ.פּ.ס. זי פלעגט לאָזן אַ באַשטעטיקונג אויפן צוגענומענעם געלט. באַלד נאָך דער געלונגענער אַקציע זענען די חברים געקומען מיט דער באַן קיין וואַרשע. צומאָרגנס האָבן די צייטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז פּועלי־ציון האָט דורכגעפירט אַן עקספּראָפּריאַציע און מיר האָבן מיט דעם שטאָלצירט.

דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. דער ענין איז זייער געפעלן געוואָרן אברהמען און ער האָט פאַרגעלייגט צו מאַכן אַן עקספּראָפּריאַציע אויף דער פּאָסט, ראָג דזשעלנע און דזשיקע. עטלעכע מאָל איז ער אַהין געגאַנגען כדי צו באַקענען זיך מיט דער סיטואַציע. „סך הכל געפינען זיך דאָרט נישט מער ווי 5 זעלנער" — האָט אברהם געזאָגט. ער האָט אפילו אויסגערעכנט אויף דער מעגלעכקייט, אַז ס'קאָן אויסקומען צו דערהרגענען איינעם אָדער צוויי זעלנער. פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז דער ענין וועט נישט אַדורכגיין אָן קרבנות און מקריב זיין מענטשלעכע לעבנס צוליב געלט — צו דעם זענען מיר נאָך נישט געווען צוגעגרייט. מיר האָבן דערפאַר דעם פּלאַן נישט באַשטעטיקט.

ענדלעך איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַן עקספּראָפּריאַציע אויף דער באַן־סטאַציע אין אָטוואָצק, אויך א דאַטשע־אָרט אויף דער זעלבער ליניע ווי פאַלעניץ, 2 קילאָמעטער נאָך שווידער.

קיין אָטוואָצק זענען אוועק 24 מענטשן — 4 גרופּעס — מיט אברהמען בראש. דאָס הויז ווו איך האָב געוווינט איז געווען נאָענט צו דער אָטוואָצקער סטאַציע — איין קילאָמעטער און אויך נאָענט צו די באַן־ליניעס. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז איך וועל וואַרטן אויף דער וועראַנדע פון מיין צימער און אָנצינדן דאָרט א ליכט — א סימן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, נאָכן דורכפירן די אַקציע וועט אברהם ברענגען צו מיר דאָס געלט דורכן וואַלד. מיר האָבן געזאָלט דורכפירן די אַקציע דעם 9־טן יולי אין אָוונט, ווייל דעם צענטן פלעגט מען אויסצאָלן שכירות די ארבעטער. בעת די חברים זענען מיט פאַרשידענע וועגן צוגעקומען צו דער סטאַציע אין דער באַשטימטער צייט, איז דאָרט געשטאַנען א צוג מיט זעלנער. בלית־ברירה האָט אברהם באַשלאָסן אָפּצולייגן די עקס־

פּראָפּריאַציע. צוזאָמענגנס האָבן מיר באַשלאָסן אַדורכצופירן די עקספּראָפּריאַציע אין אָוונט. היות אַלע חברים האָבן זיך אַרומגעדרייט אין אָטוואָצק אָן אַ שטאָך אַרבעט, האָבן מיר אויף זיי אַרויפגעלייגט אַדורכצופירן דערוויל אַ מין שטיקל אַרבעט, אַן „עקס" אויף דער אָטוואָצקער פּאָסט. אברהם האָט מיר געבראַכט דעם שלל פון דער „עקס": עטלעכע רובל, מאַרקעס אויף איבער 100 רובל און אַ גרויסן זשאַנדאַרמישן רעוואָלווער. איך האָב מורא געהאַט, אַז דער רעוואָלווער קאָן אונדז פאַרשיטן, האָבן מיר אין וואַלד אויסגעגראָבן אַ טיפן גרוב און באַגראָבן די כלי. מן הסתם ליגט ער נאָך עד היום באַגראָבן. מיט די מאַרקעס האָבן מיר זיך אויך געדאַרפט שטאַרק אויסהיטן.

ביינאַכט זענען די חברים געקומען אין דער באַשטימטער שעה צו דער סטאַנציע. אָבער מעשה שטן איז פּונקט דעמאָלט עמעצער דאָרט אָנגעפאַלן אויפן זשאַנדאַרם פון דער סטאַנציע. מען האָט אויף אים געשאָסן, ער איז אָבער אַנטלאָפן. מיר ווייסן נישט ווער ס'האָט געשאָסן, אָבער די געשעעניש האָט פאַרקאָמפּליצירט די סיטואַציע. די חברים זענען געקומען צו דער סטאַנציע און באַפוילן די אָנוועזנדיקע אויפהייבן די הענט. אַ קאָנדוקטאָר האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איינעם פון די חברים און געוואָלט ביי אים אַרויסנעמען דעם רעוואָלווער, ס'איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג און דער קאָנדוקטאָר איז געהרגעט געוואָרן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי פון אַלע זייטן. אַ קויל האָט פאַרוווּנדעט שמואליק העפּטער (שפּעטער פון די מענטשן פון „שומר" אין לאַנד, אַ חבר פון קיבוץ תל־יוסף). דערוויל האָט אברהם „בורזשוי" אַרויסגענומען פון דער קאַסע 600 רובל און געלאָזן אַ קבלה. די חברים האָבן מיטגענומען דעם פאַרוווּנדעטן און זיך אָפּגעטראָגן.

איך האָב דעמאָלט געדאַרפט זיצן אויף דער וועראַנדע און וואַרטן אויף אברהמען. כ'בין זיך מודה ומתודה, אַז נאָך דעם „עקס" אין פּאַלעניץ איז מיר געוואָרן אַ ביסל קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. כ'בין אַ ביסל מיד געוואָרן פון דעם לעבן פון דער פּאַרטיי. פון די „עקסן" און „באַיוווקעס". פאַרנאַכט בין איך אַוועק צו מיינע באַקאַנטע אין יוזעפאָוו — נישט ווייט פון שווידער. יענע האָבן זיך מיט מיר זייער דערפרייט. אויף מיין פּנים איז אָבער געווען קענטיק, אַז מיין שטימונג איז עפּעס נישט קיין וואַזשנע. מיר זענען אַוועק שפּאַצירן, איך האָב אָבער נישט געקאָנט באַפרייען זיך פון דעם געדאַנק וועגן דער עקספּראָפּריאַציע אין אָטוואָצק. אַזוי שאַרף איז ביי מיר געווען דאָס געפיל פון דעם קעגנזאַץ צווישן די צוויי וועלטן: אָט דאָ איז די גאָלדענע יוגנט, וואָס צעטרענצלט אירע יאָרן אויף גאָרנישט, שפּילט אין קראָקעט פאַרברענגט די צייט אין די קאַפעען, האָט אַ הנאה פון אַרומשפּאַצירן און יאָגן זיך נאָך מיידלעך. ווי ווייט איז די וועלט פון מיינער? איך בין אַוועק צוריק אין שטוב און אַוועקגעזעצט זיך אויף דער

ווערּאַנדע. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב דערהערט צוויי שאָסן פון דער ריכטונג פון דער סטאַציע. כ׳האָב נישט געקאָנט תופס זיין וואָס דאָרט איז געשען. דאָס איז טאַקע געווען די שיסעריי אויפן זשאַנדאַרם. אַנטקעגן מיר האָט געוווינט אַ דאָקטאָר, אונדזער פריינד, ד״ר סאַמעט. איך בין געווען אַזוי נערוועז, אַז איך האָב באַשלאָסן אַריינצוגיין צום דאָקטאָר און דאָרטן וואַרטן אויף ידיעות. פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַן אָפּקלאַנג פון עטלעכע ווייטע שאָסן. איך בין גיך אַוועק צוריק אין שטוב און אַוועקגעזעצט זיך וואַרטן אויף דער ווערּאַנדע. ס׳איז אַוועק אַ שעה, צוויי — אברהם איז נישט געקומען און איך זיך און וואַרט. נאָך האַלבער נאַכט זע איך, ווי ביים פּלויט הייבט זיך ווער אויף פון דער ערד — דאָס איז געווען אברהם „בורזשוי״ מיט אַ קליין פּעקעלע אין האַנט. ער איז געווען טויט־בלאַס. ער האָט מיר איבערגעגעבן דאָס געלט און דערציילט וואָס ס׳איז געשען. זיי האָבן געטראָגן אויף די אַקסלען דעם פאַרוווּנדעטן שמואל, און אים געבראַכט אין אַ ווילע נישט ווייט פון דער סטאַציע. דאָרט האָבן זיי אים שטילערהייט אַריינגעטראָגן אין אַ קעלער. ער ליגט דאָרט אָן מעדיצינישער הילף און אַלע חברים זענען אַרום אים. דאָ, אין וואַלד, שטייען צוויי חברים, וואָס ווילן רופן אַ דאָקטאָר, זיי וויסן אָבער נישט צו וועמען זיך צו ווענדן. איך האָב מורא געהאַט, אַז דער דאָקטאָר וועט נישט וועלן מיט זיי גיין. איך האָב שטילערהייט צוגערופן די חברים און אָנגעזאָגט, זיי זאָלן צוגיין פון דער זייט ביים טויער, אָנקלונגען צום וועכטער און פרעגן אויפן דאָקטאָר, וואָס וווינט נעבן מיר. אַז איך וועל דערהערן רעדן, וועל איך אַרויסקומען און מאַכן אַן אָנשטעל, אַז איך קען זיי נישט און בעטן דעם דאָקטאָר צו גיין מיט זיי. די חברים האָבן געטאָן, ווי איך האָב זיי געראָטן. אָבער דער וועכטער האָט באַמערקט די רעוואָלווערן און זיך שטאַרק דערשראָקן. ווען זיי זענען אַריין צום דאָקטאָר, האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן צום דאָקטאָרס ווייב, אַז דאָס זענען באַנדיטן. איך האָב דאָס געהערט און אַריינגעלאָפן צום דאָקטאָר. איך האָב זיך אַריינגעמישט אינעם געשפּרעך און געזאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז מחוייב צו גיין. די פרוי האָט זיך לכתחילה קעגנגעשטעלט און אים נישט געלאָזן אַרויסגיין פון שטוב. ענדלעך האָט זי מסכים געווען אויב איך וועל אויך גיין מיט אים צוזאַמען. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געגאַנגען. ווען מיר זענען אַריין אין קעלער האָבן מיר געטראָפן שמואליקן אין בלוט, און אַלע חברים אַרום אים. דער דאָקטאָר האָט אים גוט באַטראַכט און איך האָב באַפוילן די חברים זיי זאָלן זיך פאַנאַנדערגיין. אין דעם מאָמענט איז געקומען אַ חבר, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך און איבערגעגעבן, אַז אויף דער סטאַציע איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג זשאַנדאַרמען און מען מאַכט שוין רעוויזיעס אין אַלע אַרומיקע הייזער. מען האָט געמוזט צעשיידן זיך. איך האָב צעטיילט די חברים

אויף זיבן גרופּעס, געוויזן זיי דעם וועג צו פאַרשידענע סטאַציעס, נאָענטע איינע פון דער אַנדערער און געהייסן זיי פאָרן מיט פאַרשידענע באַנען. ביי שמואליקן זענען מיט מיר געבליבן צוויי חברים. דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז די וווּנד איז נישט קיין געפערלעכע, די קויל האָט נישט אָנגערירט דעם ביין. ער האָט דעם פאַרוווּנדעטן געטאָן וואָס ס׳איז נייטיק און איך האָב מיטן דאָקטאָר דערנאָך זיך אומגעקערט א היים. איך האָב אָנגעזאָגט שמואליקן מיט די צוויי חברים, אַז זיי זאָלן פון דאנען אוועק מיטן ערשטן צוג פון שווידער. די חברים האָבן מיר דערנאָך דערציילט, אַז אין זעלבן צוג האָבן זשאַנדאַרמען געפירט צוויי אַרעסטירטע. דאָס זענען געווען וויזט אויס די, וועלכע זענען באַפאַלן דעם זשאַנדאַרם.

צומאָרגנס אין דער פרי האָבן אַלע צייטונגען געבראַכט די ידיעה וועגן די צוויי „עקסן", וואָס „פּועלי־ציון" האָט דורכגעפירט אין איין טאָג און מיר זענען געווען שטאָלץ אין לשער, הגם אונדזערע צרות צוליב דעם „עקס" אין אָטוואָצק האָבן זיך נאָך נישט געענדיקט. די צייטונגען האָבן געשריבן וועגן דער טענה פונעם סטאַציע־פאַרוואַלטער אין אָטוואָצק, אַז די 300 רובל פונעם צוגע־רויבטן געלט איז זיין פּריוואַט געלט. זינט „פּועלי־ציון" האָט זיך נישט פאַרנומען מיט באַראַבעווען פּריוואַטע מענטשן נאָר רעגירונגס־געלטער, האָבן מיר באַשלאָסן אומקערן דעם פאַרוואַלטער זיינע 300 רובל. אָבער ווי מאַכט מען דאָס? ס׳איז דאָך קלאָר, אַז ווער ס׳וועט אָנגעבן געלט אויף פּאָסט פאַרן פאַרוואַלטער פון דער סטאַציע וועט אַרעסטירט ווערן און פאַרמשפּט ווערן צום טויט. מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן שיקן צום פאַרוואַלטער פון דער סטאַציע אַן אָפיציעלן בריוו אין נאָמען פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון „פּועלי־ציון", אין וועלכן מיר האָבן אים פאַרגעלייגט קומען אין קאַפע אויף ראָג קאַרמעליצקע און נאָוואָ־ליפּיע, ווו ס׳וועט אויף אים וואַרטן א בחור מיט א ווייסער בלום אין לאַץ און יענער וועט אים איבערגעבן דאָס געלט אויף אַ קבלה. דערביי האָבן מיר אים געוואָרנט, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן לעבן פון דעם מענטש. אויף ירמיהון איז אַרויפגעלייגט געוואָרן צו גיין מיטן געלט אין קאַפע.

צומאָרגנס בין איך געזעסן אין מיין צימער אויף נאָוואָליפּיע און אָט איז אַריין אַ ייד און דערציילט מיר, אַז ער וווינט אין אָטוואָצק, און דער פאַרוואַלטער פון באַן, וואָס האָט באַקומען עפּעס אַ בריוו — און דער ייד וויזט מיר אונדזער בריוו — האָט אים געבעטן אַריינצוגיין צו עמעצן פון פּועלי־ציון אויפצוקלערן דעם ענין. זינט ער האָט געוווּסט, אַז איך בין פון „פּועלי־ציון", איז ער געקומען צו מיר. מ׳קאָן פאַרשטיין וואָסער פּחד ס׳האָט ביי מיר אַרויסגערופן אָט דער באַזוך. איך האָב געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ נאַאיוון מענטש. איך האָב געענט־פערט, אַז איך סימפּאַטיזיר טאַקע מיט פּועלי־ציון, איך האָב אָבער נישט

געוווסט, אַז פּועלי־ציון פאַרנעמט זיך אויך מיט עקספּראָפּריאַציעס, ווען איך וואָלט פון אַזעלכעס עפּעס וויסן, וואָלט איך געביטן מיין באַציאונג צו זיי. איך האָב ביי אים גענומען דעם בריוו, איבערגעלייענט פון אָנהייב ביזן סוף און אָפּגעגעבן צוריק דעם יידן. איך האָב אויף אים, ווייזט אויס, געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן אנטוישטן מענטש און ער האָט זיך פאַר מיר אַנטשולדיקט און אוועק־געגאַנגען.

ירמיהו איז אין דער באַשטימטער שעה געגאַנגען אין קאַפע, דאָרט איז צום אים צוגעגאנגען א פרוי — די פרוי פון פאַרוואַלטער פון דער סטאַציע, זי האָט אָנגעגעבן דעם סימן און ירמיהו האָט איר אָפּגעגעבן דאָס געלט. צומאָרגנס האָט זיך באוויזן א ידיעה אין די צייטונגען, אַז די 300 רובל זענען אומגעקערט געוואָרן דעם פאַרוואַלטער פון דער סטאַציע, ווייל פּועלי־ציון קאָנפיסקירט נישט קיין פּריוואַט געלט.

די אַלע אַקציעס האָבן אונדז געגעבן די מעגלעכקייט ארויסצוגעבן נאָך איין נומער פון „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט", דעם נומער 3. אין אים האָבן זיך באַטייליקט אַלע פריערדיקע חברים. איך האָב נישט געשריבן דעם המשך פון מיין ארטיקל וועגן די „וואָזראָזשדענצעס", ווייל איך האָב באַשלאָסן צו שרייבן אַ גרינטלעכן אַרטיקל וועגן „פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם", אין וועלכן איך האָב זיך געניויער אָפּגעשטעלט אויף די פּראָבלעמען פון סבותדיקייט אין דיאַלעקטיק. דער טיטל פונעם ארטיקל איז געווען: „פּאַלעסטינע אין אונדזער טעאָריע פון דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפונקט". ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער פון מיין באַליבטן גריכישן פילאָזאָף העראַקליס: „פּענטאַ ריי" — „אַלץ שטראָמט". צו דער עצם באַגרינדונג פון ארץ־ישראל־געדאַנק אין אונדזער טעאָריע בין איך אין דעם ארטיקל אויך נישט דערגאַנגען, כאָטש ער האָט פאַרנומען זיבן שפּאַלטן. דאָס איז נאָר געווען א באַגרינדונג פון דער דיאַלעק־טיש־מאַטעריאַליסטישער שיטה, וואָס אויף איר סמך האָב איך אין אַ צווייטן אַרטיקל געוואָלט באַגרינדן דעם ארץ־ישראל־געדאַנק. דער ארטיקל, פּונקט ווי דער ארטיקל וועגן די „וואָזראָזשדענצעס" האָט זיך אויך פאַרענדיקט מיט אַ „המשך קומט" און האָט געהאַט דעם זעלבן גורל: דער המשך איז קיינמאָל נישט דערשינען. שוין אין דעם ארטיקל האָב איך געפּרוווט באַגרינדן די טעאָריע פון היסטאָרישער נויטווענדיקייט, וואָס אין איר האָב איך זיך געהאַלטן מיין גאַנץ לעבן. איך האָב דאָן געשריבן: „מיר אונטערשיידן צוויי אַרטן פון היסטאָ־רישער נויטווענדיקייט, אין שמעלערן און אין ברייטערן זין פון וואָרט „היס־טאָריש". ווען מיר וואָלטן זיך געקאָנט פאָרשטעלן עפּעס אַן אָרגאַניזם, אַבסטראַ־הירנדיק אינגאַנצן פון דער סביבה, און ווען דער אָרגאַניזם וואָלט געלעבט

אויסשליסלעך אויפן יסוד פון זיין אינערלעכער אַנטוויקלונג, אָן דער ווירקונג פון די אויסערלעכע באַדינגונגען וואָלטן מיר געקאָנט זאָגן, אַז דאָס איז אַ היס־טאָרישע נויטווענדיקייט אין שמאָלן זין פון וואָרט. אין דעם פאַל וואָלטן מיר גענומען דעם באַגריף היסטאָריש אַלס די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פונעם געגעבענעם אָרגאַניזם, אָן שום פארבינדונג מיט דער אַנטוויקלונג פון דער סביבה. אָבער אין ברייטערן זין פון באַגריף היסטאָרישע נויטווענדיקייט פאַסן מיר אויף די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פונעם אָרגאַניזם, ווען מיר זעען ז׳ אונטער דער ווירקונג פון די אויסערלעכע באַדינגונגען, און דערפאַר טרעט אַרויס אין דעם באַגריף היסטאָרישע נויטווענדיקייט אין ברייטערן זין די פאַריי־ניקונג פון צוויי עלעמענטן: די היסטאָרישע נויטווענדיקייט אין שמאָלן זין און די אָביעקטיווע מעגלעכקייטן פון איר רעאַליזירונג, וואָס שטיצט זיך בעיקר אויף דער אַנטוויקלונג פון דער דרויסנדיקער סביבה״.

אינעם דריטן נומער פון דער צייטונג איז אויך געווען אַן אַרטיקל וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן. דער טשוואָק פון דער צייטונג איז אָבער געווען דער „פּראָגראַם־פּראָיעקט״ פון דער פּאַרטיי. ער איז באַשטאַנען פון פּאָלגנדיקע טיילן: א) דער אַלגעמיינער פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט ארומגענומען דעם פּראָגראַם־מאַקסימום — סאָציאַליזם; דעם פּראָגראַם־מינימום — טעריטאָריאַ־לע אויטאָנאָמיע אין ארץ־ישראל; דער קלאַסן־קאַמף ווי אַ מיטל צו רעאַליזירן ביידע פּראָגראַמען. ב) די טעטיקייט אין די גלות־לענדער: דעמאָקראַטיזאַציע, נאַציאָ־נאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע; ג) אַלגעמיינע פּרינציפּן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם; ד) די באַציאונג פון דער פּאַרטיי צו די אינסטיטוציעס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג; ה) די רעאַלע טעטיקייט אין ארץ־ישראל. דער פּראָגראַם איז, ווייזט אויס, אָנגעשריבן געוואָרן דורך באָראָכאָוון און שפּעטער דערשינען אין רוסלאַנד און אין פּוילן ווי אַ באַזונדערע אויסגאַבע. אין דעם נומער פון דער צייטונג איז נאָך געווען אַן אַרטיקל וועגן „בונד״ (מיטן פּסעוודאָנים בערל־זאָן, ווייזט אויס, פון באָראָכאָוון); אַ צווייטער בריוו פון חבר זיאמע וועגן „בונד״, מיינער אַן אַרטיקל אויך וועגן „בונד״ מיט דער אונטערשריפט „תרי־עשר״, און פיר קאָרעספּאָנדענצן פון די אָרגאַניזאַציעס: וואַרשע, בענדין, זאַ־ווירטשע און פּאַביאַניץ.

נאָך דער לעצטער עקספּראָפּריאַציע האָט אברהם געבעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן צו זיין מוטער קיין רוסלאַנד, ווייל זי איז קראַנק און קוקט אויס, אַז ער זאָל צו איר קומען. מיר האָבן אים אָבער נישט דערלויבט אַוועקפאָרן, ווייל שוין דעמאָלט האָט זיך ביי אונדז דערוועקט אַ געוויסער חשד קעגן אים. ס׳האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל, אַז אין דער קאַסע פון דער אָטוואָצקער באַן־סטאַציע איז מער נישט געווען ווי 600 רובל (פון וועלכע מיר האָבן 300 אומ־

געקערט דעם פּאַרוואַלטער). ווען אברהם איז, נישט געקוקט אויף אונדזער פּאַרבאָט דאָך אוועקגעפאָרן, איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז דער ענין איז נישט גלאַטיק. ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן דער אמתער פּרצוף פון אָט דעם בחור. ס'האָבן אָנגעהויבן דערגיין צו אונדז קלאַנגען, אַז ער האָט צעטרענצלט אַ סך געלט, באַזונדערס נאָך די עקספּראָפּריאַציעס. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז אברהם איז געווען אַ טיפּישער „קאָמבינאַטאָר". אַ „קאָמבינאַטאָר" האָט מען דאַן גערופן נישט קיין פּשוטן גנב, נאָר אַ פּאַרטיי־מענטש, וואָס האָט צוליב לייכטזיניקייט געמאַכט קאָמבינאַציעס מיט פּאַרטיי־געלטער. אברהם „בורזשוי" איז געווען אַ כיטרער „קאָמבינאַטאָר". ווען ער האָט דערשפּירט, אַז ס'הייבט זיך אָן אַפּערגליטשן דער באָדן פון אונטער זיינע פיס האָט ער באַשלאָסן אַנטלויפן פון וואַרשע. ער האָט זיך נאָך אפילו געמאַכט תמעוואַטע און צו אונדז געשריבן, אַז ער וואָלט זייער געוואָלט זיך אומקערן צו אונדז, נאָר די מאַמע, די מאַמע...

*

אָט דער זומער איז געווען די בליצייט פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. די באַוועגונג איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און איר ווירקונג איז געווען קענטיק אינעם יידישן לעבן.

אַ סך פון אונדזערע חברים, באַזונדערס אונדזערע סימפּאַטיקער פון דער אינטעליגענץ, זענען אַרויסגעפאָרן אויף דאַטשע קיין שווידער און דאָרט האָט זיך געשאַפן אַ נייער צענטער פון פּועלי־ציון. יעדן שבת פלעגן אַהין קומען הונדערטער חברים און אין וואַלד זענען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען און פאַרזאַמלונגען. איך געדענק צוויי פאָרלעזונגען, איינע פון מ. יאַרבלום און די צווייטע פון מיר. אין איין שבת האָבן מיר אפילו דורכגעפירט אַ מאָביליזאַציע פון אונדזערע כוחות. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף אַ באַשטימטן אָרט העכער פינף הונדערט מאַן, צווישן זיי אויך אַלע מיטגלידער פון אונדזער „באָיעווקע", און ס'איז אויפגעהויבן געוואָרן אַ רויטע פאָן. ס'האָבן אויך נישט געפעלט קיין רעוואָלווערן. די מחנה האָט אין געשלאָסענע רייען דורכמאַרשירט גאַנץ שווידער און די חברים האָבן הנאה געהאַט צו זען ווי זיי וואַרפן אָן אַ פּחד אויף אַלע בירגערלעכע דאַטשניקעס.

אונדזערע גימנאַזיסטן און סטודענטן האָבן באַשלאָסן אַרויסגעבן אין שווידער אַן אייגענע צייטונג (אויף אַ העקטאָגראַף) א. נ. „דאַטשע־כראָניק". ס'זענען דערשינען אַ 3—4 נומערן פון דער צייטונג. זי איז רעדאַגירט געוואָרן דורך מיין שוועסטער מרים, גאָרדאָן און שמואל קאַצענעלסאָן. איך דערמאָן זיך, אַז סאַבינע האָט אָנגעשריבן דעם לייט־אַרטיקל פאַר דער צייטונג אויף פּויליש און איך איבערגעשיקט דורך מיר צו מיין שוועסטער. אויפן וועג קיין שווידער

האָב איך איבערגעלייענט דעם אַרטיקל און ער איז מיר זייער געפעלן. מיר האָבן געהאַלטן ביים אַרויסגעבן דעם דריטן נומער פון „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט״ און ס׳האָט אונדז געפעלט אַ לייט־אַרטיקל. דאָס איז געווען נאָכן פאַנאַנדערלאָזן די ערשטע דומע אין יולי פון יאָר 1906. אָנשטאָט אין „דאַטשע־כראָניק״, האָב איך סאָבינעס אַרטיקל איבערגעגעבן דוד בלאָך. ער האָט אים איבערזעצט אויף יידיש, עטוואָס געענדערט און אַזויאַרום איז ער דערשינען אַלס לייט־אַרטיקל אין דריטן נומער „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט״.

די גרעסטע פּאָליטישע געשעעניש פון יענער צייט אין רוסלאַנד איז געווען דאָס צונויפרופן די ערשטע דומע, ווי די ערשטע פאָלקס־רעפּרעזענטאַנץ. פּוילן האָט זיך נישט באַטייליקט אין די וואַלן צוליבן מיליטערישן צושטאַנד. די ערשטע דומע האָט קיין שום וועזנטלעכס נישט אויפגעטאָן, הגם פון איר טריבונע האָבן זיך געלאָזט הערן גאַנץ רעוואָלוציאָנערע רעדעס. זי האָט באַשלאָסן דערלאַנגען אַ פּעטיציע צום צאַר. ס׳זענען אויך פאָרגעקומען אַ סך דיסקוסיעס וועגן דער אַגראַר־פראַגע. נאָכן מוראדיקן פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק מיט הונדערטער געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע יידן האָט די דומע נישט געשוויגן. זי האָט אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע פון דרייאונדרייסיק פּערזאָן און אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דריי פּערזאָן איז געשיקט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק כדי אויסצופאָרשן אויפן אָרט דעם מצב. דערנאָך האָט די דומע מיט דער גאַנצער קלאָרקייט פעסטגעשטעלט, אַז צווישן דער יידישער און נישט־יידישער באַפעלקערונג זענען נישט געווען קיין שלעכטע באַציאונגען. פון דעם איז געדרונגען, אַז דעם פּאָגראָם האָבן אָרגאַניזירט די פּאָליציי און דאָס מיליטער.

די ערשטע דומע איז פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן אויפן סמך פון אַן אַנטי־קאָנסטיטוציאָנעלן אַקט פון צאַר. לויט דער קאָנסטיטוציע, האָט דער צאַר געהאַט דאָס רעכט פאַנאַנדערצולאָזן די דומע, ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין רעכט אַרויסצוגעבן אַזעלכע געזעצן, וואָס ענדערן די גרונט־געזעצן. דאָס וואַל־געזעץ איז געווען אַ קאָנסטיטוציאָנעל געזעץ, און די פאַראָרדענונג, לויט וועלכער עס איז פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן די דומע, האָט שוין אַנטהאַלטן ענדערונגען פון דעם וואַל־געזעץ.

דער דריטער נומער פון „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט״ איז געווען דער לעצטער. די טעטיקייט פון דער פּאַרטיי האָט זיך געהאַלטן אין איין אַנטוויקלען פון טאָג צו טאָג. מיר האָבן זיך גענייטיקט אין אַ סך געלט, ווייל די צאָל ״פּראָפעסיאָנאַלן״ (פּאַרטיי־מענטשן, וואָס באַקומען שכירות פון דער פּאַרטיי פאַר זייער פּאַרטייאישער אַרבעט), האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט און מיר האָבן נישט געהאַט קיין פינאַנסיעלע מיטלען ווייטער אַרויסצוגעבן די צייטונג. די פּראָפעסיאָנאַלן האָבן באַקומען קנאַפּע שכירות. ס׳איז מיט איר שווער געווען אויסצו־

קומען. יצחק דער זייגערמאַכער, שמואל דער איינבינדער און חיים (ירמיהו), האָבן לכתחילה באַקומען צו דריי און דערנאָך צו פיר רובל אַ וואָך, און נאָר בן־ציון ראַסקין האָט באַקומען אַ „ריזיקע" שכירות — אַכט רובל אַ וואָך!

אויף דער יידישער גאַס זענען דאַן געווען טעטיק און קאָנקורירט צווישן זיך אַ פינף, זעקס פאַרטייען. דער „בונד" איז געווען די סאַמע עלטסטע אָרגאַ־ניזאַציע; די פאַרטיי ס״ס האָט זיך אין דער צייט פאַרשטאַרקט, באַזונדערס אין די פּראָווינץ־שטעט; די פּ.פּ.ס. האָט געהאַט אַ יידישע אָפּטיילונג, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אַ סך בראָשורן און פּראָקלאַמאַציעס אויף יידיש; ס'איז אויך געווען טעטיק די ס.ד.ק.פּ.ל. (סאָציאַל־דעמאָקראַטיא קרולעסטוואַ פּאָלסקי אי ליטווי), אָבער איר השפעה אויף די יידישע אַרבעטער איז געווען קליין. ס'איז געווען נאָך אַ פּאַרטיי — די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", וועלכע איז געווען זייער קליין אין צאָל. זי האָט אָבער געמאַכט אַ גרויסן טומל אַרום זיך אין שטאָט און צווישן די יידישע אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ פּאַרטיי פון אַן אויסגעשפּראָכענעם טעראָריסטישן כאַראַקטער, ענלעך צו דער רוסישער פּאַרטיי ס.ר. דער „פּראָלעטאַריאַט" האָט איבערגענומען פון פּ.פּ.ס. די רעוואָלו־ציאָנערישקייט און דעם טעראָר, פון ס.ד.ק.פּ.ל. — דעם סאָציאַליסטישן יסוד.

„פּראָלעטאַריאַט" האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן צוליב זיינע אַנאַרכיסטישע נטיות, וואָס האָבן אויפגעפּעפנט אַ וועג פאַר אַ סך פּראָוואָקאַטאָרישע און קאָמבי־נאַטאָרישע עלעמענטן.

ס'דערמאָנט זיך מיר אַ חבר פון די גימנאַזיע־יאָרן, דאַווידקאַ גורעוויטש. ער האָט געוווינט אויף נאַוואָליפּקי 29 און געווען אַ מיטגליד פון „פּ.פּ.ס.—פּראָ־לעטאַריאַט". איינמאָל, אין מיטן טאָג, ווען איך בין געזעסן ביי ראַסקינען אויף דער זעלבער גאַס, האָב איך דערהערט עטלעכע שאָסן. איך האָב אַ קוק געטאָן אין פענצטער און דערזען ווי דריי בחורים אַנטלויפן פון הויז 29. איך בין אַרויס אין דרויסן און זיך דערוווּסט, אַז אין טויער פון יענעם הויז ליגט אַ דערהרגע־טער, דאָס איז געווען דער קלוגער און פריילעכער דאַווידקאַ. ער איז דערהרגעט געוואָרן לויטן פּסק־דין פון „פּ.פּ.ס.—פּראָלעטאַריאַט" פאַר געלט־„קאָמבינאַציעס". ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין אריינפירן אַ „דעמאָראַליזאַציע" אין פאַריין פון די פליייש־אַרבעטער און אין באַנוצן זיך מיטן סטעמפּל פון דער פּאַרטיי פאַר פּערזענלעכע צילן: אויפצומאָנען די חובות פון זיין פאָטער.

ווען ס'איז אַראָפּגעקומען אַ פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי אין אויסלאַנד און אים אויפגעפאָדערט צו אַ פּאַרטיי־משפּט, האָט ער זיך נישט געשטעלט פאַרן געריכט, און אפילו געדראָט, אַז ער וועט זיך ווענדן צו דער פּאָליציי. זיין גורל איז דעריבער געוואָרן געחתמעט.

*

אין אַזאַ געשטיקטער אַטמאָספער פון פּאַרטייען האָבן מיר זיך באַוויזן אויף דער יידישער גאַס. אַלע ערטער זענען שוין געווען ווי פאַרנומען און מיר זענען געווען געצוווּנגען צו קעמפן פאַר אונדזער אָרט. דער קאַמף קעגן אונדז איז געווען זייער אַ שאַרפער. אונדז איז אַ סך שווערער געווען צו פירן אַן אַגיטאַציע ווי אַלע איבעריקע פאַרטייען. לייכטער פון אַלעמען איז דאָס אָנגעקומען דעם „בונד". זיין אַגיטאַציע איז געווען אַ פּשוטע: ביסטו אַן אַרבעטער און אַ ייד — איז דיין אָרט אין דער אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער־סאָציאַליסטן. מיר אָבער האָבן געדאַרפט אויפקלערן דעם יידישן אַרבעטער וועגן די עקאָנאָמישע אַנאָמאַליעס, וועגן דער שוועריקייט צו פירן דעם קלאַסן־קאַמף, וועגן דער נייטיקייט אויסצובררייטערן די סטראַטעגישע באַזע; די פראַגע פון עמיגראַציע און די נויטווענדיקייט פון איר קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל אא"וו. איז דען דער אַרבעטער געווען מסוגל לייכט תופס צו זיין די אַלע פראַגן, באַזונדערס ווען דער „בונד" האָט אַרויסגערוקט קעגן אונדז צוויי טענות, אמת, סתירהדיקע, אָבער זייער האַרבע: ערשטנס, — האָט ער געטענהט — איז ארץ־ישראל אַ לאַנד פון שטיינער, „אַ געפּגרט לאַנד", אַ מדבר אא"וו, צווייטנס, איז ארץ־ישראל באַווינט פון אַראַבער און דאָרט איז נישטאָ קיין אָרט פאַר קיין איין מענטש, סיידן מען זאָל אַרויסטרייבן די אַראַבער.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם זענען פונדעסטוועגן די פּשוטע אַרבעטער דווקא געגאַנגען מיט אונדז. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף פאַר אונדזער השפּעה אין די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ביים אַרויסווייזן איניציאַטיוו פון גרינדן נייע פאַראיינען. מיר האָבן געפירט אַן עקשנותדיקן, פראָפעסיאָנעלן קאַמף און צייטנווייז אפילו אַ מער רעוואָלוציאָנערן פאַרן „בונד".

מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן אָנצופירן מיטן פראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די יידישע קעלנער. איך האָב דעמאָלט געקענט כמעט אַלע קעלנער און אַלע רעסטאָראַנען. איך פלעג אָפט אַריינקומען אין די רעסטאָראַנען און די קעלנער האָבן מיך שטענדיק מכבד געווען מיט משקה. מיר האָבן דערקלערט אַ שטרייק מיטן ציל אָפּצושאַפן דאָס „טרינק־געלט", וואָס דערנידעריקט דעם כבוד פון מענטש און געפאָדערט אַ העכערונג פון דער שכירות פאַר דער באַדינונג. איך וויל מיט שטאָלץ אונטערשטרייכן, אַז די פּועלי־ציון האָט זיך דעמאָלט איינגעגעבן דורכצופירן דעם ציל, וואָס איז נאָך עד־היום נישט דערגרייכט געוואָרן אין פיל לענדער אויף דער וועלט: די יידישע קעלנער אין פּוילן האָבן די ערשטע אויף דער וועלט אָפּגעשאַפן דאָס טרינק־געלט. מיינע פאַרבינדונגען מיט די קעלנערס האָבן מיך שיער נישט געניזקט פון אַזאַ זייט, וואָס איך האָב זיך גאָרנישט געריכט. איינמאָל איז סאָבינעס מוטער געווען אויפן בית־הקברות און

דאָרט האָט זי אויפגעכאַפּט אַ געשפּרעך צווישן צוויי יידן. איינער האָט געזאָגט צום צווייטן: אין אלע שטרייקן פון די קעלנערס איז שולדיק דער סטודענט ראַפּאַלקעס. ווען מיין שוויגער האָט זיך אומגעקערט אַהיים האָט זי סאַבינען געמאַכט אַ סקאַנדאַל: „זע נאָר, — האָט זי געשריגן — ווער ס׳איז דיין חתן, וואָס דו האָסט זיך אויסגעקליבן!״...

דער ארץ־ישראל־געדאַנק איז, זעט אויס, געווען צום נאָענטסטן דעם פּשוטן יידישן ארבעטער, און אַזוי ווי צו דעם געדאַנק איז אויך צוגעקומען אונדזער אָפּגעבן זיך מיט זיינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן — האָט ער געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג צווישן די יידישע ארבעטער. אונדזער אגיטאַציע האָט געווירקט נישט בלויז אין ווארשע, נאָר אויך אין די פּראָווינץ־שטעט. אונדזער פאַרבאַנד האָט געגרינדעט אָרגאַניזאַציעס אין אַ סך שטעט און שטעטלעך, אדאנק דער איבערגעגעבענער טעטיקייט פון אונדזערע אינסטרוקטאָרן בנימין עפּראָן, מ. יאַרבלום, אברהם פּאַריזער, אבוש און אנדערע. מיר האָבן געשאַפן אָרגאַניזאַציעס אין לאָדזשער קרייז, אין וולאָצלאַוועק, אין קעלץ און מיר האָבן באַשלאָסן צונויפצורופן ראַיאָן־קאָנפערענצן. ענדלעך האָבן מיר צונויפגערופן די דריטע קאָנפערענץ פון פּוילישן פאַרבאַנד פון פּועלי־ציון, וואָס איז פאָרגעקומען אין חודש אויגוסט אין טשעכאָטשינעק. אויף דער קאָנפערענץ זענען געקומען 24 דעלעגאַטן פון 18 פּלעצער. היות די צאָל דעלעגאטן האָט אונדז אויסגעזען צו זיין קליין פאַר אַ קאָנפערענץ, האָבן מיר באַשלאָסן אָנצורופן אונדזער צוזאַמענקום נישט „קאָנפערענץ״, נאָר „באַראַטונג״. פון דער באַראַטונג זענען מיר געבליבן אין זכרון איניקע מאָמענטן:

דער דעלעגאַט פון סאָכאַטשעוו איז געווען אַ שוסטער, אין מיטעלן עלטער, מיט אַ באָרד. צוזאַמען מיט אים איז אויך געקומען אונדזער פּראָפעסיאָנאַל אברהם פּאַריזער, וועלכער האָט דאָרט געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע. די סאָכאַטשעווער אָרגאַניזאַציע האָט געהאט רעכט צו שיקן נאָר איין דעלעגאַט. פּאַריזער האָט אָבער געפאָדערט פאר זיך אויך א מאנדאט. זייענדיק אומלעגאַל, זענען מיר נישט געווען פאראינטערעסירט צו פאַרגרעסערן די צאָל דעלעגאטן. אלס מיטגליד פון דער מאַנדאַטן־קאָמיסיע בין איך געווען קעגן געבן פּאַריזערן אַ מאַנדאַט און ער האָט אים טאַקע נישט באַקומען. ער האָט געבעטן מען זאָל אים דערלויבן בייצוזיין די באַראַטונגען אלס גאסט. מען האָט אים דאָס אויך נישט דערלויבט. ס׳איז פאַראַן אַ גרונט צו גלייבן, אַז ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. יעדנפאַלס איז געווען א קלאַנג, אז ער האָט מודיע געווען דער פּאָליציי וועגן אונדזער באראטונג. אַ סך יאָרן האָב איך וועגן אים נישט געהערט. ערשט אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן מיר חברים דערציילט, אז ער איז געקומען קיין פּאַריז, אויף אַן אויסטערלישן אופן נתעשר געוואָרן, זיך געקויפט אַ ווילע אונטער פּאַריז און

געפירט א רייך לעבן, ביז ער איז אומגעריכט געשטאָרבן און זיין פראנצויזישע פרוי האָט אָפּגעירשנט זיין גאנץ פארמעגן.

צו דער בעראטונג איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אַ באַפולמעכטיקטער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון רוסלאנד, דער חבר כאַשין (מען האָט אים דאַן גע־רופן באַרוכסאָן, זיין אמתער נאָמען איז געווען — אַווערבוך). די באַציאונגען צווישן ביוראָ פון פּוילישן פארבאנד און דעם צענטראַל־קאָמיטעט זענען נישט געווען כשורה, און אַלץ צוליב דעם טעאָרעטישן סכסוך אין דער פראַגע פון פּרינציפּיעלן און פּראקטישן פּאַלעסטיניזם. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך דערפרייט, וואָס דער חבר פון רוסלענדישן צענטראַל־קאָמיטעט וועט זיך באַ־טייליקן אין אונדזער בעראטונג.

אויף דער בעראטונג האָט זיך צום ערשטן מאָל באַטייליקט דער חבר כתריאל, (ל. כאַזאַנאָוויטש). איך האָב אים שוין געקענט פון פריער, ער איז צו מיר איינמאָל געקומען און מיר, אלס דעם רעדאקטאָר, געבראַכט אַן ארטיקל פון אַן ערך 100 זייטן. איך האָב זיך באַקענט מיטן ארטיקל, און זיך גלייך איבער־צייגט, אַז דער מענטש האָט געדאנקען, זיי זענען אָבער נישט גענוג קלאָרע. זיין ארטיקל האָט ער אָנגעהויבן פון דער מעשה בראשית. איך האָב געהאט דעם איינדרוק, אז דער חבר איז איינער פון די ישיבה־בחורים, וואָס זענען פארטאָן מיט לייב און לעבן אין הויכן פּילפּול און ווייט און אָפּגעריסן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. דערנאָך אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב אַ טעות געהאט מיט מיין אָפּשאצונג. דעם ארטיקל האָבן מיר טאַקע נישט געדרוקט, קודם כל דערפאַר, ווייל ער איז געווען צו לאנג.

די בעראטונג האָט געדויערט צוויי מיט אַ האַלבן טאָג און איז אינמיטן איבערגעריסן געוואָרן. זי איז פאָרגעקומען אין אַ בוידעם־שטיבל אויפן דריטן שטאָק און די לעצטע נאכט זענען מיר אלע דאָרט פארבליבן און געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. שוין אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר באַמערקט, אַז מען שפּירט אונדז נאָך. דאָס איז פאר אונדז נישט געווען אַזוי אומגעריכט. אמת, ס'איז דאַן געווען די דאטשע־צייט און טשעכאָטשינעק איז געווען א קוראָרט, אָבער מיר אלע זענען לחלוטין נישט ענלעך געווען צו די קוראָרטניקעס און די קולות פון בוידעם־שטיבל האָבן געמוזט צוציען אויפמערקזאַמקייט. דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן זיך צואיילן און פאַרענדיקן די דיסקוסיעס. אויפן דריטן טאָג אינדערפרי האָבן מיר די בעראטונג געשלאָסן. מיר האָבן איבערגעריסן די דיסקוסיע וועגן די פּרינציפּיעלע פראגן און מיר האָבן אָנגענומען באַשלוסן וועגן אָרגאַניזאַציאָ־נעלע ענינים. צווישן די טאַקטיש־פּרינציפּיעלע פּראָבלעמען האָבן מיר אויך באַהאַנדלט די פראַגע פון אונדזער באטייליקונג אין דער צווייטער דומע. מיר האָבן נישט אָנגענומען קיין שום באַשלוס, די שטימונג איז אָבער געווען פאַר באָיקאָטירן די דומע.

נישט געקוקט אויף דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרבינדונג מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון רוסלאַנד, איז די אַרבעט אין פּוילן געפירט געוואָרן אינגאַנצן זעלבשטענדיק. פון רוסלאַנד זענען צו אונדז נישט געקומען קיין חברים אויף אַרבעט און מיר האָבן צו זיי אויך קיינעם נישט געשיקט. די פאַרבינדונג איז באַשטאַנען נאָר אין דער קאָרעספּאָנדענץ. אין אַ סך אַ שפּעטערער צייט, ערשט סוף פון יאָר 1906, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן פּאַרטייאישע ליטעראַטור, וועלכע מיר האָבן אויך באַקומען.

דערווייל האָט זיך אָנגערוקט דער האַרבסט און ס'איז באַוווּסט געוואָרן, אַז אַלע סטודענטן פון די פאַרמאַכטע אוניווערסיטעטן האָבן דאָס רעכט אָנצוקומען אין אַנדערע. מיין פריינד לעאָן ראָזענטאַל, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג, האָט מיר געראָטן זיך אויך אַהין אַריבערטראָגן, כדי צו קאָנען פאַר־ענדיקן מיינע שטודיעס. איך האָב נישט געהאַט קיין חשק ממשיך צו זיין אין נאַטורוויסנשאַפט און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ מער פּראַקטישערן געביט, וואָס זאָל פאַרזיכערן מיינע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. מעדיצין האָט מיך נישט געלאָקט און איך האָב לסוף באַשלאָסן צו גיין אויף יורי, כדי צו ווערן אַן אַדוואָקאַט. דער באַשלוס איז מיר נישט לייכט אָנגעקומען. ס'איז מיר געווען שווער אַליין צו דעצידירן און איך האָב וועגן דעם אָנגעפרעגט ביי מנחם אוסישקין אין יעקאַטערינאָסלאַוו. איך האָב אים געפרעגט: וואָס קאָן מער ברענגען נוצן אין ארץ־ישראל — אַגראָנאָמיע אָדער יורי. איך האָב ביי זיך באַשלאָסן, אַז אויב אוסישקין וועט האַלטן מער פון אַגראָנאָמיע, וועל איך אָנקו־מען אויפן אַגראָנאָמישן אינסטיטוט אין נאָוואָאַלעקסאַנדריאַ. אין זיין ענטפער האָט מיר אוסישקין געשריבן, אַז ער אַליין קאָן מיר אויף מיין אָנפראַגע קלאָר נישט ענטפערן, ער האָט מיר געראָטן זיך ווענדן צום פּאָרזיצער פון דער פּאַלעסטינע־קאָמיסיע פון קאָנגרעס, פּראָפעסאָר אָטאָ וואַרבורג.

איך האָב אָנגעשריבן צו פּראָפעסאָר וואַרבורג און אינגיכן באַקומען אַ בריוו, וואָס איז צו מיין גרויס באַדויערן נישט געבליבן אין מיין אַרכיוו — ער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי בעת איינער פון די רעוויזיעס ביי מיר. אָבער דעם אינהאַלט פון בריוו געדענק איך גוט. ער האָט מיר געשריבן: ארץ־ישראל דאַרף נישט קיין „לאַטיינישע פּויערים", ווי מען רופט ביי אונדז די אַגראָנאָמען, נאָר פּשוטע פּויערים, אויב איך וויל אַרבעטן ביי לאַנדווירטשאַפט קאָן איך גלייך עולה זיין קיין ארץ־ישראל און איך דאַרף נישט שטודירן. וואָס שייך אַדוואָקאַטן — זענען זיי אין לאַנד נישט נייטיק. „מיר האָבן שוין אין לאַנד איינעם אַזאַ, און מער דאַרפן מיר נישט"...

מיין פאָטער, וואָס איז, ווי דערמאָנט, געווען אַ מיטגליד פון „מנוחה

ונחלה", האָט געהאַלטן, אַז איך דאַרף שטודירן יורי, און דווקא אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל. מיין פאָטער האָט אין יאָר 1903 באַזוכט ארץ־ישראל און אויסגעפינען, אַז דאָס לאנד נייטיקט זיך אין אדוואָקאטן. דעם געדאַנק, אז איך דארף דווקא זיין אַ טערקישער אדוואָקאָט האָט דער טאַטע אונטערגעהאלטן א לענגערע צייט און ער איז געווען גרייט צו טאָן פאר מיר אלץ, כדי איך זאָל שטודירן יורי אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

נישט געקוקט אויף דער תשובה פון פּראָפעסאָר וואַרבורג האָב איך, לויט מיין אייגענעם איינזען, באַשלאָסן צו שטודירן יורי. איך האָב טעלעגראפירט צו לעאָנען, אַז ער זאָל מיך פארשרייבן אויפן יורידישן פאקולטעט און מיר צושיקן אַ סטודענטישע לעגיטימאַציע, וואָס גיט דאָס רעכט צו וווינען אין פּעטערבורג, ווייל נאָר מיט אַזאַ לעגיטימאַציע האָב איך אַלס ייד געקאָנט וווינען אין אָט דער שטאָט. אין עטלעכע טעג ארום האָב איך פון לעאָנען באקומען די לעגיטי־מאציע אלס סטודענט פון דריטן לערניאָר פון נאַטורוויסנשאפטלעכן פאקולטעט. לעאָן האָט מיר אויפגעקלערט אין זיין בריוו, אז פארעכענענדיק מיין ביזאיצטיקע שטודיע־צייט איז מיר געבליבן צו לערנען נאָך צוויי סעמעסטערס און אין ניין חדשים ארום וועל איך קאָנען באַקומען אַ דיפּלאָם. דערפאר האָב איך באַשלאָסן פריער צו ענדיקן דעם נאטורוויסנשאפטלעכן פאקולטעט און דערנאָך שטודירן יורי.

אין סעפּטעמבער פון יאָר 1906 בין איך געפאָרן מיט אונדזער חבר, דעם סטודענט טעמפּל, קיין פּעטערבורג. סאָבינע, מיינע בני־משפחה און חברים האָבן מיך באַגלייט ביז דער סטאַציע. פון דער סטאַציע האָבן מיר געשיקט אַ באַגריסונג־טעלעגראַמע צו דער קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון אין עסטרייך.

אלעקסאנדער טעמפּל, דער סטודענט פון יורידישן פאקולטעט אויפן ווארשעווער אוניווערסיטעט, איז געווען א מיטגליד פון „קדימה". ער איז געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי אין טשענסטאָכאָוו, נאָך זייענדיק אַ גימנאַזיסט דאָרט. האָט ער זיך באפריינדט מיט איינער פון אונדזערע גוטע חברטעס, גיטל, און דערנאָך האָבן זיי ביידע חתונה געהאט. ביידע זענען געווען פון רייכע עלטערן. טעמפּלס פאָטער איז געווען אַ גרויסער עושר. די גאנצע צייט פון זיין שטודיע אין פּעטערבורג איז ער געווען מיט אונדז. ווען ער האָט געענדיקט דעם אוני־ווערסיטעט איז ער געוואָרן אַן אדוואָקאט און אוועק פון אונדז. אין יאָר 1918 איז ער אַנטלאָפן פון פּעטערבורג און מיט זיין הסכמה בין איך אַריבער וווינען אין זיין דירה. אין וואַרשע האָב איך אים ווידער באגעגנט. איך בין געקומען צו אים נאָך אַ באַשטייערונג פאַר דער פּאַרטיי. ער האָט מיר געזאָגט, אז ער איז א מיט־גליד פון „וויזוואָלעניע" (פּוילישע ליבעראלע פאָלקס־פּארטיי) און איז דעריבער גרייט זיך צו לאָזן קאָסטן, כדי פּטור צו ווערן פון אונדז...

פאַר מיין ארויספאָר קיין פעטערבורג איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער וואַרשעווער קאָמיטעט. עס זענען אין אים אַריין ישראל וועשער, איטשע ביע־לאַסקי, יצחק רויטמאַן און דוד בלאָך.

בעת מיין באַזוך אין די פאַרייניקטע שטאַטן אין יאָר 1938, איז יצחק רויטמאַן געקומען צו מיר אין האָטעל. ער איז שוין לאַנג געווען אַ תושב פון ניו־יאָרק און אַ רייכער מענטש. ער האָט זייער געוואָלט זיך זען מיט מיר. ער איז שוין אָבער געווען זייער ווייט פון אונדז. אין יאָר 1951 — אַזוי האָט מיר דערציילט חנא מאָדזשעוועצקי פון תל־אביב — איז רויטמאַן געקומען קיין ישראל צוזאַמען מיט זיין קריסטלעכער פרוי. געקומען איז ער אלס טוריסט, ער האָט אָבער בדעה געהאט צו באַזעצן זיך אין ישראל. ער האָט זיך געטראָפן מיט חנאן און אים געזאָגט, אַז ער מוז זיך זען מיט טאַבענקינען און מיט מיר. ער איז אָבער פּלוצלינג קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. זיין קריסטלעכע פרוי האָט אים געבראַכט צו קבורה און דערנאָך האָט זי פאַרלאָזט דאָס לאַנד...

מיר זענען אָנגעקומען קיין פעטערבורג אין א רעגנדיקן טאָג. אין אוני־ווערסיטעט האָב איך זיך געטראָפן מיט לעאָנען און מיר האָבן צוזאַמען געדונגען אַ צימער אויף קאַזאַנער געסל. די שטאָט האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק; זי איז טאַקע אַנטשטאַנען מיט 200 יאָר צוריק (1707), אָבער דווקא דערפאַר איז זי געווען אויסגעבויט לויט אַ דורכגעטראַכטן פּלאַן. דער צענטער פון שטאָט איז דער „ניעווסקי פּראָספּעקט", א גאַס פון עטלעכע קילאָמעטער די לענג, וואָס זיין ברייטער טייל ענדיקט זיך פון איין זייט ביי דער ניקאָלאַיעווער באַן־סטאַציע און פון דער אַנדערער זייט מיטן שיינעם בנין פון דער אַדמיראַ־ליטעט מיט דער גאָלדענער פייל, וואָס ציט זיך הויך, הויך. דאָרט זענען געווען די ווונדערלעכע פּאַלאַצן: דער אַניטשקין־פּאַלאַץ, דער ווינטער־פּאַלאַץ, די קאַנאַלן, די פאָנטאַנקע מיט די פיר באַוווּסטע פערד־סטאַטועס, דער אַלעקסאַנ־דרינסקי־טעאַטער, די נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק, דער קאַזאַנער סאָבאָר — אַלץ מאָנומענטאַלע און היסטאָרישע געביידעס.

צוזאַמען מיט לעאָנען האָב איך זיך אָנגעהויבן גרייטן צו די עקזאַמענס. איך האָב געדאַרפט אָפּגעבן עקזאַמענס פון פיר קעגנשטאַנדן: פיזיאָלאָגיע, פּאַלעאָנטאָלאָגיע, געאָלאָגיע און זאָאָלאָגיע. הגם מיר האָבן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט געלערנט אַנאַטאָמיע פון מענטש און אויך היסטאָלאָגיע האָב איך אין פיזיאָלאָגיע פון מענטש געהאַט שוואַכע ידיעות. ווען מען וואָלט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו לערנען דעם קעגנשטאַנד אין דער לאַבאָראַטאָריע, וואָלטן מיר אים זיכער באַהערשט א סך לייכטער. מיר האָבן דאָן אָבער געלערנט בלויז אויף צו וויסן, נאָר בעיקר בכדי אָפּצוגעבן עקזאַמענס. דערפאַר האָבן מיר אַלץ געלערנט פון טרוקענעם לערנבוך.

א סך שווערער איז געווען מיט פּאַלעאָנטאָלאָגיע און געאָלאָגיע. פּאַלע־אָנטאָלאָגיע איז א וויסנשאַפט וועגן בעלי־חיים, וואָס האָבן געלעבט אין פאַר־שידענע תקופות, טויזנטער יאָרן פאַר אונדזער צייט. היות אָט די וויסנשאפט איז ענג פאַרבונדן מיט זאָאָלאָגיע, האָט זי מיך פאַראינטערעסירט. אין דעם לימוד קאָן מען נאָכפאָלגן די עוואָלוציאָנערע אנטוויקלונג פון די אור־בעלי־חיים, און זען ווי אַזוי עס זענען פון זיי אַרויסגעוואקסן די בעלי־חיים פון דער איצטיקער צייט. ס׳איז זייער באַלערנדיק, למשל, די פאַרבינדונג צווישן מאַמאָנט, וואָס זיינע ביינער זענען געפונען געוואָרן אין די סיבירער סטעפּעס, מיטן היינטיקן העלפאנט. נישט אלע ביינער פון מאַמאָנט זענען געפונען געוואָרן, מ׳קאָן אָבער פון דעם געפונענעם טייל דערקענען דעם געבוי פון דער גאַנצער חיה. ס׳איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו דערוויסן זיך, אַז דער איכטיאַזאַווער איז אַן איבערגאנגס־טיפּ פון די רעפּטיליעס צו די גרויסע פייגל, פארשטענדלעך, אַז נאָר די גרויסע ביינער פון חיות, וואָס האָבן אַ הארטן סקעלעט זענען געפונען געוואָרן אין פאַרשידענע ערטער פון דער וועלט. פון די קליינע בעלי־חיים איז נאָר געבליבן דער אָפּדרוק פון זייער אויסערלעכן אויסזען. אויב זייערע גופים זענען געווען פארשאָטן מיט זאמד איז פון זיי נישט געבליבן קיין שום זכר. אויב אָבער דער זאמד איז אין משך פון דער צייט פארשטיינערט געוואָרן איז געבליבן דער אָפּדרוק פון זייערע גופים.

צום באַדויערן איז פּאַלעאָנטאָלאָגיע געווען פאַרבונדן מיט געאָלאָגיע און דער פּראָפעסאָר פון די קעגנשטאַנדן, אינאָזיעמצאָוו, איז געווען אַ גרויסער פּעדאַנט און דערצו אַן אַנטיסעמיט. געאָלאָגיע האָט מיך לחלוטין נישט אינטע־רעסירט. דער פּראָפעסאָר, וואָס מיר האָבן געלערנט לויט זיין בוך, האָט אָבער געפאָדערט פון אונדז צו קענען יעדן פּרט וועגן אלע מינים שטיינער פון די ערד־שיכטן. מיר האָבן געמוזט אויסלערנען אויף אויסנווייניק קאָמפּיליצירטע טאַבעלעס וועגן די פאַרשידענע שיכטן אין די טיפענישן פון דער ערד.

וואָס שייך זאָאָלאָגיע האָט אונדז דערוואַרט גאָר אַן אַנדערער סורפּריז. אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט האָט מען געלערנט זאָאָלאָגיע סיסטעמאַטיש. אויף די ערשטע צוויי לערניאָרן — די גרופּן פון נידעריקע בעלי־חיים, אָנהייבנ־דיק פון דער אַמעבע, באַקטעריעס, אינפוזאָריעס, אינזעקטן, שפּינען ביז די צוויי בעלי־חיים סקאָלאָפּענדראַ און מיריאַפּאָדאַ, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַן איבערגאַנג־סטאַדיע צו די זויגערס. אויפן פּעטערבורגער אוניווערסיטעט האָט מען געלערנט פאַרקערט: די העכערע בעלי־חיים אויף די צוויי ערשטע לערניאָרן און די איבעריקע אויף די צוויי לעצטע לערניאָרן. היות איך האָב זיך געדאַרפט עקזאַמינירן פון די קעגנשטאַנדן, וואָס מען לערנט אין די לעצטע צוויי לערנ־יאָרן, איז מיר אויסגעקומען צו לערנען נאָכאַמאָל וועגן די נידעריקערע בעלי־

חיים און ס׳איז מיר קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו לערנען וועגן די העכערע בעלי־חיים. דעם עקזאמען פון זאָאָלאָגיע האָב איך טאקע זייער גוט אָפּגעגעבן און אפילו באקומען א סך קאָמפּלימענטן פון עקזאמינאַטאָר. דאָס האָט אָבער פארשטייט זיך, נישט געקאָנט דעקן דעם מאנגל אין ידיעות פון אַ גרויסן און זייער וויכטיקן טייל פון זאָאָלאָגיע.

בעת די עקזאַמענס האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ הויכן מאַן פון יונגן אויסזען, זיין באָרד איז אָבער געווען ווייס ווי שניי. דאָס איז געווען דער רעוואָ־לוציאָנער לוקאַשעוויטש, א מיטגליד פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, וואָס איז אין די 80־קער יאָרן פארמשפט געוואָרן אויף 25 יאָר תפיסה. ער איז אָפּגעזעסן זיין שטראָף ביזן סוף אין אַן איינצל־צעלע פון דער שליסלבורגער פעסטונג און באפרייט געוואָרן אין יאָר 1905. בעתן ארעסט איז ער געווען א סטודענט אויפן פעטערבורגער אוניווערסיטעט אויפן נאַטורוויסנשאפטלעכן פאקולטעט און איצט האָט ער געהאַלטן אין ענדיקן די שטודיעס... ער איז אלט געווען 43 יאָר. איך האָב זיך מיט אים באפריינדט.

דאָס שטודירן האָט מיך נישט אָפּגעהאַלטן פון זוכן פארטיי־חברים און ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן צו אָרגאניזירן די ערשטע גרופּע פון פּועלי־ציון. אין דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען עטלעכע סטודענטן, אונדזערע אַמאָליקע חברים: שמעון „פייגעלע״ מיט זיין פרוי, טעמפּל מיט זיין פרוי גיטל, יהושוע פרידמאַן (דער זון פון רעדאקטאָר פון „הצופה״ אין וואַרשע, שפּעטער — אַ דירעקטאָר פון אַ גימנאַזיע אין קאָוונע, אַ העברעישער שרייבער, געשטאָרבן אין ארץ־ישראל) מיט זיין פרוי און נאָך אַנדערע סטודענטן.

אין די יאָרן 1905—1906 איז געוואקסן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג און די שטודירנדיקע יוגנט איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין איר שטראָם, באַהעפט זיך צו איר אין דער אָדער אנדערער פאָרם. נאָכן פאנאנדערלאָזן די ערשטע דומע און מיטן וווקס פון די עקספּראָפּריאַציעס האָט די רעאקציע אופגעהויבן דעם קאָפּ. ס׳זענען איינגעפירט געוואָרן מיליטערישע געריכטן. פאַרן אָנטייל נעמען אין עקספּראָפּריאַציעס האָט מען פארמשפט אויף טויט־שטראָף. די טויט־אורטיילן און די עקזעקוציעס, וואָס זענען פאָרגעקומען כמעט יעדן טאָג האָבן אַנגעוואָרפן א שרעק אויף דער שטודירנדיקער אינטעליגענץ און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ריקצוג. די מערהייט פון דער יוגנט האָט זיך אָפּגעקערט פון יעדער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט שטודיעס. אָט דער פּראָצעס האָט אויך געווירקט אויף אונדז. איינעקע האָבן נאָך אויסגעהאַלטן אַ שטיקל צייט, אנדערע אָבער האָבן זיך מקדים געווען און פארלאָזט די פּאָזיציעס.

לכתחילה האָט אונדזער פּועלי־ציון־גרופּע זיך באַוויזן אויפן אוניווער־

סיטעט אָפן און ס׳זענען אפילו אויסגעהאָנגען געוואָרן מודעות וועגן אונדזערע פארזאמלונגען. איך געדענק אַן עפנטלעכע פארזאמלונג אין איינעם פון די אוניווערסיטעט־זאַלן, אויף וועלכער ס׳איז פאָרגעקומען א פאָרטראג פון לוואַ־וויטש־דאווידאָוויטש פון ס.ס. און איך בין געווען איינער פון די אָפּאָנענטן פון אונדזער צד. אזוי האָבן מיר אויך אין דער סטודענטישער קיך איינגעאָרדנט אַ טיש מיט אונדזערע לייען־מאטעריאלן, הגם אונדזער ליטעראטור איז געווען זייער אָרעם. דאָרט זענען געלעגן עטלעכע בראָשורן פון זיאמע אָסטראָווסקי. סוף דעצעמבער האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אַרויסגעגעבן א בראָשור „וועגן אריינטריט פון „בונד״ אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פּאַרטיי״. מיר האָבן געהאט דריי נומערן פון „יעווריעסקאַיאַ ראבאָטשאיא כראָניקא״ און צוויי נומערן „מאָלאָט״ (דער האמער), וואָס זענען ארויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פון אדים (פעליקס מענטשקאָווסקי, איצט אין ישראל, פּראָפעסאָר פון אַגראָנאָמיע). אין איינעם פון די נומערן פון „מאָלאָט״ איז אָפּגעדרוקט גע־וואָרן דער סוף פון פּאָסטאָיאַניס (באָראָכאָוו) ארטיקל „אונדזער פּלאַטפאָרם״. דער ערשטער טייל פון דעם אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „יעווריעי־סקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ״, אָבער די צייטשריפט איז פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער מאכט. אין משך פון צוויי יאָר האָט אין פעטערבורג עקזיסטירט די גרופּע פּועלי־ציון, אָבער אין אָנהייב פון יאָר 1909 איז זי אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן.

איך האָב אָפּגעגעבן די עקזאמענס איינעם נאָכן אנדערן און סוף נאָוועמ־בער בין איך אָפּגעפאָרן קיין גראָדנע. דער צענטראַל־קאָמיטעט אין רוסלאנד איז דאַן אריבער פון דער ווייטער פּאָלטאַווע קיין ווילנע, אין צענטער פון דער יידישער ארבעטערשאפט, און צונויפגערופן קיין גראָדנע א טעאָרעטישע קאָנפערענץ. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון לייב יפה, און אויף איר זענען געקומען די חברים נאָר אויף איינלאדונגען. פון פוילן זענען איינגעלאדן געוואָרן: בן־ציון ראסקין, יצחק טאַבענקין, דוד בלאָך און איך. פון צווישן די חברים, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער קאָנפערענץ געדענק איך כאַשינעו, זרובבלען, אַראָנאָוון (ארשאווסקי), דער מחבר פון דער בראָשור „די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם״, וואָס איז דערנאָך איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש. עס האָט אויך אָנטיילגענומען אדים, דער מחבר פון דער בראָשור „די יידישע עקאָנאָמיע און אירע היסטאָרישע סיבות״, וועלכע איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש. אין לעצטן טאָג איז געקומען צו דער קאָנפע־רענץ ראובן (עליאַשעוו) פון וואָראָניעזש, א מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע אַמביציעס. ער איז שפּעטער נעלם געוואָרן פון געזעלשאַפטלעכן האָריזאָנט.

איך געדענק, אז איך האָב רעפערירט אויף דער קאָנפערענץ וועגן דער

פראגע פון אונדזער באטייליקונג אין ציוניסטישן קאָנגרעס. אין יענער צייט איז צווישן אונדז נישט געווען קיינער, וואָס זאָל האָבן געוועז קעגן אונדזער באטיי־ליקונג. אויף דער קאָנפערענץ איז, פארשטייט זיך, ברייט באַהאַנדלט געוואָרן דער פּאָליטישער מאָמענט, צוליב די פאַרשטייענדיקע וואַלן צו דער צווייטער דומע. כמעט אלע חברים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פארן אָנטייל אין די וואַלן. אָבער פון די פיר פוילישע חברים, זענען דריי געווען פאַר באָיקאָטירן די וואַלן. מען איז געקומען צום אויספיר, אַז די חברים פון פוילן האָבן דאָס רעכט נישט אָנ־טיילצונעמען אין די וואַלן און צו באַגרינדן זייער שטעלונג אויף די שפּאַלטן פון דער פּארטייאישער פרעסע אויפן יסוד פון פרייער דיסקוסיע. מיר האָבן טאַקע אַזוי געטאָן.

די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט זיך אויך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל. צוליב אַ פּראָוואָקאציע זענען ארעסטירט געוואָרן צוויי חברים, צווישן זיי יצחק טאַבענקין, די ברידער לייב און בצלאל יפה האָבן זיך שטארק אָפּגעגעבן מיט דעם ענין און געמאכט אָנשטרענגונגען צו באפרייען די ארעסטירטע.

פון גראָדנע בין איך געפאָרן קיין וואַרשע אויף די ווינטער־פעריעס. דעמאָלט האָב איך חתונה געהאַט מיט סאַבינען. אָנהייב יאַנואַר זענען מיר צוזאַ־מען געפאָרן קיין פעטערבורג. איך האָב ממשיך געווען מיינע שטודיעס און סאַבינע, וואָס האָט אין וואַרשע געלערנט דענטיסטיק, איז אריבער קיין פעטער־בורג אין דער שול פון פאַשוטין. אויפן וועג קיין פעטערבורג האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן אין ווילנע אויף איין טאָג. איך האָב זיך דאָרט באַגעגנט מיט באָראָ־כאָוון, כאַשינען און זרובבלען. באָראָכאָוו האָט מיר בסוד צוגעזאָגט, אַז ס'איז באַשלאָסן געוואָרן מיך צוקאָאָפּטירן אין צענטראַל־קאָמיטעט. איך האָב זיך אָבער אָפּגעזאָגט, ווייל איך האָב געוואָלט פאַרזעצן מיין שטודיום און איך האָב פאַר זיך נישט געזען קיין ממשותדיקע טעטיקייט אין צענטראַל־קאָמיטעט.

אין פעטערבורג האָבן מיר איינמאָל באַשלאָסן גיין אָנקוקן דעם ים, ווייל מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען קיין ים. ווו עס געפינט זיך דער ים אין פעטערבורג — האָבן מיר נישט געוווּסט, מיר האָבן אָבער געזען צוויישטאָקיקע גרויסע טראַמווייען געפירט פון פערד — אַן עלעקטרישן טראַמוויי האָט מען ערשט אָנגעהויבן בויען סיי אין וואַרשע, סיי אין פעטערבורג — און אויף איינעם פון זיי איז געווען אַ שילד: „גאַלערנאַיאַ גאַוואַן". „גאַוואַן" איז דאָך אויף רוסיש אַ פּאָרט, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דער טראַמוויי גייט צום פּאָרט. זענען מיר מיט דעם טראַמוויי געפאָרן אַן אנדערטהאַלבן שעה אָדער מער, ביז מיר זענען געקומען צום עק שטאָט — אַ פאַרוואָרפן אָרט, מיט קליינע הייזלעך. מיר האָבן זיך דאָרט ארומגעדרייט אַ שעה צייט און צום סוף געפרעגט עמיצן, ווו ס'איז דער ים. די גויים האָבן זיך גוט אָנגעלאַכט פון אונדז. דער ים איז געווען צען

קילאָמעטער ווייט פון דאָרטן! מיט דער צייט האָבן מיר שוין געוווּסט ווו עס געפינט זיך דער ים און נישט איינמאָל זענען מיר געפאָרן פאַרברענגען אויפן ברעג.

מיר האָבן געפירט א באשיידן סטודענטיש לעבן. מיר האָבן געגעסן אין פארשידענע אָרעמע רעסטאָראַנען. א מיטאָג פלעגט מען דאָרט באַקומען פאַר 35 קאָפּיקעס. אַזעלכע רעסטאָראַנען זענען געווען אַ סך. דאָרט פלעגן מיר טרעפן כל המינים טיפּן, סטודענטן פון אלע נאַציעס: ארמענער, גרוזינער, טאַטאַרן און אפילו כינעזער, וואָס האָבן כמעט נישט געקענט קיין רוסיש. פון זייערע דער־ציילונגען, האָבן מיר זיך עפּעס וואָס דערוווּסט וועגן זייערע היימלענדער. צווישן די ארמענישע און די טאטארישע סטודענטן האָט געהערשט א מוראדיקע שנאה. זיי האָבן זיך אויסגעמיטן נישט צו זיצן צוזאַמען ביי איין טיש. אין קאווקאז, באַזונדערס אין באַקו, האָט די צאַרישע מאַכט פון צייט צו צייט אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויף די ארמענער, אויסנוצנדיק דערצו די טאַטארן.

מיר האָבן געוווינט אין אַ „מעבלירט צימער" מיט סטאנדארט מעבל, מיט א קאָכעדיקן סאמאָוואר צוויי מאָל אין טאָג, מיט דער טיפּישער, רוסישער באַלעבאָסטע.

אין יאנואר 1907 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אָנגעהויבן ארויסלאָזן די ערשטע לעגאלע צייטונג אויף יידיש, „דער פּראָלעטאַרישער געדאנק". נאָכן דריטן נומער איז די צייטונג פארמאכט געוואָרן דורך דער מאכט. שפּעטער איז דערשינען די פארטיי־צייטונג „פאָרווערטס", וואָס האָט געהאט דעם זעלבן מזל וואָס די ערשטע: דריי נומערן זענען דערשינען און דערנאָך איז זי פאַרמאכט געוואָרן. די צייטונגען האָבן געהאט א גרויסע באדייטונג פאַר דער באַוועגונג אין פּוילן. קודם כל צוליב די ארטיקלען פון באַראָכאָוון, וואָס זענען געווען געשריבן אין א פארשטענדלעכער שפּראך. אנדערש איז עס געווען מיט דער צייטונג „מאָלאָט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דרום־רוסלאַנד, דערפאַר ווייל איר שפּראַך איז געווען רוסיש. אויך פון „מאָלאָט" זענען דערשינען בלויז דריי נומערן.

„דער פּראָלעטאַרישער געדאנק" האָט אָנגעהויבן דערשיינען בעת די צוגרייטונגען צו די וואלן פון דער צווייטער דומע. די רוסישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע איז סוף כל סוף אָפּגעטראָטן פון איר שטעלונג צו באָיקאָטירן די וואלן און באשלאָסן זיך אין זיי צו באטייליקן. (אויסער קאווקאז, האָט די ס.ד. באָיקאָ־טירט די ערשטע וואלן). אָבער אין פּוילן איז געווען אַ באָיקאָט־שטימונג אויך צו די וואלן פון דער צווייטער דומע. אין איינקלאַנג מיטן באשלוס פון דער גראָדנער באראטונג, האָב איך אָנגעשריבן א גרויסן ארטיקל פארן באָיקאָטירן

די דומע, וואָס איז דערשינען דעם 30־סטן יאַנואַר 1907 אין צווייטן נומער פון „פּראָלעטאַרישן געדאַנק". דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אין דעם נומער פאַר־עפנטלעכט אַן ענטפער אויף מיין אַרטיקל — אַ שאַרפער דיסקוסיע־אַרטיקל פון אַלעקסאַנדער כאַשין.

מיר האָבן געהאַלטן, אַז די צאַרישע מאַכט פּירט דורך די וואַלן צו דער צווייטער דומע נישט צוליבן דרוק פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, נאָר מיטן בפירושן מיין אויסצונוצן די דומע, ווי אַ מיטל צו באַקומען הלוואות אין אויסלאַנד, אין וואָס די צאַרישע מאַכט האָט זיך זייער געניייטיקט נאָך דער מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן. דערפאַר האָבן מיר געהאַלטן, אַז די דומע וועט נישט זיין קיין „אמתער אויסדרוק פון די רעאַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות": דער פּראָלעטאַריאַט איז צו שוואַך און נישט נאָר, וואָס ער וועט נישט האָבן די מעג־לעכקייט צו שטיצן זיינע פאָרשטייער אין דער דומע — ער וועט אפילו נישט קאָנען זיי באַשיצן אויב מען וועט זיי אַרעסטירן. אַזויאַרום וועט די מאַכט דער־גרייכן איר ציל: זי וועט באַקומען אַ הלוואה, דערנאָך וועט זי פאַנאַנדערלאָזן די דומע, פּונקט ווי זי האָט עס געטאָן מיט דער ערשטער דומע, און די דעלעגאַטן וועלן סוף כל סוף זיין געצוווּנגען אַראָפּצוגיין „פון דער פאָלקס־טריבונע און אַריינפאַלן אין דער פאָלקס־תּפיסה".

די נבואה איז פולשטענדיק מקוים געוואָרן. גאָר אינגיכן האָט דער צאַר צעטריבן די דומע, אינדרויסן האָבן שוין געוואַרט פאַרמאַכטע קעטשלעך, אין וועלכע מען האָט די דעלעגאַטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַוועקגעפירט אין די תּפיסות. מיר זענען געקומען צו אַן אַלגעמיינעם אויספיר, אַז מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף די פּויערים אין רוסלאַנד, זיי וועלן זיכער נישט קומען באַשיצן די דומע, אויב אפילו עס וועט אַמאָל סוף כל סוף פּלאַצן זייער געדולד. ווייל נעמענדיק אין באַטראַכט די פּאַסיווקייט און די אינערץ, וואָס ליגט אין זייער כאַראַקטער, דאַרף מען האַלטן, אַז ס'וועט נאָך אויסקומען לאַנג צו וואַרטן אויף זייער דערוואַכונג, לכל הפּחות ביז דער 5־טער דומע (די רעוואָלוציע איז טאַקע אויסגעבראָכן אין יאָר 1917, ווען ס'האָט זיך פאַרענדיקט די קאַדענץ פון דער פערטער דומע).

מיר האָבן אויך גענומען אין באַטראַכט די ספּעציפישע באַדינגונגען אין פּוילן. די הערשאַפט פון צאַר איז דאָרט געווען אַן אומבאַגרענעצטע און די רעגירונג האָט זיך געגרייט מיט אַ געוואַלדיקן אייפער צו „אָרגאַניזירן" די וואַלן. דווקא דערפאַר איז אין פּוילן געוואַקסן די שטימונג פאַר באָיקאָטירן זיי.

דער וויכוח איז דער עיקר פאָרגעקומען צווישן פּ.פּ.ס. און סדקפּ"ל. די סדקפּ"ל, וואָס איז געווען קעגן באָיקאָט, האָט אָבער אויך נישט צוגעשריבן קיין גרויסע וויכטיקייט דער דומע. זי האָט געהאַלטן, אַז „די דומע איז נישט קיין

נויטווענדיקער עטאַפּ פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע". די רעוואָלוציע וועט פאָרקומען נישט אויפן וועג פון דער דומע, נאָר אויפן וועג פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד און די דומע וועט נאָר זיין אַ שטערונג. וואָס גרעסער ס'וועט זיין די צאָל ליבעראַלן אין דער דומע, אַלץ גרעסער וועט זיין די שטערונג. די בונדישע „פאָלקס־צייטונג" נומער 230 האָט געשריבן: „די באַטייליקונג אין די וואַלן צו דער דומע איז נאָר אַ באַזונדערע פאָרם פון באָיקאָט". דווקא דער „בונד" האָט געזען אין דער דומע אַ ממשותדיקן עניין. די בונדיסטן האָבן אפילו געשריבן וועגן די באַדינגונגען וואָס קאָנען דערמעגלעכן דורכצופירן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פאָרשטייער אין דער דומע. ס'איז געווען קלאָר, אַז נאָר אין וואַרשע אָדער אין לאָדזש זענען פאַראַן אויסזיכטן אויסצוויילן אַ פאָרשטייער פון די אַרבעטער, אויב ס'וועט זיין אַ וואַל־אָפּמאַך צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער פּוילישער און יידישער באַפעלקערונג. דער ענין האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט אָן שום רעזולטאַט.

קרוב דריי חדשים בין איך נאָך געבליבן אין פּעטערבורג. אין אַפּריל האָב איך באַקומען מיין דיפּלאָם פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. איך האָב געענדיקט דעם פולן קורס פון נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט פון פּעטערבורגער אוני־ווערסיטעט מיט צייכנס אין כמעט אַלע דריי דיסציפּלינען אויף „גענוגנדיק". דעמאָלט זענען געווען איינגעפירט בלויז דריי מיינונגען: „נישט באַפרידיקט", „גענוגנדיק", „פולשטענדיק גענוגנדיק".

מיר זענען צוריקגעקומען קיין וואַרשע און אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צו דער צווייטער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען זומער־צייט. מיין פאָטער האָט אונדז פאָרגעלייגט אַלס חתונה־מתנה אָדער אַ רינגל פאַר סאַבינען, אָדער דריי הונדערט רובל. מיר האָבן אויסגעקליבן דאָס צווייטע, כדי צו קאָנען פאָרן אויף אַ חודש קיין אויסלאַנד. דעם פרייען חודש האָבן מיר איינגעטיילט אויף דריי טיילן: צען טעג אויף אָפּרו, צען טעג פאַר דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ און צען טעג פאַרן אַכטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין האַג.

די וואַלן צו אונדזער צווייטער קאָנפערענץ זענען געווען דירעקטע, געהיימע און אַלגעמיינע אין אַלע שטעט און שטעטלעך, מיט וואַרשע איינ־שליסלעך. די גרעסטע צאָל שטימען האָט באַקומען יצחק טאַבענקין. פון פּוילן זענען אויסגעוויילט געוואָרן 4 חברים — 2 דעלעגאַטן און 2 קאַנדידאַטן: טאַבענ־קין, ראַסקין, בלאָך און איך. צוויי פון אונדז האָבן באַקומען מאַנדאַטן פון אַנדערע שטעט.

אָנהייב יולי בין איך מיט סאַבינען אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד. אין ווין

האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן צוויי טעג. מיר האָבן אָנגעטראָפן אין גאַס אַ באָבערדלטן ייד. פון זיין אויסזען האָט מען געקאָנט דערקענען, אַז ער שטאַמט פון אַ קליין שטעטל אין רוסלאַנד. ער האָט אויך דערקענט, אַז מיר זענען יידן און האָט זיך צו אונדז פאַראייניקט אויף באַזוכן די שטאָט. בעת ,יר זענען געפאָרן מיטן טראַמוויי האָט דער ייד אַריינגעלייגט דעם בילעט אין זיין בייטעלע — „צום אָנדענק". ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין דער געביידע פון פּאַרלאַמענט — ס'זענען דאַן געווען די זומער־פּעריען — און דער וועכטער האָט אונדז געוויזן די גאַנצע געביידע און דעם זיצונג־זאַל, האָב איך זיך דערמאָנט אַלץ, וואָס איך האָב געוווּסט וועגן עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און באַזונדערס וועגן די אָבסטרוקציע־אַרויסטריטן פון די דעפּוטאַטן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין עסטרייך־אונגאַרן, ווי דער רעדנער פלעגט שטיין אויף דער טריבונע מיט אַ סך דיקע ביכער און ציטירט פון זיי גאַנצע קאַפּיטלען. זיינע חברים האָבן אים צוגעטראָגן שניטקעס און ער איז אַזוי געשטאַנען לאַנגע שעהן און גערעדט אָן אויפהער, כדי נישט צו דערלאָזן מען זאָל אָננעמען אַ געזעץ, וואָס איז נישט לטובת די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. ווען דער וועכטער האָט אונדז געוויזן דעם פּרעזידיום־טיש און די שטול פון פּאַרלאַמענט־מאַרשאַלעק, האָט דער ייד פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און זיך אוועקגעזעצט אויפן שטול, כדי זיך צו איבערצייגן ווי באַקוועם ס'איז דעם מאַרשאַלעק צו זיצן. איך האָב זוכה געווען צו פילן דעם טעם פון זיצן אויף אַזאַ שטול — ערשט אין 42 יאָר אַרום, בעת מיין קאַדענץ אַלס וויצע־מאַרשאַלעק פון דער ערשטער כנסת אין מדינת ישראל.

פון ווין זענען מיר געפאָרן קיין זאַלצבורג, פון דאָרט אין אַ קליין שטעטל, גרעדיג, אין די טיראָלער בערג. סאַבינען איז צום ערשטן מאָל אין לעבן אויסגעקומען צו מאַכן אַ שפּאַציר אויף בערג און זי איז געווען פול מיט התפּעלות. מיר זענען געזעסן אין א קליין פויעריש שטיבל אויפן בארג און הנאה געהאט פון דער לאַנדשאַפט.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען מיר געפאָרן קיין קראָקע אויף דער קאָנפערענץ. די עסטרייכישע חברים האָבן אונדז זייער פריינדלעך אויפגענומען. דער רעדאַקטאָר פון זייער „יידישן אַרבעטער", שוסהיים, האָט אונדז באַוויזן די שטאָט מיט אירע גערטנער. מיר זענען אַרויף אויפן „וואַוועל" — די פעסטונג אין וועלכער עס געפינען זיך די קברים פון די פּוילישע קעניגן.

צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך געפילט אויף אַ קאָנפערענץ זיכער פון יעדער פלאָג און שטערונג. ביז איצט האָבן מיר אויף אונדזערע קאָנפערענצן שטענדיק מורא געהאַט, אז מען זאָל אונדז נישט אַרעסטירן נאָך פאַרן פאַרענדיקן אונדזער אַרבעט. אָבער דאָ זענען מיר געווען רויק, אַז מיר וועלן אַלץ ענדיקן בכי־טוב.

אויף דער קאָנפערענץ האָט זיך געפירט א שארפער וויכוח וועגן דער באגרינדונג פון דעם ארץ־ישראל־געדאנק. דאָס איז געווען די לעצטע שלאכט צווישן די פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס און די פּראקטישע, אָדער די פּראָגנאָס־טישע. אין נאָמען פון די פּוילישע חברים בין איך באַשטימט געוואָרן צו רעפערירן וועגן פּרינציפּיעלן פּאלעסטיניזם. נאָך מיר איז ארויסגעטראָטן באָראָכאָוו, און מיטן כוח פון זיין ערודיציע האָט ער נישט בלויז באגרינדעט דעם פּראָגנאָסטישן פּאַלעסטיניזם, נאָר אויך מיט אונדז שטאַרק פּאָלעמיזירט און געמאכט פון אונדז אַש און בלאָטע. ער האָט דאָס אָבער געמאַכט מיט וויסנשאַפטלעכע אַרגומענטן, אין א חברישן טאָן און אין א שיינער פאָרם (אין צען יאָר ארום, אין יאָר 1917, אויף דער קאָנפערענץ אין קיעוו, האָט באָראָכאָוו געביטן זיין מיינונג און האָט זיך פאַרייניקט מיט אונדז). נאָך באָראָכאָוון איז ארויסגעטראָטן כאַשין מיט גרויס צאָרן און שארפער פּאָלעמיק און האָט אונדז שטארק באליידיקט. דאָס האָבן מיר נישט געקאָנט פארשווייגן און מיר האָבן מודיע געווען, אז אלס פּראָטעסט קעגן כאַשינס באלידיקנדיקן ארויסטריט וועלן מיר זיך מער נישט באַטייליקן אין דער דיסקוסיע.

פון יענער קאָנפערענץ געדענק איך חברים אויף וועלכע מיר האָבן געקוקט ווי אויף פאָרשטייער פון מער יונגערן דור, הגם מיר אַליין זענען נאָך נישט געווען א סך עלטער פון זיי. איך געדענק ליפּע סוקעניק פון ביאַליסטאָק, (שפּעטער — באַרימטער פּראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגיע אין ארץ־ישראל), מאיר גראָסמאַן פון דרום־רוסלאנד (געוואָרן א רעוויזיאָניסט, דערנאָך אַן אלגעמיינער ציוניסט, אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע מצד דער פּאַרטיי פון די אלגעמיינע ציוניסטן) און אנדערע.

נאָך דער קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס איז אויסגעוויילט געוואָרן א נייער צענטראל־קאָמיטעט, זענען עטלעכע פון אונדזערע חברים אוועקגעפאָרן אויפן 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַג. מיר זענען דעמאָלט געשטאַנען אין אַ זייער שוואכער פארבינדונג מיט דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע. בכדי זיך צו קאָנען באטייליקן אויפן קאָנגרעס האָבן מיר געדארפט האָבן א געוויסע צאָל שקל־צאָלער, יעדע 200 שקל־צאָלער האָבן געהאַט דאָס רעכט אויף איין דעלע־גאט. מיר האָבן נישט געפירט קיין שום אגיטאציע פארן קאָנגרעס, נישט פארקויפט קיין שקלים, נאָר דער צענטראל־קאָמיטעט האָט באצאָלט פאר 800 שקלים און דאָס האָט אונדז געגעבן רעכט אויף פיר דעלעגאטן צום קאָנגרעס. אויף דער קאָנפערענץ זענען אויסגעוויילט געוואָרן אלס דעלעגאטן צום קאָנגרעס באָראָכאָוו, בערלינראוט (ארסקי), כאַשין און איך. ס׳איז אויך געפאָרן אלס גאסט דער חבר י. זאר, וואָס מיר האָבן זיך מיט אים געזען דאָס ערשטע מאָל אויף דער קאָנפערענץ. מיר האָבן אים אָבער געקענט פון זיינע אינטערעסאנטע אַרטיקלען

אין „יעוורעיסקאַיאַ זשיזן״. אויפֿן קאָנגרעס האָבן אים די אַמעריקאַנער חברים איינגעלאַדן קיין אַמעריקע אַלס רעדאַקטאָר פֿון זייער צייטונג „יידישער קעמפער״. ער האָט אָנגענומען דעם פֿאָרשלאַג און פֿון דעמאָלט אָן שוין פֿאַרבליבן אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן.

דער קאָנגרעס איז פּאַקטיש געווען דער ערשטער, אויף וועלכן פּועלי־ציון איז געקומען שוין אָרגאַניזירט ווי אַ פּאַרטיי. ער איז אָבער אויך געווען דער לעצטער, אין וועלכן עס האָבן גענומען אָן אָנטייל פּועלי־ציון פֿון רוסלאַנד.

צום קאָנגרעס זענען אויך געקומען פּועלי־ציון־דעלעגאַטן פֿון אַנדערע לענדער: פֿון ארץ־ישראל איז געקומען אבנר (יצחק בן צבי, איצט מדינה־פּרעזידענט) און ישראל שוחט, אַ יונגער בחור מיט אַ גרויסער טשופּרינע און אַ רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט (שפּעטער, פֿון די ערשטע מיטגלידער פֿון „שומר״ אין ארץ־ישראל, איצט — אַן אַדוואָקאַט); פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן זענען געקומען: ד״ר קאַפּעלאָוויטש, אַפּעלבוים, יאַקובסאָן און די פּרוי פּעווזנער; פֿון עסטרייך — שוסהיים און שלמה קאַפּלאַנסקי, און אַנדערע.

אונדזער לאַגע אויפֿן קאָנגרעס איז געווען זייער אַ נעבעכדיקע. אונדזערע זיך־פּלעצער זענען געווען שלעכטע. דער זאַל איז געווען אַ לאַנגער און שמאָלער און מיר זענען געזעסן אין סאַמע סוף. מיר האָבן כמעט גאָרנישט געהערט און נישט געזען. אויסער דעם האָט מען אויפֿן קאָנגרעס גערעדט אויף פֿאַרשידענע שפּראַכן. פֿאַרשטייט זיך, אַז „קאָנגרעס־דויטש״ האָבן מיר פֿאַרשטאַנען, אָבער דייטש, פֿראַנצויזיש און ענגליש האָבן מיר נישט געקענט. און צו דעם אַלעמען דאַרף מען נישט פֿאַרגעסן, אַז אין אונדזער טאָג־טעגלעכער אַרבעט אונטער דער צאַרישער הערשאַפֿט זענען מיר געווען פֿאַרטאָן אין אַ סך זאַכן, אָבער ווייניקער פֿון אַלץ האָבן מיר זיך פֿאַרנומען מיט ציוניסטישע פּראָבלעמען. די ענינים פֿון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען אונדז געווען לחלוטין פֿרעמד. נאָך עפּעס: אונדזערע באַדינגונגען זענען שטענדיק געווען פֿון אַן אונטערערד־אַרבעט. אויב מיר האָבן אַמאָל אָרגאַניזירט אַ פֿאָרטראַג, איז דאָס געווען אין וואַלד, אָדער ערגעץ אין אַ צימער אויף אַן אויבער־שטיבל. יעדער עפֿנטלעכער אַרויסטריט, באַזונדערס ווען ער איז געווען פֿון אַ כמעט פֿאַרלאַ־מענטאַרישן כאַראַקטער, האָט אונדז אויסגעזען ווי אַ וווּנדער. מיר האָבן נישט געוווּסט ווי צוצופּאַסן זיך צו די פֿאַרלאַמענטאַרישע באַדינגונגען פֿון אייראָפּע. דערפֿאַר האָבן מיר זיך געפֿילט זייער שלעכט.

די דעלעגאַטן האָבן באַקומען דעם באַריכט פֿון דער עקזעקוטיווע. מיר האָבן זיך אויך געדאַרפֿט באַטייליקן אין דער דיסקוסיע און זאָגן עפּעס פֿון קלאַסן־שטאַנדפּונקט, אַז ס׳זאָל אויך זיין קריטיק בנוגע דער עקזעקוטיווע. מיר האָבן אָבער גאָרנישט געוווּסט וועגן איר טעטיקייט און טיפֿער באַקענען

זיך מיטן באַריכט האָבן מיר נישט באַוויזן. די חברים האָבן מיר פאַרגעלייגט אַרויסצוטרעטן אין דער דיסקוסיע, איך בין אָבער נישט געווען בקי אין די ענינים און האָב זיך אויך געשראָקן אַרויסצוטרעטן פאַר אַזאַ פאָרום. איז דער גורל אויסגעפאַלן אויף כאַשינען. ער האָט זיך ביי אונדז געבעטן, מען זאָל אים דערפון באַפרייען, לסוף האָט ער דאָך מסכים געווען, נאָר געפאָדערט מען זאָל אים זאָגן וועגן וואָס ער דאַרף רעדן. איך האָב אים אונטערגערוקט אַ געדאַנק צוליב וועלכן ער איז שפּעטער געשטרויכלט געוואָרן. אין דעם פינאַנסיעלן באַריכט האָב איך געפונען, אַז די עקזעקוטיווע האָט אויסגעגעבן אויף דער מצבה פון ד"ר קאָקעש דריי טויזנט פראַנק און אויף ארץ־ישראל־אַרבעט איז אויסגעגעבן געוואָרן ווייניקער. איך האָב דאָס געוויזן כאַשינען און אים געזאָגט, אַז אָט איז אַ גוטע געלעגנהייט אַ בריקע צו טאָן דער עקזעקוטיווע פאַרוואָס זי האָט אַזוי ווייניק געטאָן פאַר ארץ־ישראל. כאשין האָט זיך זייער דערפרייט מיט דער „מציאה". היות אָבער מיר האָבן נישט געוווּסט ווער ס'איז געווען קאָקעש, און וואָס ס'איז מיט אים דער מער, וואָס ער איז אַזוי דערהויבן געוואָרן, האָט זיך כאַשין אָוועקגעשטעלט און אָנגעפאַלן אויף דער עקזעקוטיווע, נישט אַזוי דערפאַר וואָס זי האָט ווייניק געטאָן פאַר ארץ־ישראל, נאָר דערפאַר וואָס זי האָט אויסגעגעבן אַזויפיל געלט אויף אַ מצבה פון אַ ד"ר קאָקעש. „ווער איז ער דאָס ד"ר קאָקעש, און מיט וואָס האָט ער עס דערצו זוכה געווען?" — האָט כאַשין געשריגן. דאָס האָט אויפגעבראַכט דעם עולם, אַז מען האָט אים אפילו נישט געלאָזט ענדיקן. ווייזט אויס, אַז כאַשין האָט זיך דערמיט זייער געפרייט.

אויפן קאָנגרעס איז אויך געווען נישט קיין געלונגענער אַרויסטריט פון באָראָכאָוון וועגן אַ טעכנישער פראַגע. און אויך אין דעם בין איך געווען דער שולדיקער. די גאַנצע צייט האָב איך געבעטן באָראָכאָוון באַרירן די פראַגע פון אונדזערע זיץ־פּלעצער אין וואָסער נישט איז אמט פון קאָנגרעס, כדי מען זאָל אונדז אַריבערפירן אויף בעסערע ערטער. באָראָכאָוו האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק זיך צו ווענדן צום פּלענום פון קאָנגרעס וועגן דעם טרויעריקן פאַקט.

דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי: אויפן קאָנגרעס איז געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאָג צו ענדערן די תקנות פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק, כדי זי זאָל קאָנען זיין טעטיק נישט בלויז אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער. דעם פאָרשלאָג האָבן געמאַכט די טעריטאָריאַליסטישע עלעמענטן. קעגן אים זענען געווען אַלע ציוני־ציון. מיר האָבן, ווייזט אויס, געמאַכט אַ טעות בעת דער אָפּ־שטימונג, ווייל ס'איז באמת שווער געווען תופס צו זיין וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך און מיר האָבן דערנאָך געוואָלט פאַריכטן דעם טעות. באָראָכאָוו האָט אויסגע־נוצט די געלעגנהייט און אַרויסגערוקט די טענה וועגן די שלעכטע זיץ־פּלעצער, וואָס מען האָט אונדז צוגעטיילט. ער האָט נאָר באַוויזן אַרויסצוזאָגן איין זאַץ און

דער גאַנצער עולם האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער. ער האָט געזאָגט: „מיר זענען פּראָלעטאַריער — אונדזערע אויגן זענען שוואַכע און אונדזערע אויערן זענען טויבלעך, און דווקא אונדז האָט מען געגעבן די ערגסטע ערטער"...

און נאָך אַ קאָמישער עפּיזאָד געדענקט זיך מיר:

אונדזערע דעלעגאַטן פון ארץ־ישראל, בן־צבי און שוחט, האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף הוצאות צוריק. מיר האָבן זיך באַמיט און באַקומען פאַר זיי אַ געוויסע סומע פון די קאָנגרעס־דעלעגאַטן. האָבן זיך די צוויי חברים באַטראַכט און געוואָלט פון דעם ענין מאַכן אַ „גוט" געשעפט. דהיינו, אָנשטאָט אויסצוגעבן דאָס געלט אויף שיף־ און באַן־בילעטן, קויפן בעסער צוויי ראָווערן און אויף זיי זיך אַוועקלאָזן מיט דער יבשה, דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל און קליין־אַזיע קיין ארץ־ישראל און אַזוי־אַרום קומען אהיים בשלום און מיטברענגען ראָווערן. ס'איז זיי גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז אַזאַ נסיעה וועט ביי זיי אַוועקנעמען אַ סך צייט און אַז מען דאַרף דאָך אויך עסן אויפן וועג. זיי האָבן זיך זייער באַליידיקט, ווען מיר האָבן זיך אויסגעלאַכט פון זייער פּלאַן. אַגב, איז דאָס סאַמע קאָמישסטע געווען דאָס, וואָס זיי האָבן נאָך דאַן נישט געקאָנט פאָרן אויף אַ ראָווער און ערשט אין האַג זיך אָנגעהויבן לערנען אָט די תורה, און דאָס האָט אויך געקאָסט. דאָס איז נאָך ווייניק: זיי זענען אַראָפּגעפאַלן פון די ראָווערן, צעריסן די הויזן און מען האָט זיי געמוזט קויפן נייע הויזן. אַזוי אַרום איז בטל געוואָרן זייער אָריגינעלער פּלאַן. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אונדזערע ארץ־ישראל־חברים, יצחק בן־צבי און ישראל שוחט, האָבן זיך נישט אַזוי גיך דערקליבן אהיים. זיי זענען געפאָרן קיין טריעסט, דאָרט זענען זיי געבליבן עטלעכע חדשים און געאַרבעט אַלס פּראָסטע אַרבעטער, כדי אָפּצושפּאָרן די ביטיקע סומע אויף שיף־בילעטן. זיי האָבן נישט געהאַט וווּ צו וווינען און פלעגן נעכטיקן ביים ים־ברעג.

אין האַג זענען מיט מיר אויך געווען סאָבינע מיט מיין שוועסטער מרים. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיר זענען צוזאַמען אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד. האָלאַנד האָט אויף אונדז געמאַכט אַ שטאַרקן רושם: די פרייהייט, די טעכניק, די דאָרטיקע מנהגים און דער לעבנס־שטייגער. מיר זענען נישט איינמאָל געפאָרן קיין סכעווענינגען, ביים ים־ברעג. די קליינע הייזלעך, באַזונדערס די קאַטעדזשן, האָבן ביי אונדז אויסגעזען ווי אַ וווּנדער. ס'איז אונדז איינגעפאַלן אויסצונוצן די געלעגנהייט, וואָס מיר זענען אין האָלאַנד און פאָרן קיין לאָנדאָן. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין געלט אויף דער נסיעה. מיר האָבן יוצא געווען מיט דעם, וואָס מיר זענען אַוועק צו אַ פּאַרוואָרפענעם פישער־דאָרף, פון וואַנען מען שווימט אָפּ קיין לאָנדאָן.

אין האַג איז נאָכן קאָנגרעס פאָרגעקומען די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון

יידישן סאָציאַליסטישן וועלט־פאַרבאַנד פון פועלי־ציון. אויף דער דאָזיקער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ איז געשאַפן געוואָרן דאָס פאַרבאַנד־ביוראָ און זיין זיץ־אָרט איז באַשטימט געוואָרן אין ווין. נאָכן שליסן די קאָנפערענץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן א פייערלעכער אָוונט. עס זענען אַרויסגעטראָטן עטלעכע חברים, צווישן זיי סאַבינע אין נאָמען פון די חברטעס אין רוסלאַנד.

אויב מיר ווילן אונטערציען דעם סך־הכל פון אונדזערע איינדרוקן ביים באַטייליקן זיך צום ערשטן מאָל אויפן קאָנגרעס, דאַרף מען זאָגן, אַז כמעט אַלע האָבן מיר זיך געפילט ווי אויף א פרעמדער חתונה און כמעט יעדער איינער פון אונדז איז געקומען צו אַן אַלגעמיינעם אויספיר, אַז מיר דאַרפן דורכפירן אַ רעוויזיע אין דער פראַגע. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז נישט נאָר צוליב דער קליינער צאָל פון אונדזערע דעלעגאַטן האָבן מיר נישט געהאַט קיין אויסזיכטן משפיע צו זיין אויפן קאָנגרעס. פון דער באַציאונג צו אונדז האָבן מיר געלערנט, אַז די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דאַרף אונדז האָבן לשם דעקאָראַציע בלויז, ווייל דער גאַנצער קאָנגרעס האָט דעמאָלט געמאַכט אַן איינדרוק פון נישט מער ווי א מאַניפעסטאַציע כלפי חוץ. וועגן אַלץ האָט מען באַשלאָסן הינטער די קוליסן. ס׳איז פאַר אונדז געוועזן קלאָר, אַז אויפן קאָנגרעס איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו פירן א קלאַסן־קאַמף. מעגלעך, אַז אויף אונדזער נעגאַטיווער שטעלונג צום קאָנגרעס האָבן פסיכאָלאָגיש געווירקט אויך אונדזערע נישט איינגעגעבענע אַרויסטריטן. איך געדענק, ווי איך האָב געשמועסט מיט באָראָכאָוון, בעת מיר זענען צוזאַמען געפאָרן א היים. ער האָט אויך געזאָגט, אַז וועגן אונדזער אָנטייל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אויף קאָנגרעסן וועלן מיר זיך דאַרפן ווידער זייער ערנסט באַראַטן. און ס׳איז טאַקע געשען אַזוי, אַז די פּאַרטיי פון רוסלאַנד האָט אויף איר נאָענטסטער קאָנפערענץ אין ווין, אין יאָר 1909, באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

איך האָב געענדיקט דעם נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט, חתונה געהאַט און אָנגעהויבן טראַכטן וועגן תכלית און וועגן אַ מקור פון פרנסה. ביז דאַן האָב איך געלעבט אויפן חשבון פון מיין פאָטער, ס׳איז שוין אָבער געקומען די צייט צו ווערן זעלבשטענדיק און לעבן פון אייגענער פּראַצע. מיין דיפּלאָם פון נאַטורוויסנשאַפט האָט מיר נישט זייער געקאָנט העלפן. איך האָב נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט ממשיך צו זיין די שטודיעס פון דעם געביט און פאַרפולקאָמען זיך ביז צו א מדרגה פון אַן אוניווערסיטעט־דאָצענט; איך האָב אפילו נישט געקאָנט באַקומען קיין פּאָסטן פון א לערער אין א מיטלשול. די ביידע וועגן זענען געווען פאַר מיר פאַרמאַכט צוליב דעם, וואָס איך בין א ייד. דאָס רוסישע געזעץ האָט אָבער געגעבן די רעכט די, וואָס האָבן געענדיקט אַ

וועלכן נישט איז פאקולטעט צו ווענדן זיך צום בילדונגס־מיניסטער מיט אַ ביטע אויף אַ דערלויבעניש אָפּצוגעבן עקסטערן־עקזאמענס אויף אַן אנדערן פאקולטעט. האָב איך אָנגעגעבן א ביטע צום בילדונגס־מיניסטער, קאופמאַן, אָפּצוגעבן עקסטערן־עקזאַמענס אויפן יורידישן פאַקולטעט אין פעטערבורג. אינגיכן האָב איך באַקומען די דערלויבעניש און דעמאָלט האָבן מיר ביידע, איך און סאבינע אומגעקערט זיך סוף אויגוסט קיין פעטערבורג.

# אַדוואָקאַטור

## (1914—1907)

דער נאָמען פון דער הויפּטשטאָט איז געווען סאַנקט־פּעטערבורג — די הייליקע פּעטערבורג. אויף דער גרענעץ פון צוויי גורלדיקע תקופות אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד, האָט פּיאָטער דער גרויסער, דער אַזיאַטישער באַרבאַר מיט אייראָפּעישער קולטור, אויסגעבויט די שטאָט. ער האָט זי אויסגעבויט אויף זומפּן. דורך די זומפּן האָט ער דורכגעהאַקט א פענצטער קיין אייראָפּע.

ביים ברעג, אינעם כוואַליע־געשוים,
געשטאַנען איז ע ר אין זיין טרוים,
געקוקט אין דער ווייט...
...פאַרלייגט וועט דאָ ווערן אַ שטאָט
להכעיס דעם פיינט און זיין שפּאָט.

(פּושקין — „דער קופּערנער רייטער")

אין יאָר 1707 איז אַנשטאַנען די שטאָט ביי די ברעגעס פון טייך ניעווא און פינישן איינגוס, א פּאָרט־שטאָט אויפן ראַנד פון דער רוסישער מדינה, וואָס האָט פאַרבונדן דעם מזרח מיטן מערב. די לאַנדווירטשאַפטלעכע אומגעגנט איז געווען אַן אָרעמע, אָן רוימאַטעריאַלן און ברענשטאָף. פונדעסטוועגן איז פּעטערבורג געוואָרן אַ זייער וויכטיקער אינדוסטריעלער צענטער. זי איז געוואָרן אַ צענטער פון דער מעטאַל־אינדוסטריע. ס׳איז זייער לייכט געווען צו אימפּאָרטירן אַהין אַלץ פון אויסלאַנד. פון אוראַל איז געבראַכט געוואָרן מעטאַל־אַרץ. די באַפעלקערונג איז גיך געוואַקסן, פון 180 טויזנט איינוווינער אין יאָר 1764 ביז צוויי מיליאָן 300 טויזנט נפשות אין יאָר 1917.

פּעטערבורג איז אין איר וועזן געווען א נייע שטאָט, נישט ווי מאָסקווע. אין מאָסקווע איז געווען איינגעוואָרצלט דער סוחרים־שיכט פון הונדערטער יאָרן, און ער האָט עס געפורעמט איר לעבנסשטייגער, אירע אייגנאַרטיקע מנהגים. אין מאָסקווע זענען געווען אַלטערטימלעכע מאָנאַסטירן און צערקוועס מיט זייערע גרויסע און שווערע גלעקער. דאָרט איז דאָ דער „צאַר־גלאָק" און

„צאַר־האַרמאַט", דער אלטער קרעמל און „דער רויטער פּלאַץ", נאָך פון די צייטן פון איוואַן דעם גרויזאַמען.

די פאַמיליע־נעמען פון די מאָסקווער איינוווינער זענען געווען שטאָטישע פון דור־דורות: טשיטשקינס און יאַאיטשקינס — אייער־הענדלער, נאַסיעד־קינס — עופות־הענדלער, קאַראַווינס — קצבים, זשערנאָווס און כלעבניקאָווס — תבואה־סוחרים, ראזגילדייעווס און ראסטאַרגאַיעווס — גאַלאַנטעריע־סוחרים, דער מסחר איז איבערגעגאַנגען בירושה פון טאַטן צום זון אין משך פון דורות און מיטן האנדל איז אויך אריבער דער פאַמיליע־נאָמען.

אויך די נעמען פון די מאָסקווער גאַסן זענען געווען „אָריגינעלע" ווי אין יעדער אַלטער שטאָט. דאָרט איז דאָ אַ „הינט־פּלעצל" (סאָבאַטשיאַ פּלאָשטשאַד־קאָ), מאַלטשאַנאָווקאַ, ספּאַסאָווסקי פּערעאולאָק, פּאַרצייטיקע הייזער, פּאַרצייטיקע גערטנער, פּאַרצייטיקע גאַסן.

פּעטערבורג דאַקעגן איז געווען אַ פּלאַנירטע שטאָט, אָן קיין שום טראַ־דיציע, נייע הייזער, נייע רחבותדיקע גאַסן, גרויסע נייע צערקוועס, און די באַפעל־קערונג איז געקומען פון נאָענט און וויט, פון אלע עקן פון דער גרויסער מדינה, פון שטאָט און שטעטלעך, באַזונדערס פון די דערפער. דערפאַר איז טאַקע גרויס דאָרט די צאָל פון ד' אנדרייעווס, פיליפּאָווס, סעמיאָנאָווס, פּאַוולאָווס און אַנדערע; די נעמען פון די גאַסן זענען נייע און וואָיל־קלינגענדיקע: ניעווסקי־פּראָספּעקט, טראַיצקי, אַלעקסאַנדראָווסקי, ניקאָלייעווסקי, ליטייני, וולאַדימירסקי און אַנד. ס'זענען דאָרט נישט בנמצא אַזעלכע נעמען ווי דאָס „הינט־פּלעצל", נאָר פּלאַץ פון סענאַט, פּלאַץ פון ניקאָלאַי און ענלעכע.

אין די פּעטערבורגער פאַבריקן זענען אָנגעקומען דאָרפס־מענטשן, וועלכע זענען געוואָרן לוין־ארבעטער, און זיי האָבן אַריבערגעצויגן אין שטאָט אַריין אויך זייערע קרובים. אין מאָסקווע זענען אויך געווען אַ סך ארבעטער. זיי זענען אָבער געקומען אין שטאָט אַריין אויף צייטווייליק, ווייל די דאָרפישע פּעריפעריע פון מאָסקווע איז געווען א גרויסע. פּעטערבורג האָט אָבער כמעט נישט געהאַט קיין דאָרפישע פּעריפעריע, ווייל זי איז געשטאַנען אויף דער גרענעץ פון פינלאַנד. די ארבעטער זענען געקומען אַהער פון וויט, און די גרויסע פאַבריק האָט דעם מענטש אײנגאַנצן פאַרשלונגען. כדי נישט צו בלייבן פאַראיינזאַמט און אַ פרעמדער אין דער שטאָט, האָט ער אַראָפּגעבראַכט צו זיך אַ ברודער, אַ זון.

אין פּעטערבורג האָט דער ארבעטער געהאַט א מעגלעכקייט צו זען פון דער נאָענט דעם קעניגלעכן הויף, דעם צאַר מיט זיין סוויטע, און ער האָט זיך לייכט געקאָנט איבערצייגן אויף וויפל דער צאַר זאָרגט נאָר וועגן זיך און פאַר זיינע נאָענטע. אין דער צייט וואָס אין די אויגן פון וויטן דאָרף איז דער צאַר

געווען אָנגענומען פאַר אַ פּאָטער, פאַר אַ געטלעכער פּערזאָן, האָט ער אין פּעטער־בורג אַראָפּגענידערט פון הימל אויף דער ערד און ס'איז לייכט געווען אים צו זען אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט... פּעטערבורג איז געווען די שטאָט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אין דער געשיכטע פון רעוואָלוציעס האָט זי אין 20־סטן יאָרהונדערט פאַרנומען אזא אָרט, ווי פּאַריז אין 18־טן י״ה.

סאַנקט־פּעטערבורג איז געוואָרן די הויפּטשטאָט. דאָרט זענען אויפן טראָן געזעסן אַ גאַנצע ריי דייטשן און האלבע דייטשן, וואָס האָבן געווילדעוועט אין דער מדינה, אָנהייבנדיק פון יעקאַטערינע דער ערשטער, די פרוי פון פּיאָטער דעם גרויסן, די סיפילטיקערן, וואָס איז געקומען פון אויסלאַנד צו פאַרנעמען דעם רוסישן טראָן, ביז יעקאַטערינע די גרויסע, אויך אַ סיפיליטיקערין.

אין 18־טן י״ה איז דער גורל פון פּעטערבורג נישט געווען קיין מזלדיקער. כמעט אַלע אירע צאַרן זענען נישט געשטאָרבן מיט קיין נאַטירלעכן טויט.

פּעטערבורג האָט נישט געזען אין אירע גאַסן דעם פאַלקס־העלד סטיענקאַ ראַזין, ווייל אין 17־טן י״ה האָט ז'נאָך נישט עקזיסטירט. זי האָט אויך נישט געזען יעמיעליאַן פּוגאַטשאָוון, דעם קאָזאַק פון יאַיצק, וואָס האָט מיטגעצויגן מיט זיך די מאַסן פון דרום־רוסלאַנד אין די יאָרן 1775—1777 און באַדראָט די הערשאַפט פון יעקאַטערינען, ביז מען האָט אים געכאַפּט און געפירט איבער די מאָסקווער גאַסן אין אַ פאַרשלאָסענער שטייג, ווי מען פירט אַ חיה צום קוילע־נען. אָבער דער גייסט פון פּוגאַטשאָוון האָט זיך דערטראָגן אַזש קיין פּעטערבורג.

פּעטערבורג האָט אין דער ווינטער־נאַכט פון דעצעמבער 1825 שטיל זיך צוגעקוקט, ווען די בעסטע און שענסטע פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ און פון דער אַריסטאָקראַטיע, ווי דער פירשט וואָלקאָנסקי, דער פירשט טרובעצקאָי, מוראַוויאָוו־אַפּאָסטאָל, רילעיעוו און די איבעריקע דעקאַבריסטן האָבן נאָכן מיסטעריעזן טויט פון אלעקסאנדער דעם ערשטן אַרויסגעפירט די גוואַרדיע צום ווינטער־פּאַלאַץ און אָנגעפילט דעם חלל פון פּאַלאַץ מיט אויסגעשרייען: „זאָל לעבן קאָנסטאַנטין, זאָל לעבן די קאָנסטיטוציע!״ (די ווינצלער פון יענער צייט האָבן דערציילט, אַז די זעלנער האָבן געטראַכט, אַז דאָס מיינט מען אַ מאַן מיט א פרוי).

אין די פּעטערבורגער שטילע גאַסן האָבן זיך אין יאָר 1840 באַוויזן די רעוואָלוציאָנערע גרופּן פון פּעטראַשעווסקי און אַנדערע; אין די 60־ער יאָרן זענען דאָרט אויפגעקומען די רעוואָלוציאָנערע גרופּן פון מיכיילאָוו און שעלגונאָוו; אין 1866 האָט אויפגערודערט די שטאָט דער עכאָ פון קאַראַקאזאָווס שאָסן אויפן צאַר. אין די 70־ער יאָרן האָט זיך באוויזן אויף דער היסטאָרישער ארענע די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ פון קליינבירגערטום — ס'איז געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע פון די נאַראָדניקעס „ערד און פרייהייט״ (זעמליאַ אי וואָליאַ).

אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון די „93״. ס'איז געמשפּט געוואָרן די גרופּע פון ניעטשאַיעוו, דורך קראַווטשינסקין איז געהרגעט געוואָרן דער ראש פון די זשאַנדאַרמען מעזענצעוו; וויעראַ זאַסוליטש האָט דורכגעפירט דעם נישט־געלונגענעם אַטענטאַט אויף טרעפּאָוון; ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע ביים קאַזאַנער סאָבאָר; כאַלטורין האָט אונטערגעלייגט דינאַמיט אין ווינטער־פּאַלאַץ און אויפגעריסן דעם צאַרס שלאָפצימער.

אין די זיבעציקער יאָרן איז פּעטערבורג געווען אַן עדות פון אויפקום פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי די „געזעלשאַפט פריינד״ און דער „צפונדיקער פאַרבאַנד פון די רוסישע אַרבעטער״, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרן דורך די באַראָדניקעס אָבנאָרסקי און כאַלטורין.

אין די 70־קער יאָרן און אָנהייב 80־קער האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע די טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ (פרייהייט פון פאָלק״). אויף די גאַסן פון שטאָט (יעקאַטערינינסקי קאַנאַל) האָט מען זיך נוקם געווען אין די צאַרן, און דווקא אין דעם ווינציקער שולדיקן פון זיי — אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטן (1881), דער, וואָס האָט אָפּגעשאַפן דאָס לייבאייגנטום פון די פּויערים אין יאָר 1861 און דורכגעפירט געריכטס־רעפאָרמעס אין יאָר 1873.

אויף די גאַסן פון פּעטערבורג האָבן געשפּאַנט זשעליאַבאָוו, סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, העסיא העלפמאַן (וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן צוזאַמען מיט די ערשטע אין אַטענטאַט אויף יעקאַטערינינסקי קאַנאַל און צוזאַמען מיט זיי אויפ־געהאָנגען געוואָרן נאָך דעם ווי זי האָט אין תפיסה געבוירן אַ קינד).

אין יאָר 1887 האָט די אָרגאַניזאַציע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ דורכגעפירט אַ נישט געלונגענעם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

אין אָנהייב 80־קער יאָרן קומען אויף די ערשטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּעס (די גרופּע פון בלאַגאָיעוו). אין די 90־קער יאָרן האָט פּעטערבורג דאָס ערשטע מאָל געפייערט דעם 1־טן מאי (די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע פון פּרוסניעוו). אינמיטן די 90־קער יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע; „דער פּעטערבורגער פאַרבאַנד צו באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס״ — די אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט מיטן גרויסן וועבער־שטרייק אין די יאָרן 96—97 און די רעזולטאַטן פון דעם שטרייק זענען געווען — דאָס געזעץ פון 2־טן יוני 1897 וועגן דער פאַרקירצונג פון אַרבעטס־טאָג.

די צאַרן האָבן אויסגעפּוצט און באַצירט די שטאָט: דער ווינטער־פּאַלאַץ און פּלאַץ מיטן דענקמאָל „סלאַוואַ״ אין מיטן; דער אַניטשקין־פּאַלאַץ ביי דער פאָנטאַנקע — דער פּאַלאַץ פון דער אַלטער צאַריצאַ מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ, די פרוי פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן און די מוטער פון ניקאָליי דעם צווייטן. דער

לאנגער און ברייטער פּראָספּעקט; די פיר פערד־סקולפּטורן אויפן בריק פון דער פאָנטאַנקע פון סקולפּטאָר פּאלקאָנעטי; דער דענקמאָל פון פּיאָטער דעם גרויסן ביי דער ניעווא — „דער קופּערנער רייטער": דאָס פערד שטייט מיט די הינטערשטע פיס אויף אַ שלאנג, די פאָדערשטע — אויפגעהויבן אין דער הייך גרייט צום שפּרונג און אויף אים זיצט פּיאָטער דער גרויסער מיט אַן אויסגע־שטרעקטער האַנט; דער בארימטער דענקמאָל פון אלעקסאנדער דעם דריטן אויפן ניקאָלאַיעווער פּלאַץ, וואָס זיין גאַנצע שיינקייט איז אין דער שווערער משא פון פערד און זיין רייטער (די וואָג פון פערד איז קלענער ווי די וואָג פונעם רייטער); דער איסאַקיעווסקי־סאָבאָר אויף צוויישטאָקיקע גרויסע זיילן, וואָס פון אונטן זעען זיי אויס זייער קליין; פון אויבן האָט מען געקאָנט זען די גאנצע אומגעגנט ביז צום פּאָרט קראָנשטאָט ביים אַריינגאנג פון פינישן איינגוס אין באַלטישן ים. איך האָב שטענדיק געשטרעבט אַרויפצוגיין מיט די 300 טרעפּ פון דעם סאָבאָר און זען פון דאָרט אַלץ ארום. איך פלעג זיך אָבער אַלץ טרייסטן אַז איך פאַרלאָז נאָך נישט די שטאָט און וועל נאָך באַווייזן דאָס צו טאָן. און ווען ס'איז סוף־כל־סוף געקומען דער טאָג און איך בין געגאַנגען צום סאָבאָר — איז ער געווען פארמאכט, מען האָט דאָרט דורכגעפירט אַ רעמאָנט...

אויפן סענט־פּלאַץ, ביי דעם איסאַקיעווסקי־סאָבאָר, איז געשטאַנען אַ דענקמאָל פון ניקאָליי דעם ערשטן. פאַרן דענקמאָל פון טויטן ניקאָליי אויפן פערד האָבן געוואַכט זיינע שוין האַלב טויטע סאָלדאַטן — אַלטע זעלנער מיט בערד. די זקנים־וואך איז דאָרט געשטאַנען טאָג און נאכט.

דער קאַזאַנער סאָבאָר אויפן ניעווסקי־פּראָספּעקט איז געבויט גאָר אין אַן אַנדער סטיל: ער איז אויסגעשפּרייט נישט אין דער הייך, נאָר אין דער ברייט, אין אַ האַלבן רונד — און דווקא אָט דער פּלאַץ האָט געזען אַ סך זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין שייכות מיט גאָט און רעליגיע...

אין דעם סאָבאָר בין איך איינמאָל געווען. איך בין געגאַנגען מיט אַ קריסט, מיינעם אַ גוטן פריינד, און ער האָט עס מיך אָנגערעדט צו גיין אין סאָבאָר. ווען מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין, האָט מיין פריינד געקויפט אַ ליכט, אָוועקגעשטעלט עס נעבן די אָנגעצונדענע ליכט און האָט זיך פאַרהאַלטן ביי דער איקאָנע פון מאַריאַ. ער האָט זיך אַ ביסל געשעמט פאַר מיר, איך האָב אָבער אים גישט געמאַכט קיין שום פאָרוווּרף.

טיף־טיף אין טונקעלן סאָבאָר האָב איך געזען אַ פרוי אויף די קני. אירע בליקן פול צער און בענקשאַפט האָבן געקוקט פארגאַפט אויף אַ פּאָרטרעט פון אַ צווייטער מאַריאַ. זי איז געשטאַנען אויף די קני און אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגט.

אַלע פּאַלאַצן, צערקווע ס און סאָבאָרן האָבן זיך בעיקר געפונען אין צענטער שטאָט.

דער טייך ניעוואַ צעטיילט די שטאָט אויף צווייען. דער צענטער שטאָט איז צעטיילט דורך קאַנאַלן אויף עטלעכע טיילן. איינער פון די קאַנאַלן, קרייזט ארום דער שטאָט פון דער ניעווא ביז דעם אָרט, ווו דער טייך פאַלט אריין אין ים. אין יענער צייט איז דער קאַנאַל נישט געווען געדעקט מיט גראַניט, ווי די איבעריקע קאנאלן. דער ברעג איז געווען א הויכער און זאַמדיקער און דאָס וואסער איז שטענדיק געווען אומריין, ווייל דער קאנאל איז דורכגעגאנגען דורך די קווארטאלן פון דער אָרעמקייט און מען האָט אין אים אריינגעגאָסן דאָס גאנצע שמוץ. דער קאנאל איז געווען דאָס אָרט, ווו עס האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע פּסולת פון דער גרויסער שטאָט. דאָ האָט מען שטענדיק געקאָנט טרעפן דעם מענטשן־אָפּפאַל מכל המינים: גנבים, פּראָסטיטוטקעס, באָסיאַקעס און סתם בעטלער.

דער צווייטער קאנאל, א פּאַראַלעלער צום ערשטן, איז געווען די פאָנ־טאַנקע. ער האָט איבערגעשניטן דעם ניעווסקי־פּראָספּעקט און ער איז געווען קלענער. דאָ זענען שוין געווען מאָטאָר־שיפלעך פאר פּאַסאַזשירן און גרויסע לאָדקעס, ווי שיפן ממש. ס'איז דאָרט געגאנגען דער פיש־האַנדל. אויפן אָרט פלעגט מען די פיש זאַלצן און רויכערן.

נאָך דער פאָנטאַנקע גייט דער יעקאַטערינא־קאַנאַל. אויך אין אַ האַלב־קרייז, וואָס שטראָמט אין זיגזאגן און גייט ארויס אויף דער גאַס מיעשטשאַנסקאַיאַ. נאָך איר איז דאָ נאָך אַ קאנאל מאָיקא. די דאָזיקע קאנאלן האָבן דורכגעשניטן די צענטראלע אַרטעריע פון דער שטאָט — דעם ניעווסקי־פּראָספּעקט. נאָך זיי איז שוין די שטאָט געלעגן ביי די ברעגעס פון טייך ניעוואַ. די לענג פון טייך איז 60 קמ., אַ שטורמישער טייך, וואָס איז איינגעצוימט געוואָרן צווישן גראַניט־ברעגעס. זיין אַרויספלוס איז פון דער אָזיערע לאַדאָגאַ. בעת דער נאַצישער באַלאַגערונג האָט די אָזיערע געדינט פארן איינציקן וועג איבערן אייז, וואָס האָט פאראייניקט די שטאָט מיטן הינטערלאַנד. די ניעווא פאַלט אריין אין פינישן איינגוס. אויף איר צווייטן ברעג געפינט זיך די באַרימטע פעסטונג פּעטראָפּאַוולאָווסק, ווו עס זענען געזעסן אַרעסטירט פיל רעוואָלוציאָנערן אַ סך יאָרן. אין דער פעסטונג איז דערהרגעט געוואָרן די פירשטין טאַראַכאַנאָוואַ, דער קונסטמאָלער רעפּין האָט אָנגעמאָלן איר וווּנדערלעכע געשטאַלט. ביי דער פעסטונג צעטיילט זיך די ניעוואַ אויף צוויי אָרעמס, איינער גייט צום ים און רופט זיך די גרויסע ניעוואַ, און דער צווייטער קערט זיך אָפּ אויף רעכטס און הייסט די קליינע ניעוואַ. די גרויסע ניעוואַ צעטיילט זיך ווידער אויף אַ גרויסער ניעווקאַ, קליינער ניעווקאַ און מיטעלער ניעווקאַ. די אַלע ניעוועס און ניעווקעס בילדן די גרויסע דעלטעס,

וואָס זענען דער צווייטער טייל פון דער שטאָט, וואָס באַשטייט פון 6 אינדזלען: וואַסיליעווסקי, גאָלאָדאַי, אַפּטיעקאַרסקי, קאַמיענני, קרעסטאָווסקי און יעלאַגין.

דער דריטער טייל פון שטאָט, וואָס געפינט זיך אויך צווישן די ניעוואַס און ניעווקעס, איז נישט קלענער פון די פריערדיקע צוויי טיילן. ער באַשטייט פון דער גרויסער און קליינער אָכטע, „וויבאָרגסקאַיאַ סטאָראָנאַ", „סטאַראַיאַ דיערעווניא", נאָוואַיאַ דיערעווניא", לעסנאַיע א.א.

די אינדזלען אַפּטיעקאַרסקי און קרעסטאָווסקי, וואָס הייסן „פּעטערבורגסקאַיאַ סטאָראָנאַ", בילדן דעם אַריסטאָקראַטישן קוואַרטאַל מיטן צענטראַלן פּראָספּעקט(קאַמיעננאָאָסטראָווסקי); דאָ געפינען זיך די פּריוואַטע פּאַלאַצן פון די גבירים און געלט־מאַגנאַטן, פון די מיניסטאָרן און זייערע קעפּסוייבער. דאָ איז געווען דער פּאַלאַץ פון מיניסטער וויטע, פון דער באַלערינע קשעשינסקאַ, די געליבטע פון ניקאָליי דעם צווייטן. פון דעם פּאַלאַץ־באַלקאָן האָט לענין גערעדט צום פאָלק אין די חדשים אַפּריל־מאַי פון יאָר 1917.

די אינדזלען יעלאַגין און קאַמיענני זענען געווען די צענטערס פון די ווילעס פון דער אַריסטאָקראַטיע. דאָ זענען אויך געווען די קאַפּע־שאַנטאַן־הייזער און אויך פּשוטע שאַנד־הייזלעך.

דער אינדזל וואַסיליעווסקי, וואָס איז געבויט אין אַ פאָרם פון אַ שאַךברעט, איז געווען דער קוואַרטאַל פון וויסנשאַפטלער און סטודענטן. דאָ איז געווען דער אוניווערסיטעט — אַ רויטע און זייער לאַנגע געביידע. אויפן קאָרידאָר וואָס האָט זיך געצויגן אין דער גאַנצער לענג פון בנין, מיט פענצטער אָן אַ צאָל, פלעגן תמיד זיצן סטודענטן. אין די אוידיטאָריעס (אויף די פענצטער און אין קאָרידאָר), האָבן זיך כסדר געצויגן ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס צווישן באָלשעוויקעס, מענשעוויקעס, ס.ר.׳ן, פּועלי־ציון און בונדיסטן.

אין די יאָרן 1906—1907, האָט מען דאָ געקאָנט הערן די היציקע רעדעס פון חבר „אַבראַם" (שפּעטער, בעת דער ראַטנמאַכט — דער בארימטער פּראָקוראָר קרילענקאָ). דער וויסנשאַפטלעכער כאַראַקטער פון אינדזל האָט, ווייזט אויס, באַאומרויקט די אַריסטאָקראַטישע מאַכט, דערפאַר האָט זי באַשטימט אַן אָרט פאַרן בנין פון דער בירזשע נעבן אוניווערסיטעט.

אין ערשטן טייל שטאָט, פון דעם אומקרייז־קאַנאַל ביז דער ניעוואַ, איז געווען דער אדמיניסטראַטיווער, פינאַנסיעלער און האנדלס־צענטער פון דער שטאָט. דאָ זענען געווען די מאַרקפּלעצער, דער „גאָסטיני דוואָר" — דער צענטער פון דעטאַל־האַנדל, מיט אָן אַ שיעור אויסגעפּוצטע שויפענצטער, האָט פאַרנומען א גאנצן קוואַרטאַל. נישט ווייט פון אים איז געווען דער „אַפּראַקסין־רינאָק", צענטער פון הורט־האַנדל, דער „אַלעקסאַנדראָווסקי־רינאָק" מיט די אַלערליי

מינים אַנטיקוואַר־געשעפטן. דאָרט האָבן זיך תמיד אַרומגעדרייט די אַמאַטאָרן פון אנטיקוואר־חפצים און יקר־המציאותן.

מיינער א חבר אַן אַדוואָקאַט, איז געווען „משוגע" אויף קאָלעקציאָנירן „ריזעס", לייוונטענע פּאַסן פאַרוועבטע מיט גאָלד און זילבער, וואָס די גלחים פלעגן אָנטאָן אויפן האַלדז. ענלעכע צו די אויף די אַלטאַרן, פאַר וועלכע זיי האָבן געקניט. נישט איין מאָל האָט ער מיך מיטגעשלעפּט זוכן די דאָזיקע „מציאות" אויפן „אַלעקסאַנדראָווסקי רינאָק". און אַן אנדערער חבר מיינער האָט געהאט א באַזונדערע שוואכקייט צו זאכן וואָס זענען שוין לאנג ארויס פון געברויך אויף דער וועלט. איינמאָל האָט ער מיר געוויזן אַן אַנטיקוואַרן „לאק" — אַזאַ קיילעכדיקע קופּערנע כלי מיט אַ לאַנג העלדזל, וואָס די פרומע יידן פלעגן אין איר אַריינגיסן וואַרעם וואַסער ערב־שבת און פלעגן זי פאַרבאַהאַלטן אונטער אַ פּערענע, כדי די וואַרעמקייט זאָל נישט פאַרשווינדן דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג. בקיצור, מען האָט דאָ געקאָנט געפונען אַלץ צו וואָס דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט.

דאָ אויף דער סאַדאָווער גאַס, צווישן „אפּראַקסין" און דעם „אַלעקסאַנדראָווסקי רינאָק", אין צענטער שטאָט, האָט זיך געפונען דער צענטראַלער שפּייזמאַרק, וואָס פלעגט באַדינען סיי די רייכע, סיי די אָרעמקייט. די ריחות פון „סיענוי רינאָק" האָבן דערגרייכט ביז ניעווסקי־פּראָספּעקט. נישט ווייט פון מאַרק איז געווען די וולאַדימירסקאַיאַ לאַווראַ, זי איז געווען באַרימט לגנאי — אַ גרויסע, גרויע געביידע, וואָס אין אירע קעלערן און לעכער האָט זיך גענעסטיקט דער מענטשלעכער אָפּפאַל, די מענטשן פון אָפּגרונט. אַהין פלעגן קומען איבערנעכטיקן די אלע, וואָס האָבן נישט געהאט קיין דאך איבערן קאָפּ — גאַסןפרויען, באָסיאַקעס און שיכורים. ס'איז געווען א סכנה פאַרבייצוגיין דעם אָרט, שוין אָפּגערעדט פון אריינגיין אהין.

אין אָט דעם טייל שטאָט זענען געווען די בענק, די מלוכהשע אַמטן, די געריכטן, דער סענאַט. דאָ האָבן בעיקר געוווינט אַדוואָקאַטן און נאָטאַרן. דאָ זענען אויך געווען די תפיסות.

דער אַרבעטער־צענטער איז געווען אין דריטן טייל פון דער שטאָט, אויף די אָכטעס, באַזונדערס אויף דער „וויבאָרגסקאַיאַ סטאָראָנאַ". דאָרט זענען געווען די גרויסע פאַבריקן, ווי דער פּוטילאָווער זאַוואָד, וואָס האָט באַשעפטיקט בערציק טויזנט אַרבעטער, „עריקסאָן", דער געווער־אַרסענאַל א. א.

פּעטערבורג ליגט אויף בלאָטעס, נישט איינמאָל איז אויסגעבראָכן די כאָליערע אין שטאָט. זייער גרויס איז געווען די שטערבלעכקייט פון קינדער צוליב אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. ס'זענען אָבער געווען אַרום דער שטאָט אַ סך בערגלעך. דאָרט זענען געווען די בערגלעך ליגאָווא, פּאַרגאָלאָוואָ, און דודערהאָף.

די שיינע מקומות דודערהאָף, פּעטערהאָף, קראַסנאָיע סיעלאָ, צאַרסקאָיע סיעלאָ (איצט דיעטסקאָיע) גאַטשינאַ און אָראַניענבאַום — האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט מיט צאַרישע פּאַלאַצן, שיינע גערטנער, באַסיינען און פּראַכטפולע אַלייען.

אַזוי האָבן די צאַרן געבויט די הויפּטשטאָט מיט די הענט פון מיליאָנען קנעכט. אין משך פון צוויי הונדערט יאָר, האָט פּעטערבורג געדולדיק געליטן פון די רוסישע פּריצים, פון דער דייטשישער דינאַסטיע, וואָס האָבן אונטערדריקט און געשטיקט דאָס רוסישע פאָלק. אָבער די שטים פון די דעקאַבריסטן, פּעטראַשעווצעס און די נאַראָדאָוואָלצעס איז נישט דערשטיקט געוואָרן. אין ביינצנטן יאָרהונדערט, האָבן זיך באַוויזן אויף דער אַרענע די גרויסע שרייבער פּושקין און לערמאָנטאָוו, די שרייבער־רעוואָלוציאָנערן גערצען, טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, ביעלינסקי און פּיסאַרעוו, די גרויסע שרייבער גאָגאָל, טורגע־ניעוו, ניעקראַסאָוו, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי א. א. די הויפּטשטאָט האָט זיי אַלע אריינגענומען, און אַלץ וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן אין משך פון יאָרהונדערטער אין דער נשמה פון רוסישן פאָלק און פון זיין הויפּטשטאָט, האָט אין אָנהייב 20־סטן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אַנטפּלעקן זיך. דאָס ליידנדיקע און אונטער־דריקטע פּעטערבורג האָט אָפּגעענטפערט אויפן רוף און איז אַרויס אין קאַמף:

דעם 2־טן מאַי 1907, האָב איך באַקומען א צייטווייליקע באַשטעטיקונג, אַז איך האָבן געענדיקט דעם נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט אין פּעטערבורג, און דעם 26־סטן אויגוסט פון דעם יאָר, נאָכן אומקערן זיך פון אויסלאַנד, האָב איך דאָס ערשטע מאָל געגומען אין האַנט אַריין די ענציקלאָפּעדיע פון רעכט.

מיר זענען אַריין וווינען אין „מעבלירטע צימערן" אויף „פּאַנאַרבי פּערעאולאָק". די מעבלירונג איז געווען אַ סטאַנדאַרטע: אַ טיש, אַ בעט, שטולן. צוויי מאָל אין טאָג האָט מען דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר. די לופט אין צימער איז געווען אַ דערשטיקנדיקע — די באַלעבאָסטע האָט נישט געוואָלט לופטערן, זי זאָל נישט דאַרפן מער הייצן. פאַרנאַכט פלעגן זיך צונויפקומען די סטודענטן פון די איבעריקע צימערן, מען פלעגט אין קאָמפּאַניע טרינקען טיי און דיסקוטירן.

ווינטערצייט איז דער טאָג זייער א קורצער. איינמאָל האָבן מיר שטאַרק אויסגעקוקט דעם פּאָסט־טרעגער, מיר האָבן געוואַרט אויף געלט פון דער היים. ווען דער אויסלייזער איז ענדלעך געקומען, האָבן מיר אים שיער נישט אַרויס־געוואָרפן, הלמאי ער האָט אונדז אויפגעוועקט „האַלבע נאַכט" — ס'איז שוין געווען צען אַזייגער אינדערפרי, אָבער צוליבן געדיכטן נעפּל האָבן מיר זיך געפונען אין אַ חושך־מצרים. אָבער פּעטערבורג אין פרילינג, מיט זיינע ווייסע נעכט קאָן

מען נישט פאַרגעסן דאָס גאַנצע לעבן. די פּעטערבורגער תושבים, וואָס זענען שוין צוגעוווינט צו די דאָזיקע נעכט, פאַרהענגען די פענצטער מיט שוואַרצע פאָרהאַנגען, כדי דאָס ליכט זאָל נישט שטערן דעם שלאָף. מיט דער צייט האָבן מיר אויך אַזוי געטאָן, ווייל דאָס ליכט אין די ווייסע נעכט איז ענלעך צו בין־השמשות, אָבער אין דער ערשטער צייט איז דאָס געווען פאַר אונדז אַן אויסער־געוויינלעכע דערשיינונג. גאַנצע נעכט פלעגן מיר ארומשפּאַצירן איבער די גאַסן, באַזונדערס אויפן ברעג פון דער ניעווא. אויף די דאָזיקע שפּאַצירן אין אַלעק־סאַנדראָווסקי־גאָרטן, פלעגן מיר זיך נישט איינמאָל טרעפן מיט באָסיאַקעס און פלעגן מיט זיי צוזאַמען אָפּזיצן שעהן אויף די בענק אין גאָרטן. מיר פלעגן מיט זיי פאַרפירן געשפּרעכן וועגן אַ סך זאַכן, אָבער יעדעס געשפּרעך פלעגט זיך פאַרענדיקן אויף אזא אופן: „גיב, באַרין, 5 קאָפּיקעס אויף אַ טרונק בראָנפן!" און ווי זשע האָב איך געקאָנט נישט געבן אים, דעם דאָזיקן באָסיאַק, מיט דער געלער באָרד, אַז ער קוקט אויף אונדז, אויף מיר און סאַבינען, און זאָגט מיט אַ שמייכל: „ליבע, הער סטודענט, קיין בעסערע זאַך פון ליבע איז נישטאָ!"

אין די ווענט פון אוניווערסיטעט האָט געהערשט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. אין עס־זאַל פלעגן זיך צונויפקומען טויזנטער סטודענטן. זיי האָבן דאָרט באַקומען ברויט אומזיסט און טייל פון זיי פלעגן נאָך קויפן פאַר א קאָפּיקע אַ טעלער קאַשע. ס'זענען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט בלויז פון דעם ברויט.

איך האָב אָנגעהויבן פלייסיק צו לערנען, פון צייט צו צייט פלעג איך גיין אויפן אוניווערסיטעט צו די פאָרטראַגן פון די פּראָפעסאָרן. נישט איינמאָל האָב איך געהערט די פאָרטראַגן פון באַרימטן סאָציאָלאָג מאַקסים מאַקסימאָוויטש קאָוואַליעווסקי. זיין ריזיקער קערפּער האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה. ער האָט דער־ציילט, אַז בעת ער איז געווען אין דייטשלאַנד, האָט ער געהערט ווי א רוסישע סטודענטין זאָגט צו איר חברטע — אָנווייזנדיק אויף זיין אויסזען, — „קוק נאָר אָן דעם דאָזיקן דייטשישן חזיר". ער האָט זיך אויסגעדרייט צו זיי מיט אַ שמייכל און אויסגעבעסערט: „נישט קיין דייטשישער חזיר נאָר א רוסישער". איך האָב געהערט די פאָרטראַגן פון פּראָפעסאָר פון געריכטס־פילאָזאָפיע, דעם פּאָליאַק פּעטראַזשיצקי, ער איז געווען זייער אָריגינעל מיט זיין אופן פון דערקלערן, למשל, א טעאָריע וואָס האָט אַ שמאָלע באַזע און ברייטע מסקנות, האָט ער פאַרגליכן צו א מענטש מיט א גרויסן קאָפּ און קורצע פיס. צווישן די סטודענטן איז געווען באַזונדערס פּאָפּולער דער דאָצענט יעווגעני טאַרלע, וואָס איז דערנאָך געוואָרן באַרימט אלס איינער פון די אויסגעצייכנטע סאָוויעטישע וויסנשאַפטלער. ער איז געווען א לעקטאָר פון געשיכטע און אזוי אָנציענדיק גערעדט, אַז איך פלעג זיצן און הערן מיט אַן אָפן מויל.

*

עס האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון דער רעאַקציע. די ערשטע דומע איז פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן דורכן צאַר אין יאָר 1906. די דעפּוטאַטן האָבן זיך צונויפגענומען אין וויבאָרג און אַרויסגעלאָזט די באַרימטע פּראָקלאַמאַציע, וואָס האָט גערופן נישט צו צאָלן קיין שטייערן. דער צאַר האָט אויף דעם געענטפערט מיטן שטעלן די דעפּוטאַטן פאַרן געריכט און מיט אַרעסטן.

די צווייטע דומע איז זיך צוזאַמענגעקומען דעם 20־סטן פעברואַר 1907, און האָט עקזיסטירט ביזן 2־טן יוני פון דעם יאָר. דער צאַר האָט געהאַלטן די דומע פאַר נאָך אַן ערגערער ווי די ערשטע. אין דער ערשטער דומע זענען געווען 190 קאַדעטן (קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן), 100 אומפּאַרטייאישע, 99 טרו־דאָוויקעס, 47 אויטאָנאָמיסטן (גרופּעס פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן) און 17 סאָציאַל־דעמאָקראַטן, מענשעוויקעס. אין דער צווייטער דומע איז דער רעכטער פליגל גרעסער געוואָרן מיט 54 דעפּוטאַטן, אָבער דער לינקער פליגל האָט זיך אויך פאַרגרעסערט מיט 111 דעפּוטאַטן. די טרודאָוויקעס האָבן געהאַט 104 דעפּוטאַטן. די פאָלקס־סאָציאַליסטן בראש מיט מיאַקאָטינען האָבן געהאַט 16 דעפּוטאַטן. די ס.ר.׳ן — 37 און די ס.ד. — 65. די רעגירונג האָט אַרויסגערוקט אַ פאָדערונג אויסצושליסן פון דער דומע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן, באַשולדיקנדיק זיי אין אַ מיליטערישער פאַרשווערונג. נאָך איידער די דומע האָט באַוויזן אָנצונעמען אַ באַשלוס וועגן דער פראַגע, האָט די רעגירונג שוין פאַנאַנדער־געלאָזט די דומע און אַרעסטירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן. דעם 22־סטן נאָוועמבער זענען זיי געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געריכט. 18 פון זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע און 10 זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

גלייכצייטיק מיטן פאַנאַנדערלאָזן די צווייטע דומע, האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס איז געווען אין סתירה צו דער קאָנסטיטוציע, וועגן ענדערן די וואַל־אָרדינאַציע. לויט דעם נייעם דעקרעט איז באַגרענעצט געוואָרן דאָס וואַל־רעכט פון די אַרבעטער און פּויערים, ס׳איז רעדוצירט געוואָרן די צאָל דעפּוטאַטן פון פּוילן, קאַווקאַז, סיביר און מיטלאַזיע. פּוילן האָט אויס־געוויילט צו די ערשטע צוויי דומעס 49 דעפּוטאַטן. לויט דער נייער וואַל אָרדי־נאַציע האָט זי געהאַט דאָס רעכט צו וויילן נאָר 12 דעפּוטאַטן. וואַרשע האָט געהאַט רעכט נאָר אויף איין דעפּוטאַט. אין די וואַלן פון 1912 יאָר איז אויס־געוויילט געוואָרן יאַגעלאָ, אַ מיטגליד פון פּ.פּ.ס. וואַרשע האָט אויסגעוויילט 60 עלעקטאָרן און זיי האָבן געדאַרפן אויסוויילן איין דעפּוטאַט. אַלס עלעקטאָרן זענען אויסגעוויילט געוואָרן 32 יידן און 28 פּאָליאַקן. דאָס איז אויך געווען אַ שפּיצל פונעם נייעם געזעץ, וואָס לויט אים נאָך, האָט די יידישע באַפעלקערונג וואָס האָט געציילט בערך אַ דריטל פון די איינוווינער, באַקומען דעם רוב

עלעקטאָרן. די יידישע עלעקטאָרן האָבן פון פאָרויס באַשטימט, אַז אין וואַרשע, דער הויפּטשטאָט פון פוילן, זאָל אויסגעוויילט ווערן אַ פּאָליאַק אלס דעפּוטאַט אין דער דומע. זיי האָבן געפאָדערט אז ער זאָל פארטיידיקן די יידישע אינטערעסן. אָבער די עלעקטאָרן־פּאָליאַקן, וואָס זענען אין זייער רוב געווען ענדעקעס, (מיטגלידער פון נ.ד.), האָבן אַרויסגערוקט די קאנדידאטור פון אַן ענדעק — דמאָווסקי. די יידן זענען אויף דעם נישט מסכים געווען און האָבן מיט זייערע שטימען דעצידירט אויפן אויסוואַל פון יאַגעלאָ, וואָס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן דורך פּ.פּ.ס. די וואַלן האָבן אויפגעבראַכט די פוילישע שווארצע כוחות און אלס נקמה־אַקט האָבן די ענדעקעס פּראָקלאמירט אן עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן די יידן אין גאַנץ פוילן.

און נאָך איין כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד פון יענע יאָרן: די קאָדעטישע פּארטיי האָט אין איר ליסטע אין אָדעס אַרויסגערוקט די קאנדידאטור פון יידישן אדוואָקאַט ארקאַדי בראָצקי. האָט דער הויפּט־פּראָקוראָר ערגעץ אויסגעפונען פון אלע 16 בענדער פון דער רוסישער געזעצגעבונג אַ פּונקט, וואָס פאַרבאָט יידן זיך אָנצורופן מיט אַ קריסטלעכן נאָמען. אויף דעם סמך האָט ער דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע פון קרימינעלן כאראקטער אויפן אַדוואָקאַט בראָצקי, ווייל „ארקאדי״ איז א קריסטלעכער נאָמען. דאָס אָדעסער געריכט האָט בראָצקין פארמשפּט, און דער סענאַט, צו וועלכן ער האָט אָנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע, האָט באַשטעטיקט דעם פּסק־דין פון געריכט. צווישן די יידישע אַדוואָקאַטן האָט דער משפּט אויפגעהויבן א שטורעם, מיר האָבן געטענהט, אַז מען קאָן נישט באשולדיקן א מענטש פאר זיין קריסטלעכן נאָמען, העכסטנס קאָן מען צוציען צו פאראנטוואָרטלעכקייט זיינע עלטערן און דעם מעטריקאַלן באַאַמטן. אין שייכות מיט דעם איז אָנגעפאלן אַ גרויסער פּחד אויף די יידישע אדוואָקאַטן, באזונדערס אויף די וואָס אין זייערע מעטריקעס זענען זיי געווען פארשריבן מיט יידישע נעמען און זיי האָבן זיך אָנגערופן מיט קריסטלעכע. היות די אַדוואָקאַטן האָבן געהאַט זייערע בלאַנקעטן און וויזיט־קאַרטן מיט קריסטלעכע נעמען, האָבן זיי פארברענט די פּאַפּירן און אָפּגעדרוקט נייע, מיט יידישע נעמען. אַזוי איז מיין חבר מאַקסים לוואָוויטש לייבמאַן געוואָרן צוריק מאָרדקאָ, דער זון פון לייבע, ווי ער איז געווען פאַרשריבן אין זיין מעטריקע. ביי מיר איז געבליבן ווי געווען — „נאַום מאָיסעיעוויטש״, ווייל איך האָב זיך געטראַכט, אז סיי מיין נאָמען און סיי דער נאָמען פון מיין פאָטער זענען כשרע יידישע נעמען.

די פערטע דומע האָט עקזיסטירט פון 1912־טן יאָר ביזן אָנהייב פון יאָר 1917. די איבערוויגנדיקע מערהייט אין די צוויי דומעס — דריטע און פערטע — איז געווען פון די פּריצים און דער גרויס־בורזשואזיע, טרודאָוויקעס איז געווען 14 אין דער דריטער דומע און 10 אין דער פערטער, סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז געווען צו 14 אין יעדער פון זיי.

טאָג־טעגלעך האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן טויט־שטראָפן פאַר פּאַרמישטע אין עקספּראָפּריאַציעס. מען האָט געשטעלט פאַרן געריכט סאָציאַל־דעמאָקראַטן און עסערן. אויפן סמך פון אַ פּרינציפּיעלן באשלוס פון סענאַט, האָט מען זיי פון איצט געמשפּט נישט מיטן פּאַראַגראַף 126 פון קרימינעלן קאָדעקס, וואָס לויט אים נאָך האָט די שטראָף אויסגעמאַכט עטלעכע חדשים תפיסה, נאָר לויטן פּאַראַגראַף 102 (פאַרשווערונג און פאַראַט), וואָס לויט אים איז מען פאַרמשפּט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע. דער פּראָקוראָר האָט נאָר געדאַרפט באַווייזן דעם שייכות פון באַשולדיקטן צו דער פּאַרטיי ס.ד. אָדער ס.ר., און דאָס איז שוין גענוג געווען פאַר די ריכטער אַרויסצוטראָגן אַן אורטייל. מ'האָט נישט געפאָדערט קיין באַווייזן וועגן דער באַטייליקונג פון באַשולדיקטן אין באַשטימטע אַקציעס.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס די לינקע פראַקציעס זענען געווען זייער קליין אין צאָל אין דער דריטער דומע, זענען זיי פונדעסטוועגן געוואָרן דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכער פּאַראַינטערעסירונג און קאַמף. אַלע פלעגן האָבן אַ סאַטיספאַקציע פון די אַרויסטריטן פון די לינקע דעפּוטאַטן. דאָס האָט אָבער גאָרנישט געווירקט אויף דער מאַכט. די טויט־שטראָפן פלעגן ווערן אַרויסגעגעבן טאָג־טעגלעך. איך האָב זיך געטראָפן מיט אַ יידישער אומגליקלעכער פרוי יאַסלסאָן פון ריגע, וואָס האָט אין משך פון א גאַנצן חודש אָפּגעשלאָגן די טירן אין אַלע אַמטן, כדי צו ראַטעווען אירע צוויי זין, פאַרמשפּטע צום טויט פאַר זייער כלומרשטן אָנטייל אין אַן עקספּראָפּריאַציע. זיי זענען געווען אומשולדיק, און אויך פון געריכטלעכן שטאַנדפּונקט זענען די באַווייזן קעגן זיי געווען שוואַכע. דאָס מיליטערישע געריכט האָט זיך אָבער נישט גערעכנט מיט קיין באַווייזן, און די ברידער יאַסלסאָן זענען ביידע אויפגעהאָנגען געוואָרן אין איין טאָג. די גאַנצע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט און די רוסישע אינטעליגענץ האָט געקריצט מיט די ציינער אויף די דאָזיקע טויט־אורטיילן. אין 1908־טן יאָר, איז דער גרויסער רוסישער שרייבער לעוו טאָלסטאָי אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַרטיקל קעגן דער פעלשונג פון געריכט אונטערן טיטל „איך קאָן נישט שווייגן!". טריי זיין שיטה, איז טאָלסטאָי אַרויסגעטראָטן אלס עקסטרעמער קעגנער פון יעדן מין געוואלט, אפילו רעוואָלוציאָנערן. דער אַרטיקל האָט געמאַכט א שטאַרקן רושם אויף דער גאַנצער רוסישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַרויסגעטראָטן דער מיטאַרבעטער פון דער קאַדעטישער צייטונג „רעטש", דער פּראָגרעסיווער פּובליציסט אלעקסאנדער יאַבלאָנאָווסקי, מיט אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „מענטשלעכע דאָקומענטן", אין וועלכן ער האָט ציטירט דערשיטערנדיקע בריוו, וואָס די פאַרמשפּטע צום טויט האָבן געשריבן פאַר דער עקזעקוציע צו זייערע קרובים און חברים. אין דער

זעלבער צייט איז דערשינען דער ראָמאַן פון אַמפיטעאַטראָוו, וואָס זיין טעמע איז די צאַרישע משפּחה. דער טיטל פון ראָמאַן איז „די משפּחה פון די אָבמאַנאָווס״ („אָבמאַן״ — איז אויף רוסיש — אָפּנאַרעריי), אַ רמז אויף דער דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס — די דינאַסטיע פון די צאַרן. דער ראָמאַן איז דערשינען לעגאַל, ער איז אָבער זייער שנעל אַרויסגעצויגן געוואָרן פון פאַרקויף. מען האָט נישט געקאָנט שטעלן אַמפיטעאַטראָוון פאַרן געריכט, ווייל עס איז נישט געווען קיין בפירושער געריכטלעכער באַווייז, אַז דער ראָמאַן איז אויסן די משפּחה ראָמאַנאָוו. אין דער אמתן איז אָבער אין דעם ראָמאַן געשילדערט געוואָרן נישט בלויז די משפּחה פון צאַר ניקאָליי, נאָר די גאַנצע געשיכטע פון דער צאַרישער דינאַסטיע, וואָס אירע פאַרשטייער זענען אַלע געווען סיפיליטיקער און פאַרדאָרבענע נפשות פון דייטשישן אָפּשטאַם.

די דומע מיט איר רעאַקציאָנערער מערהייט איז נישט געווען ביכולת עפּעס אויפצוטאָן, האָט מען אין די אויפטריטן פון די אָפּאָזיציאָנעלע דעפּוטאַטן געהאַט אַ סאַטיספאַקציע און אַ געפיל פון פאַרלייכטערונג. איך געדענק דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט דער ענערגישער אַרויסטריט פון קאַדעט ראָדיטשעוו. ער האָט גערעדט וועגן מוראַוויאָוון פון די 60־ער יאָרן, וועלכן מען האָט גערופן מוראַוויאָוו דער הענקער, און האָט אים פאַרגליכן צו סטאָליפּינען: „ס'איז נישטאָ קיין אונטערשיד צווישן קראַגן פון מוראַוויאָוון און דעם קראַוואַט פון סטאָליפּינען״...

אַ דאַנק בורצעוון איז דאַן אויפגעדעקט געוואָרן, אַז אין צענטראַל־קאָמיטעט פון די ס.ר.׳ן געפינט זיך אַ פּראָוואָקאַטאָר — אַזעף. די ידיעות האָט בורצעוו באַקומען פון דעם הויפּט פון פּאָליציי־דעפּאַרטעמענט — לאָפּוכין. אַזעף, וועלכער איז געווען פאַרבונדן מיט דער פּאָליציי פון 1893־טן יאָר, איז אריינגעטראָטן אין דער פּאַרטיי פון די עסערן און איז אוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פון דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע. ער פלעגט צוגרייטן די אַטענטאַטן אויף די מיניסטאָרן און דערנאָך איבערגעגעבן וועגן זיי דער פּאָליציי. ער האָט אַזוי־אַרום געשפּילט אַ טאָפּלטע שפּיל, און די גרעסטע צאָל אַטענטאַטן זענען דורכגעפאַלן. כדי אָבער נישט צו דערוועקן קיין חשד ביי דער פּאַרטיי, האָט די פּאָליציי פון פאָרויס מסכים געווען אויף טעראָר־אַקטן. אַזעף האָט אָרגאַניזירט דאָס דערהרגענען פלעווען אין 1904־טן יאָר, דעם אַטענטאַט אויפן גרויספירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש אין מאָסקווע אין יאָר 1905. ער האָט עס איבערגעגעבן דער פּאָליציי די רשימה פון אַלע 17 מיטגלידער פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, און זיי זענען אַלע אויפגעהאָנגען געוואָרן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער געשעעניש

האָט לעאָניד אנדרייעוו אָנגעשריבן זיין באַרימטע דערציילונג „די זיבן געהאָנגענע״.

אין אַלע פּאַרטייען זענען געווען פּראָוואָקאַטאָרן. אין 1912 יאָר איז ראָמאַן מאַלינאָווסקי אויסגעוויילט געוואָרן מיט דער הילף פון דער פּאָליציי אין דער פערטער דומע, און ער איז געווען אַ באַשטימטע צייט פון לענינס פּאַרטרויונגס־מענטשן. דער גענעראַל דזשונקאָווסקי האָט מודיע געווען דעם דומע־פּאָרזיצער ראָדזיאַנקאָ, אַז מאַלינאָווסקי שטייט אין פּאַרבינדונגען מיט דער פּאָליציי, און יענער איז געווען געצווונגען אָפּצוזאָגן זיך פון זיין מאַנדאַט. אין 1918 האָט אים די ראַטנמאַכט פאַרמשפּט צום טויט. איך האָב געקענט דעם פּראָוואָקאַטאָרס פרוי. צו מיין חבר פּעטיאַ שוואַרצמאַן אין פּעטערבורג פלעגט אַרייקומען אַ בן־בית באַריס זייד, אַ פריילעכער בחור, וואָס האָט געשפּרודלט מיט הומאָר. נישט איינמאָל פלעגן מיר מאַכן שפּאַצירן אין שטאָט. איז איינמאָל צו אונדז אָנגעקומען אַ וואַרשעווער יידישע צייטונג, און דאָרטן האָבן מיר געזען אַ נאָטיץ וועגן אַ פּראָוואָקאַטאָר פון דרום־רוסלאַנד מיטן נאָמען באַריס זייד. מיר זענען געוואָרן איבעראַשט און נישט געוואָלט גלייבן אין דער ידיעה. האָבן מיר ביידע, איך און שוואַרצמאַן, פאַרבעטן צו זיך באַריס זיידן און האָבן אים געשטעלט עטלעכע פראַגן אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאַקטן וואָס זענען געווען אָנגעגעבן אין דער צייטונג. דער יונגערמאַן איז געוואָרן זייער צעטומלט, און פון דאַן אָן האָט ער זיך צווישן אונדז מער נישט באַוויזן.

פּעטערבורג האָט נישט זוכה געווען נוקם צו זיין זיך אין סטאָליפּינען. סטאָליפּין איז דערהרגעט געוואָרן אין קיעוו דורך באָגראָוון אין 1910־טן יאָר בעת אַ גאַלאַ־פאָרשטעלונג אין טעאַטער. באגראָוו איז געווען אַ ייד, אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער געהיים־פּאָליציי. כדי זיך ריינצווואַשן, האָט ער דערהרגעט סטאָליפּינען.

ווען ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז די עקזאַמענס אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט זענען זייער שווערע, האָב איך באַשלאָסן אָפּגעבן ד׳ עקזאמענס אין דער עסטאָנישער שטאָט דאָרפּאַט, וואָס איר רוסישער נאָמען אין געווען יוריעוו. אין אוניווערסיטעט האָב איך זיך באַקענט מיט אַ חבר, מאָריס לאַזאַרסאָן, וואָס האָט זיך אויך געגרייט אָפּצוגעבן די עקזאַמענס אויף יורי אלס עקסטערן. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט צו לערנען צוזאמען און דערנאָך פאָרן קיין יוריעוו.

אין אָנהייב יאַנואר פון 1908־טן יאָר זענען מיר אַריבערגעפאָרן קיין יוריעוו. מיר האָבן דאָרטן געדונגען צוויי צימערן ביי אַ דייטשישער פאַמיליע. מיר פלעגן דאָרט לערנען בערך 13 שעה אַ טאָג, אַזוי פון אָנהייב יאַנואַר ביז אין מיטן מאַי. אין פעברואַר איז אויך סאָבינע געקומען קיין יוריעוו.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען מיך גערופן אין דער פּאָליציי און מען האָט מיר געמאָלדן, אַז איך דאַרף פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל יוריעוו איז געווען אויסער דעם תחום המושב. איך האָב טאַקע געהאַט מיין ציטוווייליקע צייגעניש וועגן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט אין פּעטערבורג, אָבער קיין דיפּלאָם האָב איך נאָך נישט געהאַט, דערפאַר האָט די פּאָליציי געהאַלטן, אַז איך קאָן נישט פאַר־רעכנט ווערן אַלס אַבסאָלווענט פון אוניווערסיטעט און איך טאָר נישט וווינען אין יוריעוו. ס'איז מיר אויסגעקומען צו פּטרן אַ סך צייט ביז ס'האָט זיך מיר ענדלעך איינגעגעבן מבטל צו מאַכן די גזירה.

ווען מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים צוטרעטן בייצולייגן די עקזאַמענס, זענען געווען סטודענטן וואָס האָבן פון אונדז געלאַכט: ווי קאָן מען דאָס אין משך פון עטלעכע חדשים דורכמאַכן אַ קורס וואָס מען לערנט אים אין משך פון יאָרן.

בדרך כלל פלעגן מיר, איך און לאַזאַרסאָן, זיין די ערשטע בעת די עקזאַמענס. ווען די סטודענטן האָבן געזען, אַז מיר גיבן זייער גוט אָפּ די עקזאַ־מענס, האָבן זיי באַשלאָסן נישט צו לאָזן אונדז זיין פון די ערשטע, ווייל מיר פאַרמינערן, לויט זיי נאָך, זייערע אויסזיכטן אָפּצוגעבן די עקזאַמענס. עקזאַמי־נירנדיק זיך די לעצטע, האָבן מיר אָבער אויך באַקומען די בעסטע צייכנס פון אַלע עקזאַמענס (זייער גענוגנדיק).

אַ גרויסער וואונדער איז געווען דאָס, וואָס דווקא פון האַנדלס־רעכט, אַ טעמע וואָס איז לאַזאַרסאָנען געווען גוט באַקאַנט, נישט בלויז טעאָרעטיש, נאָר אויך פּראַקטיש, ווייל פאַרן שטודירן האָט ער געאַרבעט אַלס געשעפטס־פירער פון האַנדלס־הייזער אין ריגע, — האָט ער באַקומען פון דער טעמע נאָר „גענוגנ־דיק", און איך — „זייער גענוגנדיק". פון אַלע 17 טעמעס האָב איך באַקומען „זייער". איך האָב באַדאַרפט אין משך פון זומער אָנשרייבן אַ דיסערטאַציע, איך האָב אויסגעקליבן די טעמע: „דאָס אַרויסגעבן פאַרברעכער פון שטאַנדפּונקט פון קרימינעלן רעכט".

דער ענין פון אַרויסגעבן פאַרברעכער האָט פאַקטיש געהאַט אַ שייכות צו אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, אָבער איך האָב געוואָלט באַווייזן, אַז דאָס עצם אַרויסגעבן פאַרברעכער פון איין מלוכה צו אַ צווייטער איז שוין אַ געוויסע שטראָף.

אגב, ווי אַ מענטש מיט אַ באַשטימטער וועלט־אָנשויונג, האָב איך נישט געקאָנט נישט באַציען זיך מיט שאַרפער קריטיק בנוגע פיל געזעצן. איך האָב איינגעזען, אַז דער ציווילער קאָדעקס פאַרטיידיקט די באַזיצנדיקע קלאַסן, דאָס געזעץ נעמט נישט אין באַטראַכט, דעם מצב פון אָנגעקלאָגטן און פאַרטיידיקט נאָר די אינטערעסן פון די באַזיצנדיקע, נישט אַריינגייענדיק אין „מעטאַפיזישע"

חקירות, פון וואַנען עס שטאַמט דאָס פאַרמעגן און ווי איז עס געקומען צו די באַזיצער. ווען איך האָב געלערנט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט האָט זיך פאַר מיר שטענדיק געשטעלט די פראַגע: ווער איז עס סוף כל סוף דער פּוסק אחרון אין אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן? מילא, אין דער מלוכה איז פאַראַן עפּעס א העכערער כוח, וואָס אַלע דאַרפן זיך אים אונטערוואַרפן, אָבער ווי זעט דאָס אויס אין אינטערנאַציאָנאַלע ענינים? מיט דער צייט האָב איך געפונען אין בוך פון פּראָפעסאָר מאַרטינס אַזאַ געדאַנק: אין אינטערנאַציאָנאַלע ענינים איז די „אולטימאַ ראַציאָ" — די ענדגילטיקע לייזונג — מלחמה. איך האָב דאַן געטראַכט, אַז אויב ס'איז אַזוי, אויב עס דעצידירט דער כוח, וואָסזשע פאַר א ווערט האָבן אַלע געזעצן? אָט די מסקנה איז דווקא פאַר אונדז געבראַכט געוואָרן אין לאַטיין, כדי זי זאָל אויסזען צו זיין מער וויסנשאַפטלעכער. אין שייכות מיט דעם האָב איך זיך דערמאָנט אַ וויץ. כידוע, ווען מען לאַדט איין צו א שווער־קראַנקן אַ קאָנסיליום פון דאָקטוירים רעדן זיי צווישן זיך אויף לאַטיין. פרעגט זיך, פאַרוואָס עפּעס דווקא אויף לאַטיין? און דער ענטפער איז: היות דער חולה איז מסוכן און האַלט ביים שטאַרבן, דאַרף מען אים צוגעווינען דערצו דורך אַ טויטער שפּראַך...

אין חודש מאַי האָב איך באַקומען א צייטווייליקע צייגעניש און איך בין מיט סאַבינען אוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. מיר האָבן געוווינט ביי מיינע עלטערן אויף דער דאַטשע אין אורלע, אַנדערטהאַלבן שעה פאָרן מיט דער באַן פון וואַרשע. איך פלעג פון צייט צו צייט נעמען ביכער אין דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין וואַרשע, און איך האָב אויך געשריבן מיין דיסערטאַציע, וואָס איז דערנאָך אָנערקענט געוואָרן דורכן פּראָפעסאָר פּוסטאַראָסליעוו.

איך האָב באַקומען אַ דיפּלאָם פון דער ערשטער מדרגה, וואָס לויט די רוסישע געזעצן האָט ער מיר געגעבן גרויסע און וויכטיקע רעכט.

נאָך זייענדיק אויף דאַטשע האָבן שוין צו מיר אָנגעהויבן קומען קליענטן. צייטנווייז האָב איך נישט געוווּסט וואָס זיי צו ענטפערן, ווייל מיטן ענדיקן די שטודיעס, ווערט מען נאָך נישט קיין טעטיקער אַדוואָקאַט.

מיין פאָטער האָט מיר פאָרגעלייגט פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דאָרט לערנען די טערקישע געזעצגעבונג, כדי איך זאָל קאָנען זיין אַן אַדוואָקאַט אין ארץ־ישראל, ער איז געווען גרייט מיך אויסצוהאַלטן מאַטעריעל אין דער לערן־צייט. סאַבינע האָט אָבער נישט מסכים געווען אויף דעם פּלאַן.

אין אויגוסט 1908 האָב איך באַקומען דעם טיטל פון אַן אַדוואָקאַט אין וואַרשעווער קרייז־געריכט. ווי מ'האָט זיך נוהג געווען, האָב איך געדאַרפט זיך אויסזוכן א פּאַטראָן אין וואַרשע, כדי מען זאָל מיך פאַרצייכענען אין דער רשימה פון די אַפּליקאַנטן. מיט דער הילף פון מיין שוואָגער, הענריק גאָלדמאַכער, האָב

איך געפונען אַן אַדוואָקאַט, מאָוריצי ענדעלמאַן, וואָס האָט מסכּים געווען מיך צו פאַררעכענען אַלס זיין אַפּליקאַנט, מיט אַ בפירושן תנאי, אַז איך זאָל צו אים נישט האָבן קיין שום טענות בנוגע ארבעט.

איך האָב אָבער גאָרנישט בדעה געהאט צו בלייבן ארבעטן אין וואַרשע, נאָר אומקערן זיך קיין פּעטערבורג. דער פאַרלאַנג האָט ארויסגעדרונגען פון צוויי טעמים. ערשטנס, האָב איך געחלומט דאָרטן צו לערנען אָריענטאַלישע שפּראַכן, ווייל נאָר דאָרט איז געווען א הויכשול פאר אָריענטאַליסטיק. צווייטנס, האָב איך געהאט א שטאַרקן פארלאנג צו פארפולקאָמען זיך אלס אדוואָקאַט פאר קרימינעלע ענינים. אין וואַרשע איז דער ריכטער־באַשטאַנד פון קרימינעלע געריכטן געווען פון מלוכהשע ריכטער. אין רוסלאנד זענען נאָך פון דער צייט פון אלעקסאנדער דעם צווייטן (1873) געווען געריכטן פון געשוואָרענע ריכטער. איך האָב גיכער געוואָלט אויפטרעטן פאַר ריכטער וואָס קומען פון פאָלק, ד. ה. פאַר געשוואָרענע ריכטער, איידער פאר מלוכהשע.

היות איך האָב זיך געוואָלט פאַרפולקאָמען אין קרימינעלע רעכט, האָב איך געלייענט אַ סך ביכער פון קרימינאָלאָגיע. אויף דעם געביט זענען אָנגענומען צוויי שיטות: איינע איז די סאָציאָלאָגישע שיטה, וואָס לויט איר נאָך, דאַרף מען נישט זען דעם טשוואָק פון באַגאַנגענעם פארברעכן אין עצם־פאַקט פון פאַר־ברעכן, נאָר אין די סאָציאַלע אומשטענדן, אין דער סביבה און אין ד׳ איבעריקע סיבות, וואָס דערפירן צום באַגיין א פאַרברעכן. די צווייטע שיטה, די אַנטראָפּאָ־לאָגישע, זעט דעם פאַרברעכער ווי אַ געבוירענעם דערצו. דער באַגרינדער פון דער צווייטער שיטה איז דער באַוווּסטער יידיש־איטאַליענישער פּראָפעסאָר לאָמבראָזאָ. דער פּראָפעסאָר לאָמבראָזאָ גיט אפילו אַן סימנים פון אויסערלעכן אויסזען פון אַ פאַרברעכער, ווי אַ נידעריקער שטערן, אַן ערדישער קאָליר פון פּנים, קליינע בערד. לויט לאָמבראָזאָ, אַנטהאַלט דער מוח פון אַ פאַרברעכער אַ גניבה־דריז אַ הריגה דריז או״וו. אַלס סאָציאַליסט האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט פאַרדייען אָט די שיטה, מיר איז געווען נענטער די סאָציאָלאָגישע שיטה. ווען איך בין געווען אין מיליטערישן שפּיטאָל, האָב איך זיך באַפריינדעט מיט אַ רוסישן סאָלדאַט מיט די אלע אויסערלעכע סימנים פון אַן איינגעבוירענעם פאַרברעכער, און ס׳איז טאַקע געשען, אַז אין עטלעכע טעג אַרום איז פאַרשוווּנדן אָט דער זעלנער, און צוזאַמען מיט אים — אויך מיין בייטעלע מיטן געלט... דאָס איז געווען אַ באַשיינפּערלעכער באַווייז פון דער ריכטיקייט פון לאָמבראָזאָס שיטה. פונדעסטוועגן האָט עס מיך נישט איבערצייגט און איך בין געבליבן ביי דער מיינונג, אז די סאָציאָלאָגישע שיטה איז די ריכטיקע.

פאַרן אַריבערפאָרן קיין פּעטערבורג האָב איך געדאַרפט פּטור ווערן פון מיליטער־פליכט. אלס סטודענט פון ציריכער אוניווערסיטעט, האָב איך אין

1905 באַקומען אַ פאַרלענגערונג ביזן פאַרענדיקן דעם שטודיום, איך האָב נישט געהאַט קיין שום חשק צו דינען אין רוסישן מיליטער. אין וואַרשע האָט זיך געלאָזט דער ענין דערליידיקן פאַר א געוויסער סומע דורך אַ „מאַכער". דער פאָטער האָט זיך צונויפגערעדט מיט אַ „מאַכער" דערנאָך בין איך געפאָרן קיין פלאָנסק, כדי צו שטעלן זיך פאַר דער דאָרטיקער פריזיוו־קאָמיסיע. דער „מאַכער", וואָס האָט געזאָלט באַקומען פון מיין פאָטער 1000 רובל האָט, ווייזט אויס, געגעבן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע צו קליינע סומעס, צוליב דעם זענען געווען חילוקי דעות צווישן די דאָקטוירים. מען האָט מיך אָפּגעשיקט צו דער וואַרשעווער קרייז־קאָמיסיע און די קאָמיסיע האָט באַשלאָסן מיך צו שיקן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל אויף אונטערזוכן די ראיה. אין דעם שפּיטאָל האָב איך זיך צום צווייטן מאָל געטראָפן מיט בן־גוריון, וועלכער איז נאָכן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל עולה געווען קיין ארץ־ישראל. פון איינעם פון די באַדינער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די מסקנה פון די דאָקטוירים איז נישט צום גונסטן פאַר מיר. דאָס איז געווען פרייטיק צונאַכטס, איך האָב גלייך צוויסן געגעבן די עלטערן. מיין מוטער איז אַוועק צום אַלטן „מאַכער" וואָס איז שוין געלעגן אין בעט, און האָט אים דערציילט וועגן דעם דורכפאַל. דער אלטער „מאַכער" האָט אַ זאָג געטאָן: „נו, דאָס איז אַ גאָט־זאַך", האָט אים די מאַמע אָפּגעענטפערט: פאַרוואָס־זשע נעמט איר געלט ?... נאָך אין דער נאַכט, האָט זיך מיין שוואָגער א. זילבערמאַן געוואָנדן צו אַ צווייטן „מאַכער" און פאַר נאָך אַ טויזנטער איז שוין דעם זעלבן שבת געווען אַ צווייטער באַשלוס פון די דאָקטוירים.

אין אָקטאָבער 1908 האָבן מיר פאַרלאָזט וואַרשע. אַ חודש האָבן מיר געוווינט אין איין צימער, דערנאָך האָבן מיר געפונען צוויי קליינע, מעבלירטע צימערן. איך האָב אויפגעהאָנגען אַ שילדל און געוואַרט אויף קליענטן. דערוויל איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איין מאָטיוו, צוליב וועלכן איך בין געפאָרן קיין פעטערבורג, איז אָפּגעפאַלן: מען קאָן נישט זיין גלייכצייטיק אי אַן אַדוואָקאַט, אי אַ סטודענט, דערפאַר האָב איך נישט געקאָנט אָנקומען אויף אָריענטאַליסטיק.

איך האָב באַשלאָסן פּרווון לכל הפחות אויספירן מיין צווייטן פּלאַן, אַרויסצוטרעטן אויף קרימינעלע פּראָצעסן. איך האָב געהאַט אַ סך רעקאָמענדאַציע־בריוו צו אדוואָקאַטן. ווי נאָר איך האָב אָבער באַזוכט עטלעכע פון זיי, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אַלע רעקאָמענדאַציעס זענען גאָרנישט ווערט. איינער פון זיי האָט מיך זייער פיין אויפגענומען, ווען ער האָט זיך אָבער דערוווּסט, אַז איך בין אַ נאַציאָנאַלער ייד, האָט ער זיך גלייך איבערגעביטן. איך האָב באַשלאָסן צו זוכן אַנדערע וועגן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז עס זענען דאָ אַ סך קרימינעלע פּראָצעסן, בעיקר פאַר גניבות, און לויטן געזעץ איז די מאַכט מחויב געווען צו שטעלן אַ פאַרטיידיקער פאַרן באַשולדיקטן. דאָס געריכט פלעגט טאַקע

באַשטימען אַ געשוווירענעם אַדוואָקאַט צו פּאַרטיידיקן דעם אָנגעקלאָגטן. היות די אדוואָקאַטן זענען גאַרנישט געווען להוט נאָך אַזאַ „פּרנסה", פּלעגן זיי דאָס איבערגעבן זייערע אַפּליקאַנטן. אויב איך וואָלט געוואָלט, וואָלט איך אויך געקאָנט באַשטימט ווערן אלס פּאַרטיידיקער. דער סוף איז געווען, אַז דער סעקרעטאַריאַט פון געריכט האָט איינגעפירט, אַז יעדער פון די אַפּליקאַנטן קאָן באַקומען עטלעכע טעקעס פון פּראָצעסן און אַרויסטרעטן אַלס פּאַרטיידיקער פון די אָנגעקלאָגטע. אויף אַזאַ אופן האָב איך אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אויף קרימינעלע פּראָצעסן.

די אדוואָקאַטן־ביוראָס אין פּעטערבורג זענען נישט געווען ענלעך צו די פון די אנדערע לענדער. אין פּעטערבורג האָבן אַדוואָקאַטן אויפגענומען קליענטן אין זייער פּריוואַטער וווינונג. זיי האָבן געהאַט וואַרט־צימערן און אויפנאַם־צימערן און די אויפנעם־שעהן זענען געווען נאָר צוויי שעה נאָכמיטאָג. די גרויסע אַדוואָקאַטן פּלעגן אויפנעמען נאָר איין שעה אין טאָג, אינדערפרי. מיר, די יונגע אַדוואָקאַטן פּלעגן זיך אַרומדרייען דעם גאַנצן פאַרמיטאָג אין שטאָט, ווייל אויסער דעם קרייז־געריכט, דעם האַנדלס־געריכט און דעם געריכט פאר יתומים, זענען נאָך געווען 60 פרידנס־געריכטן און נאָך זיצונגען פון פרידנס־ריכטער אלס אפּעלאַציע־אינסטאַנץ. אין איין טאָג האָט מען געקאָנט באַוויזן, צו זיין נאָר אין צוויי געריכטן. אמת, אז מיר די יונגע, האָבן סיווי נישט געהאַט קיין קליענטעלע. לויט ווי עס איז געווען אָנגענומען צווישן די אדוואָקאטן, האָב איך אפילו נישט געטאָרט אויפהענגען אַ שילדל אויפן גאַס ביים ארייַנגאַנג אין הויז. אויפהענגען אַזאַ שילדל האָט געהייסן עובר זיין אויף דער פּראָפעסיאָנעלער עטיק. ווי זשע האָט צו מיר געקאָנט קומען א קליענט, אַז קיין באַקאַנטע האָב איך כמעט נישט געהאַט. אין די באַשטימטע שעהן פלעג איך טאָג־טעגלעך, אין משך פון חדשים, אָפּזיצן אַזוי אין שטוב און אויסקוקן אויף אַ קליענט. ס'איז אָבער געווען אומזיסט. איינמאָל איז מיר נמאס געוואָרן צו זיצן אין שטוב און איך בין אַרויס אויף א שעה אין גאַס, ווען איך האָב זיך אומגעקערט, האָט מיר סאַבינע איבערגעגעבן, אַז גראָד אין דער שעה איז געקומען א קליענט. ער האָט אפילו צוגעזאָגט צו קומען נאָכאַמאָל. ער איז אָבער מער נישט געקומען.

איינמאָל האָט זיך ענדלעך באַוויזן דער ערשטער קליענט. דאָס איז געווען א הויכער ייד מיט אַ היפּשער באָרד. ס'האָט אים צו מיר געשיקט מיינע אַ קרובה כיענע וויגדערהויז, וואָס האָט מיטן גאַנצן האַרצן מיר געוואָלט העלפן. דער ייד האָט מיר אָנגעהויבן דערציילן וועגן עפּעס א ייד, וואָס האָט געוווינט אין אַ קליין שטעטל און האָט געמאַכט גוטע געשעפטן און אַז יענער האָט אַ פרוי מיט קינדער. נאָר עס האָט אים געטראָפן אַן אומגליק. ער האָט זיך, ווייזט אויס, פאַרנומען מיט קאָנטראַבאַנדע און איז ארייַנגעפאַלן. די מעשה האָט געדויערט מער ווי אַ האַלבע שעה. לסוף האָט ער צו מיר געזאָגט: „איר וועט דאָך אוודאי פרעגן וואָס פאַר

אַ שייכות האָט עס צו מיר? איז די מעשה אזוי: דער ייד האָט מיט 18 יאָר צוריק חתונה געהאַט מיט מיין שוועסטער"... דערנאָך האָט דער ייד אַ קוק געטאָן אויף מיין ביכער־שאַנק, אויף וועלכער ס'איז געשטאַנען א סקולפּטור — מעפיסטאָפעל פון אַנטאָקאָלסקין, און ער האָט מיך געפרעגט: „ווער איז דאָס?" האָב איך אים געענטפערט גאַנץ פשוט: „אַ שד", האָט ער ווידער געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג: „צו וואָס דאַרפט איר דאָס האַלטן אַ שד אין שטוב?" דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן, האָט זיך געזעגנט און איז אַוועק. איך האָב זיך געשעמט צו בעטן ביי אים פאַר דער טרחה, פאַר דער עצה, וואָס איך האָב אים געגעבן.

נישט אַזוי לייכט איז מיר אָנגעקומען דאָס אַרויסטרעטן אויף קרימינעלע פּראָצעסן. איך האָב געדאַרפט אָנבינדן באַקאַנטשאַפט מיט סעקרעטאַרן און זייערע געהילפן פון קרייז־געריכט. ענדלעך האָט מען מיר איבערגעגעבן צו פאַרטיידיקן צוויי באַשולדיקטע אויף אַ קרימינעלן פּראָצעס. דעם דריטן דעצעמבער 1908 בין איך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטראָטן אין קרייז־געריכט.

אַדוואָקאַטן האָבן געדאַרפט אַרויסטרעטן אין פּראַקן. איך האָב געמוזט יעדעס מאָל פאַר מיין אַרויסטרעטונג אַנטלייען אַ פּראַק פאַר דריי רובל, ד. ה. אַז לא די, וואָס איך האָב גאָרנישט באַקומען פאַר מיין אַרויסטרעטונג האָב איך נאָך געדאַרפט יעדעס מאָל דערלייגן דריי רובל. ביז איך האָב זיך אַן עצה געגעבן און באַשטעלט ביי אַ שניידער אַן אייגענעם פּראַק.

איך האָב געדאַרפט פאַרטיידיקן צוויי גנבים, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַריינבאַקומען אין אַ וווינונג און אויפגעבראָכן דעם שלאָס. איינער פון זיי איז אַלט געווען 34 יאָר, 15 יאָר איז ער שוין אָפּגעזעסן אין תפיסות און די גניבה איז שוין ביי אים געווען די צענטע לויט דער ריי. דער צווייטער איז אַלט געווען 24 יאָר, ער איז שוין אָפּגעזעסן 4 יאָר און די גניבה איז געווען די פערטע. איז וואָס קאָן מען זאָגן אין זייער פאַרטיידיקונג? איך האָב זיך אַוועקגעזעצט און צוגעגרייט דאָס פאַרטיידיקונגס־וואָרט אין פונקטן. זייענדיק אַן אָנהענגער פון דער סאָציאָלאָגישער שיטה, האָב איך געשטעלט דעם טראָפּ אויף די לעבנס־באַדינגונגען פון די באַשולדיקטע, אויף דער נויט, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעליטן זייער גאַנץ לעבן און וואָס עס האָט זיי באַוויזן דורכצופירן די ערשטע גניבה. אָנשטאָט צו פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען, האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן אין תפיסה. ווען זיי זענען שוין אָפּגעזעסן זייער שטראָף, זענען זיי אַרויס אויף דער פריי מיט אַ סטאַזש פון אַ שול פאַר גנבים, ווייל זיי האָבן זיך געפונען טאָג און נאַכט אין סביבה פון דערפאַרענע גנבים. נאָך דער באַפרייונג האָבן זיי נישט געקאָנט געפונען קיין שום אַרבעט, ווייל אין זייערע פּאַספּאָרטן איז דאָך געווען פאַרצייכנט, אַז זיי זענען געזעסן אין תפיסה, איז ווער וועט זיי געבן

אַרבעט? האָבן זיי טאַקע נישט געהאַט קיין ברירה ווי ווידעראַמאָל און ווידער־אַמאָל צו גנבענען.

אין באַשטימטן טאָג, ווען ס'איז געקומען די צייט אַרויסצוטרעטן פאַרן געריכט פון געשוווירענע, בין איך געווען דענערווירט. נאָך דעם קורצן וואָרט פון פּראָקוראָר בין איך אַרויסגעטראָטן. פון רעכטס זענען געזעסן די דריי ריכ־טער, אינמיטן — דער פאָרזיצער פון געריכט, און אַנטקעגן מיר — די צוועלף געשוווירענע, אויסגעוויילטע לויט אַ גורל, דורכן פאָרזיצער פון געריכט. הינטער מיר זענען געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק די גנבים. מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען געווענדט צו די געשוווירענע, פון מאָל צו מאָל האָב איך אָנגעשטעלט מיין בליק אויך אויף די ריכטער. איך זע, אַז איין ריכטער גענעצט שוין, מיטאַמאָל הער איך פון פאָרזיצער: „הער פאַרטיידיקער, צוליב וואָס רעפערירט איר פאַר די הערן געשוווירענע פּאָליטישע עקאָנאָמיע, זיי קענען דאָס שוין זייער גוט".

נאָך דער באַמערקונג האָב איך שוין ווייטער נישט געקאָנט פאָרזעצן און פאַרענדיקן מיין רעדע. איך האָב זיך געווענדט צו די געשוווירענע, אַז זיי זאָלן נעמען אין באַטראַכט אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט און אפילו דאָס וואָס איך האָב נישט געענדיקט זאָגן, און באַפרייען די באַשולדיקטע. די געשוווירענע זענען אַרויס באַראַטן זיך, דערנאָך האָבן זיי זיך אומגעקערט און דערקלערט, אַז די גנבים זענען אָנערקענט געוואָרן פאַר שולדיקע, נאָר נעמענדיק אין באַטראַכט די פאַרלייכטערנדיקע אומשטענדן, פאַרקלענערט מען זיי די שטראָף אויף איין פּונקט, און היות די גניבה איז באַגאַנגען געוואָרן צוליב נישט האָבן קיין עקזיס־טענץ־מעגלעכקייטן, ווערט די שטראָף פאַרקלענערט אויף דריי פּונקטן. דעריבער ווערט דער עלטערער פאַרמשפּט אויף 10 חדשים תפיסה אַנשטאָט דריי יאָר, און דער יונגערער גנב אויף 4 חדשים אַנשטאָט אַ יאָר.

איך האָב ווייטער געלייענט אַ סך ביכער אויף קרימינעלע טעמעס. איך האָב איבערגעלייענט די ספּעציעלע אויסגאַבע פון „געריכטס־רעדעס" — אַכט בענדער, אין וועלכע עס זענען געווען באַשריבן די באַרימטע פּראָצעסן, מיטן אָנטייל פון גרויסע אַדוואָקאַטן־קרימינאַליסטן ווי קאַראַבטשעווסקי, אַנדריי־עווסקי, מיראָנאָוו, גרוזענבערג און אַנדערע. אין די ביכער איז איבערגעגעבן געוואָרן דער פאַרלויף פון פּראָצעס און אַלע רעדעס אין פולן אינהאַלט. זייער באַלערנדיק איז געווען פאַר אונדז יונגע, דורכצוגיין פריער דעם מאַטעריאַל פון די געריכטס־זיצונגען, און דערנאָך די פאַרטיידיקונגס־רעדעס פון די באַרימטע אַדוואָקאַטן. איך האָב אפילו געפּרוווט נאָכן איבערלייענען דעם מאַטעריאַל פון די זיצונגען, אוועקשטעלן זיך אליין אויפן אָרט פון פאַרטיידיקער אין געגעבענעם פּראָצעס, צוגרייטן די פאַרטיידיקונגס־רעדע, נישט לייענענדיק פריער די רעדע

פון פאַרטיידיקער. דערנאָך האָב איך פאַרגליכן מיין רעדע מיט דער רעדע פון פאַרטיידיקער, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין בוך. נישט איינמאָל האָב איך זיך איבערצייגט ווי ווייט איך בין נאָך נישט צוגעגרייט צו זיין אַ פאַרטיידיקער, ווייל איך האָב נישט גענומען אין באַטראַכט א סך פּרטים, בעת דער פאַרטיידיקער האָט געבויט דעם עיקר פון זיין פאַרטיידיקונג אויף אַ מאַסע פּרטים, אפילו די סאַמע קלענסטע.

דעמאָלט איז אויך דערשינען דאָס בוך פון דאָראָשעוויטשן וועגן סאַכאַלין. דאָראָשעוויטש איז נישט געווען קיין יוריסט נאָר אַ זשורנאַליסט. ער האָט באַזוכט סאַכאַלין, וווהין עס זענען פאַרשיקט געוואָרן פאַרמשפּטע אויף אַ סך יאָרן קאַטאָרגע. דאָראָשעוויטש האָט מיט פיל פון זיי געשמועסט און דערנאָך דער־ציילט וועגן זיי אין זיין אינטערעסאַנטן בוך. אָט, למשל, די געשעעניש מיטן באַראָן לאַנדסבערג, וואָס צוליב זיין אויסברענגערייי פלעגט ער לייען געלט ביי אַן אַלטן ייד אַ פּראָצענטניק. ווען ער האָט געהאַלטן ביי חתונה האָבן, האָט ער זיך געשראָקן טאָמער וועט דער פּראָצענטניק קומען ביי אים מאָנען פאַר די וועקסלען, וואָס זייער צאָלונגס־טערמין איז שוין לאַנג אַריבער. אין דער נאַכט פאַר זיין חתונה האָט ער זיך אַריינגעריסן צום אַלטן אין שטוב און האָט אים דערהרגעט. אין זיין קאַסע האָט ער געפונען אַלע זיינע וועקסלען צונויפגעבונדן צוזאַמען מיט אַ באַגלייט־בריוול, אַז ער, דער אַלטער, קערט זיי אום לאַנדסבערגן אָן קיין שום דעקונג, אַלס מתנה צו זיין חתונה. לאַנדסבערג איז פאַרמשפּט געוואָרן צו צוואַנציק יאָר קאַטאָרגע. איך האָב אים דערנאָך געקענט, דעם לאַנדסבערגן, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון פאַרשיקונג און געווען אַ גרויסער געשעפטסמאַן.

דאָראָשעוויטש האָט אויך דערציילט וועגן איינעם אַ גזלן, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן ביינאַכט אין דער וווינונג פון א יונגער פרוי, כדי זי צו באַראַבעווען. די פרוי האָט זיך אויפגעכאַפּט, און דער רויבער האָט אויף איר געמאַכט אַזאַ גוטן איינדרוק, אַז זי האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט און מיט אים פאַרפירט אַ שמועס אין משך פון אַ גאַנצער שעה, זיי האָבן אפילו צוזאַמען געגעסן קאַרשן. דערנאָך האָט ער זי דערהרגעט צוזאַמען מיט איר קליין טעכטערל. דאָראָשעוויטש האָט דערציילט, אַז ער האָט געזען אָט דעם באַנדיט. ער האָט באמת געהאט אַן אַנשטענדיקן אויסזען און ס'איז ממש געווען שווער צו גלייבן, אַז ער זאָל זיין פעיק צו דערהרגענען אַ מענטש.

נאָך מיין ערשטן אַרויסטריט אין געריכט פלעג איך אַרויסטרעטן אין פאַרטיידיקונג פון גנבים און פאַרשידענע אַנדערע פאַרברעכער, כמעט דריי מאָל אַ וואָך. קיין שום שכירות האָב איך נישט באַקומען, כ'האָב אָבער זוכה געווען צו צוויי דערגרייכונגען: ערשטנס, האָב איך באַקומען אַ שם פון אַ גוטן פאַרטיידי־

קער, און ס׳האָבן מיר אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פון פאַרשידענע אַרעסטירטע „צום באַרימטן פאַרטיידיקער״ און אין די בריוו איז געווען א בקשה, איך זאָל אָננעמען זיי צו פאַרטיידיקן. מיט דעם האָב איך זייער שטאָלצירט פאַר מיינע חברים. צווייטנס, האָט דער הויפּט־פּראָקוראָר זיך אָנגעהויבן צו מיר באַציען מיט דרך־ארץ. און אין זיין וואָרט פלעגט ער מיך אָנרופן „מיין געשעצטער אָפּאָנענט״.

צייטנווייז האָבן זיך מיר אויך געמאַכט מער קאָמפּליצירטע פּראָצעסן. איך געדענק איין פּראָצעס, אויף וועלכן עס זענען באַשולדיקט געוואָרן פיר מענטשן פאַר שיקן דראָונגס־בריוו צו גבירים. מען האָט זיי אַרעסטירט בעת זיי זענען געקומען נאָכן געפאָדערטן געלט, דאָס איז געווען אַ שווערע באַשולדיקונג, און עס האָט זיי דערוואַרט אַ שטראָף פון צען יאָר קאַטאָרגע אָדער נאָך מער, ווייל אויף די שרעק־בריוו האָבן זיי אונטערגעשריבן „אַנאַרכיסטן־קאָמוניסטן״. בדרך כלל, פלעגן פּאָליטישע ענינים נישט געבראַכט ווערן פאַר געשווירענע, די אויסבעסערונג צום געזעץ איז געמאכט געוואָרן דורך דער מאַכט אין יאָר 1887, נאָך דעם ווי די געשווירענע אין קרייז־געריכט האָבן פריינגעשפּראָכן וויעראַ זאַסוליטש. פּאָליטישע פּראָצעסן פלעגן פאָרקומען אין אַ העכערן געריכט מיט מלוכהשע ריכטער און נאָמינירטע פאָרשטייער פון דער אַריסטאָקראַטיע. דאָס מאָל איז עפּעס אַזוי געשען, אַז דער פּראָצעס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין קרייז־געריכט מיט געשווירענע ריכטער. ווען די באַשולדיקונג וואָלט געווען נאָר פאַר אַ פּרווו פון אַ רויב־אַקט, וואָלט די שטראָף געווען מער אַ לייכטערע, אָבער דער פּאָליטישער מאָמענט האָט זיי באַגראָבן. עס זענען אַרויסגעטראָטן פיר פאַרטיידיקער — צו איינעם פאַר יעדן באַשולדיקטן. מיר זענען אַלע פיר געווען יונגע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן נאָרוואָס אָנגעהויבן פּראַקטיצירן. עטלעכע פון מיינע באַקאַנטע און אויך סאַבינע זענען געקומען מיך הערן. איך האָב געבויט מיין פאַרטיידיקונג אויפן טעות אין דער אונטערשריפט אויפן בריוו, זיי האָבן נישט אונטערגעשריבן „קאָמוניסטן״, נאָר „קומוניסטן״, דעריבער האָב איך געטענהט, אַז די באַשולדיקטע האָבן נישט קיין שום שייכות מיט קיין פּאָליטישן ענין, זיי האָבן נאָר געוואָלט אויף דעם אופן אויספּרעסן געלט. די יורידישע מאָטיווירונג האָט געווירקט אויף די ריכטער, און די געשווירענע און מיינע באַקאַנטע און סאַבינע זענען פון מיר געווען שטאַרק צופרידן.

איינמאָל האָט איינער פון די געשווירענע געבעטן ביי מיר מיין אַדרעס, איך בין שוין געווען צוגעוווינט, אַז כמעט נאָך יעדן פּראָצעס, זאָלן צו מיר צוקומען מענטשן און בעטן מיין וויזיט־קאַרטע. צוערשט האָב איך געמיינט, אַז זיי האָבן בדעה צו זיין מיינע קליענטן. מיט דער צייט האָב איך זיך אָבער איבערצייגט, אַז דאָס זענען נאָר אַמאַטאָרן, וואָס זאַמלען וויזיט־קאַרטן פון

אַדוואָקאַטן. דאָסמאָל האָט אָבער דער געשוווירענער פריער מיר דערלאַנגט זיין וויזיט־קאַרטע מיטן אויפשריפט: „כיטראָווא, קאַמער־יונקער פון הויף פון זיין צאַרישער מאַיעסטעט". פון דעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז באמת א קליענט. נאָך מיטאָג איז געקומען כיטראָווא און האָט מיר דערציילט זיין ענין: זיין דינסט האָט אים אָנגעקלאָגט אין אַ געוואַלט־אַקט. איך האָב אים פאַרטיידיקט און ער איז געוואָרן פריי־געשפּראָכן. דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל, ווען איך האָב פאַרטיידיקט אַ פּריוואַטן קליענט און אויך באַקומען פאַר מיין פאַרטיי־דיקונג אַ גאַנץ היפּשע סומע — 25 רובל.

איך האָב געהאַט אַ חבר אַן אַדוואָקאַט, קאַראַבאַטשקין. איינמאָל האָט ער מיר דערציילט, אַז ער דאַרף אַרויסטרעטן אין אַ שווערן פּראָצעס: אַ פרוי ווערט באַשולדיקט אין אונטערצינדן איר הויז, כדי צו באַקומען די סטראַכירונג. לויטן געזעץ האָט איר דערוואַרט א שטראָף פון צען יאָר קאַטאָרגע. ווען איך האָב אַ צווייט מאָל זיך געטראָפן מיט קאַראַבאַטשקינען האָב איך אים געפרעגט מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דער פּראָצעס. „אוי, וואָסער רעדע איך האָב געהאַלטן" — האָט ער מיר געענטפערט. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך פרעג אים נישט וועגן זיין אַרויסטריט, נאָר וועגן גורל פון דער באַשולדיקטער. „זי איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף צען יאָר, ווען איר זאָלט אָבער וויסן וואָס פאַר אַ רעדע איך האָבן געהאַלטן!..."

אַזוי איז אויך נישט איינמאָל אויסגעקומען אין לעבן צו באַגעגענען זיך מיט געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האַלטן, ווי יענער אדוואָקאַט, פאַר אַן עיקר זייער שיינע רעדע, און זיי טראַכטן גאָרנישט וועגן די טרויעריקע רעזולטאַטן...

דאָס קרייז־געריכט האָט צייטנווייז געהאַט אַרויספאָר־זיצונגען אין אַנדערע שטעט. אין יעדער שטאָט האָבן די זיצונגען געדויערט 4—5 טעג, מען פלעגט באַהאַנדלען קרימינעלע פּראָצעסן אויף די ערטער, דער אַדוואָקאַטן־ראַט האָט אין אַזעלכע פאַלן געשיקט צוויי אַפּליקאַנטן צו פאַרטיידיקן די אָנגעקלאָגטע. איינמאָל האָט מען מיך אויך געשיקט מיט נאָך א חבר קיין נאָוואָיאַ לאַדאָגאַ. מיר האָבן זיך צעטיילט מיט די פּראָצעסן, צו צען אויף יעדן איינעם. איינער פון די דאָזיקע פּראָצעסן איז מיר פאַרבליבן אין זכרון.

אין אַ דאָרף איז געווען אַ פאַסטעך, א בחור פון א יאָר 17, ער איז נישט געווען איינגאַנצן ביים קלאָרן זינען. ער איז געקומען אין דאָרף אריין אויפן אָרט פון אַ צווייטן פאַסטעך, וואסקע, וועלכער האָט פאַרלאָזן דאָס דאָרף אויף אַ לענגערער צייט. ביידע זענען געווען גוטע פריינד. איינמאָל האָט זיך מיט־אַמאָל באַוויזן וואסקע אין דאָרף און די פריינד האָבן זיך געפרייט איינער מיטן אַנדערן. מענטשן האָבן זיי געזען צוזאַמען אין דעם דאָרף, דערנאָך — אין אַ צווייטן דאָרף, און דאָרט האָבן זיך די גוטע פריינד צעהוליעט און אָנגעשיכורט.

ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אין זייער דאָרף מיט אַ שליטן, האָט עמעץ צוגע־גנבעט דעם פּוטערנעם פּלעד, וואָס האָט פּאַרדעקט די פיס. שפּעטער איז דער יונגער פּאַסטעך געפונען געוואָרן אויפן וועג אָן באַוווסטזיין, מיט אַ צעביילטן קאָפּ און אַ באָרוועסער, אָן זיינע נייע שטיוול. מען האָט אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, ער איז אויף עטלעכע סעקונדן געקומען צום באַוווסטזיין און ווען דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט אים געפרעגט ווער ס׳האָט אים צעשלאָגן, האָט ער בסדר געענטפערט: „וואַסקע דער פּאַסטעך, וואַסקע דער פּאַסטעך". ער איז גע־לעגן עטלעכע טעג אין שפּיטאָל אין הויכער היץ, און אין אַ פראָסטיקן טאָג איז ער אַנטלאָפן פון שפּיטאָל. מען האָט אים געפונען אין פעלד און אים צוריקגע־בראַכט אין שפּיטאָל און דאָרט איז ער געשטאָרבן.

אויפן סמך פון די מאָטיוון האָט מען וואַסקען באַשולדיקט אין הרגענען דעם פּאַסטעך מיטן ציל אַוועקצורויבן ביי אים די שטיוול. לויטן געזעץ האָט אים דערוואַרט 15 יאָר קאַטאָרגע.

ווען איך האָב זיך גוט באַקענט מיט דער באַשולדיקונג, האָט זי מיר אויסגעזען מאָדנע, צי איז מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל הרגענען זיינעם אַ גוטן פריינד צוליב אַ נייע פּאָר שטיוול? און צי קאָן מען אויף זיכער פעסטשטעלן, אַז דער יונגער פּאַסטעך איז געשטאָרבן פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען, און נישט דערפאַר וואָס ער האָט זיך פאַרקילט, ווען ער איז אַנטלאָפן פון שפּיטאָל זייענדיק אין פיבער? און נאָך איין זאַך: דער איינציקער באַווייז, אַז דער רוצח איז וואַסקע, איז געווען דער ענטפער פון געהרגעטן צום אויספאָרשונגס־ריכטער. דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט אים דאָך אָבער נישט געשטעלט קיין אַנדערע פּראַגן, און היות ווי דער געהרגעטער איז נישט געווען ביים פולן זינען, און ער איז געווען אונטערן איינדרוק פון דער באַגעגעניש מיט זיין חבר, וועלכן ער האָט אַ לאַנגע צייט נישט געזען, איז גאַנץ מעגלעך, אַז ווען מען וואָלט אים געשטעלט אַנדערע פראַגן, וואָלט ער אויף זיי אויך געענטפערט: „וואַסקע דער פּאַסטעך". סוף כל סוף בין איך געקומען צו אזא ווערסיע: פאָרנדיק אין שליטן האָט דער יונגער פּאַסטעך צוגעגנבעט דעם פּלעד. וואַסקע האָט זיך מיט אים דערפאַר צעווערטלט, ס׳איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג און וואַסקע האָט אים דערלאַנגט מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. ווען וואַסקע האָט דערזען, אַז דער פּאַסטעך איז אַנידערגעפאַלן — האָט ער זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן. דערנאָך איז אָנגעפאָרן אויפן וועג אַ פויער, און האָט געזען, אַז עס ליגט אַ מענטש, אָנגעטאָן אין נייע שטיוול, האָט ער ביי אים אַראָפּגעצויגן די שטיוול און אים געלאָזן אויף גאָטס באַראָט.

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז אין קליינע שטעט, איז דער באַשטאַנד פון די געשווויִרענע גאָר אַן אנדערער ווי אין דער גרויסער שטאָט. די געשווויִרענע

זענען דאָס רוב געווען קרעמער אָדער סוחרים, פּרימיטיווע און רעאַקציאָנערע מענטשן. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז אויב איך וועל וואַסקען פאַרטיידיקן לויט מיין ווערסיע, ד. ה. אַז וואַסקע האָט דעם פּאסטעך נישט געהרגעט און נישט צוגערויבט ביי אים די שטיוול, ער האָט אים נאָר צעשלאָגן, — וועלן די געשוווי־רענע נישט קאָנען באַנעמען אַזאַ מין טיילווייזע שולד פון וואַסקען. דערפאַר האָב איך אין מיין פאַרטיידיקונגס־וואָרט געטענהט, אַז וואַסקע איז אינגאַנצן אומ־שולדיק, ווייל ס׳זענען קעגן אים נישטאָ קיין שום באַווייזן, אויסער דער אויס־פאָרשונג פון אויספאָרשונגס־ריכטער, אויף וועלכער מ׳קאָן זיך נישט סומך זיין. מיין גלויבן אין דער ווערסיע איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב באַשלאָסן נישט צו גיין אין תפיסה אויף אַ זעונג מיטן באַשולדיקטן אויס מורא, טאָמער וועט ער, אויפדעקנדיק די אמתע פאַקטן, צעשטערן מיין גאַנצן בנין, וואָס איך האָב אויפגעבויט. עפּעס ענלעכס איז שוין מיט מיר געשען.

נאָכן פאַרענדיקן מיין אַרויסטריט, ווען די געשווירענע זענען אַוועק אין באַזונדערן צימער אויף אַ באַראַטונג, איז צו מיר צוגעקומען דער געריכטס־סעקרעטאַר און איבערגעגעבן, אַז אַלע ריכטער זענען ביי דער מיינונג, אַז וואַסקע איז אומשולדיק. לויטן געזעץ האָבן די געשווירענע געדאַרפט ענטפערן נאָר אויף דער פראַגע: שולדיק אָדער נישט שולדיק. אויב זייער ענטפער איז „שולדיק" — באַשליסן די מלוכה־ריכטער וועגן דער גרויס פון דער שטראָף. אויב אָבער אַלע דריי ריכטער זענען ביי דער מיינונג, אַז די פעסטשטעלונג פון די געשווירענע איז אַ טעותדיקע און דער מענטש איז אומשולדיק, האָבן זיי דאָס רעכט זיך צו ווענדן דירעקט צום צאַר מיט אַן אַפּעלאַציע קעגן דער פעסטשטע־לונג פון די געשווירענע. דעריבער האָט מיר דער סעקרעטאַר געזאָגט, אַז אויב די געשווירענע וועלן וואַסקען אָנערקענען פאַר אַ שולדיקן, וועלן די ריכטער אויסנוצן זייער אַפּעלאַציע־רעכט.

נאָך אַ צווייִשעהדיקער באַראַטונג, האָבן די געשווירענע דערקלערט, אַז וואַסקע איז אומשולדיק. וואַסקעס שמחה איז געווען אין לשער. איך האָב אים געבעטן קומען צו מיר, ער זאָל מיר דערציילן וואָס ס׳איז געשען. וואַסקע איז טאַקע געקומען און באַשטעטיקט מיט זיינע רייד די ריכטיקייט פון מיין השערה. פאַרן שלאָגן איז וואַסקע אָבער אָפּגעקומען זיין שטראָף; ער איז אָפּגעזעסן 9 חדשים ביזן פּראָצעס און קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט.

אין יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן רויכערן אַ לולקע. לויט מיין אויסער־לעכן אויסזען, האָב איך שטענדיק געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ מער יונגערן ווי מיין עלטער — אַ נידעריקער און אַ דאַרער, — איז כדי צוצוגעבן זיך אַ מער ערנסטן אויסזען, האָב איך אָנגעהויבן פּיפּקען אַ לולקע און אַזוי ביזן היינטיקן

טאָג. ס׳איז אָבער אַ ספק, צי האָט מיר טאַקע די לולקע צוגעגעבן מער חשיבות און פּראַקטיקע...

בדרך כלל זענען די אדוואָקאַטן א באַזונדערע סעקטע אין דער מענטש־לעכער געזעלשאַפט. זייער גאַנצע ארבעט באַשטייט אין רעדן, און זיי רעדן טאַקע אָן א סוף. אַן אדוואָקאַט דאַרף האָבן א באַגריף אין געוויסע ענינים, וואָס זענען נישט דירעקט פאַרבונדן מיט זיין געביט. צום ביישפּיל, ער דאַרף, למשל אויך האָבן אַן אנונג אין מעדיצין, ליטעראַטור, אינזשיניעריע — און אַלץ, פאַרשטייט זיך, אויף אַ זייער אויבערפלעכלעכן אופן. אויף מענטשן וואָס זענען נישט קיין ספּעציאַליסטן אין די זאַכן, מאכט ער אַן איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען אָנגע־שטאָפּט מיט וויסן, ווי א מילגרוים. און היות ווי דער גאַנצער כוח פון אַן אַדוואָקאַט שטעקט אין זיין צונג, האָט ער נישט קיין שום שוועריקייט און ער איז גרייט צו רעדן אפילו וועגן זאַכן אין וועלכע ער האָט נישט קיין אַנונג. איך וויל נישט זאָגן אַז אַן אַדוואָקאַט איז בטבע א ליגנער, אָבער אין זיין ארבעט איז ער אָפּטמאָל געצווונגען צו באַנוצן זיך מיט ליגן, כדי צו פאַרטיידיקן זיין קליענט, אפילו ווען ער ווייסט, אַז יענער איז אומגערעכט. אמת, עס זענען אויך דאָ אַ קליינע צאָל אַדוואָקאַטן, וועלכע נעמען נישט אָן קיין ענינים, אויב זיי זענען נישט איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון די קליענטן.

פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן, אַז אַן אַדוואָקאַט איז מער נישט ווי א פּאכמאַן, ער נעמט אָן אַ באַשטעלונג און פילט זי אויס. ס׳איז נישט זיין פליכט אַריינצו־טראַכטן זיך, צי דער קליענט איז גערעכט אָדער נישט, דער קליענט בעט אים אָננעמען אַ באַשטימטן ענין, און דער אדוואָקאַט נעמט אים אָן פאַר אַזאַ און אַזאַ אָפּצאָל, נישט אריינגייענדיק אין דער גערעכטיקייט פון דער זאַך. מיר האָט אַמאָל געזאָגט אַ באַוווּסטער אדוואָקאַט: אויב עס קומט עמיצער צו אַ שוסטער און באַשטעלט ביי אים אַ פּאָר שיך, פאַלט אים נישט איין נאָכצופאָרשן ווער דער קליענט איז און וואָסער מענטש ער איז. אויב, למשל, אַ מענטש איז עמיצן שולדיק געלט, וויל נישט באַצאָלן און ער ווערט אָנגעקלאָגט אין געריכט, באַשטעלט ער אַן אדוואָקאַט, יענער זאָל אים העלפן ארויסדרייען זיך פון חוב; און פאַרקערט, אויב עמיצער מאָנט ביי עמיצן געלט אָן שום גרונט — נייטיקט ער זיך אין אַן אדוואָקאַט, וואָס זאָל אים העלפן דערגרייכן זיין פאַרלאַנג. צי העלפן דען נישט אין אַזעלכע פאַלן די אַדוואָקאַטן אַרומגיין דאָס געזעץ? מען דאַרף, פאַרשטייט זיך, אונטערשיידן פון א ציווילן ענין און א קרימינעלן. אין קרימינעלע ענינים איז דער אַדוואָקאַט מחויב צו פאַרטיידיקן דעם באשולדיקטן, אפילו ווען ער איז איבערצייגט אין יענעמס שולד. דעם אונטערשיד צווישן ציווילע און קרימינעלע ענינים האָט זייער פיין פאָרמולירט איינער פון די באַרימטע יוריסטן אין צאַרישן רוסלאַנד, דער סענאַטאָר טאַגאַנצעוו: אין א ציווילן פּראָצעס פאַרטיידיקט דער

אדוואָקאט די זאַך, אין א קרימינעלן פּראָצעס פאַרטיידיקט ער דעם מענטש, פאַרטיידיקסט דו א מענטש, דארף ער נישט דווקא זיין גערעכט. ס׳איז דיין חוב צו העלפן דעם באַשולדיקטן, אויב אפילו נאָר כדי א ביסל אים לייכטער צו מאַכן זיין שטראָף. דער געדאַנק וועגן פאַרטיידיקונג באַזירט זיך נישט בלויז אויף דער פּריוואַטער באַדערפעניש פון דעם נוגע בדבר, נאָר אויך אויף דער אַלגעמיינער באַדערפעניש פון דער געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט איז נישט בלויז פאַראינטע־רעסירט, אז דער פאַרברעכער זאָל ווערן באשטראָפט, נאָר אויך אין דעם, אַז דער אומשולדיקער זאָל נישט באשטראָפט ווערן. אין מאָמענט ווען דער באַשול־דיקטער ווערט געשטעלט פאַר אַ געריכט, שאַפט זיך שוין אין דער געזעלשאַפט א שטימונג קעגן אים. די געזעלשאַפט האַלט אים פאר א שולדיקן, די געשווווירענע קוקן שוין לכתחילה אויף אים ווי אויף א שולדיקן. קעגן אים טרעט אַרויס דער פאַרשטייער פון דער פּראָקוראַטור — א מענטש, וואָס איז געהעריק באַוואָפנט מיט קענטעניש פון די געזעצן און מיט דעם גאנצן געוועה, וואָס איז אין זיין רשות, באַשולדיקט ער דעם אָנגעקלאָגטן. דעריבער דארף מען אַלס פאַרטיידיקער פון באשולדיקטן אוועקשטעלן א מענטש, וואָס זאָל אויך קענען די געזעצן, כדי צו געבן דעם באַשולדיקטן אַ גלייכע מעגלעכקייט פון פאַרטיידיקונג. אויף דעם געדאַנקען־גאַנג באַזירט טאַקע די אינסטיטוציע, וואָס ווערט אָנגערופן — פאַר־פליכטנדיקע פאַרטיידיקונג.

כמעט אין אַלע לענדער עקזיסטירט אזא אינסטיטוציע, און אין פּראָצעסן ווען אַ מענטש ווערט באשולדיקט אין א האַרבן פאַרברעכן, ווי מאָרד, רויב און ענלעכע, איז די מלוכה מחויב לויטן געזעץ צו שטעלן אַן אדוואָקאַט פארן באשולדיקטן. די מיינונג וואָס האַלט, אַז אויך אין ציווילע ענינים האָט נישט דער אדוואָקאט וואָס מקפיד צו זיין און זוכן גערעכטיקייט, נאָר פאַרטיידיקן די זאַך, וואָס מען האָט אים איבערגעגעבן פאר א באשטימטן אָפּצאָל, האָט געקאָנט שלעכט ווירקן אויף אַ סך אַדוואָקאַטן, דערפאַר איז, ווי אַ קעגנווירקונג דער מעגלעכער דעמאָראַליזאַציע, געשאַפן געוואָרן אין רוסלאַנד דער אדוואָקאַטן־ראַט, וואָס האָט געהאַט די השגחה איבער דער טעטיקייט פון די אדוואָקאַטן און דאָס רעכט אויפן באשלוס פון א דיסציפּלינאַרן געריכט אויסצושליסן אַ מיטגליד פון פאַריין, ד. ה. פאַרבאָטן אים זיך צו פאַרנעמען מיט דעם פאַך. די מורא פארן ראַט איז געווען זייער גרויס, און א סך אַדוואָקאַטן האָבן דערפאַר שטאַרק אכטונג געגעבן אויף זייער אויפפירונג. אין פּעטערבורג האָט דער אדוואָקאַטן־פאַרבאַנד עקזיסטירט פון יאָר 1863. בראש פון פארבאַנד זענען געשטאַנען הויכ־געשעצטע אדוואָקאַטן, אָרנטלעכע מענטשן, וואָס די גאַנצע געזעלשאַפט האָט צו זיי זיך באַצויגן מיט גרויס פּיעטעט. אַדאַנק דעם איז די פּראָפעסיאָנעלע עטיק פון אַדוואָקאַטור געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. יעדעס יאָר פלעגט

דערשיינען א באַריכט־בוך, אין וועלכן ס'זענען אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן ידיעות וועגן די דיסציפּלינאַר־געריכטן, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן איבער מיטגלידער פון פאַרבאַנד.

דעם ניינטן נאָוועמבער פון יאָר 1909 האָט סאַבינע געבוירן אַ טאָכטער. מיר האָבן איר געוואָלט געבן אַן א״י־נאָמען, און היות ווי מיין שוועסטער מרים איז שוין דעמאָלט געווען אין ארץ־ישראל, האָב איך צו איר געשריבן און נאָכגעפרעגט, וואָסערע נעמען זענען איצט דאָרט אָנגענומען. זי האָט מיר געענטפערט, אַז עס איז אָנגענומען צו געבן מיידלעך דעם נאָמען עתליה אָדער ירדנה, און יינגלעך — עזריאל. אגב, מיין שוועסטער מרים, וואָס איז געווען אין וואַרשע אַ פאַרוואַלטערין פון דער שול „יהודיה", האָט גוט געקענט העברעיש און האָט זיך לייכט איינגעאָרדנט אין ארץ־ישראל אלס לערערין. זי האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין 1908־טן יאָר און האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט פּנחס כהן, דעם לערער פון נאַטורוויסנשאַפט אין דער חיפהער רעאַל־גימנאַזיע. דער שוואָגער מיינער, וואָס איז געפאָרן קיין בערלין זיך פאַרפולקאָמען, האָט אונדז באַזוכט אין פּעטערבורג אין 1911 יאָר. זיין עקזאָטישער אויסזען האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרומיקע. ער איז געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1956.

נאָכן באַקומען די תשובה פון מיין שוועסטער, האָבן מיר אויסגעקליבן דעם נאָמען עתליה. ווען איך בין געקומען אין דער קהילה פאַרשרייבן די טאָכטער, האָט זיך דער סעקרעטאַר פאַרוואונדערט פון דעם מאָדנעם נאָמען. „זינט איך לעב — האָט ער געזאָגט — האָב איך אַזאַ יידישן נאָמען נישט געהערט". איך האָב אים געוויזן אין תנ״ך, אַז עס איז דאָרט דערמאָנט דער נאָמען פון דער קעניגין עתליה. אמת, זי איז געווען א מרשעת, איך האָב אָבער נישט מורא געהאַט, אז דער נאָמען קאָן שלעכט ווירקן אויף מיין טאָכטער.

ווען די טאָכטער איז געבוירן געוואָרן, האָבן מיר זיך איבערגעצויגן פון די מעבלירטע צימערן אין אַ קליינער וווינונג. הגם מיר זענען געווען געענגט אין געלט האָבן מיר געמוזט נעמען אַ באַדינערין, ווייל אַזוי איז געווען אָנגענומען ביי אַלע אונדזערע באַקאַנטע פון שטענדיק אָן און ס'איז אונדז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז עס קאָן אויך זיין אַנדערש. ס'איז געווען אָנגענומען, אַז ביי אַן אַדוואָקאַט עפנט נישט דער בעל־הבית די טיר פאַר זיינע קליענטן, נאָר די דינסט אין אַ ווייסן פאַרטעך, מיט א ווייס טיכל אויפן קאָפּ; ווען נישט, וואָלט מען זיך באַצויגן מיט גרינגשעצונג צום אדוואָקאַט. ערשט אין יאָרן ארום, אין ארץ־ישראל, האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז מען קאָן לעבן אָן אַ באַדינערין אויך און אַז

מען קאָן זיין אַן אַדוואָקאַט און אַן אַרבעטנדיקע מוטער — אָן שום זייטיקער הילף.

דער ברודער פון מיין פעטערס פרוי אין פעטערבורג, אַס, איז געווען אַ סעקרעטאַר פון אַ יידישער פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט: „הילף פאַר אָרעמע יידן". היות ער האָט געהאַט בדעה צו נעמען אַ זעקס־חדשימדיקן אורלויב, האָט ער מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל צייטווייליק איבערנעמען זיין אַמט, מיט אַ שכירות פון הונדערט רובל אַ חודש. איך האָב זיך דעמאָלט געפונען אין אַ שווערן מאַטעריעלן מצב. פון מיין אַרבעט אַלס אַדוואָקאַט האָב איך זייער ווייניק פאַרדינט און מיין עיקר־עקזיסטענץ איז געווען אָפּהענגיק פון טאַטנס הילף. אמת, סאַבינע האָט דאַן געעפנט א דענטיסטישן קאַבינעט, זי האָט אָבער געהאַט ווייניק פּאַציענטן. דערפאַר האָב איך אָנגענומען אס׳ס פאָרשלאַג.

אַדאַנק מיין נייער אַרבעט האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די יידן פון דער שטאָט. פעטערבורג איז געווען אויסער דעם תחום־המושב און דאָרט האָבן געמעגט וווינען נאָר יידן געוויסע ניקאָלאַ־יעווער סאָלדאַטן (קאַנטאָניסטן), סוחרים פון דער ערשטער גילדע, אַבסאָלווענטן פון אוניווערסיטעט, האַנטווערקער, וואָס האָבן געהאַט אַ ספּעציעלע צייגעניש. מיט די יידישע גבירים און די הויכגעשעצטע לייט פון דער יידישער קהילה בין איך נישט געקומען אין קאָנטאַקט. צווישן די אַדוואָקאַטן זענען געווען עטלעכע יידן ווי פעטיא שוואַרצמאַן, שמואל פרידשטיין, מ. לאַזאַרסאָן און אַנדערע. די מערהייט פון מיינע חברים זענען געווען נישט־יידן. איצטער, אַז איך האָב געאַרבעט אין דער פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט (זומער 1909 און זומער 1910), האָב איך זיך אָנגעטראָפן פנים אל פנים מיט דער יידישער אָרעמקייט. צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג זענען אין פעטערבורג געווען אַ סך אָרעמע יידן, בעל־מלאכות, קליינהענדלער און יידן, וואָס זענען געקומען אומלעגאַל אין שטאָט און האָבן זיך דאָרט פאַרזוימט אַ שטיקל צייט. דורך מיין האַנט זענען אַדורכגע־גאַנגען יעדן טאָג צענדליקער יידישע קבצנים. איך האָב געהאַט רעכט צו געבן לויט מיין אייגענעם איינזען יעדן נויטבאַדערפטיקן צוויי רובל. ס׳זענען געווען אַ סך, וואָס האָבן באַקומען אַזאַ הילף. ערב יום־טובים פלעג איך אָן חקירות און דרישות געבן יעדן יידן, וואָס איז צו מיר געקומען, אַ האַלבן רובל. מיר האָבן געהאַט שטענדיק פענסיאָנערן, וואָס פלעגן באַקומען פון 2—4 רובל אַ חודש, לויט דעם באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג. גרעסערע סומעס, ביז 25 רובל, פלעגן געגעבן ווערן אין אַן עת צרה, אין דער פאָרם פון הלוואות. צו מיין גרויסן ווייטיק האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויסער דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און בעלי־מלאכות געפינען זיך אין פעטערבורג אויך אַזעלכע יידן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט האַלטן שאַנד־הייזלעך.

איינמאָל איז צו מיר געקומען אַ ייד און דערציילט וועגן די צרות, וואָס האָבן אים געטראָפן, ער איז געוואָרן אַן אלמן, זיינע קינדער — יתומים, דערפּאַר בעט ער אַ הלוואה פון 25 רובל. איך האָב אויסגעפילט אַן אַנקעטע און צווישן אַנדערן האָב איך אים געפרעגט, ווי עס האָט זיך געפירט, ווער עס קען אים און איז גרייט אים צו געבן אַ רעקאָמענדאַציע, „וואָס איז שייך — האָט דער ייד געטענהט — די גאַנצע שטאָט קען מיך!", איך האָב אַריינגעשריבן אין דער אַנקעטע: „די גאַנצע שטאָט". ווען דער ייד איז אַרויסגעגאַנגען איז צו מיר צוגעקומען מיין געהילף, דער בוכהאַלטער בייגלמאַן, וואָס איז געווען אַן אייניקל פון אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט און האָט גוט געקענט די יידן פון שטאָט. ער האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט: „ס'איז טאַקע אמת, די גאַנצע שטאָט קען אים, ווייל ער איז דער בעל־הבית פון אַ שאַנד־הויז".

אַן אנדערש מאָל, ערב יום־טוב, איז געקומען אַ פרוי און געבעטן די קצבה — אַ האַלבן רובל. בייגלמאַן האָט מיר געזאָגט, אַז זי האַלט אַ שאַנד־הייזל, האָב איך איר געענטפערט, אַז אַזעלכע מענטשן גיב איך נישט. זי האָט אויפגעהויבן אַ געשריי: „דער הער אַליין איז דאָך ביי מיר געווען!". פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב איר נישט געקאָנט באַווייזן, אַז איך בין ביי איר נישט געווען!

אין פּעטערבורג איז אויך געווען אַ יידישע, שטודירנדיקע יוגנט. אַ סך פון זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיטלען צום לעבן, געווען אומלעגאַל אין שטאָט, אָדער „שווייצאַרישע בירגער", ד. ה. זיי פלעגן געבן לאַ־יהרץ־געלט דעם שווייצער (הויז־וועכטער). עס זענען געווען פאַלן, ווען יידישע מיידלעך האָבן זיך געמאָלדן אין דער פּאָליציי אַלס גאַסן־פרויען און אין דעם זכות האָבן זיי באַקומען אַ געלן פּאַספּאָרט — דעם פּאַך־דאָקומענט. גאַסן־פרויען זענען געווען פאַררעכנט צו די בעל־מלאכות, וואָס האָבן רעכט צו וווינען אויסער דעם תחום־המושב. ס'האָט אפילו געטראָפן, אַז די פּאָליציי האָט אַרויסגעשיקט פון פּעטערבורג אַ סטודענטקע, ווייל זי האָט זיך דערוווסט, אַז יענע פאַרנעמט זיך נישט מיט דעם אָנגעגעבענעם פּאַך: פּראָסטיטוציע.

אַבסאָלווענטן פון אוניווערסיטעט פון דער ערשטער מדרגה האָבן געהאַט דאָס רעכט צו האַלטן איינעם אָדער צוויי פון זייערע גלויבנס־ברידער אַלס משרתים, און אַדאַנק דעם האָבן זיי געגאָסן פון דער פּריווילעגיע צו קאָנען וווינען אין פּעטערבורג. עס זענען געווען פאַלן ווען אַדוואָקאַטן האָבן געמאָלדן, אַז זיי האַלטן ביי זיך אַ יידישן באַדינער, אין אַזעלכע פאַלן האָט דער באַדינער געמוזט וווינען ביים אַדוואָקאַט, ווייל די פּאָליציי פלעגט פון צייט צו צייט נאָכפאָרשן און קאָנטראָלירן, צו אזא וווינט באמת ביי זיי. א סך צרות האָט מיר פאַרשאַפט אַ חברטע, אַ סטודענטקע, וואָס איך האָב איינגעמאָלדן אַלס אַ ניאַנקע פון מיין טאָכטער. דער פּאָליציאַנט (גאָראָדאָוואָי) פלעגט אָפט אַריינקומען און האָט

זי קיין איין מאָל נישט געטראָפן אין שטוב. דער תירוץ איז שטענדיק געווען, אַז די ניאַנקע איז אַוועק מיטן קינד שפּאַצירן. אונדזער באַדינערין, די גויע, האָט שוין געוווּסט, אַז ווי נאָר מען זעט גיין אַ פּאָליציאַנט — דאַרף מען אויף גיך באַהאַלטן דאָס קינד. דערנאָך איז ביי מיר געווען איינגעמאָלדן אַלס באַדינער אַ קליינהענד־לער. אין דעם פאַל האָט דער פּאָליציאַנט געהאַט אַ שטענדיקן „געהאַלט", ווייל ער פלעגט באַקומען לאַ־יחרץ־געלט. וועגן דעם האָט שוין געזאָרגט דער „משרת" אַליין.

מיין סביבה אין פּעטערבורג איז באַשטאַנען פון אַסימילאַטאָרן. אין דער געזעלשאַפט פלעג איך רעדן נאָר רוסיש. מיט סאָבינען, וועלכע האָט געשטאַמט פון אַן אַסימילירטער משפּחה און האָט נישט געקענט קיין יידיש, האָב איך גערעדט פּויליש.

דער פּועלי־ציוניסטישער קרייז איז זיך שוין פון לאַנג פונאַנדערגעפאַלן. אין רוסלאַנד האָט זיך דאַן אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון דעקאַדאַנס. די רעאַקציע האָט געהערשט אין גאַס און אויך באַהערשט די נשמות. די קליינע צאָל רעוואָ־לוציאָנערן זענען אַוועק אין אונטערערד. אַ סך האָבן אינגאַנצן פאַרלאָזט דעם לאַגער פון דער רעוואָלוציע און אָנגעהויבן זוכן נייע וועגן. עס האָבן גענומען זיך מערן קרייזן פון שטודירנדיקער יוגנט, וואָס זייער עיקר־אינטערעס איז געווען די עראָטיק. אין דער פילאָזאָפיע האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטרעמונג פון „גאָט־זוכער". לונאַטשאַרסקי האָט געפּרעדיקט אַ „רעליגיעזן סאָציאַליזם". קעגן אים איז שאַרף אַרויסגעטראָטן באָראָכאָוו אין זיין בוך „דער ווירטואַליזם און דאָס רעליגיעז־עטישע פּראָבלעם אין מאַרקסיזם".

די רעאַקציע האָט אויך באַקומען איר אויסדרוק אין דער שיינער ליטע־ראַטור. אין אָנהייב 20־סטן יאָרהונדערט, איז מאַקסים גאָרקי געווען זייער אָנגענומען אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך באַוויזן אין דער רוסישער ליטעראַטור לעאָניד אַנדרייעוו. צווישן זיי ביידן איז געווען אַ גרויסער אונטערשיד. גאָרקי, דעם מענטש פון פאָלק, וואָס האָט פון די פריסטע יאָרן דורכגעמאַכט אַלע פּיינען פון לעבן, און פון דער נאָענט געזען די נויט פון די מאַסן — אים האָט דער בונט קעגן דער עקזיסטירנדיקער ווירק־לעכקייט נישט דערפירט צום פאַרלאַנג צו צעשטערן אַלץ, נאָר פאַרקערט, עס האָט אים געטריבן צו זוכן אַ וועג אויסצובעסערן דאָס לעבן. דאַקעגן אַנדרייעוו, דער אינטעליגענט, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו די מאַסן און זיך אָנגעג־שטויסן פּנים אל פּנים מיטן שלעכטס, איז געקומען צו אַן אַלגעמיינעם אויספיר, אַז דער וואָרצל פון שלעכטס שטעקט אין דער אייגנשאַפט פון מענטש פון זיין געבוירן אָן, פון וואָס ער דרינגט, אַז „מ'קאָן נישט אויפנעמען די דאָזיקע

וועלט״. נאָכן פּאַרטיפֿן זיך אין דער נשמה פֿון מענטש — אין זיינע ווערק „דער תהום״, „פּינצטערניש״, „וואַסילי פּיוויסקי״, „דאָס לעבן פֿון אַ מענטש״ — האָט אַנדרייעוו געפּרעדיקט אין זיין דראַמע „סאַוואַ״ צו צעשטערן די וועלט, כּדי אָנצוהייבן אַלץ פֿון בראשית. „אָוועקזעצן דעם נאַקעטן מענטש אויף דער נאַקעטער ערד״. אַנדרייעוו האָט זיך דערקייקלט צו אַן אַנאַרכיסטישער אידעאָ־לאָגיע, צו דער אידעאָלאָגיע פֿון אונטערגייענדיקן קלאַס. גאָרקי איז אָבער געווען די פֿאָן פֿון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געוואָלט ענדערן די אָרדענונג אויף דער וועלט. אויף זיינע ווערק, וואָס רופֿן צו שפּעטערישער רעוואָלוציע איז דערצויגן געוואָרן אַ גאַנצער דור. אַ שטיקל וועג איז נאָך גאָרקי געגאַנגען צוזאַמען מיט אַנדרייעוון — אין נעגירן דיווירקלעכקייט, — ווען זיי זענען אָבער צוגעקומען צו אַ געוויסן פּונקט האָבן זיך זייערע וועגן צעשיידט. ווען עס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן די דערציילונג פֿון אַנדרייעוון „פּינצטערניש״, האָט אים גאָרקי געשיקט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אים פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז אין דער צייט, וואָס דער מענטש דאַרף זיך דערהייבן איבער זיך אַליין, קומט ער, אַנדרייעוו, און דערנידעריקט אים צו דער מדרגה פֿון אַ חיה. אין דער תקופֿה פֿון געפֿאַלנ־קייט זענען צווישן דער יוגנט אָנגעגאַנגען די ציניש ראָמאַנען פֿון אַרציבאַשעוו, באַזונדערס זיין ראָמאַן „סאַנין״. גאָרקי איז אָבער אויך נישט געזעסן מיט פֿאַר־לייגטע הענט, אין יענער צייט איז דערשינען זיין ראָמאַן „די מוטער״ — דער אַפּאָטעאָז פֿון שפּעטערישן בונט.

ס׳איז אויך פֿאָרגעקומען אַ ירידה אין דער יידישער רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפֿטלעכקייט. אַ טייל איז אַוועק מיט די וועגן פֿון דער נישט־יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט און אַ טייל, וואָס האָט זיך נאָך נישט אַנטוישט אין די רעוואָלוציאָנערע אידעען, האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער „יידישער ליטעראַ־רישער געזעלשאַפֿט״. די געזעלשאַפֿט איז אָנגעגאַנגען פֿאַר אַ מין דיסקוסיע־קלוב אויף געזעלשאַפֿטלעך־ליטעראַרישע טעמעס, אָבער זייער אָפּט, ווען אין זאַל האָבן זיך באַוויזן „היטער פֿון געזעץ״, האָט מען געמוזט אינמיטן פֿון דער דיסקוסיע אַריבערגיין צו אַן אַנדער טעמע, אַ לעגאַלער.

אין יענער צייט בין איך געווען ווייט פֿון דער פּאַרטיי און אָפּגעריסן פֿון אירע צענטערס. איך בין געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין מיין פּראָפֿעסיע און אין מיינע משפּחה־ענינים.

איינמאָל איז צו מיר געקומען אויף אַ באַזוך דער חבר חיים איינשטיין פֿון מאָסקווע. ער איז שוין דאַן געווען אַ סוחר, אַ מענטש מיט אַ פּאָזיציע, ער האָט אָבער שטענדיק געציטערט, טאָמער וועט אויפֿגעדעקט ווערן, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין דער עקספּראָפּריאַציע אין אָטוואָצק. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אינגאַנצן פֿאַרלוירן די רו און אַזוי וועט אים שוין, ווייזט אויס, אויסקו־

מען צו ליידן דאָס גאַנצע לעבן. איך האָב אים באַרויקט און דערקלערט, אַז היות אין רוסלאַנד עקזיסטירט אַ געזעץ וועגן פאַרעלטערטקייט פון פאַרברעכנס, און היות בנוגע עקספּראָפּריאַציעס רעכנט זיך דער חטא פאַר פאַרעלטערט נאָך 10 יאָר, וועט ער דאַרפן ליידן נאָר ביז אויגוסט 1916־טן יאָר. ווען ער האָט דאָס דערהערט, איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט און האָט מיך אַרומגעכאַפּט און אויסגערופן: „דו האָסט אין מיר אַריינגעגעבן אַ ניי לעבן, פון איצט אָן ווייס איך, אַז עס איז פאַראַן אַ גרענעץ צו מיינע ליידן!...״

מיין חבר לאַזאַרסאָן האָט זיך אַנטוישט אין זיין פּראָפעסיע. ער האָט גע־פּרוווט, ווי איך, פאַרנעמען זיך מיט קרימינעלע ענינים, אָבער דאָס האָט נישט פאַרזיכערט קיין עקזיסטענץ־ מעגלעכקייט נישט אים און נישט מיר. מיר האָבן זיך דערנענטערט צום קרייז פון פּאָליטישע אַדוואָקאַטן. אין האַרבסט פון יאָר 1909, זענען מיר ביידע אַרויסגעטראָטן אויף אַ מיליטערישן פּראָצעס, דער פּראָ־צעס פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. עס זענען געווען בערך 40 באַשולדיקטע, וועלכע זענען געוואָרן פאַרטיידיקט דורך 18 פאַר־טיידיקער. דער הויפּט־באַשולדיקטער איז געווען דער סטודענט גוואָזדיעוו. אים האָט פאַרטיידיקט איינער פון די באַוווסטע אַדוואָקאַטן, לעאָנטיעוו. איך האָב פאַר־טיידיקט מיכיילאָוו, פאַרזיצער פון מיליטערישן געריכט איז געווען דער גענעראַל ספּעשניעוו, אַן אַנטיסעמיט און אַן אויסגעשפּראָכענער רעאַקציאָנער. מיכיילאָוו איז פאַרשיקט געוואָרן אויף צוויי יאָר קיין סיביר. אין צוויי יאָר אַרום האָט זיך פאַר מיר באַוויזן מיכיילאָוו, ער איז געקומען באַדאַנקען מיר פאַר דער פאַרטיי־דיקונג.

אין 1910־טן יאָר איז לאַזאַרסאָן אַוועק פון אַדוואָקאַטור. אַדאַנק זיינע פריערדיקע פאַרבינדונגען, נאָך פאַרן ווערן אַן אַדוואָקאַט, האָט ער געקריגן אַ שטעלע פון אַ סעקרעטאַר אין אַ האַנדלס־געזעלשאַפט. אינגיכן האָט ער מיר פאַרגעלייגט, אויך איבערגיין צו אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט. אין 1911־טן יאָר האָט ער געאַרבעט אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַ קוילן־סינדיקאַט „פּראָדו־גאָל״ און פאָרגעלייגט מיר אָנצונעמען די שטעלע אַלס דריטער סעקרעטאַר מיט אַ שכירות פון 200 רובל אַ חודש. בלית־ברירה האָב איך אָנגענומען דעם פאָר־שלאָג. מיין אַרבעט האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. דער הויפּט־דירעקטאָר, אַ גוטער פריינט פון לאַזאַרסאָן, האָט פאָרגעלייגט עפּעס אַ פּלאַן און די דירעק־ציע, וואָס איז באַשטאַנען פון רוסישע, בעלגישע און פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן, האָט זיין פּלאַן אָפּגעוואָרפן, דערפאַר האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין אַמט און מיט אים צוזאַמען זענען באַפרייט געוואָרן די אַלע, וואָס זענען אַדאַנק אים אָנגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט.

אין יענער צייט האָט מיין פאָטער מיר אויפגעהערט צו העלפן און איך בין

געבליבן אָן שום עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. בלית ברירה האָב איך סאַבינען מיט עתליהן אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע. איך האָב זיך אַרויסגעקליבן פון דער דירה און אַריבער וווינען צוזאַמען מיט מיין חבר פרידשטיין אין איין צימער, ווייל אויך זיין פאַמיליע איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ „קאָנסולטאַציע". אין יעדן שטאָט־קוואַרטאַל האָבן די אַדוואָקאַטן געגרינדעט אַזאַ אינסטיטוציע צו געבן יורידישע הילף דער אָרעמקייט. די נאָענטסטע קאָנסולטאַציע צו מיין וווינאָרט האָט זיך געפונען אין איזמיילאָווסקי־קוואַרטאַל. בראש איז געשטאַנען דער אַדוואָקאַט כאַרלאַמאָוו, אַ רעכטער און אַן אַנטיסעמיט. אין דער „קאָנסולטאַציע" זענען געווען 15 אַדוואָקאַטן און די מערהייט פון זיי אַנטיסעמיטן. ס׳איז נישט געווען צווישן זיי קיין איין ייד, חוץ איין משומד, האַמבורגער, וואָס האָט זיך געשמדט צוליב אַ גענעראַלס אַ טאָכטער. מיט אים האָב איך זיך באַפריינדעט. איך האָב געזאָלט אַרבעטן עטלעכע חדשים אַלס קאַנדידאַט, ביז די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג וועט באַשטימען, צי מען זאָל מיך אָננעמען אלס מיטגליד אָדער ניין. די חברים פון דער „קאָנסולטאַציע" האָבן אויף מיר געקוקט מיט אַ קרום אויג. ס׳איז מיר אָבער בייגעשטאַנען דער זכות פון מיין ארבעט און פלייסיקייט און די באַציאונגען האָבן זיך פאַרבעסערט. האַמבורגער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אויף דער אלגעמיינער פאַרזאמלונג, אויף וועלכער ס׳איז געשטאַנען די פראַגע וועגן אָננעמען מיך, איז פאָרגעקומען אַ שווערער קאַמף. מען האָט נישט גערעדט בפירוש וועגן מיין אָפּשטאַמונג, אָבער דער דאָזיקער נעגאַטיווער מאָטיוו האָט זיך פאַקטיש אַרויסגעפילט. פונדעסטוועגן בין איך אָנגענומען געוואָרן. צוליב מיר האָט די „קאָנסולטאַציע" אויפגעהערט צו זיין „יידן־ריין". שפּעטער האָט זיך מיר איינגעגעבן, נאָך אַ שווערן קאַמף, אַריינצונעמען פרידשטיינען און נאָך אַ געשמדטן אַדוואָקאַט יעלצין. אין דער קאָנסולטאַציע האָבן געאַרבעט צו 2—3 אַדוואָקאַטן צוויי מאָל א וואָך פון 8 אָוונט ביז 12 ביינאכט און אויפגענומען פון 40—50 מענטשן. אויב עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דער קליענט נייטיקט זיך אין אַן אדוואָקאַט, האָט דער דיזשורירנדיקער געהאַט רעכט אויפנעמען אים פּריוואַט אין זיין ביוראָ. אדאנק דעם האָב איך געהאט א ביסל ארבעט.

דעם זומער פון 1912 האָב איך פאַרבראַכט אָן מיין משפחה. אין אָקטאָבער האָב איך געדונגען א דירה און ארויסגערופן צו זיך סאבינען און עתליהן. נאָך פריער האָט סאבינע אָנגעהויבן ארבעטן אלס דענטיסטין, אוןביידע צוזאמען האָבן מיר מיט שוועריקייטן קוים פאַרדינט אויף פּרנסה.

מיר פלעגן, פאַרשטייט זיך, באזוכן טעאַטער און נישט איינמאָל זענען מיר געווען אויף די פאָרשטעלונגען פון סטאַניסלאַווסקיס קינסטלערישן טעאַטער, וואָס איז פון צייט צו צייט געקומען פון מאָסקווע. מיר האָבן, למשל, געזען דעם

„קאַרשן־סאָד" פון טשעכאָוו, „דער בלויער פויגל" פון מעטערלינק, „אויפן דעק" פון גאָרקי און אַנדערע פאַרשטעלונגען. מיר האָבן געזען גלענצנדיקע אַקטיאָרן נישט בלויז אין קינסטלערישן טעאַטער, נאָר אויך אין אלעקסאַנדרינסקי־טעאַטער און אין אַנדערע, ווי די אַקטריסע פיאָנטקאָווסקאַיאַ. איינמאָל איז געקומען פון וואַרשע די אָפּערעט־אַרטיסטין קאָוועצקאַיאַ. מיר זענען אויך געגאַנגען אין קינאָ. די פילמען פון יענער צייט זענען זיכער געווען זייער נאַיווע. איך געדענק, למשל, אַ פילם „די ליבע איז ברייט ווי דער ים, וואָס עס קאָנען זי נישט איינצוימען די לעבנס־ברעגן". אין פילם „האַלקאַ", נאָכדעם ווי דער העלד באַגעגנט זיך מיט זיין געליבטער און גייט אַוועק מיט איר אין זיין צימער, באַווייזט זיך אויפן לייוונט אַן אויפשריפט, וואָס באַשטייט פון איין וואָרט: „סאַוויערשילאָס" („די זאַך איז געשען"). ווייזט אויס, אַז דער עולם איז נאָכנישט געווען צוגעוווינט צו קינאָ און בכדי אים צוציען, האָט מען כמעט אין אַלע קינאָס אין פעטערבורג געגעבן פאַרן פילם דעקלאַמאַציעס, געזאַנג און טענץ.

צו יענער צייט האָט אין קיעוו זיך אָנגעהויבן בייליסעס פּראָצעס. דער ייד מענדל בייליס איז געוואָרן באַשולדיקט אין דערהרגענען, צוליב ריטועלע צוועקן, דאָס קריסטלעכע יינגל אַנדריי יושטשינסקי. דאָס גאַנצע רוסישע יידנטום איז געווען אויפגערודערט. די פאַרטיידיקונג, בראָש מיטן אדוואָקאַט גרוזנבערג, איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז דער הויפּטציל פון פּראָצעס, אָרגאַניזירט דורך דער שוואַרצער מאה און דער רעגירונג, איז צו דערפירן צו א נייער כוואַליע פון פּאָגראָמען אויף יידן. נישט געקוקט אָבער אויפן דרוק מצד דעם אינערן־מיניסטער און יוסטיץ־מיניסטער, איז בייליס געוואָרן פרייגעשפּראָכן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז צווישן די געשוואוירענע געווען זעקס קעגן זעקס, און לויטן געזעץ איז דער פּסק־דין, אין פאַל פון א ספק, לטובת דעם באַשולדיקטן.

מיט גרוזנבערגן האָב איך זיך געטראָפן דאָס ערשטע מאָל אין 1910־טן יאָר. איך פלעג אָפט גיין אין געריכט הערן די גרויסע אַדוואָקאַטן. גרוזנבערג איז געווען פון די יונגע צווישן זיי. ער איז געוואָרן אַפּליקאַנט אין יאָר 1887. יעדער אַפּליקאַנט, וואָס אַרבעט אָפּ 5 יאָר און פילט אויס געוויסע אַנדערע באַדינגונגען, ווי באַטייליקן זיך אין משך פון צוויי יאָר אין אַ קרייז פון אַדוואָקאַטן ביים ראַט און אָפּגעבן אַ דיסערטאַציע דעם ראַט — דאַרף אָפּגעבן אַ טרייהייט־שבועה און באַקומען דעם טיטל פון א געשווארענעם אדוואָקאַט. א יידישער אפליקאנט אָבער האָט נאָך געדאַרפט באַקומען א באַשטעטיקונג פון יוסטיץ־מיניסטער, דער מיניסטער ווידער פלעגט על־פי־רוב נישט געבן יידן קיין באַ־

שטעטיקונג. אזא איז אויך געווען דער גורל פון גרוזנבערגן, אַנשטאָט 5 יאָר איז ער געווען אַפּליקאַנט 17 יאָר. ערשט ווען אלס אינערן־מיניסטער איז נאָמינירט געוואָרן דער פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי אין האַרבסט פון יאָר 1904, האָט דער יוסטיץ־מיניסטער באשטעטיקט אלע יידישע אפּליקאַנטן אלס געשווירענע אַדוואָקאַטן, צווישן זיי אויך גרוזנבערגן. די ליבעראַלע פּאָליטיק האָט זיך געצויגן די גאנצע צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע, ביזן יאָר 1909. פון דעם יאָר ביז דער רעוואָלוציע פון 1917, איז נישט באשטעטיקט געוואָרן קיין איין יידישער אפּליקאנט אַלס געשווירענער אדוואָקאט. אין יאָר 1913 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן א נייע פאַראָרדענונג, אַז א ייד טאָר אפילו נישט ארבעטן אלס אַפּליקאַנט, אויב דער יוסטיץ־מיניסטער וועט אים פריער נישט באַשטעטיקן. אזוי אַרום איז פּאַקטיש פאַר יידן פאַרמאַכט געוואָרן דער וועג צו אדוואָקאַטור.

גרוזנבערג איז נישט נאָר געווען אַ רעדנער פון גאָטס גענאָד, נאָר אויך א מענטש מיט א פענאָמענאַלן זכרון. ס'איז נישט געווען קיין איין באשלוס פון סענאַט, וואָס גרוזנבערג זאָל אים נישט האָבן געדענקט אויף אויסנווייניק. זיין יורידישע ארגומענטאציע און זיין לאָגיק זענען געווען אין לשער. ער איז געווען פון אלעמען געשעצט, און באַזונדערס איז גרויס געוואָרן זיין פּאָפּולאַריטעט נאָך ביילִיסעס פּראָצעס. ער איז אָבער געווען א בעל־גאַווה און פלעגט אין געשפּרעכן מיט יונגע אדוואָקאַטן נישט אַנדערש רעדן וועגן זיך, ווי נאָר אין דער דריטער פּערזאָן: „אָסקאַר אָסיפּאָוויטש האַלט אזוי...״

איינער פון די גרויסע יידישע אדוואָקאַטן איז געווען אָסיפּ פערגאַמענט. ער איז געווען דער פּאַרזיצער פון אדוואָקאַטן־ראַט אין אָדעס און דעפּוטאַט פון דער צווייטער און דריטער דומע מצד די קאַדעטן. צוזאַמען מיט מאַקלאַקאָוון האָט ער אויסגעארבעט דעם רעגולאַמין פון דער דומע. אין יאָר 1909 איז ער ארויסגעטראָטן אין באַרימטן קרימינעלן פּראָצעס פון דער יידישער פרוי אָלגאַ שטיין. די פרוי איז באשולדיקט געוואָרן אין גרויסע דעפּרווידאציעס. א סך מענטשן האָבן ביי איר איינגעלייגט פאַרשידענע סומעס געלט און זי האָט עס נישט אָפּגעגעבן. זי האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף אלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין איר סביבה. דער פּראָצעס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט און נאָכן ערשטן אורטייל איז דער ענין אַריבער צום סענאַט. פערגאַמענט איז, ווייזט אויס, אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער איר השפּעה און ער האָט איר געראָטן צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד אויף דער צייט צווישן ערשטן און צווייטן פּראָצעס. ער האָט איר נאָך דערצו צוגעהאָלפן. ווען די עפנטלעכקייט האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז פערגאמענט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

בעת איך בין אַריינגעטראָטן אין אדוואָקאַטן־פאַרבאַנד זענען נאָך נישט געווען ק׳ין פרויען אדוואָקאַטן. דער קאַמף פאַר די רעכט פון דער פרוי זיך צו

פּאַרנעמע, מיט דער פּראָפעסיע האָט זיך געצויגן פיל יאָרן און ענדלעך האָט דער סענאַט באַשלאָסן, אַז אַ פרוי האָט אויך דאָס רעכט צו זיין אן אדוואָקאַט. די ערשטע פרוי וואָס האָט די פּאָדערונג ארויסגעבראכט פאַר דער עפנטלעכ־קייט, איז געווען די יידישע אדוואָקאַטין פליישיק. דעם ענין האָט מיט גרויס טאַלאַנט אוועקגעשטעלט פארן סענאַט דער יידישער אדוואָקאט דובאָסאַרסקי.

זומער 1913 האָב איך געמאכט א שפּאציר פון עטלעכע טעג קיין פינלאנד. די פינלענדישע גרענעץ איז געווען אן ערך 30 קמ. פון פּעטערבורג, אויף דער סטאציע בעלאָאָסטראָוו. צוערשט האָב איך באזוכט וויבאָרג. אויף דער באַן־סטאציע איז געווען א בופעט און פאר איין פינישן מארק האָט מען געקאָנט געניסן וויפל דאָס הארץ גלוסט פון די אלע גוטע זאכן, וואָס זענען געווען אָנגע־שטעלט אויפן טיש. איך בין אויך געווען אין העלסינקי, א שיינע בארג־שטאָט. די פינלענדער האָבן אויף מיר געמאַכט א שטארקן איינדרוק. זייער גאנג איז א געלאסענער, זיי רעדן באַזאַכט און מיט א מאָס. א גוטע אָרגאניזאציע, אַ מוס־טערהאפטע אָרדענונג. גניבות, פאַרדאָרבנקייטן און כאַבאר — זענען דאָרט נישט געווען בנימצא. אין אונדזערע אויגן, אין די אויגן פון פּעטערבורגער איינוווינער, האָט דאָס אויסגעזען זייער אויסטערליש.

אז איך וואַרף א בליק אויף צוריק, באזונדערס אויף דעם פּעריאָד פון די יאָרן 1909—1914, זעט מיר אויס, אַז אין סך הכל זענען זיי פאַר מיר ליכט און שאָטן צוזאמענגעמישט. אין דער צייט האָב איך נישט גענומען קיין אָנטייל אין געזעלשאפטלעכן לעבן, איך בין געווען פארטאָן מיט מיינע פּריוואטע ענינים, מיט דאגות פרנסה און מיט דער פאמיליע. דערצו די אָביעקטיווע באדינגונגען אין פּעטערבורג — אָן א פּראָלעטאַרישער סביבה, אָן א יידישער סביבה, דער שטייגער לעבן פון די אדוואָקאטן — דאָס אלץ האָט מיך דערווייטערט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און פון דער פּארטיי. פון דער אנדערער זייט אָבער האָב איך זיך באַקענט מיטן לעבן, באַרייכערט מיין דערפארונג. איך האָב אויך נישט וויניק געלייענט.

אין יענער צייט האָב איך שוין אָנגעהויבן לייענען די ווערק פון מאַרקסן, ווי „די אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע", „דער בירגער־קריג אין פראנקרייך", „די הייליקע פאמיליע", „צו דער יידן־פראַגע" און אַנד. איך האָב דורכגעמאכט א גרויסן טייל פון ערשטן באנד „קאַפּיטאַל", און באזונדערס האָב איך זיך פאַר־טיפט אין בוך „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", וואָס אין זיין ארייַנפיר איז שוין געגעבן געוואָרן דער תמצית צו מארקס לערע אינגאנצן. איך האָב געלייענט עטלעכע ביכער פון קאָוטסקין, זיינע צוויי בענדער „די געשיכטע פון סאָציאַליזם" און איך האָב געקענט פון אויסנווייניק „דאָס ערפורטער פּראָג־ראם". איך בין באגייסטערט געוואָרן פון די ביכער פון פּלעכאַנאָוון, באזונדערס

פון זיין בוך „צו א מאָניסטישן קוק אויף דער געשיכטע"; אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָט מיר געוויזן אַ וועג דאָס בוך פון באָגדאַנאָוון, איינער פון די בעסטע אויף דעם געביט.

כ'האָב זיך אויך פאַרנומען מיט פילאָזאָפיע, איך האָב געלייענט העגעלן און אויך קונאָ פישער. נאָך פון מיינע גימנאַזיע־יאָרן האָט מיך צוגעצויגן דער בלינדער, גריכישער פילאָזאָף העראַקליט. איך האָב געזען אין אַ שויפענצטער אַ ביכל אין וועלכן עס זענען געווען אלע אַרויסזאָגונגען פון העראַקליטן אין גריכיש, מיט דער איבערזעצונג אויף רוסיש. איך האָב זיך איינגעשאַפט דאָס ביכל און איך האָב אפילו געפּרוּווט אָנשרייבן אַן ארטיקל וועגן דער דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג לויט העראַקליטן. מיין ערשטער ארטיקל אויף צו באַגרינדן דעם ארץ־ישראל־געדאַנק, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין אונדזער אומלעגאַלער צייטונג אין וואַרשע, האָב איך אָנגעהויבן מיט די ווערטער פון העראַקליטן: „פּאַנטא ריי". אין א סך יאָרן אַרום, שוין אין ארץ־ישראל, אין יאָר 1952, האָב איך ווידער געפונען דאָס ביכל און איך האָב ווידער געשריבן אַ גרויסן ארטיקל אויפן סמך פון העראַקליטס געדאַנקען.

איך האָב אויך געלייענט שיינע ליטעראַטור, און פּונקט ווי אין מיינע יוגנט־יאָרן, האָבן אויף מיר שטאַרק משפּיע געווען מיין ריד און זשול ווערן, בין איך אין יענער צייט געווען אונטער דער השפּעה פון ענגלישן שרייבער דזשאָן לאָק, די סיבה פון אָט דער השפּעה האָט געשטעקט אין גייסט פון דער צייט און אין דער דעמאָלטיקער סביבה. אונדז האָבן דאַן נישט אינטערעסירט קיין געזעלשאַפטלעכע פּראַגן, נאָר אַ סך מער — פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען. אויך דער ענגלישער שרייבער האָט נישט באהאַנדלט קיין געזעלשאַפטלעכע פראַגן, נאָר פאַרנומען זיך בעיקר מיטן אַנאַליז פון ליבע. ער איז, ווייזט אויס, געווען אַן עלטערער מענטש און האָט זיך אנטוישט אין זיין יוגנטלעכער ליבע. זיין עיקר־געדאַנק איז געווען, אַז אַן אמתע ליבע קאָן זיך פונאַנדערבליִען דווקא צווישן נישט קיין יונגע מענטשן, וואָס האָבן שוין דערפילט דעם טעם פון לעבנס־גוויט און דערפאַר האָט זיך ביי זיי אַנטוויקלט אַן ערנסטער צוגאַנג צו אַנדערע מענטשן. אין זיינע בעסטע ראָמאַנען „א צופאַל" און „רעשטלעך פון אַ קאַטאַסטראָפע" ווערן געשילדערט מענטשן, וואָס האָבן שוין פאַרלוירן זייער אמונה אין לעבן אָבער צום סוף געפינען זיי איינער דעם אנדערן און שאַפן צוזאַמען א כוח אויף צו באַנייען דאָס לעבן. דער געדאַנק איז דאָ ביי מעטערלינקן אין זיין דראַמע „די שוועסטער בעאַטריסע".

וואָס עס האָט אונדז געצויגן צו די ביכער פון לאָקן איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די אלע, וואָס זענען נאָך נישט אינגאַנצן פּאַרזונקען געוואָרן אין פּריוואַטן לעבן, אָבער זענען אויך גאַנץ ווייט געווען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

# די ערשטע וועלט-מלחמה

## (1914 — פעברואַר 1917)

אין די זומער־חדשים פון יאָר 1914 האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע אומ־צופרידנקייט צווישן די פאַבריקס־ארבעטער פון פעטערבורג. עס זענען פאָר־געקומען גרויסע שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס און אפילו באַריקאַדן זענען אויפ־געשטעלט געוואָרן אויף דער „נאַראָווסקאַיאַ זאַסטאַווא". דאָס איז צונויפגעפאַלן מיט דער צייט פון פאַטאלן שאָס אין סאַראַיעוואָ, ווען ס'איז דערהרגעט געוואָרן דער עסטרייכיש־אונגאַרישער קרוינפּרינץ. קיין פעטערבורג איז דעמאָלט געקומען אַ חשובער גאַסט — דער פרעזידענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק פּואַנקאַרע, — כדי צו פירן געשפּרעכן אין שייכות מיטן „דריי־בונד" (רוסלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך). די שטרייקן האָבן נישט וויניק געשטערט די גרויסע פייערלעכקייטן לכבוד דעם פרעזידענט. אין געציילטע וואָכן אַרום איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

די ידיעה וועגן דער מלחמה־דערקלערונג מצד דייטשלאַנד האָט אויפגע־שטורעמט גאַנץ רוסלאַנד און באַזונדערס די הויפּטשטאָט. זי האָט אָבער נישט אַרויסגערופן קיין רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, נאָר פאַרקערט, עס זענען געקומען צום אויסדרוק בלויז פּאַטריאָטישע געפילן. די רעוואָלוציאָנערן האָבן אָפּגעטראָטן אין אונטערגרונט, די באָלשעוויסטישע צייטונג „פּראַוודאַ", וועלכע איז דערשינען פון 1912־טן יאָר אָן, איז פאַרמאַכט געוואָרן. אַ כוואַליע פון פּאַטריאָטיזם האָט גיך אַרומגעכאַפּט גאַנץ רוסלאנד. אין פעטערבורג זענען פאָרגעקומען דעמאָנסטראציעס, בראש פון די דעמאָנסטראציעס האָט מען געטראָגן דעם צאַרס פּאָרטרעט און דער המון איז פאַר אים געפאַלן אויף די קני. די גאַס איז געווען פולשטענדיק באַהערשט פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק". די מאַסן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט פאַרן דייטשישן קאָנסולאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין א גרויסער געבײַדע פון גראַניט, מיט גרויסע סקולפּטורן אויפן דאַך, דער המון האָט אויסגעזעצט די שויבן פון קאָנ־סולאַט, צעשמעטערט די סקולפּטורן און זיי אַראָפּגעשליידערט אונטן. בקיצור: דאָס רעוואָלוציאָנערע פעטערבורג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַטריאָטישן פעטראָגראַד. אַלע דייטשישע נעמען און באַצייכענונגען זענען פאַרביטן געוואָרן מיט רוסישע.

די פּאַטריאָטן זענען געווען זיכער, אַז עס וועט נישט לאַנג געדויערן און די רוסן וועלן צעשמעטערן דעם דייטש. און ס׳איז טאַקע געשען, אַז די רוסן זענען אריין קיין מזרח־פּרייסן אין געביט פון די מאַזורישע זומפּן. עס האָבן זיך אָהין אריינגעריסן, איינע נאָך דער אַנדערער, די צוויי ארמייען פון גענעראַל ארטאַמאָנאָוו און פון גענעראל רענענקאמף. צוליב דער קאָנקורענץ צווישן די גענעראלן האָט דאָס דייטשישע מיליטער זיך אריינגעריסן צווישןביידע ארמייען און זיי איינציקווייז צעקלאַפּט. אין איינעם פון די פּולקן, אין גוואַרדיע־פּולק, האָבן געדינט פיל פירשטן און אַריסטאָקראַטן. בעת אַלע האָבן אויסגעקוקט אויף ידיעות וועגן נצחונות, איז אָנגעקומען די טראַגישע בשורה וועגן דער מפּלה פון ביידע ארמייען און וועגן דער פאַרטיליקונג פון כמעט דער גאַנצער גוואַרדיע. דאָס האָט דערשלאָגן דעם מוט פון דער באַפעלקערונג.

דאַקעגן זענען אָנגעקומען טאָג־טעגלעך ידיעות וועגן נצחונות פון מיליטער אין די שלאַכטן קעגן עסטרייך־אונגאַרן, די וויצלער האָבן אָנגעהויבן צונויפסו־מירן די געפאַנגענע, וואָס זענען לויט די אָפיציעלע ידיעות אין משך פון עטלעכע חדשים אריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צום רוסישן מיליטער, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער סכום געפאַנגענע איז אַ סך גרעסער פון דער אַלגעמיינער צאָל זעלנער פון עסטרייך־אונגאַרישן מיליטער.

קיין פּעטערבורג האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פּולע באַנען מיט פאַרוואונדעטע. איין אָוונט בין איך אויך געגאַנגען צוזאַמען מיט אַנדערע חברים פון דער קאָנסולטאַציע אַראָפּנעמען די פאַרוואונדעטע פון באַן און אַריבערפירן זיי אין אויטאָבוסן.

אין מיליטער האָבן זיך אויך געמאָלדן פּריוויליקע. די שטאָט איז געוואָרן פול מיט זעלנער, אָפיצירן, קראַנקן־שוועסטער. אויף די גאַסן פון שטאָט האָט מען געאיבט די מאָביליזירטע. מען האָט אַוועקגעשטעלט מאַנעקינס און די זעלנער האָבן אין זיי געשטאָכן מיט די פּיקעס. פאָדריאַטשיקעס האָבן איינגע־קויפט פאַרשידענע פּראָדוקטן פאַרן פראָנט. די שטאָט איז פארפלייצט געוואָרן מיט מיליטערישע פאָדריאַטשיקעס און מעקלערס און די האָטעלן זענען מיט זיי געווען פאַרשטאָפּט. צוזאַמען מיט די דאָזיקע זענען זיך אָנגעלאָפן פאַרשידענע שפּעקולאַנטן, גאַסנפרויען און מענטשן פון דער אונטערוועלט. זיי פלעגן קויפן און פאַרקויפן פאַרן מיליטער אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט — ליכט אָן קנויטן, הויזן אָן אַן אונטערחלק א. א. וו. דער באַרימטער רוסישער הומאָריסט, אַווערטשענקאָ, האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפן פעליעטאָן אויף דער טעמע.

צוערשט האָט מען מאָביליזירט נאָר די ערשטע יאָרגענג פון די רעזער־וויסטן, אָבער גאָר אינגיכן זענען מאָביליזירט געוואָרן מיליטער־פעיקע ביזן

עלטער פון 45 יאָר. און אויך די, וואָס האָבן געהאַט רויטע בילעטן, דאָס הייסט, די, וועלכע זענען געווען מיליטער־פּליכטיק אין אַן אויסנאַם־צושטאַנד. אויסער די רויטע בילעטן זענען אויך געווען בלויע, וואָס זענען געווען מיליטער־פּליכטיק נאָר בעת אַ סכנה פון זייערע וווינערטער. איך האָב אויך געהאַט אַ בלויען בילעט און בין געווען זיכער, אַז צו מיר וועט די ריי נישט דערגיין, ס׳איז אָבער געווען אַן איינרעדעניש, ווייל אין יאָר 1916 האָט מען געענדערט דאָס געזעץ און מען האָט אויך מאָביליזירט די מיט די בלויע בילעטן. די אינטעליגענץ איז נישט געווען באַגייסטערט פון דער מלחמה און האָט אַלץ געטאָן זיך אַרויסצודרייען פון מיליטער. אַן אָנגענומענע עצה איז געווען צו ארבעטן פאַר „זעלבסטפאַרטיידיקונג״, ד. ה. — פאַרשרייבן זיך אין די פאבריקן, וואָס ארבעטן פארן מיליטער אלס אומבאדינגט־נייטיקע פאר דער פאבריק און אויף דעם סמך באפרייט ווערן פון מיליטער.

פאַר מיר איז דאָס יאָר 1914 געווען אַן אומגליקס־יאָר. אין פעברואר איז ביי מיר געבוירן געוואָרן אַ זון, ער האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט, אָבער אין נאָוועמבער איז ער קראַנק געוואָרן אויף שקאַרלאַטינע און נאָך צוויי טעג איז ער געשטאָרבן. מיט דער קרענק האָט זיך אָנגעשטעקט מיין טאָכטער און אויך דער זון פון מיין שוועסטער העלענאַ, וואָס איז מיט אים אַריבערגעפאָרן צו מיר אין זומער 1914. אין משך פון צוויי חדשים איז מיין וווינונג געווען ווי א שפּיטאָל און מיר האָבן זיך נישט געקאָנט באַגעגענען מיט מענטשן. פריינד און באקאנטע האָבן זיך אָפּגעהאלטן פון קומען צו אונדז, כדי נישט אָנצושטעקן זייערע קינדער. יעדן טאָג, פאָרן גיין אין געריכט, פלעג איך גוט דעזאינפעקצירן מיינע מלבושים. דאָס קינד האָב איך אַליין געמוזט ברענגען צו קבורה. סאבינע איז געבליבן אין שטוב מיט דער קראנקער טאָכטער און בלויז איינער פון מיינע חברים, אַ נישט חתונה־געהאַטער, איז מיט מיר מיטגעפאָרן אויפן בית־הקברות.

היות די מלחמה איז אויסגעבראָכן זומער, זענען אַ סך רוסישע בירגער געווען אין דייטשישע און אין עסטרייכישע קורערטער. די דייטשישע מאַכט האָט זיי דערלויבט ארויספאָרן, ס׳איז שוין אָבער נישט געווען קיין גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און רוסלאנד און זיי האָבן געמוזט פאָרן דורך נייטראַלע לענדער, פון דייטשלאַנד קיין שוועדן, און פון דאָרט דורך צפון־רוסלאנד קיין פעטראָגראַד. אויף דעם וועג זענען געקומען עטלעכע מיינע קרובים און באַקאנטע קיין פעטער־בורג, און פון פעטערבורג האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, ווייל אַלע זענען געווען זיכער, אַז די מלחמה וועט זיך גיך ענדיקן. הגם אַ טייל פון פוילן איז געווען איינגענומען דורך די דייטשן, זענען די מענטשן געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ צייטווייליקע צרה. אין דעצעמבער 1914 בין איך געווען אין וואַרשע, איך האָב נישט באמערקט אין שטאָט קיין סימנים פון פאניק

און שרעק. אמת, ס'זענען פאַרגעקומען לופט־אַנגריפן און ס'איז געווען איינגע־פירט פאַרטונקעלונג ביינאכט, צייטנווייז האָט מען אפילו געהערט שאָסן פון זעניט־אַרטילעריע פון צעדערגרינס טעלעפאָנען־סטאַציע — די העכסטע מויער אין שטאָט. דאָס לעבן אין שטאָט איז אָבער געווען נאָרמאַל, אחוץ די דערשיינונגען פון שפּעקולאַציע און קאָנטראַבאַנדע. נישט די פּאָליאַקן און נישט די יידן האָבן זיך געדאגהט. פאַר די פּאָליאַקן איז געווען אלץ איינס די רוסישע אָדער די דייטשישע אָקופּאַציע, ס'זענען אפילו געווען אַזעלכע, וואָס האָבן גיכער געוואָלט די דייטשישע אָקופּאַציע, ווייל אַזויאַרום האָבן זיי געהאָפט צו פאַראייניקן זיך מיט דעם טייל פּוילן, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער דייטשישער הערשאַפט נאָך פון דער צייט פון דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילן אין יאָר 1792 — מיט פּויזן. די יידן האָבן זיך אויך געפרייט מיטן אָנקומען פון די דייטשן, ווייל די צאַרישע מאַכט איז זיי שוין גוט דערעסן געוואָרן.

די האָפענונגען אויף אַ שנעלער פאַרענדיקונג פון דער מלחמה זענען אָבער נישט מקוים געוואָרן, זומער פון יאָר 1915 איז דורך די דייטשן איינגענומען געוואָרן פּוילן מיט איר הויפּטשטאָט. אַזויאַרום זענען מיר אָפּגעריסן געוואָרן פון סאַבינעס משפחה אויף עטלעכע יאָר.

אין האַרבסט 1914 האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס וועט נישט לאַנג דויערן און נישט געקוקט אויף מיין בלויען בילעט וועט מען מיך אויך מאָביליזירן אין מיליטער. איך האָב קיין שום חשק נישט געהאַט דערצו. דערפאַר האָב איך באַשלאָסן לערנען אנאליטישע באַקטעריאָלאָגיע, אַז אין פאַל, ווען מען וועט מיך מאָביליזירן, זאָל איך זיין אין דינסט אלס באַקטעריאָלאָג. איך האָב שטודירט 6 חדשים. איך האָב זיך פאַרנומען מיט כל המינים סטרעפּטאָקאָקן, געמאַכט אַנאַליזן פון אורין, קאַל און בלוט, און אפילו פון סיפיליטיקער, און ענדלעך באַקומען אַ צייגעניש, אַז איך בין אַ „געלערנטער באַקטעריאָלאָג".

ביז יענער צייט האָב איך שוין געאַרבעט אלס אַפּליקאַנט 6 יאָר. איינמאָל אין יאָר פלעג איך קומען צו מיין פּאַטראָן, אדוואָקאַט וועקסלער, צו בעטן ביי אים זיין אונטערשריפט אויף מיין באַריכט פאַר דעם אדוואָקאַטן־ראַט.

אָנהייב פון 1915 האָבן מיר, איך און פרידשטיין, זיך געווענדט צום יוס־טיץ־מיניסטער כוואסטאָוו, אַז ער זאָל אונדז באַשטעטיקן אלס געשוואוירענע אַדוואָקאַטן. מיר האָבן באַקומען אַן אָפּזאָג, צוליב דעם האָב איך זיך געווענדט צו מיין פריינד לאַזאַרסאָן, אַז ער זאָל מיך רעקאָמענדירן צו אַ וואָסער נישט איז אינסטיטוציע פאַר אַ סעקרעטאַר.

ער האָט מיך רעקאָמענדירט צו איינעם פון די גרויסע אדוואָקאַטן, זאַכאַרי לוואָוויטש ראַפּאַפּאָרט, וואָס איז געווען יורידישער ראַטגעבער פון עטלעכע געזעלשאַפטן. ער האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען און מיך געפרעגט,

צי וואָלט איך געוואָלט אַרבעטן ביי אים אַלס אַפּליקאַנט. איך האָב מיט פרייד מסכים געווען. ראַפּאָפּאָרט האָט מיר גלייך איבערגעגעבן אַ פּאַפּקע מיט עפּעס אָנמעלדונגען וועגן זוכן מינעראַלן. ראַפּאָפּאָרט איז אַרויסגעטראָטן אין נאָמען פון אָנגעקלאָגטן, אין נאָמען פון אָנקלאָגער איז אַרויסגעטראָטן דער אדוואָקאַט סליאָזבערג, איינער פון די גרויסע אדוואָקאטן, וואָס האָט פאַרפּאַסט עטלעכע ביכער אויף דער טעמע: „דאָס געריכט און די יידישע עפּנטלעכקייט". ראַפּאָפּאָרט האָט דעם משפט געוווּנען. דאַן האָט סליאָזבערג אָנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע צום סענאַט. ראַפּאָפּאָרט האָט מיר איבערגעגעבן צוצוגרייטן דעם ענטפער אויף דער אַפּעלאַציע.

איך בין געזעסן איבער דעם אַ גאַנצן טאָג און דערנאָך געבראַכט ראַפּאָפּאָרטן דעם ענטפער אויף דער אַפּעלאַציע. איך האָב פאַרגעלייענט און ער האָט זיך איינגעהערט. נישט זאָגנדיק קיין וואָרט האָט ער אונטערגעשריבן דעם ענטפער און אים אָפּגעשיקט אין סענאַט.

אַזוי האָט אויסגעזען דער אָנהייב פון מיין אַרבעט ביי ראַפּאָפּאָרטן. דאָס איז געווען אין מאַי פון יאָר 1915. איך האָב זיך געפילט גליקלעך. אַלע מיינע פריינד און באַקאַנטע האָבן מיך באַגריסט מיט מיין גרויסער הצלחה. אין אַ וואָך אַרום, זייענדיק אין אַ גוטן געמיט, בין איך געפאָרן מיט סאַבינען און מיין טאָכטער אין זומער־גאָרטן. אויף צוריקוועגס בין איך אָפּגעטראָטן ביי מיין פּאַטראָן וועקסלער. ווי איך בין נאָר צו אים אַריין, האָט ער זיך צו מיר אָנגערופן: „ס'איז געשטאָרבן אַ גרויסער אַדוואָקאַט!". כ'האָב דערפילט אַ שטאָך אין האַרצן, איך האָב אים מיט ציטער געפרעגט, ווער איז געשטאָרבן? — זאַכאַרי לוואָוויטש ראַפּאָפּאָרט — האָט ער געענטפערט. איך בין אויף גיך אַוועקגעפאָרן צו ראַפּאָפּאָרטן. איך האָב אים געטראָפן ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע און אַרום אים — בלומען. מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ קאַטאַסטראָפע. אַ מיליטערישע מאַשין האָט איבערגעקערט זיין דראָזשקע, ער האָט באַקומען אַ מוח־אויפטרייסלונג און אין אַ שעה אַרום איז ער געשטאָרבן.

אין אַ יאָר אַרום, אין מאַי 1916, בין איך געגאַנגען באַזוכן מיין פּאַטראָן וועקסלער, וואָס איז געווען געפערלעך קראַנק, און אין צוויי טעג אַרום איז ער געשטאָרבן. איך בין געבליבן אַן אַפּליקאַנט אָן אַן אָפּיציעלן פּאַטראָן.

די ידיעות וועגן די מפּלות אויפן פראָנט, וואָס מען האָט זיך באַמיט זיי צו פאַרטושן, דאָס אָפּטרעטן פון מזרח־פּרייסן, דאָס צעקלאַפּן פון די צוויי אַרמייען פון אַרטאַמאַנאָוו און רענענקאַמפּן — דאָס אַלץ האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם אויפגעבלאָזענעם פּאַטריאָטיזם פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק", פון די כל המינים שפּעקולאַנטן און פון די אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער „זעלבסט־פאַרטיידיקונג".

די מערהייט אַרבעטער און פּויערים האָבן זיך געפונען אויף די פראָנטן. די ארבעטער אין די פאבריקן האָבן געארבעט אָן אומבאַגרענעצטע צאָל שעהן און זענען געווען צוגעשמידט צו זייער ארבעטס־פּלאַץ. זיי האָבן געהאט רעכט צו בייטן זייער ארבעטס־פּלאַץ נאָר איין מאָל, און ווער עס האָט אַ צווייט מאָל פאַרלאָזט זיין אַרבעטס־פּלאַץ — איז גלייך מאָביליזירט געוואָרן אין מיליטער. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זענען כמעט נישט געווען טעטיק. דער גייסט פון פּאַטריאָטיזם איז אויך אַריינגעדרונגען אין ברייטע ארבעטער־קרייזן און צווישן סאָציאַל־דעמאָקראַטן (מענשעוויקעס). מיט דער צייט האָבן אין די ארבעטער־קרייזן זיך אויסקריסטאַליזירט פיר ריכטונגען. די רעכטע ריכטונג, בראש מיט פּלעכאַנאָוון, איז געווען מאַקסימאַל־פּאַטריאָטיש. פּלעכאַנאָוו איז געווען דער פאָטער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אויף זיינע ביכער און אויף די ביכער פון קאַוטסקין זענען מיר אלע דערצויגן געוואָרן. דאָס בוך פון פּלעכאַנאָוון „צו דער אנטוויקלונג פון מאָניסטישן קוק אויף דער געשיכטע" און קאַוטסקיס בוך „דאָס ערפורטער פּראָגראַם" — זענען פאַר אונדז געווען ווי לערנביכער. און אָט האָט די מלחמה געמאַכט זיי פאַר פאַרעטער אין די אויגן פון אַ סך פון אונדז.

די צווייטע ריכטונג איז נישט געווען אַזוי עקסטרעם־פּאַטריאָטיש, אָבער זי האָט אויך געהאַלטן, אַז אין אזא אויסנאַם־צושטאַנד דאַרף מען זיך אָפּזאָגן פון קלאַסן־קאַמף און ווידמען אלע כוחות דער מלחמה, כדי בייצוקומען די דייטשן, דאָס זעלבע האָט מען געזאָגט אין דייטשלאַנד.

די דריטע ריכטונג („פּאָראַזשענצי") האָט אויסגעקוקט אויף אַ מפלה פון רוסלאַנד. דער רוב יידן האָבן געהערט צו דער ריכטונג, זיי האָבן רוסלאנד געוווּנטשן א פולשטענדיקע מפלה. איך האָב דעמאָלט געטראַכט, אז עס וואָלט גוט געווען, ווען די דייטשן צעקלאַפּן די רוסן, און די ענגלענדער מיט די פראנצויזן — די דייטשן.

וועגן דער באַציאונג פון יידן צו דער מלחמה קאָן מען אַרויסדרינגען פון צוויי דערציילונגען, וואָס איך האָב דאַן געהערט: אויף צומאַרגנס, נאָכן אָפּטרעטן פון די רוסן פון מזרח־פּרייסן, האָט איינער באַגעגנט אין קאָוונע אַ יידישן זעלנער, וואָס איז געשטאַנען און זיך באַקלאָגט אויף זיין ביטערן גורל: „אַכט יידן זענען געווען אין מיין פולק, זיבן זענען אַריבער בשלום, און נאָר איך אַליין בין געבליבן". זיבן זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, נאָר אים האָט נישט אָפּגעגליקט. ווי אַ חבר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער פּאַרטיי — אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ אין יאָר 1942.

מיין פריינד שכנא זאַגאַן *) האָט מיר דערציילט, מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער,

*) מיטגליד פון צ. ק. אין פּוילן. אומגעבראַכט דורך די דייטשן אין 1942.

אַז ווען ער האָט געדינט אין עסטרייכישן מיליטער אַלס סערזשאַנט, איז ער פאַר־וווּנדעט געוואָרן אין שלאַכט און אַנידערגעפאַלן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געזען, אַז קיינער איז נישטאָ אַרום אים, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די עסטרייכער זענען אָפּגעטראָטן, היות ער האָט זיך אָריענטירט, אַז די עסטרייכער זענען אָפּגעטראָטן אויף רעכטס, האָט ער באַשלאָסן צו גיין אויף לינקס, און אַזוי אַרום איז ער אַרײַנגעפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט.

נאָך די באָלשעוויקעס האָבן געוואָגט אין דער דומע אַרויסצוטרעטן קעגן דער מלחמה, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע אין דער פערטער דומע, וואָס איז ביז יאָר 1914 געווען אַ געאײַניקטע, האָט זיך אין אָנהייב פון דעם יאָר געשפּאָלטן אויף צוויי פראַקציעס: אויף מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס. אין דער באָלשעוויסטישער פראַקציע זענען געווען פינף דעפּוטאַטן. זיי זענען גלייך אַרויסגעטראָטן מיט זייער נעגאַטיווער שטעלונג צו דער מלחמה און דעם 26־סטן יולי האָבן זיי געשטימט קעגן קריגס־בודזשעט. אין נאָוועמבער 1914 זענען די פינף באָלשעוויסטישע דעפּוטאַטן אַרעסטירט געוואָרן און איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט פאַר זייער באַטייליקונג אין דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין אָזירקי. דאָס געריכט איז פאָרגעקומען אין פעברואַר 1915. זיי זענען אַלע פארשיקט געוואָרן קיין סיביר. דעמאָלט איז געוואָרן באַוווּסט, אַז אויך אין דײַטשישן פּאַר־לאַמענט האָט קאַרל ליבקעכט געשטימט קעגן קריגס־בודזשעט. דערנאָך איז צו אונדז דערגאַנגען אַ קלאַנג וועגן דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין צימערוואַלד, אַז אויף דער קאָנפערענץ איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס קעגן מלחמה. אַ ביסל שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן די קינטאַלער באַשלוסן.

דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין פּינסק איז פאָרגעקומען אַ קאָנ־פערענץ פון פּועלי־ציון. מען האָט מיר דערציילט אַז צווישן אַנד. האָבן זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליקט אַבראַמאָוויטש און רעוווּצקי.

אברהם רעוווּצקי, וואָס איז אין דרום־רוסלאַנד צוגעטראָטן צו דער פּאַרטיי פּועלי־ציון (אין יאָר 1908), איז אין יאָר 1914 געקומען קיין פּעטערבורג און מיט דער הילף פון חבר טענענבוים פון מאָסקווע אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג א. ב. „דאָס וואָרט". דער אָפיציעלער רעדאַקטאָר איז געווען אַ קאַנטאָניסט גובערמאַן, אַ הינקעדיקער באַסיאַק און אַ שיכור. באַלד מיטן אָנהייב פון דער מלחמה האָט די צײַטונג אויפגעהערט צו דערשײַנען.

אין האַרבסט פון 1915 זענען צו מיר געקומען עטלעכע סטודענטן פון פּסיכאָנעווראָלאָגישן אינסטיטוט. צווישן זיי זענען געווען זעליק ברייטער און צבי פרידלאַנד. זיי האָבן מיר פאָרגעלייגט צו אָרגאַניזירן מיט זיי צוזאַמען אַ גרופּע פּועלי־ציון. איך האָב מסכים געווען אויף זייער פאָרשלאַג און זיי געזאָגט, אַז שוין אַ צײַט ווי עס פּײַניקט מיך, פאַרוואָס איך שטיי נישט אין פאַרבינדונג

מיט די חברים, איך וועל זיין זייער צופרידן צו אַרבעטן מיט זיי צוזאַמען. אַזוי איז דאַן אָרגאַניזירט געוואָרן די גרופּע פּועלי־ציון. איך געדענק, אַז אין דער גרופּע זענען געווען זעליק ברייטער, צבֿי פרידלאַנד, יעקב משה מענדעליעוו, מאַכלע (שפּעטער די פרוי פון ברייטערן), שרה פון אוניעטשאַ, קאסאלאפּאָוו, אברהם רובאַשאָוו — א ברודער פון זלמן שזר, דער אדוואָקאַט אברהם מענדע־ליעוו. שפּעטער זענען צוגעקומען די סטודענטקעס גיטל פון וויטעבסק און העלענא פּאָשטשיוואַיאַ. מיר פלעגן זיך צונויפקומען אין געהיים, ס'רוב ביי מיר, ווייל ביי אַן אַדוואָקאַט זענען, ווי דער שטייגער, א סך אַריינגייער. מיר פלעגן באַהאַנדלען אַקטועלע פראַגן. מיר האָבן אָרגאַניזירט די סטודענטן פון פּסיכאָנעוראָלאָגישן אינסטיטוט, מיר זענען ארויסגעטראָטן אין דער „יידישער ליטעראַרישער געזעל־שאַפט". פון צייט צו צייט פלעגן מיר אַרויסלאָזן אויפרופן צו די סטודענטן. ס'איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרבינדונג מיט די מאָסקווער חברים. דאָרט זענען געווען די חברים: נח באַרו, אריה בערלינראָוט, אברהם טענענבוים (שלאָסער), קיווין, קיטאַיעוויטש. צייטנווייז פלעגן מיר זיך טרעפן מיט עמיצן פון זיי. דורך די מאָסקווער חברים האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו פאַרבינדן זיך מיט חברים פון אַנדערע שטעט. פּוילן איז שוין געווען אָפּגעריסן פון אונדז, פון זומער 1915 איז זי שוין געווען פאַרנומען דורך די דייטשן.

דער אינטערעסאַנטסטער פון אַלע חברים אין דער גרופּע איז געווען זעליק ברייטער. בעתן רעדן פלעגט ער אָפּוועגן יעדעס וואָרט. ער פלעגט זיך פאַרטיפן אין יעדן פּראָבלעם און זיך נישט געאיילט צו מאַכן אויספירן. ווען ער איז שוין אָבער געקומען צו אַן אויספיר, האָט ער שוין נישט געענדערט זיין מיינונג. זעליק ברייטער איז דערנאָך געוואָרן אַ מיטגליד אין ס.ד.—פּועלי־ציון, און פון יאָר 1924, איז ער געווען צוזאַמען מיט אונדז אין וועלט־פאַרבאַנד. ער איז געשטאַנען בראש פון דער פּאַרטיי ביזן יאָר 1928, ווען זי איז דורך דער מאַכט ליקווידירט געוואָרן. אַ פּאָר יאָר האָבן מיר פון אים נישט געהערט. אין 1935 האָט באַזוכט מאָסקווע אונדזער חבר משה מענאַכאָווסקי (איצט אין קאַנאַדע), און זיך געטראָפן מיט ברייטערן אין גאַס. זיי האָבן שפּאַצירט אַ צוויי שעה און צום סוף האָט אים ברייטער געזאָגט, אַז ער איז איצט אַ טויטער מענטש. אין יאָר 1958 האָב איך זיך דערוווּסט דורך אַ בריוו פון אַן אַלטן חבר — שמעון לוין אין מאָסקווע, אַז ברייטער איז שוין לאַנג נישטאָ, ס'איז אויך געשטאָרבן זיין פרוי מאַכלע.

צבֿי פרידלאַנד איז געווען אַ פעיקער יונגערמאַן מיט גרויסע אַמביציעס, אַן איילעקער אין זיינע באַשלוסן. ער פלעגט זיך באַנוצן מיט דעמאַגאָגיע אין די דיסקוסיעס און אין זיינע אַרויסטריטן. ער איז שפּעטער געוואָרן אַ מיטגליד אין י.ק.פּ.־פּועלי־ציון און זיך אָפּגעזאָגט פון זיינע פּועלי־ציוניסטישע געדאַנקען נאָך איידער די י.ק.פּ. האָט זיך אליין ליקווידירט. ער איז שפּעטער געווען אַ פּראָפעסאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, אַרויסגעגעבן עפּעס אַ בוך. אין יאָר 1924 האָב

איך אים געטראָפן אין בערלין. לויט ווי איך האָב געהערט, איז ער דערנאָך באַשולדיקט געוואָרן אין נישט טריי זיין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט זיין קאַריערע און אויך זיין לעבן.

אין דער גרופּע איז געווען נאָך אַ חבר, אַ באַנק־אַנגעשטעלטער, פּעטיאַ שיינאָוו, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע פאַרצייכענונגען אין דער „יידי־שער אַרבעטער־כראָניק". איך האָב געהערט, אַז ער איז געשטאָרבן פון טיפוס.

אין אָנהייב פון יאָר 1916 האָט מיך ווידער געטראָפן אַן אומגליק. דעם זיבעטן יאַנואַר איז ביי מיר געבוירן געוואָרן אַ זון, פריש און געזונט, ס'איז נישט געווען קיין גרענעץ צו אונדזער פרייד. ס'איז אָבער קראַנק געוואָרן די ניאַניע פון קינד אויף גריפּע, פון איר האָט זיך דאָס קינד אָנגעשטעקט און באַקומען אַ לונגן־אָנצינדונג. ביי מיר איז דעמאָלט געווען צו גאַסט מיין פעטער פון האָמעל, באָריס ראַפּאַלקעס, אַ דאָקטאָר. יעדן טאָג איז געווען אַ קאָנסיליום פון צוויי גוטע דאָקטוירים, די קראַנקייט איז אָבער אַלץ שווערער געוואָרן, מיר זענען געזעסן ביים קינד טאָג און נאַכט און געזען מיט די אייגענע אויגן ווי עס גייט אויס. דעם 15־טן פעברואַר פאַרטאָג איז עס געשטאָרבן.

און ווידער, דאָס מאָל מיט סאָביינען, זענען מיר געפאָרן אויף אַ דראָזשקע און געהאַלטן אויף די הענט דעם הילצערנעם אָרון, אין וועלכן עס איז געלעגן דאָס גופל פון קינד. סאָבינע האָט געוויינט דעם גאַנצן וועג. דאָס איז שוין געווען דאָס צווייטע מאָל, וואָס איך האָב דערפילט, ווי ביטער ס'איז מיין גורל און עד היום קאָן איך נישט פאַרגעסן מיינע יונגיטשקע צוויי קינדער, וואָס ליגן אויפן פעטערבורגער בית־הקברות.

אין אַפּריל פון 1916־טן יאָר האָט זיך אונדז איינגעגעבן צונויפצורופן אַ קאָנפערענץ פון פועלי־ציון. אויסער אונדז, די פאָרשטייער פון פעטראָגראַד און אויסער די חברים פון מאָסקווע זענען געקומען צו דער קאָנפערענץ ז. אַבראַ־מאָוויטש פון מאַריופּאָל, רעוווצקי פון אָדעס, דער חבר בן־ציון גאָלוביצקי פון קיעוו א. א. אויף דער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ הייסער וויכוח וועגן אונדזער באַציאונג צו דער מלחמה. ס'האָט איבערגעוואויגן די מיינונג פון די „פאָראַזשענצעס" און ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אין גייסט פון די צימערוואַלדער און קינטאַלער רעזאָלוציעס — אַ מלחמה דער מלחמה. מיר האָבן אויך באַשלאָסן אויסצוויילן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט באַראַכאָווס „אונדזער פּלאַטפאָרם", און אַריינטראָגן אין איר שינויים אין גייסט פון דער נייער צייט. אין דער קאָמיסיע זענען אויסגעוויילט געוואָרן דריי חברים: אַבראַ־מאָוויטש, רעוווצקי און איך. איך האָב באַקומען אַן אויפגאַבע אויפצוזוכן די צייטונגען „יעווריעסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ" און „מאָלאָט", אין וועלכע ס'איז געווען אָפּגעדרוקט „אונדזער פּלאַטפאָרם", מאַכן עטלעכע קאָפּיעס און

צושיקן זיי אַבראַמאָוויטשן און רעוווצקין. עטלעכע חדשים בין איך געווען פּאַר־נומען מיט אָט דער טעכנישער ארבעט און לסוף אָוועקגעשיקט ביידן צו עקזעמ־פּלאַרן. איך אַליין האָב אָנגעהויבן גוט אַריינטראַכטן זיך אין דער פּלאַטפאָרם, כדי צוצוגרייטן מיינע באַמערקונגען. די ארבעט איז אָבער נישט פאַרענדיקט געוואָרן. דערווייל איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון יאָר 1917.

דער כוח פון די פּאָליטישע פּאַרטייען איז אין פּעטראָגראַד נישט געווען גרויס. די פּאַרטייען האָבן טאַקע עקזיסטירט, אָבער די צאָל פון זייערע מיטגלי־דער איז געווען קליין. די רוסישע פּאַרטייען האָבן פונדעסטוועגן אַרומגענומען הונדערטער מיטגלידער. אָבער די יידישע פּאַרטייען, פּועלי־ציון, „בונד״ און ס.ס., האָבן רעפּרעזענטירט גרופּעס פון עטלעכע צענדליק מענטשן. אין 1916 יאָר איז געשאַפן געוואָרן אַן אינסטיטוציע מיטן נאָמען „מעזשראַיאָנקאַ״ — א מין ראַט פון פאָרשטייער פון אַלע רוסישע און יידישע אונטערערדישע פּאַרטייען. בלויז די רוסישע פּאַרטייען האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט די ארבעטער, הגם נישט קיין גרויסע, זיי האָבן אויך געהאַט געוויסע קאָנטאַקטן מיטן מיליטער. צווישן מיליטער און הינטערלאַנד האָט זיך געשאַפן אַ מין כינעזישע וואַנט. דאָס ביסל ידיעות, וואָס עס איז שוין צו אונדז יאָ דערגאַנגען פון די מיליטערישע קרייזן איז געווען זייער באַגרענעצט.

שוין צום סוף פון יאָר 1915, נאָך די מוראדיקע מפּלות פון רוסישן מילי־טער, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, וועגן אַן אינערלעכן פּאַראַט. ס'איז אויפגעדעקט געוואָרן די סקאַנדאַליעזע שפּעקולאַציע פון קריגס־מיניסטער סוכאָמלינאָוו און באַנקיר לידוואַל. אין יאָר 1916 האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן א פאַראַט אין צאַרישן הויף. פון מויל צו מויל איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז די דייטשישע סוויטע אין הויף, בראש מיט אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָראָוונאַ און הויף־מיניסטער באַראָן פרעדעריקס, פירן אונטערהאַנדלונגען אויף אייגענער האַנט וועגן אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד. דאָס איז, ווייזט אויס, געווען די סיבה פון רעגירונגס־קריזיס פון זומער 1916. דעמאָלט איז געוואָרן פּרעמיער דער באַראָן שטירמער, אַ מענטש פון דייטשישן אָפּשטאַם, וואָס איז געווען באַוווּסט אַלס פריינד פון די דייטשן. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די קלאַנגען צווישן די דעפּוטאַטן פון דער דומע און די מאַסן וועגן פּאַראַט אין צאַרישן הויף. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אין שטאָקהאָלם נישט־אָפיציעלע אונטער־האַנדלונגען צווישן אַ פאָרשטייער פון דייטשלאַנד, װאַרבורג, און אינערן־מיניס־טער פון דער נייער רעגירונג פּראָטאָפּאָפּאָוו, וואָס איז געווען וויצע־פּאָרזיצער פון דער דומע. אָט דער פּראָטאָפּאָפּאָוו, וואָס אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז ער איז נישט ביים קלאָרן זינען, איז נאָמינירט געוואָרן אַלס אינערן־מיניסטער לויט

דער ספּעציעלער רעקאָמענדאַציע פון דער טראַגישסטער געשטאַלט פאַר דער צייט פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע — דעם פּויער פון אירקוטסקער געגנט — גרישקאַ ראַספּוטין.

ראַספּוטין איז געווען כיטרע ווי א שלאַנג און האָט געשמט מיט זיין היפּער־עראָטישקייט, פון וועלכער ער איז געווען אינגאַנצן צעפּרעסן. אָט דער נואף איז פאַקטיש געווען דער פירער פון דער מלוכה, הינטער די פּלייצעס פון ניקאָליי דעם צווייטן און זיין ווייב אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָראָוונאַ. איינע פון די הויפּט־דאַמעס פון דער צאַרין, ווירובאָוואַ, האָט שפּעטער דערציילט אין אירע זכרונות, וועגן דער אומבאַגרענעצטער השפּעה פון ראַספּוטינען נישט בלויז אויפן צאַר און דער צאַרין, נאָר אויך אויף די הויפדאַמען און דעם צאַרס אַלע טעכטער. קיין זאַך איז נישט געטאָן געוואָרן אין צאַרישן הויף אָן צו באַראַטן זיך פריער מיט ראַספּוטינען און אָן זיי הסכמה.

מען האָט דערציילט, אַז די צאַרין האָט אַזוי ווייט געגלייבט אין דער געטלעכקייט פון ראַספּוטינען, אַז זי האָט געזאָגט: כל זמן ראַספּוטין לעבט וועט דעם צאַרס פאַמיליע נישט געשען קיין שום בייז.

דער קרוינפּרינץ אַלעקסיי איז געווען קראַנק אויף העמאָפיליע און ראַספּוטין האָט אים געהיילט. ראַספּוטין איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט באַנקירן און זיי האָבן אים געגעבן לעגענדאַרע סומעס. ער האָט געהאַט אַ סך אַגענטן און פּאַרטרויונגס־מענטשן איבער גאַנץ רוסלאַנד. מיט אים איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג דער יידישער פּעטראָגראַדער באַנקיר — מיטקאַ רובינשטיין. ס'איז שווער צו באַשטימען אין וואָס עס איז באַשטאַנען דער כוח פון ראַסטפּוטינס השפּעה אויפן צאַר און דער צאַרין. לויט די ווערטער פון ווירובאָוואַ איז קלאָר, אַז דער „סטאַריעץ" (אַלטער) איז געווען פאַרגעטערט און געשעצט פון אַלעמען אין צאַרס הויף.

ראַספּוטין איז געווען דער פירנדיקער כוח אין דער הויף־סוויטע, וואָס האָט געשטרעבט צו שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום. די גרופּע איז באַשטאַנען פון צאַר, צאַרין, הויף־מיניסטער פרעדעריקס, פון פּרעמיער שטירמער און אינערן־מיניס־טער פּראָטאָפּאָפּאָוו און אנד. אָט די סוויטע האָט אינזינען געהאַט נאָר אירע אייגענע אינטערעסן. זי האָט זיך נישט גערעכנט מיט דעם, אַז חוץ די פּויערים און אַרבעטער איז פאַראַן נאָך אַ כוח — די גרויס־בורזשואַזיע, וואָס האָט אירע אייגענע אינטערעסן, און איז מיט דער צייט געוואָרן אַן „אָפּאָזיציע פון זיין מאַיעסטעט".

די מיינונג פון די ברייטע מאַסן, פון די ארבעטער און פּויערים, איז נישט געקומען צום אויסדרוק אין דער דומע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, בראש מיט

טשעכידזע און געגעטשקאָרי, און די טרודאָוויקעס, בראש מיט קערענסקין, זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט דער רוסישער בורזשואזיע — אַלע זענען זיי געווען קעגן א סעפּאַראַטן שלום. אָבער די שטימונג פון דער גאַס, פון ברייטן עולם, פון מיליטער, פון ארבעטער און פּויערים איז געווען קעגן דער מלחמה. און דאָס פאָלק איז טאַקע געווען צופרידן פון די ידיעות וועגן די אונטערהאַנדלונגען צו שליסן א סעפּאַראַטן שלום. אַלע האָבן שוין אויסגעקוקט דעם סוף פון דער מלחמה פאַר יעדן פּרייז. די מלחמה איז אייגנטלעך געווען דער שליסל פאַר דער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, וואָס האָבן דערפירט צו דער רעוואָלוציע. די בורזשואזיע און די פּאַטריאָטישע קרייזן פון דער אַריסטאָקראַטיע, די פּריצים און אויך די אָנפירונג פון דער אַרמיי האָבן געזען אין ראַספּוטינען דעם בייזן גייסט, וואָס פאַרפירט די „דינאַסטיע" (א נייע באַצייכענונג פון צאַר און צאַרין). די בורזשואַזיע פון פּראָגרעסיוון לאַגער האָט נישט געוואָגט אַרויסצוטרעטן קעגן דער „דינאַסטיע", אָבער ראַספּוטין איז דאָך נישט מער געווען ווי אַ פּראָסטער פּויער און האָט נישט געהאַט קיין שום דירעקטע שייכות מיט דער „דינאַסטיע".

נישט געקוקט אויף דער שאַרפער צענזור זענען דאָך די ידיעות וועגן די געשעענישן אין צאַרישן הויף דערגאַנגען אויך צום ברייטן עולם, און נישט נאָר פון מויל צו אויער, נאָר אויך פון די צייטונגס־שפּאַלטן. אין דער קאַדעטישער צייטונג „ריעטש" פלעגן זיך פון צייט צו צייט באַווייזן ידיעות וועגן די „הויכע ספערן" און די ידיעות זענען שטענדיק געווען געניוע. אַ סך האָבן זיך געוווּנדערט, וויאַזוי דערגייען עס די ידיעות צו דער צייטונג. זיי האָבן אָבער שטענדיק געשטימט מיט די פאַקטן. די ידיעות האָט איבערגעגעבן אַ פלינקער יידישער זשורנאַליסט, יצחק קליאַטשקין וואָס פלעגט זיך אונטערשרייבן מיטן נאָמען י. לוואָוו. ער פלעגט איבערגעבן ידיעות אפילו פון די סאמע סודותדיקע זיצונגען פון מלוכה־ראַט. מ'האָט געשמועסט, אַז ער איז אָנוועזנדיק אויף אַלע זיצונגען ווי א רואה ואינו נראה. די אנטיסעמיטישע פּרעסע האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרשווייגן און אין סוואָרינס אַנטיסעמיטישער צייטונג „נאָוואָיע ווֹרעמיאַ" האָט זיך באַוויזן אַ קאַריקאַטור פון צוויי יידן מיט לאנגע נעזער, ווי איינער פרעגט ביים צווייטן: „איציק, איציק, פון וואַנען באַקומסטו די דאָזיקע ידיעות ?".

דעם דרייסיקסטן דעצעמבער איז געוואָרן צען יאָר נאָך מיין חתונה מיט סאבינען, און עס זענען זיך ביי אונדז צונויפגעקומען צענדליקער פריינד. אין אָוונט איז צו אונדז דערגאַנגען די בשורה: ראַספּוטין איז געהרגעט געוואָרן.

אין דער נאַכט פון 29־סטן דעצעמבער איז געפאַלן דער היסטאָרישער שאָס. אַזאַ באַדייטונג וואָס דער שאָס פון סערבישן סטודענט פּרינקיפּא האָט געהאַט פאַר דער וועלט־מלחמה, האָט אויך געהאַט דער שאָס אין ראַספּוטינען

פֿאַר דער רעוואָלוציע. אין בײדע פֿאַלן איז דאָס פֿאַס מיט דינאַמיט געװען פֿול, עס האָט נאָר געפֿעלט דער אונטערצינדער. אין יענער נאַכט האָבן עטלעכע אָפֿיצירן זיך צונויפֿגערעדט מיטן פֿירשט יוסופּאָוו־עלסטאָן פֿון דער צאַרישער פֿאַמיליע און מיט פּורישקעוויטשן און אײַנגעלאַדן ראַספּוטינען אין אַ רעסטאָראַן. דאָרט האָבן זײ זיך אָנגעשיכורט און דאַן האָט דער פֿירשט יוסופּאָוו געשאָסן אין ראַספּוטינען. ער איז אָבער געבליבן לעבן. זײ האָבן אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ זאַק מיט שווערע שטײנער, אַוועקגעפֿירט צו דער ניעוואַ און אַראָפּגעלאָזט דעם זאַק אין אַן אויסגעהאַקטן לאָך אינעם אײַז.

צווישן דער פּעטראָגראַדער באַפֿעלקערונג איז שוין פֿון לאַנג פֿאָרגעקומען אַ יוירונג. ס'איז געווען אַ שטאַרקער מאַנגל אין פּראָדוקטן, ברויט האָט מען באַקומען נאָר אויף קאַרטן. די באַלעבאָסטעס פֿלעגן שטײן אין לאַנגע רײען אויף צו באַקומען אַ ביסל מילך פֿאַר די קינדער און ברויט פֿאַר די אַרבעטנדיקע מענער. דאָס דאָרף האָט נישט געקאָנט העלפֿן דער שטאָט, ווײַל עס איז נישט געווען גענוג אַפֿילו פֿאַר זיך. דאָס דאָרף איז געבליבן כמעט אָן מענער, און עס האָבן געפֿעלט אַרבעטס־הענט.

אין זומער פֿון יאָר 1916 האָט מען מאָביליזירט די בלויע בילעטניקעס. ס'איז אַזוי־אַרום אויך דערגאַנגען מײַן רײ. איך האָב זיך אָבער פֿריער באַוואָרנט מיט „אַרבעט" פֿאַר דער „זעלבסטפֿאַרטיידיקונג". איך האָב זיך פֿאַרעגיסטרירט אַלס באַאַמטער אין אַ פֿאַבריק, וואָס האָט אויסגעאַרבעט באַראַקן פֿאַרן מיליטער. די אַרבעטער האָבן געאַרבעט אין זײער שווערע באַדינגונגען. דער אונטערשיד צווישן זײערע פֿאַרדינסטן און די מלחמה־פֿאַרדינסטן פֿון די שפּעקולאַנטן איז געוואָרן אַלץ גרעסער און די אומצופֿרידנקייט און קעגנערשאַפֿט צו דער מלחמה איז געוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג.

דעם צענטן פֿעברואַר האָט זיך געזאָלט צונויפֿקומען די דומע נאָכן איבעררײַס. צווישן די אַרבעטער האָט זיך ספּאָנטאַן דערוועקט דער געדאַנק צו דעמאָנסטרירן פֿאַר דער דומע אין טאָג פֿון דער דערעפֿענונג און פֿאָדערן אַ סוף צו מאַכן מיט דער מלחמה. אין קריגס־אינדוסטריע־ראַט, מיט מיליוקאָוון בראש, זענען אויך געווען פֿאָרשטײער פֿון די אַרבעטער, מיטן מענשעוויק גוואָזדיעוו פֿון דער פֿאַבריק „עריקסאָן". מיליוקאָוו, צוזאַמען מיט די פֿאָרשטײער פֿון די אַרבעטער, האָבן זיך געווענדט צו די ארבעטער מיט אַן אָפֿענעם בריוו, זײ זאָלן זיך אָפּזאָגן פֿון דער דעמאָנסטראַציע. די סאָציאַליסטן פֿון דער „מעזשראַיאָנקאַ" האָבן פֿאַרשטאַנען די סתירה, וואָס איז פֿאַראַן אין אַזאַ דעמאָנסטראַציע פֿאַר דער דומע, אין וועלכער עס זיצן עלעמענטן, וועלכע זענען פֿאַרן ממשיך זײַן די מלחמה. ס'איז אויך גרויס געווען די מורא, אַז עס קאָן זיך איבערחזרן דער טאָג פֿון 9־טן יאַנואַר 1905 און ס'וועט ווידער פֿאָרקומען אַ מאַסן־שחיטה. דערפֿאַר

האָט די „מעזשראַיאָנקאָ״ מסכים געווען צו באַווירקן די ארבעטער אָפּצוזאָגן זיך פון דער דעמאָנסטראַציע. און זייער אַגיטאַציע האָט געווירקט. פאר דער דומע האָט זיך צונויפגעזאַמלט א פארהעלטנישמעסיק קליינער עולם און דער טאָג איז אדורך בשלום.

# די פעברואַר-רעוואָלוציע פון יאָר 1917

איידער איך וועל אַריבערגיין צו באַשרייבן די פעברואַר־רעוואָלוציע פון יאָר 1917 וויל איך געבן אַן איבערבליק וועגן די קלאַסן־כוחות אין רוסלאַנד ערב דער רעוואָלוציע. אויף דער טעמע האָב איך שוין פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין „האדמה", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פון י. ח. ברענער.

דער יסוד און וואָרצל פון יעדער געזעלשאַפטלעכער דערשיינונג איז, ווי באַוווּסט, די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציע־כוחות פון דער געגעבענער געזעל־שאַפט, און דער מצב פון די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, וואָס זענען אָפּהענגיק פון דער מדרגה פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציע־כוחות. יעדע רעוואָ־לוציע איז נישט מער ווי אַן אויסערלעכער אויסדרוק פון די אינערלעכע ענדע־רונגען, וואָס קומען פאָר אין די פאַרהעלטענישן פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס קעמפן צווישן זיך. אַ רעוואָלוציע באַטייט, אַז באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע כוחות האָבן סוף כל סוף בייגעקומען זייער קעגנער.

ווען מיר רעדן וועגן אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, איז ביי אונז אָנגע־נומען צו נעמען אין באַטראַכט נאָר די צוויי הויפּט־קלאַסן: די בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט. ווען מען רעדט אָבער וועגן רוסלאַנד, מוז מען באַזונדערס נעמען אין באַטראַכט דעם פּריצים־קלאַס און דעם פּויערים־קלאַס, ווייל רוסלאַנד איז געווען בעיקר אַן אַגראַר־לאַנד.

דאָס צאַרישע רוסלאַנד איז שוין דערגאַנגען צו אַ געוויסער מדרגה פון אַ קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, אָבער נאָך נישט אין דער מאָס ווי אין מערב־אייראָפּע. ס׳זענען דאָרט נאָך איבערגעבליבן היפּשע רעשטלעך פון דער פעאָ־דאַלער אָרדענונג. ס׳איז שוין דאַן געווען העכער פופציק יאָר נאָך דער באַפרייאונג פון די פּויערים און ס׳זענען נאָך אַלץ געבליבן די, וואָס זענען אַליין געווען די האַרן איבער מענטשלעכע לעבנס, די יורשים פון די גרויסע גיטער פון די „באַיאַרן", וואָס האָבן צוריק מיט יאָרן באַקומען ריזיקע ערד־שטחים, וואָס זענען זיי געשענקט געוואָרן פון ד׳ צאַרן — פּיאָטער דער גרויסער, יעקאַטערינע די צווייטע, פּאַוול דער ערשטער, אַלס קאָמפּענסאַציע פאַר זייער טריישאַפט דעם קעניגלעכן הויף. פאַר דער באַפרייאונג האָבן די פּויערים באַאַרבעט די ערד פון

די פּריצים נישט באַקומענדיק קיין שום לוין פאַר דער אַרבעט. ווען ס׳איז אָפּגעשאַפן געוואָרן דאָס לייבאייגנטום און די פּריצים האָבן באַקומען פון דער מלוכה קאָלאָסאַלע סומעס פאַר די ערד־שטחים, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן די פּויערים, האָבן זיי דאָס געלט נישט אויסגענוצט אויף אויסצובעסערן זייער ווירטשאַפט, נאָר עס פאַרשווענדט אין אויסלאַנד אויף הוליאַנקעס און שיכרות. נאָכן צוריקקומען אין זייערע גיטער האָבן זיי געטראָפן אַלץ פאַרוואָרלאָזט, רויִנירט. די מקורות פון זייער הכנסה זענען געווען קליינע און זיי זענען געווען געצוווּנגען אַריבערצוגיין אין שטאָט אַריין, כדי צו פאַרנעמען דאָרט די הויכע פּאָסטנס אין ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט און אין מיליטער.

אָט דער אַדל־שיכט האָט שטענדיק אַרומגערינגלט דעם צאַרישן הויף אין רוסלאַנד און אונטערגעהאַלטן די פּאָליטיק, וואָס איז געווען אין זיינע אינטע־רעסן. דער שיכט איז דאָס געווען דער חוט־השדרה, אויף וועלכן עס האָט זיך געהאַלטן די זעלבסטהערשאַפט און ער האָט געקעמפט קעגן יעדן פּרוּוו פון דער בורזשואַזיע איבערצונעמען דעם מלוכה־רודער אין אירע הענט. דער ווייסער טעראָר פון לעצטן ניקאָלייס רעגירונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון אָט דעם עקשנותדיקן קאַמף מצד די פּריצים, פאַרן אויפהאַלטן זייער ביזאַיצטיקע פּאָזיציע.

אמת, די פּריצים זענען נישט שטאַרק געווען פאַראינטערעסירט אין דער מלחמה. אין די לעצטע יאָרן האָט רוסלאַנד עקספּאָרטירט תבואה קיין אויסלאַנד און אויף דעם געביט האָט זי נישט געהאַט אויסצושטיין קיין שום ערנסטע קאָנ־קורענץ, אויסער אין אַ קלענער מאָס פון אונגאַרן. דער אָנבאָט איז נישט געווען גרעסער פאַרן באַדאַרף, און ווי געזאָגט, האָבן די פּריצים נישט געהאַט קיין עקאָנאָמישן אינטערעס אין דער מלחמה. דאָ האָט דער עיקר געווירקט אַן אידעאָלאָגישער פאַקטאָר, אויף וועלכן עס ווייזט אָן עדוארד בערנשטיין אין זיין אַרטיקל „די עקאָנאָמישע און אידעאָלאָגישע פאַקטאָרן פון דער מלחמה". דאָס הויכע אָפיצירנטום, וואָס האָט געשטאַמט דער עיקר פון אַדל, האָט געזען אין דער מלחמה אַ מעגלעכקייט צו באַרעכטיקן זיין עקזיסטענץ. „די אַמביציע פון אַ מיליטערמאַן ליידט דערפון, וואָס ער און זיינע חברים גרייטן זיך, דערציען מענטשן אין משך פון יאָרן צו אַ מלחמה, און זיי האָבן נישט קיין געלעגנהייט צו דערווייזן, אַז זייער מי איז נישט אומזיסט. דער מיליטערמאַן זעט, אַז די געזעל־שאַפט הייבט אָן באַקלאָגן זיך אויף די ריזיקע מיליטערישע הוצאות און אויף דעם, וואָס פון יאָר צו יאָר ווערט גרעסער דער קריגס־בודזשעט, און ער פילט, אַז נאָר אַ מלחמה קאָן פאַרענטפערן די לאַסט פון די הוצאות און דערווייזן, אַז דאָס אַלץ איז נישט געמאַכט געוואָרן אומזיסט, אַז עס איז געווען אין דעם אַ בויטווענדיקייט — „די פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד". פאַרשטייט זיך, אַז

דער פאַקטאָר אַליין קאָן נאָך נישט דערפירן צו קיין מלחמות. דער עיקר־פאַקטאָר צו דער וועלט־שחיטה איז געווען דער אימפּעריאַליזם.

אַזוי האָט דער רוסישער אַדל, וואָס האָט נישט אַרויסגערופן די מלחמה, אָבער אַרונטערגעפאַלן איר פּסיכאָז — געצווונגען דעם צאַר צו זיין אַזוי גנעדיק און אַרויסטרעטן דער ערשטער, כּלומרשט צו פאַרטיידיקן די אומגליקלעכע סערביע.

נאָך די ערשטע גרויסע מפּלות האָבן אָבער די פּריצים, בראָש מיט זייער צאַר, חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מלחמה און זיי זענען שוין געווען גרייט צו שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד. די זעלבסטהערשאַפט האָט זיך געכאַפּט, אַז די מפּלה אויפן פראָנט וועט דערפירן צו אַ נאָך מער מוראדיקער מפּלה אין לאַנד, און זי האָט דאָס געוואָלט אויסמיידן מיטן שליסן אַ שלום. דער חשבון איז אָבער געמאַכט געוואָרן אָנעם באַלעבאָס. ניקאָליי און זיין סוויטע האָבן נישט גענומען אין באַטראַכט, אַז אין גאַנג פון דער מלחמה איז שטאַרקער געוואָרן די רוסישע בורזשואַזיע, אַדאַנק איר פאַרבינדונג מיט דער בורזשואַזיע פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַמעריקע אויף אַזויפיל, אַז זי וועט זיך נישט לייכט אים אונטערגעבן.

די בורזשואַזיע, נישט געקוקט אויף איר אינטערעסעליקייט לגבי אירע שוועסטער־קלאַסן אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע, איז שוין ארויס פון די ענגע ראַמען, אין וועלכע זי האָט זיך געפונען אין די 80־קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. אויב אין הינזיכט פון קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל האָט זי נאָך נישט דערגרייכט די מאָס, וואָס מיר זעען אין די גרויסע קאַרטעלן און טרעסטן, איז זי אָבער אין הינזיכט פון דערקענען אירע קלאַסן־אינטערעסן כּמעט נישט אָפּגעשטאַנען פון דער מערב־בורזשואַזיע. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז געקומען די צייט צו ווערן די פולע הערשערין אין רוסלאַנד גופא; זי האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז פאַר איר נאָרמאַלער אַנטוויקלונג, פאַר אירע גרויסע, קאַפּיטאַליסטישע אַמביציעס, איז נייטיק פּאָליטישע פרייהייט. און ס'איז נישט קיין ווונדער: „דער בויטווענדיקער אַלגעמיינער באַדינג פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־אופן איז פרייהייט. דער האַנדל און די אינדוסטריע אַנטוויקלען זיך נאָר אַדאַנק דער פרייער קאָנקורענץ, וואָס באַטייט — אַ פרייער אומלויף און באַוועגונג פון קאַפּיטאַל און פּראָדוקטן. דער מערווערט — דאָס איז די וועזנטלעכסטע שפּייז, דער לעבנס־רוח פון קאַפּיטאַל, וואָס עס איז מעגלעך אים צו באַקומען נאָר אין פאַל, ווען דער אַרבעטער וועט קאָנען פריי פאַרקויפן זיין אַרבעטס־קראַפט, וואָס מיינט — די פרייע באַוועגונג פון אַרבעטער" (באָראָכאָוו, „דער קלאַסן־קאַמף און די נאַציאָנאַלע פראַגע").

„פרייהייט פון באַוועגונג!" — אָבער אין רוסלאַנד איז דער באַדינג אינ־גאַנצן נישט געווען. דער באַוווסטער פּאַספּאָרטן־סיסטעם, וואָס האָט ביזן 1905־טן יאָר צוגעבונדן ד' פּויערים צו זייערע דערפער און האָט אפילו שפּעטער זיי אויך באַשווערט דאָס אַריבערפאָרן פון איין אָרט אויף אַ צווייטן, די פּאַראָרדע־נונגען און די פאַרבאָטן בנוגע יידן — דאָס אַלץ האָט געפּענטעט די קאַפּיטאַליס־טישע אַנטוויקלונג אין רוסלאַנד.

ווי געזאָגט, איז דער קאַפּיטאַל פאַראינטערעסירט, אַז אין דער מלוכה זאָלן נישט זיין קיין באַגרענעצונגען פאַר קיינע עסקים. אַזוי למשל, האָט דער קאָנצעסיע־סיסטעם פון אַקציע־געזעלשאַפטן באַשווערט דאָס אַנטשטיין פון אַזעלכע. ס'איז אַלעמען באַוווסט, ווי שווער ס'איז אָנגעקומען צו באַשטעטיקן די סטאַטוטן פון אַ וואָסער נישט איז אַקציע־געזעלשאַפט, וויפל שטערונגען האָבן אויף איר געלויערט, ביז זי איז אַרויס בשלום, אָנהייבנדיק פון מיניסטעריום־דעפּאַרטאַמענט פאַר אינדוסטריע און האַנדל, מיניסטאָרן־ראַט, ביזן צאַר בכבודו ובעצמו. און דאָס זעלבע איז שייך צו די באַזונדערע באַגרענעצונגען פאַר יידן: די גזירה, אַז אַ ייד טאָר נישט גרינדן קיין אַקציע־געזעלשאַפט, טאָמער וועט ער חס וחלילה דערווערבן אומבאַוועגלעכע גיטער, וואָס לויטן געזעץ איז עס געווען פאַר אים פאַרבאָטן. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע פּעאָדאַלע באַציאונגען האָבן נישט געקאָנט באַפרידיקן דעם קלאַס, וואָס זיין הויפּט־שטרע־בונג איז געווען צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע און דעם האַנדל. ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די סוחרים און די גרויסע פאַבריקאַנטן זענען נישט געווען צופרידן פון דער זעלבסטהערשאַפט, ווייל זי איז זיי געווען ווי אַ שטיין אין וועג. און ס'איז זייער נאַטירלעך, וואָס פיל פון זיי זענען אפילו געוואָרן „יידן־פריינד" און צוזאַמען מיט דער פאָדערונג אָפּצושאַפן די באַגרענעצונגען פאַרן פרייען האַנדל האָבן זיי אויך אַרויסגערוקט די פאָדערונג אָפּצושאַפן די ספּעציעלע געזעצן קעגן יידן, וואָס עס האָט באַטייט — אויסברייטערן דעם רוסישן האַנדל. אין סוף פון יאָר 1916 האָט זיך אין דער דומע אויסגעבילדעט אַ מין קערפּערשאַפט פון די כוחות פון דער בורזשואַזיע, פון די קאַדעטן ביז די אָקטיאַבריסטן — „דער פּראָגרעסיווער בלאָק", וואָס זיין פּראָגראַם איז געווען, כלומרשט אַן אָפּאָזיציאָ־נעלער, און איינער פון זיינע פּאַראַגראַפן איז געווען — אָננעמען „ערשטע שריט מבטל צו מאַכן געוויסע באַגרענעצונגען פאַר יידן".

אָט די שטרעבונג פון דער רוסישער גרויס־בורזשואַזיע, צו באַפרייען דעם קאַפּיטאַל און זיין אַנטוויקלונג פון אַלע טאַמעס און שטערונגען, האָט זי באַוויגן צו אַ געוויסער פּאָליטישער אַקטיווקייט. אמת, איר געוואַגטקייט איז נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי זאָל פאַרלאַנגען אַ פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרם פון רעגירן, זי האָט זיך באַגנוגנט מיטן פאָדערן „מיניסטאָרן, וואָס זאָלן זיין

געטריי דער געזעלשאַפט". דאָס האָט באַטייט, אַז די מיניסטאָרן, וואָס ווערן טאַקע באַמינירט פון צאַר דאַרפן אויך געפונען דעם צוטרוי פון האַנדלס־קלאַס. אַלע האָבן געוווּסט, אַז דער „פּראָגרעסיווער בלאָק", וואָס האָט געפאָדערט געטרייע מיניסטאָרן, האָט בעיקר געמיינט מיליוקאָוון, וואָס האָט זיך שוין פון לאַנג געגרייט צו ווערן אויסערן־מיניסטער, און גוטשקאָוון, דעם אָנפירער פון די אָקטיאַבריסטן, וואָס האָט געוואָלט באַקומען די טעקע פון האַנדלס־מיניסטער. „אַ געטרייע רעגי־רונג" האָט, הייסט עס, געמיינט: צוויי מיניסטאָרן־פּאָרטפעלן פון האַנדל און אויסערן, פאַר דער בורזשואַזיע.

די זעלבסטהערשאַפט האָט, פאַרשטענדלעך, נישט געוואָלט טיילן מיט „פרעמדע" איר מאַכט. דעמאָלט זענען די קאַדעטן געוואָרן אַן „אָפּאָזיציע פון זיין מאַיעסטעט". אָבער פונאַנדערוויקלען אַן אָפענעם קאַמף קעגן דער מאָנאַרכיע און אַדל האָט די אָפּאָזיציע נישט געקאָנט און נישט געוואָלט צוליב דער מורא פאַרן פּראָלעטאַריאַט. אויסער דעם, האָט דער אַדל צוגעזאָגט דער גרויס־בור־זשואַזיע אַנולירן דעם האַנדלס־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד פון יאָר 1904.

די אויסזיכטן פאַר אַ נצחון איבער דייטשלאַנד האָבן געעפנט פאַר דער רוסישער בורזשואַזיע נייע האָריזאָנטן פאַר אַ פרייער קאָנקורענץ מיט דער אייראָפּעישער בורזשואַזיע. אמת, זי איז קוים ארויס פון דער ראַם פון באַפרידיקן דעם אייגענעם מאַרק, זי האָט זיך שוין אָבער געקוויקט מיט דער פאַנטאַזיע צו באַהערשן אין דער צוקונפט אויסערלעכע מערק. צו דעם איז נייטיק געווען אַ פרייער פאַרקער דורך דעם שוואַרצן ים און אַ באַזע אין מיטללענדישן ים, ד. ה. קאָנסטאַנטינאָפּאָל און די דאַרדאַנעלן, די הייליקע בעמען, וואָס די פּראָפּאַגאַנדע פון מיליוקאָוון און גוטשקאָוון האָט געלאָזט פיל מאָל הערן.

די זעלבסטהערשאַפט האָט זיך געמוזט רעכענען אין אַ געוויסער מאָס מיט די אימפּעריאַליסטישע אַפּעטיטן פון דער בורזשואַזיע, וואָס האָט געטראָגן כלומרשט דעם חותם פון אַלרוסישן אינטערעס. באַוווירקט פון די אַמביציעס פון פּריצישן אָפּיצירנטום איז זי אַרויף אויף אַ סכנותדיקן וועג, פון וועלכן זי איז שוין מער קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן. אמת, נאָך צוויי מלחמה־יאָרן האָט די זעלבסטהערשאַפט דערשפּירט, אַז פאַר אירע פיס האָט זיך געעפנט אַ תהום, און ווי אַ בלינד פערד האָט זי זיך געפּרוּווט צוריקציען און שליסן אַ שלום. זי האָט שוין אָבער פאַרשפּעטיקט. די בורזשואַזיע האָט אין דעם געזען אַ פאַראַט פון אירע הייליקסטע לעבנס־אינטערעסן.

ווען שטירמער איז געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער איז די בורזשואַזיע שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער נייער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. דאָס האָט געפונען דעם פולן אויסדרוק אין מיליוקאָווס רעדע אין יאָר 1916. דער זעלבער מיליוקאָוו,

וואָס האָט מיט אַ קורצער צייט פריער דערקלערט אין לאָנדאָן וועגן זיין איבער־געגעבנקייט צו דער דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס, איז איצט אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן דער רעגירונג און זי באַשולדיקט אין פאַראַט פון פאָטערלאַנד. מיט גרויס ברען האָט ער דערמאָנט דער רעגירונג אַלע אירע חטאים, אַלע פאַקטן, וואָס האָבן דערוויזן, אַז זי איז גענייגט צו שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום. יעדן טייל פון זיין רעדע האָט ער פאַרענדיקט מיט דעם אויסרוף: „וואָס איז דאָס, שוואַכקייט אָדער פאַראַט ?" אַזוי האָט די בורזשואַזיע אָנגענומען אַן אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג צו דער זעלבסטהערשאַפט. דאָס הייסט נישט, אַז זי איז געוואָרן גענייגט צו אַ רעוואָלוציע, חלילה! עס זענען שוין אוועק די צייטן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווען דער דריטער קלאַס איז געווען אַ נייער, אַ פּראָגרעסיווער און געקעמפט מיט די פינצטערע כוחות פון מיטלאַלטער, כדי אַרויפצוגיין אויף דער פּאָליטישער אַרענע, ווייל דער פערטער קלאַס, דער פּראָלעטאַריאַט, איז נאָך דעמאָלט געלעגן אין די וויקעלעך, פון שטאַנדפּונקט פון זיין פּאָליטישער קלאַסן־דערקענטעניש. אין אונדזער יאָרהונדערט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט איז געשטאַנען ווי אַ שונא, אַ צוגעגרייטער צום קאַמף, איז די בורזשואַזיע נישט געווען גערן צו מאַכן רעוואָלוציעס. זי האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל זיך נישט געפינען אליין צווישן האַמער און קאָוואַדלע, — צווישן אַדל און די ארבעטער. אמת, די בורזשואַזיע האָט געקענט די מלאכה פון זיין צווייפּנימדיק, אָבער נאָר אין רייד און נישט אין אַקטיוון קאַמף. די צעגליטע קוילן האָט זי ליב געהאַט צו לעשן מיט פרעמדע הענט. זי האָט שטענדיק געגלייבט און אויסגעקוקט אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט, און דאָס אויך לויטן כלל: ווייט פון סכנה און פון אַלץ, וואָס האָט צו דעם אַ שייכות.

די בורזשואַזיע האָט זיך דעריבער נישט דירעקט באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע, זי איז אָבער געווען פאַראינטערעסירט אין ענדערונגען פון דער רעגירונג. אירע צילן זענען געווען: „מלחמה ביזן פולשטענדיקן נצחון !", „די גאַנצע מאַכט די קאַפּיטאַליסטן !". דאָ האָט זי זיך אָבער אָנגעטראָפן אויף די פּויערים און ארבעטער.

*

די פּויערים זענען „באַפרייט געוואָרן" אין יאָר 1861, באַקומענדיק אַ קליין שטיקל ערד, וואָס די רעגירונג האָט אויסגעלייזט פון די פּריצים, כדי אויפצומאָנען דערנאָך דעם אויסלייז־באַטרעף פון די פּויערים גופא. דער מאַנגל אין ערד האָט זיך גלייך געלאָזט פילן, ווייל די פּויערישע פאַמיליעס זענען באַשטאַנען פון אַ סך נפשות, די ערד אין דאָרף איז נישט געווען קיין פּריוואַטע, זי האָט

געהערט דעם דאָרף. די איבערפּאַרטיילונג פון דער ערד, איז געמאַכט געוואָרן פון צייט צו צייט. יעדע פאַמיליע האָט באַקומען ערד לויט דער צאָל נפשות. אַ משפחה וואָס האָט באַקומען זייער ווייניק ערד האָט זיך געטרייסט, אַז אין דער קומענדיקער חלוקה וועט זיך איר גורל פאַרבעסערן. דאָס געזעץ פון 9־טן נאָוועמבער 1906, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך סטאָליפּינען האָט געענדערט דעם מצב. לויט דעם געזעץ האָט יעדער פּויער געקאָנט זיין אַ בעל־הבית איבער זיין ערד, אויב ער טרעט נאָר אַרויס פון דער „אָבשטשינע" (דאָרף־געמיינשאַפט). דאָס האָבן ס'רוב אויסגענוצט רייכע פּויערים און פּויערים פון קליינע פאַמיליעס. די ערשטע כדי צו פירן אויף זייער ערד אַ מער אינטענסיווע ווירטשאַפט, וואָס זיי האָבן ביז איצט נישט געקאָנט טאָן. די צווייטע — ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אויב זיי וועלן בלייבן אין דער „אָבשטשינע", וועלן זיי ביי דער קומענדיקער איבערפּאַרטיילונג באַקומען נאָך ווייניקער ערד, לויט דער צאָל פון די נפשות אין דער פאַמיליע. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּטיילן פון דער „אָבשטשינע" אויך די פּויערים, וואָס האָבן געאַרבעט אין שטאָט אויף פאַבריקן אָדער אין האַנדל, ווייל זייער קליין שטיקל ערד האָט זיי ווייניק וואָס אַריינגעטראָגן. נאָכן אָפּטיילן זיך פון דער „אָבשטשינע", האָבן זיי פאַרקויפט זייער ערד און אינגאַנצן זיך אָפּגע־ריסן פון דאָרף. ווער זשע איז געבליבן אין דאָרף? פּויערים מיט גרויסע פאַמי־ליעס, ד. ה. די סאַמע אָרעמע, וואָס זיי האָט זיך נאָך נישט איינגעגעבן אוועקצוגיין אין שטאָט. ס'איז אויך געשען, אַז גאַנצע דערפער פלעגן אויף אַ „סכאָד" באַשליסן צו צעטיילן די ערד אויף אייביק און אָפּשאַפן די „אָבשטשינע". דאָס אַלץ האָט מיטגעווירקט צו דער קאָנצענטראַציע פון ערד אין הענט פון יחידים. די קולאַקעס האָבן אויסגענוצט די שלעכטע לאַגע פון די אָרעמע פּויערים, און אָפּגעקויפט ביי זיי פאַר קליינע געלטער זייערע שטיקלעך ערד. אַזויאַרום איז דאָס דאָרף באַשטאַ־נען פון דריי טיפן פּויערים: פּויערים מיט קליינע ערד־חלקים, אָן־ערדיקע באַטראַקעס, און קולאַקעס, — ניי אויפגעקומענע פּריצים.

די דאָזיקע סאָציאַלע דיפערענציאַציע אין דאָרף האָט געבוירן טיפע קעגנ־זאַצן. די פּויערישע אָרעמקייט און די אָן־ערדיקע פּויערים האָבן נישט געקאָנט גלייכגילטיק זיך צוקוקן, ווי ביי זייערע שכנים, די קולאַקעס, וואַקסן פון טאָג צו טאָג זייערע ערד־שטחים. און נישט נאָר דאָס אַליין. כמעט אַלע פּויערים, וואָס זענען געווען מיליטער־פּליכטיק, זענען געווען אויפן פראָנט. אין דאָרף זענען פאַרבליבן נאָר די זקנים, פרויען, קינדער און קאַליקעס. דאָס דאָרף איז געווען באַרויבט און צעשמעטערט און ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל העלפן. דער פּויער אין די סאָלדאַטסקע קליידער, וואָס איז געשטאַנען אין טיפן שניי, קעגן פייער פון די האַרמאַטן, ווייט פון זיין דאָרף, האָט גוט געוווּסט וועגן דער נויט פון זיין משפחה. זיין האַרץ איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט, ער האָט אָבער גאָרנישט

געקאָנט טאָן, אויסער קריצן מיט די ציין און וואַרטן ביז עס וועט אויסברעכן דער בונט.

די פּויערים האָבן געפּאָדערט פון דער רעגירונג רעפאָרמען. נישט חלילה אַזעלכע, וואָס זאָלן זיין געצילט צו ענדערן די מלוכה־אָרדענונג, זיי האָבן אַרויס־גערוקט נאָר איין בקשה: ערד! הגם די פּויערים האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שטויס־קראַפט און אַ כוח, וואָס האָט געפירט צו רעוואָלוציע, איז דאָס נאָך געווען ווייט פון זייערע השגות. די פּויערים זענען אָבער גרייט געווען אונטער־צושטיצן יעדן, וואָס וועט אויפהייבן די פאָן פון דער רעוואָלוציע, מיטן תנאי, אַז אויף דער פאָן זאָל זיין אויסגעקריצט זייער עיקרדיקע פאָדערונג — ערד!

און די פאָן איז אויפגעהויבן געוואָרן דורכן פּראָלעטאַריאַט, דורך די אַרבעטער פון שטאָט.

דער עקאָנאָמישער מצב פון די אַרבעטער אין שטאָט איז געווען זייער אַ שווערער, די פּרייזן פון די נויטווענדיקסטע לעבנסמיטלען זענען געשטיגן פון טאָג צו טאָג, בעת דער לוין איז געוואַקסן נאָר אין באַשטימטע ראַמען. אמת, קיין אַרבעט האָט נישט געפעלט, אָבער נישט צוליבן וווּקס פון דער נאָרמאַלער פּראָדוקציע, נאָר צוליב דער קריגס־אינדוסטריע. דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קריגס־פּלאַצדאַרם און אַלע פאַבריקן האָבן זיך פאַרנומען נאָר מיט אויסאַרבעטן געווער. חוץ דעם זענען געעפנט געוואָרן פאַבריקן מיטן ציל צו באַפרייען זייערע באַלעבאַטים פון מיליטער, ווייל זיי האָבן כלומרשט געאַר־בעט פאַר דער „לאַנד־פאַרטיידיקונג”. די אַרבעט אין די פאַבריקן איז פאָרגע־קומען אין אוממענטשלעכע באַדינגונגען. אויב אַן אַרבעטער האָט געוואָרפן די אַרבעט איז ער גלייך אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. די אַרבעטער זענען געווען באַרויבט פון יעדער מעגלעכקייט צו קעמפן פאַרן פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זענען נישט געווען גענוג אַנטוויקלט. אמת, אַז אין די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָלוציע (1905), האָבן זיי זיך אויפגעהויבן אויף א גאַנץ הויכער מדרגה, אָבער די רעאַקציע, וואָס איז דערנאָך געקומען האָט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איינציקווייז ליקווידירט. בלויז אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה זענען, לויטן געזעץ פון 1912־טן יאָר, צוריק טעטיק געוואָרן ד׳ קראַנקן־קאַסעס און אַרום זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט די אַלע, וואָס אין זיי האָט נאָך געלעבט די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע פון 1905־טן יאָר.

דאָס פּאָליטישע לעבן איז אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן. די גאַנצע קאָנסטיטוציע פון 1905־טן יאָר איז געווען ווי אַ זייפן־בלאָז. די פרייהייט פון וואָרט, מיינונג, פאַרזאַמלונג און קאָאָפּעראַציע — דאָס אַלץ איז געבליבן אויפן

פּאַפּיר. די רעוואָלוציאָנערע קרייזן זענען פאַרשטויסן געוואָרן אין ווינקל, ווי אַמאָל, ווייט פון די ברייטע מאַסן. למשל, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, האָט אין פּעטערבורג געציילט פון 1—2 טויזנט אָרגאַניזירטע מיטגלידער, בעת די צאָל ארבעטער אין שטאָט איז געווען אַכט הונדערט טויזנט. די רעגירונג האָט אונטערדריקט און אויסגעראָט יעדער מין אַקטיווקייט, יעדן סימן פון לעבן, מיטן אויסרייד, אַז יעדער אויסדרוק פון אומצופרידנקייט קאָן ברענגען שאָדן דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד. עס זענען פאַרמאַכט געוואָרן צייטונגען, ס'איז פאַרבאָטן געוואָרן צו גרינדן פאַריינען, ארבעטער־טוער זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע. די פּראָוואָקאַציע האָט געבליט און געהאַט דערפאָלג אַ סך מער ווי אין די צייטן פון אַזעפן.

נישט געקוקט אויף דער אונטערדריקונג איז פונדעסטוועגן געוואקסן די רעוואָלוציאָנערע שטימונג ביי די ארבעטער, און אויב די רעוואָלוציע פון 1905־טן יאָר איז געווען בעיקר אַן אויפטו פון דער אינטעליגענץ, איז די רעוואָלוציע פון 1917־טן יאָר געמאַכט געוואָרן דורך די מאַסן און זיי האָבן דאָס נאָך זיך מיט־געצויגן די אינטעליגענטן, וועלכע האָבן ביזן לעצטן מאָמענט זיך אַלץ נאָך געוואַקלט.

דער ארבעטער־קלאַס איז שטענדיק גרייט צום קאַמף, ווייל ער האָט נישט וואָס צו פאַרלירן, אויסער די קייטן. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט דינאַמיט, און דער שטורעם האָט זיך אַן אויפהער דערנענטערט.

דעם 23־סטן פעברואַר, לויטן אַלטן רוסישן קאַלענדאַר, איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק אין דער פאַבריק פון עריקסאָן אויף „וויבאָרגסקאַיאַ סטאָראָנאַ", און נאָכמיטאָג זענען די ארבעטער אַרויס אין א דעמאָנסטראַציע אויף די גאַסן פון קוואַרטאַל. די ידיעה וועגן דער דעמאָנסטראַציע האָט זיך פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער געגנט און אַרבעטער פון אַנדערע פאַבריקן, ווי דער ארסענאַל, פאַרוויינען און אויך דער פּוטילאָווער זאַוואָד, וואָס איז געווען דער גרעסטער אין פּעטראָ־גראַד, מיט 40 טויזנט אַרבעטער, זענען צוגעשטאַנען צום שטרייק און צו דער דעמאָנסטראַציע. באַלד זענען צוגעשטאַנען צו דער דעמאָנסטראַציע טויזנטער פרויען פון די רייען נאָך ברויט און קוילן. די דעמאָנסטראַציע איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. די דעמאָנסטראַנטן זענען אַריבער די בריק און אַריין אין צענט־ראַלן שטאָט־טייל. דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג פון דער רעוואָלוציע.

אין דעם אָוונט און צומאָרגנס האָט זיך שוין געפילט אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג אין דער גאַנצער שטאָט. די דעמאָנסטראַציעס זענען געוואָרן אַלץ מער פון שעה צו שעה.

צומאָרגנס, דעם 24־טן פעברואַר, איז אויסגעפאַלן פּורים. דעם טאָג פלעגן

מיר פּייערן יעדעס יאָר, ווי אַ דאַטע ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די פּאַרטיי. מיר האָבן זיך צענויפגענומען געהיים 25 חברים, ערגעץ אין אַ קליינעם צימער אויף אַ בוידעם־שטיבל אין „פּעטערבורגסקאַיאַ סטאָראָנאַ״. מיר אַלע, און באַזונדערס די יונגע, זענען געווען שטאַרק באַגייסטערט. פאַר אונדז איז קלאָר געווען, אַז עס איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע. אמת, די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס זענען געווען נישט מער ווי אַ גוטער אָנהייב. אויב אָבער דאָס מיליטער וועט צושטיין צו די מאַסן, זענען געווען אויסזיכטן, אַז די רעוואָלוציע וועט זיך איינגעבן.

אין די דריי טעג, פון 24־טן ביזן 26־טן פעברואַר, זענען די דעמאָנסטראַציעס געוואַקסן אָן אויפהער. דער ניעווסקי־פּראָספּעקט, וואָס ציט זיך אויף דריי קילאָמעטער, איז פול געווען מיטן מאַסן מענטשן און רויטע פענער. די פּאָליציי האָט זיך כמעט נישט אַריינגעמישט, ערשט דעם 26־טן פעברואַר פאַרנאַכט האָט די רעגירונג אַרויסגעפירט אין גאַס די יונקערס פון זייערע שולן, זיי האָבן געעפנט אַ פייער אויף די מאַסן לעבן קאַזאַנער סאָבאָר. עס זענען געפאַלן אַ סך קרבנות. דעם 27־טן איז אַרויסגעפירט געוואָרן דער ליטווישער גוואַרדייאַישער פּאָלק אויפן הויף. דער אָפיציר האָט געהאַלטן אַ רעדע צו די סאָלדאַטן און געזאָגט, אַז אויף זיי איז אויסגעפאַלן די מיסיע צו ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד און זיי דאַרפן צעטרייבן די דעמאָנסטראַציעס. דעמאָלט איז צו אים צוגעגאַנגען דער סערזשאַנט קירפּיטשניקאָוו און אים דערשאָסן. דער גאַנצער פּאָלק איז דאַן אַרויס פון הויף און צוגעשטאַנען צו די דעמאָנסטראַנטן. ווען מען האָט דערזען אין די גאַסן סאָלדאַטן צווישן די דעמאָנסטראַנטן, האָבן אָנגעהויבן קומען אַ סך זעלנער פון פאַרשידענע פּאָלקן פון אַלע עקן שטאָט און זענען צוגעשטאַנען צו די דעמאָנסטראַציעס. די מאַסן האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אַרום דעם בנין פון דער דומע. די לאָזונג איז געווען: „ברויט און אַ סוף צו דער מלחמה!״. די דעפּוטאַטן פון דער דומע האָבן נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן די מאַסן. דער פּאַרזיצער פון דער דומע, דער אָקטיאַבריסט ראָדזיאַנקאָ, האָט געשיקט אַ טעלעגראַמע צום שטאַב אויפן פראָנט, צום צאַר ניקאָליי, און געפאָדערט אַ תשובה, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער געשאַפענער סיטואַציע, ווייל אויב נישט, שטייט פאַר אַ סכנה פאַרן פאָטערלאַנד און פאַר דער „דינאַסטיע״. אויף דער טעלעגראַמע איז געקומען אַ קאַטעגאָרישער ענטפער פון ניקאָלייען: „פונאַנדערלאָזן די דומע״. די אָפּאָזיציע פון זיין מאַיעסטעט, די קאַדעטן, און נאָך מער די אָקטיאַבריסטן זענען געשטאַנען פאַר אַ שווערער לאַגע: נישט אויספירן דעם צאַרס באַפעל — הייסט זיין אַ מורד במלכות; אויספילן דעם באַפעל — באַטייט עס אַ פולשטענדיקע אַנאַרכיע. צום סוף זענען זיי געקומען צום באַשלוס איבערצורייסן די אָפיציעלע זיצונגען פון דער דומע, אָבער נישט פונאַנדערגיין זיך.

די בורזשואַזיע האָט נאָך נישט געוואָלט פאַרברענען אונטער זיך אַלע בריקן און געלאָזן פאַר זיך אַ טירל זיך איבערצובעטן מיט דער זעלבסטהערשאַפט.

שוין זונטיק אין אָוונט, דעם 26־טן פעברואר, זענען די ארבעטער פון די פאַבריקן צוגעטראָטן אויסצוווילן דעלעגאַטן צום אַרבעטער־ראַט (סאָוויעט). די ערשטע, וואָס האָבן אויסגעוויילט דעלעגאַטן זענען געווען די פאַבריקן פון „וויבאָרגסקאַיאַ סטאָראָנאַ" און „פיעסקי" — דער קוואַרטאַל פון דער דומע. די צוויי טיילן שטאָט זענען שוין געווען אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערן. מאָנטיק אינדערפרי, נאָך קירפיטשניקאָווס שאַס, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען צו דער דומע מיליטערישע אָפּטיילונגען און דעקלאַרירט זייער גרייטקייט צו דינען דעם פאָלק און דער דומע. אויף די גאַסן האָבן מענטשן פון המון, אויף אייגענער איניציאַטיוו, אָנגעהויבן אַרעסטירן אויסגעשפּראָכענע רעאַקציאָנערן: מיניסטאָרן, גענעראַלן, אָפיצירן און זיי געבראַכט אין דער דומע. קעגן איר ווילן איז די דומע געוואָרן דער צענטער פון דער רעוואָלוציע.

אין עטלעכע טיילן פון שטאָט האָט דער המון אָנגעהויבן צעשטערן די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן און אונטערצינדן זיי. אַלע דאָקומענטן און טעקעס זענען אַרויסגעשליידערט געוואָרן אין גאַס און דאָרט האָט מען זיי פאַרברענט. די מאַסן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט ביי דער צענטראַלער תפיסה, „פּרעדוואַרילקאַ", ווו ס׳זענען געזעסן סיי פּאָליטישע, סיי קרימינעלע אַרעסטירטע. זיי האָבן באַפרייט די ארעסטירטע און אונטערגעצונדן די תפיסה. ס׳איז אויך אונטערגעצונדן געוואָרן די שכנותדיקע געביידע פון קרייז־געריכט. אויף רוסיש הייסן די פרידנס־געריכטן און די פּאָליציי־פּונקטן מיט דעם זעלבן וואָרט „אוטשאַסטאָק" און די מאַסן האָבן זיך צו זיי באַצויגן מיט דער זעלבער מאָס. פון 60 פרידנס־געריכטן אין שטאָט זענען די מערהייט אונטערגעצונדן געוואָרן און די אַקטן — פאַרברענט.

דער המון האָט זיך צונויפגעזאַמלט אויף דער אָפיצערסקאַיאַ, לעבן בנין פון דער „אָכראַנע" (געהיים־פּאָליציי). לעבן דעם בנין איז געווען די תפיסה „ליטווישער פּאַלאַץ". ביידע בנינים זענען אונטערגעצונדן געוואָרן און אַלע דאָקומענטן זענען אַרויסגעשליידערט געוואָרן אין דרויסן. אַ טייל פון די דאָקו־מענטן זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, צווישן זיי דער באַריכט פון דער „אָכראַנע" וועגן „ציוניזם". צווישן די פּאַפּירן איז אויך געווען אַ זייער וויכטיקער דאָקומענט — די רשימה פון אלע פּאָליציי־אַגענטן און אלע פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע זענען געווען טעטיק אין די סאָציאַליסטישע פּארטייען. אין דער רשימה פון די פּראָוואָ־קאַטאָרן האָט אויך פיגורירט דער נאָמען פון אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער לעגאַלער „פּראַוודאַ" — דער ייד מיראָן טשערנאָמאָז.

איך האָב אים געקענט, מיר פלעגן זיך מיט אים טרעפן אין דער וווינונג

פון מיין גוטן חבר, דעם אַדוואָקאַט פרידשטיין. ער האָט אויף אונדז געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. אַ שווארצע באָרד האָט אַרומגעראַמט זיין ווייס פּנים. ער האָט זייער ליב געהאַט קינדער און פאר די קינדער איז זיין באַזוך שטענדיק געווען אַ יום־טוב, ווייל זיינע קעשענעס זענען שטענדיק פול געווען מיט זיסוואַרג. די ידיעה וועגן זיין נידערטרעכטיקן פאַראַט האָט אונדז דערשטוינט. מיראַן איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן. זיינע גוטע פריינד האָבן פאר אים אַריינגעשמוגלט אין תפיסה אַ רעוואָלווער און ער האָט זיך אַליין דערשאָסן.

איך פלעג סתם אַזוי גיין איבער די נאָענטסטע גאַסן פון מיין קוואַרטאַל. פאַרן טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער עולם. צווישן אונדז זענען אויך געווען סאָלדאַטן. עמיצער האָט פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל גיין צו די קאַזאַרמעס פון דער גוואַרדיע (איזמאַילאָווער פּולק). מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די קאַזאַרמעס. און אָט זענען אַרויס די איזמאַילער מיט זייערע אָפיצירן און אָנגעהויבן אין אונדז צו שיסן. מיר זענען אַלע אַנטלאָפן. איך בין געקומען אין שטוב. אין עטלעכע סעקונדן אַרום האָט צו מיר אָנגעקלונגען זעליק ברייטער און האָט מיך באַגריסט מיטן נצחון. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די דומע האָט אויסגעוויילט אַ צייטווייליקן קאָמיטעט מיט ראָדזיאַנקאָ בראש; אַז דער קאָמיטעט האָט נאָמינירט אַ צייטווייליקע רעגירונג, אין וועלכער עס זענען אריין אַלס פּרעמיער פירשט לוואָוו, אַלס אויסלאַנדס־מיניסטער — מיליוקאָוו, אַלס האַנדלס־מיניסטער — גוטשקאָוו.

דער ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט האָט אויף זיין זיצונג באַשלאָסן נישט צו באַטייליקן זיך אין דער צייטווייליקער רעגירונג. ראָדזיאַנקאָ האָט פאָרגעלייגט דעם אַדוואָקאַט קערענסקי, וועלכער איז געווען איינער פון די וויצע־פּאָרזיצערס פון אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט, דעם פּאָרטפעל פון יוסטיץ־מיניסטער. קערענסקי האָט אָנגענומען די פּראָפּאָזיציע נישט געקוקט אויפן באַשלוס פון ראַט. דערנאָך איז ער געקומען צום ראַט, וואָס האָט זיך געפונען אין זעלבן בנין ווו די דומע, אין טאַווּרישן פּאַלאַץ, און האָט געבעטן זיין הסכמה. ער האָט זיך דערביי פאַרענטפערט, אַז ראָדזיאַנקאָ האָט פון אים געפאָדערט אַ תשובה גלייך אויפן אָרט און ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו באַהאַנדלען די פראַגע מיטן ראַט. דערביי האָט ער אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז פאַרן ראַט איז נייטיק, אַז עמיצער פון זיינע פאָרשטייער זאָל זיין אין דער רעגירונג. דער ראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גאַנץ קליינער צאָל מיטגלידער, פון וועלכע די מערהייט איז געווען מענשעוויקעס און ס.ר.׳ן, האָט פּאָסט־פאַקטום געגעבן זיין הסכמה און קערענסקי איז געוואָרן יוסטיץ־מיניסטער. ער האָט געשוווירן ביי אַלץ וואָס איז הייליק און טייער צו זיין טריי דער דעמאָקראַטיע.

דינסטיק, דעם 28־טן פעברואַר זענען ווידער פול געוואָרן די גאַסן מיט

מאסן מענטשן, וואָס האָבן געפילט, אַז עס איז שוין אָנגעקומען די פרייהייט, און ס'איז שוין נישטאָ קיין סכנה אין גאס.

יומטובדיק און פאַרשיכורט פון נצחון זענען די מענטשן אַרומגעגאַנגען אין די גאסן און הנאה געהאַט פון דער זון און פון דער פרייהייט. אָבער דווקא אין דעם פרילינגס־טאָג האָבן אין פיל ערטער פון שטאָט דורכגעריסן די לופט ביקסן־זאַלפּן און אַ סך מענטשן זענען געפאַלן.

מיר זענען געווען אין תחום פון פייער און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. מיר האָבן געהערט שאָסן און נישט געוווסט פון וואַנען זיי קומען. אויפן ניעווסקי־פּראָספּעקט האָבן מיר סוף כל סוף אַנטדעקט, אַז די שאָסן קומען פון אַ דאַך פון א זעקס־שטאָקיק הויז. מענטשן זענען אַרויף אויפן דאַך, און פון דאָרט אַראָפּגעשלעפּט אַ פּאָליציאַנט אין ציווילע קליידער. דער „גיבור" האָט זיך אײַנגעאָנצן געטרייסלט פון שרעק און איז גלייך געלינטשט געוואָרן דורכן אויפגע־רעגטן המון. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז דער אינערן־מיניסטער פּראָטאָפּאָפּאָוו האָט אוועקגעשטעלט פּאָליציאַנטן מיט מאַשין־געווער אויף אַ הונדערט דעכער פון הויכע הייזער אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט און זיי האָבן דאָס אומגעבראַכט צענדליקער מענטשן.

דעם טאָג איז באַוווסט געוואָרן אין טאַורישן פּאַלאַץ, אַז דער צאַר פאַרלאָזט דעם גענעראַל־שטאַב אויפן פראָנט, כדי אומצוקערן זיך קיין פּעטראָגראַד. קיין פּעטראָגראַד איז ער אָבער שוין נישט אָנגעקומען, ווען ער איז אין זיין באַן־וואַגאָן אָנגעקומען אויף דער סטאַציע דנאָ האָבן אים די באַן־ארבעטער נישט געלאָזן פאָרן ווייטער קיין פּעטראָגראַד, נאָר אַריבערגעפירט די באַן אויף דער ליניע קיין פּסקאָוו. אין פּסקאָוו האָבן די באַן־ארבעטער אים אויך נישט געלאָזן פאָרן קיין פּעטראָגראַד און דער צאַר איז שוין דאָרט פאַרבליבן.

צוזאַמען מיט ניקאָלייען זענען אויך געפאָרן מיניסטער פרעדעריקס און דער גענעראל וואָיעיקאָוו, דער אלטער גענעראל איז דאָס געווען דער, וואָס האָט דעם צאַר געגעבן אַן עצה, ווי אַזוי בייצוקומען די רעוואָלוציע: עפּענען דעם פראָנט פאַר די דייטשן. דער צאַר וואָס האָט קיינמאָל נישט געטראַכט זעלב־שטענדיק און שטענדיק זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון שלעכטע עצה־געבער, האָט זיך דאָסמאָל אָנגענומען מיט כוח און געענטפערט: „אַ פאַרעטער פון מיין פאָלק בין איך קיינמאָל נישט געווען און וועל קיינמאָל נישט זיין!"

מיטוואָך, דעם ערשטן מערץ, האָט די דומע אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע פון דריי פּערזאָן, בראש מיט ראדזיאַנקאָ. די קאָמיסיע איז געפאָרן צום צאַר קיין פּסקאָוו מיטן פאָרשלאָג, אַז ער זאָל אַבדיקירן פון טראָן. דאָס איז נישט געווען קיין שווערע אויפגאַבע, ווייל דער צאַר איז שוין געווען צוגעגרייט דערצו און

האָט אפילו געטאָן מער ווי מען האָט פון אים געפאָדערט. די „רעוואָלוציאָנערן" פון דער דומע, די קאַדעטן און אָקטיאַבריסטן האָבן פאַרלאַנגט, אַז ניקאָליי זאָל אַבדיקירן פון טראָן לטובת זיין מינדעריאָריקן זון אַלעקסיי. דאַן וואָלטן זיי געהאַט א מעגלעכקייט אויסצוקלויבן א רעגענט לויט זייער איינזען און די מאַכט וואָלט געווען אין זייערע הענט. אָט דעם פּלאַן האָט אפילו מיליוקאָוו אַרויסגע־זאָגט אין זיין אַרויסטריט אויף איינעם פון די מיטינגען אין טאַווּרישן פּאַלאַץ. איך געדענק, אַז ווי נאָר מיליוקאָוו האָט ארויסגעבראַכט דאָס וואָרט „רעגענט" האָט זיך באַלד דערהערט פון אַלע זייטן: „נידער!", „אויף דער תליה!". די מאַסן האָבן מיט גרויס צאָרן אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג.

ניקאָליי דער צווייטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן אין זיין נאָמען און אין נאָמען פון זיין צעניאָריקן זון. דער צאַר האָט זיך אָפיציעל אָפּגעזאָגט לטובת זיין יונגערן ברודער, דעם גרויספירשט מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש. דער צאַר איז ארעסטירט געוואָרן און ווי אַן ארעסטאַנט אוועקגעפירט געוואָרן אין „צאַרסקאָיע סיעלאָ". אין עטלעכע חדשים אַרום איז ער צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפּחה אַריבערגעפירט געוואָרן קיין יעקאַטערינענבורג און ס'איז באַשטימט געוואָרן א ספּעציעלע קאָמיסיע אָפּצוהיטן אים און זיין משפּחה. ווען די טשעכאָ־סלאָוואַקן האָבן זיך אין יאָר 1918 דערנענטערט צו דער שטאָט, האָט דער סאָוונאַרקאָם באַשלאָסן אַריבערצופירן דעם צאַר מיט זיין פאַמיליע: — זעקס טעכטער, דעם זון און די צאַרין — אין איינער פון די שטעט אין וויטן סיביר. דער סוף פון דער צאַרישער פאַמיליע איז איינגעהילט אין אַ געהיימניש. די הויפדאַמע ווירובאָוואַ שרייבט אין אירע זכרונות, אז דעם צאַרס פאַמיליע, וואָס האָט געוווינט אויפן צווייטן שטאָק פון אַ הויז, איז אַראָפּגעפירט געוואָרן אין קעלער. דורך די פענצטער האָבן די זעלנער צו זיי געשאָסן און ס'איז נישט געבליבן קיין לעבעדיקער נפש. אין יאָרן אַרום האָט זיך אין אויסלאַנד באַוויזן אַ פרוי, וואָס האָט געטענהט, אַז זי איז איינע פון צאַרס טעכטער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט.

די אַבדיקאַציע פון צאַר לטובת זיין ברודער איז געווען קעגן פּלאַן פון די קאַדעטן און אָקטיאַבריסטן. ווייל אויב עס איז אַזוי, טאָ וואָס זשע וועט זיך ענדערן? הינטער די קוליסן האָט מען אָנגעהויבן דראָען מיכאַילן מיט דער צאָרן פון פאָלק. ער האָט זיך דערשראָקן און אויך אַבדיקירט לטובת דעם פאָלק. מיליוקאָוו האָט זיך זייער געפרייט מיטן כשרן אויסגאַנג, וואָס האָט כלומרשט איבערגעגעבן די מאַכט דער צייטווייליקער רעגירונג, נישט דורך אַ רעוואָלוציע נאָר אויף אַ געזעצלעכן וועג: דער צאַר האָט אַבדיקירט לטובת דעם ברודער, דער ברודער — לטובת דער דומע און די דומע האָט אויסגעוויילט אַ צייטווייליקע רעגירונג, ד. ה., אַז די צייטווייליקע רעגירונג איז נישט געקומען

ווי אַ רעזולטאַט פון דער רעוואָלוציע, נאָר אויף אַ געזעצלעכן קאָנסטיטוציאָנעלן אופן.

דעם פערטן מערץ, האָט דער אויסלאַנדס־מיניסטער מיליוקאָוו, אין נאָמען פון דער צייטווייליקער רעגירונג געשיקט אַ ראַדיאָ־טעלעגראַמע: „צו אַלע, צו אַלע, צו אַלע!" און אויף צומאָרגנס איז דערשינען אַן אָפיציעלע דערקלערונג, אויף דער ערשטער זייט פון די „ידיעות פון דער צייטווייליקער רעגירונג". איןביידע דאָקומענטן איז געשילדערט געוואָרן די סיטואַציע ווי די רעוואָלוציע וואָלט אויסגעבראָכן צוליבן סכסוך צווישן צאַר מיט דער דומע און דאָס מיליטער איז אַרויסגעטראָטן אַלס אונטערשטיצונג פון דער דומע, וואָס איז פונאַנדערגעלאָזן געוואָרן דורכן צאַר. מען האָט געפעלשט די דאַטעס, כדי צוצוגעבן מיליוקאָווס ווערסיע אַ באַפאַרבונג פון וואָרשיינלעכקייט. די דומע איז דאָך פונאַנדערגעלאָזן געוואָרן דעם 27־טן פעברואַר, אָבער די דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 23־סטן פעברואַר.

אונדזערע דעלעגאַטן אין אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט האָבן אַליאַרמירט די עקזעקוטיווע וועגן דער פעלשונג. מיר האָבן געפאָדערט, אַז אונדזער צ. ק. זאָל אויך האָבן אַ דעלעגאַט, איך בין דאַן באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגליד פון ראַט אין נאָמען פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון. אין נאָמען פון פּעטראָגראַדער קאָמיטעט פון פּועלי־ציון איז באַשטימט געוואָרן צבי פרידלאַנד, אין ראַט האָט ער פיגורירט אונטערן נאָמען גריגאָריעוו. פון די סטודענטן איז באַשטימט געוואָרן זעליק ברייטער. איך בין דערנאָך באַשטימט געוואָרן אין עקזעקוטיוו אַלס פאָרשטייער פון צענטראַלן קאָמיטעט פון פּועלי־ציון.

אויף דער זיצונג פון ראַט, אין דער נאַכט אויפן 2־טן מערץ, האָבן אונדזערע חברים צוזאַמען מיט ס.ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) און די ליטווישע פאָלקס־סאָציאַליסטן אַרייַנגעטראָגן אַ פאָרשלאַג וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע און ער איז אָנגענומען געוואָרן. דער אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז יעדעס פאָלק האָט דאָס רעכט אויף פּאָליטישער און קולטורעלער זעלבסטבאַשטימונג. די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט שטימען. בלויז די פאָרשטייער פון „בונד" האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען, ווייל אין איינקלאַנג מיט זייערע אָנשוינגען זענען זיי געווען קעגן פּאָליטישער זעלבסטבאַשטימונג, נאָר בלויז פאַר קולטורעלער אויטאָנאָמיע. דער ראַט האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן אָננעמען די רעזאָלוציע, נאָר אויך בדעה געהאַט אַרויסצושטעלן די פאָדערונג פאַר דער צייטווייליקער רעגירונג.

מיטן אָננעמען דעם באַשלוס האָט זיך פאַר אונדז אָוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן די רעכט פון די יידן אין דער רוסישער אימפּעריע, באַזונדערס וועגן גאַראַנטיעס

פאַר די רעכט פון יידן אין פוילן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון באַקו־מען זעלבשטענדיקייט. אין שייכות מיט דער פראַגע האָב איך דאַן געשריבן:

„היות לויט אונדזער אָנשויונג האָט יעדעס פאָלק דאָס רעכט צו פּאָליטישער און קולטורעלער זעלבסטבאַשטימונג, דערלויבן מיר זיך צו באַגריסן פוילן, צו איר ווידערגעבורט, און מיר דריקן אויס אונדזער גרויסע און טיפע צופרידנקייט פון דעם, וואָס אויף דער אַרענע פון אייראָפּע באַווייזט זיך אַ ניי זעלבשטענדיק פאָלק — אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וואָס פאַראייניקט פוילן, ביז איצט אַ צעטיילטע צווישן דריי מלוכות. אָבער אין פוילן, באַזונדערס אין דעם טייל אירן וואָס האָט פריער געהערט רוסלאַנד, און אויך אין גאַליציע, איז פאַראַן אַ גאַנץ גרויסע יידישע באַפעלקערונג, וואָס נישט געקוקט אויף איר געדיכטער קאָנצענטרירטקייט, בילדעט זי נישט מער ווי אַ מינדערהייט כאָטש זי איז אַן אָנגעזעענע מינדערהייט. אַזוי, למשל, אין דער גרעסטער שטאָט פון פוילן, אין וואַרשע וווינען ביי אַ דריי הונדערט טויזנט יידן וואָס עס מאַכט אויס 35% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין דער הויפּטשטאָט. די באַציאונגען צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג און דער יידישער זענען פיינטלעכע, באַזונדערס פון דער צייט פון די וואַלן צו דער פערטער דומע, ווען מיט דער הילף פון יידישע וויילער, וואָס האָבן געהאַט דעם רוב עלעקטאָרן, איז אין וואַרשע אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צו דער דומע אַ מיטגליד פון דער פּ.פּ.ס. — יאַגעלאָ. נאָכן אויסוויילן יאַגעלאָן, איז דער יידישער געזעלשאַפט דערקלערט געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער און עקאָנאָמישער באָיקאָט, די פּוילישע דעפּוטאַטן אין דער דומע האָבן זיך בפירוש אַרויסגעזאָגט פאַר באַגרענעצונגען לגבי יידן אין די מוניציפּאַליטעטן. נישט געקוקט אויף דעם, גלייבן מיר, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין פוילן, צוזאַמען מיטן פּוילישן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, וועט אויסאיבן אַ דרוק אויף די הערשנדיקע קלאַסן און געווינען פאַר יידן דאָס רעכט אויף פּאָליטישער און קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

ס'איז אונדזער חוב צו טאָן אַלץ צו דערגרייכן גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פון די יידן אין פוילן. ס'איז אונדזער אויפגאַבע אַוועקצושטעלן די פראַגע פאַרן אַלרוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס אדאנק זיין קאמף און זיין נצחון וועט פוילן ווערן זעלבשטענדיק.

און דאָ באַרירן מיר אַ פראַגע, וואָס האָט אַ שייכות צום אינטערנאַציאָנאַלן רעכט: צי מעגן מיר פאַר פוילן, וואָס האַלט ביי ווערן סוווערען, שטעלן באַשטימטע באַדינגונגען?

אויפן ערשטן בליק דוכט זיך, אַז דאָס אַרויסשטעלן אַזעלכע באַדינגונגען איז פּוגע אין דער סוווערעניטעט. ס'איז שוין אָבער פאַראַן אַ פּרעצעדענס אין

דער געשיכטע. איך בין דאָ אויסן דעם בערלינער טראַקטאַט פון יאָר 1878, דער פראַנצויזישער פאָרשטייער וואַדינגטאָן האָט דאַן דערקלערט, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג שטעלט אַרויס אַלס תנאי פאַר אָנערקענען פון דער זעלבשטענדיקייט פון סערביע, פרייהייט פון גלויבן און גלייכהייט פון אַלע איינוווינער אָן אונטערשיד פון גלויבן. די פאָרשטייער פון דער רוסישער רעגירונג, דער פירשט גאָרטשאַקאָוו און דער גראַף שוואַלאָוו, זענען אַרויסגעטראָטן קעגן דער פראַנצויזישער דעקלאַראַציע. די קאָנפערענץ האָט אָבער אָנגענומען דעם באַדינג נישט בלויז בנוגע סערביע, נאָר אויך לגבי רומעניע, נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט פון די רומענישע פאָרשטייער. אַזויאַרום איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין בערלינער טראַקטאַט דער פּאַראַגראַף 44, וואָס לויט אים, קאָן נישט קיין אונטערשיד אין גלויבן און אין אָנשווייונגען דינען אין רומעניע און סערביע אַלס מאָטיוו צוצונעמען פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט, נישט צו לאָזן פאַרנעמען מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע אַמטן, אָדער נישט לאָזן באַשעפטיקן זיך מיט פאַרשידענע פּראָפעסיעס אויפן גאַנצן שטח פון דער מלוכה. אָט דער פרעצעדענס ווייזט, אַז די פאָדערונג צו געבן רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פרייהייט, וואָס ווערט אַרויסגערוקט כלפּי אַ מלוכה, וואָס באַקומט זעלבשטענדיקייט, איז נישט פוגע אין איר סוווערעניטעט.

אָבער איצט דאַרפן מיר פאָדערן מער ממשותדיקע גאַראַנטיעס. צוזאַמען מיטן גאַנצן רוסישן פּראָלעטאַריאַט וועלן מיר מאַכן אַ דרוק אויף אונדזער רעגירונג, אַז אירע פאָרשטייער אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, זאָלן אַרויסשטעלן די פאָדערונג, אַז יעדע נאַציאָנאַלע מינדערהייט זאָל באַקומען רעכט אויף פּאָליטישער און קולטורעלער זעלבסטבאַשטימונג. דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט, שאַפנדיק אַ צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אויף נייע יסודות, וועט קאָנטראָלירן און מאַכן נאָך אַ שטאַרקערן דרוק אויף די פאָרשטייער פון וועלט-קאַפּיטאַל, אַז זיי זאָלן אָנערקענען דאָס רעכט פון יעדן פאָלק אויף זעלבסטבאַשטימונג.

צי וועט מעגלעך זיין צו פאַרטיידיקן דעם פּרינציפּ, אויב עמיצער וועט אים ברעכן? אין בערלינער טראַקטאַט איז נישט אָנגעגעבן קיין שום יורידישע סאַנקציע אין פאַל פון ברעכן דעם פּרינציפּ. אָבער דאָרט איז דער טראַקטאַט אונטערגעשריבן געוואָרן דורך פאָרשטייער פון דער ביוראָקראַטיע, דורך די הערשנדיקע קלאַסן. די קומענדיקע אינטערנאַציאָנאַלע שלום-קאָנפערענץ וועט האָבן אין איר באַשטאַנד אויך פאָרשטייער פון די רעוואָלוציאָנערע פעלקער און זי וועט אָננעמען באַשלוסן אונטערן דרוק און אונטער דער ווירקונג פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט וועט האַנדלען אין קעגנזאַץ צו די מלוכות, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער בערלינער

קאָנפערענץ און האָבן דאָרט דעקלאַרירט דעם פּרינציפּ פון פרייהייט פון רעלי־גיע און אים נישט געוואָלט פאַרטיידיקן, — ער וועט שטיין אויף דער וואַך פון דעם פּרינציפּ און וועט געפונען דעם וועג וויאַזוי אים צו פאַרטיידיקן״.

איך דערמאָן זיך אַ געשפּרעך מיט זעליק ברייטער וועגן דעם ענין. ער האָט געזאָגט: אויב עס וועט טאַקע געגעבן ווערן יעדן פאָלק דאָס רעכט פאַר זעלבסט־באַשטימונג און עס וועט קאָנען אויפבויען זיין נאַציאָנאַל לעבן לויטן פאַרלאַנג פון די אויסגעוויילטע אינסטאַנצן פון פאָלק, איז דאָך מעגלעך, אַז ס׳וועט אויך אויסגעוויילט ווערן אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון יידישן פאָלק, און דערנאָך אויך אַ פּאַרלאַמענט. דעמאָלט וועט דאָך דער פּאַרלאַמענט קאָנען אוועקשטעלן די פראַגע פון דער יידישער עמיגראַציע און איר קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל. פון דעם דרינגט, אַז די סיימיסטן זענען גערעכט מיט זייער טעאָריע וועגן פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם דורכן סיים.

איך האָב אים געענטפערט, אַז אויב אפילו עס וועט זיין א סיים, וועלן דאָך די אַסימילאַטאָרישע טיילן פון פאָלק, וועלכע זענען קעגן דעם ארץ־ישראל־געדאַנק, זיין א גרויסע שטערונג. און עס איז נאָך זייער וויט צו א יידישן סיים. אויב מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז אַדאַנק דעם קלאַסן־קאַמף און דער רעוואָ־לוציע אין רוסלאַנד וועט מען קאָנען דערגרייכן אַ פערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר יידן, איז נישטאָ קיין שום זיכערקייט, אַז זי וועט זיך פארנעמען מיט דעם, וואָס מיר פאַרלאַנגען. און א באַוועגונג ווערט נישט געבויט בלויז אויף וואָרשיינלעכ־קייטן, נאָר אויף אַ היסטאָרישער נויטווענדיקייט.

דער ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט האָט אָנגענומען אויף זיין זיצונג נאָך אַ באַשלוס: שאַפן אַן אויפזיכט־ראַט, וואָס זאָל קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון דער ציטוויייליקער רעגירונג. דאָ האָט זיך באַשיינפערלעך אַנטפּלעקט די סתירה צווישן פאָלק און דער בורזשואַזיע. די מאַסן האָבן דורכגעפירט די רעוואָלוציע אוף אַ סטיכישן אופן, ווייל זיי זענען געווען קעגן דער מלחמה, זיי זענען אָבער אריינגעפאלן אין די אָרעמס פון דער בורזשואזער דומע, וואָס האָט סימפּאַטיזירט מיט דער רעוואָלוציע, ווייל זי האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַר, וואָס איז אויך געווען קעגן דער מלחמה.

דער ראַט, וואָס האָט אויסגעדריקט דעם ווילן און שטרעבונגען פון די אַרבעטער און ארבעטנדיקע, האָט דעריבער געשאַפן אַן אויפזיכטס־ און קאָנטראָל־אינסטאַנץ, וואָס זאָל נישט דערלאָזן אַז די רעגירונג זאָל האַנדלען קעגן די שטרעבונגען פון די מאַסן. אַזוי אַרום זענען געשאַפן געוואָרן צוויי פּאַראַלעלע אינסטאַנצן: די ציטוויייליקע רעגירונג און דער אויפזיכט־ראַט. די קאָמפּעטענצן פון די ביידע אינסטאַנצן זענען געווען נישט גענוג קלאָר און אין שייכות צו דער

פראַגע פון דער מלחמה — די עיקר־פראַגע פון דער רעוואָלוציע — האָבן די אינסטאַנצן געהאַט קעגנזעצלעכע מיינונגען.

דער ראט האָט ארויסגעשטעלט צו דער רעגירונג פאָלגנדיקע פאָדערונגען: 1. אַן אלגעמיינע פּאָליטישע אמנעסטיע. 2. פולשטענדיקע פּאָליטישע פרייהייט. 3. רעאָרגאַניזאַציע פון מיליטער. 4. אָרגאַניזירן אַ מיליץ. 5. אָפּשאַפן אַלע באַגרענעצונגען, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע. 6. אין פּעטערבורג זאָל בלייבן דער אָרטיקער גאַרניזאָן מיטן געווער.

דעם דריטן מערץ האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּועלי־ציון פארעפנטלעכט אין מאָסקווע אַן אויפרוף אין יידיש וועגן די צילן פון דער רעוואָלוציע. אין אים איז געזאָגט געוואָרן, אַז מיר קאָנען נישט האָבן קיין צוטרוי צו די פאָרשטייער פון דער „פּאַראַנטוואָרטלעכער אָפּאָזיציע", וואָס פירט אונדז נישט צו א שלום, נאָר צו „נאָך אַ בלוטיקערער שלאכט", און וואָס איר ציל איז — איינצונעמען גאַליציע, קליינאַזיע, דעם באָספּאָר און די דאַרדאַנעלן און נישט די באַפרייאונג פון די קליינע פעלקער. דער יידישער ארבעטער קעמפט פאַר נאַציאָנאלער און סאָציאַלער באַפרייאונג, פאר דער פרייהייט פון עמיגראַציע און פאר דער אנטוויקלונג פון לעבן פון יידישע מאסן אין ארץ־ישראל.

דעם 6־טן מערץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן א באַראַטונג פון פאָרשטייער פון סאָצאַליסטישע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען מיט דעם ציל צו שאַפן אַ קאָנטאַקט און פאַרבינדונג צווישן די פּאַרטייען אין קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון די מינדערהייטן. אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט: די ליטווישע נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן, ס.ס., די אוקראַינישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די אוקראַינישע סאָציאַליסטן און פּועלי־ציון. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ צייטווייליקן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וואָס זאָל אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

אין דעם טאָג האָט די צייטווייליקע רעגירונג דערקלערט אַן אלגעמיינע פּאָליטישע אמנעסטיע. עס זענען אָפּגעשאַפן געוואָרן די באַגרענעצונגען פאַר יידישע אדוואָקאַטן. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, צו געבן אלע יידישע אפּליקאַנטן דעם טיטל פון א געשווירענעם אַדוואָקאַט, אויף וואָס זיי האָבן אזוי לאַנג געוואַרט. דעם 10־טן מערץ האָט מען צוזאַמענגערופן אלע יידישע אדוואָקאַטן — הונדערט און צוואַנציק פּערזאָן — אין קרייז־געריכט, און מען האָט אונדז מודיע געווען וועגן באַשלוס. דריי פון אונדז: א. זיידמאַן, מ. לאַזאַרסאָן, און איך זענען באַפרייט געוואָרן פון דער טרייהייטס־שבועה, ווייל מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט שווערן ביי גאָט. מיר האָבן דעקלאַרירט אונדזער טרייהייט אויף אַן ערנוואָרט און דאַן האָט מען אונדז צוגעטיילט דעם טיטל פון געשווירענע אדוואָקאַטן.

אין דער צייט זענען אויף אַ געזעצלעכן אופן אָפּגעשאפן געוואָרן אַלע באַגרענעצונגען פאַר יידן. די רשימה פון די געזעץ־פּאַראגראַפן, וואָס זענען אָפּגעשאַפן געוואָרן, האָט אַנטהאלטן עטלעכע זייטן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָב איך געשריבן:

„דעם צווייטן און צוואַנציקסטן מערץ האָט די צייטווייליקע רעגירונג פאַר־עפנטלעכט אַ דעקרעט וועגן אָפּשאַפן אַלע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע באַגרענע־צונגען. מיר דאַרפן באגריסן די רעגירונג, וואָס האָט אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן די פּרינציפּן פון רוסלענדישן רעוואָלוציאָנערן פאָלק, וואָס אדאנק זיי זענען מיר איצט געוואָרן בירגער מיט גלייכע רעכט.

פול מיט ליידן און צאָרן איבער די ברעגעס, פול מיט זעלישן פּיין, זענען מיר געווען געצוווּנגען צו זיין שטומע עדות פון די ליידן און פּיין פון אונדזערע ברידער בעת די ווילדע גירושים, צו זען ווי מען האָט אויפגעהאָנגען און דערשאָסן טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, וואָס מען האָט זיי באַשולדיקט אין „שפּיאָנאַזש", צו זען ווי עס איז רואינירט געוואָרן דאָס לעבן פון הונדערטער טויזנטער, ווי די יידישע מאַסן האָבן דורכגעמאַכט דעם פּיינלעכן וועג פון דער אינקוויזיציע. צעבראָכענע, כמעט אין פאַרצווייפלונג האָבן מיר אויסגעקוקט אויף דעם מאָמענט, ווען דאָס אומשולדיק־פאַרגאָסענע בלוט וועט פאַלן אויף די קעפּ פון די הענקער. מיר האָבן געקעמפט מיט אלע אונדזערע כוחות אַראָפּ־צוּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון די רוצחים. מיר זענען אָבער געוואָרן די קרבנות פון צאַרס משרתים. און דער צאָרן איז אָנגעוואָקסן און עס איז אויסגעבראָכן דער שטורעם. און ס'איז געפאַלן דער טראָן, וואָס איז באַפלעקט מיט בלוט.

מיר האָבן זוכה געווען און דערוואַרט זיך אויף דער גליקלעכער צייט ווען מיר, די אונטערדריקטע פון די אונטערדריקטע, קאָנען אָפּאָטעמען מיט דער פולער ברוסט און מיט שטאָלץ זעען מיר זיך ווי בירגער מיט גלייכע רעכט.

אָבער אין די דאָזיקע גליקלעכע טעג פון זיג פון דער רעוואָלוציע און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, דאַרפן מיר, די פאַרשטייער פון דעם פאָלק, וואָס איז געוואָרן ביז איצט באַשפּיגן און באשמוצט, געדענקען, אז אין דער צייט, וואָס עס זענען אָפּגעשאַפן געוואָרן די באַגרענעצונגען, וועלכע האָבן געטראָפן אונדזער נאַציאָנאלן שטאָלץ, איז נאָך דאָס פאָלק נישט באַפרייט געוואָרן. מיר דאַרפן געדענקען: די באַפרייאונג פון פאָלק, באַטייט נישט נאָר צעשטערן דאָס אלטע, נאָר אויך שאַפן דאָס נייע, ד. ה. אָנערקענען די רעכט פון פאָלק צו פרייער אַנטוויקלונג און זיינע רעכט אליין צו באַשטימען וועגן זיינע לעבנס־פראַגן — דאָס סוּווערענע רעכט צו באשטימען זיינע עקאָנאָמיש־נאַציאָנאלע ענינים.

און אויך די פרייע אנטוויקלונג פון אלע שעפערישע כוחות פון יידישן פּראָלעטאַריאַט וועט ערשט דאַן קומען, ווען עס וועט פאַרענדיקט ווערן דער

היסטאָרישער פּראָצעס פון דער קאָנצענטרירונג פון דער יידישער אימיגראַציע אין ארץ־ישראל; אויב מיר זעען די פאַרווירקלעכונג פון אונדזער וויזיע אין דער ווייטער צוקונפט און דער מאָרגנשיין פון אונדזער לעבן איז נאָך נישט אויפ־געגאַנגען — איז אָבער אויפן וועג פון דער פאַרווירקלעכונג פון אידעאַל, אויפן וועג פון פולשטענדיקער באַפרייונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, שוין נאָענט געוואָרן דער מאָמענט פון פרימאָרגן־אויפשיין, ווען די רוסישע גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג וועט בנוגע אלע פעלקער פון רוסלאנד אָננעמען דעם פּרינציפּ פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, אַז יעדעס פאָלק האָט רעכט אויף זיין פּאָליטישער און קולטורעלער זעלבסטבאַשטימונג; ווען די גרינדונגס־פאַרזאמלונג וועט אויך צו אונדז זאָגן: „זאָל אייער נאַציאָנאַלער פארלאַנג באַשטימען דעם גורל פון אייער נאַציאָנאַל לעבן; איר זענט פריי אַלס בירגער, אַלס אַ פאָלק, אַרבעט פאַר אייער טובה וועגן און פארן וויל פון אייערע פריינדלעכע שכנים אין דער גרויסער אַלרוסלענדישער פעדעראַטיווער רעפּובליק".

שוין דעם 7־טן מערץ האָבן מיר צונויפגערופן די ערשטע עפנטלעכע פאַרזאמלונג אין פסיכאָנעווראָלאָגישן אינסטיטוט. אויסער מיר, זענען אויף דער פאַרזאַמלונג אַרויסגעטראָטן זעליק ברייטער, צבי פרידלאַנד און פּעטיאַ שיינאָוו. אויף דער פאַרזאמלונג איז געווען אַ גרויסער עולם. אויב ביז דער רעוואָלוציע זענען מיר געווען אַ קליינער סטודענטישער קרייז, ביי אַ צוואָנציק מאַן, האָבן זיך איצט פאַרייניקט צו אונדז נאָך עטלעכע צענדליק סטודענטן און פיל מענטשן פון מיטעלן שטאַנד. צווישן זיי איז געווען אריה הלוי הורוויטש, וואָס אין ארץ־ישראל איז ער געווען דער אָפיציעלער ליקווידאַטאָר פון מרכז ציוני רוסיה און אַ גימנאַ־זיע־שילער זאַקס, וואָס זיינער אַן אַרטיקל איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „כראָניקאַ". קיין פאקטישע ארבעטער זענען צווישן אונדז נישט געווען, ווייל אין פּעטראָגראַד זענען כמעט נישט געווען קיין יידישע ארבעטער. איין ייד, נעסלראָט, האָט זיך ביי אונדז גערעכנט פאַר אַן אַרבעטער, ווייל ער איז געווען אַ זייגער־מאכער און א באַלעבאָס פון אַ זייגער־געשעפט. ערשט אין 1918־טן יאָר האָבן מיר זוכה געווען צו זען צווישן אונדז אַ פאַקטישן ארבעטער, פון פּוטילאָווער זאַוואָד. ער האָט געהייסן יאַנקל און מיר האָבן אים גערופן „יאַנקל די מאַסע".

דעם דריטן מערץ האָט אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט אַרויסגעלאָזט אין מאָסקווע אַ צייטונג אויף יידיש א. נ. „דער סאָציאַל־דעמאָקראַט". אין דער צייטונג זענען אַרויסגערוקט געוואָרן פאָלגנדיקע פאָדערונגען: א. צונויפרופן איינ־גיכן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויפן יסוד פון אלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַלן. ב. פּראָקלאַמירן א דעמאָקראַטישע רעפּובליק. ג. נאַציאָנאַל־פּאָלי־טישע אויטאָנאָמיע פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. ד. צונויפרופן אַן אַלרוס־לענדישע יידישע קאָנפערענץ. ה. שאַפן אַ פעדעראַציע פון אלע סאָציאַליסטישע

פּאַרטייען אין רוסלאַנד. ו. אָננעמען דעם פּרינציפּ פון פרייער נאַציאָנאַל־פּאָלי־טישער זעלבסטבאַשטימונג פאַר אַלע פעלקער, און באַזונדערס אָנערקענען דאָס רעכט פון די יידישע מאַסן צו פרייער עמיגראַציע און באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל.

אין דער ערשטער צייטונג זענען געווען געדרוקט פאָלגנדיקע ארטיקלען:

1. צום פּאָליטישן מאָמענט. 2. אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. 3 נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע. 4. דער יידישער קאָנגרעס אין רוסלאַנד. 5. שאַפונג פון אַ פעדעראציע פון אלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. 6. באַנייאונג פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַל אויפן יסוד פון נאַציאָנאלע סעקציעס. 7. די יסודות פון אינטער־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

אונדזער קאָמיטעט האָט אויך אָנגעהויבן אַרויסלאָזן אַ ביולעטין פון פּעט־ראָגראַדער קאָמיטעט פון י.ס.ד.א.פּ. (פּועלי־ציון). דעם 11־טן מערץ איז דערשי־נען דער ערשטער נומער. אויסער מיר, האָבן זיך אין אים באַטייליקט זעליק ברייי־טער, מענדעליעוו און יהושע פרידמאַן, אָבער דעם רוב מאטעריאל האָב איך אַליין געמוזט אויספילן. איך האָב אויך געמוזט רעדאַגירן אַלע קאָרעספּאָנדענצן און אַרטיקלען. איך האָב נישט געהאַט קיין דערפאַרונג אין צייטונגס־אַרבעט און ס'איז מיר פון אָנהייב געגאַנגען גאַנץ שווער, אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך צוגעוווינט.

פון די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע איז דערגרייכט געוואָרן אַ הסכם צווישן אַרבעטער־ראַט (סאָוויעט) און דעם פאַרבאַנד פון די אינדוסטריעלער וועגן אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, וועגן שאַפן פאַבריקס־ראַטן און פאַריטעט־קאָמי־סיעס צו רעגולירן קעגנזייטיקע טענות.

דעם 4־טן מערץ האָט דער ראַט זיך געווענדט צו די פעלקער, אַז זיי זאָלן אַרויסטרעטן קעגן זייערע רעגירונגען, וואָס ווילן ווייטער פירן די מלחמה און אַז זיי זאָלן צוזאַמען קעמפן פאַר איינשטעלן אַ שלום. אין דער ווענדונג איז געזאָגט געוואָרן: „מיט דער זיכערקייט פון איר רעוואָלוציאָנערן כוח, דערקלערט די אַלרוסלענדישע דעמאָקראַטיע, אַז זי וועט זיך מיט אַלע כוחות אַנטקעגנשטעלן דער פּאָליטיק פון אַנעקסיעס פון די הערשנדיקע קלאַסן און זי לאַדט איין אַלע פעלקער פון אייראָפּע צו מאַכן צוזאַמען מיט איר ענערגישע אָנשטרענגונגען איינצושטעלן דעם שלום". „אַ שלום אָן אַנעקסיעס און אָן קאָנטריבוציעס!" — איז געוואָרן די לאָזונג פון גאַנצן לינקן פליגל פון ראַט. דער ראַט האָט געפאָדערט פון דער צייטווייליקער רעגירונג, זי זאָל איבערגעבן איר ווענדונג צו אַלע פעלקער אויף דער וועלט, באַזונדערס צו די רעגירונגען פון דער אַנטאַנט. די פאָדערונג האָט אַוועקגעשטעלט אין אַ שווערער לאַגע די צייטווייליקע רעגירונג, וואָס איז אין איר רוב באַשטאַנען פון קאַדעטן און אָקטיאַבריסטן. זיי האָבן דווקא ווייטער געוואָלט פירן די מלחמה.

דעם 8־טן מערץ האָט די ציטווייליקע רעגירונג אָפּגעשאַפן די טויט־שטראָף. דער דעקרעט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 22־טן מערץ און שוין אין אָונט האָבן זיך אין די גאַסן באַוויזן שוואַרצע אויטאָס פון די קאָנטעררעוואָלוציאָנערן. זיי זענען געוואָרן חוצפהדיק צוליבן אָפּשאַפן די טויט־שטראָף. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט זענען זיי געפאָרן און געשאָסן אויף אַלע זייטן. נישט ווייניק קרבנות זענען געפאַלן צווישן די דורכגייער. דער 23־טער מערץ איז געווען דער גרויסער טאָג פון דער רעוואָלוציע. אין דעם טאָג איז פאָרגעקומען די לוויה פון די געפאַלענע אין דער רעוואָלוציע. זיי זענען אַלע געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן מאַרס־פעלד, נעבן זומער־גאָרטן. די גאַנצע פעטראָגראַדער באַפעלקערונג, מיט דער בורזשואזיע איינשליסלעך, האָט זיך באַטייליקט אין דער לוויה. הונדערטער טויזנטער זענען געגאַנגען איבער די גאַסן מיט רויטע פענער. צו אונדזער גרופּע האָבן זיך פאַראייניקט הונדערטער מענטשן.

דעם 28־טן מערץ האָט סוף כל סוף די ציטווייליקע רעגירונג אַרויסגעלאָזט אַ דעקלאַראַציע וועגן די צילן פון דער מלחמה, אין גייסט פון די פאָדערונגען פון ראָט. „די ערשטע און לעבנסוויכטיקע אויפגאַבע פון אונדזערע זעלנער, וואָס פאַרטיידיקן די פרייהייט פון פאָלק, איז באַשיצן אונדזער אייגנס און באַפרייען די מלוכה פון שונא, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין אונדזערע גרענעצן. די ציטווייליקע רעגירונג האלט פאר איר חוב צו דערקלערן, אז דער ציל פון באפרייטן רוסלאנד איז נישט צו באהערשן אַנדערע פעלקער, צונעמען זייער נאַציאָנאַל פארמעגן, דעראָבערן מיט כוח פרעמדע טעריטאָריעס, נאָר צו דערגרייכן אַ דויערהאַפטיקן שלום אויפן יסוד פון זעלבסטבאַשטימונג פון די פעלקער".

אויפן ערשטן בליק האָט די ציטווייליקע רעגירונג ווי מסכים געווען אויף די פּרינציפּן, וואָס ס'האָט אַרויסגערוקט דער אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראָט דעם 14־טן מערץ, אין דער אמתן איז זי אָבער נישט געווען פאר די פּרינציפּן.

סוף מערץ האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן די יידן מיט דער שטרעבונג צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון אַלע יידן פון רוסלאַנד. אויף דער איניציאַטיוו פון דער געזעלשאַפט „יעקאָפּ"אָ" („יעווריעיסקי קאָמיטעט פּאָמאָשצי" — דער יידישער הילפס־קאָמיטעט), איז צונויפגערופן געוואָרן אַ באַראַטונג פון אַלע יידישע פאַרטייען און געזעלשאַפטן וועגן צונויפרופן אַ יידישע אַלרוסלענדישע קאָנפערענץ. אויף דער באראטונג האָבן פון אונדזערע חברים אָנטיילגענומען: מענדעליעוו, שיינאָוו און איך. דער וויכוח וועגן סדר־היום פון דער קאָנפערענץ איז געווען בעיקר מיט די פאָרשטייער פון „בונד", בנוגע אַוועקשטעלן

אויפֿן סדר־היום אַ פּונקט וועגן מצב און רעכט פֿון די יידן אין אַנדערע לענדער. דער „בונד״, וועלכער האָט נישט אָנערקענט דעם פּרינציפּ פֿון אַלוועלטלעכקייט פֿון יידישן פֿאָלק, האָט זיך שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט דעם פּונקט. נאָך לאַנגע פֿאַרהאַנדלונגען איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פֿון איין פֿאָרשטייער פֿון יעדער פּאַרטיי און דריי אומפּאַרטייאישע. איך בין אריין אין דער קאָמיסיע אין נאָמען פֿון פּועלי־ציון.

אין די טעג פֿון 4—5 אַפּריל, איז אין מאָסקווע פֿאָרגעקומען אַ פֿאָרבאַראַטונג פֿאַר דער פּאַרטיי־קאָנפֿערענץ. דער סדר־היום פֿון דער פֿאָרבאַראַטונג איז שוין פֿריער באַשטימט געוואָרן און איז באַשטאַנען פֿון פֿאָלגנדיקע פּונקטן: א. דער פּאָליטישער מאָמענט. ב. אונדזערע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען. ג. דער יידישער רוסלענדישער קאָנגרעס. ד. ארץ־ישראל און אונדזער פּראָגראַם. ה. די פּראָפֿעסיאָנעלע באַוועגונג. ו. אונדזער טאַקטיק: 1. אונדזער באַציִונג צו די רוסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, 2. אונדזער באַציִונג צו די יידישע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, 3. די ציוניסטישע פּאַרטיי און דער קאָנגרעס; ז. אָרגאַני־זאַציאָנעלע פֿראַגן; ח. וואַלן.

אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט 43 דעלעגאַטן פֿון 30 שטעט מיט שטים־רעכט און 24 מיט באַראַטונגס־רעכט (צווישן זיי 5 מיטגלידער פֿון צענטראַל־קאָמיטעט).

די באַראַטונג האָט געעפֿנט רעוווצקי, אין נאָמען פֿון ס.ס. האָט באַגריסט שאַך־אַנין, און אין נאָמען פֿון י.ס. (סיימיסטן) — נאָוואַקאָווסקי. ביידע האָבן אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וועלן זיך בקרוב פֿאַראייניקן. אין פּרעזידיום זענען אויסגעוויילט געוואָרן: איך — אַלס פּאָרזיצער, אריה בערלינראָוט (אַרסקי) און פֿעליקס מענטשיקאָווסקי (אדים). אויף דער קאָנפֿערענץ איז געקומען דער חבר חיים איינשטיין (ירמיהו) אלס גאַסט. איך האָב שוין וועגן אים דערציילט, ווי ער האָט זיך באַרויקט, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס געזעץ פֿון פּאַרעלטערטקייט איז חל אויך אויף זיין „פֿאַרברעכן״ (אָנטייל אין אַן עקספּראָפּריאַציע). אָנהייב 1916 איז ער פּסיכיש קראַנק געוואָרן. ער האָט געליטן פֿון א פֿאַרפֿאָלגונגס־מאַניע און אַרי־בערגעפֿירט געוואָרן אין א שפּיטאָל. ערב דער רעוואָלוציע איז ער געזונט געוואָרן און שפּעטער ווידער צוגעטראָטן צו אונדזער פּאַרטיי.

שוין דעמאָלט, אויף דער באַראַטונג אין מאָסקווע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער פּאַרטיי זענען פֿאַראַן דריי ריכטונגען: אַ גרויסער טייל פֿון די חברים בראש מיט אַבראַמאָוויטשן זענען געווען גענייגט צו די באָלשעוויקעס, און אַ

קליינע מינדערהייט — צו די מענשעוויקעס. צום צענטער האָבן געהערט אַלע חברים פון צענטראַל־קאָמיטעט. אונדזערע „באָלשעוויקעס" און „מענשעוויקעס" זענען אָבער צווישן זיך געווען אַ סך נענטער, ווי אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

בנוגע דער מלחמה האָט די באַראַטונג אָנגענומען אַ שטעלונג אין גייסט פון באַשלוס פון יאָר 1916. זי האָט געפּאָדערט איבערצוגייסן די מלחמה אָן אַנעקסיעס און אָן קאָנטריבוציעס, אין הסכם מיט די צימערוואַלדער און קינטאַלער באַשלוסן. אין דער פראַגע פון דער פאַרייניקונג פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז אָנגעגאַנגען אַ הייסער וויכוח, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 30 חברים. און אַלע, אויסער איינער אָדער צוויי, האָבן אַנטשלאָסן אָפּגעוואָרפן די פּאָרשלאָגן פון ס.ס. און י. ס. צו פאַרייניקן זיך מיט זיי מיטן באַדינג אָפּצוזאָגן זיך פון ארץ־ישראל־געדאַנק. איך געדענק דעם ענערגישן און עקסטרעמען אַרויסטריט פון לאָזער סטאָליער, א חבר פון וואַרשע, וואָס האָט דאַן געוווינט אין האָמעל. ער איז אויך געווען אַ געוויסע צייט אין ארץ־ישראל. ער איז געהרגעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן (אין אויפשטאַנד אין לאַגער פּאָניאַטאָוו, פּוילן).

אויף דער באַראַטונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייער צייטווייליקער קאָמיטעט און איך בין אין אים אַריין. ס'איז באַשלאָסן געוואָרען צו פאַרוואַנדלען די צייטונג פון פּעטראָגראַדער קאָמיטעט פון פּועלי־ציון אין אַ צייטונג פון צענטראַל־קאָמיטעט. פון 7־טן נומער אָן, איז די צייטונג דערשינען אונטערן נאָמען „יידישע אַרבעטער־כראָניק". די באַראַטונג האָט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון „פרייער אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל" און האָט אויך באַשלאָסן צו ווענדן זיך צום פאַרבאַנדס־ביוראָ מיט אַ פאָרשלאָג צונויפצורופן אַ וועלט־קאָנפערענץ, כדי אָנצוצייכענען די אויפגאַבן פון דער באַוועגונג לגבי ארץ־ישראל.

ס'איז אויך געווען אַ פאָרשלאָג אַרויסצולאָזן אַ טאָג־צייטונג אין יידיש. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ וויכוח נאָר וועגן איין פּרט: „מיט אַ קעפּל אָדער אָן אַ קעפּל". מיט אַ קאָפּ, וואָס גיט אָן, אַז ס'איז אַ פּאַרטיי־צייטונג, אָדער נישט אָנגעבן וועגן דעם, אַז זי ווערט אַרויסגעגעבן פון דער פּאַרטיי. רעוווצקי האָט מיט ברען פאַרטיידיקט דעם געדאַנק, אַז אָפיציעל זאָל די צייטונג נישט זיין קיין פּאַרטייאישע, ווייל, לויט אים, זענען פאַראַן ברייטע מאַסן, וואָס זענען גענייגט אויף לינקס, און דער נאָמען פון דער פּאַרטיי קאָן זיי אָפּשטויסן אי פון דער צייטונג, אי פון דער פּאַרטיי. מיר האָבן אין דער מערהייט געהאַט אָן אנדער מיינונג, אַז דווקא אַ פּאַרטייאישע צייטונג, אַ פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע, וועט גיכער צוציען די מאַסן, איידער עפּעס א צייטונג מיט אַ סתם לינקן נישט קיין

קלאָרן חותם. מיר האָבן בעיקר געגומען אין באַטראַכט די ציוניסטישע שטימונ־גען, וואָס האָבן זיך דאַן זייער פאַרשפּרייט איבער אַלע שטעט פון רוסלאַנד.

מען דאַרף זאָגן, אַז די באַראַטונג האָט אויף אונדז, די מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. לויט די אָנגעגעבענע ציפערן, זענען אויף איר געווען רעפּרעזענטירט טויזנטער מיטגלידער פון פיל שטעט און מיר האָבן זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז די פּאַרטיי איז אַזוי אויסגעוואַקסן אין משך פון אַזאַ קורצער צייט. אויף דער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט איז באַ־שטימט געוואָרן, אַז דער סעקרעטאַריאַט וועט בלייבן אין מאָסקווע און אין פּעט־ראָגראַד וועט בלייבן די פּאָליטישע פאָרשטייערשאַפט און די רעדאַקציע פון דער צייטונג פון צענטראַל־קאָמיטעט. די גאַנצע רעדאַקציע איז אייגנטלעך געווען — באַרו און איך. באַרו האָט זיך ווייניק וואָס אָפּגעגעבן מיט דער צייטונג, איז די גאַנצע לאַסט אויסגעפאַלן אויף מיר. עס זענען נישט געווען קיין שטענדיקע מיטאַרבעטער אין דער צייטונג און איך האָב געמוזט לעבן פון האַנט צו מויל און בעטן זיך ביי דעם אָדער ביי יענעם חבר אָנשרייבן אַן אַרטיקל. ווען איך פלעג באַקומען אַן אַרטיקל פון א חבר אויסער פּעטראָגראַד איז דאָס פאַר מיר געווען אַ יום־טוב. צוערשט האָט מיר אַרויסגעהאָלפן יהושע פרידמאַן, מיט פּעליעטאָנען, דערנאָך האָט מיר אַרויסגעהאָלפן אַ חבר, אַ סטודענט, וואָס האָט געאַרבעט אין דער קהילה — גאָרדאָן, ער איז געווען באַקאַנט מיט די פינאַנסיע־לע ענינים פון דער קהילה און האָט אויף דער טעמע אַרויסגעגעבן אַ בוך. אַמ־מייסטן האָב איך געדאַרפט אַליין אויספילן די צייטונג. איך האָב זיך באַנוצט מיט די אַלע פּסעוודאָנימען: ניר, שאַווסקי, תרי עשר. באַריכטן פון פאַרזאַמלונ־גען האָב איך געדרוקט אָן אן אונטערשריפט, אַזוי אויך פאַרשידענע קאָרעספּאָנ־דענצן. דעריבער איז נישט קיין ווונדער, וואָס אויף דער דריטער קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי, אין אויגוסט 1917, האָבן די חברים געטענהט, אַז די צייטונג איז אייגנטלעך מער נישט ווי „מעמואַרן פון חבר ניר". ווען איך האָב פאַרלאָזט דעם ראַטנפאַרבאַנד סוף 1918 יאָר, האָב איך אַלע נומערן צונויפגענומען אין צוויי קאָמפּלעטן. איין זאַמלונג האָב איך איבערגעגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט און די צווייטע האָב איך מיטגענומען מיט זיך. איך מיין, אַז דאָס איז די איינציקע זאַמלונג אויף דער וועלט, וואָס האָט זיך ביז איצט אויפגעהיט. פון איר שעפּן מיינע חברים און איך מאַטעריאַל, נישט נאָר פאַר זכרונות, נאָר אויך כדי צו שרייבן די געשיכטע פון דער באַוועגונג. סאָבינע האָט מיר נישט ווייניק געהאָלפן ביים אַרויסגעבן די צייטונג. די גאַנצע טעכנישע אַרבעט האָט זי געטאָן.

אין אַפּריל זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות וועגן רדיפות פון דער טערקישער אַדמיניסטראַציע אויף יידן אין יפו, און וועגן גירוש פון די יידן דורך דזשאַמאַל פּאַשאַ, דעם קאַימקאַם פון יפו. דאָס האָט אויף אונדז געמאַכט אַ שווערן

איינדרוק. אין מיין ארטיקל וועגן דער פראגע, וואָס איך האָב פאַרעפנטלעכט אין אונדזער צייטונג פון 7־טן מאַי 1917, האָב איך געשריבן:

„טאָג־טעגלעך קומען אָן טעלעגראַמעס וועגן אויסערגעוויינלעכער אכזריות, וואָס ווערט אָפּגעטאָן פון די טערקן קעגן דער אומבאַשיצטער יידישער באַפעל־קערונג אין ארץ־ישראל. ארץ־ישראל, דאָס לאַנד פון אונדזער צוקונפט, איז דאָס לאַנד, מיט וועלכן עס זענען פאַרבונדן אַלע אונדזערע האָפענונגען. מיט דעם לאַנד איז פאַרבונדן אונדזער טרוים, און צו אים איז געווענדט די אויפמערק־זאַמקייט פון אַלע יידישע באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַריער, וואָס מאַרשירן מיט זיכערקייט אויפן שליאַך פון קלאַסן־קאַמף אין זייער געראַנגל פאַר א בעסערן גורל. אין ארץ־ישראל ווערט פאַרגאָסן דאָס בלוט פון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער, וועלכע שמידן אויס דאָס גליק פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע עס פּייניקן און הענגען די טערקישע באשיבוזוקן, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם צלם אלוהים אין זייער צאָרן צוליב זייער מיליטערישער מפּלה.

אויף אונדזער לאַנגן היסטאָרישן וועג האָבן מיר איבערגעלעבט אַ סך פּיין, אָבער נישט דער אונטערגאַנג פון אונדזער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, נישט וועספּאַסיאַן און טיטוס, וואָס האָבן געוואַלט מיט בלוט און פייער אויס־מאָרדן די שטאָלצע יהודה, נישט די מיטלאַלטערלעכע גירושים און נישט די פּיינען פון דער אינקוויזיציע, נישט דאָס בלוט און די טרערן, וואָס זענען פאַרגאָסן געוואָרן אין די שטעט און דערפער פון דער רוסישער אימפּעריע, וואָס האָט זיך געפונען אין משך פון דורות אונטער דער הערשאַפט פון הענקער און בלוט־זייגער, און אויך נישט די ליידן אָן אַ גרענעץ פון די יידישע פּליטים אין משך פון די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה — דאָס אַלץ האָט נישט געקאָנט צעברעכן דעם באַוווסטזיין פון אונדזער נאַציאָנאַלן כבוד. און ווען אין די לעצטע צענד־ליקער יאָרן האָט זיך באַוויזן אויף דער היסטאָרישער אַרענע דער אַוואַנגאַרד־קלאַס פון יידישן פאָלק — דער יידישער פּראָלעטאַריאַט — האָט ער גלייכצייטיק מיטן קאַמף קעגן זיינע אייגענע עקספּלאָאַטאַטאָרן, שטאָלץ אויפגעהויבן די פאָן פון נאַציאָנאַלן קאַמף קעגן די פאַרפאָלגער און אונטערדריקער פון יידישן פאָלק. אין אַלע דורות, נישט געקוקט אויף די ליידן, האָט דאָס יידישע פאָלק און זיין פּראָלעטאַריאַט געפלעגט זיין צוקונפט־טרוים וועגן א פרייער סאָציאַליסטישער וועלט אין ארץ־ישראל. אָבער דער שוידערלעכער גורל, האָט איצט אויף אונדז געבראַכט די גרעסטע פּלאָג, ווייל זי איז געצילט אין אונדזער צוקונפט, אין לאַנד פון אונדזער טרוים. די טערקישע אימפּעריאַליסטן, די הערן פון כלומרשטן „איינקייט און פּראָגרעס", האָבן זיך געכאַפּט צום אַלטן מיטל פון אַבדול־חמיד אויף צו לייזן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען: דורכפירן אַ הריגה איבער אַן אומ־באַשיצט פאָלק, מיט איין קלאַפּ ווילן זיי צעשטערן דאָס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן

אין משך פון צענדליקער יאָרן דורך דער יידישער איינוואַנדערונג, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז קאָנצענטרירט, אויף אַ סטיכישן אופן, אין ארץ־ישראל; די שפּראָצונגען פון יונגן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס מאַכט דורך זיין ווידערגעבורט אין ארץ־ישראל, ווילן די טערקישע הערשנדיקע קלאַסן עוקר מן השורש זיין מיט די שפּיזן פון אומבאַוווסטזיניקע קורדן.

אונדזערע ברידער ווענדן זיך צו אונדז און צו די פּראָלעטאַריער פון דער גאַנצער וועלט נאָך הילף. זאָל זייער געשריי נישט זיין אַ קול קורא במדבר. מיר דאַרפן ווידער אָן אויפהער אויסרופן פאַר דער גאַנצער וועלט: נידער מיט דער ברודער־מלחמה! גענוג וואָס מיר דאַרפן פאַרגיסן אונדזער בלוט אין קאַמף צו ליקווידירן די הערשאַפט פון וועלט־קאַפּיטאַל. זאָל נאָר אויסרופן דער פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט, ווי דאָס האָט געטאָן דער אלרוסלענדישער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, אז ער איז נישט פאַראינטערעסירט צו אונטערדריקן אַ צווייטן, צו דעראָבערן פרעמדע מערק — און עס וועט אויפגעהויבן ווערן אין דער גאנצער וועלט דער רוף פון וועלט־פּראָלעטאַריאַט: זאָל לעבן די ברידערלעכקייט פון די פעלקער!״.

דעם 18־טן אפּריל האָט דער אויסלאַנד־מיניסטער מיליוקאָוו באַפוילן די דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער, אַקרעדיטירטע אין אויסלאַנד, איבערצוגעבן די רעגירונגען די דעקלאַראַציע פון 28־טן מערץ, אָבער אין די באַגלייט־בריוו האָט ער מבטל געמאַכט דעם זין פון דער דעקלאַראַציע און ווידער אויסגעדריקט די גרייטקייט צו פירן די מלחמה ביזן נצחון און געפאָדערט סאַנקציעס. „מען דאַרף נישט מאַכן קיין אויספיר פון די דעקלאַראַציעס פון דער צייטווייליקער רעגירונג, אַז די רעוואָלוציע האָט אָפּגעשוואַכט רוסלאַנדס פאַראינטערעסירונג מיט דער אַלגעמיינער מלחמה פון אירע פאַרבינדעטע. פאַרקערט, די שטרעבונג פון גאַנצן פאָלק צו דערפירן די מלחמה צו אַ פולשטענדיקן נצחון, איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, אַדאַנק דעם באַוווסטזיין פון אַלגעמיינער פאַראַנטוואָרטלעכקייט... די פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטיע וועט געפונען דעם וועג צו דערגרייכן די גאַראַנטיעס און סאַנקציעס, וואָס זענען נייטיק אויסצומיידן אויף להבא א נייעם בלוטיקן אַרויסטריט״.

ווען דער אינהאַלט פון בריוו איז באַוווסט געוואָרן דער באַפעלקערונג האָט ער אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַרביטערונג צווישן די פּעטראָגראַדער ארבעטער און אין דעם טאָג איז פאָרגעקומען א ספּאָנטאַן־ריזיקע דעמאָנסטראַציע פון הונדערטער טויזנטער מענטשן. מיר האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע אונטער אונדזער פאָן. מיט אונדז זענען געגאַנגען קרוב טויזנט מענטשן. די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי איז ארויס מיט די לאָזונגען: „נידער מיט דער

ציטווייליקער רעגירונג!" „אַ שאַנדע דער ציטווייליקער רעגירונג!". די לאָזונ־גען האָבן געהאַט אַן אָפּקלאַנג צווישן אַ סך פון די דעמאָנסטראַנטן.

ווען די רעגירונג האָט דערזען, אַז זי שפּילט זיך מיט פייער און אַז זי וועט שוין מער נישט קאָנען אָפּנאַרן די פאָלקס־מאסן, האָט זי דעם 20־טן אַפּריל פאַרעפנטלעכט א נייע דעקלאַראַציע, אז זי איז מכלומרשט פאר אַ שנעלן פאַר־ענדיקן די מלחמה וכדומה. די דעקלאראציע איז אויך פונאַנדערגעשיקט געוואָרן צו אלע רעגירונגען.

דערווייל איז אויפגעשווומען די פראגע וועגן אַנטייל פון פאָרשטייער פון ארבעטער־ראָט אין דער רעגירונג, כדי זי צו צווינגען פאַרענדיקן די מלחמה. אַזוי האָבן אויך געהאלטן די פאָרשטייער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווי צערעטעלי און טשעכידזע, די באָלשעוויקעס האָבן אָבער געפאָדערט איבערצו־געבן די גאַנצע מאַכט די „סאָוויעטן" (אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן), ווייל נאָר די אַרבעטער קאָנען פאַרזיכערן די פאַרענדיקונג פון דער מלחמה. ס'איז צוגעקומען נאָך אַ שווערער ענין — די אגראר־פראגע. די קאָמיסיע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך דער ציטווייליקער רעגירונג אויף צו פארנעמען זיך מיט דעם ענין, האָט גאָרנישט אויפגעטאָן, ווייל מען האָט נישט געקאָנט קומען צו קיין אויסגלייך צווישן דער פאָדערונג פון לינקס צו צעטיילן די ערד און דער איינגע־שפּאַרטקייט פון דער פעאָדאלער בורזשואזיע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום חשק אָפּצוזאָגן זיך פון איר ערד־אייגנטום. די צווי פראַגן, מלחמה און ערד, זענען געוואָרן די אָקס, אַרום וועלכער עס האָבן זיך אַנטוויקלט די געשעענישן פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אין יענער צייט האָט זיך פאַרשטאַרקט די אגיטאַציע פון די באָלשעווי־קעס. אין אַלע זייערע ארויסטריטן האָבן זיי אַגיטירט צו מאַכן א סוף מיט דער מלחמה. אין דער דאָזיקער פראַגע האָבן זיי אויך געהאט אונדזער אונטערשטי־צונג. סוף מערץ איז לענין געקומען קיין פעטראָגראַד און געוואָרפן די לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן פון ארבעטער און סאָלדאַטן". ער איז דער ערשטער אַרויס מיטן געדאַנק וועגן אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. אויף דער קאָנפערענץ פון די באָלשעוויקעס, אָנהייב אַפּריל, האָט לענין פאָרגעלייגט צו פארבייטן דעם נאָמען „די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי" מיטן נאָמען „די אַלרוסלענדישע קאָמוניסטישע פאַרטיי". פאַר דעם פאָרשלאָג האָבן געשטימט נאָר לענין און קאָלאָנטיי. דער קשעשינסקי־פּאַלאַץ אויפן קאמיעננא־אָסטראָווסקי פּראָספּעקט איז געוואָרן דער באָלשעוויסטישער צענטער און כמעט יעדן טאָג זענען דאָרט פאָרגעקומען מיטינגען, אויף וועלכע לענין איז אַרויסגעטראָטן.

ס'האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַן אומגעצוימטע אַטאַקע קעגן די „לענינצעס" אויף פארזאַמלונגען און אין די גאסן. די בורזשואזיע האָט אויסגענוצט דעם פאקט,

וואָס לעניך מיט זיינע חברים זענען געקומען פון דער שווייץ דורך דייטשלאַנד אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס, אין דער באַגלייטונג פון דער דייטשישער מאַכט. דאָס האָט זיך געלאָזט אויסטייטשן, אַז ווילהעלם האָט זיי געשיקט, אַז זיי זענען זיינע אַגענטן. אמת, ווילהעלם איז געווען פאַראינטערעסירט אין דער פאַרשטאַרקונג פון דער באָלשעוויסטישער אגיטאַציע קעגן דער מלחמה, ווייל דייטשלאנד האָט זיך געפונען אין א גענוג שווערער לאגע. לעניך האָט אָבער געוווּסט, אַז עס איז וויכטיק „ווער עס לאַכט דער לעצטער". די מאַסן אויף די גאַסן פון שטאָט זענען טאַקע באַווירקט געוואָרן פון דעם מאָטיוו, וואָס לעניך מיט זיינע חברים האָבן זיך אומגעקערט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס. עס זענען פאָרגעקומען פיל פאַר־זאמלונגען און דיסקוסיעס, אין וועלכע מען האָט אָנגעגריפן און באַשולדיקט די לענינצעס אין פאַראַט. און נישט בלויז די בורזשואזיע, נאָר אויך די ס.ר.׳ן און ס.ד. זענען אַרויסגעטראָטן קעגן די לענינצעס. מיר, די פּועלי־ציון, האָבן די לענינצעס פאַרטיידיקט און צוזאַמען מיט זיי געקעמפט פאַר מאכן א סוף צו דער מלחמה. דערפאַר האָט מען אונדז אויך אָנגעהויבן פארפאָלגן אַלס „באָלשעוויקעס."

דעם ערשטן מאַי האָט פּעטראָגראַד דאָס מאָל געפייערט פריי. הגם דער קאַמף צווישן דער בורזשואזיע און די ארבעטער איז שוין אַרויס אויף דער אויבערפלאַך, איז די פייערונג אַדורך זייער אימפּאָזאנט. אלס צענטראַל אָרט פון דער פייערונג איז באַשטימט געוואָרן דאָס מארס־פעלד נעבן זומער־גאָרטן, ווו עס זענען געבראכט געוואָרן צו קבורה די העלדן פון דער רעוואָלוציע. אין די פרייע פרימאָרגן־שעהן האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די פאָלקס־מאַסן מיט רויטע פענער און טראַנספּאַרענטן. עס זענען געשטאַנען צוגעגרייט צענדליקער טריבונעס און פון יעדער טריבונע זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס. דאָרט ווו קיין טריבונע איז נישט געווען, זענען די רעדנער אַרויסגעטראָטן אויף לאַסט־אויטאָס. אונדזער צוג, וואָס האָט געציילט ביי פינפהונדערט דעמאָנסטראַנטן, איז צוגעקומען צום צענטראַלן זאמלפּונקט ווען אלע טריבונעס זענען שוין געווען פאַרנומען, דערפאַר זענען מיר אויך אויף אונדזער מיטינג אַרויסגעטראָטן אויף אַ לאַסט־אויטאָ, ארום דעם אויטאָ האָבן זיך פאַרזאַמלט מאַסן מענטשן, צווישן זיי אַ סך סאָלדאַטן. פאַר אָט דעם עולם איז אונדז אויסגעקומען צו רעדן וועגן אונדזערע אלגעמיינע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. ווען איך האָב אין מיין רעדע באַרירט די פראַגע פון ארץ־ישראל, האָב איך זיך באַמיט אויפצוכאַפּן דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכן מיינע רייד אויף די רוסישע זעלנער. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי האָבן אויפגענומען מיט התלהבות נישט בלויז אונדזערע סאָציאַלע פאָדע־רונגען און די פאָדערונג צו מאַכן א סוף מיט דער מלחמה, נאָר אויך אונדזערע אויפקלערונגען וועגן דער אויפגאַבע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט בנוגע ארץ־ישראל.

אין יענע טעג האָט די עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־ און סאָלדאָטן־ראַט געדאַרפט באשליסן די פראגע וועגן אָנטייל אין א קאָאליציע־רעגירונג און זי האָט ענדלעך באשלאָסן אריינגיין אין דער צייטווייליקער רעגירונג מיט א תנאי, אז עס וועלן פון איר באַזייטיקט ווערן אלע די, וועלכע האָבן צוגעלייגט א האנט צו דער דעקלאראציע פון 18־טן אפּריל. פון די 12 מיניסטאָרן אין דער רעגירונג זע־נען 6 געווען פון ארבעטער־ראט: קערענסקי — קריגס־ און פלאָט־מיניסטער, פּע־ריווערזעוו (טרודאָוויק) — יוסטיץ־מיניסטער, טשערנאָוו (ס.ר.) — אגראר־מיניס־טער, צערעטעלי (ס.ד.) — מיניסטער פון פּאָסט און טעלעגראף, סקאָבילעוו (ס.ד.) — ארבעטס־מינסיטער, פּעשעכאַנאָוו (פּאָלקס־סאָציאַליסט) — אַפּראָוויזאציע־מיני־סטער, פּרעמיער איז געווען דער פּראָגרעסיווער ג. לוואָוו. ער האָט אויך באַקומען די טעקע פון אינערן־מיניסטער; אויסלאַנד־מיניסטער איז געווען דער קאַדעט טערעשטשענקאָ, בילדונגס־מיניסטער — דער קאַדעט מאַנואילאָוו. ער האָט עס דורכגעפירט די רעוואָלוציאָנערע רעפאָרם אין דער רוסישער אָרטאָגראַפיע. ער האָט אָפּגעשאַפן עטלעכע פּאַראַלעלע אותיות. לכתחילה איז געווען שווער צוצוגע־ווינען זיך צו דער „רעוואָלוציע”, דערפאר האָב איך אויף דער שרייב־מאַשין פאַרקלעפּט מיט פּאַפּיר די אָפּגעשאפענע אותיות און אין משך פון דריי טעג האָב איך זיך פון זיי אָפּגעוויינט.

אין די ערשטע טעג פון חודש יוני איז אין פּעטראָגראַד פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן. עס זענען געקומען 800 דעלעגאַטן, די גרעסטע מערהייט פון זיי איז געווען פון ס.ד. (מענשעוויקעס) און פון ס.ר. און בלויז 250 דעלעגאַטן בערך זענען געווען באָלשעוויקעס. דעמאָלט האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזען זינאָוויעוון, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסן דעמאַגאָג. די לאָזונג פון די באָלשעוויקעס איבערצוגעבן די גאַנצע מאַכט צו די סאָוויעטן האָט אויף דער קאָנפערענץ נישט געפונען קיין סך אָנהענ־גער. די באָלשעוויקעס האָבן געפּרוווט ווירקן אויף די באַשלוסן פון דער קאָנפע־רענץ דורך גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אָבער די דעמאָנסטראַציעס זענען מיט כוח פונאַנדערגעטריבן געוואָרן דורך דער קאָאַליציע־רעגירונג.

ווי געזאָגט, איז דער רוב פון די דעלעגאַטן אויף דער קאָנפערענץ באַשטאַ־נען פון רעכטע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן דערווייל זיך צוריקגעצויגן פון זייער באַשלוס פון 14־טן מערץ אין דער פראַגע פון מאַכן א סוף מיט דער מלחמה. איצט האָבן זיי זיך באַגנוגנט מיט דער פאָדערונג צונויפצורופן אַ קאָנפערענץ פון די פאַרבינדעטע, כדי פונדאָסניי צו באַטראַכטן די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן. די באַדייטונג פון דער קאָנפערענץ איז באַשטאַנען אינעם שאפן א צענטראַלע קערפּערשאַפט פאַר די ארבעטער פון גאַנץ רוסלאַנד, אָבער די פּאָליטיק פון דער קאָנפערענץ איז צונויפגעפאַלן מיט דער פּאָליטיק פון דער

קאָאַליציע־רעגירונג, וואָס האָט שוין דאַן געשאַפן אַ נייע טעאָריע בנוגע דער מלחמה־פראַגע, דהיינו: כדי צו פאַרענדיקן מיט דער מלחמה דאַרף מען אָנגרייפן דעם שונא און דורך דער אָפענסיווע זיך פאַרטיידיקן. אונדזער חבר יהושע פרידמאַן האָט וועגן דער טעאָריע אָפּגעדרוקט אַ פעליעטאָן אין דער „יידישער אַרבעטער־כראָניק" און אָנגערופן די שיטה „פאַרטיידיקונג דורך אָנגריף" אָדער „אָנגריף אַלס פאַרטיידיקונג".

ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט די קאָנפערענץ, האָט די באָלשעוויסטישע פאַרטיי אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אויף די פאַבריקן די רויטע גוואַרדיע און געשטרעבט מיט אַלע וועגן דורכצופירן איר פּלאַן — די מאַכט זאָל איבערגיין צו די סאָוויעטן. אין די טעג פון 3—5 יולי זענען די באָלשעוויקעס אַרויסגעטראָטן מיט באַוואָפנטע דעמאָנסטראַציעס, אָבער אויך די דעמאָנסטראַציעס זענען אונטערדריקט געוואָרן דורך דער ציטווייליקער רעגירונג. די דעמאָנסטראַציעס פון די באָלשעוויקעס האָבן דערפירט צו א קאָנסאָלידאציע פון רעכטן לאגער. מען האָט אָנגעהויבן רודפן און אַרעסטירן באָלשעוויקעס. לענין און זינאָוויעוו האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. טראָצקי איז דאַן געווען אַן אינטערנאַציאָנאַליסט און אַ מיטאַרבעטער פון דער צייטונג „אינטערנאַציאָנאַל". אין סאָוויעט האָט ער פאַרטיידיקט די באָלשעוויקעס. איך געדענק ווי ער האָט מיט באגייסטערונג באַגריסט די קראָנשטאַטער מאַטראָסן — „די פראַכט און שטאָלץ פון דער רעוואָלוציע". ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע רעגירונג, די דריטע לויט דער ריי, מיט קערענסקין בראש.

קערענסקי, אַ טרודאָוויק אין דער פערטער דומע, וואָס האָט עולה לגדולה געווען אַדאַנק זיינע רעדעס אין דער דומע, האָט נישט געהאט קיין אייגענע שיטה און קיין אייגענעם וועג.

אָט דאָס קליינע מענטשל איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פון דער אַלרוסלענדישער רעפּובליק. עס זענען געווען לגבי אים גרויסע באַוואָרענישן, ער איז דאָך געווען דער פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעגירונג, פאַרוואָסזשע האָט ער מסכים געווען מיט דער דעקלאַראַציע פון דער דאָזיקער רעגירונג פון 18־טן אפּריל? קערענסקי איז דאַן געפאָרן צו פּלעכאַנאָוון אין צאַרסקאָיע־סיעלאָ, כדי צו באַראַטן זיך מיט אים. פּלעכאַנאָוו האָט דאַן ארויסגעגעבן די צייטונג „יעדינסטוואָ" (אייניקייט) און איז געווען פאַרעכנט צו די סאַמע רעכטסטע — אַלס אָנהענגער פון פירן די מלחמה ביזן ענדגילטיקן נצחון.

די קאָאַליציע־רעגירונג איז איינטלעך נישט געווען פעיק צו זיין אַן אויספיר־כוח. יעדער פון ביידע פליגלען אין איר האָט געצויגן אין זיין זייט

און דער וואָגן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. קערענסקי איז נישט געווען די אויטאָריטעט, וואָס זאָל קאָנען באַווירקן אַ וואָסער נישט איז צד. די הסכמה פון דער בורזשואַזיע, אַז קערענסקי זאָל שטיין בראש פון דער רעגירונג, איז געווען אַ מין הנחה, וואָס זי האָט געמאַכט דעם לינקן לאַגער. די לינקע דעמאָקראַטיע האָט אָבער נישט געוווסט וואָס צו טאָן, דעריבער איז אַזוי געשען, אַז אָט דאָס מענטשל איז אַרויף אויבן אָן, אָבער אַזוי צופעליק ווי ער איז אַרויף, אַזוי איז ער אויך אין איין אויגנבליק אַראָפּ.

אָבער אויב אַפילו אָט די שלאַכט צווישן דער בורזשואַזיע און דער דעמאָקראַטיע האָט זיך כלומרשט פאַרענדיקט מיטן נצחון פון דער דעמאָקראַטיע, ווייל ס'זענען דאָך אויסגעוואַקסן די כוחות פון דער דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעגירונג, איז דאָס אייגנטלעך געווען אַ פּירוס־נצחון: די דעקלאַראַציע פון 14־טן מערץ אין דער פראַגע פון דער מלחמה, איז געבליבן אין קראַפט, אָבער כדי צו דערגרייכן דעם ציל, וואָס זי האָט אַנטהאַלטן, איז געפונען געוואָרן אַ קאָמבינאַציע, וואָס איז געווען צום האַרצן פון דער בורזשואַזיע: „אָפענסיווע אין פאַרטיידיקונג”, אָדער „פאַרטיידיקונג דורך אַן אָפענסיווע”. ס'איז צוריק איינגעפירט געוואָרן טויט־שטראָף, אמת, נאָר אין מיליטער; עס זענען צוריקגעשטעלט געוואָרן די באַגרענעצונגען פון דער פרעסע־פרייהייט, דערווייל בלויז אין דער באַציאונג צו די באָלשעוויקעס; עס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס און אַרעסטן — ווידער נאָר פון באָלשעוויקעס. די בורזשואַזיע איז שוין אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן דער רעוואָלוציע און זי איז געוואָרן דער צענטער, אַרום וועלכן עס האָבן זיך גרופּירט אַלע רעכטע עלעמענטן און כל המינים פּראָוואָקאַטאָרן. אויפן ניעוווסקי־פּראָספּעקט איז געפירט געוואָרן אַן אַגיטאַציע צו אַרעסטירן די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון די אַרבעטער־ראַטן. די בורזשואַזיע האָט געמאַכט צוגרייטונגען צו אַ דעצידירנדיקער שלאַכט קעגן דער דעמאָקראַטיע. אויב פריער האָט זי אָנגעווענדט דעם סיסטעם פון „צעטייל און הערש” און געפּרווּוט אַריינהאַקן אַ קלין צווישן די אַרבעטער און די סאָלדאַטן, האָט זי איצטער אָנגעהויבן אַן אַנטיסעמיטישע פּאָגראָם־אַגיטאַציע. איר פּלאַן איז געווען צוגרייטן אַן אָנגריף אונטער אַ פּאַראַוואַן פון פּאָגראָמען, כדי צו צעברעכן די רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציעס דורך אַ בירגער־קריג און לסוף צעקלאַפּן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון דער דעמאָקראַטיע.

דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען שלעכטע ידיעות פון פראָנט, אַז דאָס מיליטער טרעט אָפּ און אַנטלויפט. ס'איז נישט געווען ריכטיק די טענה, אַז די באָלשעוויקעס זענען אין דעם שולדיק. די סיבה איז געווען אַ גאַנץ פּשוטע: דאָס מיליטער האָט נישט געוווסט צוליב וואָס עס קעמפט. די מפּלה אויפן פראָנט איז פאָרגעקומעןביים טייך סטאָכאָד. אַ סך פון די פּולקן האָבן שוין פאַרלאָזט

זייערע פּאָזיציעס. מען האָט אַהינגעשיקט אַ סך אגיטאַטאָרן און מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען. קערענסקי אַליין איז געפאָרן אַרויסטרעטן פאַרן מיליטער. קערענסקיס אגיטאַציעס האָבן אָבער גאָרנישט נישט געהאָלפן. אויף דער אָפּענ־סיווע פון רוסישן מיליטער האָבן די דייטשן געענטפערט מיט אַ קאָנטער־אָפּענ־סיווע. די רוסן זענען אָפּגעטראָטן און דעם 22־טן אויגוסט האָבן די דייטשן פאַרנומען ריגע.

נאָך פריער האָט דער רעכטער פליגל, בראש מיט דער גרויס־בורזשואַזיע, באַשלאָסן דורכצופירן די לעצטע שלאַכט קעגן דער דעמאָקראַטיע. נאָכן רעכטן פליגל האָבן זיך אויך נאָכגעשלעפּט די מענשעוויקעס און ס.ר.׳ן, אויף וועלכע עס איז אָנגעפאַלן אַ פּחד פאַר די באָלשעוויקעס. דעם 14־טן אויגוסט איז צונויפ־גערופן געוואָרן אַ מלוכהשע בעראַטונג אָבער נישט אין דער באָלשעוויסטישער הויפּטשטאָט פּעטראָגראַד, נאָר אין דער אַלטער פּאַטריאָטישער שטאָט מאָסקווע. צו דער באַראַטונג איז געקומען פון פראָנט דער גענעראַל קאָרנילאָוו. קערענסקי און די רעכטע סאָציאַליסטן, פון שרעק פאַר ד׳ באָלשעוויקעס, זענען אויף דער בעראַטונג געקומען צו א הסכם מיט דער בורזשואַזיע, אַז מען דאַרף אַרויספירן פון פּעטראָגראַד דעם באָלשעוויסטישן גאַרניזאָן און פאַרבייטן אים מיט מיליטער פון פראָנט, וואָס איז געטרייער דער רעגירונג. קאָרנילאָוו האָט אָבער געהאַט גאָר אַנדערע כוונות. קערענסקין האָט ער איינגערעדט, אַז ער וועט קומען קיין פּעט־ראָגראַד, כדי צו פאַרטיידיקן די דריטע קאָאַליציע־רעגירונג קעגן די באָלשע־וויסטישע עלעמענטן, זיין אמתע כוונה אָבער איז געווען אַראָפּצוואַרפן קערענ־סקיס רעגירונג און פאַרכאַפּן די מאַכט. דעם 25־טן אויגוסט, נאָך דער מפּלה ביי ריגע, איז קאָרנילאָוו מיט זיין מיליטער אַוועק אויפן וועג קיין פּעטראָגראַד. זיינע קאָנטררעוואָלוציאָנערע כוונות זענען פאַר יעדן קלאָר געוואָרן. קערענסקי האָט זיך דערשראָקן און טעלעפאָניש אויפגעפאָדערט קאָרנילאָוון אומצוקערן זיך אויפן פראָנט. קאָרנילאָוו האָט געענטפערט, אַז פון איצט אָן וואַרפט ער זיך נישט אונטער דער רעגירונג. קערענסקי, וואָס האָט פריער זיך געווענדט צו די רעכטע נאָך הילף קעגן די לינקע, האָט איצט געבעטן הילף ביי די לינקע קעגן די רעכטע און פאַרלאַנגט פון דער באָלשעוויסטישער רויטער גוואַרדיע, זי זאָל פאַרטיידיקן פּעטראָגראַד.

דער אויפשטאַנד פון קאָרנילאָוון איז דערשטיקט געוואָרן מיט דער הילף פון די באָלשעוויקעס, און דעמאָלט האָט די רעגירונג באַשלאָסן צונויפצורופן אַ „דעמאָקראַטישע באַראַטונג״ אין פּעטראָגראַד. צו דער בעראַטונג זענען איינגע־לאַדן געוואָרן נישט בלויז פּאַרטייען, נאָר אויך קאָאָפּעראַטיוון, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און אַלע איבעריקע דעמאָקראַטישע אָרגאַ־ניזאַציעס.

קערענסקי האָט געעפנט די באַראַטונג מיט גרויס פּאַטאָס: „אין נאָמען פון דער צייטווייליקער רעגירונג פון דער אַלרוסישער רעפּובליק". די באַראַטונג האָט זיך געענדיקט מיט אַ באַשלוס צו שאַפן אַ שטענדיקע ראַטגעבערישע קערפּערשאַפט — אַ „פּרעדפּאַרלאַמענט" (פּאָרפּאַרלאַמענט). די באָלשעוויקעס האָבן חוזק געמאַכט פון דער קערפּערשאַפט און זי אָנגערופן „ברעדפּאַרלאַמענט" (פלוידער־פּאַרלאַמענט). אין דעם „פּרעדפּאַרלאַמענט" זענען אריין פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, חוץ די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן באַשלאָסן נישט אַריינצוטרעטן אין קיין שום אינסטיטוציע און צוגרייטן ד' פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע.

פּעטראָגראַד איז געווען פאַר די יידן פון גאַנץ רוסלאַנד דער צענטער פון דער רעוואָלוציע. דאָס יידישע פּעטראָגראַד איז געוואָרן רעוואָלוציאָנער נישט פון אייגענער איניציאַטיוו, נאָר אונטער דער ווירקונג פון אַרום. אין פּעטראָגראַד זענען נישט געווען קיין יידישע מאַסן, ס'זענען דאָרט אָבער געווען פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, און זיי האָבן איבערגענומען אין זייערע הענט די יידישע פּאָליטישע טעטיקייט. ס'האָט זיך געשאַפן אַזאַ מין פאָרשטייערשאַפט פון אַלע פּאַרטייען, וואָס איז אייגנטלעך געווען נישט מער ווי אַ קלוב פאַר פּאַרטייאישע דיסקוסיעס. פון די ציוניסטן זענען דאָרט געווען פאַרטראָטן: אָליינקאָוו, ד"ר זאַלקינד, יצחק גרינבוים, פּאָדלישעווסקי; פון מזרחי — פּראָפ. י. מאַרקון; פון דער יידישער פאָלקס־פּאַרטיי — ש. דובנאָוו, מ. קריינין; פון דער יידישער פאָלקס־גרופּע, אייגנטלעך אַ גרופּע אַסימילאַטאָרן — ווינאַווער, לאַנדוי, א. גרוזנבערג. דערנאָך זענען צוגעקומען פון דער דעמאָקראַטישער פאַראייניקונג — עפּרויקין; פון פּועלי־ציון — באַרו, מענדעליעוו און איך; פון ס.ס. און י.ס., וואָס האָבן זיך אין אַפּריל פאַראייניקט אין איין פּאַרטיי מיטן נאָמען „פאַראייניקטע", — שאַצ־אַניץ, גוטמאַן (באַלטיקאַקליס) און מגידסאָן; פון „בונד" — זאַסלאַווסקי, ערליך, אַבראַמאָוויטש־רייין און אַנד. ס'איז דאַן געווען אַ צייט פון „זעלבסטבאַשטימונג": יעדער אינטעליגענט אין פּעטראָגראַד האָט פאַר זיך באַשטימט צו וועלכער פּאַרטיי ער זאָל געהערן. ביז דעמאָלט איז דער רוב פון זיי געווען ווייט פון די פּאַרטייען אָבער מיטן אָנקום פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע „האָבן זיי זיך באַשטימט". עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געוווסט וואָס אויסצוקלויבן, און אין משך פון איין יאָר האָבן זיי עטלעכע מאָל געביטן זייער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. אַזוי איז, למשל, געשען מיט פּראָפ. לאַזאַרסאָן. בעת ער איז געווען אויפן אוניווערסיטעט איז ער געווען אַ בונדיסט; אין אָנהייב פון דער רעוואָלוציע איז ער צוגעשטאַנען צו דער דעמאָקראַטישער פאַראייניקונג פון עפּרויקינען; סוף 1917 האָב איך אים געטראָפן אויף אַ קאָנפערענץ פון יידישע זעלנער אין דווינסק, ווי אַ פאָרשטייער פון די „פאַראייניקטע"; אויף

דער עמיגראַציע איז ער געווען אַ מיטגליד פון צעירי־ציון; דערנאָך איז ער געוואָרן אַן אַלגעמיינער ציוניסט. און ער איז נישט געווען קיין יוצא מן הכלל. פּאָליטישער קאַריעריזם איז דאַן געווען אַ גוטע מטבע.

זומער פון יאָר 1917 זענען פאָרגעקומען קאָנפערענצן פון אַלע פּאַרטייען, בתוכם אויך פון די ציוניסטישע. מיר האָבן שוין געהאַט פון לאַנג אַרויסגעטראָטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויף דער ציוניסטישער קאָנפערענץ איז געקומען אַ גרופּע פון דרום־רוסלאַנד, וואָס האָט זיך גערופן „פּועלי־ציון־ראַדיקאַלן", בראש פון דער גרופּע איז געשטאַנען איינער מעדוויעד. מיר האָבן אים איינגעלאַדן אויף אַן אידעאָלאָגישער דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין רעדאַקציע פון דער צייטונג.

דעמאָלט האָבן זיך באַוויזן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג פאַרשידענע לינקע גרופּירונגען און צווישן זיי אַ גרופּירונג ראַדיקאַל־סאָציאַליסטן אין אָדעס, און אַ דעמאָקראַטישע גרופּירונג אין וויטעבסק. די לעצטע האָט אפילו אַרויסגעגעבן אַ צייטונג „על המשמר". אין קרעמענטשוג איז אַנטשטאַנען אַן אָרגאַניזאַציע „גרופּירונג פון ציוניסטישער ארבעט". דאָס אויפקומען פון די גרופּעס איז לרוב געווען א פלוצימדיקע. נאָר אַזוי גיך ווי זיי זענען אויפגעקומען, אַזוי גיך זענען זיי אויך פאַרשוואונדן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע און קיינער האָט אפילו נישט געלייגט קיין אכט אויף זייער נעלם ווערן. אין די גרופּעס איז געווען א גרויסער אידעאָלאָגישער מישמאַש. למשל, די גרופּע פון וויטעבסק האָט דעקלאַרירט אַז זי איז קעגן דער מלחמה, נאָר היות זי ווייסט נישט ווי אַזוי איבערצורייסן ד' מלחמה, „נעמט זי פון זיך אַראָפּ די אחריות פאַר דער דאָזיקער מלחמה". די גרופּע האָט באַוויזן אַרויסצוטרעטן מיט דריי פילאָזאָפישע וועלטאָנשויונגען אין דעם איינציקן נומער פון דער צייטונג וואָס זי האָט אַרויסגעלאָזט. די נייע פּאָליטישע באַדינגונגען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אַדאַנק דער רעוואָלוציע, האָבן געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר דער יידישער יוגנט צו זוכן איר וועג, אָבער אָנשטאָט צו טאָן דאָס בחדרי־חדרים, האָבן זיי אים געזוכט בפרהסיה און זייערע איבערלעבונגען און זוכענישן זענען געווען אָפן פאַר אַלעמען. מיט דער צייט זענען איינקע פון זיי געקומען צו אונדז און צו „צעירי ציון", אָדער אַריבער צו די קאָמוניסטן. די פאָרשטייערשאַפט פון די יידישע פּאַרטייען האָבן זיך פאַרנומען מיט צוויי פראַגן: א. מיט דער רעאָרגאַניזאַציע פון די קהילות אויף דעמאָקראַטישע יסודות; ב. מיט צונויפרופן אַ יידישע אַלרוסלענדישע קאָנפערענץ. די יידן האָבן אויך געדאַרפט אויסוויילן צוויי פאָרשטייער אין דער מלוכה־קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט צוגרייטן די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. אייגנטלעך האָט מען די יידן געגעבן בלויז איין אָרט אין דער קאָמיסיע, אָבער אויף דער באַראַטונג פון דער פאָרשטייערשאַפט פון די פּאַרטייען,

וואָס איז פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון דעם דומע־דעפּוטאַט פרידמאַן, איז באַשלאָסן געוואָרן ווענדן זיך צו דער רעגירונג מען זאָל די יידן געבן צוויי ער־מער — פאַר אַ פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע און פאַר א פאָרשטייער פון אַרבעטער־לאַגער. אויף דער פאַרזאַמלונג האָב איך דערצאָרנט גרוזנבערגן: איך האָב פאָרגעלייגט מיר זאָלן בעטן, אַז אין דער קאָמיסיע זאָלן אַריין צו צוויי פאָרשטייער פון יעדן לאַגער. ביים מאָטיווירן מיין פאָרשלאַג האָב איך זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די בורזשואַזיע איז נישט קיין פּראָדוקטיווער קלאַס. האָט עס אויפגעבראַכט גרוזנבערגן. אונדזער פאָדערונג וועגן צוויי פאָרשטייער איז אינ־גיכן אָנגענומען געוואָרן דורך דער רעגירונג, נאָכדעם ווי דאָס ביוראָ פון די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָט זיך געווענדט צו דער רעגירונג מיט אַזאַ אַלגעמיינער פאָדערונג פאַר אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

דעם 13־טן מאַי זענען מיר זיך ווידער צוזאַמענגעקומען אין פרידמאַנס וווינונג. דאָסמאָל האָט זיך דער וויכוח געדרייט אַרום דער פראַגע, ווער ס׳זאָל זיין דער פאָרשטייער פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר. מיר, צוזאַמען מיט די „פאַר־אייניקטע״ האָבן פאָרגעלייגט, אַז דעם פאָרשטייער פון די סאָציאַליסטן וועלן מיר אויסוויילן צוזאַמען מיטן „בונד״, און די בורזשואַזע פּאַרטייען האָבן נישט דאָס רעכט צו דעצידירן, ווער ס׳זאָל זיין אונדזער פאָרשטייער. דער אָנוועזנדיקער חבר פון „בונד״ האָט געפאָדערט, אַז זייערס אַ מיטגליד זאָל רעפּרעזענטירן דעם סאָציאַליסטישן סעקטאָר, ווייל דער „בונד״ איז דער „איינציקער פאָרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט״. ער האָט אפילו דערקלערט, אַז דער פאָרשטייער וועט נישט אָננעמען קיין שום דירעקטיוון פון די איבעריקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, נאָר פון זיין צענטראַל־קאָמיטעט. נישט געקוקט אויף אונדזערע פּראָטעסטן, האָבן די בורזשואַזע פּאַרטייען זיך גענומען דאָס רעכט צו באַשטימען, ווער ס׳זאָל זיין דער פאָרשטייער פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר.

פון דער בורזשואַזיע איז אויסגעוויילט געוואָרן דער דעפּוטאַט פרידמאַן און אַלס זיין פאַרטרעטער — גרוזנבערג, וועלכער איז שוין נאָמינירט געוואָרן פון דער צייטווייליקער רעגירונג אַלס סענאַטאָר. פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר איז אויסגעוויילט געוואָרן דער בונדיסט קאַנטאָראָוויטש, אָן א פאַרטרעטער, ווייל דער פאָרשטייער פון „בונד״ זאַסלאַווסקי האָט דערקלערט, אַז זיי דאַרפן נישט קיין פאַרטרעטער.

שאַרפע חילוקי־דעות האָבן זיך אַרויסגעוויזן ביים באַהאַנדלען די פראַגן וועגן דער קאָמפּעטענץ פון דער קהילה. די בונדיסטן האָבן פאָרגעלייגט, אַז די איינציקע קאָמפּעטענץ פון דער קהילה זאָל זיין נאָר אין ענינים פון קולטורעלער אויטאָנאָמיע, אָן שום רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט אַנדערע ענינים. ערליך און

אַבראַמאָוויטש־רייִן האָבן געקעמפט ווי די לייבן, זיי זענען אָבער סוף כל סוף באַזיגט געוואָרן פון דער ווירקלעכקייט. אין פאַרלויף פון יאָר 1917 האָט זיך די יידן איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן די קהילות אין רוב שטעט אין רוסלאַנד אויפן יסוד פון דעמאָקראַטישע וואַלן. אויף אונדזער איניציאַטיוו איז דעמאָלט אַריינגענומען געוואָרן אין דער קאָמפּעטענץ פון די קהילות אויך די טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל און הילף פאַר יידישער עליה אַהין. די יידישע פאַרטייען האָבן נישט געהאַט קיין דערפאַרונג אויפן געביט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די קהילות און נישט געקענט זייער טאָג־טעגלעכע אַרבעט. מיר האָבן אָבער געהאַט אַ מומחה אויף דעם געביט — וו. אדים (פּראָפ. פעליקס מענטשיקאָווסקי), וואָס האָט פאַרעפנטלעכט אין אונדזער צייטונג „כראָניקאַ" אַ סעריע ארטיקלען אויף דעם געביט.

אַ סך שווערער איז געווען די פראגע פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. די בונדיסטן האָבן בשום־אופן נישט מסכים געווען, אַז אויפן סדר־היום פון דער קאָנפערענץ זאָל שטיין די פראַגע פון יידן אין אַנדערע לענדער. לויטן "בונד" האָט דאָס יידישע פאָלק עקזיסטירט נאָר אין רוסלאַנד, ליטע און פוילן. דערפאַר איז ער געווען קעגן אַוועקשטעלן די יידן־פראַגע אַלס אַ וועלט־פראַגע, קעגן באַהאַנדלען דעם מצב פון די יידן אין אַנדערע לענדער, שוין אָפּגע־רעדט, אַז לויטן „בונד" האָט מען נישט געטאָרט דערמאָנען ארץ־ישראל.

נאָך פיל זיצונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צונויפצורופן אויף דעם 18־טן יולי אַ קאָנפערענץ אין פעטראָגראַד, וואָס זאָל באַשטימען דעם סדר־היום פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. דריי טעג זענען פאָרגעקומען די פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָנפערענץ און ענדלעך איז מען געקומען צו אַן איינ־שטימיקן באַשלוס. אמת, דער „בונד", געטריי צו זיין גרונט־אָנשויאונג, וואָס נעגירט די אַלוועלטלעכקייט פון דער יידן־פראַגע, האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל נישט איינשליסן אין סדר־היום פון דער קאָנפערענץ קיין פונקט וועגן דעם מצב פון די יידן אין אַנדערע לענדער. ער האָט אָבער סוף כל סוף געמוזט זיך אונטערגעבן און דער סדר־היום איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. ער איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פונקטן:

1. באַשטימען די יסודות פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין רוסלאַנד. 2. באַשטימען די פאָרם פון די גאַראַנטיעס פאר די רעכט פון דער יידישער מינדערהייט. 3. באַשטימען די איבערגאַנגס־פאָרמען פאַר דער אָרגאַ־ניזאַציע פון די קהילות פון רוסישן יידנטום. 4. באַהאַנדלען די פראַגע פון פאַר־זיכערן די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידן: —א. אין באַפרייטן סוּוועֶרענעם פוילן; ב. אין ארץ־ישראל; ג. אין רומעניע.

אין דער קאָנפערענץ האָט זיך באַטייליקט דער חבר קענדזשערסקי, ער איז געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. כ'האָב דאָרט צום ערשטן מאָל געטראָפן דעם רב נוראָק פון ריגע.

די קאָנפערענץ האָט אויסגעוויילט אַ צייטווייליקן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך אין איר באַטייליקט, אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: פון פּועלי־ציון — 3 פאָרשטייער; ס.ס. און י.ס. — 4; „בונד" — 5; דעמאָקראַטישע פאַראייניקונג — 3; פאָלקס־גרופּע (לאַנדוי—ווינאַווער) — 3; דעמאָקראַטישע גרופּע — 2 פאָלקס־פּאַרטיי — 2; אָרטאָדאָקסן — 4; אומפּאַרטייאישע 5; עטלעכע ציוניסטן (איך געדענק נישט זייער צאָל).

דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט אויסגעוויילט עטלעכע קאָמיסיעס. איינע פון זיי האָט געדאַרפט צוגרייטן דעם וואַל־רעגולאַמין, אַ צווייטע האָט באַארבעט דעם רעגולאַמין פון דער קאָנפערענץ. די וואַלן זענען באַשטימט געוואָרן אויף די טעג פון 3—5 דעצעמבער פון יאָר 1917.

במשך פון זומער זענען אין עטלעכע ראַיאָנען פאָרגעקומען אונדזערע ראַיאָן־קאָנפערענצן. אָנהייב יוני איז אין מינסק פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון דעם צפון־מערבדיקן ראַיאָן. אויף איר האָב איך זיך באַטייליקט אַלס שליח פון צענטראַל־קאָמיטעט. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז „דער איינציקער אויסוועג פון דער געשאַפענער סיטואַציע איז: אָרגאַניזירן אַ מאַכט, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט". אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון יעקאַטערינאָסלאַווער ראַיאָן, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט ז. אַבראַמאָוויטש. די פּאַרטיי איז כסדר געוואַקסן און עס זענען אַנטשטאַנען אַ סך נייע אָרגאַניזאַציעס אין שטעט און שטעטלעך.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן די וואַלן צו די מוניציפּאַליטעטן. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אונדזערע ליסטעס אין אַ סך ערטער. די רעזולטאַטן האָבן באַוויזן אַ וואוקס און אַנטוויקלונג פון אונדזער פּאַרטיי. אין סך־הכל האָבן מיר דורכגעפירט 78 חברים אין די מוניציפּאַליטעטן פון 37 שטעט; על פי רוב אויף אייגענע ליסטעס, און בלויז אין אייניקע פאַלן — אין אַ בלאָק מיט אַנדערע פּאַרטייען. אין אוניטשאַ האָבן מיר געמאַכט אַ בלאָק מיטן ארבעטער־ראַט און מיר האָבן דורכגעפירט 6 דעלעגאַטן. אונדזערע חברים זענען אויסגעוויילט געוואָרן אין פאָלגנדיקע שטעט: צאַריצין — 1 (חבר משה ערעם), סאַראַטאָוו — 1, פּאָלטאַווע — 1, האָמעל — 4, כאַרקאָוו — 1, באָברויסק — 2, נאָוואָזיבקאָוו — 1, סימפעראָפּאָל — 2, ראָסלאָוו — 2, סוראַזש — 2, נאָוואָגעאָרגעווסק — 1, מינסק — 1, אָדעס — 1, אָרשע, — 4, קלינצי — 2, טיראַספּאָל — 4, זשיטאָמיר — 1, ריגע — 1, פּערם — 1, טשערקאַסי — 3, טשערניגאָוו — 2, וויטעבסק —

1, קרעמענטשוג — 3, אָסטראָג — 1, פּרילוקי —1, יעליסאַוועטגראַד — 3, באָ־ריסאָוו — 3, קורסק — 1, סאַמי — 2, יוזאָווקא — 1, באָגוסלאַוו — 1, אוניעטשא — 6, דאַווידהאָראָדאָק — 6, פּאַריטשי — 2, קאַזאַן — 2, טולגין — 3, דימיע־ווקאַ — 4.

די רשימה פון די שטעט באַווייזט, אז מיר האָבן געהאט אָרגאַניזאַציעס נישט בלויז אין תחום־המושב, נאָר אויך מחוץ אים. און נאָך עפּעס: אונדזערע כוחות זענען נישט געווען שטאַרק אין די גרויסע שטעט, נאָר דווקא אין די קליינע שטעטלעך, ווו עס האָט זיך קאָנצענטרירט די אָרעמקייט.

עס האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן די וואַלן צו די יידישע קהילות. צו די וואַלן זענען נישט געווען קיין בלאָקן. אונדזער פּאַרטיי איז געגאַנגען צו די וואַלן כמעט אומעטום מיט אַן אייגענער ליסטע.

אָט זענען עטלעכע ציפערן וועגן די רעזולטאַטן:

דאַווידהאָראָדאָק — 6, מאָסקווע — 1 (ד״ר ראַבינאָוויטש), אָרשע — 5, פּערם — 4, סאמארא — 5, בענדערי — 7, קאַכאָווקא — 6, פּעטראָגראַד — 1 (ניר), יעלעץ — 4, קאָנסטאַנטינאָגראַד — 1, יאַראָסלאַוו — 2, וואָלאָגדאַ — 2, לוגאַנסק — 1, סמאָלענסק — 2, ניקאָלאַיעוו — 5, האָמעל — 4, בערדיאַנסק — 5, יוריעוו — 6, מירגאָראָד — 3, פּענזע — 2, אופאַ — 3, (בלאָק מיט ס.ס. און י.ס.), באַקו — 3 (דער זעלבער בלאָק), נאָוואָגעאָרגעווסק — 1, סאַראַטאָוו — 6, סימפעראָפּאָל — 7, פּעאָדאָסיא — 1, טשעליאַבינסק — 1, דמיטראָווסקאָיאַ — 3, בסך־הכל — 97 דעלעגאַטן אין 28 שטעט.

ענדלעך האָבן מיר באַקומען די ערשטע ידיעות פון אונדזערע פּאַרטייען אין אויסלאַנד און פון פּאַרבאַנד־ביוראָ. פון ארץ־ישראל האָט צוויסן געטאָן דער חבר בלומענפעלד (דוד בלאָך), אַז דער מצב אין לאַנד איז שלעכט און ס׳איז נייטיק הילף. פון פּאַרבאַנד־ביוראָ האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אונדזערע חברים פירן אונטערהאַנדלונגען מיט פאַרשידענע דעלעגאַציעס, וואָס זענען געקומען קיין שטאָק־האָלם צום האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט. די דייטשן האַזע און אָסקאַר קאָן האָבן מיט צופרידנקייט אויפגענומען אונדזערע פּאָרשלאָגן בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אויך די פּאָרשטייער פון די טשעכישע און פינישע דע־לעגאַציעס האָבן צוגעזאָגט צו שטיצן אונדזערע פאָדערונגען. מיר האָבן זיך דער־וווּסט, אַז דער האָלענדיש־סקאַנדינאַווישער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט האָט פּאַ־נאַנדערגעשיקט אַן אַנקעטע צו אַלע פּאַרטייען, אין וועלכער ס׳איז אויך געווען אַ פּונקט וועגן דער באַציונג צו דער יידן־פּראַגע. זשאַן לאַנגע פון פראַנקרייך און קאַמיל הויסמאַנס פון בעלגיע האָבן צוגעזאָגט צו שטיצן אונדז. אין יאָר 1950, ווען דער אַלטיטשקער קאַמיל הויסמאַנס האָט באַזוכט ישראל און איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט אויף אַ זיצונג פון פּרעזידיום פון דער ערשטער כנסת, האָב

איך געהאַלטן פאַר מיין חוב אויסצודריקן אים אַ דאַנק, נאָך 33 יאָר, פאַר זיין דעמאָלטיקער אונטערשטיצונג פון אונדזערע פאָדערונגען. טרולסטרא און בראַנ־טינג האָבן אויך צוגעזאָגט זייער אונטערשטיצונג. אין שטאָקהאָלם האָט זיך אונדזער דעלעגאַציע געטראָפן מיט דער דעלעגאַציע פון דער עקזעקוטיווע פון פעטראָגראַדער ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט, מיט גאָלדנבערגן און רוסאַנאָוון. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען מסכים מיט אונדזערע פאָדערונגען בנוגע די יידן פון רוסלאַנד. גאָלדנבערג האָט צווישן אַנד. געזאָגט: „וואָס שייך אייער פאָ־דערונג בנוגע ארץ־ישראל, איז עס דאָך נישט אונדזער זאַך. די פראַגע דאַרף געליזט ווערן צווישן אייך און די טערקן". דער פאַרשטייער פון די בולגאַרישע צימערוואַלדיסטן האָט זיך אויך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דאָס אַלץ האָט געגעבן אַ יסוד צו האָפן, אַז די באַציאונג פון אינ־טערנאַציאָנאַל צו אונדז האָט זיך געענדערט לטובה.

דער ח' יאַרבלום, וועלכער איז געקומען צו אונדז פון פּאַריז, האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער קאָנפערענץ פון די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס איז פאָרגעקומען אין אויגוסט, אויף דער טעמע: „מיר און דער אינטער־נאַציאָנאַל".

צוזאַמען מיט יאַרבלומען זענען געקומען פון אויסלאַנד נאָך עטלעכע חברים. דער חבר קענדזשערסקי פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אונדז נישט ווייניק געהאָלפן אין אונדזער אַרבעט, ער איז געווען אַ גוטער רעדנער אויף יידיש, ער האָט אָבער געטענהט, אַז ער קאָן זיך נישט צוגעוויינען צו די אויס־דריקן, וואָס זענען ביי אונדז פאַרשפּרייט. אַזוי פלעגט ער למשל זאָגן: איך קאָן נישט פאַרשטיין אַזאַ לשון אַז איירען וועגן „לויפנדיקן מאָמענט", אויב עס איז אַ „מאָמענט" טאָ ווי קאָן ער זיין אַ „לויפנדיקער"?

קענדזשיערסקי איז געבליבן אין רוסלאַנד ביזן יאָר 1920, דערנאָך איז ער געפאָרן אויף דער 5־טער קאָנפערענץ פון וועלט־פאַרבאַנד אין ווין, פון דאָרט קיין ענגלאַנד און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע.

עס זענען אויך געקומען ראָזנטאַל פון לאָנדאָן, קאַרפּ פון בעלגיע, און פּאַ־לינסקי פון דער שווייץ. ראָזענטאַל האָט געשטאַמט פון לובלין, מען האָט אים דאָרט גערופן „מאַרקס אייניקל". ער איז אַרויסגעפאָרן קיין ענגלאַנד און דאָרט געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי. נאָכן זיין עטלעכע יאָר אין רוסלאַנד, האָט ער זיך אומגעקערט קיין לאָנדאָן און דאָרט געשטאָרבן.

קאַרפּ איז געווען א סטודענט פון באָברויסק. ער איז שפּעטער געוואָרן אַ מיטגליד פון י.ק.פּ. און פון די ערשטע ליקווידאַטאָרן, וואָס איז אין יאָר 1921 געשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישראל און האָט אונדז געשטערט אין אונדזערע אונ־טערהאַנדלונגען מיטן קאָמינטערן, וואָס זענען אין דעם יאָר פאָרגעקומען.

משה פאלינסקי איז צו אונדז געקומען פון דער שוויץ. דאָרט איז ער אין משך פון 30 יאָר געשטאַנען בראש פון דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע. אַרום אים האָבן זיך קאָנצענטרירט די סטודענטן און די עלטערע חברים. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער אַ סך געטאָן פאַר דער רעטונג פון די פראַנצויזישע יידן און זייערע קינדער. ער האָט געגעבן הילף די יידן אין די לאַגערן. זיין משפחה האָט ער דערצויגן ווי געטרייע ציוניסטן. זיינע צוויי זין געפינען זיך אין ישראל. ער האָט זיך געגרייט צו קומען קיין ישראל, ער מיט זיין פרוי און טאָכטער, ער איז אָבער אומגעריכט געשטאָרבן אין 1952־טן יאָר, אין זשענעווע, זיין פרוי און טאָכטער זענען אין ישראל.

די קאָנפערענץ פון די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז פאָר־געקומען אין די טעג פון 7—10 אויגוסט. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטיי־ליקט: ס.ס. און י.ס., די ליטווישע נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן, די ווייסרוסישע נאַציאָנאַלע הראָמאַדע, די פעדעראַטיווע סאָציאַליסטן פון גרוזיע, די עסטאָנישע סאָציאַליסטישע גרופּירונג, די מוסולמענישע סאָציאַליסטן, די פּוילישע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי, די רוסישע פאָלקס־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די טרודאָוויקעס און פּועלי־ציון.

אין נאָמען פון אונדזער פּאַרטיי, האָבן אין דער קאָנפערענץ זיך באַטיי־ליקט באַרו, ברייטער און איך. אין פּרעזידיום זענען אויסגעוויילט געוואָרן סאָס־קאָלסקי (טרודאָווּוק), יאַנושקעוויטש (ליטע) און איך. אין וויכוח וועגן די יסודות פון דער אָרגאַניזאַציע האָב איך זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג טאָר נישט פאַרזען די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען און בעיקר דאַרף זי באהאנדלען די פּראַגע פון גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פון די מינדערהייטן, אַ פראַגע וואָס קאָן נישט געלייזט ווערן דורך אַ געוויינלעכן קוואָרום פון דער פאַרזאַמלונג, נאָר דורך אַ באַזונדערן הסכם צווישן אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין רוסלאַנד. אויף דער קאָנפערענץ איז באַשלאָסן געוואָרן וועגן דער באַטייליקונג פון אַלע פּאַרטייען אויף דער שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ.

אויף דער קאָנפערענץ האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז קיין פּעטראָגראַד איז געקומען אונדזערער אַ חבר פון די פאראייניקטע שטאַטן, פּנחס רוטנבערג, וועלכן מיר האָבן געקענט אַלס מיטגליד פון ס.ר. מיר האָבן אפילו געהערט וועגן זיין באַטייליקונג אין דערהרגענען גאַפּאָנען. איך האָב זיך באַגעגנט מיט רוטנבערגן אין האָטעל און מיט אים געשמועסט אַ שעה צייט. דער געשפּרעך האָט זיך געפירט וועגן מהות פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון, רוטנבערג האָט פון מיר געהערט דעם תמצית פון אונדזערע פאָדערונגען וועגן ארץ־ישראל: פרייע עליה און קאָלאָניזאַציע. רוטנבערג האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַרויסשטעלן די פּאָ־

דערונג וועגן גרינדן אַ יידישע רעפּובליק אין ארץ־ישראל. איך האָב אים אויף דעם געענטפערט, אַז מען קאָן נישט אַרויסרוקן אַזאַ פאָדערונג, ווייל עס זענען דאָך אין ארץ־ישראל כמעט נישטאָ קיין יידן. אַ יידישע רעפּובליק וועט מען קאָנען שאַפן ערשט דאַן, ווען מיר וועלן דערגרייכן אַ פרייע עליה און קאָלאָניזאַציע און עס וועט זיך שאַפן אַ היפשער יידישער ישוב. „אויב אַזוי — האָט מיר רוטנבערג אויף דעם געענטפערט — זענט איר נישט קיין פּועלי־ציוניסט". איך האָב אים געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין פּוסק אין די פראַגן פון פּועלי־ציון. אונדזער צעשיידונג איז געווען זייער אַ קאַלטע.

די דריטע קאָנפערענץ פון אונדזער פּאַרטיי האָט געדאַרפט פאָרקומען אין קיעוו דעם 26־סטן אויגוסט. מיר האָבן שוין געוווסט פון פריער, אַז באָראָכאָוו, זרבבל און כאַשין זענען אַרויסגעפאָרן צו אונדז פון די פאַראייניקטע שטאַטן. כאשין און קענדזשערסקי זענען פריער געקומען, נאָך אין יולי, און זיי זענען אַרויסגעטראָטן אויף דער קאָנפערענץ, וואָס האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון דער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. באָראָכאָוו און זרבבל האָבן זיך פאַרהאַלטן אין שוועדן. ווען באָראָכאָוו איז געקומען צו דער רוסיש־שוועדישער גרענעץ, האָט מען אים נישט דערלויבט אַריינצופאָרן קיין רוסלאַנד. קערענסקיס רעגירונג האָט פאַרשלאָסן די גרענעץ פאַר פּאָליטישע עמיגראַנטן, אויס מורא, טאָמער וועלן צווישן זיי זיין באָלשעוויקעס. נאָך גרויסע באַמיאונגען האָבן מיר באַקומען אַ ספּעציעלע אַריינפאָר־דערלויבעניש פון מיליטערישן גענעראַל־שטאַב. פון גרענעץ־פּונקט האפאראנדא האָב איך באקומען א בריוו פון באָראָכאָוון, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיינע שווערע ספקות, צי ער וועט קאָנען מיט אונדז צוזאַמענאַרבעטן, ווייל עס זענען צו אים דערגאַנגען קלאַנגען, אַז מיר, די רוסלענדישע פּועלי־ציון, שטייען נאָענט צו די באָלשעוויקעס, און אַז ער האַלט פון פלעכאַנאָווס שיטה. איך האָב אים אָפּגעענטפערט, אַז זיין מורא איז אַן אומזיסטע, אַז מיר האַלטן מיט די באָלשעוויקעס בלויז אין דער פראַגע פון דער באַציאונג צו דער מלחמה, און אַז ער דאַרף נישט אורטיילן, איידער ער וועט זיך נישט באַקענען מיט די באַדינגונגען אויפן אָרט.

יענעם זומער האָב איך זיך לגמרי נישט באַשעפטיקט מיט מיין פריוואַטער אַרבעט, אַלס אַדוואָקאַט. איך בין אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים, מיט נסיעות און מיטן אַרויסגעבן די צייטונג. אין דער אַרבעט ביי דער צייטונג, האָט מיר חוץ סאַבינען אויך געהאָלפן אַ מיידל אַן אָנגעשטעלטע, אויף אויסצופירן די טעכנישע אַרבעט אין דער עקספּעדיציע. פון דער פּאַרטיי האָב איך קיין געהאַלט נישט באַקומען. מיין מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אָפּהענגיק נאָר פון מיין פריוואַטער ביוראָ, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט דער הילף פון אַ געצאָלטן אַדוואָקאַט פּאַפּאָ.

די עיקר־פראַגע, וואָס האָט געזאָלט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף אונדזער דריטער קאָנפערענץ, איז געווען די פראַגע פון דער מלוכה־אָרדענונג און אונדזער באַציאונג צו דער ציטווייליקער רעגירונג און צו דער פאָדערונג פון די באָלשע־וויקעס, אַז די מאַכט זאָל אַריבערגיין צו די „סאָוויעטן״. איך האָב געדאַרפט האַלטן דעם פּאָליטישן רעפעראַט. איך האָב צוגעגרייט די טעזן פון רעפעראַט און אָפּגעדרוקט זיי אין צענטן נומער פון דער „כראָניק״. אין די טעזן זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאָלגנדיקע פראַגן: 1. די ראָל פון דער בורזשואַזיע אין דער רעוואָלוציע. 2. די ראָל פון פּראָלעטאַריאַט און פויערנטום אין דער רעוואָלוציע. איך האָב דורכגעפירט אַן אנאליז פון די כוחות־פארהעלטענישן אין קאַמף פאַר דער מאַכט און געענדיקט מיט דער באַגרינדונג פון די אויפגאַבן פון דער דעמאָקראַטיע צו פאַראייניקן אַלע רעוואָלוציאָנערע כוחות, אַרום די ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן.

דעם 10־טן אויגוסט בין איך געפאָרן קיין פּערם און יעקאַטערינענבורג, כדי צו האַלטן דאָרטן רעפעראַטן וועגן דער קאָנפערענץ. די נסיעה קיין פּערם האָט געדויערט 60 שעה מיט דער באַן. איך האָב דאָרט רעפערירט צוויי מאָל. אויפן וועג פון פּערם קיין יעקאַטערינענבורג האָב איך געזען דעם סלופּ, אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן פון איין זייט „אייראָפּע״ און פון דער צווייטער זייט „אַזיע״. קיין יעקאַטערינענבורג איז די באַן אָנגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטי־קונג און דער רעפעראַט איז אָפּגערופן געוואָרן. איך האָב זיך אין פּערם באַגעגנט מיטן באַקאַנטן שרייבער ווענדראָף. ער האָט געהאַלטן ביים אָפּפאָרן מיט אַ שיף אויפן טייך קאַמאַ, אין עפּעס אַן אָרט, און איך האָב באַשלאָסן מיט אים מיטפאָרן. מיר זענען צוזאַמען געפאָרן פון אין דער פרי ביז נאָך מיטאָג. צומאָרגנס האָב איך זיך אומגעקערט קיין פּערם.

ווען איך האָב זיך דעם 24־טן אויגוסט אומגעקערט קיין פּעטערבורג, האָב איך אין מיין וווינונג געפונען אַ טעלעגראַמע פון באָראָכאָוון — אַ ידיעה, אַז אין דער פרי וועט ער אָנקומען צו דער פינלענדישער סטאַציע. היות איך האָב פאַרשפּעטיקט די שעה פון אָנקומען פון דער באַן, האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי נאָר צו וואַרטן אויף באָראָכאָוון ביי זיך אין שטוב. אין אַ שעה אַרום איז טאַקע באָראָכאָוו געקומען. איך האָב זיך זייער דערפרייט. ס׳איז אָבער נישט געבליבן קיין סך צייט, ווייל די קאָנפערענץ האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן אין צוויי טעג אַרום, דעם 26־טן אויגוסט, און בכדי צו באַוויזן אָנצוקו־מען צו דער צייט קיין קיעוו, האָבן מיר געמוזט גלייך אַרויספאָרן. באָראָכאָוו האָט אָבער געוואָלט פאַרהאַלטן זיך אין פּעטראָגראַד און דערליידיקן עטלעכע ענינים. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז איך וועל זיך פאַרהאַלטן מיט אים אויף איין טאָג און צומאָרגנס ערשט אַרויספאָרן קיין קיעוו. פאַרשפּעטיקנדיק אויף דער

קאָנפערענץ אויף איין טאָג, און באָראָכאָוו וועט אַרויספאָרן דעם 26־טן אויגוסט, מיט אַ פאַרשפעטיקונג פון צוויי טעג.

באָראָכאָוו איז געווען פאַראינטערעסירט צו וויסן די פּרטים פון מיין באַגעגעניש מיט רוטנבערגן. איך האָב אים געגעבן אַלץ איבערגעגעבן. און ער האָט געהאַלטן, אַז מיר מוזן אומבאַדינגט זיך טרעפן מיט רוטנבערגן. ער האָט זיך מיט אים פאַרבונדן טעלעפאָניש, און אין דעם זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען די באַגעגעניש אין האָטעל, ווו רוטנבערג איז איינגעשטאַנען. בעת דער באַגעגעניש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר אַלע דריי האָבן פאַרשידענע צוגאַנגען צו דער פראַגע ארץ־ישראל. די מיינונג פון רוטנבערגן איז געווען, ווי געזאָגט, אַז מיר דאַרפן פאָדערן צו גרינדן אַ יידישע רעפובליק אין ארץ־ישראל. איך בין געווען ביי דער מיינונג, אַז מיר דאַרפן פאָדערן דערווייל אַ פרייע עליה און קאָלאָניזאַ־ציע. באָראָכאָוו האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז צוזאַמען מיט דער פאָדערונג פון אַ פרייער עליה, דאַרפן מיר ארויסשטעלן די פאָדערונג פון א פרייער טעטיקייט און הילף פאַר אַלע דעמאָקראַטישע קאָלאָניזאַציע־אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל. צום סוף פון געשפּרעך, האָט באָראָכאָוו איינגעלאַדן רוטנבערגן אויף דער דריטער פאַרטיי־קאָנפערענץ. אויף דעם האָט רוטנבערג געענטפערט, אַז היות ווי די חברים אין רוסלאַנד זענען באַלשעוויקעס, און ער איז איינגעלאַדן געוואָרן דורך דער רעגירונג צו ספּעציעלע אויפגאַבן, קאָן זיין אָנטייל אויף דער קאָנפערענץ אים פּאָליטיש שאַדן. צוליבן זעלבן טעם האָט ער זיך אויך אָפּגעזאָגט צו שיקן אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע צו דער קאָנפערענץ.

צומאָרגנס בין איך אַרויסגעפאָרן קיין קיעוו און אָנגעקומען אַהין דעם 27־טן אויגוסט. אין גאַס זענען שוין געווען פאַרשפּרייט די ידיעות וועגן קאָרנילאָווס נישט איינגעגעבענעם פּרווו צו פאַרנעמען פּעטראָגראַד.

אויף דער קאָנפערענץ האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז מיר זענען אַרויס אויף אַ ברייטן וועג און געוואָרן אַ גרויסע פאַרטיי. די עיקר־פראַגע, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר־היום. פון אונדזער קאָנפערענץ, איז געווען אונדזער באַציאונג צו דער צייטווייליקער רעגירונג און דעם אופן פון אָרגאַניזירן די מאַכט. דעם 27־טן גאַנץ פרי, זענען זיך צונויפגעקומען די מיטגלידער פון צענ־טראַל־קאָמיטעט. נאָך דעם ווי מ׳האָט מיר דערציילט וועגן דער פייערלעכער דערעפענונג פון דעם פאַריקן אָוונט, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיטן באַ־שטאַנד פון דער קאָנפערענץ. ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז אויף דער קאָנפערענץ זענען פאַראַן צוויי שטרעמונגען: איינע אַ באַלשעוויסטישע, בראש מיט זאב אַבראַ־מאָוויטש און צבי פרידלאַנד, — ביי 40% פון אַלע דעלעגאַטן, און די צווייטע, די גרעסערע, וואָס איז אייגנטלעך געווען דער צענטער, — מענשעוויקעס — אינטערנאַציאָנאַליסטן, צימערוואַלדיסטן — ביי 60%. די לאַגע פון די מיטגלידער

פון צענטראַל־קאָמיטעט איז נישט געווען קיין לייכטע, ווייל מיר האָבן כמעט אַלע געהערט צו דער צווייטער שטרעמונג. איז אויסגעקומען, אַז אויף דער קאָנפערענץ זענען פאַראַן צוויי פראַקציעס, און מיר, וואָס זענען פאַקטיש געווען דער צענטער, וועלן אויף דער קאָנפערענץ געהערן צום רעכטן פליגל. דערפאַר האָבן מיר פאַר־געלייגט עטלעכע חברים פון די מענשעוויקעס צו אָרגאַניזירן זיך ווי אַ מענשע־וויסטישע פראַקציע, ס׳זאָל אַזויאַרום אויסקומען, אַז מיר בילדן דעם צענטער. די צאָל פון אונדזערע חברים די מענשעוויקעס איז געווען אַ קליינע און זיי האָבן נישט געהאַט בדעה צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ באַזונדערער פראַקציע. צווישן זיי איז איינער, ד״ר ראַבינאָוויטש, געווען אַ מיטגליד אין דער מאָסקווער קהילה, און נאָך אַ חבר פון מאָסקווע — קופּערוואַסער. מיר האָבן זיי פאַרבעטן צו אונדז און געראַטן צו שאַפן אַ מענשעוויסטישע פראַקציע. זיי האָבן אונדז געפאָלגט און אָרגאַניזירט די פראַקציע, וואָס האָט געציילט 11 מיטגלידער.

אויף דער קאָנפערענץ זענען געקומען ביי 150 דעלעגאַטן. פון זיי 106 מיט שטים־רעכט און די איבעריקע מיט באַראַטונגס־רעכט. געסט זענען געווען ביי 500 חברים. עס זענען געווען פאַרטראָטן 77 אָרגאַניזאַציעס. די קאָנפערענץ האָט געעפנט דער חבר טענענבוים (אברהם שלאָסער) פון מאָסקווע. נאָך די באַגרי־סונגען איז אָנגענומען געוואָרן דער סדר־היום: וואַלן פון פרעזידיום און די קאָמיסיעס, די פּאָליטישע לאַגע, אַ רעפעראַט וועגן דער יידישער אַלרוסלענדי־שער קאָנפערענץ, באַריכט פון סעקרעטאַריאַט, רעפעראַט וועגן דער קהילה, ארץ־ישראל אין אונדזער פּראָגראַם און אין דער פּראַקטישער טעטיקייט, אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע פראַגן, פּרעסע און פינאַנסן, רעפעראַט וועגן דער גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג, די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, דער אינטערנאַציאָנאַל, די דערציאונגס־פּאָליטיק.

אין פּרעזידיום זענען אויסגעוויילט געוואָרן: באָראָכאָוו, ניר, רעוווצקי, באַרו, קענדזשערסקי און אַבראַמאָוויטש. אין סעקרעטאַריאַט: אַסארקאַן און לעווין.

אין ערשטן טאָג פון דער קאָנפערענץ האָב איך געהאַלטן דעם רעפעראַט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע און ס׳איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע דיסקוסיע. צומאָרגנס פאַרטאָג האָט געזאָלט קומען באָראָכאָוו. ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ דעלעגאַציע, וואָס האָט אים געדאַרפט מקבל פנים זיין אויף דער סטאַציע. ס׳איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז פון דער סטאַציע דאַרף ער קומען צו מיר, און אין מיין צימער אין האָטעל איז פאַר אים געווען צוגעגרייט אַ בעט. גאַנץ פרי איז טאַקע צו מיר אין צימער אַריינגעקומען באָראָכאָוו מיט זיין באַגלייטער, אַ חבר פון בעלגיע. איך האָב באָראָכאָוון פאָרגעלייגט זיך צולייגן אָפּרוען פון וועג. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט, מאָטיווירנדיק מיט דעם, אַז זיין באַגלייטער האָט אים אָפּ־

געוואָרט אויף דער סטאַציע אַ גאַנצע נאַכט, נייטיקט ער זיך גיכער אין אָפּרוען זיך. באָראָכאָוו האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש שרייבן.

ווען באָראָכאָוו איז אויפן דריטן טאָג פון דער קאָנפערענץ אַריין אין דער פרי אין זאַל, האָבן אים אַלע אויפגענומען מיט גרויס ענטוזיאַזם. דעם איינדרוק וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. די הילכיקע אָוואַציעס האָבן נישט אויפגעהערט לאַנגע מינוטן. ווען ער איז אַריין אין זאַל, האָט מען אים באַוואָרפן מיט בלומען פון אַלע זייטן און דער גאַנצער וועג, פון אַריינגאַנג ביז דעם פרעזידיום־טיש, איז געווען אויסגעשפּרייט מיט בלומען. דער רעגן פון בלומען האָט נישט אויפגעהערט ווען באָראָכאָוו איז שוין געשטאַנען ביים טיש, ס'האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז מען האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו באַגריסן די קאָנפערענץ.

באָראָכאָוו האָט אויף דער קאָנפערענץ רעפערירט וועגן „ארץ־ישראל אין אונדזער פּראָגראַם און טאַקטיק". צוו. אנד. האָט ער געזאָגט: „דער סאָציאַליזם האָט פאַרשידענע מאָמענטן, פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט איז דאָס סאָציאַלי־זאַציע, נאַציאָנאַליזירונג פון די פּראָדוקציע־מיטלען; פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס דיקטאַטור פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. דער סאָציאַליזם האָט אָבער אויך אַ פּסיכאָלאָגישן מאָמענט: ער שטרעבט אָפּצושאַפן דעם אינדיווידואַליזם, צו מאַכן אַ סוף צום תוהו ובוהו, צו דער אנארכיע און הפקרות פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אָט די אַלע דריי מאָמענטן געפינען מיר אין ציוניזם. פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט איז דאָס די קאָנצענטראַציע פון די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל, פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. און אויף דער עמאָציאָנעלער שפּראַך, איז דאָס די שטרעבונג צו אַ זעלבשטענדיקער היים".

„נישט געקוקט אויף מניעות און שטערונגען, ווערט אַלץ גרעסער די קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. די שיטות זענען אויסגעבעסערט געוואָרן און דערנענטערן זיך צום סאָציאַליסטישן אידעאַל. איך בין אויסן די קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניזאַציע בכלל און ספּעציעל די, וואָס ווערט דורכגעפירט אין ארץ־ישראל לויט דעם סיסטעם פון אָפּנהיימער. די דאָזיקע קאָלאָניזאַציע, אין וועלכער עס שפּילן די גרעסטע ראָל די יידישע אַרבעטער, איז אויפן וועג פון אַ סאָציאַליס־טישער געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל. אמת, דאָס איז נאָך נישט קיין סאָציאַליזם, און אויך נישט דער וועג צום סאָציאַליזם, אָבער פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט איז דאָס אַ שול פון קעגנזייטיקער הילף.

דאָרט, אין ארץ־ישראל, איז שוין דאָ אַ יידיש אויטאָנאָם לעבן. דער קליינער ישוב האָט שוין זיין געריכט, זיין פּאָסט, אין דעם קליינעם אויטאָנאָמען ישוב האָט שוין אונדזער אַרבעט זיך פאַרוואָרצלט. דאָרט איז שוין דאָ אַ יידישער אַרבעטער־קלאַס. אמת, אַ קליינער אין צאָל. ער שפּילט אָבער אַ גרויסע ראָל.

וועגן דעם זאָגן עדות די אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וואָס ער האָט דאָרט געשאַפן און וואָס האָבן זוכה געווען צו אַ פולער אָנערקענונג, ווי „השומר", „דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־פאָנד" (קפא"י).

ארץ־ישראל איז אַ האלב אגראר־לאַנד, און דערפאַר איז עס צוגעפּאַסט פאַרן יידישן אימיגראַנט, דעם שטאָט־מענטש.

מען רעדט וועגן מניעות פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל: די טערקישע געזעצגעבונג, דער קליינער שטח, דערצו נאָך די מאָדערנע באַשולדיקונג — אַז מיר ווילן אונטערדריקן און פאַרטרייבן די אַראַבער.

איך דאַרף דערמאָנען, אַז לויט די נייע פאָרשונגען פון חבר בן־צבי, האָט ארץ־ישראל אין אירע ברייטע גרענעצן 80—90 טויזנט קוו. קמ.; דאָרט קאָן עקזיס־טירן אַ באַפעלקערונג פון צענדליקער מיליאָנען איינוווינער. און אפילו אין אירע שמאָלע גרענעצן האָט ארץ־ישראל 27 טויזנט קוו. קמ. און עס קאָן אויף דעם שטח עקזיסטירן ביי ניין מיליאָן איינוווינער. אָבער איצט געפינט זיך דאָרט נאָר אַ האַלבער מיליאָן.

די איצטיקע טערקישע געזעצגעבונג און אַלע פאַראָרדענונגען וואָס זענען דאָרט איינגעפירט, וועלן זיך אומבאַדינגט בייטן נאָך דער מלחמה. ווען עס וועט באַאַרבעט ווערן די ערד, וואָס איז איצט וויסט און ס'וועלן איינגעפירט ווערן נייע ארבעט־סיסטעמען, וועט סטאַיען גענוג אָרט פאַר אונדז און פאַר די אַראַבער".

אין דער פראַגע פון דער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ האָט באָראָכאָוו גע־זאָגט: „מיר וועלן זיך באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז אַלע פראַגן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער מלחמה, וועלן געלייזט ווערן אויף דער שלום־קאָנפערענץ, וואָס וועט צונויפגערופן ווערן דורכן פּראָלעטאַריאַט. די יידן־פראַגע דאַרף נישט געלייזט ווערן אויפן דיפּלאָמאַטישן וועג, דורכן אַרומ־בלאָנקען אין די קאָרידאָרן פון די הויכע לייט פון דער וועלט. זי דאַרף געלייזט ווערן מיטן סוף פון דער מלחמה. מיר דאַרפן אָפּן אַרויסטרעטן קעגן דעם טייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס טאַנצט נאָך דער אַסימילאַטאָרישער בורזשואַזיע. מיר זענען ווייט פון דער אָנשויאונג, וואָס האַלט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז צע־טיילט אויף עטלעכע פעלקער, לויט דער צאָל מלוכות, אין וועלכע יידן וווינען. דאָס יידישע פאָלק הייבט זיך נישט אָן מיט וולאַדיוואָסטאָק, און ענדיקט זיך נישט מיט די גרענעצן פון רוסלאַנד. אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער שלום־קאָנפערענץ דאַרפן מיר אַרויסטרעטן אין נאָמען פון וועלט־יידנטום, דעריבער דאַרף אויך די פראַגע פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ באַטראַכט ווערן אין אַס־פּעקט פון וועלט־מאַסשטאַב. דאָס יידישע פאָלק האָט עקזיסטירט נאָך פאַר דער

קלאַסן־דיפערענציאַציע און מיר וויסן דאָך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיין דאָס פאָלק. מיר וועלן קומען צום קאָנגרעס און מיר וועלן עפנטלעך אַרויסברענגען אונדזער שטרעבונג, ווייל אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פאַלן צונויף מיט די סאָציאַליסטישע. מיר דאַרפן פאָדערן, אַז מען זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט אויפצובויען אין ארץ־ישראל אונדזער היים, אונדזער צוקונפט. מיר דאַרפן פאָדערן, אַז ארץ־ישראל זאָל ווערן אַן אַדמיניסטראַטיווער איינס אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון וואָסער נישט איז מדינה. מען דאַרף דאָרט אַרויסגעבן אַ נייעם דעמאָקראַטישן אַגראַר־געזעץ און דורכפירן סאָציאַלע רעפאָרמען. מיר וועלן פאָדערן רעכט אויף קאָלאָניזאַציע, פרייער עליה און נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג".

די קאָנפערענץ האָט זיך געצויגן 5 טעג. אין דער פּאָליטישער פראַגע האָבן זיך אַרויסגעוויזן ערנסטע חילוקי־דעות צווישן אונדז, דעם צענטער און דער באָלשעוויסטישער פראַקציע. ס'איז דעריבער אויסגעוויילט געוואָרן פאַר דער פראַגע אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, אין וועלכער עס זענען אַריין: ז. אַבראַמאָוויטש, פון די „באָלשעוויקעס", איך פון צענטער און באָראָכאָוו אַלס בורר. ווייזט אויס, אַז פון די אַלע „פּלעכאַנאָווישע" מיינונגען פון באָראָכאָוו, איז קיין זכר נישט געבליבן און ער איז דאָס טאַקע געווען דער פאַרמיטלער צווישן צענטער און דער „באָלשעוויסטישער" פראַקציע. אין רעזולטאַט פון זיין פאַרמיטלונג זענען אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע מסקנות:

1. אין דעצידירנדיקן מאָמענט פון די שווערסטע נסיונות און די גרעסטע סכנות פאַר די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע און פאַרן קיום פון דער מדינה, רופט די קאָנפערענץ אַלע עלעמענטן פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע און אירע אַנשטאַלטן, אויסצונוצן אַלע מיטלען און צונויפזאַמלען אַלע כוחות, אויף צו שאַפן און אָפּהיטן דעם פאַראייניקטן רעוואָלוציאָנערן פראָנט קעגן אַלע פּרוּוון פון דער קאָנטררעוואָלוציע.

2. די קאָנפערענץ האַלט פאַר נויטווענדיק, אַז אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען פון אַרבעטער־קלאַס, פון פּויערנטום און פון מיליטער אין רוסלאַנד זאָלן שטיין אויף דער וואַך פון דער אייניקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע און זיי זאָלן אויספילן די באַשלוסן פון די סאָוויעטן וואָס זענען זייערע באַפולמעכטיקטע אינסטיטוציעס.

3. די קאָנפערענץ האַלט פאַר לעבנסנויטווענדיק צו שאַפן אַ שטאַרקע מאַכט אין באַשטאַנד פון די פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, וואָס וועט זיך שטיצן אויף אירע אָרגאַניזאַציעס.

4. אלס איינציק מיטל גובר צו זיין דעם חורבן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין רעזולטאַט פון דער מלחמה, און כדי אויפצוריכטן די צעשטערטע ווירטשאַפט,

וואָס זיי זענען די עיקר־סיבות פון אַלע אומגליקן אין דער איצטיקער, רעוואָלו־ציאָנערער צייט, פאָדערט די קאָנפערענץ פון דער רעגירונג צו מאַכן פאָלגנדיקע שריט:

א. אָפּזאָגן זיך פון מעטאָד פון רעפּרעסיעס לגבי רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן און פון דער נישט קלאָרער ליניע און סיסטעם פון פּשרהדיקייט בנוגע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן; דורכצופירן קאָנסעקווענט די דעמאָקראַטיזאַציע פון העכערן מיליטערישן אַפּאַראַט.

ב. אַ גיכע און פאַרשטאַרקטע רעאַליזאַציע פון די נייטיקע רעפאָרמעס — עקאָנאָמישע, אַגראַרע און נאַציאָנאַלע, ווי זיי זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער צענטראַלער עקזעקוטיווע; צונויפרופן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין באַשטימטן טערמין.

ג. אַן אָפיציעלע און ענערגישע אונטערשטיצונג פאַר קאָנטינואירן די שריט פון די סאָוויעטן און פון די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן אויף צו דערגרייכן אַ תיכּפדיקן שלום, אָן אַנעקסיעס און אָן קאָנטריבוציעס, אויפן יסוד פון נאַציאָ־נאַלן זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פון אַלע פעלקער.

אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקער באַשלוס:

1. גרונט־צוגאַנג

די קאָנפערענץ אָנערקענט, אַז ביי די אַלע ענדערונגען און פאַרבעסערטע באַדינגונגען אין רעזולטאַט פון דער אַלרוסלענדישער רעוואָלוציע, פון יורידישן און עקאָנאָמישן מצב פון די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד און אין די שכנותדיקע לענדער, האָט די רעוואָלוציע נישט אָפּגעשאַפן די הויפּט־אַנאָמאַליע פון לעבן פון די יידן — די עקסטעריטאָריאַלקייט פון יידישן פאָלק; אַז די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פון יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער, קאָן נאָר אָפּשוואַכן אָבער נישט אָפּשאַפן די שעדלעכע רעזולטאַטן פון דער יידישער עקסטעריטאָריאַלקייט — די סאָציאַלע און פּאָליטישע באַגרענעצונגען פאַרן קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און די יידישע מאַסן־עמיגראַציע. דערפאַר באַשטעטיקט נאָכאַמאָל די קאָנפערענץ און שטרייכט אונטער די שטעלונג פון דער פּאַרטיי אין דער פראַגע פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פון יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. אַזוי באַשטעטיקט נאָכאַמאָל די קאָנפערענץ די שטעלונג, אַז די ארץ־ישראל־טעטיקייט פון יידישן ארבעטער־קלאַס איז אין ראַם פון זיין קלאַסן־קאַמף און פון זיין זעלבשטענדיקער קלאַסן־אַקטיוויטעט.*)

*) די דאָזיקע באַשלוסן וואַרפן אָפּ די טענה, וואָס עס האָט אַמאָל אַרויסגערוקט דער חבר בערל קאַצענעלסאָן ז״ל, אַז פּועלי־ציון זאָלן האָבן געווען קעגן דער עליה קיין ארץ־ישראל,

2. דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל.

רעכנענדיק זיך מיטן פאַקט, אַז דער נסיון פון דער מלחמה וועט אומבאַדינגט דערפירן צו אַ מאַקסימאַלער אויפלעבונג פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם און צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער השפעה פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אויף די באשלוסן וועגן שלום; נעמענדיק אויך אין באַטראַכט, אַז די דאָזיקע השפעה באַזירט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, האַלט דעריבער די קאָנפערענץ, אַז אזא רעוואָלוציאָנערע תקופה אין דער געשיכטע פון דער וועלט עפנט ברייטע אויסזיכטן פאַר דער רעאַליזאַציע פון אונדזערע פאָדערונגען בנוגע אונדזער נאַציאָנאלער אויטאָנאָמיע און די ארץ־ישראל־פאָדערונגען.

אין איינקלאַנג דערמיט שטיצט די קאָנפערענץ דעם ארויסטריט פון אונדזער פאַרבאַנד־ביוראָ אויף דער אינטענאַציאָנאלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ אין שטאָקהאָלם.

3. ארץ־ישראלדיקער קאָמיטעט.

די קאָנפערענץ וועט אויסוויילן אַ באזונדערן קאָמיטעט פאַר ארץ־ישראל, וואָס זיין אויפגאַבע וועט זיין צו פירן די גאַנצע פראָפּאַגאַנדע און די פינאנסיעלע טעטיקייט אונטער דער אויפזיכט פון צענטראַל־קאָמיטעט.

4. וועגן ציוניסטישן קאָנגרעס.

נעמענדיק אין באַטראכט די זעלבשטענדיקייט און קלאַסן־כאַראַקטער פון אונדזער ארץ־ישראל־טעטיקייט, באַשטעטיקט די קאָנפערענץ די באשלוסן פון די פריערדיקע קאָנפערענצן אין דער פראַגע פון דער נישט־באַטייליקונג פון אונדזער פאַרטיי אין ציוניסטישן קאָנגרעס.

ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן, האָבן מיר מיט צען יאָר צוריק, אויף דער קראָקעווער קאָנפערענץ, געהאַט אַ וויכוח מיט באָראָכאָוון וועגן פּרינציפּיעלן און פּראַגמאַטישן ציוניזם. איצט איז געקומען באָראָכאָוו און האָט אין זיינע אַרויס־טריטן אונטערגעשטראָכן דעם אידעאַליסטישן מאָמענט אין דער פראַגע פון

און אַז „די אידעאָלאָגיע פון פועלי־ציון האָט אפילו געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט עולה זיין קיין ארץ־ישראל“. אויף דעם האָט שוין רעאַגירט י. בן־צבי אין זיין אַרטיקל אין „דבר“ פון 28־טן מערץ 1945. ס׳איז פונקט פאַרקערט: די אידעאָלאָגיע פון פועלי־ציון איז געווען פאַר אַן עליה קיין ארץ־ישראל, גלייבנדיק, אַז די עליה וועט שטאַרקער ווערן און וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סטיכישער, אין אַ מאַסן־עליה — און נישט נאָכן נצחון פון דער רעוואָלוציע און סאָציאַליזם, נאָר שוין איצטער. און אַזוי האָבן פאַקטיש געהאַנדלט די מיטגלידער פון פועלי־ציון. סיי חברים פון דער אָנפירונג, סיי געוויינלעכע מיטגלידער האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געוואָרן די גרונטלייגער אינעם אויפבוי פון יידישן פאָלק אין זיין היימלאַנד.

ארץ־ישראל. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט מיט די ענדערונגען וואָס זענען פאָר־געקומען אין זיינע אָנשויאונגען.

אָבער בעת מיר האָבן נאָך אויך אונטערגעשטראָכן דעם מאַטעריאַליסטישן מאָמענט, האָט באָראָכאָוו געזען אין אידעאַליסטישן מאָמענט אַ זעלבשטענדיקן פאַקטאָר אין באַגרינדן דעם ארץ־ישראל־געדאַנק. היות אונדזערע באַשלוסן זענען פאַרשריבן געוואָרן אויף יידיש, האָט באָראָכאָוו, געטריי זיין שיטה, פאָרגעלייגט צו שרייבן אומעטום אין די באַשלוסן „ארץ־ישראל" און נישט „פּאַלעסטינע". מיר האָבן אין דעם געזען, ריכטיק אָדער נישט־ריכטיק, זיין ווילן אונטערצו־שטרייכן דעם אידעאַליסטישן מאָמענט אין דער באַגרינדונג פון ארץ־ישראל־געדאַנק. ס'איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געהיימע אָפּשטימונג און מיט א קליינער מערהייט שטימען איז באַשלאָסן געוואָרן צו שרייבן ווי פריער „פּאַלעסטינע". ווי פריקרע ס'זאָל נישט זיין איצט פאַר מיר, וועל איך נישט פאַרטייען דעם אמת, אַז אויך איך האָב דאַן געשטימט פאַר „פּאַלעסטינע".

אין דער פראַגע פון אונדזער באַטייליקונג אין קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אַ שטורמישע דיסקוסיע. ס'איז נישט ריכטיק, אַז מיר האָבן באַשלאָסן נישט אָנטייל־צונעמען אין קאָנגרעס, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט זיצן צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע. מיר זענען געזעסן צוזאַמען מיט איר אין פיל ערטער, ווי אין דער דעמאָקראַטישער קהילה און אויף דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. ס'זענען געווען אַ סך טיפערע מאָטיוון: מיר זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז דעם פּראָלעטאַרישן ציוניזם וועט מען קאָנען פאַרווירקלעכן נאָר אויפן וועג פון קלאַסן־קאַמף, און ווי באָראָכאָוו האָט דאָס פאָרמולירט: אויפן וועג פון קלאַסן־אַקטיווקייט. מיר האָבן אָבער נישט געזען קיין שום מעגלעכקייט צו קאָנען באַ־ווירקן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס מיט דער אַקטיווקייט. מיר האָבן נישט געהאַלטן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס פאַר א פּאַסיקער אַרענע צו פירן א קלאַסן־קאַמף, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויפצוצווינגען דער בורזשואַזיע אונ־דזערע פאָרלאַנגען. זי האָט געקאָנט אין יעדן פאַל רעזיגנירן פון איר אָנטייל אין דער פרייוויליקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ווען איך שאַץ היינט אָפּ אויף אַ רעטראָספּעקטיוון אופן די שטעלונג, ווייזט זיך מיר אויס, אַז די מיינונג איז געווען ריכטיק ביז דער צייט, ווען דער קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן פּאַקטיש משפיע זיין אויף דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. פון דאַן אָן האָט מען געדאַרפט ענדערן די טאַקטיק, און איך מוז מודה זיין, אַז מיר האָבן דאָס פאַרשפּעטיקט צו טאָן, צוליב דער געדאַנקלעכער אינערציע.

וואָס שייך אונדזער פּראַקטישער ארבעט אין ארץ־ישראל, זענען מיר נאָך דעמאָלט געווען זייער ווייט פון רעאַלן ארץ־ישראל. די פראַגע פון ארץ־ישראל איז ביי אונדז געווען בעיקר אַ טעאָרעטישע פראַגע. אין איר האָבן מיר זיך

פּאַרטיפּט, זוכנדיק אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג. באָראָכאָוו, וואָס האָט געגעבן די פאָרמולירונג פון קלאַסן־אַקטיווקייט, האָט געוואָלט מיט דעם זאָגן, אַז קלאַסן־קאַמף איז דאָס איינציקע מיטל פון פּראָלעטאַריאַט צו פאַרווירקלעכן זיין טרוים, אַריינרעכענענדיק אין דעם אויך די קאָנסטרוקטיווע קלאַסן־אַקטיווקייט אויפן געביט פון דער ווירטשאַפטלעכער בויאונג. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין קלאָרע ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון אונדזערע חברים אין ארץ־ישראל בעת דער מלחמה. מיר האָבן אָבער שוין עפּעס געהערט וועגן דער לאַנדווירט־שאַפטלעכער קאָאָפּעראַציע. מיר האָבן אויך געהערט וועגן דער „קאָאָפּעראַציע" פון פּראָפעסאָר אָפּנהיימער. דאָך האָבן מיר זיך מיט דעם זייער ווייניק פאַרנומען און מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס מיר האָבן צו טאָן אויף דעם געביט. זייענדיק שטאַרק אין טעאָריע און אין אַנאַליז, און דאָס אַדאַנק באָראָכאָוון, זענען מיר אָבער זייער שוואַך געווען אין דער פּראַקטישער טעטיקייט. די איינציקע פּראַק־טישע זאַך איז געווען דער ציוניסטישער קאָנגרעס. מיר האָבן אָבער נישט געזען אין אים קיין שום נוצן, און לויט אונדזערע אָנשויאונגען, האָבן מיר זיך נישט געקאָנט באַטייליקן אין קאָנגרעס, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט אים משפּיע צו זיין. ערשט דעמאָלט ווען עס איז באַנייט געוואָרן די לעבעדיקע פאַר־בינדונג צווישן דער באַוועגונג אין חוץ־לארץ מיט אונדזערע חברים אין ארץ־ישראל, האָבן מיר זיך געקאָנט פאָרשטעלן וואָס מיר האָבן צו טאָן. אָבער דאָס איז געשען ערשט אין צוויי יאָר אַרום. דאַן האָט זיך צווישן אונדז, די חברים פון פּועלי־ציון אויף מזרח און די חברים פון ארץ־ישראל און אַנדערע לענדער, אָנגעהויבן דער גרויסער וויכוח וועגן אונדזער באַטייליקונג אין די אינסטיטוציעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין דער פּראַקטישער ארבעט אין ארץ־ישראל, וואָס זיינע רעזולטאַטן זענען געווען זייער וויכטיקע.

אויף דער קאָנפערענץ זענען אויך אָנגענומען געוואָרן באַשלוסן אין דער פראַגע פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. אַזוי איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אָנטיילצונעמען אין די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג מיט אַ זעלבשטענדיקער ליסטע, הגם מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר האָבן שוואַכע שאַנסן דורכצופירן אונדזערע דעפּוטאַטן. בלויז אין אויסנאַמפאַלן האָבן מיר געמעגט מאַכן אַ בלאָק מיט סאָציאַליסטן. די קאָנפערענץ האָט אויך באַשלאָסן צו מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונג אַרויסצוגעבן אַ טאָג־צייטונג. דער באַשלוס איז אָנגע־נומען געוואָרן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאַזם. פיל חברים האָבן אויפן אָרט אַריינגעטראָגן זייער באַשטייערונג, וויפל זיי האָבן געהאַט מיט זיך. חברטעס האָבן אויסגעטאָן די אויערינגלעך און רינגען און עס אַוועקגעלייגט אויפן פּרעזידיום־טיש.

*

נאָך דער קאָנפערענץ האָב איך זיך אומגעקערט קיין פּעטראָגראַד. באָראָ־כאָוו איז פאַרבליבן אין קיעוו, כדי צו באַטייליקן זיך אין אונדזער נאָמען אין דער פעלקער־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין קיעוו צווישן 8—15 סעפּ־טעמבער. ווי מען האָט אונדז איבערגעגעבן, האָט זיין אָנטייל אין דער קאָנפערענץ געמאַכט אַ גרויסן רושם. מען האָט זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס אָנערקענונג און אין די אָנגענומענע באַשלוסן איז געווען קענטיק זיין השפעה. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ ריי באַשלוסן וועגן פעדעראַטיוון צוזאַמענשטעל פון דער רוסלענדישער רעפּובליק, וועגן נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די פעלקער פון רוסלאַנד, ווי ווייסרוסן, לעטן, ליטווינער א. אנד.. די קאָנפערענץ האָט אויסגעוויילט אַ פעלקער־ראַט און באַשלאָסן צו שיקן אין זיין נאָמען אַ דעלעגאַציע צו דער דעמאָקראַטישער באַראַטונג, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין פּעטראָגראַד דעם 14־טן סעפּטעמבער.

אויף דער מלוכהשער באַראַטונג אין מאָסקווע דעם 14־טן אויגוסט, איז געלייענט געוואָרן אַ דעקלאַראַציע אין נאָמען פון אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין דער דעקלאַראַציע איז געווען געשילדערט דער מצב פון יידישן פאָלק און פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער נייער צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער דריטער קאָנפערענץ, (באָראָ־כאָוו, באַרו, אַבראַמאָוויטש, ניר, קענדזשערסקי, רעוווצקי, טענענבוים, אסארקאן; ברייטער, גאָלדעלמאַן, בערלינראַוט, מענטשיקאָווסקי, קיווין, כאַשין און קופּער־וואַסער), האָט באַשלאָסן צו דעלעגירן דעם חבר באַרו אויף דער דעמאָקראַטישער באַראַטונג אין פּעטראָגראַד און אים באַפולמעכטיקט אַרויסצוטרעטן דאָרט קעגן אַ קאָאַליציע מיט די באַזיצנדיקע עלעמענטן („צענזאָוויע" — ווי מען האָט זיי דעמאָלט באַצייכנט) און פאָדערן אויפצושטעלן אַ מאַכט, וואָס זאָל זיין פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער אָרגאַניזירטער דעמאָקראַטיע. באַרו האָט צוגעגרייט אַ שיינע רעדע, אָבער זיין צייט איז באַגרענעצט געוואָרן ביז 10 מינוט און ער האָט באַוויזן צו האַלטן נאָר אַ העלפט פון זיין רעדע. אין דער „כראָניקאַ" האָב איך אָפּגעדרוקט זיין גאַנצע רעדע, אויך דעם טייל וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן בעת זיין אַרויסטריט. אויף דער באַראַטונג איז אויך אַרויסגעטראָטן באָראָכאָוו, ווי איינער פון דער פינף־פּערזאָניקער דעלעגאַציע פון פעלקער־ראַט. באָראָכאָוו האָט זיך נישט אויסגעצייכנט אַלס רעדנער, ער האָט געהאַט אַ שוואַכע שטים. נישט איינמאָל האָט ער זיך פאַר מיר באַקלאָגט אויף דעם חסרון. ער האָט מיר אפילו אַמאָל געזאָגט, אַז ער האָט בדעה צו באַזוכן אַ שול פאַר רעדנער־קונסט. איך האָב דעמאָלט געלאַכט דערפון און איך האָב אים געזאָגט, אַז דער אינהאַלט פון

זיינע רעדעס איז אַ סך וויכטיקער פון זייער דרויסנדיקער שאָל. פאַרשטייט זיך, אַז אין איבערפולטן טעאַטער־זאַל — קיין הילכער זענען דאָן נישט געווען — האָט מען אים כמעט נישט געהערט. דאָסמאָל איז דער אינהאַלט אויך נישט געווען אין אונדזער גייסט. אין די צייטונגען האָט מען געפעלשט זיין נאָמען און מען האָט אָנגעגעבן, אַז אין נאָמען פון די פעלקער איז אַרויסגעטראָטן שאַראַכאָוו.

פון 24־טן ביזן 29־טן סעפטעמבער, איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער פּלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט מיטן אָנטייל פון באַראַכאָוון. ער איז אויך געווען דער פאָרזיצער. אויף דער זיצונג האָבן מיר באַשטימט די קאַנדידאַטן־ליסטעס צו די וואַלן צו דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ און צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. אַלע האָבן מסכים געווען, אַז דער ערשטער אויף די קאַנדידאַטן־ליסטעס דאַרף זיין באַראַכאָוו. באַראַכאָוו האָט אָבער פאָרגעלייגט כאַשינען און נישט צוליב עניוות, נאָר ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז כאַשין איז פאַררעכנט אַלס מער רעכטער און איז נאָענט מיט זיינע אָנשויאונגען צו די „צעירי־ציון", וועט ער אָנציען שטימען פון סתם־ציוניסטן און פון „צעירי־ציון". אויפן צווייטן אָרט האָב איך פאָרגעלייגט באַרון, מיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן. מיך האָט מען באַשטימט אויפן דריטן אָרט. אויף דער זיצונג איז גענומען געוואָרן צו קענטעניש דער באַריכט פון אונדזער פּאָליטישער רעפּרעזענטאַנץ אין פּעטראָגראַד (באַרו און איך), און באַרוס אַרויסטריט אויף דעם ראַט פון דער רוסישער רעפּובליק („פאָרפּאַרלאַמענט"). ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז די „כראָניקאַ" וועט אויף ווייטער דערשיינען 2 מאָל אַ חודש, אונטער דער רעדאַקציע פון באַראַכאָוון און נירן. דאָס איז געווען נאָר אַ פאָרמעלער באַשלוס, ווייל באַראַכאָוו האָט זיך כמעט נישט געפונען אין פּעטראָגראַד. אַלס פאָרזיצער פון ארץ־ישראל־דיקן קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן אַניוטין־יארבלום. דעמאָלט איז אין שטאָט איינגעאָרדנט געוואָרן אַן עפנטלעכער רעפעראַט פון באַראַכאָוון, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די צוהערער. איך געדענק פאָלגנדיקן אָפּזאַץ פון באַראַכאָווס רעפעראַט: „מיר זענען ציוניסטן־סאָציאַליסטן, מיר זענען אָבער נישט קיין סאָציאַליסטן אויף 50% און ציוניסטן אויף 50%, נאָר הונדערט־פּראָצענטיקע סאָציאַליסטן און הונדערט־פּראָצענטיקע ציוניסטן".

פון מאָסקווע איז באַראַכאָוו צוריקגעפאָרן קיין קיעוו, כדי צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די אוקראַינישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן וועגן אַ וואַל־בלאָק צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. פון קיעוו האָבן מיר פון אים באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט „צוליבן פלענאַרן מבול פון רייד". ער איז אויסן געווען אונדזער פּלענום, וואָס האָט זיך צו לאַנג פאַרצויגן. צוליב דער פאַרשפּעטיקונג האָט מען אים באַשטימט צו פאָרן קיין טשערניגאָוו, כדי דאָרט צו פאַרשטענדיקן זיך מיט די אוקראַינער. ער איז געפאָרן מיט אַ שיף אויפן

דניעפּער, ער האָט נישט געהאַט מיט זיך קיין וואַרעמען מאַנטל, האָט ער זיך פאַרקילט, באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג און איז שוין פון דער קראַנקייט מער נישט אויפגעשטאַנען.

בערך אין דער צייט האָבן מיר אין פּעטראָגראַד באַקומען אַ בריוו פון שרייבער ש. אַנסקי. אַנסקי האָט געשריבן, אַז די חילוקי־דעות צווישן אים און אונדז זענען נאָר אין תחום פון פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען (אַנסקי איז געווען אַן ס.ר. און אַלס אַזעלכער איז ער געווען אַן אידעאַליסט און ווייט פון מאַרקסיזם), היות אָבער די קהילות און די יידישע אַלרוסלענדישע קאָנפערענץ וועלן נישט זיין קיין טריבונע פאַר פילאָזאָפישע דיסקוסיעס, לייגט ער פאָר, אַז מען זאָל אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור אויף אונדזער ליסטע, אויף אַן אָרט וואָס האָט אויסזיכטן דורכצוגיין אין די וואַלן צו דער פּעטראָגראַדער קהילה און צו דער קאָנפערענץ. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז געגרן איינגעגאַנגען אויף זיין בקשה. מיר האָבן אָבער נישט געקאָנט מסכים זיין, ער זאָל אונדז רעפּרעזענטירן אין דער פּעטראָגראַדער קהילה, ווייל ער איז געווען ווייט פון אונדזער פּאַרטיי און מיר האָבן נישט געהאַט קיין שאַנסן דורכצופירן מער ווי איין קאַנדידאַט. אין פּעט־ראָגראַד איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן באַראָכאָווס קאַנדידאַטור אויפן ערשטן אָרט און מיינע — אויפן צווייטן. דאַקעגן האָבן מיר אַנסקיס קאַנדידאַטור אַרויסגע־שטעלט אויפן ערשטן אָדער צווייטן אָרט אויף עטלעכע פון אונדזערע ליסטעס צו דער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. אַזוי האָבן מיר אין אָדעסער קרייז אַרויס־געשטעלט די קאַנדידאַטור פון אַדוואָקאַט שמוליאַן אויפן ערשטן אָרט און אַנסקיס קאַנדידאַטור אויפן צווייטן אָרט און זיי זענען ביידע אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַטן צו דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ.

דאָס אָרגאַניזיר־ביוראָ פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ האָט געאַרבעט זייער ענערגיש. די צוגרייטונגען צו דער קאָנפערענץ זענען דורכגעפירט געוואָרן אין אַ שנעלן טעמפּ. ביי דעם אָרגאַניזיר־ביוראָ זענען געווען טעטיק עטלעכע קאָמיסיעס, ווי אַ יורידישע קאָמיסיע, מאַנדאַט־קאָמיסיע, הויפּט־ביוראָ פון די וואַלן, סטאַטוט־קאָמיסיע. די יורידישע קאָמיסיע האָט זיך פאַרנו־מען מיט באַשטימען די וואַל־קרייזן, מיטן באַטראַכטן די אָנקלאַגעס פון פאַרשי־דענע ערטער וועגן נישט ריכטיקן איינשליסן זיי צו נישט זייערע ראַיאָנען, מיט דער אויפזיכט איבער דער פאַרטיילונג פון די מאַנדאַטן און מיט ענלעכע פראַגן. די זיבן־פערזאָניקע סטאַטוט־קאָמיסיע (באַרו, בעלקאָווסקי, עפּשטיין, מגידסאָן, טיאָמקין, פרידמאַן און איך), האָט זיך אין איר אַרבעט געשטיצט אין אַ געוויסער מאָס אויפן סטאַטוט פון דער ערשטער דומע. צוו. אַנד. איז פאַר דער יורידישער קאָמיסיע געשטאַנען די פראַגע, צי האָבן משומדים רעכט אָנטיילצונעמען אין די וואַלן. איך האָב געהאַלטן, אַז היות ווי דאָס יידנטום איז נישט קיין רעליגיעזע

גרופּע, נאָר אַ נאַציאָנאַלע, איז אויב אַ מענטש דעקלאַרירט זיך אַלס ייד, האָט ער דאָס רעכט אָנטיילצונעמען אין די וואַלן. ביז אָקטאָבער פון יאָר 1905, האָט אַ געשמדטער ייד נישט געטאָרט אומקערן זיך צום יידישן גלויבן. די פּאָליציי האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, צי די מענטשן זענען באמת קריסטן, אָדער זיי פּילן נאָך אויס אין געהיים די געבאָטן פון דער יידישער רעליגיע. דער מאַנפיעסט פון 17־טן אָקטאָבער פון יאָר 1905 האָט דערלויבט משומדים אומקערן זיך „צום גלויבן פון זייערע עלטערן". אין יאָר 1916 האָט זיך צו מיר געווענדט אַ געשמדטע אַקטריסע, איך זאָל איר העלפן אומקערן זיך צום יידישן גלויבן. איך האָב אָפּגע־געבן אַ סך מי אויף אויסצוגעפינען דעם פּאַראַגראַף וועגן רעכט אומצוקערן זיך צום פריערדיקן גלויבן. סוף כל סוף האָב איך צווישן די 16 בענדער פון דער רוסישער געזעצגעבונג געפונען אין 5־טן באַנד דעם דאָזיקן פּאַראַגראַף, ווו עס האָט זיך גערעדט וועגן דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי אויף די משומדים, און ס'איז אויך געווען דער צוגאָב פון יאָר 1905 וועגן רעכט פון יידן־משומדים אומ־צוקערן זיך צו זייער רעליגיע.

די מערהייט פון דער יורידישער קאָמיסיע האָט אָבער באַשלאָסן, אַז משומדים און זייערע ווייטערדיקע דורות האָבן נישט קיין רעכט אָנטיילצונעמען אין די וואַלן צו דער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ.

די קאָנפערענץ איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן אויף אָנהייב דעצעמבער. צוליב די פּאָליטישע געשעענישן זענען די וואַלן עטלעכע מאָל איבערגערוקט געוואָרן אויף שפּעטערדיקע טערמינען. ענדלעך זענען די וואַלן פאָרגעקומען. די קאָנפערענץ איז שוין אָבער נישט צושטאַנדגעקומען.

## אָקטאָבער 1917 — דעצעמבער 1918

די דעמאָקראַטישע באַראַטונג האָט אויסגעוויילט אַ ראַט פון דער רוסישער רעפּובליק, דעם „פּרעדפּאַרלאַמענט", וואָס האָט געהאַט אַ קליינע באַדייטונג. די באָלשעוויקעס האָבן נישט אָנטיילגענומען אין דעם „פּרעדפּאַרלאַמענט". ס'איז נישט געקומען צו קיין שום פּשרה אין דער פראַגע פון דער מאַכט. די באָלשעוויקעס האָבן געפאָדערט איבערצוגעבן די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן. די מענשעוויקעס האָבן נישט געהאַט דעם מוט צו צעשיידן זיך מיט דער בורזשואַזיע; און די מענשעוויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן — מיר בתוכם — האָבן אויך נישט געפונען קיין לייזונג אין דער פראַגע פון דער מאַכט. אין אונדזערע באַשלוסן איז בלויז קלאָר געוואָרן דער נעגאַטיווער טייל, אַז מיר זענען קעגן דעם באַטייליקן זיך פון די באַזיצנדיקע עלעמענטן אין דער מאַכט. אויף דער ערשטער אָפּשטימונג אין „פּרעדפּאַרלאַמענט", איז מיט 766 שטימען פאַר, און 633 קעגן, אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו שאַפן אַ קאָאַליציע־רעגירונג מיטן אָנטייל פון די באַזיצנדיקע עלעמענטן. דערנאָך איז אָנגענומען געוואָרן אַן אויסבעסערונג — אויסער די קאַדעטן. בעת דער צווייטער אָפּשטימונג, שוין מיט דער אויסבעסערונג, איז דער גאַנצער באַשלוס דורכגעפאַלן. מיר האָבן אַלע געוואָלט אַ רעגירונג פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, אָבער ווי דאָס צו פאַרווירקלעכן האָט קיינער נישט געוווסט.

די סיטואַציע אין לאַנד איז אַלץ ערגער געוואָרן. די דריי רעגירונגען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן איינע נאָך דער אַנדערער, פון פעברואַר ביז אָקטאָבער, זענען געווען שוואַך און גאָרנישט אויפגעטאָן. די מלחמה, וואָס די רעוואָלוציאָנערע כוחות האָבן געפאָדערט זי איבערצורייסן, האָט זיך געצויגן אָן אַ סוף און אין אַ פאָרם פון אַ פולשטענדיקער אַנאַרכיע. אין מיליטער איז נישט געווען קיין שום דיסציפּלין. די זעלנער האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן פון פראָנט. די זעלנער־פּויערים האָבן געוווסט, אַז די לאַגע אויפן דאָרף איז זייער אַ שלעכטע, ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל באַאַרבעטן די פעלדער, ס'איז נישטאָ קיין ברויט. עס האָט זיי דערעסן די מלחמה, און זיי זענען אַוועק אין זייערע היימען. דער פראָנט האָט געהאַלטן אין פאַנאַנדערפאַלן זיך. די אָפיצירן האָבן מורא געהאַט פאַר די זעלנער, זייער לעבן איז געהאָנגען אויף אַ האָר. אַ טייל פון זיי איז אַנטלאָפן פון

פראָנט פאַר שרעק, און אַ צווייטער — האָט נאָך קאָרנילאָווס אויפשטאַנד פאַר־לאָזט דעם פראָנט צוליב פּרינציפּיעלע טעמים.

די פאַרזאָרגונג פון אַפּראָוויזאַציע פאַר דער באַפעלקערונג איז געווען נישט קיין רעגולערע. באַזונדערס איז גרויס געווען דער הונגער אין פּעטראָגראַד, צוליב איר ווייטקייט פון צענטער. דער טראַנספּאָרט איז געווען פּאַראַליזירט און מען האָט נישט געבראַכט קיין פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין. אויף קאַרטלעך האָט מען געטיילט קליינע פּאָרציעס ברויט. ס׳איז געווען אַ שטאַרקער ווינטער און ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו הייצן די וווינונגען. די אייביקע פאָדערונג פון רוסישן פּויער — מען זאָל אים געבן ערד — איז נישט באַפרידיקט געוואָרן. די צייטווייליקע רעגירונג האָט באַשטימט קאָמיסיעס נאָך קאָמיסיעס, וואָס האָבן געפּאָרשט די פראַגע אָן אַ סוף, דער פּויער האָט אָבער געפאָדערט ערד אָן שום חקירות, אין פיל ערטער זענען די פּריצים אַנטלאָפן און געלאָזן אויף הפקר זייערע גיטער. די פּויערים האָבן אונטערגעצונדן זייערע הייזער, צערויבט זייער פאַר־מעגן און פאַרטיילט צווישן זיך די ערד.

פיל פאַבריקן האָבן כמעט נישט געאַרבעט, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין רוישטאָפן. די אַרבעטער האָבן נישט באַקומען זייערע שכירות און געווען אויסגעהונגערט נאָך ברויט. דיביידע לאָזונגען פון דער רעוואָלוציע: אַ סוף צו דער מלחמה און ברויט פאַרן פאָלק — זענען נישט באַפרידיקט געוואָרן, און די אַנטוישונג איז געווען גרויס.

אין די זומער־חדשים איז זייער אויסגעוואַקסן די פּאַרטיי פון די ס.ר.׳ן. די אַלטע לאָזונגען „ערד און פרייהייט" האָבן צוגעצויגן די פּויערים און די אומפּאַרטייאישע אינטעליגענץ. ווען אין זומער זענען דורכגעפירט געוואָרן די וואַלן צו די שטאָט־פאַרוואַלטונגען אין דער גרעסטער צאָל שטעט פון רוסלאַנד, האָבן די ס.ר.׳ן כמעט אין יעדער שטאָט באַקומען די מערהייט. צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס האָבן זיי כמעט אין אַלע ראַטן געבילדעט אַ מערהייט. אָבער אין האַרבסט, ווען דער מצב האָט זיך נישט בלויז נישט פאַרבעסערט אַדאַנק דער רעוואָלוציע, נאָר פאַרערגערט, האָט זיך געשאַפן אַן אַלגעמיינע אַנטוישונג. די גאַנצע טעטיקייט פון דער רעגירונג, וואָס האָט געזוכט אַן אויסגאַנג פון דער שווערער לאַגע, האָט זיך אויסגעדריקט נישט מער ווי אין דעם, וואָס זי האָט אויסגעטיילט עטלעכע קאָמיסיעס אויף צוצוגרייטן די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. „די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג" איז געוואָרן פאַר דער רעגירונג יענץ צויבער־שטעקעלע, וואָס דאַרף זיך באַווייזן און לייזן אַלע פּראָבלעמען. אָבער די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זענען אויך אָפּגעלייגט געוואָרן פון חודש צו חודש.

אין אַזאַ מצב האָבן די קלאָרע פאָדערונגען פון די באָלשעוויקעס, — איבערצוגעבן די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן און פאַר יעדן פּרייז מאַכן אַ סוף צו דער מלחמה — אַלץ מער באַהערשט די מאַסן. די מאַסן, וואָס האָבן זיך אַנטוישט אין דער רעוואָלוציע און אין די כוחות, וואָס האָבן מיט איר אָנגעפירט, האָבן זיך איבערגעוואָרפן צו די, וואָס האָבן צוגעזאָגט אַלץ.

אין עצם זענען סיי די באָלשעוויקעס, סיי די אינטערנאַציאָנאַליסטן געווען גרייט, גלייך נאָך דער רעוואָלוציע צו שליסן אַ סעפּעראַטן שלום. דער געדאַנק איז אָבער אין די חדשים פעברואַר־מערץ געווען אַזוי נישט פּאָפּולער, אַז עס וואָלט געווען נישט שכלדיק אַרויסצוטרעטן מיט דער לאָזונג אין דער עפנטלעכקייט. דערפאַר האָבן זיך ביידע פּאַרטייען באַגנוגנט מיט דער פאָדערונג צו באַווירקן די דעמאָקראַטישע פעלקער פון די קעמפנדיקע מלוכות, זיי זאָלן איינגיין אויף אַ תיכפדיקן שלום. אין די זומער־חדשים האָט זיך די מלחמה אַזוי איינגעגעסן ביי די מאַסן, אַז מען האָט שוין געקאָנט רעדן וועגן אַ סעפּעראַטן שלום. באַזונדערס, ווען אַלע ווענדונגען צו דער דעמאָקראַטיע זענען געבליבן אָן שום רעזולטאַט. מיט דעם לאָזונג, צו שליסן תיכף אַ שלום, האָבן די באָלשעוויקעס טאַקע צוגעצויגן צו זיך די מאַסן.

אין סעפּטעמבער האָבן זיך אָנגעהויבן די וואַלן צו דער צווייטער קאָנפערענץ פון די אַרבעטער־ און זעלנער־ראַטן, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען דעם 25־טן אָקטאָבער. פון די ידיעות וועגן אויסגאַנג פון די וואַלן, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון די ערטער, איז קלאָר געוואָרן, אַז די באָלשעוויקעס באַקומען אַ מערהייט אין די ראַטן. אָנהייב אָקטאָבער איז שוין אינגאַנצן געוואָרן באַוווּסט, אַז די באָלשעוויקעס וועלן האָבן אַ מערהייט אויף דער קאָנפערענץ.

עטלעכע טעג פאַר דער קאָנפערענץ איז דערגאַנגען אַ קלאַנג צו די רעגירונגס־קרייזן און צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַז די באָלשעוויקעס גרייטן זיך צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. קיינער האָט נישט געוווּסט צי די קלאַנגען זענען ריכטיקע. ווייל ס'איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן דורך צוויי באָלשעוויקעס קעגן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. מען האָט זיך משער געווען, אַז די פּראָקלאַמאַציע איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן דורך לונאַטשאַרסקין און ריאַזאַנאָוון. ס'האָט זיך געשאַפן אַ געשפּאַנטע אַטמאָספער. באַזונדערס אין דעם עקזעקוטיוו פון די סאָוויעטן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ מענשעוויסטישער מערהייט, וועלכע האָט פאָרגעלייגט אָפּצולייגן די קאָנפערענץ. די באָלשעוויקעס האָט זיך אָבער איינגעגעבן נישט דערלאָזן אָפּצולייגן די קאָנפערענץ און זי איז באַשטימט געוואָרן אויפן 25־טן אָקטאָבער.

דעם 10־טן אָקטאָבער איז זיך צונויפגעקומען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס אין דער וווינונג פון סוכאַנאָוון. סוכאַנאָוו איז געווען אַ

לינקער אינטערנאַציאָנאַליסט, אַ מיטאַרבעטער פון דער טאָג־צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן" (דאָס נייע לעבן), וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון מאַקסים גאָרקי. סוכאַנאָוס פרוי איז געווען אַ מיטגליד פון דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. אין דער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט אויך לענין און זינאָוויעוו, וואָס זענען פון יולי אָן געווען אין אונטערערד. זיי זענען אין געהיים געקומען צו דער זיצונג. אויף דער זיצונג איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע, צי פאַרכאַפּן די מאַכט דורך אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, אָדער נישט. עטלעכע מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט, ווי קאָמיעניעוו, ריקאָוו, זינאָוויעוו, ריאַזאַנאָוו און לונאַטשאַרסקי זענען געווען קעגן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. אָבער דער רוב, בראש מיט לענינען, האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו פאַרכאַפּן די מאַכט. לויט דעם באַשלוס איז באַשטימט געוואָרן אַ „רעוואָלוציאָנערער מיליטערישער קאָמיטעט" אין באַשטאַנד פון 5 מיטגלידער. אַלס פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן טראָצקי, וועלכער איז מיט עטלעכע טעג פריער אַריבער צו די באָלשעוויקעס און האָט זיך באַטייליקט אין דער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט. דעם 24־טן אָקטאָבער האָבן זיך אויף די גאַסן באַוויזן פלאַקאַטן מיט דער אונטערשריפט פון מיליטערישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, אַז די מאַכט ווערט איבערגענומען דורך די סאָוויעטן. אין דעמזעלבן טאָג האָט דער קאָמיטעט, מיט דער הילף פון פעטראָגראַדער גאַרניזאָן, פאַרנומען עטלעכע מיניסטעריומס און אַנדערע מלוכהשע אַנשטאַלטן. דאָס מיליטער האָט אַרומגערינגלט דעם אַלעקסאַנדרינסקי־טעאַטער אויף ניעווסקי־פּראָספּעקט און פונאַנדערגעטריבן דעם „פּרעד־פאַרלאַמענט". דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן אַזוי שטיל, אַז די באַפעלקערונג האָט אין דעם נישט געזען קיין שום נישט געוויינלעכע דערשיינונג. ס'איז נישט געווען קיין שום ווידערשטאַנד, ווייל אין פעטראָגראַד האָט זיך נישט געפונען קיין שום מיליטער, וואָס זאָל גרייט זיין צו פאַרטיידיקן די צייטווייליקע רעגירונג. אויך די מערהייט אַרבעטער זענען געווען גענייגט צו די באָלשעוויקעס.

צום 25־טן אָקטאָבער איז אין די הענט פון דער רעגירונג געבליבן כמעט בלויז איין מלוכה־געביידע — דער ווינטער־פּאַלאַץ. דער רוב פון די מיטגלידער פון דער רעגירונג איז זיך צעלאָפן און אין ווינטער־פּאַלאַץ איז געבליבן אויף דער וואַך בלויז פנחס רוטנבערג.

קומענדיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן אויף דער איינלאַדונג פון קערענסקיס צייטווייליקער רעגירונג, האָט רוטנבערג איבערגענומען דעם אַמט פון נאַטשאַלניק פון פעטראָגראַד פאַר ציווילע ענינים. אין משך פון איין חודש פון זיין אַמטירן האָט ער שוין באַוויזן אַריינצוגיין אין אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, כאָטש די מערהייט פון אירע מיטגלידער זענען געווען רעכטע ס.ר.'ן, וואָס זענען פאַרטייאיש געווען אים נאָענט. רוטנבערג איז געווען דער איינציקער,

וואָס האָט געוואָגט צו פאַרבלייבן אין ווינטער־פּאַלאַץ און פאַרטיידיקן אים, ווען אַלע זיינע חברים האָבן דעם פּאַלאַץ פאַרלאָזט און זענען אַנטלאָפן. דער ווינטער־פּאַלאַץ איז געווען ווי אַ סימבאָל פון דער מאַכט פון דער צייטווייליקער רעגירונג. אַרום פּאַלאַץ האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס מיליטער, וואָס איז געבליבן טריי דער צייטווייליקער רעגירונג, אַ יונקער־פּולק און אַ פרויען־באַטאַליאָן אונטער דער קאָמאַנדע פון באָטשקאַריאָווא. די באָלשעוויקעס האָבן באַלאַגערט דעם ווינטער־פּאַלאַץ. ס׳איז אַהין געקומען אַ טייל פון פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן און אַ טייל פון דער רויטער גוואַרדיע, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן נאָך זייער דורכפאַל אין יולי 1917. צוהילף דעם מיליטער איז אויך געקומען דער קרייצער „אַווראָראַ״, וואָס האָט געאַנקערט אויף דער ניעוואַ נעבן דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. דער קרייצער „אַווראָראַ״ האָט געעפנט אַ האַרמאַטן־פייער אויפן ווינטער־פּאַלאַץ. ביינאַכט איז דער פּאַלאַץ פאַרנומען געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס און רוטנבערג איז געוואָרן אַרעסטירט. פאַרנאַכט האָבן זיך אין סמאָלנע־אינסטיטוט אָנגעהויבן צונויפקומען די דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן. אין די ביוראָען האָבן נאָך כלומרשט פאַרוואַלטעט די מענשעוויקעס. זיי האָבן פאַרטיילט די איינטריט־קאַרטן די דעלעגאַטן און די איינגעלאַדענע געסט, זיי האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי די מאַכט וואָלט נאָך געווען אין זייערע הענט. מען האָט שוין אָבער אַרויסגעפילט, אַז דאָס זענען זייערע לעצטע מינוטן. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די לאַנגע קאָרידאָרן פון אינסטיטוט און געוווּנדערט זיך, וואָס די קאָנפערענץ הייבט זיך נישט אָן צו דער צייט. די דערעפענונג איז באַשטימט געוואָרן אויף זעקס אַזייגער. וואַרטנדיק, האָבן מיר געשמועסט וועגן די געשעענישן פון טאָג און וועגן דעם מיליטערישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. מיר האָבן נאָך געוואַרט לאַנגע שעהן, מען האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז דער אָפּהאַלט איז צוליב דעם, וואָס די באָלשעוויסטישע פראַקציע האָט פאַרצויגן אירע באַראַטונגען. ווען ס׳איז אָבער אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער ווינטער־פּאַלאַץ איז געפאַלן, האָט די באָלשעוויסטישע פראַקציע געענדיקט אירע באַראַטונגען, ווייזט אויס, אַז די באָלשעוויקעס האָבן באַשלאָסן צו שטעלן די קאָנפערענץ פאַר אַ געשעענעם פאַקט.

אונדזער פראַקציע האָט אויף דער קאָנפערענץ געציילט 5 מיטגלידער: באַרו, אַלס מיטגליד פון עקזעקוטיוו פון די סאָוויעטן, גאַנאָפּאָלסקי, פייקין, טיאָמקין און איך אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט.

פאַר דער קאָנפערענץ האָט אונדזער פראַקציע אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג, אויף וועלכער עס זענען אויך געווען דריי חברים פון דער פּראָווינץ, וועלכע מען האָט דערלויבט צו באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ. צווישן זיי — צבי פרידלאַנד פון מינסק. נאָך אַ לענגערער באַהאַנדלונג זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז

מיר פאַרלאָזן נישט די קאָנפערענץ, אָבער אין אונדזערע אַרויסטריטן אָקצענטירן מיר אונדזער נעגאַטיווע שטעלונג צו דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס. צו ענלעכע אויספירן זענען אויך געקומען אַלע פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן־פראַקציעס אויף דער קאָנפערענץ. אונדזער עיקר־טענה איז געווען: היות ס׳איז פון פאָרויס באַוווּסט, אַז די מערהייט אויף דער קאָנפערענץ בילדן די באָלשעוויקעס, האָט די באָלשעוויסטישע פראַקציע נישט געדאַרפט אונדז שטעלן פאַר אַן אָפּגע־כּוּענער זאַך, נאָר וואַרטן אויפן באַשלוס פון דער קאָנפערענץ.

די ערשטע שלאַכט צווישן די פּאַרטייען איז פאָרגעקומען נאָך פאַר דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ, אויף דער באַראַטונג פון די פאָרשטייער פון די פראַקציעס. אונדזערע פאָרשטייער האָבן געפאָדערט פון די באָלשעוויקעס, זיי זאָלן פאַר אונדז אויפדעקן זייער פּלאַן וועגן דעם פאַרלויף פון דער קאָנפערענץ און וועגן צוזאַמענשטעל פון דער קומענדיקער רעגירונג. מיר האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז נויטווענדיק צוליב דעם, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן דורכגעפירט די איבערקערעניש, נישט באַראַטנדיק זיך מיט די איבעריקע פּאַרטייען. די פאָדערונג איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן דורך אַלע פראַקציעס. די באָלשעוויקעס זענען אַנטקעגנגעקומען אונדזער פאָדערונג און איבערגעגעבן דעם תּמצית פון זייער דעקלאַראַציע, וואָס זיי האָבן בדעה געהאַט פאָרצושטעלן דער קאָנפערענץ. וועגן באַשטאַנד פון דער רעגירונג האָבן זיי זיך אַרויסגעדרייט פון געבן אַ קלאָרע תּשובה מאָטיווירנדיק, אַז דאָס וועט באַשטימען די קאָנפערענץ. נאָך פאַר דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ האָט אונדזער פראַקציע איינגעשטעלט אַ באַטנטן קאָנטאַקט מיט דער פראַקציע פון די מענשעוויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן און אַלע אַרויסטריטן אויף דער קאָנפערענץ אין נאָמען פון ביידע פראַקציעס זענען געמאַכט געוואָרן דורך מאַרטאָוו, קאַפּלינסקין און באַרו.

11 אַזייגער ביינאַכט האָט דאַן ענדלעך געעפנט די קאָנפערענץ. ער האָט פאָרגעלייגט אַ פּרעזידיום פון פאָרשטייער פון אַלע פראַקציעס. גוטמאַן — דער איינציקער דעלעגאַט פון די פאַראייניקטע (י.ס. און ס.ס.) — האָט זיך אַליין פאַר־געלייגט אין פּרעזידיום. קאַמיעניעוו האָט געפירט די זיצונג. די פאָרשטייער פון די מענשעוויקעס־אָבאָראָנצעס און פון די רעכטע ס.ר.׳ן האָבן אָפּגעגעבן דעקלאַ־ראַציעס פאַרוואָס זייערע פראַקציעס האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די קאָנפערענץ.

נאָך זייער פאַרלאָזן די קאָנפערענץ האָט מאַרטאָוו, אין נאָמען פון די מענשעוויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן און אין אונדזער נאָמען, פאָרגעלייגט תּיכּף צוזוטרעטן צו באַהאַנדלען די געשאַפענע סיטואַציע און צו געפינען אַן אויסוועג. ווייל אין שטאָט זענען שוין פאָרגעקומען בלוטיקע קאַמפן. לונאַטשאַרסקי האָט מודיע געווען אין נאָמען פון די באָלשעוויקעס, אַז זיין פראַקציע נעמט אָן

מאַרטאָווס פאָרשלאַג און ער איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק פון דער קאָנ־פערענץ.

דערנאָך איז מאַרטאָוו אַרויף אויף דער טריבונע און האָט אין נאָמען פוןביידע פראַקציעס איבערגעלייענט פאָלגנדיקע דעקלאַראַציע:

נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז: 1) דער אויפשטאַנד, וואָס האָט איבערגעגעבן די מאַכט אין די הענט פון רעוואָלוציאָנערן מיליטערישן קאָמיטעט איז געמאַכט געוואָרן נאָר דורך די באָלשעוויקעס, דורך אַ מיליטערישן אויפשטאַנד. 2) אַז דער אויפשטאַנד וועט אין דער קאָנסעקווענץ דערפירן צו אַ בלוט־פאַרגיסונג, צו אַ בירגער־קריג און צו א נצחון פון דער קאָנטררעוואָלוציע, וואָס וועט דערשטיקן אין בלוט די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג און צוזאַמען מיט דעם וועט זי צונישט מאַכן אַלע דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע. 3) אַז דער איינציקער אויסוועג פון דער איצטיקער סיטואַציע, וואָס וואָלט אפשר מעגלעך געמאַכט אויסצומיידן א בירגער־קריג, וואָלט געקאָנט זיין אַ הסכם צווישן דעם אויפ־שטענדלערישן טייל פון דער דעמאָקראַטיע און די איבעריקע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס וועגן שאַפן אַ רעגירונג, וואָס וועט אָנערקענט ווערן דורך דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, וועלכער די צייטווייליקע רעגירונג וועט קאָנען איבערגעבן די מאַכט אָן אַ ווידערשטאַנד, — לייגן פאַר ביידע פראַקציעס ד׳ער קאָנפערענץ אָנצונעמען אַ באַשלוס וועגן דער נייטיקייט אָנצונעמען מיטלען צו ליקווידירן דעם קריזיס און אויף אַ פרידלעכן וועג צוריק שאַפן אַן אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע רעגירונג. כדי צו דערגרייכן דעם ציל לייגן פאַר ביידע פראַק־ציעס דער קאָנפערענץ אויסצווויילן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל דורכפירן די אונטער־האַנדלונגען מיט די איבעריקע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס און מיט די סאָציאַליסטישע פאַרטייען. ביז ס׳וועט קלאָר ווערן דער רעזולטאַט פון דער טעטיקייט פון דער קאָמיסיע, לייגן פאַר די פראַקציעס איבערצורייסן דעם גאַנג פון דער קאָנפערענץ.

מאַרטאָוו האָט צוגעגעבן, אַז אויב די קאָנפערענץ וועט נישט דערפירן צו דער שאַפונג פון אַ רעגירונג, וואָס זאָל באַפרידיקן דעם פאַרלאַנג פון דער גרעסטער מערהייט פון דער דעמאָקראַטיע, וועלן ד׳י פראַקציעס פון די מענשע־וויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן און „פועלי־ציון״ נישט באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ.

נאָכדעם האָט טראָצקי פאָרגעלייגט אָננעמען א באַשלוס, אַז ס׳ווערט פאַראורטיילט דאָס פאַרלאָזן די קאָנפערענץ דורך די מענשעוויקעס און רעכטע ס.ר.׳ן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאָרשלאַג זענען אַרויסגעטראָטן עטלעכע רעדנער. קאַמיעניעוו האָט דערקלערט אַ הפסקה און די באָלשעוויסטישע פראַק־ציע איז אַוועק אויף א באַראַטונג. ווען די זיצונג איז אין אַ שעה ארום באַנייט

געוואָרן, האָט קאַמיעניעוו דערקלערט, אַז די דעבאַטע וועגן טראָצקיס פאָרשלאָג ווערט אָפּגעלייגט און די קאָנפערענץ וועט אויסהערן די דעקלאַראַציע פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע. נאָך קאַמיעניעוון איז אַרויסגעטראָטן קאָפּלינסקי אין נאָמען פון אונדזערעביידע פראַקציעס און האָט נאָכאַמאָל אַרויסגערוקט די פּאָדערונג אויסצוקלויבן אַ קאָמיסיע אויף צו פירן צווישנפּאַרטייאישע אונטער־האַנדלונגען וועגן שאַפן אַ רעגירונג. די פּאָדערונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די קאָנפערענץ האָט מיט אַ מערהייט שטימען באַשטעטיקט די דעקלאַראַציע פון די באָלשעוויקעס וועגן דער מאַכט און וועגן אַלע מלוכה־ענינים, וואָס זענען געווען אויפן סדר־היום. פיל האָבן געוואָלט אַריינטראָגן פאַרשידענע אויסבעסערונגען, און די פראַקציע פון די פאַראייניקטע ס.ד. (לינקע אינטערנאַציאָנאַליסטן) האָט פּאָרגעלייגט צו שאַפן אַ האָמאָגענע מאַכט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָ־קראַטיע. די אויסבעסערונג איז אויך אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דעמאָלט איז אַרויף אויף דער טריבונע באַרו און האָט דערקלערט אין נאָמען פון ביידע פראַקציעס, אַז זיי נעמען נישט אויף זיך די אחריות פאַר דער באָלשעוויסטישער דעקלאַראַציע, ווייל די קאָנפערענץ אין איר איצטיקן באַשטאַנד רעפּרעזענטירט נישט די גאַנצע דעמאָקראַטיע. ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז די דעקלאַראַציע באַשליסט שוין וועגן דער מאַכט, נאָך איידער די פראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן דורך דער קאָנפערענץ און דאָס אין אַזאַ גייסט, וואָס קאָן נישט אָנגענומען ווערן דורך קיין שום פראַק־ציע אויסער דער באָלשעוויסטישער. דורך דעם איזאָלירן זיך די באָלשעוויקעס אַליין פון דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, און די מאַכט, וואָס וועט זיך געפונען אין די הענט בלויז פון אַ טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע וועט נישט קאָנען אָנהאַלטן. צום סוף האָט חבר באַרו דערקלערט, אַז ביידע פראַקציעס קאָנען נישט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דער טעטיקייט פון דער קאָנפערענץ, דעריבער פאַרלאָזן זיי זי. זיי וועלן זיך באַמיען צו שאַפן דעם כוח, וואָס אין קריטישן מאָמענט פאַר די באָלשעוויקעס, וואָס וועט אויך זיין אַ קריטישער מאָמענט פאַר דער רעוואָלוציע, וועט ער אַלץ טאָן בכדי צו ראַטע־ווען די רעוואָלוציע. נאָך דער דערקלערונג האָבן ביידע פראַקציעס פאַרלאָזט די קאָנפערענץ. דאָס איז געווען דעם 26־טן אָקטאָבער, 5 אַזייגער פאַרטאָג.

מ'דאַרף אונטערשטרייכן איין אינטערעסאַנטן פּרט: אַלע פאַרשטייער פון די פּאַרטייען, וואָס האָבן דעמאָלט געלייענט די דעקלאַראַציעס, זענען געווען יידן. אין נאָמען פון די מענשעוויקעס זענען אַרויסגעטראָטן פּ. דאַן און ליבער („בונד"), אין נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַליסטן און פּועלי־ציון — מאַרטאָוו און באַרו, אין נאָמען פון די לינקע אינטערנאַציאָנאַליסטן — סוכאַנאָוו, אין נאָמען פון די באָלשעוויקעס — קאַמיעניעוו, טראָצקי און זינאָוויעוו, אין נאָמען פון פּ.ס.ס. — ליבקינד, אין נאָמען פון די אוקראַיִנישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן —

ליכאַטש, אין נאָמען פון די רעכטע ס.ר. — א. גאָץ, אין נאָמען פון די לינקע ס.ר. — קאַמקאָוו־קאַץ, פון די פּאַראייניקטע (ס.ס. און י.ס.) — גוטמאַן־באַלטי־קאַקליס, אין נאָמען פון די ס.ר.־מאַקסימאַליסטן — ריווקין.

נאָך אונדזער פאַרלאָזן די קאָנפערענץ איז אויף איר געבליבן, אויסער די באָלשעוויקעס, בלויז דער פאָרשטייער פון די „פּאַראייניקטע". ער איז געבליבן אויף דער קאָנפערענץ ביז צומאָרגנס. אין זעלבן טאָג, אינדערפרי, איז אָרגאַני־זירט געוואָרן אַ „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכער רעטונג", וואָס איז זיך צונויפ־געקומען אין פּעטראָגראַדער שטאָטראָט און האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפ־גאַבע צו קעמפן קעגן די באָלשעוויקעס. אַלע פּאַרטייען, וואָס זענען געווען פאַר־טראָטן אויף דער קאָנפערענץ, האָבן געשיקט זייערע פאָרשטייער אין דעם קאָמיטעט, חוץ אונדז, די לינקע אינטערנאַציאָנאַליסטן און די לינקע ס.ר. גוטמאַן־באַלטיקאַקליס פון די „פּאַראייניקטע", ווי נאָר ער האָט פאַרלאָזן די קאָנפערענץ, איז גלייך אַריין אין „קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכער רעטונג".

כדי אויפצוקלערן אונדזער שטעלונג, וועל איך ברענגען אַ ציטאַט פון מיין אַרטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 20־טן נומער פון דער „כראָניקאַ", פון 4־טן נאָוועמבער 1917:

„ס'איז געשען דאָס, וואָס מיר האָבן פאָרויסגעזען און וואָס ס'האָט געמוזט, פריער אָדער שפּעטער, געשען. די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים רודער פון דער מאַכט דורך אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, איזאָלירט זיך פון אַלע שיכטן פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, זי גייט בלינד און פאַרעקשנט אויפן וועג פון איזאָלאַציע און שטויסט אָפּ פון זיך די טיילן פון דער דעמאָקראַטיע, וואָס וואַקלען זיך נאָך. זי איז נישט בכוח צו פאַרדייען די פּרוכט פון נצחון, וואָס איז איר אַזוי' לייכט אָנגעקומען און זי איז נישט בכוח דורכצופירן די אויפגאַבן פון מלוכהשער בויונג. דער רעכטער טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, האָט אַפילו נישט געפּרוווט אויפווייזן די באָלשעוויקעס, וועלכע זענען פאַרשיכורט געוואָרן פון נצחון, די אַלע סכנות, וואָס לויערן אויף דער רעוואָלוציע, צוליב זייער טאַקטיק און טעטיקייט. ער האָט נישט געמאַכט קיין שום פּרווו צו דערפירן צו אַ הסכם. ער האָט פאַר־לאָזט די קאָנפערענץ און אַרויף אויפן וועג פון אָפּענעם, באַוואָפנטן קאַמף קעגן די, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט. אָבער דער טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט שוין פון לאַנג דערשפּירט דאָס שלעכטס, וואָס שטעקט אין דער רעגירונגס־קאָאַליציע מיט בורזשואַזע עלעמענטן און האָט געפאָדערט אַ האָמאָגענע רעגירונג פון רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, האָט אַלץ געטאָן, כדי צו וואָרענען די באָלשעוויקעס פאַר נישט ריכטיקע שריט. ער האָט געפאָדערט אויף דער קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן, גלייך צוצוטרעטן באַהאַנדלען די געשאַ־

פענע סיטואַציע און האָט געמיינט, אַז עס איז מעגלעך אַ הסכם צווישן ביידע עקסטרעמע פליגלען פון דער דעמאָקראַטיע.

די באָלשעוויסטישע פירער האָבן אפילו אין דער פראַגע פון פאַרכאַפּן די מאַכט, באַשלאָסן צו באַנוצן זיך מיט דעם מעטאָד, וואָס איז פאַר זיי באַליבט, און דורכן אָננעמען די דעקלאַראַציע, וואָס אָנערקענט דאָס אַריבערגיין פון דער מאַכט צו די סאָוויעטן, האָבן זיי געוואָלט אַוועקשטעלן זייער קעגנער פאַר אַ געשעענעם פאַקט, נאָך פאַרן באַהאַנדלען די פראַגע דורך דער קאָנפערענץ. דעריבער האָבן זיך די אינטערנאַציאָנאַליסטן איבערצייגט, אַז די פראַגע איז שוין אַנטשידן געוואָרן און ס'איז שוין נישט געבליבן מער ווי אַראָפּצונעמען פון זיך די אחריות פאַר דער טעטיקייט פון די באָלשעוויקעס און אָפּצוזאָגן זיך פון דער באַטייליקונג אין דער קאָנפערענץ.

פונדעסטוועגן האַלטן מיר נאָך נישט, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן. איין טייל, וואָס איז פאַרשיכורט פון די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס האָבן זיך פאַר אים געעפנט, איז נישט בכוח אויסצונוצן זיי, און ער ווייסט נישט ווי צו באַהערשן אָט די גייסטער, וואָס ער אַליין האָט זיי אַרויסגעבראַכט צום לעבן. דער צווייטער טייל, אין גרויס שרעק פאַר די עקסטרעמע לאָזונגען פון ערשטן טייל, האָט צוליב זיין אָנמעכטיקייט, מוותר געווען פון באַשטיין דערויף מ'זאָל אָנערקענען די ריכטיקייט פון זיינע פאָדערונגען. די ביידע טיילן צוזאַמען, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון פון דעם וואָס זיי טוען, האָבן אויפגעהויבן די פאָן פון אַ בירגער־קריג אין דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע גופא. ביידע טיילן האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, אַז אין דער מלחמה וועלן נישט זיי זיין די זיגער, נאָר דער פיינד, און נישט נאָר דער דרויסנדיקער, נאָר אויך דער אינעווייניקסטער, וואָס שטייט ביים טויער. די קאָנטררעוואָלוציע האָט שוין לאַנג אויפגעהויבן דעם קאָפּ און וואַרט נאָר אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט אָנצוגרייפן ביידע פליגלען פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, וואָס זענען דערגאַנגען צום פאַרגעסן זיך ווו זיי האַלטן, צוליב דער מלחמה צווישן זיך. די קאָנטררע־וואָלוציע איז דער דריטער צד, וואָס פרייט זיך מיט דער דאָזיקער מלחמה. שטיי־צנדיק זיך אויף קאָרנילאָוון, וואָס איז נאָך געבליבן ביים לעבן, וועט זי וויסן ווי אויסצונוצן די מפּלה פון ביידע, סיי פון די באָלשעוויקעס, סיי פון די „אָבאָראָנ־צעס", און דאָס אַלץ, וואָס די רעוואָלוציע האָט אַרויסגעבראַכט אויף אירע פליג־לען, די ליכטיקייט און פרייד, וועט דערשטיקט און פאַרטרונקען ווערן אין דער בלאָטע דורך דעם פּעבל פון דער קאָנטררעוואָלוציע.

ס'איז נאָך נישט שפּעט, ס'איז נאָך מעגלעך אויסצוקלויבן דעם וועג פון אַ הסכם און ס'איז אַ נויטווענדיקייט אָנצונעמען דעם וועג פאַרן פרייז פון נאָכגעבן פון ביידע צדדים. ס'איז נויטווענדיק צו שאַפן אַן איינהייטלעכן רעוואָלוציאָנערן

פּראָגנט, ס׳איז נויטווענדיק און מעגלעך צו שאַפן אַ האָמאָגענישע מאַכט אין באַשטאַנד פון פאָרשטייער פון אַלע שיכטן פון דער דעמאָקראַטיע, פון אַלע אירע פּאָליטישע ריכטונגען. נאָר דאַן וועלן איזאָלירט ווערן די בורזשואַזע קלאַסן, זיי וועלן נישט האָבן אויף וועמען צו שטיצן זיך אין זייערע שטרעבונגען צו דערשטיקן די רעוואָלוציע. נאָר אַזאַ מאַכט, וואָס וועט זיך שטיצן אויף די ברייטע שיכטן פון פאָלק, וועט קאָנען גובר זיין די שווערע לאַסט, וואָס מיר האָבן איבערגענומען בירושה פון דער אַלטער רעגירונג. נאָר אַזאַ מאַכט וועט קאָנען דערפירן דאָס לאַנד צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. יעדער טאָג, יעדע שעה קאָסט טייכן בלוט. יעדעס אָפּציען איז אַ קאַטאַסטראָפע. אָבער דער נייטיקער הסכם קומט נישט צושטאַנד. דאָס איז אַ בלינדע עקשנות פון ביידע זייטן״.

די דעקלאַראַציע פון די באָלשעוויקעס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער קאָנפערענץ אין דער נאַכט פון 25־טן אָקטאָבער, איז געווען פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. דער עיקר איז אין איר געווען — דער אַריבערגאַנג פון דער מאַכט צו די סאָוויעטן. ז׳ איז אָבער אויך געווען אַ פּראָגראַם פאַר אַלע גרונט־פראַגן. אין דער ערשטער ריי איז געזאָגט געוואָרן וועגן מאַכן אַ סוף צו דער מלחמה פאַר יעדן פּרייז. בנוגע דער אַגראַר־פראַגע איז דערקלערט געוואָרן, אַז די ערד גייט אַריבער אין די הענט פון די, וואָס באַאַרבעטן זי, אַז ד״ ערד ווערט סאָציאַליזירט. די באָלשעוויקעס האָבן אין דער אַגראַר־פראַגע איבערגענומען דעם לאָזונג פון די ס.ר.׳ן און נישט פון ס.ד. דער וויכוח צווישן ביידע פּאַרטייען האָט געהאַט זיין געשיכטע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון דער נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד, ד. ה. אַז די ערד דאַרף ווערן דאָס אייגנטום פון פאָלק און דאָס פאָלק פאַרטיילט יעדן פּויער אַ חלק ערד צו באַאַרבעטן. די ס.ר.׳ן האָבן געפאָדערט, אַז דאָס אייגנטום אויף דער ערד זאָל איבערגעגעבן ווערן די, וואָס ווילן זי באַאַרבעטן, דאָס באַטייט די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד. די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען דעם לאָזונג פון די ס.ר.׳ן, ווייל זיי האָבן דורך דעם געוואָלט אַריבערציען אויף זייער זייט די פּויערים פון דאָרף. ס׳איז אויך פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ ברייטע אויטאָנאָמיע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע און ס׳איז געזאָגט געוואָרן, אַז יעדעס פאָלק האָט דאָס רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג „ביזן אָפּטיילן זיך פון דער מלוכה״. אויב איך בין זיך נישט טועה, איז אין דער דעקלאַראַציע אויך געווען אַ פּונקט וועגן צואײַלן די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

ווי געזאָגט, האָבן די צוויי הויפּט־פּאַרטייען פון ד׳ „אָבאָראָנצעס״ — די מענשעוויקעס און די רעכטע ס.ר.׳ן און אויך זייערע נאָכלויפער, דערקלערט אַן אָפענע מלחמה די באָלשעוויקעס און געשאַפן דעם „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפט־

לעכער רעטונג". די אינטערנאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אָבער נאָך אַ געוויסער צייט געפּרוּווט פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די באָלשעוויקעס וועגן צוזאַמענשטעל פון דער רעגירונג.

פינף פּאַרטייען — די מענשעוויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן, לינקע ס.ר.'ן, די פאַראייניקטע ס.ר.־אינטערנאַציאָנאַליסטן, די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און פּועלי־ציון — האָבן פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקן אויפרוף:

אַרבעטער, זעלנער און פּויערים!
די רעוואָלוציע איז אין געפאַר!

די רעגירונג וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ טייל פון דער קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן אויפן יסוד פון אויפשטאַנד, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין פּעטראָגראַד, איז אַ באָלשעוויסטישע. זי קאָן נישט האָבן די אונטערשטיצונג פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער דעמאָקראַטיע, זי שטיצט זיך נאָר אויף איין פּאַרטיי און האָט נישט קיין געהעריקן אָנשפּאַר אין לאַנד.

די צעשפּאַלטונג אין די רייען פון דער דעמאָקראַטיע שטויסט אירע רעכטע עלעמענטן צו אַ נייער דערנענטערונג צו די בורזשואַזע קלאַסן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס איז אויפגעדעקט געוואָרן דער באַנקראָט פון דער קאָאַליציע־פּאָליטיק. דאָס אַלץ מאַכט לייכט דער קאָנטררעוואָלוציע, מיטן אויסרייד אונטערצודריקן דעם באָלשעוויסטישן אויפשטאַנד, צו מאָביליזירן אירע כוחות אויף דערשטיקן די רעוואָלוציע.

דער בירגער־קריג, וואָס דראָט צו דערפירן דאָס לאַנד צו אַן אַלגעמיינער רואינירונג און בלוט־פאַרגיסונג, וועט גורם זיין אַ פולשטענדיקע אָפּשוואַכונג פון דער דעמאָקראַטיע און דעם אונטערגאַנג פון דער רעוואָלוציע. נאָר אַ רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע רעגירונג, אַן אָנערקענטע פון אַלע טיילן פון דער דעמאָקראַטיע, קאָן דערפירן דאָס לאַנד צו אַ שלום, צו דער לייזונג פון דער ערד־פראַגע און צו פאַרזיכערן דאָס צונויפרופן וואָס גיכער די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

מיר ווענדן זיך צו ביידע מחנות פון דער דעמאָקראַטיע מיט אַ קאַטעגאָרישער פאָדערונג צוריק אויפצושטעלן דעם פאַראייניקטן רעוואָלוציאָנערן פראָנט, כדי די רעוואָלוציע זאָל נישט דערטרונקען ווערן אין בלוט פון די זעלנער, אַרבעטער און פּויערים.

די פּאַרשטייער פון די דערמאָנטע פּאַרטייען האָבן געפירט אונטערהאַנד־לונגען מיט די באָלשעוויקעס אין משך פון דריי טעג. מעגלעך, אַז די באָלשעווי־קעס וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט צו פירן אַזעלכע אונטערהאַנדלונגען נאָך דער קאָנ־פערענץ פון די סאָוויעטן, ווען ס׳וואָלט זיך אין דעם ענין נישט אַריינגעמישט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די באַן־אַרבעטער, וואָס איז געווען די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע אין לאַנד. דער פאַריין האָט געהייסן פּאַרקירצט „וויקזשעל״ (ראשי תיבות פון „אַלרוסלענדישער קאָמיטעט פון די באַן־אַרבעטער״). די אונטער־האַנדלונגען זענען פּאָרגעקומען אין בנין פון דעם פאַריין אויף דער פאָנטאַנקאַ־גאַס. פון די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די אונטערהאַנדלונ־גען, געדענק איך קאַמיעניעוו.

אין דער צייט זענען הינטער דער שטאָט פּאָרגעקומען קאַמפן צווישן די אָנהענגער פון די באָלשעוויקעס און די סימפּאַטיקער פון דער צייטווייליקער רעגירונג. קערענסקי, דער אַראָפּגעוואָרפענער פּרעמיער, איז נאָך דעם 25־טן אָקטאָבער אַנטלאָפן פון שטאָט און אָרגאַניזירט די קאָזאַקן אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קראַסנאָוו. די שלאַכט צווישן די קאָזאַקן פון איין זייט און צווישן די באָלשעוויקעס (רויטגוואַרדייצעס און מאַטראָסן) פון דער צווייטער זייט, איז פּאָרגעקומען ביי קראַסנאָיע סיעלאָ. בעת די שלאַכטן אויסער דער שטאָט זענען די באָלשעוויקעס געקומען אויף די זיצונגען אין בנין פון „וויקזשעל״ און געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די פּאַרשטייער פון די פינף פּאַרטייען. אין דער זעלבער צייט, סוף אָקטאָבער, איז אויך אויסגעבראָכן אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד פון די יונקערס. ס׳זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז פּ. דאַן האָט אין דעם געהאַט אַ האַנט. די יונקערס האָבן פּאַרכאַפּט די טעלעפאָנישע סטאַציע, גאָר גיך האָט זיך דאָס פּאַרענדיקט מיט 200 טויטע צווישן די יונקערס. נאָך דער מפּלה, זענען זיך די רעכטע צעלאָפן אויף אַלע זייטן און קיין שום אָרגאַניזירטער כוח מצד דעם „קאָמיטעט פּאַר געזעלשאַפטלעכער רעטונג״ האָט שוין נישט עקזיסטירט. די גאַנצע צייט האָבן מיר געזען די באָלשעוויסטישע באַפולמעכטיקטע אויף די זיצונ־גען, אָבער ווי נאָר די מאַטראָסן האָבן געזיגט — האָבן זיי אינגאַנצן אויפגע־הערט באַוויזן זיך און די קאָמיסיע איז פון זיך אַליין ליקווידירט געוואָרן. היות יעדן טאָג פלעגן ד׳ צדדים אויסגעפינען נייע קאָמבינאַציעס, כדי צו פּאַרציען די פּאַרהאַנדלונגען, איז דעמאָלט אַריין אין דער רוסישער שפּראַך דאָס וואָרט „וויקזשעליט״ — ווי אַ באַצייכענונג פּאַר פּוסטע פּאַרהאַנדלונגען.

די קאַמפן ביי קראַסנאָיע סיעלאָ האָבן זיך פּאַרענדיקט מיט אַ פולשטענ־דיקער מפּלה פון די קאָזאַקן. קערענסקי איז אַנטלאָפן און גענעראַל קראַסנאָוו איז אַריינגעפאַלן אין געפענגעניש. מ׳דאַרף אונטערשטרייכן, אַז לכתחילה האָבן זיך די באָלשעוויקעס נישט באַנוצט מיט קיין שום טעראָריסטישע מיטלען. זיי

האָבן אפילו באַפרייט דעם גענעראַל קראַסנאָוו אויף זיינס אַן ערנוואָרט, אַז ער וועט שוין מער נישט אַרויסטרעטן קעגן די באָלשעוויקעס. ווי דער גענעראַל קראַסנאָוו האָט געהאַלטן זיין ערנוואָרט, איז אַלעמען באַוווּסט. און מ׳קאָן נאָך צוגעבן: ווען די מענשעוויקעס און די ס.ר.׳ן וואָלטן נישט אָנגעהויבן פירן קיין טעראָר־אַקציעס קעגן די באָלשעוויקעס, איז אַ גרויסער ספק, צי די באָלשעוויקעס וואָלטן געווען די׳ ערשטע אָנצוווענדן טעראָר.

אין יענער צייט האָט זיך באַוויזן אין די צייטונגען דער באַרימטער בריוו פון לונאַטשאַרסקין, אין וועלכן ער האָט געוואָרנט קעגן די באַגלייט־דערשיינונגען פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס באַדראָען מיט חורבן די דעראָבערונגען פון דער ציוויליזאַציע און קונסט. אַזאַ איז געווען דער צוגאַנג פון אַן אינטעליגענט צו פראַגן, וואָס שטייען אין צענטער פון דער וועלט. ביים געבוירן ווערן פון דער רעוואָלוציע און אונטערגאַנג פון אָרדענונגען, האָט ער געציטערט פאַרן אָפּהיטן די קולטור־ווערטן פון דער אונטערגייענדיקער וועלט.

ווי געזאָגט, איז רוטנבערג אַרעסטירט געוואָרן דעם 25־טן אָקטאָבער. באַרו איז געגאַנגען זיך זען מיט אים אין תפיסה. ער האָט לייכט באַקומען די דערלויבעניש אים צו באַזוכן, ווייל אין די קרייזן פון דער נייער רעגירונג, האָט מען זיך צו אונדז באַצויגן מיט פולן צוטרוי. באַרו האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער איז אַריינגעקומען אין דער צעלע, איז רוטנבערג געזעסן ביים טישל. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געפרעגט: „מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?״ באַרו האָט אים דערויף געענטפערט. אַז ער קאָן אונדז מיט קיין זאַך נישט דינען, אַז ער איז געקומען אים פרעגן, מיט וואָס מיר קאָנען אים דינען. אין ווייטערדיקן געשפּרעך האָט רוטנבערג אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג צו פיגורירן אויף אונדזער ליסטע צו די וואַלן פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. איך האָב זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט, ווייל אויב רוטנבערג האָט זיך פון אונדז אָפּגעזאָגט דאַן, ווען עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז אויפן פערד, האָט ער געוואָלט אין דער נייער סיטואַציע אונדז אויסנוצן, כדי צו מאַכן אַ קאַריערע צווישן יידן, נאָכדעם ווי זיין קאַריערע אין רוסישן לעבן האָט געפּלאַצט. נעמענדיק אין באַטראַכט די חילוקי־דעות אין דער פראַגע, האָבן מיר זי אָוועקגעשטעלט פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט אין מאָסקווע, דאָרט האָבן זיך פאַרטיילט די מיינונגען גלייך אויף גלייך און רוטנבערגס פאָרשלאַג איז נישט אָנגענומען געוואָרן.

דער סאָוונאַרקאָם — ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן — איז גלייך צוגעטראָטן צו רעאַליזירן דעם באַשלוס וועגן שליסן אַ שלום. עטלעכע טעג נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז באַשלאָסן געוואָרן מודיע צו זיין אויפן פראָנט וועגן אַ וואָפנשטילשטאַנד. אמת, דער ערשטער שליח וועגן שליסן אַ שלום איז שוין גאָר־

נישט געווען קיין פּאַסיקער, דאָס איז געווען דער לייטענאַנט שניאור פון דווינ־סקער פראָנט. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער געווען אַ פּראָוואָ־קאַטאָר און אין 1918 יאָר איז ער דורכן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. אין יאַנואַר האָבן זיך אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן אין בריסק דורך אַ דעלעגאַציע מיט טראָצקין בראש.

אין נאָוועמבער איז פאָרגעקומען די אַלרוסלענדישע פּויערים־קאָנפערענץ אונטער דער אָנפירונג פון די לינקע ס.ר.׳ן. אין דער דעקלאַראַציע וועגן דער סאָציאַליזאַציע פון דער ערד האָבן זיי געזען אַ נצחון פון זייער אידעאָלאָגיע, ווייל זיי האָבן שטענדיק אַרויסגערוקט די פאָדערונג איבערצוגעבן די ערד אין רשות פון די דאָרפישע „אָבשטשינעס". אין די „אָבשטשינעס" האָבן זיי געזען דעם יסוד פאַרן צוקונפטיקן קאָמוניזם. די קאָנפערענץ האָט זיך געענדיקט מיט גרויס פייער־לעכקייט. אויף דער קאָנפערענץ זענען אויך אָנוועזנדיק געווען באָרו און איך. מיר האָבן חשק געהאַט מעלדן אין דער פייערלעכער אַטמאָספער וועגן אונדזער צושטיין צו דער נייער אָרדענונג, מיר האָבן אָבער געוואַרט אויפן באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט און מיר האָבן דאָס געטאָן שפּעטער — אין יאַנואַר 1918.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן מיר נישט אָנגענומען בעיקר דערפאַר, ווייל מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר קאָנסעקווענטע אָנהענגער פון מאַרקס לערע, אויסער זיינע טעזן וועגן דער יידן־פראַגע. ס׳איז געווען קלאָר פאַר אונדז, אַז די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד איז נישט געשטאַנען אויף אַזאַ הייך, אַז זי זאָל דערמעגלעכן גלייך דורכצופירן אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווסט דאָס וואָס איז קלאָר געוואָרן שפּעטער: אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז נישט קיין היסטאָרישער מאָמענט, נאָר אַ לאַנגער פּראָצעס, וואָס פאָדערט צענדליקער יאָרן. אַלס טרייע מאַרקסיסטן האָבן מיר געטראַכט, אַז נאָר מיט דער מאַקסימאַלער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל וועט קומען דער שעת־הכושר צו עקספּראָפּריאַטאָרן די עקספּראָפּריאַטאָרן. אַזאַ דער־שיינונג איז נאָך געווען צו פרי פאַר דעם רואינירטן רוסלאַנד, וואָס האָט געליטן נישט פון אַן איבערפּראָדוקציע נאָר פון אַ מאַנגל אין דער פּראָדוקציע. אין דעם באָלשעוויסטישן אויפטו האָבן מיר געזען אַן עקספּערימענט, וואָס אויב ער זאָל זיך נישט איינגעבן איז ער עלול צו באַגראָבן אונטער זיך אַלע דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע — צוזאַמען מיט דער רעוואָלוציע גופא. ווען די באָלשעוויקעס האָבן אָבער דעם עקספּערימענט דורכגעפירט איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין אונדזער געדאַנקען־גאַנג.

כאָטש מיר האָבן ווייטער קריטיקירט זייערע מעשים, האָבן מיר מקפיד געווען נישט צו שטערן זיי אין זייער אַרבעט, נאָר פאַרקערט, צוהעלפן זיי, אַז דער עקספּערימענט זאָל זיך איינגעבן. אמת, מען האָט נישט געדאַרפט פאַרכאַפּן די

מאַכט דורך אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, היות דאָס איז שוין אָבער געשען, האָבן מיר געהאַלטן, אַז עס וועט זיין זייער ביטער פאַר אונדז אַלעמען, אויב די באָלשע־וויקעס וועלן ליידן אַ פּולע מפּלה. איך האָב דאַן געשריבן:

„די איינציקע ריכטיקע ריכטליניע איז די שטרעבונג צו דערגרייכן אַ הסכם אין דעם פּראַנט פון דער דעמאָקראַטיע. דאָס אונטערגראָבן זיך קעגן דער מאַכט, דורך פירן אַ סאַבאָטאַזש־אַרבעט אין די וויכטיקע צווייגן פון דער מלוכה־ווירטשאַפט ברענגט שאָדן, ווייל אויב אין דעם איז פאַראַן דער מאָמענט פון אָפּשוואַכן די מאַכט, טרעט דאָ אַרויס אין נאָך אַ גרעסערער מאָס דער מאָמענט פון וועלן אָפּשוואַכן דאָס לאַנד, און ווי אַ רעזולטאַט דערפון וועט קומען א דעזאָר־גאַניזאַציע. דער רעכטער טייל פון דער דעמאָקראַטיע דאַרף זיך קלאָר מאַכן, אַז די שטרעבונג אומצוברענגען דאָס לאַנד נאָר צוליב דעם, אַז צוזאַמען מיטן לאַנד זאָלן אויך פאַרטיליקט ווערן די באָלשעוויקעס, איז נאָר אַ רעזולטאַט פון בלינד־קייט, אָבער ניט פון אַן אויפריכטיקער שטרעבונג צו ראַטעווען די רעוואָלוציע און די דעמאָקראַטיע" (פון מיין אַרטיקל אין דער „כראָניקאַ", פון 25־טן נאָוועמ־בער, נר' 21).

און נאָך אַ מאָטיוו האָבן מיר געהאַט קעגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אפשר האָט ער אַרויסגעדרונגען פון אונדזער אונטערבאַוווסטזיין, ס'איז ביי אונדז געווען פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז אין דער איבערגאַנגס־צייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג צו דער סאָציאַליסטישער (די באָלשעוויקעס האָבן דערקלערט, אַז זיי פאַרווירקלעכן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג) וועלן אומבאַ־דינגט די מיטלקלאַסן פאַרשווינדן פון געזעלשאַפטלעכן האָריזאָנט. אין דער איבערגאַנגס־תקופה איז נישט נאָר נישטאָ קיין אָרט בלויז פאַר דער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס איר פאַרמעגן גייט אַריבער צום פּראָלעטאַריאַט, צו דער אַרבע־טער־מלוכה, נאָר אויך פאַר קיין שום בורזשואַזיע און באַזונדערס פאַרן קליינ־בירגערטום און פאַר די זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן, וועלכע נעמען נישט קיין אָנטייל אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס.

מיר האָבן געוווסט, אַז דעם רוב בנין און מנין פון יידישן פאָלק בילדן די שיכטן פון קליינבירגערטום און די צאָל אַרבעטער ביי יידן איז זייער קליין. בכן, איז אויסגעקומען, אַז דער ווייט גרעסטער טייל פון יידשן פאָלק פאַלט אַרויס פון חשבון אין פּראָצעס פון דער באַפרייאונג, וואָס די רעוואָלוציע טראָגט פאַר יעדן פאָלק.

אין אָקטאָבער האָב איך נאָך רעכט נישט פאַרשטאַנען די זאַך, אָבער שוין אין זומער פון 1918 האָב איך אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק אין מיינעם אַ פאָר־טראָג אין מאָסקווע. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר זענען שוין דעמאָלט

צוגעשטאַנען צו דער סאָוויעטישער מאַכט האָב איך אויפגעדעקט די סיבות פון אונדזער אינסטינקטיווער קעגנערשאַפט צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

נישט געקוקט אויף די באַוואָרענישן האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט באַשלאָסן צוטרעטן צו דער נייער מאַכט און וועגן דעם אָפיציעל מודיע געווען אין יאַנואַר 1918. מיר זענען דאַן אַריינגעטראָטן אין דעם עקזעקוטיוו פון די סאָוויעטן. מיר האָבן אָבער נישט אויפגעהערט קריטיקירן די באָלשעוויקעס און זייערע דעקרעטן, און אַלץ צוליב דער אָנשויאונג, אַז רוסלאַנד איז נאָך נישט גענוג רייף געוואָרן אַריבערצוגיין צו אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג. ווען די רע־גירונג האָט, צום ביישפּיל, אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן דער קאָנפיסקאַציע פון אַ וואַרעמען בגד ביי יעדן בירגער, האָבן מיר אַוועקגעשטעלט די פראַגע: ממה נפשך, אויב מיר זענען צוגעגרייט אַריבערצוגיין צום סאָציאַליזם, דאַרף מען קאָנפיסקירן אַלע וואַרעמע זאַכן פאַרן מיליטער און פאַר די, וואָס האָבן נישט. זענען מיר נאָך נישט גרייט אַריבערצוגיין צום סאָציאַליזם — טאָר מען קיין איין בגד אויך נישט קאָנפיסקירן. אין דעם נוסח האָבן מיר אויך געטענהט, פאַרוואָס מען קאָנפיסקירט הייזער און גלייכצייטיק צאָלט מען די באַלעבאַטים אַ חודש־אָפּצאָל פון 400 רובל און ביים נאַציאָנאַליזירן די פאַבריקן לאָזט מען דאָרט איבער די באַלעבאַטים אַלס דירעקטאָרן פון די אונטערנעמונגען. ס׳קאָן זיין, אַז די אַלע פראַגן רופן היינט אַרויס אַ שמייכל, מען דאַרף אָבער נעמען אין אַכט, אַז דאַן, אין יענע באַדינגונגען, האָבן מיר אויף אַלץ געקוקט פון אַן אַנדער שטאַנד־פּונקט, גאָר אַן אַנדערן פון דעם, ווי מיר זעען זאַכן איצטער.

די רעגירונג האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן אַרבעטער־קאָנטראָל. אין אַלע פאַבריקן האָבן געדאַרפט געשאַפן ווערן אַרבעטער־קאָמיטעטן און אַן אויפזיכט־קאָמיסיע צו באַשטימען די פּראָדוקציע־נאָרמע פאַר אַלע אַרבעטער פון דער אונטערנעמונג. זיי האָבן אויך באַדאַרפט באַשטימען די פּרייזן פון די פּראָדוקטן. ס׳איז נישט געווען קיין שום קאָאָרדינאַציע צווישן די אויפזיכט־אָרגאַניזאַציעס אין די פאַבריקן און די צענטראַלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געדאַרפט אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע פון יעדן צווייג. ס׳איז אויסגעקומען, אַז אויב יעדע פאַבריק וועט באַשטימען די פּרייזן פון אירע פּראָדוקטן און די פּראָ־דוקציע וועט קומען אויפן מאַרק פון פאַרשידענע פאַבריקן מיט פאַרשידענע פּרייזן — ווי וועט די צענטראַלע מאַכט קאָנען באַשטימען אַ פעסטן אוניפיצירטן פּרייז? די פאַראָרדענונג האָט טאַקע אויפגעוועקט די צעכיסטישע אינסטינקטן פון די אַרבעטער אין די פאַבריקן און אין יאָר 1918 איז דער דעקרעט אָפּגעשאַפן געוואָרן. איך האָב דאַן אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל אין דער „כראָניקאַ“, אין וועלכן איך האָב אָנגעוויזן אויף די אַלע דעפעקטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן דעקרעט. מיין פריינד פריד, אַ באָלשעוויק און געוועזענער ציוניסטישער טוער, האָט זיך צו

מיר געווענדט און געבעטן איך זאָל אים זאָגן דעם נאָמען פון מחבר פון אַרטיקל (איך האָב אים אונטערגעשריבן מיט מיין פסעוודאָנים תרי־עשר). ווען איך האָב אים געזאָגט, האָט ער אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט מיטן אַרטיקל און האָט מיר געזאָגט, אַז דער פאַריין פון לעדער־אַרבעטער, אין וועלכן עס זענען געווען אָרגאַניזירט אַרום 18 טויזנט אַרבעטער, האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיטן מחבר פון אַרטיקל. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג פון דעם פאַריין אָנטיילצונעמען אין דער אָנפירונג אַלס יורידישער און עקאָנאָמישער ראַטגעבער.

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פון קיעוו וועגן דער שווערער קראַנקייט פון באַראָכאָוון. ווי געזאָגט, איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנצינדונג, דערנאָך האָבן ביי אים די דאָקטוירים פעסטגעשטעלט אַ בלוט־פאַרגיפטונג. נאָך פאַר דעם איז באַשטימט געוואָרן צונויפצורופן אַ פּלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט אויפן 2־טן דעצעמבער 1917. יענעם טאָג, אינדערפרי, בין איך געקומען קיין קיעוו. אויף דער סטאַציע האָט מיך באַגעגנט אונדזער חבר ד״ר גערבער. איך האָב אים געפרעגט וועגן געזונט־צושטאַנד פון באַראָכאָוון, ער האָט נישט געענטפערט, נאָר פון זיין אויסדרוק אויפן פנים האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז ס׳האַלט זייער שלעכט. איך בין גלייך אַוועק אין שפּיטאָל. דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז נישט געווונטשן אַריינצוגיין צום קראַנקן, ווייל יעדע באַגעגעניש מיט חברים קאָן אים פאַרשאַטן. באַרו האָט זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן און דאָך צו אים אַריין. איך בין געבליבן וואַרטן אונטער דער טיר און איך האָב זיך צוגעהערט צו זייער קורצן געשפּרעך. די ערשטע פראַגע פון באַראָכאָוון איז געווען, ווי ס׳זענען אַדורך די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג. אין דער אמתן האָבן מיר נישט דורכגעפירט קיין איין דעפּוטאַט, כאָטש מיר האָבן געהאַט ליסטעס אין אַ סך קרייזן און אין כאַרקאָווער קרייז זענען מיר אפילו געגאַנגען צו די וואַלן אין אַ בלאָק מיט די באָלשעוויקעס. כדי אָבער צופרידנצושטעלן באַראָכאָוון האָט באַרו געזאָגט, אַז מיר האָבן דורכגעפירט פיר דעפּוטאַטן און באַראָכאָוו האָט זיך זייער דערפרייט.

די דאָקטוירים האָבן אונדז געזאָגט, אַז באַראָכאָווס מצב איז אַ האָפענונג־לאָזער. צוויי קראַנקנשוועסטער, פּאַרטיי־מיטגלידער, זענען נישט אָפּגעטראָטן פון באַראָכאָווס בעט טאָג און נאַכט. איינע פון זיי איז געווען מאַראַז.

אויף אונדזער זיצונג איז געווען אַ דערשלאָגענע שטימונג. אגב, זרבבל האָט נישט אָנטיילגענומען אין דער זיצונג, ער איז געקומען קיין פּעטראָגראַד דעם 5־טן (18) דעצעמבער און ביי סאַבינען האָט ער זיך דערוווּסט פון מיין טעלעגראַמע, אַז באַראָכאָוו איז נעכטן געשטאָרבן.

מיר האָבן אויף דער זיצונג באַהאַנדלט די פראַגע פין אונדזער שטעלונג צו די באַשלוסן פון דער אוקראַינישער ראַדע. אויף איר ז׳בעטער סעסיע האָט די אוקראַינישע צענטראַלע ראַדע באַשלאָסן אויסצושפּרייטן דעם תחום פון איר יוריסדיקציע. דאָס איז געווען אַ שריט קעגן דער צענטראַלער סאָוויעטישער מאַכט, וואָס האָט גורם געווען צום אויסברוך פון דער מלחמה צווישן די סאָוויעטן מיט אוקראַינע אין אָנהייב יאַנואַר פון יאָר 1918.

ביי דער אוקראַינישער ראַדע איז דאַן געשאַפן געוואָרן אַ סעקרעטאַריאַט פאַר נאַציאָנאַלע ענינים. בראש פון דעם סעקרעטאַריאַט איז געשטאַנען ד״ר זילבערפאַרב פון די „פאַראייניקטע". דער סעקרעטאַריאַט איז באַשטאַנען פון דריי אָפּטיילונגען און ד״ר זילבערפאַרב האָט אונדז פאַרגעלייגט באַשטימען אונדזערן אַ פאַרשטייער אַלס אָנפירער פון דער אָפּטיילונג פאַר יידישע קהילות. מיר האָבן פאַרגעלייגט אונדזער חבר פון צענטראַל־קאָמיטעט, ד״ר גאָלדעלמאַן, איבערצונעמען דעם אַמט. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט מאָטיווירנדיק, אַז ער האָט בדעה צו ווערן אַ מיניסטער אויף אוקראַינע, דעריבער וויל ער נישט אָננעמען אַזאַ נישטיקן פּאָסטן פון עפּעס אַ פּאַרוואַלטער פון אַן אָפּטיילונג. מיר האָבן דעריבער באַשטימט אויף דעם אַמט דעם חבר רעוווּצקי וואָס איז דערנאָך נאָמינירט געוואָרן אַלס מיניסטער אין דער רעגירונג פון פּעטליורען.

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען אויף יידן, און אין אַ סך פאַלן מיט פּעטליורעס הסכמה, האָט רעוווּצקי דעמיסיאָנירט פון אָנטייל אין דער אוקראַינישער רעגירונג. דעם סעקרעטאַריאַט פאַר יידישע ענינים האָט ער איבערגעגעבן קראַסנין פון ווינניצע. דאַן איז ענדלעך ד״ר גאָלדעלמאַן געוואָרן מיניסטער פון פּעטליורעס רעגירונג. אין 1920־טן יאָר, אויף אונדזער וועלט קאָנפערענץ אין ווין, האָט זיך באַוויזן ד״ר גאָלדעלמאַן. מיר האָבן אים אָבער נישט דערלויבט באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ און אים אויסגעשלאָסן פון אונדזער באַוועגונג.

אויף דער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט מען אונדז איבערגעגעבן וועגן דער גרויסער דערגרייכונג פון אונדזער פראַקציע אין דער ראַדע: דאָס יידישע פאָלק האָט באַקומען דעם זכות צו זיין רעפּרעזענטירט אין דער דעלע־גאַציע פון דער זעלבשטענדיקער אוקראַינע אויף די שלום־אונטערהאַנדלונגען.

דעם 4־טן דעצעמבער זענען צו דער זיצונג געקומען עטלעכע חברים און איבערגעגעבן, אַז באָראָכאָווס מצב איז אַ האָפענונגלאָזער. מיר האָבן איבערגע־ריסן די זיצונג און אַוועק אין שפּיטאָל. מען האָט אונדז דערציילט, אַז אין דעם זעלבן טאָג אינדערפרי האָט באָראָכאָוו געזאָגט דער קראַנקנשוועסטער, אַז עס דערוואַרט אים אַ שווערער טאָג. מיר זענען געשטאַנען ביי דער טיר פון זיין צימער. באָראָכאָוו איז שוין געווען אין אַ מצב פון גסיסה. צען אַזייגער אין אָוונט איז ער

אויסגעגאַנגען. צבי פרידלאַנד האָט געהלשט, שטייענדיק ביי דער טיר. מיר אַלע זענען געווען שטאַרק דערדריקט. מיר האָבן דערפילט, אַז עס איז אַראָפּגעפאַלן די קרוין פון אונדזער קאָפּ.

די לוויה פון באַראָכאָוון איז פאָרגעקומען דעם 6־טן דעצעמבער. אַ טאָג פריער האָט מען אַראָפּגענומען אַ גיפּס־מאַסקע פון זיין פּנים. פאַרטאָג האָבן זיך צום שפּיטאָל אָנגעהויבן צונויפקומען זיינע חברים און פריינד. אַ ים פון בלומען און פאָנען, פאָנען אָן אַ סוף, רויטע פאָנען אַרומגענומען מיט שוואַרצער קרעפּע — פון קיעוו, פּאָדאָליע, דימאַיעווקע. ביים אָרון — אַן ערן־וואַך. חברים שיידן זיך מיט באַראָכאָוון. צען אַזייגער אינדערפרי איז אָנגעקומען די דעלעגאַציע פון דער אוקראַאינישער ראַדע, פון אַלגעמיינעם סעקרעטאַריאַט, פון דער פּאַרטיי „פּאַראייניקטע", פון פאַרבאַנד פון יידישע זעלנער, פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, פון צעירי־ציון, פון „דרור". עלף אַזייגער האָט מען פאַרדעקט דעם ארון. דער עולם איז אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין. דעם אָרון טראָגן די חברים ביזן בית־הקברות. קיין קרענץ זענען נישט געווען, ווייל דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן נישט צו לייגן קיין קרענץ. דער טרויער־צוג איז געגאַנגען זייער פּאַמעלעך און האָט זיך געצויגן דריי שעה ביז מען איז דערגאַנגען צום בית־הקברות. ביים אָפענעם קבר האָבן געהאַלטן הספּדים רעוווצקי אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט און קענדזשערסקי. נאָך זיי האָט גערעדט וואַסילעווסקי אין נאָמען פון דער אוקראַאינישער ראַדע. צוו. אַנד. האָט ער געזאָגט: „דו ביסט געווען ז'ער קעמפער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און פון פּראָלעטאַריאַט פון אַלע פעלקער. דו ביסט אַוועק פון דער וועלט ווי משה, וואָס האָט נישט זוכה געווען אַריינצוגיין אין דעם לאַנד, צו וועלכן ער האָט געפירט די יידן, זייענדיק אַזוי נאָענט צו אים".

אין נאָמען פון אוקראַאינישן סעקרעטאַריאַט האָט גערעדט זילבערפאַרב (באַזין). עס האָבן אויך גערעדט פאָרשטייער פון דער קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן און פון קיעווער סאָוויעט, פון די מלחמה־געפאַנגענע, פון יידישן נאַציאָנאַלן ראַט, אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט גערעדט מ. גראָסמאַן, אין נאָמען פון די „פּאַראייניקטע" — שאַץ־אַניק, אין נאָמען פון קרייז־ראַט פון „בונד" — דאָבין.

דעם 7־טן דעצעמבער איז פאָרגעקומען אַ טרויער־זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט, געווידמעט דעם אָנדענק פון באַראָכאָוון. איך האָב אויף דער זיצונג געפירט דעם פאָרזיץ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן: א. אַרויסגעבן אַלע ווערק פון באַראָכאָוון (קאָמיסיע: בערלינראַוט, רעווצקי און כאַשין); ב. דער צענטראַל־קאָמיטעט נעמט אויף זיך צו זאָרגן פאַר באַראָכאָווס פאַמיליע; ג. שאַפן אַ פאָנד אויפצובויען אין ארץ־ישראל אַ פּאַלאַץ אויפן נאָמען פון ב. באַראָכאָוו; ד. דער־

קלערן אַ טרויער אין דער פּאַרטיי אין משך פון דריי חדשים; ה. פּאַרלייגן אַלע אָרגאַניזאַציעס צו עפענען אַרבעטער־קלובן און ביבליאָטעקן אויפן נאָמען פון באָראָכאָוו; ו. אַרויסגעבן אַ זאַמלבוך צום אָנדענק פון באָראָכאָוון; ז. אַרויפלייגן אויף דער קיעווער אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי די זאָרג פאַרן קבר פון באָראָכאָוון; ח. דעלעגירן דעם חבר אַרשאַווסקי צו באָראָכאָווס פאַמיליע אין שטאָקהאָלם.

איך האָב דאַן אַרויסגעגעבן אין פּעטראָגראַד אַ נומער פון דער „כראָניקאַ", געווידמעט דעם נאָמען פון באָראָכאָוון. אויך אין ד' ווייטערדיקע נומערן פון דער צייטונג, ביז זי האָט אויפגעהערט צו דערשיינען, איז געווען אַן אָפּטיילונג געווידמעט דעם אָנדענק פון באָראָכאָוון. אַרשאַווסקי האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע מאָנאָגראַפיע, וואָס אַ טייל פון איר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „כראָניקאַ" אונטערן קעפּל „באָראָכאָוו דער מענטש". אָט זענען עטלעכע אויסצוגן פון דער מאָנאָגראַפיע:

..."ער האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם אויף אַלעמען ווער ס'האָט אים געזען און אויף אַלע זיינע באַקאַנטע, און נישט נאָר צוליב זיינע גייסטיקע און אינטעלעקטועלע פעיקייטן. אויך אַלס מענטש איז ער געווען אַ גאַנצע געשטאַלט. ער איז געווען ריין ווי קרישטאָל, אַן אידעאַלער מענטש און עפּעס אַ חותם פון אַן אויסדערוויילטן איז אויף אים געלעגן. קליינלעכקייטן, צייטווייליקע פּראָזאַישע לעבנס־ענינים זענען אים געווען פרעמד. מיט אַן אינערלעכער רויקייט און דערהויבנקייט פלעגט ער אַריבערגיין איבער אייגענע פאַרלאַנגען, איבער מאַטעריעלע אינטערעסן און טאָגטעגלעכע זאָרגן. שטענדיק האָט ער געלעבט אין עפּעס אַ העכערער וועלט, אין דער אינערלעכער וועלט פון זיין נשמה. ס'איז אין אים געווען עפּעס אַן אומפאַרגעסלעכע שיינקייט. דער עיקר־תוך פון זיין אינערלעכער וועלט איז געווען העראָיזם...

...ווער ס'איז מיט אים געקומען אין באַרירונג, אויב אַפילו נאָר איין און איינציק מאָל, האָט געפילט דעם אידעלן אַראָמאַט פון זיין נשמה. באָראָכאָוו איז געווען באַזונדערס פילבאַר אין זיינע באַציאונגען מיט זיינע פריינד. מיט זיין האַרציקער באַציאונג צו מענטשן האָט ער זיי געקאָנט אָנצינדן, ווייל עס האָט זיך געפילט אין אים אָט דער אידעאַלער מאָמענט, וואָס איז געווען זיין גאָב פון געבוירן און וואָס ער האָט אים אַנטוויקלט דורך זעלבסטדערציאונג אין שטענדיקן געראַנגל. ער איז געוואָרן דער פירער פון פּועלי־ציון נישט בלויז צוליב זיין ערודיציע און צוליב זיין טעאָרעטישער אַרבעט ביים שאַפן אונדזער פּלאַטפאָרם, נאָר אַדאַנק זיינע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן. אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע חברים פון דער פּאַרטיי זענען געווען זיינע נאָענטע פריינד. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר

זיינע תלמידים; זיי האָבן זיך שטענדיק געפונען אונטער דער השפּעה פון זיין אומפּאַרגעסלעכער פּערזענלעכקייט. און אַזאַ מין השפּעה האָט ער אויך געהאַט אויף די יידישע אַרבעטער־מאַסן, זיי האָבן אינסטינקטיוו דערפילט, אַז עס דער־שיינט פאַר זיי נישט בלויז אַן אויסערגעוויינלעכער, אינטעלעקטועלער כוח, נאָר אויך אַן אידעאַלער מענטש, וואָס פאַר אים זענען נישט קיין פוסטע ווערטער ליידן און גורל, אַז סאָציאַליזם איז פאַר אים נישט נאָר אַ לאָזונג, כדי צוצוציען מענטשן אין זיין מחנה און אַז ארץ־ישראל איז ביי אים נישט סתם קיין קלינגענדיקער אויסדרוק. זיי האָבן דערפילט, אַז מיט זיין וואַרעם האַרץ און איידעלער נשמה שטרעבט ער צו דעם, אַז אויף דער וועלט זאָל הערשן גלייכהייט און גערעכטיקייט, עס זאָל נעמען אַ סוף צו די ליידן פון יידישן פאָלק״.

אויף וויפל באָראָכאָוו איז געווען אַן איידעלע נשמה, ווייזט אויך דער פאַקט, וואָס מען האָט מיר דערציילט אין שטאָקהאָלם:

ווען באָראָכאָוו איז געקומען קיין שטאָקהאָלם און האָט באַדאַרפט אָנגעבן דעם באַאַמטן דעם נאָמען פון זיין געבוירן־שטאָט, האָט ער געזאָגט אַ נאָמען פון אַן אַנדערער שטאָט, קרעמענטשוג און נישט פון זיין געבוירן־שטאָט — זאָלאָטאָנאָ־שע פון פּאָלטאַווער גובערניע, כדי נישט אָנצורירן די געפילן פון שוועדישן באַ־אַמטן דורכן דערמאָנען די שטאָט, ווו די שוועדן האָבן געליטן אַ שווערע מפּלה פון פּיאָטער דעם גרויסן.

אין איינעם פון די געשפּרעכן האָט מיר באָראָכאָוו געזאָגט: „איך בין גליקלעך, וואָס איך לעב אין אַזאַ תקופה. דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ווי איך בין צופרידן פון מיין לעבן, ווייל אין דעם לעבן איז דאָ אַ סך אינטערעס, איך האָב זוכה געווען מיטצובאַטייליקן זיך אין דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, איך בין געווען טעטיק אין עסטרייך, איך האָב זיך אַקטיוו באַטיי־ליקט אין לעבן פון דער פּאַרטיי אין אמעריקע. און איצט — ווי גרויס זענען די מעגלעכקייטן דאָ אין רוסלאַנד, און וואָס שטייט מיר נאָך פאָר!״. ער האָט נישט געוווּסט און נישט געפילט, אַז ער וועט נישט זוכה זיין אויסצונוצן אָט די גרויסע מעגלעכקייטן.

עס האָט מיר דערציילט אַ חבר פון עסטרייך: אין יאָר 1910 איז ער געקו־מען קיין ווין און געווענדט זיך צום סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנד. ער האָט דאָרט געטראָפן אַ מענטש מיט ברילן. דאָס איז געווען באָראָכאָוו, וואָס איז דעמאָלט געווען דער סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד. דער חבר האָט אָבער וועגן דעם נישט געוווּסט און ער האָט זיך צו אים געווענדט ער זאָל אים העלפן דערליידיקן זיינע ענינים אין שטאָט, ווייל ער קען נישט ווין. דער סעקרעטאַר האָט איבערגעריסן זיין אַרבעט, איז אַוועק מיטן חבר צו דער סטאַציע אָפּצונעמען זיינע זאַכן און געפאָרן מיט אים אין אַ האָטעל. דערנאָך איז ער מיט אים אַרויס און געפירט

ווייזן אים די שטאָט. צומאָרגנס איז ער ווידער צו אים געקומען און אים ווידער געפירט איבער דער שטאָט. נאָכדעם ווי דער סעקרעטאַר האָט מיט אים פאַר־בראַכט העכער אַ טאָג, האָט זיך דער חבר צום אים געווענדט און געבעטן, אַז ער זאָל אים אַוועקפירן צו באָראָכאָוון, ווייל ער וויל זייער שטאַרק מיט אים זיך באַקענען. ווי פאַרווונדערט איז ער אָבער געוואָרן, ווען באָראָכאָוו האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז ער אַליין. דער חבר האָט מיר דאָס דערציילט אין יאָרן אַרום, נאָך דער באַגעגעניש און האָט דערביי צוגעגעבן, אַז נאָך איצט פּייניקט אים דאָס געוויסן, וואָס ער האָט אַזויפיל באָראָכאָוון מטריח געווען.

וואָס איז געווען באָראָכאָוו פאַר זיין באַוועגונג און פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג? באָראָכאָוו איז געווען דער, וואָס האָט געשאַפן די פּאַרטיי פּועלי־ציון און האָט איר געגעבן די טעאָרעטישע באַזע.

באָראָכאָווס דערשינענע ביכער, באַזונדערס „דער קלאַסן־קאַמף און די נאַציאָנאַלע פראַגע" און „אונדזער פּלאַטפאָרם" האָבן געמאַכט אַן איבערקערעניש אין אונדזער וועלט. אין די צוויי אַרבעטן האָט ער געגעבן דעם טעאָרעטישן יסוד פאַר אַלע אונדזערע געדאַנקען און שטרעבונגען. מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז דאָס אַקצענטירן דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט איז אין יענער צייט געווען ווי א פּגם ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. ס'איז געווען אָנגענומען די מיינונג, אַז דער נאַציאָנאַליזם פאַרטונקלט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין, ווייל ער שאַפט בשותפותדיקע ווערטן פאַר דער בורזשואַזיע און אַרבעטער־קלאַס. עס זענען געווען באַוווסט מאַרקס'ס אָנשויונגען אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. די יידן־פראַגע איז פאַר מאַרקסן געווען א פראַגע פון דער בורזשואַזיע. אין זיין „צו דער יידן־פראַגע" שרייבט ער אַזוי אין אריינפיר: „די באפרייונג פון יידנ־טום וועט קומען דאַן, ווען די וועלט וועט זיך באַפרייען פון יידנטום". מאַרקס האָט גוט געקענט דאָס דייטשישע יידנטום אין דער העלפט פון נייַנצנטן י. ה., וואָס איז דאַן אינגאַנצן באשטאנען פון דער בורזשואַזער פּלוטאָקראַטיע און פון אַ בורזשואַזער אינטעליגענץ. ער האָט אָבער אינגאַנצן נישט געוווּסט אַז אויף דער וועלט זענען אויך פאַראַן אנדערע יידן, קיין יידישן אַרבעטער האָט ער קיינ־מאָל נישט אָנגעקוקט. דערפאַר איז פאַר אים דאָס יידנטום געווען אַ טייל פון דער בורזשואַזיע.

מאַרקס'ס תלמידים האָבן ביי אים איבערגענומען זיין לערע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, פּונקט ווי מיר האָבן איבערגענומען זיין לערע וועגן דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ווער ס'האָט אַרויסגערוקט אַ פאָדערונג בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז געווען פאַרעכנט פאַר אַ רעאַקציאָנער. דער פּיאָנער אין דער יידן־פראַגע איז געווען דער „בונד",

וואָס האָט ענדלעך געוואַגט, נאָך שטאַרקע אינערלעכע ראַנגלעניש, אַרויסצושטעלן די פאָדערונג פון קולטורעלער אויטאָנאָמיע פאַרן יידישן פאָלק. אָבער אפילו אָט די באַשיידענע פאָדערונג האָט אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קרייזן זיך אָנגע־טראָפן אויף אַ שטאַרקער קעגנערשאַפט. לויט פלעכאַנאָוון איז אויסגעקומען, אַז די בונדיסטן זענען די זעלבע ציוניסטן, נאָר זיי האָבן מורא פאַר אַ ים־קראַנקייט... אַזאַ אַטמאָספער האָט געהערשט אַרום דער יידן־פראַגע. מיר האָבן אַלע געפילט, אַז די סאָציאַליסטישע קרייזן האַנדלען נישט ריכטיק מיטן גרינגשעצן די נאַציאָ־נאַלע פראַגע בכלל, און נאָך מער איז געווען די עוולה כלפּי דעם יידישן פאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין ספּעציפישקייט פון אלע פעלקער פון דער וועלט.

און אָט איז געקומען באָראָכאָוו און געגעבן דעם טעאָרעטיש־מאַרקסיסטישן יסוד פאַר דער נאַציאָנאַלער פראַגע און זי געכרשט אין די אויגן פון די סאָציאַ־ליסטן אין יענער צייט.

דורכפירנדיק דעם אַנאַליז פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, פאררופט זיך באָראָכאָוו אויף מאַרקסן און זיינע הנחות אין זיין בוך „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע‟. אין דער הקדמה צו דעם בוך זאָגט מאַרקס — און דאָס איז אייגנטלעך דער תמצית פון זיין לערע — „אין געזעלשאַפטלעכן פּראָדוקציע־פּראָצעס קומען די מענטשן אין באַשטימטע, אומפאַרמיידלעכע, נישט אָפּהענגיק פון זייער ווילן, פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, וואָס אַנטשפּרעכן אַ באַשטימטן אַנטוויקלונגס־שטאַפּל פון זייערע מאַטעריעלע פּראָדוקציע־כוחות. די אַלע פּראָ־דוקציע־פאַרהעלטענישן אינאיינעם גענומען בילדן דעם עקאָנאָמישן געבוי פון דער געזעלשאַפט, די רעאַלע באַזע, וואָס איבער איר הייבן זיך אַרויף די יורידישע און פּאָליטישע גאָרנס, מיט די פּאַראַלעלע צו אים באַשטימטע פאָרמען פון געזעל־שאַפטלעכן באַוווסטזיין. דער אופן פון פּראָדוצירן דאָס מאַטעריעלע לעבן באַ־שטימט דעם גאַנג פון סאָציאַלן, פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן בכלל. נישט דאָס באַוווסטזיין באַשטימט דאָס זיין, נאָר פאַרקערט, דאָס געזעלשאַפטלעכע זיין באַשטימט דאָס באַוווסטזיין. ווען די מאַטעריעלע פּראָדוקציע־כוחות פון דער געזעלשאַפט דערגרייכן צו אַ באַשטימטער מדרגה פון זייער אַנטוויקלונג, קומען זיי צו צו אַ סתירה מיט די עקזיסטירנדיקע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, אָדער — אייגנטלעך איז דאָס נישט מער ווי אַ יורידישע פאָרמולירונג — מיט די אייגנ־טום־פאַרהעלטענישן, וואָס האָבן זיך ביז איצט אין זיי אַנטוויקלט. די פאַרהעלטע־נישן הערן אויף צו זיין אַנטוויקלונגס־פאָרמען פאַר די פּראָדוקציע־כוחות און ווערן פאַרוואַנדלט אין פענטעס פאַר אָט די כוחות. פון דעם מאָמענט הייבט זיך אָן אַ תקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע‟.

די אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע פּראָדוקציע־פּאַרהעלטענישן קומט נישט פאָר אין ליידיקן רוים, נאָר „אין פאַרשידנסטע באַדינגונגען, לויט זייערע פאַרשיי־דענע מקומות״. דער כאַראַקטער פון די פּראָדוקציע־פּאַרהעלטענישן איז אָפּהענ־גיק, קודם־כל, פון מצב פון די פּראָדוקציע־כוחות, און דאָס איז אָפּהענגיק פון די נאַטור־באַדינגונגען, ד. ה. פון די געאָגראַפישע באַדינגונגען. דאָס זענען קלימאַטישע באַדינגונגען, די רייכקייט אין נאַטור־אוצרות און רוישטאָפן, די טאָפּאָגראַפישע באַדינגונגען (בערג, ימען), דער באָדן א. א. וו.

ס׳איז לייכט צו דערוויזן, אַז דער פּראָדוקציע־כאַראַקטער פון אַ געזעל־שאַפט, וואָס געפינט זיך אויפן ברעג פון ים איז אַן אַנדערער ווי פון דעם פאָלק, וואָס וווינט אין אַ באַרגיק לאַנד. דער אויסלענדישער האַנדל האָט זיך אַנטוויקלט און פונאַנדערגעבליט נישט ביי די פעלקער פון באַרגיקע געגנטן, נאָר ביי די פעלקער, וואָס האָבן געוווינט ביי אַ ים, למשל, די פעניקער. קיין פישפאַנג קאָן זיך נישט אַנטוויקלען ביי פעלקער, וואָס וווינען אין די בערג, דערפאַר עקזיסטירן דאָרט אַנטשפּערכנדיקע באַדינגונגען פאַר פיצוכט און באַרג־אינדוסטריע. מען דאַרף וויסן, אַז דער עיקרדיקער פּראָדוקציע־כוח — איז דער מענטש, און אַלץ וואָס ווירקט אויפן מענטש, ווירקט אין דער אָדער אַנדערער פאָרם אויף די פּראָדוקציע־כוחות, וואָס ווירקן פון זייער זייט אויף די פּראָדוקציע־פּאַרהעלטע־נישן. דער קלימאַט אויפן צפון געשטאַלטיקט אַן אַנדערן טיפּ מענטש ווי דער קלימאַט אויפן דרום. דער צפון־טיפּ איז אַ קאַלטבלוטיקער און איז צוגעוווינט צו קעמפן מיט דער אכזריותדיקער נאַטור. דער דרומדיקער מענטש איז פוילער, כאָטש ער האָט אַ שטורמישן טעמפּעראַמענט, ווייל ער געפינט כמעט אַלץ גרייט אין דער נאַטור.

אָבער אויסער די נאַטירלעכע פּראָדוקציע־באַדינגונגען זענען נאָך דאָ היסטאָרישע, וואָס ווירקן אויף די פּראָדוקציע־כוחות. ס׳איז אַ גרויסער אונטער־שיד, צי די געזעלשאַפט האָט זיך געשאַפן און אַנטוויקלט איזאָליטערהייט, נישט באַווירקט געוואָרן פון דרויסן, נישט איבערגעלעבט קיין מלחמות, אָדער פאַר־קערט — איר אַנטוויקלונג איז פאָרגעקומען אין אַ שטענדיקן פּראָצעס פון מלחמות מיט אירע שכנים; ס׳איז אַן אונטערשיד, צי די געזעלשאַפט איז נישט אַרונטערגעפאַלן אונטער פרעמדער הערשאַפט, אָדער זי איז געווען פאַרשקלאַפט.

קורץ געזאָגט, לויט באָראָכאָוו זענען די פּראָדוקציע־באַדינגונגען פאָלגנ־דיקע: א. פיזישע, קלימאַטישע, געאָגראַפישע א״א. ב. אַנטראָפּאָלאָגישע, אָפּהענ־גיקע פון דער ראַסע. ג. היסטאָרישע. באָראָכאָוו ברענגט ציטאַטן פון מאַרקסן און ענגעלסן אויף צו דערווייזן די ריכטיקייט פון זיינע טענן.

אין זיין צווייטן בריוו אין „סאָציאַליסטישן אַקאַדעמיקער״ רעכנט ענגעלס אויס, צווישן די אַלגעמיינע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אויף דער עקאָנאָמיק, דעם

ראַסן־פאַקטאָר, די געאָגראַפישע סביבה און אויך דעם כאַראַקטער פון יחיד, וואָס האָט זיך היסטאָריש אַנטוויקלט און פאַרשידן אין פאַרשידענע ערטער. אין דריטן באַנד „קאַפּיטאַל" זאָגט מאַרקס: „אָט די עקאָנאָמישע באַזע — אָט די באַזע אַליין לויט די עיקרדיקע באַדינגונגען — קאָן זיך אַנט־פּלעקן אין פאַרשידענע פאָרמען און שטאַפּלען אָן אַ סוף, צוליב די אומצאָליקע פאַרשידענע סיבות, צוליב די נאַטור־באַדינגונגען, ראַסן־פאַר־העלטענישן, היסטאָרישע השפעות, וואָס ווירקן פון דרויסן און ענלעכע".

אָט דעם באַגריף פון פּראָדוקציע־באַדינגונגען, וואָס ביי מאַרקסן און ענגעלסן איז ער דאָ אין אַ פאַרהוילענער פאָרם, האָט באָראָכאָוו אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיקער שיין, און אין אים זעט ער דעם אויסגאַנג־פּונקט פאַר דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

באָראָכאָוו שאַפט די טעאָריע פון נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן פּאַראַלעל צו דער טעאָריע פון סאָציאַלע קאָנפליקטן ביי מאַרקסן. לויט מאַרקסן קומט אויס, אַז די געזעלשאַפט באַשטייט פון צוויי שטאָק מיט אַ פונדאַמענט: דער ערשטער שטאָק — די פּראָדוקציע־כוחות, דער צווייטער שטאָק — די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, און אויסער דעם — דער פונדאַמענט — די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, וואָס מאַרקס און ענגעלס דערמאָנען זיי נאָר דרך־אגבֿ. קומט אַלזאָ אויס, לויט מאַרקסן און ענגעלסן, אַז צווישן יסוד, די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, און דעם צווייטן שטאָק, פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, איז נישטאָ קיין דירעקטער קאָנטאַקט, און דער יסוד ווירקט אויפן צווייטן שטאָק נאָר דורך דעם ערשטן שטאָק.

מאַרקס זאָגט אַז די קעגנזאַצן צווישן ערשטן און צווייטן שטאָק, צווישן די פּראָדוקציע־כוחות פון איין זייט און די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן פון דער צווייטער זייט, — זענען עס די סיבות, וואָס דערפירן צו סאָציאַלע קאָנפליקטן. אַלס קלאַסישן ביישפּיל פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער גע־זעלשאַפט ברענגט מאַרקס דעם סאָציאַלן קאָנפליקט, וואָס שאַפט זיך צווישן די פּראָדוקציע־כוחות, וואָס פילן אויס די אַרבעט אין פאַבריק אויף אַ קאָלעק־טיוון אופן און די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, לויט וועלכע די פּראָדוקטן פון דער פּראָדוקציע געהערן נישט צום אַרבעטער־קאָלעקטיוו, נאָר צום איינצלנעם פאַבריקאַנט. מאַרקס און ענגעלס האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט אויף דעם, אַז פּונקט ווי עס עקזיסטירן סאָציאַלע קאָנפליקטן צווישן די צוויי שטאָקן, קאָנען אויך זיין קעגנזאַצן צווישן דער אַנטוויקלונג פון יסוד, די פּראָדוקציע־באַדינגונ־גען, און דער אַנטוויקלונג פון ערשטן שטאָק, די פּראָדוקציע־כוחות. און אין די קעגנזאַצן זעט באָראָכאָוו דעם מקור פון די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן. פריער האָבן עקזיסטירט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט נאָך פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. שוין אין די פרימיטיווע באַדינגונגען פון אור־קאָמוניזם זענען געווען

גרופּעס מענטשן, וואָס האָבן זיך אונטערשיידט צווישן זיך נישט בלויז מיט דער שפּראַך, נאָר אויך מיטן לעבנס־שטייגער, מיט זייער פּסיכאָלאָגיע, און דאָס דער־פאַר, ווייל זיי האָבן געלעבט אין פאַרשידענע מקומות, אין פאַרשידענע פּראָדוק־ציע־באַדינגונגען און די פּראָדוקציע־כוחות האָבן געווירקט און אַנטוויקלט זיך אין ספּעציפישע פּראָדוקציע־באַדינגונגען. פון דעם האָט באַראָכאָוו געמאַכט אַן אויספיר אַז דער קעגנזאַץ צווישן די פּראָדוקציע־באַדינגונגען און דער אַנטוויק־לונג פון די פּראָדוקציע־כוחות איז די סיבה, וואָס דערפירט צו נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן.

אין דער צייט, וואָס אין דעם סאָציאַלן קאָנפליקט טרעטן אַרויס נאָר צוויי צדדים — די צוויי קלאַסן, וואָס איינער פון זיי אַרבעט און דער צווייטער נעמט צו די פּרוכט פון דער אַרבעט, זענען אין נאַציאָנאַלן קאָנפליקט אריינגעמישט אַ סך שותּפים, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין פאָלק, וואָס זאָל זיין האָמאָגען אין סאָציאַלן זין, אין יעדן פאָלק זענען קודם־כל פאַראַן די צוויי הויפּט־שותּפים, די צוויי קלאַסן.

די סאָציאַלע קאָנפליקטן אַנטוויקלען זיך אין איין פאָלק, אין אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישן איינס, ווייל אויך די סיבות פון די קאָנפליקטן — די פּראָדוקציע־כוחות און די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן — אַנטוויקלען זיך ביי דעם פאָלק, אויב אַפילו אין אַ געוויסער אָפּהענגיקייט פון אַזאַ אַנטוויקלונג ביי אַנדערע שכנותדיקע פעלקער. אָבער די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן גייען אַרויס פון דער ראַם פון באַשטימטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע איינסן, ווייל איינער פון די עלעמענטן פון די דאָזיקע קאָנפליקטן — די פּראָדוקציע־באַדינגונגען — איז אַ מער ברייִ־טערער באַגריף און ער נעמט אַרום עטלעכע פעלקער צוזאַמען.

דער סאָציאַלער קאָנפליקט שיידט זיך אויך אונטער פון נאַציאָנאַלן מיט דעם, וואָס זיין עיקרדיקער מהות איז די אויסנוצונג פון איין קלאַס דורכן צווייטן. די קאָנקורענץ איז דאָ נאָר אַ צוגאָב־פּרט, אָבער נישט קיין אומבאַדינגטער, און זי טראָגט אַן אינדיווידועלן כאַראַקטער — די קאָנקורענץ צווישן די יחידים פון יעדן קלאַס — און זי איז פיל מער פאַרשפּרייט צווישן פאַרמעגלעכן קלאַס, איידער צווישן אַרבעטער־קלאַס. אָבער ביי דעם נאַציאָנאַלן קאָנפליקט איז זיין עיקרדיקער מהות די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, דער קאַמף צווישן צוויי אָדער מער פעלקער וועגן איבערגעוויכט, וואָס געפינט זיך אויסער זיי, ד. ה. אַ גרופּן־קאָנקורענץ. די אויסנוצונג פון איין פאָלק דורך אַ צווייטן איז דאָ נאָר אַ צוגאָב־פּרט, אָבער נישט קיין אומבאַדינגטער.

מען דאַרף אַלזאָ אונטערשיידן צווישן צוויי באַגריפן: אויסנוצונג און קאָנקורענץ. קאָנקורענץ באַטייט אַ מלחמה צווישן צוויי גרופּן, כדי צו דערגרייכן אַזעלכעס, וואָס געפינט זיך אויסער דעם רשות פון ביידע קעמפנדיקע צדדים;

אויסנוצונג באַטייט די שטרעבונג פון איין גרופּע צוצואייגענען זיך אַזעלכעס, וואָס געפינט זיך אין דער צווייטער גרופּע גופא, וואָס די ערשטע וויל פון דער צווייטער אַרויסבאַקומען. דער אונטערשיד אין די צילן איז גורם אויך אַן אונטערשיד אין די פאָרמען פון קאַמף. אויב איין גרופּע עקספּלאָאַטירט אַ צווייטע און וויל פון איר עפּעס אַרויסבאַקומען, איז זי דאָך פאַראינטערעסירט, נישט צו באַזייטיקן די עקספּלאָאַטירטע גרופּע, נאָר פאַרקערט, צו דערנענטערן זי צו זיך, ווייל אויב נישט, באַרויבט זי זיך אַליין פון אָביעקט פון עקספּלאָאַטאַציע. דאַקעגן, אויב צוויי גרופּן קאָנקורירן צווישן זיך און זיי קעמפן צו באַקומען אַזעלכעס, וואָס געפינט זיך מחוץ פון זיי ביידע, — זענען זיי פאַראינטערעסירט אַפּצושטויסן איינע די אַנדערע, צוליב דער דרויסנדיקער זאַך, און יעדע שטרעבט נישט צו דערלאָזן די צווייטע צו דערגרייכן אָט די זאַך. באַקומט זיך, הייסט עס, אַז אין פאַל פון עקספּלאָאַטאַציע איז איין גרופּע פאַראינטערעסירט צו האַלטן די צווייטע ווי אַן אָביעקט פון עקספּלאָאַטאַציע, אָבער אין פאַל פון קאָנקורענץ איז יעדע פון די גרופּעס פאַראינטערעסירט צו דערווייטערן פון זיך די צווייטע, אַנדערש געזאָגט — זי צו פאַרטרייבן. אין ערשטן פאַל טרעט אַרויס אַן אָביעקט און סוביעקט פון עקספּלאָאַטאַציע, אין צווייטן פאַל — צוויי קאָנקורירנדיקע סוביעקטן.

אַ צוגאָב־אונטערשיד צווישן די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס דער סאָציאַלער קאָנפליקט קומט פאָר אין דער געזעלשאַפט צווישן געזעלשאַפטלעכע קלאַסן און ער נעמט נישט אָן קיין פאַרשידענע פאָרמען, ווייל סיי דער סוביעקט און סיי דער אָביעקט זענען באַשטימטע קלאַסן און לאָזן זיך נישט פונאַנדערטיילן אויף מער קלענערע טיילן, אין דער צייט וואָס די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן קאָנען אָננעמען פאַרשידנאַרטיקע פאָרמען, ווייל זייערע סוביעקטן זענען באַשטימטע פעלקער, ד. ה. גרופּעס, וואָס לאָזן זיך פונאַנדערטיילן אויף זייערע באַשטאַנדטיילן — אויף קלאַסן. יעדער קלאַס פון אַ באַשטימט פאָלק האָט זיינע פּראָדוקציע־כוחות און זיין באַשטימטע אנטוויקלונג, און פון דאַנען דרינגען אַרויס די פאַרשידענע פאָרמען פון די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, אַנטשפּרעכנדיק צום געגעבענעם קלאַס. דער קעגנזאַץ צווישן די פּראָדוקציע־כוחות פון דער גרויס־בורזשואַזיע און אירע פּראָדוקציע־באַדינגונגען געבויערט דעם נאַציאָנאַלן קאָנפליקט פון דער גרויס־בורזשואַזיע. דער קעגנזאַץ צווישן די פּראָדוקציע־כוחות פון פּראָלעטאַריאַט און זיינע פּראָדוקציע־באַדינגונגען, כאָטש זיי זענען די זעלבע, וואָס פאַר דער גרויס־בורזשואַזיע, געבויערט דעם נאַציאָנאַלן קאָנפליקט פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס נעמט אָן גאָר אַן אַנדערע פאָרם.

באָראָכאָוו האָט דורכגעפירט אַן אַנאַליז וועגן מהות פון די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן ביי אַלע קלאַסן פון יידישן פאָלק. אין יעדן פאָלק זענען אייגנטלעך פאַראַן צוויי גרונט־קלאַסן: דער באַזיצנדיקער קלאַס, וואָס איז דער אייגנטימער פון די

פּראָדוקציע־מיטלען, און דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס אַרבעט מיט די פּראָדוקציע־מיטלען, וועלכע געהערן נישט צו אים. צווישן די צוויי גרונט־קלאַסן זענען פאַראַן צווישן־שיכטן. די בורזשואַזיע טיילט זיך אויף דריי שיכטן: גרויס־בורזשואַזיע, מיטעלע און קליין־בורזשואַזיע און דערצו דאָס פאַרמעגלעכע פּויערטום. דער פּראָלעטאַריאַט טיילט זיך אויף צוויי טיפּן: דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע, האַנדל, טראַנספּאָרט א.א. און דער דאָרפישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז באַשעפטיקט אין דער לאַנדווירטשאַפט. צווישן די צוויי גרונט־קלאַסן, דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, איז פאַראַן נאָך אַ שיכט — די מאַסן, וועלכע מאַכן דורך דעם פּראָצעס פון פּראָלעטאַריזירונג בעתן איבערגאַנגס־עטאַפּ פון איין קלאַס צום צווייטן. ס'איז דאָ נאָך אַ שיכט, אויפן סאַמע נידעריקסטן שטאַפּל פון מענטשלעכן לייטער — דאָס איז דער לומפּנפּראָלעטאַריאַט, די מאַסן, וואָס זענען אַרויסגעפאַלן פון דער אַרבעט און פון דער פּראָדוקציע און זיי האָבן נישט קיין פאַרגאַנגענהייט, קיין צוקונפט און אויך נישט קיין קעגנוואַרט.

וואָסערע זענען די פּראָדוקציע־באַדינגונגען פון יידישן פאָלק? איך וועל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף אַלע פּראָדוקציע־באַדינגונגען, די נאַטור־באַדינגונגען און די היסטאָרישע, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגעפאָרעמט דאָס יידישע פאָלק. איך האָב בדעה זיך אָפּצושטעלן אויף איינעם פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, דעם וויכטיקסטן צווישן זיי.

אין פינפטן קאַפּיטל פון ערשטן באַנד „קאַפּיטאַל", זאָגט מאַרקס: „דער אַרבעט־פּראָצעס, אין ברייטערן זין, נעמט אַריין אַלס זיינע מיטלען — צוגלייך מיט פאַקטאָרן, וואָס פאַרמיטלען אין דער ווירקונג פון דער אַרבעט אויף איר טרעגער און זיי דינען אַזויאַרום אַלס כוחות, וואָס ריכטן די אַרבעט אויף דעם אָדער אַנדערן וועג — אַלע מאַטעריעלע באַדינגונגען, וואָס זענען נייטיק, כדי עס זאָל פאָרקומען דער פּראָצעס אין זיין גאַנצקייט. זיי טרעטן נישט אַריין דירעקט אין דעם פּראָצעס, אָבער אָן זיי קאָן ער נישט פאָרקומען, סיידן נאָר אין אַ פאַרקריפּלטער פאָרם. אַלס אַלגעמיין אַרבעטס־מיטל פון דעם טיפּ איז טאַקע די ערד, ווייל זי שטעלט אין רשות פונעם אַרבעטער דאָס אָרט פון זיין פּאָזיציע (לאָקוס סטאַנדי) און פאַרן אַרבעטס־פּראָצעס דעם חלל פון דער טעטיקייט".

מאַרקס האַלט, אַז אַלע אַרבעטס־מיטלען, צוזאַמען מיטן אָביעקט פון דער אַרבעט, בילדן ד' פּראָדוקציע־מיטלען. איך מיין אָבער, אַז די ערד („לאָקוס־סטאַנדי") געהערט צו די פּראָדוקציע־באַדינגונגען און נישט צו די פּראָדוקציע־מיטלען. „לאָקוס־סטאַנדי" איז אַ פּראָדוקציע־באַדינג נישט בלויז פאַרן אַרבעטער, נאָר אויך פאַר אַלע שיכטן און קלאַסן, וואָס באַטייליקן זיך אין דער אָדער אַנדע־

רער פאָרם אין אַרבעטס־פּראָצעס אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אפילו פאַר די עקספּלאָאַטאַטאָרן.

די ערד — דאָס איז די טעריטאָריע, אויף וועלכער עס וווינט דאָס פאָלק, אַלע זיינע שיכטן און קלאַסן. אין דעם באַגריף ערד־טעריטאָריע, בין איך כולל אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער טעריטאָריע, אַלע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וואָס האָבן מיט איר אַ שייכות. די דאָזיקע באַדינגונגען מאַכן דאָס מעגלעך צו באַנוצן זיך מיט דער טעריטאָריע, ווי אַ „לאקוס־סטאַנדי", און זיי זענען עלול צו זיין בעסערע אָדער ערגערע פאַר די אַרבעטס־פּראָצעסן פון דעם אָדער יענעם קלאַס.

דעם יידישן פאָלק פעלט אַ טעריטאָריע און אַלץ, וואָס איז מיט איר פאַרבונדן. דאָס ווירקט אויף אַלע קלאַסן און שיכטן פון פאָלק, כאָטש נישט אין אַ גלייכער מאָס. דאָס פעלן פון דער פּראָדוקציע־באַדינגונג שאַפט דעם קעגנזאַץ צווישן די פּראָדוקציע־באַדינגונגען און די פּראָדוקציע־כוחות פון אַלע קלאַסן און שיכטן פון יידישן פאָלק. דער קעגנזאַץ געבוירערט דעם נאַציאָנאַלן קאָנפליקט אין יעדן קלאַס און שיכט, וואָס אונטערשיידט זיך אין זיין פאָרם און אינהאַלט אַנטשפּרעכנדיק צו די פּראָדוקציע־כוחות פון יעדן פון זיי.

וואָס זענען די פּראָדוקציע־כוחות פון דער גרויס־בורזשואַזיע? זי איז שוין פון לאַנג אַרויס פון דער ראָם פון איר מדינה, פון לאַנג האָט זי שוין באַהערשט איר אינערלעכן מאַרק, אָבער דאָס איז פאַר איר נישט גענוג אָנצוזעטיקן איר אַפּעטיט, זי שטרעבט אויסצוברייטערן די ראָם און צו באַהערשן ד' אויסלענדישע מערק; ד. ה. אַז די פּראָדוקציע־כוחות פון דער גרויס־בורזשואַזיע איז דער וועלט־אימפּעריאַליזם. אין אירע אימפּעריאַליסטישע שטרעבונגען ווערט די בורזשואַזיע אונטערגעשטיצט פון איר רעגירונג, פון איר טעריטאָריע מיט די אַלע באַדינגונגען, וואָס זענען מיט איר פאַרבונדן. דער כוח פון דער מדינה, דער קלאַסן־כוח פון דער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס הערשט אין דער מדינה — דאָס איז עס דער כוח, וואָס העלפט איר דעראָבערן אויסלענדישע מערק.

בדרך כלל, איז די יידישע גרויס־בורזשואַזיע נישט גרויס אין דער צאָל, די יידישע גרויס־בורזשואַזיע אין צפון־אַמעריקע שטעלט מיט זיך פאַר אַ טייל פון דער אַמעריקאַנער גרויס־בורזשואַזיע און ז' טרעט אַרויס אויפן אויסלענדישן מאַרק ווי אַן אַמעריקאַנער בורזשואַזיע. דער גרויס־קאַפּיטאַל איז נישט געבונדן מיטן זיץ־פּלאַץ פון זיין באַזיצער. דער קאַפּיטאַליסט קאָן זיך געפונען אין איין לאַנד, אָבער זיינע קאַפּיטאַלן קאָנען זיין טעטיק אין אלע לענדער פון דער וועלט. pecunia non olet (געלט האָט נישט קיין ריח) — דאָס ווערטל איז באַזונדערס צוגעפּאַסט צום גרויס־קאַפּיטאַל. און אויב דער גרויס־קאַפּיטאַל קומט פון יידישע קוועלן, טראָגט ער אויף זיך די פּאָן פון דער גרויס־בורזשואַזיע פון

דעם לאַנד פון וואַנען ער קומט. פונדאַנען שטאַמט די אַסימילאַטאָרישע אידעאָ־לאָגיע, מיט וועלכער עס צייכנט זיך אויס די יידישע גרויס־בורזשואַזיע אין אַמעריקע. זי איז אין איר נאַטור אַסימילאַטאָריש און שטרעבט נאָך אַלץ זיך צופּאַסן צו דער בורזשואַזיע פון דער הערשנדיקער נאַציע. זי וויל נישט פאַרליידן מ׳זאָל זי דערמאָנען דעם יידישן אָפּשטאַם און זי איז אַלץ גרייט צו טאָן, אַז איר אָפּשטאַם זאָל פאַרגעסן ווערן. דער אימיגראַציע־שטראָם פון פאַראָרעמטע יידן, וועלכע קומען קיין אַמעריקע דערמאָנט איר אָבער, — און נאָך ערגערע איז, וואָס ער דערמאָנט אויך אַנדערע — אַז זיי, די קבצנים, זענען פון זעלבן שטאַם וואָס די רייכע. און די גרויס־בורזשואַזיע וויל טאַקע פּטור ווערן פון דעם דאָזיקן אימיגראַציע־שטראָם. דער דאָזיקער אימיגראַציע־שטראָם קומט צוליב דעם אומ־נאָרמאַלן מצב פון יידנטום אין רעזולטאַט פון פעלן פון אַ טעריטאָריע. אַזױאַרום קומט אויס, אַז דאָס פעלן פון אַזאַ פּראָדוקציע־באַדינג, אַ טעריטאָריע, פאַרשאַפט באַשטימטע אומבאַקוועמלעכקייטן דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע. דאָס איז נישט פאַר איר קיין נאַציאָנאַלער קאָנפליקט, נאָר אַ באַשטימטע אומבאַקוועמלעכ־קייט. אָבער די גרויס־בורזשואַזיע איז פאַראינטערעסירט פּטור צו ווערן פון דער אומבאַקוועמלעכקייט. דערפאַר איז זי גרייט מקריב צו זיין גרויסע סומעס געלט, כדי אָפּצוהאַלטן דעם אימיגראַציע־פּראָצעס. זי ווערט פילאַנטראָפּיש, שענקט גרויסע סכומען געלט אירע „קרובים״ אין חוץ־לארץ און דאָס אַלץ טוט זי, כדי ווי ווייט מעגלעך פּטור צו ווערן פון זיי. דאָס איז דער מאַטעריאַליסטישער יסוד פון דער פאַראינטערעסירונג פון דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע מיט דער יידן־פראַגע. דאָס איז דער יסוד פון דער טעטיקייט פון „דזשאָינט״ און ענלעכע גע־זעלשאַפטן.

ס׳איז כדאי באַזונדערס אונטערצושטרייכן, אַז די גרויס־בורזשואַזיע ליידט נישט פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ פונעם אַנטשפּרעכנדיקן קלאַס פון דער הערשנדיקער נאַציע, ווייל, ווי געזאָגט, טראָגט נישט דאָס געלט אויף זיך דעם שטעמפּל פון באַלעבאָס.

גאָר אַנדערש איז די לאַגע פון דער יידישער מיטלער בורזשואַזיע. זי האָט זיך נאָך נישט אַרויסגעריסן פון דער מלוכה־ראַם און ווי יעדע מיטעלע בור־זשואַזיע איז זי פאַראינטערעסירט צו באַהערשן דעם אינערלעכן מאַרק. באַראָ־כאָוו באַטאָנט, אַז אין איר שטרעבונג צו באַהערשן דעם אינערלעכן מאַרק באַקומט די מיטעלע בורזשואַזיע פון יעדן פאָלק די אונטערשטיצונג פון איר נאַציאָנאַלער רעגירונג. די קולטורעלע עקספּאַנסיע פון דער הערשנדיקער נאַציע ברייטערט אויס די גרענעצן פון אינערלעכן מאַרק. די קולטור, וואָס הערשט אין די לענדער פון דער וועלט איז אָבער נישט די קולטור פון דער יידישער בורזשואַזיע. און מיט אירע שטרעבונגען אויסצושפּרייטן זיך, שטויסט זי זיך אָן קודם־כל אויף די

זעלבע שטרעבונגען פון הערשנדיקן פאָלק. אין דעם שטעקט דער וואָרצל פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וואָס עקזיסטירט צווישן דער בורזשואַזיע פון הערשנ־דיקן פאָלק און צווישן דער בורזשואַזיע פון יידישן פאָלק. אין דעם קאַמף פאַרן אינערלעכן מאַרק שטיצט זיך די בורזשואַזיע פון הערשנדיקן פאָלק אויף איר נאַציאָנאַלער רעגירונג און זי באַקומט די אויבערהאַנט. דאַקעגן די יידישע בור־זשואַזיע האָט זיך נישט אויף וועמען צו שטיצן. ביסלעכווייז ווערט זי אַרויסגע־שטויסן פון אינערלעכן מאַרק און זי דערזעט, אַז איר צוקונפט איז זייער און זייער אַ פינצטערע, ד. ה. אַז צוליבן פעלן פון עיקרדיקן פּראָדוקציע־באַדינג — אַ טעריטאָריע — איז די יידישע בורזשואַזיע אין איר שטרעבונג צו באַהערשן דעם אינערלעכן מאַרק אַ פאַרשפּילטע. אין דעם באַשטייט דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט פון דער יידישער מיטעלער בורזשואַזיע.

ס׳איז כדאי צו ברענגען אַ היסטאָרישן ביישפּיל: דער פּוילישער היסטאָריקער אַרטור לימאַנאָווסקי דערציילט אין זיין בוך וועגן פּוילישן אויפשטאַנד אין י. 1863, אַז אַ יידישע דעלעגאַציע איז געקומען אין יאָר 1862 קיין ווילנע צום פירשט וויעלאָ־פּאָלסקי. דער פירשט האָט געזאָגט דער דעלעגאַציע, אַז די יידן האָבן אַן אויפ־גאַבע צו שאַפן דעם דריטן שטאַנד, וואָס איז אין פּוילן נישטאָ. אין משך פון 50 יאָר איז טאַקע דער שטאַנד געשאַפן געוואָרן דורך יידן. אָבער גלייכצייטיק איז אין דער צייט אויפגעקומען אַ דריטער שטאַנד אויך צווישן די פּאָליאַקן. די יידן זענען ווידער געוואָרן איבעריק. דאַן איז דערקלערט געוואָרן אַ באָיקאָט קעגן יידן (אין יאָר 1912).

אַזוי איז אויך געווען די לאַגע פון דער פויערישער ליטע. מיטן דעקלאַ־רירן די זעלבשטענדיקייט פון ליטע אין אָר 1919, האָבן די יידן באַקומען אַ פּערסאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע בראש מיטן ד״ר מ. סאָלאָווייטשיק. אָבער ווי ס׳האָט זיך נאָר אָרגאַניזירט די ליטווישע בורזשואַזיע האָט זי גאָר אינגיכן אָפּגעשאַפט די אויטאָנאָמיע.

אַזוי־אַרום ווערט געשטויסן די יידישע מיטעלע בורזשואַזיע צו זוכן פאַר זיך אַ טעריטאָריע, און זי ווערט ציוניסטיש געשטימט. אָבער ביי איר האַלט עס נאָך נישט אַזוי שלעכט, וויל זי זיך פאַרזיכערן מיט אַ טעריטאָריע, ווו ס׳זאָלן זיין אַלע נייטיקע באַדינגונגען פאַר איר אַנטוויקלונג. זי האַלט זיך נאָך אָפּ פון אַרויס־וואַנדערן קיין ארץ־ישראל, נאָר באַמיט זיך פריער צו שאַפן די פּאַסיקע פּאָליטישע באַדינגונגען, דורכן טשאַרטער אָדער באַלפור־דעקלאַראַציע, על כל פנים דורך אַ וואָסער נישט איז דאָקומענט, וואָס זאָל דינען, לויט די באַגריפן פון אַ קאַפּי־טאַליסטישער אָרדענונג, אַלס גענוגנדיקע גאַראַנטיע פאַר אַנטוויקלונג. די דאָזיקע יידישע בורזשואַזיע איז דאָס געווען די, וואָס האָט אין אָנהייב 20־טן י. ה. אונטער־געהאַלטן הערצלס פּאָליטישן ציוניזם.

אַ סך ערגער איז דער מצב פון דער יידישער קליינבורזשואַזיע. ווי יעדער קליינבורזשואַזיע נעמט זי אַריין אין אירע רייען די גרופּן פון דער מיטעלער בורזשואַזיע, וואָס זענען פאַראָרעמט געוואָרן און נישט אויסגעהאַלטן די קאָנקורענץ מיט דער גרויסבורזשואַזיע. זי נעמט אויך אַריין טיילן פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס פּרווּט אַרויפדראַפּען זיך העכער אויפן געזעלשאַפטלעכן לייטער. אָבער אויסער דער נאָרמאַלער קאָנקורענץ, וואָס פון איר ליידט די קליינבורזשואַזיע פון אַלע פעלקער, ליידט די יידישע קליינבורזשואַזיע פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ מיט דער קליינבורזשואַזיע פון דער הערשנדיקער נאַציע. ווייל זי האָט נישט קיין שוץ מצד דער מאַכט, נישט האָבנדיק קיין אייגענע נאַציאָנאַלע רעגירונג צוליבן פעלן פון אַ טעריטאָריע. אין דעם פאַל דרינגט אויך אַרויס דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט פון דער יידישער קליינבורזשואַזיע פון דער סתירה צווישן אירע פּראָדוקציע־כוחות און פּראָדוקציע־באַדינגונגען. די פּראָדוקציע־כוחות פון דער קליינבורזשואַזיע זענען געווענדט נישט אויף אויסצוברייטערן דעם אינערלעכן מאַרק, ווי עס איז די טענדענץ פון דער מיטעלער בורזשואַזיע, נאָר אַריינצודרינגען אין אים, אין וואָס עס שטערט איר דאָס פעלן פונעם עיקרדיקן פּראָדוקציע־באַדינג — אַ טעריטאָריע און אַלץ וואָס ס'איז מיט איר פאַרבונדן.

שוין צוליב דער סיבה אַליין ווערט די קליינבורזשואַזיע ציוניסטיש. דער אונטערשיד צווישן דעם ציוניזם פון דער קליינבורזשואַזיע און דער מיטעלער באַשטייט אין דעם, וואָס די מיטעלע בורזשואַזיע, ווי געזאָגט, האָט נאָך צייט צו וואַרטן, אָבער די קליינבורזשואַזיע האָט שוין נישט קיין צייט צו וואַרטן, ווייל עס ברענט דער באָדן אונטער אירע פיס; זי איז שוין אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אינערלעכן מאַרק און ז' האָט שוין נישט קיין ברירה. דעריבער האָט זי נישט קיין צייט צו וואַרטן אויף די פאָרמעלע באַדינגונגען, אויף די טשאַרטערס און ענלעכע פאָרמאַליטעטן און זי שטרעבט תיכף אַריבערצוּוואַנדערן קיין ארץ־ישראל ביי אַלע עקזיסטירנדיקע באַגרענעצונגען. אַזעלכע איז געווען די אידעאָלאָגיע פון „חובבי ציון" אין אָנהייב פון 20־טן י. ה.

צווישן דער קליינבורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט געפינט זיך נאָך אַ שיכט, דאָס זענען די זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן, דאָס איז די גרויסע רעזערוו־אַרמיי, וואָס זוכט אַרבעט, די עלעמענטן וואָס זענען אַרויסגעפאַלן פון דער קליינבורזשואַזיע, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט ביישטיין די קאָנקורענץ, און די דאָרפישע עלעמענטן, וועלכע האָבן נאָך נישט איבערגעריסן מיטן דאָרף, אָדער אַזעלכע וואָס זענען שוין פון דאָרף אינגאַנצן אַרויסגעריסן געוואָרן און געבליבן אָן ערד און אָן אַרבעט. צווישן די יידישע מאַסן, וואָס מאַכן דורך דעם פּראָצעס פון פּראָלעטאַריזאַציע זענען נישטאָ קיין דאָרפישע עלעמענטן, אָבער זייער אַלגעמיינע צאָל איז פאַרהעלטנישמעסיק נישט קלענער. די אינדיווידועלע קאָנקורענץ

נעמט דאָ אַן אויסערגעוויינלעכע פאָרמען, ווייל דער מענטש קעמפט פאַרן ביסן ברויט פאַר זיך, זיין פרוי און זיינע קינדער. אין דעם פאַל איז פיל שטאַרקער די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, אין רעזולטאַט פון וועלכער עס קומט אויף דער אַנטי־סעמיטיזם מיט זיינע אַלע פורעניות. אויב רעדן וועגן דעם שיכט אַלס פּראָדוקטיוון כוח, איז זיין פאַרלאַנג נאָר צו באַקומען אַרבעט, און דער פאַרלאַנג ווערט נישט פאַרווירקלעכט אין דער ערשטער ריי צוליב דעם, וואָס דער שיכט ווערט נישט געשיצט פון דער מלוכהשער מאַכט. אויך אין דעם פאַל גיט זיך צו פילן דער מאַנגל אין אַ טעריטאָריע און דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט קומט ווי אַ רעזולטאַט פון קעגנזאַץ צווישן די פּראָדוקציע־באַדינגונגען — דאָס פעלן פון אַ טעריטאָריע, און דעם פּראָדוקציע־כוח פון דעם דאָזיקן שיכט. דער עלעמענט איז גרייט צו גיין וווהין די אויגן וועלן פאַרטראָגן און ער איז דאָס דער עיקר־עלעמענט פון דער יידישער עמיגראַציע. זיין אידעאָלאָגיע איז אויך גויטוועגדיקער־הייט אַ ציוניסטישע, און נאָך מער פון דער קליינבורזשואַזיע איילט ער זיך צו און שטרעבט צום תיכפדיקן פאַרווירקלעכן פון ציוניזם.

די פסיכאָלאָגיע פון דעם שיכט שילדערט באָראָכאָוו מיט בולטע ווערטער: „די לעבנס־באַדינגונגען פון די מאַסן, וואָס מאַכן דורך דעם פּראָצעס פון פּראָלע־טאַריזאַציע, צעטרייסלען זייער פּסיכיק. ס'שאַפט זיך ביי זיי אַ וואַקלדיקייט, אַ נישט־שטאַנדהאַפטיקייט, מ'קאָן זאָגן — אַן אַנאַרכיסטישע פּסיכאָלאָגיע. ביי זיי טרעט אַרויס אַ נישט־קלאָרקייט פון געדאַנק און נייגונג צו גיכע, אָפטמאָל דער־שטוינענדיקע איבערגאַנגען, אַנשטאָט בהדרגהדיקער קאָנסעקווענטער אַנטוויקלונג, אָפטע פאַלן פון אומגעריכטער אַנטוויקלונג, דאָס קאָנען לייכט און אָן שום געווי־סנסביסן אָפּזאָגן זיך פון די הויכע מליצות אין דער פאַרגאַנגענהייט און אָן קאַמף, אָן גורלדיקע נאָכטראַכטונגען פאַרברענען די פריערדיקע געטער... די מאַסן, וואָס מאַכן דורך דעם פּראָצעס פון פּראָלעטאַריזאַציע זענען באַרויבט פון יעדער היסטאָרישער השפּעה, און זיי זענען נאָר אַ פּאַסיווער מאַטעריאַל אין שאַפונג־פּראָצעס פון דער געשיכטע״.

אין וואָסזשע דריקט זיך אויס דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט ? ס'פעלט אים דער עיקר פּראָדוקציע־באַדינג — אַ טעריטאָריע, וואָס איז פאַרן גאַנצן פאָלק און באַזונדערס פאַרן פּראָלעטאַריאַט דער „לאַקוס־סטאַנדי״. די אומנאָרמאַלקייט שרומפּט איין די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע כוחות פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. אין די רייען פון אַרבעטנדיקן פּראָלעטאַריאַט איז טעאָרעטיש נישטאָ קיין אָרט פאַר קאָנקורענץ, נישט אינדיווידועלער און נישט נאַציאָנאַלער. דער אַרבעטער עקספּלאָאַטירט נישט איינער דעם צווייטן און זיין קאַמף איז אייגנטלעך אַ קאַמף מיט די כוחות פון דער נאַטור, כדי זיי צו באַהערשן און אויסנוצן זיי פאַר די באַדערפענישן פון דער גאַנצער מענטשהייט. דער אַרבע־

טער דאַרף זען אין דעם אַרבעטער, וואָס אַרבעט נעבן אים נישט קיין קאָנקורענט, נאָר אַ שותף אין דעם קאַמף. די צרה שטעקט אָבער אין דעם, וואָס דער פּראָלע־טאַריאַט איז נישט קיין אָפּגעזונדערטער איינס פאַר זיך אַליין. ער שעפּט זיך פון צוויי שטראָמען, פון דער קליינבורזשואַזיע און פון די מאַסן, וואָס פּראָלעטאַריזירן זיך, פון איין זייט, און פון די פּויערים — פון דער צווייטער. היות דער פּראָלע־טאַריזאַציע־פּראָצעס איז אַ פּערמאַנענטער פּראָצעס, און ווי געזאָגט, קומען צו כסדר צום פּראָלעטאַריאַט עלעמענטן פון דרויסן, מוז אַדורכגיין אַ געוויסע צייט ביז די צוגעקומענע עלעמענטן באַפרייען זיך פון דער פּסיכאָלאָגיע וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט פון די קלאַסן, פון וועלכע זיי זענען געקומען צום פּראָלע־טאַריאַט.

דאָס איז די פאַרענטפערונג פון דעם רעטעניש, פאַרוואָס אויך צווישן פּראָלעטאַריאַט האָבן אַן אָרט דערשיינונגען פון אַנטיסעמיטיזם, ווי אַ רעזולטאַט פון אינערלעכער קאָנקורענץ און עס זענען פאַראַן קליינבירגערלעכע און רעאַק־ציאָנערע ריכטונגען, וואָס האַלטן אונטער די פּסיכאָלאָגיע פון די שיכטן, פון וועלכע זיי זענען געקומען צום פּראָלעטאַריאַט. באָראָכאָוו שטרייכט אגב אונטער, אַז די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ ציט איר יניקה אין אַ גאַנץ היפּשער מאָס פון דער נאַטירלעכער שנאה פון איין מענטש צום צווייטן, וואָס אונטערשיידט זיך פון אים אויסערלעך מיט זיין קולטור, מנהגים, לעבנסשטייגער א..א.וו. באָראָכאָוו ברענגט דערצו באַווייזן פון דער מענטשלעכער געשיכטע. אַזוי, למשל, האָבן די פּאַרצייטיקע גריכן אָנגערופן אַלע אַנדערע פעלקער „באַרבאַרן", ווייל ביים פּאַרצייטיקן גריך האָט יעדע אַנדערע שפּראַך געקלינגען ווי אַ מין שטאַמלעריי: „באַר־באַר־באַר". ענלעך האָבן אויך די סלאַוון אָנגערופן די מאַנגאָלן, וואָס האָבן זיך אין דרייצנטן יאָרהונדערט אויסגעשפּרייט איבער רוסלאַנד, מיטן נאָמען טאַ־טאַרן, ווייל די מאַנגאָלישע שפּראַך האָט אין זייערע אויערן געקלינגען ווי „טאַר־טאַר־טאַר". פון דעם שטאַמט דאָס רוסישע וואָרט mapamopumb וואָס באַטייט פּלאַפּלען און זשומען. אַזוי האָב איך זיך אויך דערוווּסט, ווען איך בין געקומען אין יאָר 1919 קיין שטאָקהאָלם, אַז די שוועדן רופן די דייטשן „טוסטא", וואָס באַטייט אויף שוועדיש אַ שטומער. אויך דער סלאַווישער נאָמען פאַר די טעווטאָ־נען „ניעמיעץ", נעמט זיך פון סלאַווישן וואָרט „ניעמאָי" — אַ שטומער.

דער פּראָדוקציע־כוח פון פּראָלעטאַריאַט בכלל און פון יידישן בפרט איז דער קלאַסן־קאַמף וואָס מיט אים שטרעבט דער פּראָלעטאַריאַט צו ענדערן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג. יעדע שטרויכלונג אויפן וועג פון קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט האַמעוועט די אַנטוויקלונג פון זיינע פּראָדוק־טיווע כוחות. די ס.ס. און די סיימיסטן האָבן באַגרינדעט זייער טעאָריע מיט דעם, וואָס דער יידישער פּראָלעטאַריאַט ליידט פון נישט פּראָלעטאַריזאַציע, אָדער,

ווי זיי האָבן דאָס שפּעטער פאָרמולירט, פון נישט אינדוסטריאַליזאַציע. באָראָ־כאָוו האָט דערוויזן, אַז הגם אַזעלכע דערשיינונגען האָבן אַן אָרט אין אַ געוויסער מאָס, אַנטפּלעקן זיך די עיקר־אַנאָמאַליעס פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער אויסערגעוויינלעכער שוועריקייט פון עצם פירן דעם קלאַסן־קאַמף, אין דער באַזונדערער שוועריקייט צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער און אויסבילדן זייער דיסציפּלינירטקייט, ווייל זיי זענען צעשפּרייט איבער קליינע וואַרשטאַטן, און אין דעם, וואָס דער קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט אַ קליינע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע השפּעה.

די יידישע אַרבעטער זענען קאָנצענטרירט אין קליינע וואַרשטאַטן און זיי קאָנען נישט משפּיע זיין אויפן גאַנג פון די ענינים פון דער מלוכה. זייערס אַ שטרייק קאָן נישט פּאַראַליזירן דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן פון לאַנד. דער יידי־שער פּראָלעטאַריאַט איז דווקא באַשאָנקען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, וואָס קומט פון זיין שווערער לאַגע. דווקא אויף דער יידישער גאַס קאָנען מיר זען אַ פאַרהעלטנישמעסיק גרעסערע צאָל שטרייקן, ווי אין דער נישט־יידישער סביבה. פונדעסטוועגן האָבן נישט די רעזולטאַטן פון קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט קיין ווערט. אויב אפילו דער יידישער אַרבעטער וועט זיך דער־ווערבן געוויסע הנחות אין דער „הייסער" סעזאָן־צייט, וועט ער זיי פאַרלירן נאָכן סעזאָן. דעם יידישן אַרבעטער קומט אויס תמיד צו קעמפן און כמעט שטענדיק בלייבט ער שטיין אויפן זעלבן אָרט. דאָס האָט באָראָכאָוו דערוויזן אין זיין בוך „די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ציפערן".

„דער יידישער פּראָלעטאַריאַט נייטיקט זיך אין דער רעוואָלוציע מער ווי יעדער אַנדערער; באַזונדערס ווערט ער פאַרכאַפּט פון דער האָפענונג אויף דעם גוטס וואָס דערוואַרט אים דורך דער דעמאָקראַטיזאַציע פון דער געזעלשאַפט. די מוראדיקע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, די עקספּלאָאַטאַציע, וואָס פאַלט אויס צום מערסטן מצד דעם יידישן נעבעכדיקן קאַפּיטאַל און דערפאַר דעם סאַמע זשעדנעם, דערצו דער דורכשניטלעך העכערער קולטור־ניוואָ פון יידישן פּראָלע־טאַריאַט, אַלס אַ פּראָלעטאַריאַט פון „עם הספר", זיין שטאַרקערע נערוועזיטעט אַלס אַ שטאָטישער עלעמענט פון דורות — דאָס אַלץ שאַפט אין אים אַ רעוואָ־לוציאָנערן אימפּעט, אַ פלאַמיקע אָפּפערווילּיקייט, וואָס זוכט אַן אויסגאַנג. די דאָזיקע איבערגעטריבענע רעוואָלוציאָנערישקייט, וואָס איז געפּענטעט דורך דער שמאָלער סטראַטעגישער באַזע, נעמט אָן קאַריקאַטוראַלע פאָרמען. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט ליידט פון אַן איבערפלוס פון כוחות, וואָס געפינען נישט קיין אויסגאַנג. דאָס איז דער קוואַל פון זיינע צרות.

„דער געפּענטעטער פּראָמעטעוס, וואָס איז גרייט מיטן גאַנצן פייער פון

זיין אָנמעכטיקן צאָרן אויסצופליקן מיט די ציינער די פעדערן פון שפּאַרבער, וואָס פּיקט אויס זיין האַרץ — דאָס איז דער סימבאָל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט״...

„די דאָזיקע אַלע נאַציאָנאַלע אומנאָרמאַלקייטן וועלן פאַרשווינדן, ווען די פּראָדוקציע־באַדינגונגען פון יידישן לעבן וועלן אין גרונט געענדערט ווערן, ווען ס׳וועט אָפּגעשאַפן ווערן די עקסטעריטאָריאַלקייט פון יידישן פאָלק, ווען די יידן וועלן זיין באַשעפטיקט אין די וויכטיקסטע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, ווען די יידן וועלן פּראָדוצירן נישט נאָר געברויכס־מיטלען, נאָר אויך פּראָדוקציע־מיטלען, — דעמאָלט וועלן זיך געפינען אין די הענט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט די הויפּט־אַרטעריעס פון עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. אַז די יידן וועלן נעמען אַן אָנטייל אין די שליסל־פּאָזיציעס פון עקאָנאָמישן לעבן, ווו עס ווערט אָרגאַניזירט די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון גאַנצן לאַנד, אַז די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער אַרבעט וועט דערגרייכן די נאָרמאַלע זעלבשטענדיקייט און וועט נישט זיין ווי איצט, אָפּהענגיק, פאַטאַל אָפּהענגיק פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט, וואָס הערשט אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג — וועט דער קלאַסן־קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט זיין געריכטעט נישט קעגן אַן אוממעכטיקער בורזשואַזיע אין דער יידישערווירטשאַפט, נאָר קעגן אַ שטאַרקער בורזשואַזיע, וואָס אָרגאַניזירט די פּראָדוקציע פון אַ גאַנץ לאַנד; דעמאָלט וועט דער קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט דערגרייכן די געהעריקע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע השפּעה. ווען די יידישע אַרבעטער וועלן זיין קאָנצענטרירט אין דער אינדוסטריע, אין דער גרויסער פאַבריקאַציע, וועלן פאַרשווינדן די באַדינגונגען, וואָס האַמעווען אין דער איצטיקער צייט די אָרגאַניזאַציע און די דיסציפּלינירט־קייט פון צעברעקלטן יידישן פּראָלעטאַריאַט״.

די שמאָלע סטראַטעגישע באַזע פאַרן קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלע־טאַריאַט שטאַמט פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וואָס קומט פאָר אין די שיכטן, פון וועלכע עס רעקרוטירן זיך די רייען פון פּראָלעטאַריאַט. פון דער אַנדערער זייט, ציט ער נישט קיין יניקה פון דעם שטראָם, וואָס קומט פון דאָרף. דאָס אַלץ איז אַ רעזולטאַט פון מאַנגל אין „לאקוס סטאנדי״, פון אַ טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק. דאָס באַטייט, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע פון יידישן פּראָלע־טאַריאַט איז אַ רעזולטאַט פון קאָנפליקט צווישן זיינע פּראָדוקציע־כוחות, זיין שטרעבונג צו אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע דורך אַ קלאַסן־קאַמף, און צווישן די פּראָדוקציע־באַדינגונגען, אַ קאָנפליקט, וואָס דערפירט צו אַן איינשרומפּונג פון דער סטראַטעגישער באַזע פאַר דעם קלאַסן־קאַמף.

די טעאָריע פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע און איר היסטאָריש־מאַרקסיס־טישער אַנאַליז — דאָס איז דער רוקנביין פון באָראָכאָווס לערע. כאָטש באָראָ־כאָוו איז צו איר געקומען פון דער ספּעציעלער פאַראינטערעסירטקייט מיט דער

יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע, זענען אירע אויסגאַנגס־פונקטן אַלגעמיינע, און פון דער אַלגעמיינער טעאָריע קומט באָראָכאָוו צו מסקנות וועגן דער יידן־פראַגע. זיין גדאַנקען־גאַנג איז געווען אַן אינדוקטיווער — פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל, און פאַרקערט, דעדוקטיוו, — פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין אַלגעמיין צו דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע. אָט די טעאָריע און דער אַנאַליז האָבן כמעט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג ביי די סאָציאַליסטן פון די הערשנדיקע נאַציעס, ווייל, ווי געזאָגט, האָבן זיי בכלל נישט פאַרנומען זיך מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אָבער די סאָציאַליסטן פון די פעלקער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע מלוכהשקייט האָבן זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט באָראָכאָווס לערע. זומער 1917, נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די פינישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דער באַשלוס, וואָס איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן — צו פאָדערן זעלבשטענדיקייט פאַר פינלאַנד — האָט זיך געשטיצט אויף באָראָכאָווס אַנאַליז. אַזוי למשל, איז אַרויסגערוקט געוואָרן אַ מאָטיוו, אַז דאָס פעלן פון זעלבשטענדי־קייט באַגרענעצט די מעגלעכקייטן פון פינישן אַרבעטער־קלאַס צו פירן דעם קלאַסן־קאַמף.

און נאָך אַ ביישפּיל: אין יאָר 1919 זענען פאָרגעקומען וואַלן צום פּוילישן סיים. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט די וואַל־ליסטעס פון אונדזער פּאַרטיי אין אַלע וואַל־קרייזן. צווי. אַנד. אויך אין כעלעמער וואַל־קרייז, דער ערשטער אויף דער ליסטע איז געווען ד״ר איגנאַצי שיפּער.*) מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום אויס־זיכטן דורכצופירן אַ דעפּוטאַט, פונדעסטוועגן איז שיפּער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סיים־דעפּוטאַט. די סיבה איז אַ פּשוטע: צוויי מדינות האָבן געקעמפט פאַר כעלם, פּוילן און אוקראַינע. יעדע האָט געטענהט, אַז כעלם געהערט צו איר, דערפאַר האָבן די יידן באַשלאָסן נישט אַרויסצושטעלן קיין אייגענע ליסטע צו די סיים־וואַלן אין דעם קרייז און אַזוי אַרום דעמאָנסטרירן זייער נייטראַלקייט. מיר האָבן זיך אָבער מיט דעם נישט גערעכנט, אונדזער ליסטע איז, אַלזאָ, געווען די איינציקע יידישע ליסטע און אַלע יידן האָבן פאַר איר געשטימט. אין דעם קרייז איז געווען אַן אוקראַיניש דאָרף, וווּ ס׳האָט נישט געוווינט קיין איין ייד און מיר האָבן דאָרט באַקומען 122 שטימען. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם דאָרף איז געווען אַן אוקראַינישער לערער און ער האָט די פּויערים אויפגעקלערט, אַז די פּועלי־ציון זענען „באָראָכאָוועצעס״, און באָראָכאָוו איז דער פאָטער פון דער טעאָריע פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, פון וואָס ס׳איז געדרונגען, אַז די

*) אויפן ערשטן אָרט האָט קאַנדידירט און געוויילט געוואָרן ד״ר מאַקס ראָזנפעלד, וואָס איז אין צווישנצייט געשטאָרבן. אויף זיין אָרט איז אַריין ד״ר שיפּער.

פּועלי־ציון, וואָס האַלט פון באַראָכאָווס לערע, וועלן פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די אוקראַינער.

רעדנדיק וועגן אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק און זייערע נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, האָט באַראָכאָוו דורכגעלאָזן איין שיכט, דעם שיכט פון דער יידישער אינטעליגענץ. און אָט דער שיכט, מיט זיינע פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, האָט געשפּילט אַן אָנזעעוודיקע ראָל אין דער קאָלאָניזאַציע פון די יידן אין אַרץ־ישראל. דעריבער איז נייטיק צו אַנאַליזירן זיין פּאָזיציע אין פאָלק פון סאָציאַלן שטאַנדפּונקט און אויך אָפּשטעלן זיך אויף זיין אידעאָלאָגישן מהות.

ס׳איז אייגנטלעך שווער צו באַשטימען, וואָסער אָרט דער שיכט פאַרנעמט אויפן געזעלשאַפטלעכן לייטער. אין גרונט גענומען פאַרנעמט ער נישט קיין איין באַשטימט אָרט אויפן געזעלשאַפטלעכן לייטער, נאָר ער צעשפּרייט זיך אויף אַלע זיינע שטאַפּלען. די אינטעליגענץ באַדינט אַלע שיכטן און אַלע קלאַסן, פאַרשטייט זיך, אַז דער העכסטער שיכט האָט דעם איבערגעוויכט, ווייל ער קאָן באַצאָלן דער אינטעליגענץ אַ מער העכערן פּרייז. דערפאַר וויל די אינטעליגענץ באַדינען דעם אייבערשטן קלאַס און זי שטרעבט צו פאַרקויפן איר אַרבעטס־כוח דער גרויס־בורזשואַזיע.

בדרך כלל זעט אין זיך די אינטעליגענץ די סמעטענע פון דער געזעל־שאַפט און זי מיינט, אַז זי קאָן אַלץ אויפטאָן; דערפאַר האָט זי גרויסע אַמבי־ציעס אויף אַלע געביטן פון לעבן. היות אָבער זי באַדינט אַלע שיכטן, באַדינט יעדער טייל אירער אַ באַשטימטן קלאַס און אידענטיפיצירט זיך מיט די שטרע־בונגען פון דעם קלאַס. דאָס זעלבע איז מיט דער יידישער אינטעליגענץ. דערפאַר וואָס די יידישע גרויס־בורזשואַזיע איז פאַרהעלטנישמעסיק אַ קליינע אין צאָל איז די יידישע אינטעליגענץ גענייגט צו אַסימילאַציע צוליב איר גרייטקייט צו דינען דער גרויס־בורזשואַזיע פון הערשנדיקן פאָלק.

רעדנדיק וועגן דער יידישער אינטעליגענץ האָב איך אינזינען די מענטשן, וואָס זייער טעטיקייט איז אַ מער גייסטיקע ווי אַ פיזישע. אמת, אין פיזישער אַרבעט איז אויך דאָ אַ טייל גייסטיקע און אַזוי אויך פאַרקערט. דערפאַר וועלן מיר פאַררעכענען צו דער יידישער אינטעליגענץ אויך די מענטשן, וואָס זייער טעטיקייט איז אין ווייט־גרעסטן טייל אַ גייסטיקע. דאָס זענען די, וואָס האָבן געענדיקט אוניווערסיטעטן און האָבן דיפּלאָמען אויף דאָקטאָר אָדער אַדוואָקאַט, און אויך די, וואָס גרייטן זיך ווערן דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, בוכהאַלטערן, פּראָוויזאָרס, מיט און אָן דיפּלאָמען, דענטיסטן א.אַ.וו. דווקא ביי יידן איז געווען זייער גרויס דער טייל פון נישט־דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ, פון דער מחנה עקסטערניסטן, ישיבה־בחורים, וואָס האָבן געלערנט בגניבה „טריף־פּסול״, אָדער נישט־דיפּלאָמירטע לערערס. בדרך כלל קאָן מען פאַררעכענען די אינטעליגענץ,

פון סאָציאַלן שטאַנדפּונקט, צו דער קליינבורזשואַזיע, ווייל זי איז אין תוך אַן עלעמענט, וואָס באַזיצט אייגענע פּראָדוקציע־מיטלען און וואָס אַרבעט אַליין פאַר זיך. פון שטאַנדפּונקט פון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, געפינט זיך די יידישע אינטעליגענץ אין אַן ענלעכן מצב ווי די יידישע קליינבורזשואַזיע. אויף איר ווירקן קודם כל אַלע רעזולטאַטן פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, ווי לגבי דער מיטעלער און קליינבורזשואַזיע, וועלכע זי באַדינט. באַזונדערס איז זי געצווונגען אויסצושטיין די קאָנקורענץ פון דער אינטעליגענץ פון דער הערשנדיקער נאַציע, וואָס זעט אין יידישן אינטעליגענט אַ געפערלעכן קאָנקורענט צוליב די באַזונדערע גייסטיקע פעיקייטן פון די יידן בכלל און פון דער יידישער אינטעליגענץ בפרט.

פּונקט ווי יעדע אינטעליגענץ, שטרעבט אויך די יידישע צו שטיין אין דינסט נישט פון צוויי באַלעבאַטים, נאָר פון איינעם, פון דעם רייכערן. און דאָס איז דאָך די נישט־יידישע בורזשואַזיע, וואָס איר סאָציאַלער מצב איז פיל פעסטער און שטאַנדהאַפטיקער. דערפאַר שטרעבט די יידישע אינטעליגענץ צו אַסימילירן זיך און פאַרגעסן איר יידישן אָפּשטאַם. זי שטרעבט, ווי ווייט מעגלעך זיך צופּאַסן צו דער סביבה פון דער הערשנדיקער נאַציע. די שטרעבונג האָט געפונען איר אויסדרוק אין דער השכלה־באַוועגונג ביי יידן אין מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט. פון דער אַנדערער זייט, וויל נישט דערלאָזן די נישט־יידישע אינטעליגענץ איר געפערלעכן קאָנקורענט צו איר באַלעבאָס — דער נישט־יידישער בורזשואַזיע. אין איר קאַמף קעגן דער יידישער אינטעליגענץ נוצט זי אויס אַלע מיטלען, וואָס געפינען זיך אין איר רשות, קודם כל די מאַכט פון דער הערשנדיקער נאַציע. דערפון שטאַמט דער סאָציאַלער מקור פון דער פּראָצענט־נאָרמע אין די אוניווערסיטעטן און אין די גימנאַזיעס. דער „נומערוס קלאַוזוס" און אַלע אַנדערע יורידישע באַגרענעצונגען פאַר יידן. ווי באַוווּסט, האָט אַ ייד נישט געטאָרט זיין קיין גימנאַזיע־לערער און אויך נישט קיין פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט. בנוגע דער יידישער אינטעליגענץ האָבן געווירקט די פאַקטאָרן, וואָס האָבן, לויט באַראָכאָווס פאָרמולירונג געווירקט אין יידישן לעבן אין משך פון קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר: אַסימילאַציע און איזאָלאַציע.

דער קאַמף צווישן די צוויי פאַקטאָרן, די איזאָלאַציע פון דרויסן און די אַסימילאַציע פון אינעווייניק, צעטיילט די יידישע אינטעליגענץ אויף צוויי נישט־גלייכע טיילן לויט דער צאָל. פון איין זייט געפינט זיך דער טייל, ביי וועלכן דער פאַקטאָר פון אַסימילאַציע האָט גובר געווען אַלע מניעות און באַגרענעצונגען פון איזאָלאַציע־פאַקטאָר און וואָס אַדאַנק געלט, פּראָטעקציע, באַזונדערע פעיקייטן און אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונגען, האָט זיך אים איינגעגעבן אַרומצוגיין

אַלע באַגרענעצונגען און אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט פון דער באַריקאַדע — אין די רייען פון שונא. דאָס האָט דערגרייכט זייער אַ קליינער טייל פון דער יידישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ, וואָס איז דורך און דורך אַסימילירט און איז זייער נישט צופרידן ווען מען דערמאָנט איר, אין דער אָדער אַנדערער פאָרם, איר יידישן אָפּשטאַם. דאָס זענען די דייטשן, פראַנצויזן, פּאָליאַקן און אַפילו אַראַבער פון משה׳ס גלויבן. די צאָל פון אַראַבער פון משה׳ס גלויבן ווערט אַלץ קלענער, פונדעסטוועגן קאָן מען פיל פון זיי טרעפן אין די גרויסע מזרח־שטעט, אין טוניס, מאַראָקאָ, מצרים א.א.וו.

ביי דעם צווייטן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, האָט גובר געווען דער איזאָלאַציע־פאַקטאָר. צוליב דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ האָט זי נישט געקאָנט באַקומען קיין דיפּלאָמען און ביים רוב פון איר איז צוגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט צו שטיין אין דינסט פון דער בורזשואַזיע בכלל, בפרט פון דער נישט־יידישער. דער טייל איז גרויס אין צאָל. די יידישע נישט־דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ (תלמידים פון גימנאַזיע אָן אַן אַרויסלאָז־צייגעניש, עקסטערניסטן, סטודענטן, וואָס האָבן נישט געענדיקט די הויכשול, בוכהאַלטערן, לערער פון יידיש און העברעיש, ישיבה־בחורים, וואָס רייסן זיך צו השכלה, געהילפס־פּראָוויזאָרס, צאָן־טעכניקער א.א.וו.), בלייבט אויף דער זייט באַריקאַדע פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ און זי זוכט פאַר זיך אַן אויסוועג. די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ איז דער קוואַל פון אַלע אירע צרות. דערפאַר איז זי געצוווּנגען צו זוכן פאַר זיך אַ וועג אין דער ריכטונג פון דעם סאָציאַלן קלאַס, אין וועלכן עס הערשט די טענדענץ, אַז די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ זאָל פאַרשווינדן; דאָס איז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס טרעט אַרויס צוליב זיינע קלאַסן־אינטערעסן ווי אַ פאַר־טיידיקער פון די אונטערדריקטע און גערודפטע, ווייל ער אַליין איז דער אונטערדריקטער און גערודפטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און אַלע אונטערדריקטע זענען זיינע נאַטירלעכע פאַרבינדעטע אין קאַמף קעגן דער אָרדענונג. דעריבער איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז די יידישע אינטעליגענץ, וואָס ליידט פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און איז פאַרביטערט קעגן איר זאָל זוכן אַ שוץ ביים פּראָלעטאַריאַט.

פון דאַנעט נעמט זיך דאָס, וואָס די קרייזן פון דעם דאָזיקן טייל אינטע־ליגענץ ווערן באַהערשט פון סאָציאַליסטישן געדאַנק. אָבער אין דעם טייל אינטעליגענץ לעבט די שטרעבונג צו אַסימילאַציע נאָך פון דעמאָלט, ווען זי האָט געפּרוּווט אַדורכברעכן די מויער פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ. אויסער דעם, איז דער נישט־יידישער פּראָלעטאַריאַט אַרויף אויף דער געזעלשאַפט־לעכער אַרענע פריער פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, און אפילו דאַן, ווען עס האָט זיך שוין באַוויזן דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, איז זיין השפּעה, ווי באַראָ־

כאָוו האָט עס אויפֿגעקלערט אין זיינע ווערק, געווען אַ מער באַגרענעצטע אין פֿאָליטישן און עקאָנאָמישן זין. די אַלע פֿאַקטאָרן — די איבערבלייבעכצן פֿון די אַסימילאַציע־טענדענצן פֿון פֿריער, די כראָנאָלאָגישע ערשטקייט פֿון נישט־יידישן פֿראָלעטאַריאַט, זיינע ברייטערע האָריזאָנטן און גרעסערע מעגלעכקייטן אין געזעלשאַפֿטלעכן קאַמף, וואָס דערמעגלעכן אים אַ ברייטע סטראַטעגישע באַזע אויף צו פֿירן דעם קלאַסן־קאַמף — דאָס אלץ ווענדט דעם טייל פֿון דער יידישער אינטעליגענץ צום נישט־יידישן פֿראָלעטאַריאַט. זי ענדערט נאָר איר סאָציאַלע וועלט־אָנשויאונג אָבער נישט די נאַציאָנאַלע: זי ווערט סאָציאַליסטיש־אַסימילאַטאָריש.

די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ אין די רייען פֿון פֿראָלעטאַריאַט פֿאַרשווינדט אָבער נישט אינגאַנצן. אין דער צוקונפֿט וועט דער קלאַס זיין אינגאַנצן פֿריי פֿון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, אָבער איצט איז נאָך נישטאָ אַזאַ מצב. ווי געזאָגט, רעקרוטירט זיך דער פֿראָלעטאַריאַט פֿון די זיך פֿראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן, סיי פֿון דאָרף און סיי פֿון שטאָט. בדרך כלל קומט דער פּויער אין שטאָט שוין אַ דורכגעדרונגענער מיט אַנטיסעמיטיזם. ער זעט אין דעם ייד אין דאָרף אַ דינער פֿון פּריץ, פֿון גוטבאַזיצער־עקספּלאָאַטאַטאָר און קוקט אויף אים אויך ווי אויף אַן עקספּלאָאַטאַטאָר. דאָס איז דאָך געווען איינער פֿון די מאָטיוון, וואָס איז אָנגעגעבן געוואָרן אין דער פּראָקלאַמאַציע פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועלכע האָט באַרעכטיקט די פּאָגראָמען אויף יידן.

די זיך פֿראָלעטאַריזירנדיקע שיכטן פֿון דער הערשנדיקער נאַציע האָבן אויך פֿיל געליטן, איידער עס האָט זיך זיי איינגעגעבן אַריינצוטרעטן אין פּראָדוקציע־פּראָצעס און פֿאַרנעמען דאָרט אַ געזיכערטן פּלאַץ. אויך זייער איבערגאַנג אין די רייען פֿון פֿראָלעטאַריאַט איז נישט געקומען מיטאַמאָל. דער פּראָצעס איז געווען אַ לאַנגדויערנדיקער און אַ פּערמאַנענטער. צוערשט האָבן די שיכטן געפֿירט אַ שווערן קאַמף צווישן זיך, און אויך מיט די זיך פֿראָלעטאַריזירנדיקע שיכטן פֿון יידישן פֿאָלק, פֿאַרן דערווערבן זיך אַן אַרבעטס־פּלאַץ. פֿון דעם קאַמף מיט די יידישע זיך פֿראָלעטאַריזירנדיקע שיכטן זענען זיי אַרויס די זיגער, ווייל זיי האָבן זיך געשטיצט אין זייער קאַמף אויף זייער נאַציאָנאַלער מאַכט און אויף דער נאַציאָנאַלער קולטור. אַרויסגייענדיק פֿון דעם קאַמף ווי זיגער האָבן אָבער די שיכטן געבראַכט מיט זיך אין די רייען פֿון פֿראָלעטאַריאַט אַנטיסעמיטישע נייגונגען, וואָס ווירקן ווייטער אין די רייען פֿון פֿראָלעטאַריאַט, אין דער ערשטער ריי צוליבן געזעץ פֿון אינערץ, ווייל די פּסיכאָלאָגיע פֿון אַרבעטער ענדערט זיך אַ סך לאַנגזאַמער ווי זיין סאָציאַלע לאַגע. נאָכמער, דער צושטראָם פֿון די שיכטן אין די רייען פֿון פֿראָלעטאַריאַט איז אַ כסדרדיקער און עס האַלטן אין איין צוקומען אַלץ נייע און נייע שטראָמען, וואָס זייערע אַנטיסעמיטישע נייגונגען האָבן

נאָך נישט באַוויזן זיך אויסצוּוואַקסן. ס'קאָן זײַן, אַז אין די ערשטע גרופּעס פון די צוגעקומענע שיכטן וואָלטן שוין די נייגונגען באַוויזן פאַרשווינדן, ווען זיי וואָלטן נישט געקומען אין באַרירונג מיט נײַע גרופּעס.

די אַנטיסעמיטישע נייגונגען, וואָס זענען היפּש פאַרשפּרייט ביים פּראָלע־טאַריאַט, זענען עס די סיבות, וואָס דערלאָזן נישט אַ צו גרויסן צושטראָם פון דער יידישער אינטעליגענץ אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט, און וואָס מער עס ווערט שטאַרקער דער צושטראָם פון דער יידישער אינטעליגענץ אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט און נעמט אָן אַ גרויסן פאַרנעם, לעבן ווידער אויף די אַנטיסעמי־טישע שטימונגען, וועלכע זענען אַ לענגערע צייט געווען אין אַ פּאָטענציאָנעלן מצב. אַנדערש געזאָגט: דער נישט־יידישער פּראָלעטאַריאַט פילט שוין פון לאַנג, אַז ער איז שוין איבערגעזעטיקט פון דער אַריינדרינגונג פון יידישער אינטע־ליגענץ. דאָס איז די סיבה פון אַנטפּלעקן זיך פון אַנטיסעמיטיזם צווישן די אַרבעטער אפילו אין ראַטנפאַרבאַנד אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

דער אַנטיסעמיטיזם אין די רייען פון נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז ס'רוב אַ פאַרהוילענער, אָבער אָפטמאָל אויך אַ גאַנץ אָפענער, איז גורם צו אַ נייער דיפערענציאַציע פון צווייטן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ. אַ חלק פון איר, וואָס האָט שוין באַוויזן זיך איינצוּוואָרצלען אין די רייען פון נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך גוט צוגעפּאַסט דורך אַסימילירן זיך און באַהערשן די שפּראַך, דורך איבערנעמען די קולטור, מנהגים, לעבנס־שטייגער א.א.וו. פאַרבלייבט אויף זיינע פּאָזיציעס. דער צווייטער חלק, וואָס איז פיל גרעסער אין צאָל, האָט נישט קיין שום מעגלעכקייט אַריינצובאַקומען זיך צום נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט. אויב ער האָט שוין אפילו דערגרייכט עפּעס אַן אָנשפּאַר, גליטשט ער זיך זייער גיך פון אים אַראָפּ און ס'קומט אים אויס צו זוכן נײַע וועגן. ער איז שוין דורכגעדרונגען מיט אַ פּראָלעטאַרישן געדאַנקענגאַנג, מיט סאָציאַליס־טישע און רעוואָלוציאָנערע אידעען, ווייל ער איז נישט צופרידן מיט זיין מצב. ער געפינט אָבער נישט קיין אָרט פאַר זיך אין די רייען צווישן נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט און ער איז געצוווּנגען זיך אַ קער צו טאָן צום יידישן פּראָלע־טאַריאַט.

דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז מסוגל אַריינצונעמען נאָר אַ קליינעם טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, אַ סך ווייניקער פונעם נישט־יידישן פּראָלעטאַ־ריאַט. ער איז קליין אין צאָל, שוואַך אין זיין סאָציאַלער איכות, צוליב זיין שמאָלער באַזע פאַר זיין קלאַסן־קאַמף, ווייל ער קאָנצענטרירט זיך אין דער פאַרברויכס־פּראָדוקציע און אין די ווירטשאַפטלעכע צווייגן, וועלכע זענען ווייניקער וויכטיק אין עקאָנאָמישער הינזיכט. דערפאַר קאָן ער נישט אַריינעמען אין זיך אַן אומ־

באַגרענעצטע צאָל פון דער יידישער אינטעליגענץ. ער האָט נישט פאַר איר געגנוג אַרבעט אויסצופילן פונקציעס אין דער אָנפירונג, ווייל די ראָם פון דעם מין אַרבעט איז באַגרענעצט צוליב דעם, וואָס זי האָט אַ קנאַפּע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע השפעה. די יידישע אינטעליגענץ איז געצווונגען צו פּראָלעטאַריזירן זיך ממש, צו שטעלן זיך צום וואַרשטאַט. אָבער אויך די ראָם פון געוויינלעכער אַרבעט איז אַ שמאָלע. פון דאַנעט שטאַמט די שטרעבונג פון דער אינטעליגענץ אויסצובררייטערן די ראָם פון פּראָדוקטיווער אַרבעט און דורך דעם אויך אויס־ברייטערן די באַזע פון קלאַסן־קאַמף אין יידישן פאָלק. דאָס לאָזט זיך דערגרייכן נאָר דורכן וווּקס פון פּראָלעטאַריאַט און זיין איבערגאַנג צו העכערע פּראָדוקציע־צווייגן דורך דער אומשיכטונג.

דער יידישער פּראָלעטאַריאַט נעמט אויף מיט אָפענע אָרעמס די שיכטן פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס פאַרגרעסערן זיין צאָל און ווערן זיינע פאַרבינדעטע אין קאַמף פאַר דער אומשיכטונג. די קלאַסן־באַדערפעניש אין אומשיכטונג און פּראָדוקטיוויזאַציע פון נייע שיכטן, האָט דערנענטערט דעם פּראָלעטאַריאַט צום ארץ־ישראל־געדאַנק, צו דער שטרעבונג צו שאַפן אין ארץ־ישראל אַ יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעט־צענטער. אַזויאַרום ווערט די דאָזיקע גרופּע פון דער יידישער אינטעליגענץ ציוניסטיש און סאָציאַליסטיש־נאַציאָנאַל. אין דער צייט וואָס דער פּראָלעטאַריאַט, נישט געקוקט אויף זיין ציוניזם ווערט געשטויסן אַדאַנק זיין סאָציאַלן מצב צום קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, איז די גרופּע פון דער אינטעליגענץ נאָך נישט גענייגט צו פירן אַ קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, ווייל זי אַליין שטאַמט דאָך פון דאָרט.

אמת, דער יידישער אינטעליגענט האָט אין ארץ־ישראל געענדערט זיין סאָציאַלן מצב, אָבער ענדערן זיין פּסיכאָלאָגיע, אויסרייסן מיטן וואָרצל די פריערדיקע בורזשואַזע באַגריפן און פאַרבייטן זיי אויף נייע, פּראָלעטאַרישע — דאָס איז אַ לאַנגער און אַ פיל שווערערער פּראָצעס. דעריבער איז די אינטעלי־גענץ געוואָרן פּראָלעטאַריש לויט איר סאָציאַלן מצב אָבער פאַרבליבן נאָך אַ לאַנגע צייט אַ קליינבירגערלעכע לויט איר פּסיכאָלאָגיע. דאָס איז דער וואָרצל פון דעם אונטערשיד צווישן די יידישע אַרבעטער אין אַלע גלות־לענדער און דעם יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל אין משך פון די צוואַנציק יאָר פון דעם אָנהייב פון דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. דער יידישער אַרבעטער אין די גלות־ישובים איז שוואַך אויפן עקאָנאָמישן געביט, ער איז אָבער רעוואָלוציאָנער אין זיינע שטרעבונגען; אין ארץ־ישראל איז דער יידישער אַרבעטער פיל שטאַרקער עקאָנאָמיש, ער געפינט זיך אָבער פיל יאָרן אין אַ געדאַנקען־גאַנג, וואָס איז אַבסאָלוט נישט קיין רעוואָלוציאָנערער. די דאָזיקע פּסיכאָלאָגיע און אי־

דעאָלאָגיע פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויף דער חלוצישער באַוועגונג.

באָראָכאָוו האָט זיך געשטיצט אין זיין באַגרינדונג פון דער ציוניסטישער לייזונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע, נישט אויפן גוטן ווילן פון דעם אָדער יענעם שיכט, נאָר אויף דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון פאָלק, מיט אַלע זיינע טיילן. דעריבער האָט ער אָנגעוויזן אויף אַלע די סטיכישע פּראָצעסן, וואָס ווירקן אין יידישן פאָלק.

דאָס סומך זיין זיך אויף די סטיכישע פּראָצעסן, נישט נאָר עס פירט נישט צו דער אָפּשוואַכונג פון דער אַקטיוויטעט פון אַרבעטער־קלאַס, נאָר פאַרקערט. ווען ס׳איז פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט קלאָר געוואָרן די טענדענץ פון היסטאָרי־שן פּראָצעס, האָט ער פאַרשטאַנען זיין מיסיע און ער האָט איבערגענומען די אי־ניציאַטיוו אין זיינע הענט. ער איז געוואָרן דער פּיאָנער פון דער באַוועגונג, שטרע־בנדיק צוצואיילן דעם היסטאָרישן פּראָצעס. אַזוי האָט מאַרקס אויפגעדעקט די טענ־דענצן פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און געוויזן דעם פּראָלעטאַריאַט דעם וועג ווי צו באַווירקן די היסטאָרישע פּראָצעסן און זיי צואיילן. אַזאַ איז דער וועג פון היסטאָרישע מאַטעריאַליסטן. דעריבער האָבן מיר זיך געוווּנדערט, וואָס פיל יאָרן האָט דער רוב אַרבעטער פון ארץ־ישראל אָפּגעלאַכט פון אונדז און „אונדזער" געדאַנק וועגן סטיכישן פּראָצעס, פּונקט ווי מיר וואָלטן זיך פאַרלאָזט נאָר אויף דעם סטיכישן פּראָצעס אַליין און פאַרגעלייגט צו וואַרטן מיט פאַרלייגטע הענט אויף זיין אויסגאַנג.

באָראָכאָוו שרייבט:

„די קאַפּיטאַליסטישעווירטשאַפט האָט שוין היינט־צו־טאָג דערגרייכט צו אַזאַ אַנטוויקלונג, וואָס אַן דער באַטייליקונג פון פּראָלעטאַריאַט, און דווקא פון אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט, איז נישט מעגלעך קיין שום רעוואָלוציע. שוין די ערשטע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן געהאַט דאָס פולע רעכט צו זאָגן: די באַפרייאונג פון רוסלאַנד וועט קומען דורך דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער זי וועט אינגאַנצן נישט קומען. דאָס זעלבע זאָגן מיר לגבי דעם טעריטאָריאַליזם: די באַפרייאונג פון יידישן פאָלק וועט קומען דורך דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער זי וועט אינגאַנצן נישט קומען. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט פאַר זיך אָבער איין וועג — דעם וועג פון קלאַסן־קאַמף, און דער קלאַסן־קאַמף פירט צו אַ בע־סערן מאָרגן אויב ער טראָגט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. ס׳איז מעגלעך, אַז טערי־טאָריאַליזם זאָל זיין די שטאַרקסטע באַדערפעניש פון יידישן פאָלק, פונדעסטוועגן וועט ער בלייבן אַן אוטאָפּיע אויב דער יידישער אָרגאַניזירטער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט וועט נישט צושטיין צו דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג און וועט זי נישט דורכפירן אויף זיין ספּעציפישן אופן, אויפן וועג פון קלאַסן־קאַמף".

ווי באַוווּסט איז באָראָכאָוו געווען דער פֿאָטער פֿון פּראָגנאָסטישן פּאַלעסטיניזם. זיין פֿאָרמולירונג: „אונדזער פּאַלעסטיניזם איז נישט קיין פּרינציפּיעלער, ווייל ער איז אינגאַנצן נישט פֿאַרבונדן מיט דער טראַדיציע פֿון עבר. אונדזער פּאַלעסטיניזם איז נישט קיין פּראַקטישער, ווייל אין אונדזער פּראָגנאָז, איז נישטאָ קיין טעריטאָריע, כל זמן עס טרעט נישט אַרויס אין אים ארץ־ישראל... מיר זאָגן נישט, אַז ארץ־ישראל איז די בעסטע טעריטאָריע, אָדער אַז זי איז די איינציקע, מיר אונטערשטרייכן, אַז ארץ־ישראל איז די טעריטאָריע, וואָס אויף איר וועט דערוואָרבן ווערן די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע. אונדזער פּאַלעסטיניזם איז נישט קיין פּרינציפּיעלער און אויך נישט קיין פּראַקטישער, נאָר בלויז אַ פּראָגנאָסטישער".

ליידער קומט מיר אויס אונטערצושטרייכן, אַז דאָן און אין משך פֿון דער גאַנצער צייט זענען מיר נישט געווען איינשטימיק מיט באָראָכאָווס באַגרינדונג פֿון ארץ־ישראל־געדאַנק. ווי געזאָגט, האָבן מיר באַגרינדעט דעם ארץ־ישראל־געדאַנק אויף דער היסטאָרישער פֿאַרבינדונג צווישן פֿאָלק און לאַנד. אָבער אויסער זיין טעאָריע וועגן פּראָגנאָסטישן פּאַלעסטיניזם האָבן מיר אָנגענומען זיין לערע פֿולשטענדיק.

„פֿריער פֿון אַלץ" — זאָגט באָראָכאָוו — „קומט די טעריטאָריע און די קאָנצענטרירטע עמיגראַציע, און נאָך דעם וועט ערשט קומען די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, ווי אַ רעזולטאַט פֿון קלאַסן־קאַמף אויף דער טעריטאָריע — אָבער ביי די אוטאָפּיסטן (ער איז אויסן די סיימיסטן און די ס.ס. — נ.), באַקומט זיך פֿונקט פֿאַרקערט: זיי פֿרעדיקן, אַז עס זאָל דערגרייכט ווערן צוערשט פֿולע יורידישע גאַראַנטיעס און דערנאָך זאָל קומען די קאָלאָניזאַציע און סטיכישע עליה, פֿריער דאָס פּאַפּירל און דערנאָך די ווירקלעכקייט, פֿריער די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע — דערנאָך די טעריטאָריע... דער טעריטאָריאַליזם — דאָס איז אַ דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין לעבן פֿון די יידן. אין דער תקופה פֿון עקספּלאָאַטאַציע און קאָנקורענץ, ווערן רעוואָלוציעס געמאַכט נישט דורך חשבונות און נישט דורך דיפּלאָמאַטיע, נאָר דורך אַ קאַמף פֿון כוחות".

באָראָכאָוו דערוויזט, אַז די „השערה וועגן טשאַרטער, וואָס איז כלומרשט מעגלעך אים צו באַקומען פֿון איינער פֿון די קולטורעלע גרויסמאַכטן" אויפֿן סמך פֿון דעם, וואָס „די יידישע קאָלאָניזאַציע וועט זיין לטובה פֿאַר דער גרויסבורזשואַזיע פֿון אַ געוויס פֿאָלק, למשל, דעם ענגלישן", (באָראָכאָוו האָט דאָס געשריבן נישט אין יאָר 1917, — ווען ס'איז געקומען די באַלפֿור־דעקלאַראַציע, נאָר אין יאָר 1906!) איז אין קעגנזאַץ צום גרונט־פּרינציפּ פֿון דער טעריטאָריאַליסטישער טעאָריע, וואָס זאָגט, אַז איינער פֿון די וויכטיקסטע דרויסנדיקע כוחות, וואָס פֿירן

צו דער פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם, איז די אינטערנאַציאָנאַלע פאַר־אינטערעסירונג ראַדיקאַל צו לייזן די יידן־פראַגע".

„אַז מיר זענען שוין געקומען צו אַזאַ שטאַנדפּונקט וועגן אַ כסדרדיקן סטיכישן פּראָצעס, וועלכער האָט זיך שוין היינט אָנגעהויבן, אָדער וועט בקרוב אָנהייבן איבעררוקן אונדזער לעבן אַהין, אויף דער טעריטאָריע, — איז דאָך שוין דער טעריטאָריאַליזם פאַר אונדז נישט בלויז אַ היסטאָרישער אידעאַל, נאָר אַ לעבעדיקע, נויטווענדיקע, טאָג־טעגלעכע באַדערפעניש. בכלל אָנערקענט נישט דער פּראָלעטאַריאַט אַזעלכע היסטאָרישע אידעאַלן, וואָס זענען נישט דירעקט פאַרבונדן מיט זיינע באַדערפענישן".

„אונדזער פּראָגנאָז זאָגט, אַז נאָך היינט אָדער מאָרגן וועט ביי די ברייטע יידישע עמיגראַנטישע מאַסן — סיי די עמיגראַנטן אין פּאָטענץ, וואָס גרייטן זיך אין וועג אַריין, סיי די, וואָס זענען שוין אין באַוועגונג — זיך דערוועקן אַ דרינ־גענדיקע באַדערפעניש צו האָבן אַ פרייען אַריינטריט קיין ארץ־ישראל און צו שאַפן דאָרט לעבנס־פאָרמען און דערנאָך אויך די דעמאָקראַטיזאַציע פון די לעבנס־פאָרמען. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פילט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער און מער די פעלערהאַפטיקייט פון זיין סטראַטעגישער באַזע און די נויט־ווענדיקייט אַריבערצורוקן זי אויף אַן אַנדער אָרט, וועט דערזען אין די לעבנס־פאָרמען אין ארץ־ישראל נישט קיין אַבסטראַקטן, נאָר אַ דרינגענדיקן, ברענענ־דיקן ענין. אָט די לעבעדיקע טאָג־טעגלעכע פאַראינטערעסירטקייט פון די יידישע מאַסן וועט זיין אַלץ בולטער, אויף וויפל עס וועלן אַלץ גרעסער ווערן די שוועריקייטן און שטערונגען פאַר אימיגרירן אין די פריערדיקע עמיגראַציע־ לענדער. מיר זאָגן און חזרן איבער: „פאַר אונדז איז ציוניזם נישט בלויז אַ היסטאָרישער אידעאַל, נאָר אַ דרינגענדיקע טאָג־טעגלעכע נויטווענדיקייט פאַר די ברייטע מאַסן פון יידישן פאָלק".

„דאָס שאַפן אַלע יסודות פון טעריטאָריאַליזם, ביז דער קאָלאָניזאַציע און גרינדונג פון אַן אויטאָנאָמען ישוב אין עקאָנאָמישער הינזיכט איינשליסלעך — דאָס איז דער אויפטו פון סטיכישן פּראָצעס פון דער קאָנצענטרירטער עליה. די אויפגאַבע פון דער אָרגאַניזירטער באַוועגונג איז נאָר צו רעגולירן דעם דאָזיקן פּראָצעס".

אַ סך האָבן חוזק געמאַכט פון דער טעאָריע פון סטיכישן פּראָצעס. סירקין איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויסגעלאַכט די טעאָריע זאָגנדיק, אַז אַ פּרוי, וואָס איז עולה קיין ארץ־ישראל, פאָרט נישט אַהין מיטן סטיכישן פּראָצעס, נאָר מיט אַ שיף־קאַרטע. אָבער פּונקט ווי מאַרקס האָט באַגרינדעט די אַנטוויק־לונג פון סאָציאַליזם אויפן סטיכישן פּראָצעס און האָט געלערנט, אַז די באַווע־גונג דאַרף פאַרשטיין דעם פּראָצעס און צואיילן אים, אַזוי באַגרינדעט אויך

באַראַכאָוו די אַנטוויקלונג פון ציוניזם און די טעריטאָריאַלע קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל אויפן סטיכישן פּראָצעס און אַז די באַוועגונג דאַרף פאַרשטיין דעם דאָזיקן אָביעקטיוון פּראָצעס, צוהיילן אים דורך דערקענען אים און דורך איר טעטיקייט פון רעגולירן אים.

און פונקט ווי מען האָט חוזק געמאַכט פון באַראַכאָוון, אַזוי האָבן אויך די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן חוזק געמאַכט פון מאַרקסן. דער עקאָנאָמיסט שמאָלער צ. ב. ש. האָט געטענהט, אויב דער סאָציאַליזם איז אַ סטיכישער פּראָצעס, קומט אונדז אויס צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן ביז די געשעעענישן וועלן זיך אַנטוויקלען און עס האָט נישט קיין שום זין צו שאַפן אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, פונקט ווי עס האָט נישט קיין זין צו שאַפן אַ באַוועגונג, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט פאַרגרעסערן די פלעקן אויף דער לבנה, וואָס ווערן סייווי־סיי בסדר גרעסער אויך אָן דעם.

אין סטיכישע פּראָצעסן דאַרף מען אונטערשיידן פאַקטאָרן פון צוויי קאַטעגאָריעס, כאָטש פּראַקטיש לאָזט זיך נישט פונאַנדערטיילן איינע פון דער אַנדערער: שאַפנדיקע פאַקטאָרן און באַפרייענדיקע. „די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציע־כוחות אין זייער קאָנצענטראַציע, די שאַפונג פון נייע צונויפשמעלצונגען פון מאַטעריעלע עלעמענטן, די קאַפּיטאַליזאַציע פון דער געזעלשאַפט — דאָס זענען די שאַפנדיקע פאַקטאָרן אין דעם עוואָלוציע־פּראָצעס פון אונדזער צייט. דאָס שאַפן פון פרייע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציע־כוחות, די דעמאָקראַטיזאַציע פון דער געזעלשאַפט — דאָס זענען די באַפרייענדיקע פאַקטאָרן אין דער עוואָלוציע פון אונדזער צייט. סיי די, סיי יענע, זענען אין אַ גלייכער מאָס סטיכישע, זיי לאָזן זיך אָבער ריכטן".

„די בורזשואַזיע רעגולירט די שאַפנדיקע פאַקטאָרן פון די סטיכישע פּראָצעסן; דער פּראָלעטאַריאַט ריכטעט די באַפרייענדיקע פאַקטאָרן אין די סטיכישע פּראָצעסן. מיט דער קאַפּיטאַליזאַציע פון דער געזעלשאַפט פירט אָן די בורזשואַזיע, פאַר דער דעמאָקראַטיזאַציע פון דער געזעלשאַפט קעמפט דער פּראָלעטאַריאַט".

די, וואָס חוזקן פון דער טעאָריע וועגן סטיכישן פּראָצעס — איז כדאי זיי זאָלן זיך פאַראינטערעסירן מיט דער דיסקוסיע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין די 90־קער יאָרן אין רוסלאַנד צווישן די סאָצאַל־דעמאָקראַטן מיט לענינען בראש, און די נאַראָדניקעס, און שפּעטער — מיט די ס.ר.׳ן. לענין האָט דערקלערט, אַז דער קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד אַנטוויקלט זיך כסדר און דער פּראָלעטאַריאַט איז פאַראינטערעסירט אין זיין אַנטוויקלונג, פונקט ווי די בורזשואַזיע, נאָר וואָס, אין דעם סטיכישן פּראָצעס האָט די בורזשואַזיע איר ראָל און דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיין ראָל. דער פּראָלעטאַריאַט וואַקסט צוזאַמען מיטן פּראָצעס פון אַנטוויק־

לונג פון קאַפּיטאַליזם און זיין עיקר־אויפגאַבע אין דער תקופה איז צו אָרגאַניזירן זיך אַלס קלאַס צום קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע. די ס.ר.׳ן האָבן זיך אָבער פאַר־באַריקאַדירט קעגן לענינען, האַלטנדיק, אַז אויב ער איז אַן אָנהענגער פון אַנט־וויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, שטייט ער דאָך אויף דער זייט פון דער בורזשואַזיע. די ס.ר.׳ן האָבן געוואָלט אַריבערשפּרינגען דעם עטאַפּ פון קאַפּיטאַליזם און דער־נעענטערן דעם אָנקום פון סאָציאַליזם דורך אַנטוויקלען די דאָרפישע "אָבשטשי־נעס", אין וועלכע עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן רעשטלעך פון אור־קאָמוניזם. פונקט אַזוי זענען קעגן אונדז אַרויסגעטראָטן די חברים פון רעכטס, אַז מיר זענען כלומרשט פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין ארץ־ישראל, זיי אָבער ווילן אַריבערהיפּערן דעם עטאַפּ פון קאַפּיטאַליזם און צואיילן דעם סאָציאַליזם דורך שאַפן די קבוצות אין לאַנד. אַקעגן די טענות פון דעם שניט האָט לענין געענטפערט לגבי רוסלאַנד און מיר ענטפערן לגבי ארץ־ישראל, אַז די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם איז אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט און אַ סטי־כישער פּראָצעס.

די שאַפנדיקע פאַקטאָרן אין דעם סטיכישן פּראָצעס פון טעריטאָריאַליזם דריקן זיך אויס „אין דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַלן און אַרבעטס־כוח אין ארץ־ישראל, אין דער אַנטוויקלונג פון די נאַטור־אוצרות פון לאַנד, אין אויפהייבן דעם טעכנישן ניוואָ און דעם ניוואָ פון די פּראָדוקציע־כוחות בכלל״. דאָס זענען די אויפגאַבן פון דער בורזשואַזיע. די באַפרייענדיקע פאַקטאָרן אין דעם דאָזיקן סטיכישן פּראָצעס זענען: אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער, אָרגאַניזירונג פון די עולים, קאַמף פאַר געהעריקע לעבנס־באַדינגונגען אין ארץ־ישראל, „אָפּהיטן די געזעלשאַפטלעכע ענערגיע, מ׳זאָל זי נישט פאַרנוצן צופיל אָדער פאַרשווענדע־ריש, זען אַז די רעזולטאַטן פון די אינוועסטיציעס זאָלן זיין ווי ווייט מעגלעך צוועקמעסיקע און פּרוכטבאַרע״. רעגולירן, ד. ה. פאַרלייכטערן און צואיילן דעם גאַנג פון די סטיכישע פּראָצעסן — דאָס איז די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט.

די פונאַנדערטיילונג פון די ראָלן צווישן דער בורזשואַזיע און פּראָלע־טאַריאַט, ווי ס׳איז פאָרמולירט געוואָרן דורך באָראָכאָוון אין 1906־טן יאָר, האָט פולשטענדיק אַנטשפּראָכן די באַדינגונגען פון יענער צייט. ארץ־ישראל האָט זיך נאָך אייגנטלעך געפונען אין אַ תקופה פון פעאָדאַליזם, און נאָר די יידישע עליה איז עס געוואָרן דער פאַקטאָר פון אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם. אמת, אַז פון יאָר 1906 ביז איצט, האָט זיך דער מצב גרינטלעך געענדערט, און שוין אין יאָר 1917, האָט באָראָכאָוו אַריינגעטראָגן אויסבעסערונגען אין זיין טעאָריע, ווי דער קאָרעקטיוו וועגן „אַקטיוויטעט״ פון אַרבעטער־קלאַס און דאָס נישט באַגנוגענען זיך בלויז מיט דער רעגולירנדיקער ראָל. פון זינט דער רוסישער רעוואָלוציע איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר טרעטן אַריין אין א תקופה פון ראַדיקאַלע סאָציאַלע

ענדערונגען, און אין איינקלאַנג מיט דעם, האָט באָראָכאָוו דערקלערט, אַז די רעגולירונג פון אַ טייל פון די שאַפנדיקע פאַקטאָרן וועט פון איצט אָן אַרויספאַלן אויף די פּלייצעס פון פּראָלעטאַריאַט.

באָראָכאָוו האָט נישט געזען קיין שום סתירה צווישן „דאָ" (גלות) און „דאָרט" (ארץ־ישׂראל): „אין דעם דריקט זיך טאַקע אויס די פאַרבינדונג, אַ סטיכישע פאַרבינדונג און נישט קיין קינסטלעכע, וואָס טרעט אַרויס צווישן די אינטערעסן אין דעם געראַנגל דאָ און דאָרט. אויף וויפל עס וועט בעסער ווערן דאָ, וועט אויך בעסער ווערן דאָרט — און פאַרקערט. דאָס העכסטע, וואָס מיר קאָנען דערגרייכן דאָ — אין גלות — איז אַ פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע; דאָס העכסטע, וואָס מיר קאָנען דערגרייכן דאָרט, אין ארץ־ישׂראל, איז אַ פּאָליטיש־טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע. וואָס ס׳וועט פריער דערגרייכט ווערן און וואָס שפּעטער — איז נישט וויכטיק, אויף וויפל מיר האַלטן זיך ביי דער דערמאָנטער אָנשויונג. די פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז נאָר א מיטל פאַר דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. זי איז אויך א ציל אַן און פאר זיך ביי דער זייט פון דער לעצטער. דיביידע צילן זענען ווי געזאָגט פאַרבונדן מיטן סטיכישן פּראָצעס, וואָס קומט נישט פאַר לויט אַ דינער אָנגעצויגענער ליניע, נאָר וויקלט זיך פונאַנדער דאָ און דאָרט אין דער זעלבער צייט, אין דער גאַנצער ברייט".

„ס׳בלייבט איבער נאָר איין לאַנד, וואָס קאָן אַריינגעמען יידן. דאָס איז ארץ־ישׂראל, ווו דער יידישער קאַפּיטאַל און דער יידישער אַרבעטער־כוח הייבן זיך שוין טאַקע אָן צו קאָנצענטרירן אויף אַ סטיכישן וועג. צוליב דעם מצב פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין ארץ־ישׂראל, צוליב דעם ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן געבוי פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, און צוליב די באַציונגען פון דעם לאַנד מיטן וועלט־מאַרק — וועלן די יידן דאָרט בילדן דעם דעצידירנדיקן עקאָנאָמישן און קולטורעלן יסוד. אַזוי וועט זיך אין ארץ־ישׂראל אויפבויען אויף אַ סטיכישן וועג דער יידישער אויטאָנאָמער ישוב אין עקאָנאָמישער הינזיכט. גלייכצייטיק מיטן שאַפנדיקן פּראָצעס, וועט דאָרט אויך פאָרקומען דער באַפרייענדיקער פּראָצעס פון קלאַסן־קאַמף צווישן יידישן קאַפּיטאַל און יידישן אַרבעט־כוח". „לויט אונדזער אויפפאַסונג פון טעריטאָריאַליזם, דינט דער קלאַסן־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט אַלס אָרגאַנישער, נויטווענדיקער און אומפאַרמיידלעכער יסוד, וואָס אָן אים קאָן נישט רעאַליזירט ווערן דער טעריטאָריאַליזם. נאָכמער, אין אונדזער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו טרעט אַרויס דער פּראָלעטאַריאַט אַלס דער צענטראַלער און עיקרדיקער אַקטיווער כוח."

צום שלוס קומט באָראָכאָוו צום וויכטיקסטן און עיקרדיקן געדאַנק: „דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם איז מעגלעך נאָר אין דעם פאַל, ווען דער ציוניזם לאָזט זיך פאַרווירקלעכן דורכן קלאַסן־קאַמף; דער ציוניזם איז מעגלעך נאָר

אין דעם פאַל, ווען עס איז מעגלעך דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם, אויב אָבער דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט נישט זיינע ספּעציפישע וועגן צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם — איז דער ציוניזם אַ חלום אָן אַ מאָרגן".

באָראָכאָוו האָט אויך דורכגעפירט אַ גרינטלעכן אַנאַליז פון רעליגיעזן פּראָבלעם. זיינע אָנשויאונגען אויף דעם דאָזיקן געביט קאָנען פאַרעכנט ווערן פאַר די רעוואָלוציאָנערסטע אין זין פון דער באַציאונג פון סאָציאַליזם צו רעליגיע.

אין דער סאָציאַליסטישער וועלט איז געווען אָנגענומען, אַז די פראַגע פון רעליגיע האָט נאָר אַ שייכות צום יחיד אַליין. באָראָכאָוו האָט אָבער דערוויזן, אַז רעליגיע האָט אַ דירעקטע שייכות צום קלאַסן־קאַמף, אַז זי איז אַ שטערונג פאַר דעם קאַמף. צוליב דעם מוז די באַציאונג פון אַ סאָציאַליסט צו רעליגיע זיין אַבסאָלוט אַ נעגאַטיווע.

אין די יאָרן פון רעאַקציע אין רוסלאַנד (1907—1910), האָט די אינטעליגענץ זיך אָפּגעקערט פון פּאָליטישע פּראָבלעמען און האָט אָנגעהויבן זוכן אַ גייסטיקן תיקון אין פאַרשידענע באַוועגונגען, צי דאָס איז געווען אַ נטיה צו לעגאַליזם, צי די באַוועגונג פאַר פרייער ליבע, אָדער די כל המינים גאָט־זוכענישן. אין יענער צייט איז דערשינען לונאַטשאַרסקיס בוך „רעליגיע און סאָציאַליזם". קעגן אים איז אַרויסגעטראָטן באָראָכאָוו מיט זיין פילאָזאָפישן טראַקטאַט „דער ווירטואַליזם און דאָס רעליגיעז־עטישע פּראָבלעם אין מאַרקסיזם". דאָס בוך איז דערשינען אין רוסיש אין יאָר 1918. גלייכצייטיק האָט באָראָכאָוו פאַרעפנטלעכט, אין אַ מער פּאָפּולערער פאָרם, זיין אַרבעט „די געזעלשאַפטלעכע פּסיכאָלאָגיע פון דעם רעליגיעזן באַוווסטזיין" אָדער „לעבן און טויט פון גראַוויטאַציע־גייסט". די אַרבעט איז דערשינען אין וואַרשע ערשט אין יאָר 1928 אין מיין איבערזעצונג פון רוסיש אויף יידיש אין דער חודש־שריפט „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק". אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַרבעט פון באָראָכאָוון האָב איך דאַן אין יאָר 1928 געשריבן אין דער חודש־שריפט:

„די געשיכטע פון דער מענטשהייט איז די געשיכטע פון קלאַסן־קאַמף. דער קלאַסן־קאַמף פירט צום פאַרשווינדן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און צו דער אַנטשטייאונג פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג. אין דעם סטיכישן פּראָצעס פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג אַנטפּלעקט דער קעמפנדיקער מענטש די טענדענץ און דעם ציל פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג און שטרעבט דורכצולייגן פאַר אים דעם וועג — „צוצואיילן דעם היסטאָרישן פּראָצעס". אַלץ, וואָס שטערט דער אַנטוויקלונג און ציט אויף צוריק ווערט אומבאַדינגט אַריינגעשלידערט ווערן אין קויש פון דער געשיכטע, ווי אַן איבעריקע זאַך. אַלץ, וואָס שטערט צו דער זעלבשטענדיקער אַקטיווקייט פון די מאַסן — שטערט דער אַנטוויקלונג פון היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס ווערט רעאַליזירט אַדאַנק אָט דער זעלב־

שטענדיקער אַקטיוויקייט. אַלץ, וואָס פּרעדיקט פּאַסיוויקייט און האַלט זי אונטער, שטערט דער אַנטוויקלונג פון דער זעלבסטאַקטיוויקייט און דאָס איז פאַרמשפּט צום אָפּגערוימט ווערן פון היסטאָרישן וועג. די רעליגיעזע דערקענטעניש, ווי אַן אידעאָלאָגיע פון פּאַסיוויקייט, איז דאָס ווירקזאַמסטע און שטאַרקסטע געווער אין די הענט פון די הערשנדיקע קלאַסן, כדי איינצופלאַנצן אונטערטעניקייט און גלייכגילטיקייט אין די אָרעמע שיכטן און דערפאַר דאַרף מען קעמפן קעגן דער רעליגיעזער דערקענטעניש אָן שום רחמנות.

באַראַכאָוו האָט באַוויזן אין זיין אַנאַליז, אַז די רעליגיעזע דערקענטעניש איז דאָס די, וואָס דערציט צו פּאַסיוויקייט, און דערפאַר ווערט די רעליגיע געשטיצט דורך דעם העכערן שיכט פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וואָס הגם ער אַליין איז נישט קיין גלויביקער, איז ער אָבער פאַראינטערעסירט, אַז דער נידעריקער שיכט זאָל זיין אַ גלויביקער. די רעליגיע שטאַמט נישט פון געדאַנק, נאָר פון דעם געפיל. יעדעס געפיל האָט אַן עמאָציאָנעלן צענטער. ביים ליבע־געפיל, למשל, איז דער עמאָציאָנעלער צענטער די דערנענטערונג: דער מענטש, וואָס האָט ליב, באַמיט זיך צו דערנענטערן צום אָביעקט פון זיין ליבע. און פאַר־קערט, ביים שנאה־געפיל, איז דער עמאָציאָנעלער צענטער די דערווייטערונג: דער מענטש, וואָס האָט פיינט, שטרעבט צו דערווייטערן זיך פון אָביעקט פון זיין שנאה. אויך די רעליגיע האָט איר עמאָציאָנעלן צענטער, הן אין אויסערלעכן קולט, הן אין אינערלעכן קולט, דער עמאָציאָנעלער צענטער פון רעליגיעזן אויסערלעכן קולט איז הכנעה.

„אין פּאַרציטיקן קולט זעען מיר די שרעק, דאָס פאַלן אויף די קני, דעם אויסדרוק פון שרעק אויפן פּנים — דאָס זענען אַלץ באַוועגונגען — רעאַקציעס, וואָס דריקן אויס שרעק און אַ געפיל פון אוממעכטיקייט. דאָס זענען אַלץ רודי־מענטן פון גאָטספאָרכטיקייט. אויסערלעך זענען די רעאַקציעס באַגלייט מיט צושטאַנדן פון זעלבסטדערנידעריקונג, וואָס איז דער הויפּטפּונקט פון אויסדרוק פון אומבאַהאָלפנקייט.

אין אינערלעכן קולט, פּונקט ווי אין אויסערלעכן, חזרן זיך איבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס די באַוועגונגען, רעאַקציעס פון דערנידעריקן דעם גוף און די גייסטיקע כוחות פון מענטשן און אַרויסהייבן דעם אויסערלעכן כוח, וואָס איז איבערן מענטש. אין הינזיכט פון געפיל איז רעליגיע, יראת־הכבוד און גאָטספאָרכטיקייט, עמאָציאָנעלע פּאַסיוויקייט. אין הינזיכט פון געדאַנק — איז עס קריטיקלאָזער גלויבן, עמבריאָנעלער דאָגמאַטיזם אָדער דאָס פלעגן פּאַסיווי־קייט פון אינטעלעקט. רעליגיע איז אַ פּאַסיווע באַציאונג צום פעטישיזם, צו די טרעגער פון אַנימיסטישן לעבעדיקן גלויבן.״

מיר, די באַראַכאָוויסטן, האָבן אין אונדזער פּאָליטישער טעטיקייט שטענ־דיק געקעמפט קעגן רעליגיע אין אַלע אירע פאָרמען: דער קאַמף מיט דער רעליגיע איצטער, אין דער גסיסה־תקופה פון קאַפּיטאַליזם, וואָלט געדאַרפט אַלץ שטאַרקער ווערן, און אָט זעען מיר, אַז דווקא איצט קומט פאָר אַ שטאַרקערע אַנטוויקלונג פון קלעריקאַליזם ביי אַלע פעלקער און אין אַלע לענדער, וואָס שטייען אויף צום לעבן און הייבן אָן בויען, אין דער אָדער אַנדערער פאָרם, אַ ביי נאַציאָנאַל לעבן. מיר זעען דאָס אין באַנייטן פּוילן, אין דער קאַטוילישער ליטע, אין אונדזער קליין וועלטל — אין ארץ־ישראל און אין יידישן פאָלק בכלל. ביי אונדז פאַרכאַפּט איצט דעם אויבנאָן דאָס „שטריימל". אין די עלטסטע קהילות אין פּוילן, אין וואַרשע און לאָדזש איז דער רודער אַריבער אין די הענט פון די חסידישע „שטריימלעך" פון כל המינים און די בורזשואַזיע שטעלט זיך אויפן צד פון קלער". אַזוי האָב איך געשריבן אין אַרטיקל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1928.

ווי באַוווּסט, האָט באַראַכאָוו נישט באַקומען קיין יידישע גרינטלעכע דערציונג, ער האָט נישט געקענט קיין העברעיש און נאָך וויניקער יידיש, צוערשט האָט ער געשריבן נאָר אין רוסיש. אָבער אין משך פון געציילטע יאָרן האָט ער זיך אויסגעלערנט יידיש און שוין אין יאָר 1913 האָט ער געשאַפן זיין פאָנעטישע אָרטאָגראַפיע און געשריבן אַן אַרבעט אין „פנקס" וועגן דער יידישער פילאָלאָגיע. אין יאָר 1926 האָט ש. ניגער פאַרעפנטלעכט באַראַכאָווס אַ קאָנ־ספּעקט וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער פילאָלאָגיע, וואָס ער האָט אָנגע־שריבן אין יאָר 1913.

*

איך האָב געהאַלטן פאַר מיין חוב, נאָכן איבערגעבן וועגן טויט פון באַראַכאָוון, צו רעפערירן וועגן די יסודות פון זיין לערע, ווי מיר האָבן זי אויפ־גענומען און האָבן זי טריי געפּלעגט אַלע אונדזערע יאָרן. אין צווייטן באַנד וועל איך זיך נאָך אומקערן און נישט איינמאָל דערמאָנען באַראַכאָוון און זיין לערע, וואָס איז געוואָרן אונדזער לעבנס־וועג.

אויף דער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין קיעוו, סוף דעצעמבער, האָבן מיר אָנגענומען אַ שטעלונג צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע פון 2־טן נאָ־וועמבער. אין אונדזער רעזאָלוציע וועגן דער פראַגע ווערט געזאָגט:

1. „היות די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל האָט פאַר אַ ציל — מיטן אויסרייד, „צו באַפרייען די קליינע פעלקער" — צו דערוועבן ארץ־ישראל לטובת דעם ענגלישן קאַפּיטאַל, צו סטימולירן יידישע

יוגנטלעכע אַריינצוטרעטן אין ענגלישן מיליטער און צו געווינען די הילף פון די יידן אויף צו פירן די מלחמה ביזן „ענדגילטיקן סוף״;

2. היות די דעקלאַראַציע, פונקט ווי די דעקלאַראַציע פון דער דייטשישער רעגירונג בנוגע דער אומאָפּהענגיקייט פון פוילן, איז נישט מער ווי איינע פון די פּרוּוון פון וועלט־אימפּעריאַליזם אויסצונוצן די פרייהייט־באַוועגונג פון די פעלקער פאַר זיין טובה וועגן;

3. היות די פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַלן צענטער אין ארץ־ישראל איז מעגלעך אויפן יסוד פון וווּקס פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע, וואָס כדי צוצואיילן איר אַנטוויקלונג און פאַר איר דערפאָלג, זענען נייטיק באַדינגונגען, וועלכע זאָלן פאַרזיכערן אַן עקאָנאָמישן פּראָגרעס, אַ שלום־פּאָליטיק און אַ פרייע, נישט געשטערטע עמיגראַציע, קאָלאָניזאַציע און איינבירגערונג פון די יידן אין ארץ־ישראל, און אַ פרייהייט פון דער טעטיקייט פון די דעמאָקראַטישע קאָלאָניזאַציע־אינסטיטוציעס אונטער אַן אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע;

4. היות אין קאַמף פאַר די דאָזיקע באַדינגונגען באַקומט די יידישע דעמאָקראַטיע הילף מצד דער וועלט־דעמאָקראַטיע, און דאָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ ריי באַשלוסן פון די טשעכישע סאָציאַליסטן, ענגלישע און אַנדערע און דורכן מאַניפעסט פון שטאָקהאָלמער קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל;

5. היות די דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג באַווייזט, אַז אונדזערע פאָדערונגען וועגן ארץ־ישראל זענען אַ געוויכטיקער כוח, מיט וועלכן מען מוז זיך רעכענען אין דער וועלט־פּאָליטיק, און אַז זי פאַרלייכטערט אַוועקצושטעלן די פראַגע פון העלפן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער אַלוועלטלעכער שלום־קאָנפערענץ, —

רופן מיר אַלע אונדזערע אָרגאַניזאַציעס צו פאַרנעמען זיך און אַרויסשטעלן נאָך מיט מער אַנטשלאָסנקייט די ארץ־ישראל־פראַגע לויט אונדזער אויפפאַסונג, פאַרשטאַרקן אַלץ מער און מער די אַגיטאַציע פאַר דער אָנערקענונג פון אונדזערע פאָדערונגען וועגן ארץ־ישראל דורך דער יידישער און נישט־יידישער דעמאָקראַטיע; נישט דערלאָזן, אַז ס׳זאָל אַראָפּ פון דער טאָג־אָרדענונג פון דער וועלט־

פּאָליטיק די פּראַגע פון אַ יידיש ארץ־ישראל, און גלייכצייטיק אונטערשטרייכן די אימפּעריאַליסטישע צילן פון דער ענגלישער דעקלאַראַציע; קעמפן מיט אַלע כוחות, וואָס געפינען זיך אין אונדזער רשות, קעגן אַריינציען די יידישע דעמאָקראַטיע אין די קאַמף־רייען פון אימפּעריאַליזם; קעמפן פאַר אַ גיכן שלום און פאַר דער פאַרזיכערונג פון פרייהייט און הילף פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל״.

דער ציטאַט באַווייזט, אַז מיר האָבן געזען און פון סאַמע אָנהייב אויפגעדעקט דעם אמתן מהות פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, דאָס, וואָס פיל האָבן דאָס ערשט באַנומען אין פיל יאָרן אַרום. אַזוי למשל, האָט ד״ר ד. וויסמאַן פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1928 אַ בראָשור און געבראַכט אין איר באַווייזן וועגן דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. ער האָט געמיינט, אַז זיינע אַנטפּלעקונגען זענען אַן איבערקערעניש לגבי דער אָנגענומענער מיינונג פון פאַרטייאישן עולם אין ארץ־ישראל. און אָט האָט דאָך אונדזער פּאַרטיי אָנגענומען דעם דערמאָנטן באַשלוס נישט אין יאָר 1928, נאָר אין יאָר 1917. הייסט עס, אַז עס האָבן געדאַרפט אַוועקגיין אַ סך יאָרן ביז אַ גרויסער טייל פון יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל — און אַלץ נאָך נישט דער גאַנצער ישוב — זאָל פאַרשטיין דעם אמתן מהות, די טענדענצן און צילן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

אין דעצעמבער 1918 איז אין רוסלאַנד געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים. אַלס קאָמיסאַר איז באַשטימט געוואָרן דימאַנשטיין, אַן אַלטער באָלשעוויק, אַ געוועזענער ישיבה־בחור, און אלס זיין פאַרטרעטער איז נאָמינירט געוואָרן א מיטגליד פון ס.ר. — דער ייד דאָבקאָווסקי. דער לעצטער האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטן אויף זיין אַמט, ווייל עס איז אויף אים געפאַלן אַ שאָטן פון פאַראַט. אמת, ס׳איז נישט באַוויזן געוואָרן, אַז ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר, נאָר בעת ער איז געזעסן אין תפיסה האָט ער זיך געווענדט צום צאַר וועגן באַגנעדיקונג. דערפאַר איז ער אַראָפּגענומען געוואָרן פון אַמט, אָבער נישט געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געריכט.

די נאָמינאַציע פון דימאַנשטשטיינען אַלס קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים האָט שטאַרק באַאומרויקט די צענטראַלע קאָמיסיע פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ. די הכנות צוזונויפצורופן די קאָנפערענץ זענען געמאַכט געוואָרן אין שנעלן טעמפּ. אמת, די וואַלן צו דער קאָנפערענץ זענען איבערגערוקט געוואָרן פון איין טערמין אויף אַ צווייטן און ענדלעך זענען זיי באַשטימט געוואָרן אויף די טעג פון 7—9 דעצעמבער. די וואַלן זענען פאָרגעקומען צו דער באַשטימטער צייט. די דאַטע פון דער קאָנפערענץ איז צוערשט באַשטימט געוואָרן אויף סוף דעצעמבער, דערנאָך אויף סוף יאַנואַר און ענדלעך אויפן 17־טן פעב־

רואַר. ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע מאַנדאַט־קאָמיסיע (פּראָפ. מאַרקון און איך), אַזוי איז אויך באַשטימט געוואָרן אַ סטאַטוט־קאָמיסיע, אין וועלכער איך בין אַריין צוזאַמען מיטן פּראָפעסאָר צ. באַלקאָווסקי. דער סטאַטוט איז טאַקע געווען פּאַרטיק צו דער צייט. סוף דעצעמבער איז שוין געווען באַוווסט דער רעזולטאַט פון די וואַלן אין אַלע שטעט. אין די וואַלן האָבן זיך באַטייליקט ביי 120 טויזנט ווילער, פון וועלכע מיר האָבן באַקומען 12 טויזנט שטימען, די פּאַראייניקטע — זיבן טויזנט און דער „בונד" — 18 טויזנט. פון אונדזערע חברים זענען צוויי אויסגעווילט געוואָרן אין אָדעס, איינער אין מאגילאווער ראַיאָן, צוויי אין באָברויסקער ראַיאָן, איין דעלעגאַט פון כאַרקאָווער ראַיאָן און איינער פון סאַראַטאָווער ראַיאָן.

די צענטראַלע קאָמיסיע פון דער קאָנפערענץ האָט מיך באַפולמעכטיקט זיך צו ווענדן צום קאָמיסאַר דימאַנטשטיין, כדי אָנצוטאַפּן דעם דופק ווי ס'איז זיין באַציאונג צו דער קאָנפערענץ. דימאַנטשטיין האָט מיך גוט אויפגענומען. מען דאַרף זאָגן דעם אמת, אַז די באַציאונג פון דער מאַכט צו אונדז אין יענער צייט און אין משך פון דעם גאַנצן יאָר 1918 איז געווען זייער אַ גוטע. נישט איינמאָל האָט זיך צו אונדז געווענדט די מאכט מיט אַ פאָרשלאָג, מיר זאָלן אָנגעבן אונ־דזערע מענטשן פאַר די קאָמיסאַריאַטן אין די שטעט. אַזוי האָט מען אונדז פאַר־געלייגט אָנצוגעבן אונדזערס אַ מענטש אויפן אַמט פון אַ פינאַנס־קאָמיסאַר אין וויטעבסק און אין אַנדערע ערטער און אַלע אונדזערע רעקאָמענדאַציעס פלעגן אָנגענומען ווערן אָן שום פאַרבאַהאַלט. אַלס ענטפער אויף מיין פראַגע האָט מיר דימאַנטשטיין דערקלערט, אַז ער האָט נישט בדעה זיך אַריינצומישן אין די ענינים פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ, כל־זמן די קאָנפערענץ וועט נישט אָננעמען קיין שום באַשלוס, וואָס וועט פּוגע זיין אין דער סאָוויעטישער מאַכט.

אָנהייב יאַנואַר 1918 איז געקומען קיין פּעטערבורג דער חבר לעאָן כאַזאַ־נאָוויטש. מיר, די רוסישע פּועלי־ציון, זענען אַרויסגעטראָטן פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע נאָך אין יאָר 1909 לויטן באַשלוס פון דער באַראַטונג אין ווין. מיר האָבן אָבער אָנגעהאַלטן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג מיט אונדזער באַוועגונג אין דער וועלט, וואָס אין פיל לענדער זענען אירע פאַרטייען געווען אין דער ראַם פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און מיטן פאַרבאַנד־ביוראָ פון דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין שטאָקהאָלם און איז באַשטאַ־נען פון כאַזאַנאָוויטש, לאָקער און קאַפּלאַנסקי. עטלעכע טעג האָט חבר כאַזאַנאָ־וויטש געוווינט ביי מיר, געשריבן זיינע בריוו און קאָרעספּאָנדענצן אין אויסלענ־דישע צייטונגען מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג. אַ באַזונדערס

גענויע קאָרעספּאָנדענץ האָט ער דאַן אָנגעשריבן וועגן דעם יידישן פּאָגראָם אין קראָקע, וואָס איז פאָרגעקומען אין יענע טעג.

כאַזאַנאָוויטש האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער איז געקומען מיטן ציל פּאָרצולייגן דער פּאַרטיי אַ ספּעציעלן פאָרשלאַג פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. היות אין בריסק וועדן געפירט שלום־אונטערהאַנדלונגען צווישן דער סאָוויעטישער דעלע־גאַציע בראש מיט טראָצקין און יפה און דער דייטשישער דעלעגאַציע בראש מיט גענעראַל האָפמאַן, און לויט די שלום־באַדינגונגען וועלן אַוודאי אַ טייל פון די רוסישע געביטן מיט אַ יידישער באַפעלקערונג אַריבערגיין צו די דייטשן — איז געוווּנטשן מיר זאָלן זיך ווענדן צום סאָוונאַרקאָם (ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן) און מיר זאָלן פאָדערן צו פאַרזיכערן די נאַציאָנאַלע רעכט פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין די דאָזיקע געביטן.

חוץ מיר איז דעמאָלט אין פּעטערבורג קיינער נישט געווען פון פּאַרטיי־אַקטיוו. באָרו איז נאָך מיט אַ צייט פריער אַוועקגעפאָרן קיין דרום־רוסלאַנד. היות איך האָב אַזאַ פראַגע נישט געוואָלט נעמען אויף זיך אַליין, האָבן מיר זיך צונויפגערעדט צוצופאָרן קיין מאָסקווע, צו אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט. פאַר־לירנדיק עטלעכע שעה, נאָך האַלבער נאַכט אויפן ניקאָלאַיעווער וואָקזאַל, הונגע־ריקע און פאַרגליווערטע פון קעלט, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די באַן קיין מאָסקווע וועט בכלל נישט אַרויסגיין און מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים מיט גאָרנישט. דאַן האָבן מיר באַשלאָסן צו האַנדלען אויף אייגענער אחריות און צומאָרגנס האָבן מיר זיך וועגן דעם ענין געווענדט צו דימאַנטשטיינען, דעם קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים. דימאַנשטיין האָט אונדז זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט און איינגעשטימט מיט אונדזער פאָדערונג. ער האָט אונדז געראָטן אַדורכרעדן זיך וועגן דעם ענין מיטן יוסטיץ־קאָמיסאַר שטיינבערג.

י. נ. שטיינבערג, אַ לינקער ס.ר., איז געווען אַ פרומער ייד. מען האָט וועגן אים דערציילט, אַז ער איז איינמאָל געפאָרן אין אַ פּריטיק קיין וויטעבסק אין מלוכה־ענינים. די באַן האָט אָבער פאַרשפּעטיקט און איז אָנגעקומען קיין נעוועל צו ליכט־בענטשן, איז ער אַראָפּ פון באַן און געפּראַוועט שבת אין נעוועל. מוצאי שבת איז ער געפאָרן ווייטער...

אין אַ צייט אַרום האָט שטיינבערג פאַרלאָזן רוסלאַנד, געוואָרן אַ טערי־טאָריאַליסט, און האָט רעדאַגירט די צייטונג „פריילאַנד". ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1956.

דער סאָוונאַרקאָם איז דאַן באַשטאַנען פון 17 קאָמיסאַרן, פון זיי זענען 7 געווען לינקע ס.ר.׳ן און 10 באָלשעוויקעס. מיר האָבן אָפּגערעדט אַן אוידיענץ מיט שטיינבערגן. דימאַנטשטיין איז אויך געגאַנגען מיט אונדז. שטיינבערג האָט איינגעשטימט מיט אונדזער פאָרשלאַג. מען איז געקומען צום אויספיר, אַז פריער

דאַרף מען דערוווערבן די אונטערשטיצונג פון די ס.ר.׳ישע קאָמיסאַרן און ערשט דערנאָך פאָרשטעלן דעם ענין אויף דער זיצונג פון סאָוונאַרקאָם. אויף דער באַראַטונג איז אויך געווען אַ רייד וועגן באַשטימען אַ מענטש, וואָס זאָל פאָרן קיין בריסק, אויב עס וועט אַזעלכעס באַשלאָסן ווערן. מיר האָבן פאָרגעלייגט שטיינבערגן, אַז ער זאָל פאָרן. נאָך געוויסע וואַקלענישן האָט שטיינבערג מסכים געווען צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע מיטן תנאי, אַז עמיצער פון אונדז, וואָס איז בקי אין די ענינים זאָל מיט אים מיטפאָרן. ס׳איז איינגעשטימט געוואָרן, אַז אויב עס וועט נייטיק זיין וועל איך מיט אים מיטפאָרן.

עטלעכע וואָכן האָבן מיר געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די חברים פון די לינקע ס.ר.׳ן: מיט דעם אַלטיטשקן נאַטאַנזאָן, אַ ייד מיט אַ גרויסער, גרויער באָרד, קאַמקאָוו־כץ, אויך אַ ייד, און מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ, אַן אַלטע רעוואָלוציאָנערין, וואָס האָט אין יאַנואַר 1906 דערהרגעט דעם וויצע־גובערנאַטאָר פון טאַמבאָווער גובערניע, לוזשינאָווסקי. זי איז געפּייניקט געוואָרן ביים אַרעסט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר; אומגעקערט זיך נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע. אינגיכן האָט מען אונדז צוויסן געטאָן, אַז די קאָמיסאַרן פון די לינקע ס.ר.׳ן זענען מסכים מיט אונדזער פאָרשלאָג און אַז זיי האָפן דורכצופירן אים אויף דער זיצונג פון סאָוונאַרקאָם. דער ענין איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום פון סאָוונאַרקאָם. ער איז אָבער אָפּגעלייגט געוואָרן פון מאָל צו מאָל. ענדלעך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער וועט באַהאַנדלט ווערן דעם 29־טן יאַנואַר. אין דעם טאָג זענען מיר ביידע, איך און כאַזאַנאָוויטש, געקומען אינדערפרי אין „סמאָלני אינסטיטוט״, דעם זיצאָרט פון סאָוונאַרקאָם, און אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק נעבן זיצונג־זאַל פון סאָוונאַרקאָם. פון מאָל צו מאָל פלעגן אַרויסקומען פון דער זיצונג נאַטאַנזאָן, קאַמקאָוו־כץ, אָדער ספּירידאָנאָוואַ און פלעגן אונדז פאַרזיכערן, אַז דער ענין וועט באַהאַנדלט ווערן, מ׳דאַרף אָבער זיין געדולדיק. מיר האָבן געוואַרט אַ גאַנצן טאָג, ביז ס׳זענען אין אָוונט אַרויסגעקומען נאַטאַנזאָן און קאַמקאָוו־כץ און זיי האָבן אונדז צוויסן געטאָן, אַז דער ענין וועט בכלל נישט באַהאַנדלט ווערן, ווייל ס׳איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם פון טראָצקין, אַז ער פאַרלאָזט בריסק, מיט אַן „אויסגעשטרעקטער האַנט צו שלום״ און די אונטערהאַנדלונגען זענען איבערגעריסן געוואָרן.

די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זענען פאָרגעקומען סוף נאָוועמבער. אויפן 5־טן יאַנואַר איז באַשטימט געוואָרן צונויפצורופן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. צווישן די אויסגעוויילטע דעלעגאַטן זענען די באָלשעוויקעס געווען אין דער מינדערהייט — 40%. אַלס פאָרזיצער איז אויסגעוויילט געוואָרן דער רעכטער ס.ר. טשערנאָוו. נעבן אים איז אָבער געזעסן דער באַפולמעכטיקטער פון דער

רעגירונג, דער מאַטראָס זשעלעזניאַקאָוו, וואָס האָט אין טעלעגראַמע שעה אַרום פונאַנדערגעלאָזט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. צומאָרגנס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ דעמאָנסטראַציע קעגן פונאַנדערלאָזן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. די דעמאָנ־סטראַציע, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך די מענשעוויקעס און רעכטע ס.ר.׳ן, איז צעטריבן געוואָרן דורך דער מאַכט.

די וואַלן צום קאָמיטעט פון דער פּעטראָגראַדער קהילה זענען פאָרגעקומען סוף נאָוועמבער. די ערשטע זיצונג פון קאָמיטעט איז פאָרגעקומען דעם 19־טן דעצעמבער. אויף אונדזער ליסטע איז אויפן ערשטן אָרט געשטאַנען באָראַ־כאָוו, אויפן צווייטן — איך און אויפן דריטן — אַנסקי. פון אונדזער ליסטע איז אויסגעוויילט געוואָרן בלויז איין מענטש. היות באָראָכאָוו איז געשטאָרבן, בין איך אַריין אויף זיין אָרט. די גבאים פון דער אַלטער יידישער פּעטראָגראַדער קהילה, וואָס האָט געהייסן „די ווירטשאַפטלעכע אָנפירונג פון דער פּעטערבור־גער סינאַגאָגע״, זענען פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט. איצט האָבן זיך באַוויזן לגמרי נייע מענטשן. אַלס יושב־ראש פון דער קהילה איז אויסגעוויילט געוואָרן מיינער אַ פריינד, ד״ר זאַלקינד — אַן אַלגעמיינער ציוניסט, אַן אָרנטלעכער און האַר־ציקער ייד. ווען ער איז געקומען קיין ישראל, האָט ער דאָ פאַרנומען דעם אַמט פון פאַרוואַלטער פון „הדסה״ אין ירושלים ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אויף דער ערשטער זיצונג פון דער נייער קהילה האָבן מיר באַערט דעם אָנדענק פון באָראָכאָוון, וועלכער האָט נישט זוכה געווען צו זיין אָנוועזנד. ס׳איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז אויף דער זיצונג האָבן די פאַרשטייער פון אַלע פּאַרטייען געלייענט זייערע דעקלאַראַציעס אויף רוסיש. דער איינציקער, וואָס האָט געלייענט די דעקלאַראַציע אויף יידיש בין איך געווען, כאָטש איך בין נישט געווען צוגעוווינט אַרויסצוטרעטן אויף יידיש, ווייל איך האָב זיך שוין אַ לענגערע צייט נישט באַנוצט מיט דער שפּראַך. אויף אונדזערע פּאַרטייאישע זיצונגען האָבן מיר ס׳רוב גערעדט רוסיש. מיט דער צייט זענען מיר אָבער אַריבער אויף יידיש. אויף דער קאָנפערענץ אין אַפּריל 1917 האָבן נאָר צוויי פון פערציק דעלעגאַטן גערעדט יידיש, אויף דער קאָנפערענץ אין אויגוסט 1917 זענען שוין מער ווי אַ העלפט אַרויסגעטראָטן אין יידיש, און אויף דער קאָנפערענץ אין מאָסקווע, יוני 1918, האָבן שוין כמעט אַלע גערעדט יידיש.

כ׳ברענג ווייטער דעם אינהאַלט פון אונדזער דעקלאַראַציע אין דער קהילה. אין וועלכער ס׳איז געקומען צום אויסדרוק אונדזער שטעלונג צו די פראַגן וואָס זענען דאַן געשטאַנען אויפן סדר היום:

„די שטענדיקע רדיפות און די אונטערדריקונג, וואָס ווערן אָנגעווענדט לגבי דעם יידישן פאָלק, זענען אַ רעזולטאַט פון דעם פאַקט, וואָס דאָס יידישע פאָלק איז צוליב זיין עקסטעריטאָריאַליטעט שטענדיק געווען דער שוואַכער צד

אין קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ אין באַדינגונגען פון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ; די רדיפות האָבן געפונען זייער אויסדרוק נישט בלויז אין פיזישע ווילדע דער־שיינונגען, ווי פּאָגראָמען און פּאָליטישע באַגרענעצונגען אין בירגער־רעכט, נאָר אויך אין עקאָנאָמישע דערשיינונגען — אין געזעלשאַפטלעכן באָיקאָט און אין אויסשליסן די מעגלעכקייט פון אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק אַריינצודרינגען אין די הויכע פּראָדוקציע־צווייגן. די אַלע סיבות האָבן נישט געגעבן די מעגלעכקייט דעם יידישן פאָלק זיך נאָרמאַל צו אַנטוויקלען. במשך פון דורות זענען די יידישע מאַסן געווען געצוווּנגען צוצופּאַסן זיך צו די עקזיסטענץ־באַדינגונגען פון די הערשנדיקע פעלקער, און דאָס לעבן פון די יידן איז שטענדיק געווען אַ צעדרייט און פאַרקרומט בילד פון לעבן פון די אַרומיקע פעלקער.

צוליב די אומנאָרמאַלע עקזיסטענץ־באַדינגונגען זענען אָבער נויטווענדי־קערהייט געוואַקסן נייע שטרעבונגען אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק, שטרעבונגען, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך אַן ענדגילטיקע לייזונג פון דער יידן־פראַגע דורך שאַפן אַ נאַציאָנאַלן טעריטאָריאַלן צענטער אין ארץ־ישראל.

אויפן וועג פון דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער יידן־פראַגע האָט די רוסישע רעוואָלוציע אָפּגעשאַפן אַ טייל פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג — די פּאָליטישע באַגרענעצונגען. זי האָט געגעבן די יידן גלייכע בירגער־רעכט און טיילוויז אויך נאַציאָנאַלע רעכט. דאָס גיט די רוסלענדישע יידן אַ טיילווייזע מעג־לעכקייט אַריינצוברענגען אַ נאָרמאַליזאַציע אין זייער לעבן, אַליין איינצושטעלן זייער סאָציאַל לעבן, און אַזויאַרום שאַפט זיך אויך די מעגלעכקייט אויפצובויען אונדזער יידישע נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

די קהילה איז דער ערשטער טראָט אויף דעם וועג. זי איז דאָס עיקרדיקע קעמערל פון דער אויטאָנאָמיע. דערפאַר איז געוווּנטשן, אַז די קהילה זאָל האָבן די זעלבע קאָמפּעטענץ אין שטאָטישע ענינים, וואָס עס וועלן אין דער צוקונפט האָבן די אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס אין אַלרוסלענדישן מאַסשטאַב.

רעדנדיק וועגן די פולמאַכטן פון דער קהילה, דאַרף איך אונטערשטרייכן, מיט וואָסערע ענינים די קהילה דאַרף זיך, לויט מיר, נישט פאַרנעמען:

היות די יידן זענען אַ פאָלק און נישט קיין רעליגיעזע גרופּע, דאַרף נישט די קהילה זיין קיין רעליגיעזע און מען דאַרף איר נישט געבן קיין רעליגיעזע קאָמפּעטענצן.

אין די קאָמפּעטענצן פון דער קהילה וועלן אַריינגיין די זאָרג פאַר בילדונג און קולטור־ענינים, ווי גרינדן שולן, מוזייען, ביבליאָטעקן אויף אונדזער נאַציאָ־נאַלער שפּראַך — יידיש, די שפּראַך פון די מאַסן.

אָבער דאָס זענען נאָך נישט די עיקרדיקע פונקציעס פון דער טעטיקייט פון דער קהילה, נישט די שפּראַך כאַראַקטעריזירט דאָס פאָלק און נישט די שפּראַך שאַפט דאָס פאָלק (אַפּלאָדיסמענטן), נאָר פאַרקערט, דאָס פאָלק שאַפט די שפּראַך. און דאָס פאָלק נייטיקט זיך אין באַשטימטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, פּראָדוקציע־באַדינגונגען. דערפאַר איז נייטיק, אַז אין אַ יידישער נאַציאָנאַלער קהילה זאָלן באַפרידיקט ווערן אַלע באַדערפעגישן, הן קולטורעלע און הן עקאָנאָמישע, פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. די אויסברייטערונג פון די קאָמפּעטענצן פון דער קהילה איז נישט קיין רעאַקציאָנערע דערשיינונג, פאַרקערט, די, וואָס באַגרענעצן די קאָמפּעטענצן פון דער קהילה נאָר צו דער שפּראַך־פראַגע, די, וואָס טרעטן אַרויס קעגן יידישן לעבן און האַלטן, אַז מען דאַרף אויסשליסן פון דער טעטיקייט פון דער קהילה די ספּעציפישע יידישע ענינים — די דאָזיקע ציען אונדז אויף צוריק, זיי רופן אונדז אָפּצוטרעטן (אַפּלאָדיסמענטן). די קהילה דאַרף זיך פאַרנעמען מיט סאָציאַלער הילף, מיט נאַציאָנאַלער היגיענע. אין די ראַמען פון איר טעטיקייט דאַרף זי אַריינגעמען די געביטן, וואָס דרינגען אַרויס פון די יידישע ספּעציפיש־עקאָנאָמישע באַדינגונגען, און אין דעם זעען מיר דעם שווערפּונקט פון איר טעטיקייט. היות איינע פון די וויכטיקסטע עקאָנאָמישע דערשיינונגען אין לעבן פון די יידן איז די עמיגראַציע, וואָס פירט לויט אונדז, צו דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער יידן־פראַגע, דאַרף די קהילה זיך באַזונדערס פאַרנעמען מיט דער פראַגע. מען דאַרף גרינדן ספּעציעלע עמיגראַציע־אינסטיטוציעס, אַן אינפאָרמאַטיוון אַמט, וואָס זאָל העלפן די עמיגראַנטן ביים אַרויספאָרן און אויך זיי העלפן צו באַקענען זיך מיט די לעבנס־באַדינגונגען פון די לענדער, וווהין זיי עמיגרירן.

היות ארץ־ישראל איז דאָס לאַנד, אין וועלכן עס קאָנצענטרירט זיך די יידישער עליה, היות דאָרט האַלט ביים געשאַפן ווערן דער יידישער נאַציאָנאַלער טעריטאָריאַלער צענטער — דאַרף די קהילה שאַפן ספּעציעלע ארץ־ישראל־אַמטן, ווי צ.ב. אַן ארץ־ישראלדיקן אינפאָרמאַציע־אַמט, וואָס זאָל שטיין אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט די אַנטשפּרעכנדיקע אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל. מען דאַרף אָרגאַניזירן לעקציעס פון לאַנד־קענטעניש, כדי די יידישע מאַסן זאָלן זיך באַקענען מיט די געזעלשאַפטלעכע און נאַטור־באַדינגונגען פון לעבן אין ארץ־ישראל א.א.וו. דאָס אַלץ דאַרף געטאָן ווערן כדי די עליה זאָל נישט זיין קיין כאַאָטישע, נאָר אַ פּלאַנירטע און סיסטעמאַטישע.

מיר וועלן אפשר דאָ נישט געפינען קיין גרויסע סימפּאַטיעס פאַר אונדזערע לאָזונגען. דאָס וועט פאַר אונדז נישט זיין קיין אָפּהאַלט. אין יעדן אָרט בעת די וואַלן צו די מוניציפּאַליטעטן און צו דער אַלרוסלענדישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זענען מיר אַרויסגעטראָטן זעלבשטענדיק, מיט אונדזער יידישער

רויטער פאָן, און מיר האָבן זי נישט פאַרדעקט מיט אַנדערע, אויך רויטע, אָבער פרעמדע פאָנען (אַפּלאָדיסמענטן).

דאָ, אין דער פּעטראָגראַדער קהילה, זענען די כוחות־פאַרהעלטעניש צווישן די פאַרשידענע גרופּן פון דער יידישער באַפעלקערונג נישט אַזעלכע ווי אין דער גאַנצער מדינה. פּעטראָגראַד איז די הויפּטשטאָט פון רוסלאַנד, אָבער נישט דער צענטער פון אַלרוסלענדישן יידנטום. דאָ, אין דער קהילה, באַשטייט אונדזער פראַקציע פון איין מענטש, דאָ וועלן מיר זיין פאַראייניזאַמט. אָבער אין מינסק, וויטעבסק, קיעוו, ווו עס וווינען יידישע מאַסן, — דאָרט וועט דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־קלאַס אָנערקענען אונדזערע פאָדערונגען.

מיר גלייבן און האָפן, אַז אַזוי וועט עס זיין. אויך צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל זענען מיר געקומען מיט אונדזערע יידישע פאָדערונגען, ווי מיר פאַרשטייען זיי, און אויך דאָרט זענען מיר צוערשט געווען פאַראייניזאַמט און נישט געפונען קיין גרויסע סימפּאַטיעס. און אָט האָט איצט דער אינטערנאַציאָנאַל בנוגע דער יידן־פראַגע, וואָס דאַרף שטיין אויף דער שלום־קאָנפערענץ, אָנגענומען נישט די פאָדערונגען פון די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס זיצנדיק אין אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיי געפרווווט ווירקן, מ'זאָל אונדז אין אים נישט אָננעמען, נאָר די פאָדערונגען פון יידיש־סאָציאַליסטישן וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון (אַפּלאָדיסמענטן).

דאָס גיט אונדז מוט און גלויבן. דערפאַר טרעטן מיר צו מיט מוט און זיכערקייט צו דער אַרבעט אין דער נייער יידישער קהילה, וואָס וועט זיין, ווי מיר האָפן, אַ וועלטלעכע און דעמאָקראַטישע" (לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

סוף דעצעמבער איז אין דווינסק פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון יידישע זעלנער. איך האָב געזאָלט פאָרן אויף דער קאָנפערענץ אין נאָמען פון אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט. היות ס'האָט ביי מיר דאַן געוווינט אַ חבר פון אויסלאַנד, בצלאל, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געקומען פון לאָנדאָן, ווו ער איז געווען אַרעסטירט פאַר אַגיטאַציע קעגן מלחמה, האָב איך אים מיטגענומען אויף דער קאָנפערענץ. אויף דער קאָנפערענץ האָב איך געטראָפן מ. לאַזאַרסאָן, דאָס מאָל אַלס פאַרשטייער פון די „פאַראייניקטע". די עיקרדיקע פראַגן, וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ, זענען געווען: וועגן שאַפן יידישע פּולקן און אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ קעגן די פּאָגראָמען, וואָס זענען שוין אויסגעבראָכן אין עטלעכע פּראָווינץ־שטעט. מיט 12 קעגן 11 שטימען (צווישן זיי אויך מיין שטים) איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער פאָרשלאָג וועגן אָרגאַניזירן יידישע פּולקן. דאַקעגן איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אומעטום אַ זעלבשוץ, אונטער דער אָנפירונג פון די יידישע זעלנער־אָרגאַניזאַציעס אין מיליטער.

אין שייכות צום פּאָליטישן מצב האָט די קאָנפערענץ אָנגענומען פאָלגנדיקן באַשלוס: אין דעם בירגער־קריג פון לאַנד וועט דאָס יידישע פאָלק אָפּהיטן ניי־טראַליטעט.

אין פּעטראָגראַד האָט זיך אויך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ. די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון דער יידישער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ האָט צונויפגערופן די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען, כדי צו באַהאַנדלען די פראַגע פון זעלבשוץ. אויף איין זיצונג, אויף וועלכער איך בין געווען אָנוועזנדיק, בין איך נשתומם געוואָרן דערזעענדיק אַן ענגלישן אָפיציר אין מיליטערישע מלבו־שים, וואָס רעדט אַ ריינעם רוסיש. איך האָב זיך פאַראינטערעסירט ווער ער איז, מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ ייד, טרומפּעלדאָר וואָס דינט אין ענגלישן מיליטער און איז איצט געקומען פון ווייטן מזרח. דאָס איז געווען מיין איינציקע באַגעגעניש מיט טרומפּעלדאָרן אין רוסלאַנד. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ גוטן נאַציאָנאַלן ייד און אַ ידען אין מיליטערישע און אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע ענינים.

אין דער זעלביקער צייט בערך בין איך געפאָרן האַלטן אַ רעפעראַט אין יוריעוו, וווּ איך האָב געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט. אין יענער צייט זענען די רייזעס געווען פאַרבונדן מיט אַ סך מי און צרות. די באַנען זענען נישט גע־גאַנגען צו דער צייט און אָפטמאָל פלעגן זיי זיך פאַרשפּעטיקן אויף עטלעכע שעה שוין אויף דער ערשטער אָפּפאָר־סטאַציע. די וואַגאָנעס זענען אַלע געווען פראַכט־וואַגאָנעס און כדי זיך אַריינצובאַקומען אין זיי איז נייטיק געווען אַן איבער־מענטשלעכע אָנשטרענגונג, ווייל יעדער וואַגאָן איז באַלאַגערט געוואָרן דורך הונדערטער מענטשן, באַזונדערס זעלנער, וואָס האָבן פאַרלאָזט דעם פראָנט און זענען געפאָרן אַהיים. די נסיעה קיין יוריעוו איז אויך געווען פאַרבונדן מיט גרויס מאַטערניש און פיל צרות. איך האָב זיך נישט געקאָנט אַריינבאַקומען אין וואַגאָן. מיט גרויס שוועריקייט האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויפצובאַקומען זיך אויף די בופערן און אַזוי בין איך מיט נאָך עטלעכע מענטשן געפאָרן מער ווי אַ שעה אין אַ שטאַרקן פראָסט. ענדלעך האָט אונדז דער קאָנדוקטאָר געעפנט די טיר אין קאָרידאָר פון וואַגאָן. אין משך פון צוויי שעה זענען מיר געווען אויפן באַראָט פון מוראַדיקן ווינט, וואָס האָט כמעט ווי אָפּגענומען הענט און פיס. (ווייל די שויבן אין יידע פענצטער זענען געווען צעבראָכן), ביז ס׳האָט זיך אונדז איינגעגעבן אַריינצוגיין אינעווייניק אין וואַגאָן.

ענדלעך בין איך אָנגעקומען אויפן אָרט. איך האָב זיך זייער דערפרייט ווידער צו זען די שיינע שטאָט, וואָס אין איר צענטער געפינט זיך דער באַרימטער באַרג „דאמב״. אין יוריעוו איז דאַן געווען אַ גאַנץ גרויסע יידישע קהילה, ס׳רוב פּליטים פון קאָוונער גובערניע, און אויך פון אַנדערע מקומות,

וואָס זענען פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן אין דער מלחמה־צייט. אויף מיין רע־פעראַט זענען געווען בערך אַ 500 פּערזאָן.

נאָך בעת דער צאַרישער אָרדענונג איז אין מלחמה־צייט געווען טעטיק אַ צענטראַלער קאָמיטעט פאַר לעדער־פּראָדוקציע. בעת דער צייטווייליקער רעגירונג איז דער קאָמיטעט באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די לעדער־אַרבעטער און פון פאָרשטייער פון די פאַבריקאַנטן — גלייך אויף גלייך. די אויפגאַבע פון ראַיאָן־קאָמיטעט „ראַיקאָזש" איז געווען צונויפצונעמען דעם גאַנצן רוישטאָף פון ראַיאָן, צעטיילן אים צווישן די פאַבריקן, אָפּנעמען די פאַרטיקע פּראָדוקציע, כדי איבערצוּווייזן זי דעם פּעטראָגראַדער שטאָטראַט אויף פונאַנדערצוטיילן די קאָנסומענטן.

דער פאַריין פון די לעדער־אַרבעטער האָט געציילט ביי 18 טויזנט מיטגלידער. אין דער פאַבריק „סקאָראָכאָד" אַליין האָבן געאַרבעט העכער פיר טויזנט אַרבעטער, די איבעריקע האָבן געאַרבעט אין קלענערע פאַבריקן און אויך אין וואַרשטאַטן מיט זייער אַ קליינער צאָל אַרבעטער. בראש פון פאַריין זענען פאַרשטענדלעך, געשטאַנען אַרבעטער פון „סקאָראָכאָד", וואָס האָבן געהאַט אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע. קיין אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון פאַריין זענען נישט פאָרגעקומען. דאַקעגן פלעגן פאָרקומען קאָנפערענצן פון פאָרשטייער פון די אַרבעטער. יעדע 50 אַרבעטער האָבן אויסגעוויילט איין פאָרשטייער, אָבער נאָר די פאָרשטייער פון „סקאָראָכאָד" פלעגן אָפּהיטן מ׳זאָל קומען צו די קאָנפערענצן אָרגאַניזירטערהייט, און זיי האָבן דאָרט געבילדעט אַ מערהייט.

אין אָנהייב פון מיין פּאַרטייאישער טעטיקייט האָב איך זיך נאָר טיילווייז פאַראינטערעסירט מיט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. ווען איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין אַן עקאָנאָמשער און יורידישער ראַטגעבער פון פאַריין פון די לעדער־אַרבעטער, בין איך געווען געצוווּנגען צו פאַרברייטערן מיינע ידיעות אויף דעם געביט. גאַר גיך האָב איך זיך ספּעציאַליזירט אין די פראַגן פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אויף אונדזער קאָנפערענץ אין מאָסקווע, אין יולי 1917, בין איך געווען דער הויפּט־רעפערענט פון אַלע פראַגן פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. דעמאָלט האָב איך דאָס ערשטע מאָל רעפערירט אויף יידיש, וואָס ס׳איז מיר אָנגעקומען זייער שווער. אין זומער 1918 האָב איך געשריבן אַ בוך וועגן די פּראָבלעמען פון דער רוסלענדישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. קומענדיק קיין וואַרשע אין יאָר 1919 האָב איך דאָס בוך איבערגעזעצט אויף יידיש, אויסברייטערנדיק עס אויף אַ סך. דאָס בוך איז קיינמאָל נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן, כאָטש עס איז אָנגעשריבן געוואָרן אויף דער באַשטעלונג פון רוסישן צענטראַל־קאָמיטעט און איבערגעזעצט געוואָרן אויף דער באַשטעלונג

פון פּוילישן צענטראַל־קאָמיטעט, אָבער דעם האָנאָראַר, האָב איך פאַר אים צוויי מאָל באַקומען, סיי אין מאָסקווע, סיי אין וואַרשע. אגב, איז דאָס ס׳איינציקע בוך, פאַר וועלכן איך האָב באַקומען האָנאָראַר, כאָטש איך האָב דערנאָך אַרויסגעגעבן נאָך עטלעכע ביכער און בראָשורן.

אין דעצעמבער 1917 האָט דער קאָמיטעט פון פּראָפ. פאַריין באַשלאָסן צו באַזייטיקן פון דער פאַרוואַלטונג פון „ראַיקאָזש" די באַזיצנדיקע עלעמענטן און אָרגאַניזירן אים פונדאָסניי. דער קאָמיטעט האָט אויסגעוויילט פינף חברים אָנצו־פירן מיט דער אונטערנעמונג. צווישן די פינף בין איך אויך געווען. איך בין גע־ווען דער איינציקער אינטעליגענט צווישן די חברים פון דער אָנפירונג. די אי־בעריקע זענען געווען לעדער־אַרבעטער, רימערס און גאַרבערס. איך געדענק די נעמען פון די מיטגלידער פון דער אָנפירונג: לוקאָנין, סיניצין און סאַמאָצוויעטאָוו. זיי זענען געווען גוטע מבינים אויף פעל, גוטע אַרבעטער און גוטע באָלשעוויקעס, אָבער אין אַדמיניסטראַטיווע ענינים האָבן זיי זיך זייער קנאַפּ אָריענטירט. לוקאָ־נין איז געווען דער פאָרזיצער און איך — זיין פאַרטרעטער. איך האָב ווייניק פאַרשטאַנען אין פעל־ענינים און אין אַדמיניסטראַטיווער אָנפירונג האָב איך נישט געהאַט קיין שום דערפאַרונג. מ׳דאַרף וויסן, אַז אין יענער צייט האָט כמעט די גאַנצע אינטעליגענץ געפירט אַ שטאַרקן סאַבאָטאַזש קעגן דער באַנייאונג פון דער פּראָדוקציע און רעסטאַווּרירונג פון לעבן. אין קיין שום אַרבעט־פּלאַץ זענען נישט געבליבן קיין פאַכלייט. ווען ס׳איז למשל אַרויס דער דעקרעט וועגן דער נאַציאָנאַליזאַציע פון די בענק, האָבן אַלע באַאַמטע פאַרלאָזט די אַרבעט און די בענק זענען געווען געשלאָסן עטלעכע טעג. ס׳איז געווען אַ פאַל, ווען ס׳איז גע־קומען אַ פריערדיקער באַנק־אַרבעטער און פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל אים אָננע־מען צו דער אַרבעט, האָט מען אים נישט געפרעגט ווער ער איז און וואָס ער איז און — באַשטימט אַלס דירעקטאָר פון באַנק, כאָטש ער איז פריער געווען בלויז אַ וועכטער.

אַזוי־אַרום האָבן מיר איבערגענומען בירושה הונדערט און צוואַנציק אָנגע־שטעלטע. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס עס טוט יעדער פון זיי. מיר האָבן גלייך צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אָנגעשטעלטע, מיר האָבן זיי אויפגעקלערט די סיבות פון דער „רעוואָלוציע" אין דער אינסטיטוציע און דערקלערט, אַז קיינער איז נישט געצוווּנגען צו בלייבן ביי דער אַרבעט. ווער עס וויל פאַרלאָזן די אַרבעט, קאָן אַוועקגיין, אָבער דער, וואָס וועט וועלן בלייבן וועט מוזן פלייסיק אַרבעטן און אין יעדן פאַל פון סאַבאָטאַזש וועט דער שולדיקער געשטעלט ווערן פאַרן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל. קיינער האָט נישט פאַרלאָזט די אַרבעט. איך האָב זיך באַראַטן מיט לוקאָנינען און באַשלאָסן צו ווידמען צוערשט מיין צייט אויף באַקענען זיך מיט דער אַרבעט פון אַנשטאַלט,

מיט די באַאַמטע און זייער אַרבעט. יעדן טאָג פֿלעג איך זיך צוזעצן צו דעם אָדער יענעם באַאַמטן און פֿלעג זיך פֿראַנעמען מיט זיין אַרבעט, מיטן פֿעסטשטעלן איר נייטיקייט און פּראָדוקטיוויקייט. אין עטלעכע וואָכן אַרום, בין איך געקומען צו דער אָנפֿירונג מיט אַ באַריכט פֿון מיין אויספֿאָרשונג. נאָך אַ זאָרגפֿעליקער פֿאָר־שונג איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז מיר האָבן 40 איבעריקע אָנגעשטעלטע. מיר האָבן זיי באַפֿרייט און באַצאָלט פֿאַרגיטיקונג.

אין דער צייט האָט די מאַכט באַשטימט אַ צענטראַלע אינסטאַנץ פֿאַר ווירטשאַפֿטלעכע ענינים: אויבערראַט פֿון דער פֿאָלקס־ווירטשאַפֿט. אין פּעטראָ־גראַד איז מאָלאָטאָוו געשטאַנען בראש פֿון קאָמיטעט פֿון דער פֿאָלקס־ווירטשאַפֿט. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פֿון סעקציעס. ס׳איז אויך געווען אַ לעדער־סעקציע בראש מיט מיינעם אַ באַקאַנטן — פֿריד. אויך אונדזער אינסטיטוציע איז אַריין אין ראַם פֿון דער סעקציע. אונדזער ביוראָ האָט זיך געפֿונען אין אַ נישט באַקוועמער געדונגענער דירה, האָבן מיר באַשלאָסן אויסזוכן אַ בעסער אָרט. מיר זענען געגאַנגען מיט לוקאַנינען אויפֿן ענגלישן בולוואַר און דאָרט האָבן מיר געפֿונען אַ פּאַסיקע דירה — דעם פּאַלאַץ פֿון צאַרס ברודער, מיכאַיל אַלעק־סאַנדראָוויטש. איך האָב דאָרט באַקומען צו מיין דיספּאָזיציע אַ קליין, פֿיין מעבלירט צימערל, דאָס געוועזענע צימער פֿון מיכאַילן. איידער מיר זענען אַריי־בער אין פּאַלאַץ האָבן מיר, אין הסכם מיט אַ צירקולאַר פֿון בילדונגס־מיניסטער לונאַטשאַרסקי, געמאַכט אַ רשימה פֿון טייערן מעבל און בילדער. מיר האָבן זיי צונויפֿגעטראָגן אין אַ באַזונדער צימער און דאָרט פֿאַרשלאָסן. אין פּעטראָגראַד זענען דאַן געווען אָפֿטע אָנפֿאַלן און באַרויבונגען אין די הייזער פֿון אָדל און די פֿירשטן. אין צאַרס ווינטער־פּאַלאַץ האָבן די זעלנער באַרויבט אַלע וויין־אוצרות און זיך אָנגעשיכורט. ס׳איז אפֿילו געווען אַ פּאַרפּלייציונג פֿון ווייַנען פֿון די צעבראָכענע פֿעסלעך אין די וויין־קעלערס און עטלעכע שיכורע זעלנער זענען דאָרט דערטרונקען געוואָרן. מיר האָבן צוויסן געטאָן די באַאַמטע, אַז אויב עס וועט עפּעס אַוועקגעשלעפּט ווערן פֿון פּאַלאַץ, וועלן מיר דעם שולדיקן שטעלן פֿאַרן טריבונאַל. די דראָונג האָט געהאָלפֿן און אין אונדזער אינסטיטוציע זענען אַלע זאַכן געבליבן גאַנץ.

אין דעצעמבער פֿון יאָר 1917 איז פֿאָרגעקומען די דריטע קאָנפֿערענץ פֿון די סאָוויעטן. אויף דער קאָנפֿערענץ איז צווישן אַנדערע געזאָגט געוואָרן, אַז פֿון געוויסע אַנשטאַלטן, אונדזערן בתוכם, דאַרף מען נישט באַזייטיקן די באַזיצנדיקע עלעמענטן. דאָס האָט געמאַכט זייער אַ שלעכטן רושם אויף די חברים פֿון פֿאַר־וואַלטונג פֿון אונדזער פֿאַריין, מיר האָבן זיך זייער גוט געפֿילט אָן די פֿאַבריקאַנטן און האָבן נישט געהאַט קיין שום חשק ארייַנצונעמען זיי צוריק אין אונדזער אינ־סטיטוציע. אָבער אונדזער אינסטאַנץ איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער צענטראַלער

אינסטאַנץ אין מאָסקווע „גלאַוקאַזש", וואָס האָט אונדז אויפגעפּאָדערט אַריינגעמען צוריק די פּאַבריקאַנטן אין אונדזער „ראַיקאָזש". מיר האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט און נישט אויסגעפירט די אָנווייזונגען. די פראַגע האָט געדאַרפט געלייזט ווערן אויף דער פּראָפעסיאָנעלער קאָנפערענץ פון די לעדער־אַרבעטער, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין מאָסקווע אָנהייב מערץ.

ווי געזאָגט האָבן מיר געדאַרפט זיין די אָפּנעמער פון גאַנצן רוי־מאַטעריאַל אין דער צפון־קאָמונע. מיר האָבן געהאַט דאָס רעכט צו קאָנפיסקירן יעדן רוי־מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן געפונען ווו נישט איז. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז איך אָדער לוקאָנין האָבן זיך אָנגעשטויסן אין גאַס אויף אַ וואָגן מיט רויע פעל. אויב עס איז נישט געווען קיין דערלויבעניש פון דער מאַכט אויף דער פעל פלעגן מיר די סחורות קאָנפיסקירן און אָפּפירן אין אונדזער מאַגאַזין. אויף אונדז איז אויך אַרויפגעלייגט געוואָרן אָפּצוהיטן די פאַבריקן, וואָס די באַלעבאַטים האָבן געלאָזט אויף הפקר, אַז זייער פאַרמעגן זאָל נישט צעשלעפּט ווערן. אין יענער צייט האָט זיך אין פּעטראָגראַד, ווי אין אַלע שטעט, פאַרשפּרייט די פּלאָג פון אינדיווידועלן אַנאַרכיזם, אַז ס'איז כלומרשט הפקר און מען קאָן אַלץ צונעמען פאַרן אייגענעם געברויך. מיר האָבן איבערגענומען אונטער אונדזער אויפזיכט די פאַבריק פון פאַראַמאָנאָוו, וואָס איר באַלעבאָס האָט זיך פון איר אָפּגעזאָגט און די אַרבעטער זענען פון דאָרט אַוועק. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין דער פאַבריק האָט אַ שייקע אַנאַרכיסטן זיך פאַרלייגט אַ נעסט און זיי פאַרקויפן אויס דאָס פאַרמעגן פון דער פאַבריק אויפן שוואַרצן מאַרק. לוקאָנין און איך זענען אַהינגעפאָרן און דאָרט געטראָפן אַ גרופּע פון פיר און צוואָנציק מאַן, ס'רוב מאַטראָסן, וואָס האָבן געלעבט אַ גוטן טאָג, אינדערצייט, וואָס מיר אַלע זענען געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ שטיקל ברויט. פאַרשטענדלעך, אַז עס זענען דאָרט געשטאַנען אין אַ ווינקל 24 ביקסן. די מאַטראָסן האָבן אונדז גוט אויפגענומען און אפילו איינגעלאַדן אויף אַ גאַנץ־גוטן מיטאָג, וואָס עס האָט דערלאַנגט אַ טיפּישער קוכער, אַ פעטער און רויטער מאַטראָס. אַ לענגערע צייט האָבן מיר מיט זיי געפירט אונטערהאַנדלונגען זיי זאָלן פאַרלאָזן די פאַבריק, ווייל זי איז דאָס אייגנטום פון פאָלק און פון דער מלוכה. זיי האָבן אונדז געענטפערט, אַז זיי האַלטן אויך אַזוי: די פאַבריק געהער טאַקע צום פאָלק, דערפאַר מעגן זיי אַלץ פאַרקויפן פאַר זייער טובה וועגן, ווייל זיי זענען דאָך אויך אַ טייל פון פאָלק. האָבן מיר געזאָגט, אויב אַזוי, קומט דאָך אונדז אויך אַ טייל פון פאַרמעגן. זיי זענען מסכים געווען און אונדז פאַרגעלייגט מיר זאָלן זיך צו זיי אַריבערקלייבן און לעבן מיט זיי צוזאַמען. ווען מיר האָבן זיי געפרעגט, ווי קאָן עס דאָס גאַנצע פאָלק קומען אין דער פאַבריק, האָבן מיר שוין נישט באַקומען קיין תשובה. ס'איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי ווענדן זיך צו דער פעטראָגראַדער מיליץ, וועלכע

האָט זיי פון דאָרט פאַרטריבן מיט כוח און מיר האָבן דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ באַוואָפנטע וואַך.

מיר האָבן געהאַט פינף שרייב־מאַשיניסטינס. צוערשט האָב איך געשריבן אַלץ אַליין, אָן דער הילף פון אַ מאַשיניסטין. ווען איך האָב געדאַרפט אויסוויילן פאַר מיר אַ מאַשיניסטין, האָב איך יעדער פון זיי געגעבן אַן אָנגעשריבן פּאַפּיר, פול מיט נאַרישקייטן און אויסטראַכטענישן. פיר פון זיי האָבן געבראַכט דעם בריוו איבערגעשריבן מיט דער גרעסטער גענויקייט, שיין און ריין. נאָר איינע פון זיי האָט געזאָגט, אַז זי קען נישט איבערשרייבן אַזאַ בריוו, ווייל זי פאַרשטייט נישט דעם אינהאַלט. ס'זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס מיינען, אַז די מאַשיניסטין דאַרף זיין געגליכן צו דער מאַשין אויף וועלכער זי שרייבט און זי דאַרף גאָרנישט אַריינטראַכטן זיך אין אינהאַלט פון בריוו. איך האָב אַנדערש געטראַכט און אויסגעקליבן די לעצטע. קיינמאָל האָב איך אויף דעם נישט חרטה געהאַט.

איך האָב אָנגעהויבן קאָנטראָלירן די בוכהאַלטעריע־חשבונות. כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף די פאַלן, וואָס געוויסע פאַרטיקע פּראָדוקטן זענען נישט אי־בערגעגעבן געוואָרן דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, נאָר גלייך צו די קאָנסומענטן. פאַר אַ פּאָר שיך פלעגט דער קאָנסומענט באַצאָלן איין רובל קעגן אַ טאַלאָן. מיר האָבן אָפּגעשאַפט דעם מנהג פון אינדיווידועלער פּראָטעקציע. אין די ביכער האָבן נישט פיגורירט די סומעס פון דעטאַלן פאַרקויף, וואָס האָט באַטראָפן אין די טויזנטער רובלס. איך האָב חושד געווען דעם אָנפירער פון פריערדיקן קאָמיטעט, וואָס איז פאַרבליבן ביי אונדז אַרבעטן, אַז דאָס געלט איז פאַרבליבן אין זיין קעשענע. איך האָב אים פאַרבעטן אין אָמט אויף אַ געשפּרעך. איך האָב, ווייזט אויס, נישט געהאַט קיין דערפאַרונג פון אַן אויספאָרשונג־ריכטער. אין באַשטימטן טאָג איז ער נישט געקומען צו דער אַרבעט. איך האָב צו אים געשיקט אַ שליח אין שטוב אים צו ברענגען, דער שליח האָט איבערגעגעבן, אַז יענער איז נעלם געוואָרן פון שטאָט. כ'האָב זיך משער געווען, אַז סאָמאָצוויעטאָוו, דער מיטגליד פון פריערדיקן און איצטיקן קאָמיטעט, איז אויך געווען פאַרמישט אין דעם ענין. אָבער קיין קלאָרע באַווייזן קעגן אים האָב איך נישט געהאַט. וועגן דעם האָב איך איבערגעגעבן לוקאָנינען און מיר האָבן צווישן זיך באַשלאָסן צו באַזייטיקן סאָמאָצוויעטאָוון פון קאָמיטעט ביי די קומענדיקע וואַלן.

איך האָב געאַרבעט אין „ראַיקאָזש" מיט גרויס איבערגעגעבנקייט. איך בין געווען פאַרנומען פון אינדערפרי ביז שפּעט ביינאַכט. ס'זענען געווען טעג, ווען איך פלעג אַרויסגיין פון שטוב אינדערפרי בעת מיין אַכטיאָריק טעכטערל עתליה איז נאָך געשלאָפן און צוריקגעקומען ווען זי איז שוין ווידער געשלאָפן, און כ'האָב זי נישט געזען אַ גאַנצע וואָך. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז איינמאָל האָט זי מיר געגעבן אַן „אולטימאַטום", אַז זי וועט מער נישט פאַרטראָגן אַזאַ מצב. האָב איך

זיך דעריבער באַמיט צו קומען פריער, איידער זי גייט שלאָפן, כדי איך זאָל זיך קאָנען מיט איר שפּילן.

אָנהייב פעברואַר איז פאָרגעקומען אין בנין פון בילדונגס־מיניסטעריום אויף פּאָנטאַנקע־גאַס אַ פאַרזאַמלונג פון אַקטיוו פון אַלע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. די פאַרזאַמלונג איז צונויפגערופן געוואָרן דורך די באַפולמעכטיקטע פון דעם קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים, דימאַנשטיין און דאָבקאָווסקי. דאָבקאָווסקי האָט רעפערירט וועגן די אויפגאַבן פון דעם קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורמישע דיסקוסיע צווישן די באָלשעוויקעס און די לינקע ס.ר.'ן פון איין זייט, און פון די בונדיסטן און „פאַראייניקטע" פון דער צווייטער זייט. די בונדיסטן און „פאַראייניקטע" האָבן פאָרגעוואָרפן די באָלשעוויקעס פאַרוואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט נישט אָנפרעגנדיק די אַרבעטער; פאַרוואָס האָבן זיי פונאַנדערגעלאָזן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג; פאַרוואָס זיי האָבן פונאַנדערגעטריבן די דעמאָנסטראַציע דעם 5־טן יאַנואַר, וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן נישט געזעצלעכן פונאַנדערלאָזן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג א.א.וו. זיי האָבן אינגאַנצן נישט געפּרוווט באַהאַנדלען די וועזנטלעכע פראַגן פון די יידישע אַרבעטער און זייערע ענינים, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין רעזולטאַט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

איך האָב זיך אויך באַטייליקט אין וויכוח. די עיקרדיקע פראַגע — האָב איך געזאָגט — איז, ווי איינצופלאַנצן דעם קאָמוניזם צווישן די יידישע אַרבעטער און וואָס ברענגט דער קאָמוניזם פאַר די יידישע מאַסן. די פּאַרטיי פּועלי־ציון איז נישט קיין באָלשעוויסטישע, ס'זענען אָבער אין איר דאָ אַ סך מיטגלידער, וואָס זענען גענייגט צום באָלשעוויזם. מען וואָלט געדאַרפט זיך ווענדן צו די יידישע אַרבעטער און פרעגן זיי, ווי זיי שטעלן זיך פאַר די אַרבעט פון דער נייער מאַכט צווישן די יידישע אַרבעטער. מ'קאָן נישט איינפירן קיין קאָמוניזם פון אויבן אַראָפּ, פון סמאָלני אינסטיטוט ביז דער יידישער גאַס, נאָר פאַרקערט: מען דאַרף קומען צו די יידישע אַרבעטער און זיי דערציען — צופירן צום סמאָלני. נישט די קאָמיסאַרן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן פון אויבן, וועלן איינפלאַנצן דעם קאָמוניזם אויף דער יידישער גאַס. מען דאַרף צונויפרופן די יידישע אַרבעטער, זיי זאָלן אַליין אויסוויילן זייערע פאָרשטייער אין די סאָוויעטן און סאָוונאַרקאָם.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט זיך דערהערט אַ קלונג אין מיין טעלעפאָן. איך האָב אויפגעהויבן דאָס טרייבל:

— ווער רעדט?

אַ פרויען־שטים האָט געענטפערט:

— מען רעדט פון סאָוונאַרקאָם.

— ווער ?

— די סעקרעטאַרין פון קאָמיסאַר יפה (קאָמיסאַר פאַר אויסלאַנד־ענינים).

— וואָס איז זיין פאַרלאַנג ?

— צי וואָלט איר גרייט געווען איבערצונעמען די אָנפירונג מיטן קאָמי־סאַריאַט פאַר יידישע ענינים ?

— איך דאַרף גלייך געבן אַן ענטפער ?

— יאָ.

— צי איז דאָס אַן אָפיציעלער פאָרשלאַג, אָדער אַ פּערזענלעכער ?

— דער פאָרשלאַג איז נישט קיין אָפיציעלער נאָר אַן אָפּיציאָזער.

— איך קען נישט ענטפערן אויף מיין אייגענער אחריות, איך מוז וועגן דעם אָנפרעגן ביי אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט.

— איז ווי מיינט איר, וואָסער תשובה איז צו דערוואַרטן פון צענטראַל־קאָמיטעט ?

— איך מיין, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט וועט נישט אָננעמען דעם פאָרשלאַג.

— אין אַזאַ פאַל, צי איז נישט מעגלעך איר זאָלט אַרויסטרעטן פון דער פּאַרטיי און אָננעמען דעם אַמט פּערזענלעך ?

— ניין, דאָס איז נישט מעגלעך !

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט טאַקע נישט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, הגם ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז געוווּנטשן און נייטיק מיר זאָלן בדרך כלל מיטאַרבעטן מיט די באָלשעוויקעס, אָבער דעם אַמט פון אַ קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים טאָר מען נישט אָננעמען, ווייל אונדזער גאַנג איז נישט צו ווערן נאָמינירט — מען דאַרף פרעגן די יידישע אַרבעטער גופא ווער ס׳זאָל אין זייער נאָמען אַמטירן.

אין יענע טעג איז אַרויף אויפן סדר־היום די פראַגע פון אַ שלום־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד. די דייטשן האָבן צוגעשיקט זייער פּראָיעקט פון שלום־אָפּמאַך און געפאָדערט אויף אַן אולטימאַטיוון אופן, אַז דער סאָוונאַרקאָם זאָל אים אונ־טערשרייבן. אין דער גוזעלשאַפטלעכקייט האָט זיך אויפגעהויבן אַ הייסער וויכוח וועגן דער פראַגע. לענין האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אומבאַדינגט אונטערשרייבן דעם אָפּמאַך, ווייל אויב די מלחמה וועט זיך פאַרציען דראָט אַ סכנה דער רעוואָ־לוציע און דער אַרבעטער־מאַכט. ס׳איז נייטיק אַן אָטעם־פּויזע, כדי צו קאָנען אָנזאַמלען כוחות, צו קאָנען אָרגאַניזירן זיך און אָרגאַניזירן די מלוכה. דערווייל וועט דער דייטשישער אַרבעטער זיך רעוואָלוציאָניזירן און ס׳וועט אויסברעכן

אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. די מערהייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט געהאַלטן מיט לענינען, בלויז איין גרופּע, מיט בוכאַרינען בראש, האָט זיך מיט אַלע כוחות אַנטקעגנגעשטעלט דער ראַטיפיקאַציע פון שלום־אָפּמאַך. מען האָט דער גרופּע דערלויבט אַרויסצוגעבן אַן אייגענע ציַיטונג א. נ. „קאָמוניסט״. אַלע איבעריקע פּאַרטייען זענען געווען קעגן ראַטיפיצירן דעם שלום־אָפּמאַך — צוליב פאַרשידענע מאָטיוון. די מענשעוויקעס, ס.ד. און ס.ר. (רעכטע) האָבן גע־האָפט, אַז די פאַרלענגערונג פון דער מלחמה וועט גורם זיין צו אַ מפּלה פון דער סאָוויעטישער מאַכט. די לינקע ס.ר.׳ן, דאָס רוב יונגע מענטשן מיט צעהיצטע קעפּ, צוזאַמען מיט זייערע פירער מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ, קאַמקאָוו־כץ, דער אַלטער נאַטאַנזאָן, האָבן זיך דערמאָנט אין זייער טעראָריסטישער טראַדיציע און געוואָלט אויספּרוּוון זייערע כוחות אין אַ פּאַרטיזאַנישן קאַמף. די אינטערנאַציאָ־נאַליסטן, מיר אויך צווישן זיי, האָבן געמיינט, אַז דאָס אָפּטרעטן פון אונדזער מיליטער אַפילו ביז אוראַל, קאָן נישט זיין קיין סכנה פאַר דער רעוואָלוציע, ווייל ס׳איז דאָ וווהין אָפּצוטרעטן און די באַנייטע דייטשישע אָפענסיווע וועט צואיילן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. דאַקעגן וועט דער שלום מיט דייטשלאַנד, וואָס וועט אָן ספק אויסברייטערן אירע גרענעצן, פאַרשטאַרקן איר מיליטערישן פּאָטענציאַל און פאַרגרעסערן דעם רושם פון די דאָזיקע נצחונות אָן אַ קאַמף אויף די דייטשישע אַרבעטער, וואָס קאָן גורם זיין אָפּצורוקן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד אויף אַ לענגערער צייט. די געשיכטע האָט אָבער געפּסקנט דעם וויכוח לטובת לענינס שטעלונג.

די דייטשן האָבן אַ געוויסע צייט געוואַרט אויף דעם ענטפער פון דער סאָוויעטישער מאַכט און גלייכצייטיק האָבן זיי קאָנצענטרירט זייערע כוחות צו אַ נייער אָפענסיווע. טראָצקי האָט געוואָרפן די לאָזונג: — „נישט שלום, נישט מלחמה״. זיין „אויסגעשטרעקטע האַנט צו שלום״ איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום דייטשישן אַרבעטער, אָבער דייטשלאַנד האָט זיך נאָך געפונען אין די הענט פון קייסער ווילהעלם און יענער האָט זיך געגרייט צו אַן אָפענסיווע. אָנהייב פעברואַר איז דאָס דייטשישע מילי־טער אַריבער אין אַן אָפענסיווע און אָן גרויסע אָנשטרענגונגען האָט עס פאַר־נומען דווינסק, פּסקאָוו, און ביסלעכווייז זיך דערנענטערט צו פּעטראָגראַד — ביז אַ מהלך פון 40 וויאָרסט פון דער שטאָט, ביי דער באַן־סטאַציע סיווערסקאַיאַ, אויפן פּעטראָגראַדער מאַגיסטראַל. אין די דאָזיקע אומשטענדן האָט דער סאָוו־נאַרקאָם זיך געווענדט צו דייטשלאַנד וועגן אַ שלום און דערקלערט קיין בריסק קאַראַכאַנען, אונטערצושרייבן דעם שלום־אָפּמאַך, אַפילו נישט לייענענדיק אים. דערנאָך האָט דער סאָוונאַרקאָם צונויפגערופן די פערטע קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן, כדי זי זאָל באַשטעטיקן דעם שלום־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד.

אין דער צייט פון דער דייטשישער בלאָקאַדע פון פעטראָגראַד האָט זיך אין שטאָט געשאַפן אַ גרויסע באַוועגונג פון אַ פרייוויליקער מאָביליזאַציע אין מיליטער. צווישן די אַרבעטער איז געווען אַ גרויסער ענטוזיאַזם און די מערהייט פון זיי האָט אויסגעדריקט איר פאַרלאַנג צו פאַרטיידיקן זייער שטאָט. איך האָב זיך אויך געווענדט צום „ראַיקאָזש” און געפאָדערט מען זאָל מיך מאָביליזירן. מיין בקשה איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

אין חודש פעברואַר האָט דער סאָוונאַרקאָם באַשלאָסן איינצופירן אין רוסלאַנד דעם אייראָפּעישן קאַלענדאַר. דער אונטערשיד פון רוסישן קאַלענדאַר, — דעם יוליאַנער, און דעם אייראָפּעישן — דעם גרעגאָריאַנער האָט אויסגעמאַכט 13 טעג. דער סאָוונאַרקאָם האָט באַשלאָסן איינצופירן די נייע צייט פון 15־טן פעברואַר. אין דעם טאָג האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן דעם 15־טן פעברואַר און אויפגעשטאַנען — צומאָרגנס אינדערפרי — דעם ערשטן מערץ. אַזוי זענען איבערגערוקט געוואָרן אַלע דעמאָלטיקע היסטאָרישע דאַטעס אויף 13 טעג. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען דעם 25־טן אָקטאָבער, אָבער מיר פייערן דעם טאָג פון דער רעוואָלוציע — דעם 7־טן נאָוועמבער; באָראָכאָוו איז גע־שטאָרבן דעם פערטן דעצעמבער, אָבער דעם אָנדענק־טאָג פון זיין טויט אָרדענען מיר איין יעדעס יאָר דעם 17־טן דעצעמבער.

די פערטע קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן איז באַשטימט געוואָרן אויפן 14־טן מערץ לויט דעם נייעם קאַלענדאַר. אויפן סדר־היום פון דער קאָנפערענץ האָט דער סאָוונאַרקאָם אַוועקגעשטעלט אויך די פראַגע וועגן באַשטימען מאָסקווע אַלס די הויפּטשטאָט, אָנשטאָט פּעטראָגראַד. די מאָטיוון דערצו זענען געווען זייער קאָנקרעטע. פּעטראָגראַד איז געווען צו נאָענט צו דער פינלענדישער גרע־נעץ. זי ליגט אויפן ראַנד פון דער מלוכה און נישט אין צענטער און ס׳איז שווער געווען אָנצופירן מיט אַזאַ גרויסער מדינה פון אַ ראַנד־צענטער. צוליב דער צעפאָרנקייט פון טראַנספּאָרט אין יענער צייט איז פּעטראָגראַד כסדר געווען אין אַ סכנה אָפּגעריסן צו ווערן פון דער גאַנצער מדינה הן עקאָנאָמיש און הן אַדמיניסטראַטיוו.

איך האָב געזאָלט פאָרן קיין מאָסקווע אויף דער פערטער קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן. אויף דער צייט איז באַשטימט געוואָרן צונויפצורופן קיין מאָס־קווע אויך די קאָנפערענץ פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די לעדער־אַרבע־טער און אַלס מיטגליד פון דער אָנפירערשאַפט פון דעם פאַריין אין פּעטראָגראַד האָב איך זיך געדאַרפט באַטייליקן אויך אין דער קאָנפערענץ. ס׳איז געווען קלאָר, אַז אויב דער צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן וועט נישט באַשטעטיקן דעם שלום־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד, וועלן די דייטשן אַריינטרעטן קיין פּעטראָגראַד גלייך

נאָכן באַקומען דעם אָפּזאָג. אמת, מען האָט זיך געקאָנט משער זיין, אַז דער צוזאַמענפאַר פון די סאָוויעטן וועט באַשטעטיקן דעם שלום־אָפּמאַך, פונדעסטוועגן איז מען נישט געווען אינגאַנצן זיכער, ווייל אַלע פאַרטייען און אויך אַ טייל פון די באָלשעוויקעס זענען געווען קעגן דער ראַטיפיקאַציע. ס'איז אַלזאָ געווען אַ סכנה, אַז פעטראָגראַד קאָן ווערן אָפּגעריסן פון רוסלאַנד און אַרונטערפאַלן אונטער דייטשישער אָקופּאַציע. אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך דאַן געפונען אין דריי ערטער: אין מאָסקווע, אין קיעוו (דער סעקרעטאַריאַט) און אין פעטראָגראַד. באַרו און איך זענען לכתחילה געווען די פּאָליטישע פאַרשטייערשאַפט אין פעטראָגראַד. באַרו, וועלכער האָט געוווינט ביי מיר, איז געווען אַן ענערגישער מענטש, ער האָט אָבער קיינמאָל נישט מקפּיד געווען אויף אָרדענונג און ער פלעגט דערפאַר אַרויסרופן פאַרדרוס ביי סאַבינען. אין דעצעמבער איז באַרו אַוועקגעפאָרן קיין דרום־רוסלאַנד און איך בין געבליבן דער איינציקער פאַר־שטייער אין פעטראָגראַד. צוליב דער סכנה פון קאָנען אָפּגעריסן ווערן האָב איך געהאַלטן פאַר מיין חוב אָפּצוגעבן אַ באַריכט פון מיין אַרבעט דעם סעקרעטאַריאַט אין קיעוו, און איך האָב אַוועקגעשיקט צו די חברים אַ גענויעם בריוו, אַ גאַנץ עמאַציאָנעלן, מיט געזעגענונגען און ווונטשן. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער בריוו זאָל טאַקע קומען צו דער צייט, ווייל מיר האָבן זיך טאַקע צעשיידט אויף אַ לענגערער צייט, אָבער נישט איך בין אָפּגעריסן געוואָרן פון די חברים פון דרום־רוסלאַנד און קיעוו, נאָר זיי זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון מיר און פון צענטראַל־רוסלאַנד, ווייל זיי זענען לויטן שלום־אָפּמאַך געבליבן אויף אוקראַאינע, וואָס איז געוואָרן אָקופּירט דורך די דייטשן. ווען איך האָב זיך אין אַ צייט אַרום געטראָפן מיט באַרו אין מאָסקווע, האָט ער מיר דערציילט וואָס עס קומט פאָר אין דרום־רוסלאַנד, באַזונדערס וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַאינע. דער בירגער־קריג איז שוין אין יענער צייט געווען אין פולן ברען. אויף דרום האָט זיך קאָנ־צענטרירט דאָס ווייסע מיליטער אונטער דער אָנפירונג פון קאָרנילאָוון. די קאָזאַקן האָבן זיך אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קראַסנאָוו. באַרו האָט אודז דערציילט, אַז די הײדאַמאַקעס און די „ווייסע" נעמען אַראָפּ פון די באַנען אַלע וואָס האָבן אַ יידישן אויסזען און דערהרגענען זיי אויפן אָרט. ער אַליין איז געפאָרן מיט נאָך אַ חבר אין באַן און זיי זענען ספּעציעל געזעסן אין באַזונדערע וואַגאָנעס, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן צוזאַמען אין די הענט פון די הײדאַמאַקעס. באַרו, וואָס האָט אויסערלעך נישט אויסגעזען ווי אַ ייד, איז געבליבן לעבן, אָבער זיין חבר איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון באַן און דערהרגעט געוואָרן.

איך האָב נאָך אַלץ מורא געהאַט טאָמער וועל איך בלייבן שטעקן אין מאָסקווע און וועל נישט באַוויזן זיך אומצוקערן אין פעטראָגראַד, אויב די דייטשן וועלן זי פאַרנעמען, אין פאַל ווען דער צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן וועט נישט

ראַטיפיצירן דעם שלום־אָפּמאַך. אויף אַרויסצופאָרן פון פּעטראָגראַד איז דאַן בייטיק געווען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער מאַכט. איך האָב באַקומען צוויי דערלויבענישן אויף מיין נאָמען פון ביידע אינסטיטוציעס, אין נאָמען פון וועלכע איך האָב געזאָלט פאָרן קיין מאָסקווע: פון ראַט פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט און פון דעם צענטראַלן עקזעקוטיוו פון די סאָוויעטן. בישט ווייט פון מיר האָט דאַן געוווינט אונדזער חבר ה. אַרשאַווסקי, וואָס איז געווען אַ גוטער חבר פון באָראָכאָוון און האָט אים ליב געהאַט בלב ונפש. אין די ערשטע יאָרן פון דער באַוועגונג איז ער געווען אַקטיוו אין דער פּאַרטיי און האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור אויף רוסיש וועגן „די הויפּט־פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם", אונטערן פּסעוודאָנים אהרונאָוו. איך האָב אים אויך איינגעלאַדן צו באַטייליקן זיך אין דער „כראָניקאַ" און די לייט־אַרטיקלען פלעגן מיר שרייבן, בייטנדיק זיך ביידע.

האָב איך אַרשאַווסקין איבערגעגעבן איינע פון מיינע אַרויספאָר־דערלויבענישן (פּראָפּוסק) און אים געבעטן, אַז אויב מען וועט פון מיר באַקומען אַ טעלעפאָנישע ידיעה, אַז דער צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן האָט נישט ראַטיפיצירט דעם שלום־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד, זאָל ער גלייך נעמען מיין פרוי מיט דער טאָכטער און אַדאַנק מיין דערלויבעניש וואָס ער האָט, וועט ער באַקומען די בייטיקע הילף אַרויסצופאָרן קיין מאָסקווע. דערנאָך בין איך אַרויסגעפאָרן פון פּעטראָגראַד און אין דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט אָנגעקומען קיין מאָסקווע מיט דער זיכערקייט אין האַרצן, אַז דער גורל פון מיין משפחה איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זיכערע הענט. און אָט האָב איך זיך אין אַן אָוונט געטראָפן מיט חברים, וועלכע האָבן מיר דערציילט, אַז זיי האָבן געזען אַרשאַווסקין אין מאָסקווע. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַרשאַווסקי איז אַרויסגעפאָרן קיין מאָסקווע נאָך פריער פאַר מיר און דער פאַקט האָט מיך שטאַרק געטראָפן. איך האָב באַשלאָסן אים אָנצולערנען. איך האָב זיך געפרעגט ווו ער שטייט איין; מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַ צימער אין האָטעל „פּלאָרענציאַ", ווו עס זענען איינגעשטאַנען די חברים פון דער צענטראַלער עקזעקוטיווע פון די סאָוויעטן. האָב איך אָנגעקלינגען אין האָטעל און געפרעגט זיך אויף אַרשאַווסקין. מען האָט מיר געענטפערט, אַז אַזאַ איז דאָרט נישטאָ. איך האָב זיך נישט פאַרלוירן און געפרעגט צי איז דאָרט פאַראַן אַ חבר פון דער צענטראַלער עקזעקוטיווע ראַפּאַלקעס. באַקומענדיק אַ פּאָזיטיוון ענטפער, בין איך גלייך אַוועקגעפאָרן אין האָטעל. ווען איך בין אַהין געקומען איז אַרשאַווסקי נישט געווען. איך האָב געבעטן מען זאָל מיר ווייזן דעם צימער, וואָס עס האָט פאַר מיר פאַרנומען מיין „סעקרעטאַר" אַרשאַווסקי. ווען מען האָט מיר געוויזן דאָס צימער האָב איך געבעטן איבערגעבן מיין „סעקרעטאַר", אַז ער זאָל פאַר זיך אויסזוכן אַן אַנדערן, ווייל דאָס צימער געפעלט מיר. ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון האָטעל, האָב איך ענדלעך געטראָפן

אַרשאַווסקין. איך האָב אים געזאָגט מיט אַ שמייכל, אַז איך דאַנק אים, וואָס ער האָט זיך מטריח געווען און געפונען פאַר מיר אַ פיינעם צימער. אַרשאַווסקי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַ דערשטוינטער און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שוואַכער שטים: „אַ קליינע טובה קאָן מען אויך נישט האָבן פון אַ חבר"...

אויפן פערטן צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן, איז אונדזער פראַקציע באַשטאַנען פון דריי חברים: א. בערלינראַוט, אין נאָמען פון אונדזער צענטראַל קאָמיטעט, ד"ר ראַבינאָוויטש, אַלס מיטגליד פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון צוזאַמענפאָר, און איך, אַלס מיטגליד פון דער צענטראַלער עקזעקוטיווע. ד"ר ראַבינאָוויטש איז אויך געווען אונדזער איינציקער פאָרשטייער אין קאָמיטעט פון דער מאָסקווער קהילה. מיר אַלע דריי האָבן נאָר געהאַט באַראַטונגס־רעכט. די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון די געביטן וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורכן דייטש, האָט די מאַנדאַטן־קאָמיסיע געגעבן פולע שטים־רעכט. לויט דעם שליסל האָט צבי פרידלאַנד געדאַרפט באַקומען פולע שטים־רעכט, אַלס אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון מינסקער סאָוויעט. ער האָט אפילו נישט באַקומען קיין באַראַטונגס־רעכט.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן צוזאַמענפאָר האָט אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט באַשלאָסן צו שטיין אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט די אינטערנאַציאָנאַליסטן און אויף מיר מיטן חבר ראַבינאָוויטש איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דורכצופירן דעם באַשלוס. מיר האָבן באַקומען באַראַטונגס־רעכט אין דער פראַקציע פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן, און אַריינגעטראָגן עטלעכע אויסבעסערונגען צו דער דעקלאַראַציע, וואָס די פראַקציע האָט געזאָלט פאָרלייענען אויפן צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן, באַזונדערס צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. וועגן דעם טעקסט פון דער דעקלאַראַציע האָבן זיך געצויגן די באַהאַנדלונגען גאַנצע צוויי טעג און זי איז דורכן חבר אַווילאָוו געלייענט געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָר אין נאָמען פוןביידע פראַקציעס. אין תוך האָט די דעקלאַראַציע אונדז נישט באַפרידיקט. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין ברירה, ווייל אַרויסטרעטן זעלבשטענדיק, האָט געקענט נאָר אַ פראַקציע, וואָס האָט געציילט נישט ווייניקער פון 20 חברים.

דער טעקסט פון דער דעקלאַראַציע:

„1. די בריסקער שלום־באַדינגונגען פון דייטשיש־עסטרייכישן אימפּעריאַליזם, פאַרקנעכטן די פעלקער פון רוסלאַנד סיי פּאָליטיש, סיי עקאָנאָמיש, צו דייטשלאַנד און עסטרייך. פּוילן, לעטלאַנד, ליטע, עסטלאַנד, די קורסקער און באַטומער גובערניעס, גייען אַריבער אונטער דער הערשאַפט פון דער קאָאַליציע פון עסטרייך, דייטשלאַנד און טערקיי. דאָס רעכט פון די פעלקער אויף זעלבסט־באַשטימונג און אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע, זענען געוואָרן צונישט. גאַנצע פעלקער, דאָס יידישע, גרוזינישע, זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אויף רויב. און אַזוי איז אויך דער גורל פון די איבעריקע

גובערניעס, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך עסטרייך־דייטשלאַנד אין דער לעצטער אָפּענסיוו. דער באַדינג וואָס צווינגט אונדז צו אָנער־קענען דעם סעפּעראַטן שלום מיט דער צענטראַלער אוקראַינישער ראַדע, באַטייט נישט בלויז דאָס אָפּשאָפן פון דער ראַטנמאַכט אויף אוקראַינע, נאָר אויך די ליקווידאַציע פון רוב פון די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע. ער שטעלט אויף אַוועק צענטראַל־רוסלאַנד אין אַן אויסגאַנגלאָזן מצב, ווייל זי פאַרלירט דאָס אוקראַינישע ברויט און צוקער (דעם אַלרוסלענדישן עיקר־רעזער־וואַר פון אַפּראָוויזאַציע), זי פאַרלירט דעם דרומדיקן געביט, דעם געביט פון די שאַכטן, וואָס גיט רוסלאַנד פיר פינפטל פון גאַנצן אייזן און כמעט די גאַנצע קוילן, שוין אָפּגערעדט פון אַנדערע פּראָדוקטן, ווי וואָל, פעל, זאַלץ, כעמיקאַליעס, פליישׁ א.א.

די קאָנטריבוציע פון מיליאַרדן רובל וואָס איז אפשר נישט אָפן איינגע־שלאָסן געוואָרן אין שלום־אָפּמאַך, פאַרוואַנדלט די פעלקער פון רוסלאַנד אין קנעכט פון עסטרייך־דייטשישן אימפּעריאַליזם. אַזאַ קאָנטריבוציע באַטייט פאַר דעם פאַראָרעמטן און רוינירטן רוסלאַנד, פאַר אירע פעלקס־מאַסן, אַ לעבן אין אָרעמקייט און הונגער אויף פיל יאָרן. אויסער דעם, אַלס גאַראַנטיע פאַר דער קאָנטריבוציע — באַקומען דייטשלאַנד און עסטרייך די פאַקטישע מעגלעכקייט איבערצונעמען אונטער זייער אָנפירונג די מלוכהשע אונטערנעמונגען, דעם מלוכהשן פאַרמעגן (ווי באַנען, פאַבריקן, וועלדער, ערד־שטחים א. א. וו.).

דער האַנדלס־אָפּמאַך, וואָס בילדעט אַ נישט אָפּטיילבאַרן טייל פון שלום־אָפּמאַך פאַרזיכערט דייטשלאַנד און עסטרייך די מעגלעכקייט אַרויסצופירן רוי־שטאָפן און פאַרפלייצן רוסלאַנד מיט זייערע פּראָדוקטן, וואָס וועט אינגאַנצן רוינירן די רוסישע אינדוסטריע און צורויבן די אַרבעט ביי מאַסן אַרבעטער. פון דער אַנדערער זייט, איז געגעבן געוואָרן די עסטרייכיש־דייטשישע קאַפּיטאַליסטן דאָס רעכט און די מעגלעכקייט צו גרינדן אין רוסלאַנד פיליעס פון זייער האַנדלס־אינדוסטריע און קרעדיט־אונטערנעמונגען און אויך צו דערוועגן און אַריבער־פירן אויף זייער נאָמען רוסישע אונטערנעמונגען. די רעסטאַווראַציע פון דער בורזשואַזער אָרדענונג אויף אוקראַינע וועט אומפאַרמיידלעך דערפירן דערצו, אַז די קאַפּיטאַלן וועלן אַרויס פון דער סאָוויעטישער איינפלוס־ספערע, ווייל אויף אוקראַינע געפינען זיך קוילן־ און אייזן־שאַכטן, וואָס זענען נאָענט צו די ברעגן פון שוואַרצן ים. דאָס אַלץ צוזאַמען וועט אין אַ קורצער צייט דערפירן דערצו, אַז דעם גרויסן רוסלאַנד וועט שטענדיק דראָען אַן עקאָנאָמישע פאַראָרעמטקייט און אַן עקאָנאָמישע פאַרקנעכטונג צו דייטשלאַנד. אַלס פועל יוצא דערפון וועט אויך קומען אַ פּאָליטישע רעאַקציע, ווייל די ראַטנמאַכט וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּוסטער זאַך, אָן קיין שום באַשטימטן ספּעציעל־פּאָליטישן אינהאַלט.

2. די צאָל פאַרהעלטעניש צווישן די רוסישע מיליטערישע כוחות און די כוחות פון דער עסטרייכיש־דייטשישער קאָאַליציע און די פאָדערונג דורכ־צופירן אַן אַלגעמיינע דעמאָביליזאַציע פון אַלרוסלענדישן מיליטער, וואָס באַטייט דערפירן דאָס מיליטער צום צושטאַנד פון פרידנס־צייט און ליקווידירן די רויטע אַרמיי, — פאַרזיכערן עסטרייך־דייטשלאַנד די מעגלעכקייט צו צווינגען רוסלאַנד מיט כוח אויסצופירן אַלע באַדינגונגען פון שלום־אָפּמאַך דורך אָקופּירן נייע טעריטאָריעס, דורך שטראָף־עקספּעדיציעס און אָקופּאַציעס אין די גרענעצן פון דער מלוכה, וואָס דאָס איז שוין געשען אויף אוקראַינע. אָבער די לאָיאַלע אויס־פירונג פונעם שלום־אָפּמאַך דורך דער רוסישער רעגירונג וועט פאַרוואַנדלען די ראַטנמאַכט אין אַ געהאָרכזאַם געצייג פון עסטרייך־דייטשלאַנד, וואָס באַטייט אַ בהדרגהדיקן זעלבסטמאָרד פון דער רעוואָלוציע. יעדע ממשותדיקע אָפּנייגונג פון די התחייבותן, וואָס מיר וועלן אויף זיך נעמען און אפילו דאָס נישט גענויע אויספילן זיי וועט גורם זיין מיליטערישע סאַנקציעס. יעדעס קעגנשטעלן זיך אַזעלכע סאַנקציעס וועט נישט בלויז גאָרנישט געבן צוליבן מאַנגל אין רעגולער מיליטער און צוליבן פאַרטיזאַנישן כאַראַקטער פון די מיליטערישע אָנגריפן מצד רוסלאַנד, נאָר וועט נאָך פאַרערגערן די שלום־באַדינגונגען און וועט דערפירן צו אַ נאָך גרעסערער אויסשפּרייטונג פון דער עסטרייכיש־דייטשישער מאַכט און צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער בורזשואַזער רעאַקציע אין לאַנד. אויך קעגנשטעלן זיך אויף אַ רעגולערן און אָרגאַניזירטן אופן, ד. ה. אָנהייבן אַ נייע מלחמה, איז די ראַטנמאַכט נישט בכוח צוליבן פּערמאַנענטן מצב פון אינעווייי־ניקסטן בירגער־קריג און צוליב דער אַלגעמיינער מיליטערישער, פּאָליטישער און עקאָנאָמישער רויִנירונג. די שוועריקייטן פון דער ראַטנמאַכט וועלן אויך גרעסער, ווייל יאַפּאַן דראָט איינצונעמען סיביר און די קאָנטררעוואָלוציע הייבט אויף דעם קאָפּ. די דאָזיקע לאַגע איז פאַר דער ראַטנמאַכט אַן אויסגאַנגלאָזע. די פראַגע איז נאָר, אין וואָסער פאָרם ס׳וועט קומען די מפּלה. די האָפענונג אויף דער אונטערשטיצונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויף מערב ווערט אַלץ קלענער, ווייל דאָס עצם אונטערגעבן זיך פון דער אַלרוסלענדישער רעוואָ־לוציע דעם דייטשישן אימפּעריאַליזם איז אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער אינטער־נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע און פאַרן קאַמף פאַר אַן אַלגעמיינעם שלום.

3. דער איינציקער אויסוועג, וואָס קאָן אפשר אויסמיידן די רויִנירונג פון דער מלוכה און פון דער רעוואָלוציע איז — אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד קעגן די פאַרלאַנגען פון עסטרייכיש־דייטשן און ענגליש־יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם. אַזאַ ווידערשטאַנד איז מעגלעך בלויז מיטן באַדינג פון פאַראייניקן אַלע טיילן פון דער מלוכה און שאַפן אַ מאַכט, וואָס וועט קאָנען מאַכן אַ סוף צום בירגער־קריג אין די רייען פון דער דעמאָקראַטיע און וועט אָרגאַניזירן פונדאַסניי די עקאָנאָ־

מישע און מיליטערישע רעסורסן פון דער מלוכה. די ראַטנמאַכט — וואָס פּאַראַיי־ניקט אין זיך נאָר אַ טייל פון דער באַפעלקערונג, אין דער צייט, וואָס די איבע־ריקע טיילן באַציען זיך צו איר מיט גלייכגילטיקייט אָדער פיינטלעך — איז נישט מסוגל אויסצופילן די אָרגאַניזאַציאָנעלע, פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און מילי־טערישע אויפגאַבן. זי נעמט אויף זיך אויפגאַבן, וואָס זענען טיילווייז צעשטערע־רישע און טיילווייז לאָזן זיי זיך נישט פאַרווירקלעכן. דערפאַר פאַרלירט זי אַלץ מער און מער דעם צוטרוי פון די קרייזן, וואָס האָבן זי פריער געשטיצט. אַזאַ מאַכט איז, פאַרשטייט זיך, נישט מסוגל אַקעגנצושטעלן זיך דעם דרויסנדיקן שונא און דער אינעווייניקסטער קאָנטררעוואָלוציע. אַזאַ אויפגאַבע קאָן אויספירן נאָר אַ מאַכט, וואָס ווערט אונטערגעשטיצט דורך דער גאַנצער דעמאָקראַטיע. אַזאַ מאַכט וואָלט געקאָנט אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג און גלייכצייטיק אָפּהיטן די ממשותדיקע דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע — אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג, אַ פּאַקטישע פרייהייט צו נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג, פאַרזיכערונג פון דער ערד פאַר די פּויערים, מלוכהשע פּלאַנירונג פון דער אינדוסטריע, דעם אויסטויש און צוטיילונג פון פּראָדוקטן מיטן אָנטייל פון די אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס. מיר וועלן דאַרפן, פאַרשטייט זיך, אָפּזאָגן זיך פון פאַנטאַסטישע רעפאָר־מעס, וואָס זייער גאַנצער ווערט איז דורכאויס אַ נעגאַטיווער. אַזוי וועט מען אויך דאַרפן אָפּשאַפן געוויסע דערשיינונגען פון געוואַלדטאַטן, וואָס דערפירן נאָר צו אַנאַרכיע אין דער דעמאָקראַטיע גופא. מען דאַרף אָרגאַניזירן דאָס מילי־טער אויפן יסוד פון אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער באַוואָפענונג. מען דאַרף צוריק אויפשטעלן אַלע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, אין באַדינגונגען פון פולשטענ־דיקער פּאָליטישער פרייהייט.

4. אויפן סמך פון דעם, וואָס ס׳איז אויבן געזאָגט געוואָרן, דריקן אויס די פראַקציעס ר.ס.ד.ר.פּ., אינטערנאַציאָנאַליסטן און י.ס.ד.א.פּ. פּועלי־ציון זייער שאַרפן פּראָטעסט קעגן די שווערע באַדינגונגען פון שלום־אָפּמאַך, נעמען פון זיך אַראָפּ יעדע פּאָליטישע אחריות פאַרן אָננעמען דעם אָפּמאַך וואָס פאַלט אויף דער פאַראַנטוואָרטונג פון דער ראַטנמאַכט. די פראַקציעס דערקלערן אַז דער שלום, וואָס איז געחתמעט געוואָרן דורך די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען, וואָס געפינען זיך איצטער ביים רודער פון דער מאַכט און וואָס דריקן נישט אויס דעם ווילן פון דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד, קאָן נישט מחייב זיין דאָס גאַנצע פאָלק.

לויט דער מיינונג פון די פראַקציעס איז די פּאָליטישע אויפגאַבע אין איצטיקן מאָמענט צוזוטרעטן גלייך דורכצופירן אַלגעמיינע וואַלן פון אַ צענט־ראַלער מאַכט־אינסטאַנץ, לויט די פּרינציפּן פון 5 פּוסיקן וואַל־סיסטעם. ביז די וואַלן דאַרף געשאַפן ווערן אַ נייע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג אויפן

יסוד פון אַ הסכם צווישן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. מען דאַרף צוריק באַנייען די טעטיקייט פון אַלע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס — פון די שטעט, פון דער „זיעמסטוואָ" און פון די דערפער און דעקלאַרירן פולשטענדיקע פּאָליטישע פרייהייט. גלייכצייטיק דאַרפן געמאַכט ווערן אַלע אָנשטרענגונגען צונויפצורופן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניסטישן צוזאַמענפאָר צום קאַמף פאַר אַ דעמאָקראַטישן שלום. יעדעס אָפּזאָגן זיך פון גיין אויף דעם וועג באַטייט אַן אומפאַרמיידלעכן אונטערגאַנג פון דער רעוואָלוציע. דעריבער דערקלערן די פראַקציעס פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן און פון פּועלי־ציון, אַז זיי וועלן נישט שטיצן די איצטיקע רעגירונג און אין דער ערשטער ריי וועלן זיי שטרעבן ס'זאָלן דורכגעפירט ווערן נייע וואַלן פון אַלע סאָוויעטישע אָרגאַניזאַציעס".

אין נאָמען פון די לינקע ס.ר.׳ן איז אַרויסגעטראָטן דער קאָמיסאַר שטיינבערג און אין נאָמען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — לענין. לענין האָט גערעדט בערך אַ שעה צייט און איך בין זיך מודה, אַז ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. זעלטן טרעפט, אַז ביי אַן אינטעליגענטן מענטש, ביי וועלכן עס האָט זיך שוין אויסגעאַרבעט זיינס אַ מיינונג, ער זאָל ווערן איבערצייגט פון עמעצן, וואָס איז קעגן זיין מיינונג. די עקשנות, וואָס טרעט אַרויס אין די אָנשויאונגען פון דער אינטעליגענץ איז כמעט ווי אַן אַקסיאָמע. און אָט האָט לענין מיט זיין פשוטער און דערפאַר גאונישער לאָגיק געווירקט אויף מיר, דעם אינטעליגענט, אויף אַזויפיל, אז אין יענער נאַכט האָב איך כמעט נישט צוגעמאַכט קיין אויג, ווייל עס האָט מיך געמאַטערט דער געדאַנק: אפשר זענען מיר פאָרט זיך טועה און ער איז גערעכט. בדרך כלל געהער איך נישט צו די גוטע צוהערער, איך האָב נישט ליב צו הערן לאַנגע רעדעס. אָבער אין דעם פאַל האָב איך זיך צוגעהערט די גאַנצע צייט און נישט דורכגעלאָזן קיין איין וואָרט. ווי צופרידן בין איך געווען בעת דער אָפּשטימונג, וואָס איך האָב נישט געהאַט קיין שטימרעכט און בין פריי געווען פון שטימען, ווייל איך בין נישט געווען זיכער, אַז איך בין גערעכט.

מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען האָט דער צוזאַמענפאָר ראַטיפיצירט דעם שלום־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד. דעמאָלט האָבן די קאָמיסאַרן פון די לינקע ס.ר.׳ן דערקלערט, אַז זיי טרעטן אַרויס פון דער רעגירונג און זיי וועלן זי באַקעמפן מיט אַלע מיטלען, וואָס זיי האָבן אין זייער רשות. דאָס איז נישט געווען קיין פוסטע דעקלאַראַציע, ווייל פירן אַ פּאַרטיזאַנישן קאַמף און אַנווענדן טעראָרמיטלען האָבן די ס.ר.׳ן גוט געקענט.

אַ באַזונדערע דעלעגאַציע פון אוקראַינע איז געפאָרן קיין בריסק און געפירט דאָרט אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ סעפּאַראַטן שלום. אונדזערע חברים

אין קיעוו האָבן מודיע געווען דעם 11־טן יאַנואַר, אין טאָג, ווען ס׳איז דורכן פּערטן אוניווערסאַל דערקלערט געוואָרן די אַנטשטייונג פון דער אוקראַיִנישער זעלבשטענדיקער רעפּובליק, אַז זיי פּראָטעסטירן קעגן דער דעקלאַראַציע. זיי האָבן דערמאָנט, אַז דורכן דריטן אוניווערסאַל פון 7־טן נאָוועמבער איז דער־קלערט געוואָרן וועגן דער אַנטשטייונג פון דער אוקראַיִנישער רעפּובליק אַלס אַ טייל פון דער פעדעראַטיווער רוסלאַנד, און אַז זיי האַלטן אויך איצטער, אַז דאָס איז דער ריכטיקער וועג; אָבער אַ זעלבשטענדיקע אוקראַיִנע און אַ סעפּאַ־ראַטער שלום מיט דייטשלאַנד באַטייט אונטערגאַנג סיי פאַר אוקראַיִנע, סיי פאַר רוסלאַנד. די דעקלאַראַציע וועגן דער אַנטשטייונג פון אַ זעלבשטענדיקער אוק־ראַיִנישער רעפּובליק האָט דערפירט צו אַ מלחמה פון סאָוונאַרקאָם קעגן אוקראַיִ־נע, אַ מלחמה, וואָס האָט געבראַכט גרויס שאָדן פאַרביידע צדדים. נאָכן שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד איז אוקראַיִנע אייגנטלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דייטשישער קאָלאָניע, בראש מיטן העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי. פון דער צייט אָן זענען איבערגעריסן געוואָרן אַלע אונדזערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען מיט אונדזערע חברים אין אוקראַיִנע. אונדזער פּאַרטיי איז נאָך געווען טעטיק נאָר אין צענטראַל־רוסלאַנד, ווייל ווייסרוסלאַנד מיט איר הויפּטשטאָט מינסק איז לויט די שלום־באַדינגונגען מיט דייטשלאַנד אָפּגעריסן געוואָרן פון אונדז.

אין מערץ איז אין מאָסקווע פאַרגעקומען אַ באַראַטונג פון חברים פון צענטראַל־קאָמיטעט, אויף וועלכער ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ סעק־רעטאַריאַט פאַר צענטראַל־רוסלאַנד. אַלס באַפולמעכטיקטער אין דעם עקזעקוטיוו פון די סאָוויעטן, וואָס איז אַריבער קיין מאָסקווע, איז באַשטימט געוואָרן דער חבר בערלינראַוט און אַלס זיין פאַרטרעטער — באַרו. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אין מאָסקווע אַ יידישע צייטונג און אויך אַריבערפירן אהין די רוסישע צייטונג, ווייל מאָסקווע איז שוין פון דאַן אָן געווען די הויפּטשטאָט פון דער מדינה.

שוין דעם 9־טן פעברואַר האָט די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון דער יידישער אַלרוסלענדישער יידישער קאָנפערענץ באַשלאָסן, צוליב דעם בירגער־קריג, אָפּרופן דעם טערמין פון צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען דעם 17־טן פעברואַר.

רוסלאַנד איז שוין פאַקטיש דעמאָלט געווען צעטיילט אויף עטלעכע געביטן און נאָכן ראַטיפיצירן דעם שלום־אָפּמאַך איז שוין די צעטיילונג געווען אויך אַן אָפיציעלע. דעמאָלט איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפן אין פּעטראָ־גראַד א יידישן נאַציאָנאַלן ראַט. מיר זענען געווען קעגן דעם און פאָרגעלייגט צונויפצורופן די אויסגעוויילטע דעלעגאַטן, אויף וויפל זיי האָבן די מעגלעכקייט

צו קומען קיין פּעטראָגראַד אָדער מאָסקווע, זיי זאָלן אויסוויילן אַ צייטווייליקן יידישן נאַציאָנאַל־ראַט.

נאָכן פערטן ראַטן־צוזאַמענפאָר, איז דער צענטער פון פּאָליטישן לעבן אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין מאָסקווע. דער לעצטער נומער פון דער „יידישער אַרבעטער־כראָניק", דער נומער 25—26, איז דערשינען סוף מערץ און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט מיין אַרבעט אין דער דאָזיקער צייטונג. אמת, די צייטונג האָט זיך שוין לאַנג געראַנגלט פאַר איר קיום. פון יאַנואַר אָן פלעגט סאָבינע צוריקבאַקומען אַלע ארויסגעשיקטע צייטונגען מיטן אויפשריפט: „נישט איבער־געגעבן צוליב מלחמה־סיבות".

איך פלעג דאַן קומען נאָר אויף זיצונגען פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע צו דער יידישער קאָנפערענץ און אויך אויף די זיצונגען פון דער קהילה. פון צייט־צו־צייט פלעג איך פאָרן קיין מאָסקווע אויף די זיצונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

אויפן צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די לעדער־אַרבעטער, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין מאָסקווע, איז, נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט פון די פאָרשטייער פון פּעטראָגראַדער פאַריין, באַשלאָסן געוואָרן, אַריינצונעמען צוריק די באַזיצנדיקע עלעמענטן אין די קאָמיטעטן פון די אָרגאַ־ניזאַציעס פון דער לעדער־בראַנזשע. אויף אונדז איז אַלזאָ אַרויפגעלייגט געוואָרן דורכצופירן אַ רעאָרגאַניזאַציע פון אונדזער קאָמיטעט.

ווי געזאָגט האָב איך אין יענער צייט געאַרבעט אין „רייקאָזש". מיר האָבן געדאַרפט צונויפנעמען אַלע רוישטאָפן און פונאַנדערטיילן זיי צווישן די פאַבריקן. די פאָרשטייער פון די פאַבריקן פלעגן צו אונדז אָנגעבן ווענדונגען אויף רוי־שטאָפן. מיר האָבן געהאַט צוויי קאָנטראָלערן, וועלכע האָבן געדאַרפט אויספאָרשן דעם מצב אין די פאַבריקן און באַשטעטיקן אָדער אָפּוואַרפן די בקשות.

מיר האָבן באַזונדערס מורא געהאַט, אַז די רויע פעל זאָל נישט אַוועק אויפן שוואַרצן מאַרק, ווייל דער אונטערשיד אין די פרייזן איז געווען זייער אַ גרויסער. דער אָפיציעלער פּרייז פאַר אַ פוד האַרטע לעדער אויף זוילן איז געווען 160 רובל און אויפן שוואַרצן מאַרק איז דער פּרייז דערגאַנגען ביז 800 רובל. דורכן אַוועקשמוגלען דעם מאַטעריאַל אויפן שוואַרצן מאַרק האָט דער באַלעבאָס פון דער אונטערנעמונג געקאָנט פאַרדינען פאַנטאַסטישע סומעס. איך האָב באַמערקט, אַז אונדזערע קאָנטראָלערן זענען נישט פון די מעטשן, אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזן. ס'זענען געווען פאַלן, ווען זיי האָבן באַשטעטיקט בקשות און דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז נישטאָ קיין דעקונג אין פאַבריקאַטן אויף די צוגעטיילטע רוישטאָפן. צוליבן סאַבאָטאַזש פון דער אינטעליגענץ זענען

אָנגעקומען אַרבעטן אַלס באַאַמטע צווייפּלהאַפטע מענטשן. ס׳זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דערקלערט אַלס קאָמוניסטן און אין דער אמתן האָבן זיי קיין שום שייכות נישט געהאַט צו קיין שום סאָציאַליסטישער באַוועגונג. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וועלכע מען האָט גערופן „פּרימאַזאַניקי״, וואָס האָבן געשטרעבט צו מאַכן געלט ביי יעדער געלעגנהייט. אַזוי האָט זיך אויך צעוואַקסן די פּלאָג פון כאַבאַר אין דער מדינה. דערפאַר זענען מיר געווען זייער פאַרזיכטיק.

איינמאָל האָט זיך צו אונדז געווענדט אַ באַלעבאָס פון אַ פאַבריק מען זאָל אים צוטיילן טויזנט פּוד האַרטע לעדער. די ביטע אויף אַזאַ גרויסן סכום האָט אונדז אויסגעזען פאַרדעכטיק און נישט געקוקט אויף דער רעקאָמענדאַציע פון אונ־דזערעביידע קאָנטראָלערן האָבן מיר אָפּגעזאָגט. צומאָרגנס האָט צו מיר אָנגעקלונגען מיינער אַ ידיד, אַן אַדוואָקאַט, און האָט מיך געבעטן, איך זאָל זיך מיט אים טרעפן. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין אַ קאַפעהויז. מיין ידיד האָט מיר דערציילט, אַז אַ זייער באַוווּסטער אדוואָקאַט איז אַ באַפולמעכטיקטער פון דער פאַבריק, וואָס האָט ביי אונדז געבעטן די טויזנט פּוד האַרטע לעדער. יענער האָט אים איבערגעגעבן, אַז די פירמע וואָלט אָן שום ספק באַקומען די לעדער, ווען נישט איך. היות ראַפּאַלקעס איז דער, וואָס האַלט אָפּ דעם ענין, האָט יענער אים געבעטן משפיע צו זיין אויף מיר, איך זאָל נעמען כאַבאַר. דאָס וואָרט איז טאַקע נישט געזאָגט געוואָרן בפירוש, נאָר מיט אַ רמז, אין דער פאָרם, אַז די פירמע איז גרייט מיר צו געבן אַן אַדערויף פון 200 טויזנט רובל, אַז אין תוך איז דאָס נישט קיין פאַרברעכן, ווייל די באָלשעוויקעס וועלן סייווי נישט אָנהאַלטן מער ווי דריי חדשים און מיר וואָלטן דערווייל געקאָנט אויף אַזאַ אופן פאַרזיכערן זיך אויפן גאַנצן לעבן.

איך האָב מיט צאָרן אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג. איך האָב דערקלערט מיין ידיד, אַז צו אַזאַ נבזהדיקייט איז מסוגל נאָר דער, וואָס איז אַ פאַרברעכער און אַ געוויסנלאָזער מענטש פון דער נאַטור, און ווער ס׳היט אָפּ זיין נשמה, וועט אויסמיידן אַזאַ זאַך. מיט דעם האָט דער ענין זיך געענדיקט.

דער זעלביקער אַדוואָקאַט, מיין ידיד, איז געווען אַרבעטלאָז. אויף מיין רעקאָמענדאַציע האָט ער באַקומען אַ שטעלע אַלס סעקרעטאַר פון דער לעדער־סעקציע פון ראַט פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט אין פּעטראָגראַד. בראש פון דער אָפּטיילונג איז געשטאַנען מיין באַקאַנטער, פריד. און אָט איז געשען אַזאַ פאַל: מען האָט פרידן איבערגעגעבן צו ליקווידירן אַ סקלאַד פון שטעט־פאַרבאַנד. ביים דורכפירן די ליקווידאַציע האָט ער גענומען 40 טויזנט רובל כאַבאַר. מען האָט דורכגעפירט אַ רעוויזיע ביי אים אין שטוב, אָבער אים שוין נישט געכאַפּט, ווייל ער האָט באַוויזן צו אַנטלויפן. ווען דער סעקרעטאַר האָט זיך וועגן דעם דער־וווּסט, איז ער שוין נישט געקומען צו דער אַרבעט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט

ער צו מיר געקלונגען און געבעטן אַן עצה וואָס ער זאָל טאָן. איך האָב אים געענטפערט, אַז ווער עס עסט נישט קיין קנאַבל, דעם הערט זיך נישט פון מויל. ער האָט געדאַרפט אַן מורא קומען צו דער אַרבעט, אָבער איצט, ווען עס איז שוין געפאַלן אויף אים אַ חשד, צוליבן אויסבאַהאַלטן זיך, צווייפל איך, צי איך וועל קאָנען אים מיט עפּעס העלפן און די בעסטע עצה איז, אַז ער זאָל אויך אַנט־לויפן. ער האָט אַזוי געטאָן...

די רוישטאָפן האָבן מיר באַקומען בצימצום. פון פּעטראָגראַד גופא פלעגן מיר וויניק באַקומען און פון די פּראָווינץ־שטעט איז געווען שלעכט מיטן טראַנספּאָרט. דאָס מאַטעריאַל פלעגן מיר באַקומען נאָר אויפן סמך פון אַן אָרדער פון אויבערראַט אין מאָסקווע. אונדזערע פאַבריקן זענען געשטאַנען, די אַרבע־טער זענען געווען אַרבעטלאָז. מיט גרויס שוועריקייט האָבן מיר באַקומען אַן אָרדער פון אויבערראַט אויף דרייצן וואַגאָנעס האַרטע לעדער פון קאָזלאָוו, אין צענטראַל־רוסלאַנד. היות דער „סקאָראָכאָד", די גרעסטע פאַבריק אין שטאָט, איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער טראַנספּאָרט זאָל וואָס גיכער אָנקומען, האָט זי אונדז פאָרגעלייגט, אַז אירס אַ מענטש זאָל פאָרן מיט אונדזערע מענ־טשן און ער וועט צוהעלפן באַקומען דעם טראַנספּאָרט. מיר האָבן דאָס אָנגע־נומען.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אונדז צוגעשיקט געטאָן פון דער סטאַציע, אַז די וואַגאָנעס זענען אָנגעקומען. אָבער דער פּראַכט איז נישט אויס־געשטעלט אויף אונדז, נאָר אויף „סקאָראָכאָד", און 11 וואַגאָנעס פעל זענען שוין אַהין איבערגעפירט געוואָרן. איך האָב נאָך באַוויזן צו פאַרהאַלטן די לעצטע צוויי וואַגאָנעס. דער ענין איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער אָנפירונג. מיר האָבן איינגעלאַדן די באַפולמעכטיקטע פון „סקאָראָכאָד" און געפאָדערט אומצוקערן אונדז די 11 וואַגאָנעס, כדי צו צעטיילן זיי פּראָפּאָרציאָנעל צווישן אַלע פאַבריקן. די מענטשן פון „סקאָראָכאָד" האָבן נישט נאָר נישט אומגעקערט די 11 וואַגאָנעס, נאָר זיי זענען נאָך אויף אונדז אָנגעפאַלן, מען זאָל זיי געבן אַ חלק פון די לעצטע צוויי וואַגאָנעס, וואָס מיר האָבן באַשלאָסן פונאַנדערצוטיילן צווישן די איבעריקע פאַבריקן.

אין יענער צייט האָט געדאַרפט פאָרקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויסצוווילן פאָרשטייער פון פאַריין אין קאָמיטעט. איך האָב געוווּסט פון פאָרויס, אַז „סקאָראָכאָד" וועט איצט האָבן אַ גוטע געלעגנהייט נוקם צו זיין זיך אין מיר, ווייל נישט געקוקט וואָס אַ סך אַרבעטער זענען געווען באָלשעוויסטיש געשטימט, האָבן אָבער דאָך איבערגעוויגן די צעכיסטישע און אָפּטמאָל אפילו די אינדי־ווידואַליסטישע שטרעבונגען. לויטן אָנגענומענעם שליסל, האָבן יעדע פופציק מענטשן דעלעגירט זייערס אַ פאָרשטייער אויף דער פאַרזאַמלונג. „סקאָראָכאָד",

וואָס האָט געהאַט 4 טויזנט אַרבעטער, האָט זיך גוט אָרגאַניזירט און געשיקט אַכציק דעלעגאַטן, אָבער די קליינע פֿאַבריקלעך האָבן זיך נישט ווי געהעריק אָרגאַניזירט, און אויף דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג האָט „סקאָראָכאָד" געהאַט אַ מערהייט. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז איצט וועל איך אַרויספֿאַלן פֿון קאָמיטעט, ווייל איך האָב זיך נישט פֿאַרלאָזט אויפֿן געוויסן פֿון די אַרבעטער פֿון „סקאָראָ־כאָד". איך האָב אויך געוווּסט וועגן די אַנטיסעמיטישע שטימונגען, וואָס זענען גאַנץ שטאַרק געווען פֿאַרשפּרייט צווישן די אַרבעטער. איך האָב זיך אויך דער־וווּסט, אַז אַ סטודענט, אַ ייִד, וואָס איז געקומען פֿון דרום, דער שוואָגער פֿון פֿרידן, ראַזומאָוו, פֿירט אַן אַגיטאַציע קעגן מיין קאַנדידאַטור, כּדי צו פֿאַרנעמען מיין אָרט. איך האָב דייטלעך געזען, אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף פֿון מיין קאַריערע. איך האָב אָבער באַשלאָסן צו שטעמפּלען ביזן סוף דעם צעכיזם פֿון די „סקאָראָכאָד"־לייט און אויך זיך אָפּרעכענען מיט ראַזומאָוון.

געפֿירט האָט זיך, אַז ביים באַהאַנדלען אַ וועלכע ס'איז קאַנדידאַטור, טרעט אַרויס איינער פֿאַר און איינער קעגן און דערנאָך שטימט מען אָפּ. פֿאַר מיין קאַנדידאַטור איז אַרויסגעטראָטן דער פֿאָרזיצער לוקאַנין. פֿונדעסטוועגן בין איך נישט אויסגעוויילט געוואָרן. ווען ס'האָט געהאַלטן ביי ראַזומאָוון האָב איך באַ־שלאָסן אַרויסצוטרעטן פֿאַר זיין קאַנדידאַטור, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז וואָס מער איך וועל אים שטיצן, אַלץ קלענער וועלן זיין זיינע אויסזיכטן ער זאָל דורכגיין. און אַזוי איז טאַקע געשען. אפֿשר איז דאָס געווען נישט אַזוי אָרנטלעך, איך האָב אים אָבער גוט געקענט און געהאַלטן, אַז ער האָט פֿאַרדינט אַזאַ אָנלערנונג.

נאָך די וואַלן, ווען איך בין אַוועק פֿון „ראַיקאָש", האָט זיך צו מיר גע־ווענדט די נייע פֿאַרוואַלטונג איך זאָל בלייבן אַרבעטן אַלס אַלגעמיינער סעקרע־טאַר. ס'איז מיר נישט געווען אָנגענעם צו פֿאַרוואַנדלען זיך פֿון אַ געוויילטן פֿאַרשטייער אין אַ באַאַמטן, איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין ברירה און איינ־געגאַנגען אויף דעם פֿאָרשלאַג. איך האָב אָבער אַרויסגעשטעלט צוויי באַדינגונגען: דער ערשטער באַדינג איז געווען, מען זאָל מיר פֿאַרגרעסערן די שכירות, זי איז אין אַלגעמיין געווען זייער אַ נידעריקע. מיר פֿלעגן באַקומען טויזנט רובל אַ חודש, פֿאַר וועלכע מען האָט געקאָנט באַקומען אויפֿן שוואַרצן מאַרק 60 פֿונט ברויט. בין איך נאָך געווען פֿון די געוויילטע — האָב איך זיך געמוזט באַגנוגע־נען מיט דער סומע צוגלייך מיט אַלע מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג, אָבער איצט, אַז מען האָט מיך איינגעלאַדן אַלס „ספּעץ", האָב איך געהאַט רעכט צו באַקומען אַזאַ געהאַלט, ווי די ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן באַקומען אַ פֿיל גרעסערע שכירות. דער צווייטער באַדינג איז געווען, אַז קיין שום דאָקומענט וועט נישט אַרויסגעשיקט ווערן פֿון „ראַיקאָש" אָן מיין אונטערשריפֿט. איך האָב

געוווּסט, אַז אַלס סעקרעטאַר וועל איך זיין פאַראַנטוואָרטלעך לגבי דער מאַכט פאַר אַלע ענינים.

די פאַרוואַלטונג האָט מסכּים געווען אויפן ערשטן באַדינג, אויפן צווייטן איז זי אָבער נישט איינגעגאַנגען, ווייל זי האָט זיך געפילט פון אים געטראָפן און דער גאַנצער ענין איז געוואָרן צונישט.

ווען ס׳איז געוואָרן באַוווּסט אויף דער זיצונג פון ראַט די ענדערונג אין באַשטאַנד פון דער פאַרוואַלטונג און אַז איך פאַרלאָז די אַרבעט, האָט אַ פּאָר־שטייער פון די פאַבריקאַנטן פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל מיר אויסצאָלן אַלס קאָמ־פּענסאַציע פאַר אַ האַלבן חודש שכירות. איך האָב אויף דעם צוויסן געטאָן, אַז איך בין גרייט אָנצונעמען די קאָמפּענסאַציע אויב דער באַשלוס וועט זיין אַן איינשטימיקער. היות אַלע האָבן געשטימט פאַר דעם פאָרשלאַג, האָב איך באַ־קומען 500 רובל אַלס קאָמפּענסאַציע.

דערווייל בין איך געבליבן אָן אַרבעט. דער הונגער אין שטאָט איז אַלץ גרעסער געוואָרן. מיר פלעגן הונגערן גאַנצע טעג, נישט האָבנדיק קיין שטיקל ברויט. די גאַנצע באַפעלקערונג איז לויט דער שפּייז־צוטיילונג איינגעטיילט געוואָרן אויף פיר קאַטעגאָריעס. צו דער ערשטער קאַטעגאָריע זענען געווען פאַררעכנט די פיזישע אַרבעטער, צו דער צווייטער — די באַאַמטע פון די אָנ־שטאַלטן, צו דער דריטער — די איבעריקע אַרבעטנדיקע, צו דער פערטער — די נישט־אַרבעטנדיקע. די לעצטע קאַטעגאָריע האָט על פּי רוב גאָרנישט נישט באַקומען. איך בין געווען פאַררעכנט צו דער צווייטער קאַטעגאָריע און האָב באַקומען אַן אַכטל פונט ברויט (50 גראַם) אויף אַ פּערזאָן אַ טאָג. ביי מיר אין שטוב זענען געווען 7 נפשות: מיין פרוי, איך און די טאָכטער, מיין עלטערע שוועסטער מיטן קליינעם זון, אַ באַדינערין און אַן אויפזעערין פאַר די קינדער. מיר האָבן געהאַלטן געדונגענע מענטשן, ווייל מיין שוועסטער האָט געאַרבעט ביי אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג און סאַבינע האָט געאַרבעט אַלס דענטיסטין. אָבער אַלע זענען מיר געווען הונגעריקע. איינמאָל האָט זיך מיין טאָכטער באַקלאָגט אויף וויטיקן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פּשוט פון הונגער. דערפאַר האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיין שוועסטער מיט איר זון זאָלן אַריבערפאָרן קיין מאָסקווע צו קרובים און סאַבינע מיט דער טאָכטער זאָלן פאָרן קיין וואַרשע צו דער שוויגער.

ס׳האָט מיר אויך פאַרשאַפט פיל זאָרג די דערציונג פון מיין טאָכטער. מיר האָבן זיך געפונען אין אַן אַטמאָספער פון אַסימילאַציע. אין שטוב האָבן מיר גערעדט פויליש, אויסער דער שטוב רוסיש. מיין אַכטיאָריקע טאָכטער האָט קיין זאַך נישט געוווּסט פון יידישקייט. ווען ס׳איז אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן דער נסיעה קיין וואַרשע, האָב איך געטראַכט, אַז ס׳איז גוט, וואָס דאָס קינד וועט זיך דאָרט דערציען צווישן יידן.

בלייבנדיק אָן אַרבעט בין איך אַוועקגעפאָרן אויף אַ שטיקל צייט קיין מאָסקווע מיט דער גאַנצער משפחה. פון מאָסקווע האָב איך אָפּגעשיקט מיין פרוי מיט דער טאָכטער קיין וואַרשע. זיי זענען געפאָרן אין לייכטע באַדינגונגען ביז מינסק און פון דאָרט — מיט אַ סאַניטאַרן צוג ביז וואַרשע. די פּאָסט־פאַרבינדונג צווישן מאָסקווע און וואַרשע איז געווען איבערגעריסן און איך האָב נישט באַקומען קיין שום בריוו פון דער פאַמיליע.

אין חודש מאַי איז דערשינען די נייע צייטונג פון דער פּאַרטיי אונטער דער רעדאַקציע פון בערלינראַוט, א. ג. „באַרבאַ" (קאַמף). אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען אויף יידן אין פיל ערטער.

ס'זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן אַ פּאָגראָם אין גלוכאָוו, אין וועלכן עס האָט אָנטיילגענומען אַן אָפּטיילונג פון דער רויטער גוואַרדיע פון יאַראָסלאַוול און אַן אָפּטיילונג פּאַרטיזאַנער. עס זענען אויך פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין קורסק און אין נאָוואָגראַדסיבירסק, פאַרן אַריינקומען פון די דייטשן. אַ קאָמפּאַניע שיכורע זעלנער האָט אויסגעהרגעט 57 יידן. ס'איז אויך פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אין וויטעבסק. מיר האָבן געפאָדערט פון דער מאַכט, מען זאָל אונדז דערלויבן צו אָרגאַניזירן אָפּטיילונגען פון זעלבשוץ. די מאַכט האָט דאָס אָבער נישט דערלויבט מאָטיווירנדיק, אַז דווקא אַזאַ זעלבשוץ וועט זיין ווי בוימל אויפן פייער.

אַן אַנטיסעמיט'שע אַגיטאַציע איז אויך אָנגעגאַנגען אין צענטראַל־רוסלאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אונטער ז'ער ראַטנמאַכט. דער פּאָרזיצער פון דער מאָסקווער קהילה האָט באַקומען אַן אַנאָנימען בריוו, אין וועלכן עס איז געווען געשריבן: „אויב איר וועט וואָגן פוגע בכבוד זיין די דענקמעלער פון אונדזערע צאַרן און העלדן, וועלן מיר אויפרייסן אייערע סינאַגאָגעס, אַז די בראָנשטיינס (טראָצקי) און די נעכאַמקעסעס (סטעקלאָוו) זאָלן באַקומען וואָס עס קומט זיי פאַר זייער חוצפּה". וועגן דעם האָט מען צווויסן געטאָן דעם קאָמיסאַר פאַר אויסלאַנדעניינים און דעם יידישן קאָמיסאַריאַט און עס זענען אָנגענומען געוואָרן שריט קעגן דער פּאָגראָם־אַגיטאַציע.

איינמאָל ביינאַכט האָט צו מיר אָנגעקלינגען דער פּאָרזיצער פון דער פּעטראָגראַדער קהילה, ד"ר זאַלקינד און מיך געבעטן צו אים אַריינקומען. ווען איך בין צו אים געקומען צומאָרגנס אינדערפרי, האָט ער מיך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, אַז אין דער לעצטער צייט באַווייזן זיך אין די צייטונגען אַרטיקלען, וואָס גרייפן אָן די ציוניסטישע באַוועגונג. מען שרייבט אַ סך אין די צייטונגען וועגן דער בורזשואַזיע און ציוניזם אין איין צוזאַמענהאַנג. דער המון בעמט עס אויף אָן חכמות, אַז די ציוניסטן זענען געשוווירענע פיינד פון דער

ראַטנמאַכט. און היות ווי ציוניסטן און יידן איז זאַך דאָס זעלבע, בלייבט בלויז אַ טראָט צו מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז עס זענען שוין געווען פאַלן ווען מען האָט אַרעסטירט חברים, ביי וועלכע מען האָט געפונען מיטגליד־קאַרטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ד״ר זאַלקינד האָט מיך געבעטן פּרווון זיך ווענדן צו דער מאַכט. ער האָט זיך געווענדט צום פּעטראָגראַדער פּרעסע־קאָמיסאַר ליסאָווסקי און די אינטער־ווענץ האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

איך בין געפאָרן קיין מאָסקווע און אַוועק צו דימאַנטשטיינען. איך האָב פאַר אים אַוועקגעשטעלט די פראַגע און ער האָט מיט מיר מסכים געווען. אַז אַזאַ אגיטאַציע קאָן דערפירן צו פּאָגראָמען אויף יידן. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו זיין אין פּעטראָגראַד און צונויפרעדן זיך וועגן דעם ענין מיטן פּרעסע־קאָמיסאַר ליסאָווסקי. אין אַ באַשטימטן טאָג האָט טאַקע דימאַנטשטיין צו מיר אָנגעקלינגען און צוויסן געטאָן, אַז דער ענין איז דערלידיקט געוואָרן. פון דעם טאָג אָן האָבן אין די צייטונגען אויפגעהערט באַווייזן זיך די העץ־אַרטיקלען קעגן ציוניזם. עס האָבן אויך אויפגעהערט די אַרעסטן פון ציוניסטן.

פונדעסטוועגן האָבן זיך אַלץ מער פאַרשאַרפט אונדזערע באַציונגען מיטן קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים. מיר האָבן נישט געקאָנט מסכים זיין מיט דעם פאַקט, וואָס ער איז באַשטימט געוואָרן פון אויבן און נישט אויסגעוויילט געוואָרן. מיר האָבן געפאָדערט אַ גלייכן צוגאַנג צו די יידישע אַרבעטער, ווי צו די רוסישע, די רוסישע אַרבעטער, אויסוויילנדיק זייערע דעלעגאַטן אין די סאָוויעטן, האָבן באַשטימט דאָס איבערגעבן די מאַכט די סאָוויעטן, וועלכע האָבן אויסגע־וויילט די קאָמיסאַרן. אַזוי האָט מען געדאַרפט האַנדלען אויך לגבי דעם יידישן אַרבעטער. אין דעם פאַל האָט מען אינגאַנצן נישט געפרעגט ביי די יידישע אַרבעטער און מען האָט פון אויבן באַשטימט איבער זיי אַ צענטראַלן קאָמיסאַר און לאָקאַלע קאָמיסאַרן פאַר יידישע ענינים. דערפאַר האָבן מיר זיך נישט געקאָנט באַציען צו די נאָמינירטע פון יידישן קאָמיסאַריאַט, ווי צו אויסגעוויילטע פון די אַרבעטער; מיר האָבן געפאָדערט דורכצופירן אין יעדער שטאָט וואַלן פון יידישע אַרבעטער־דעלעגאַטן, דערנאָך צונויפרופן די אַלע דעלעגאַטן און זיי זאָלן שאַפן די אָמטן פון דער יידישער אויטאָנאָמיע, זיי זאָלן אויסוויילן צווישן זיך די פאָרשטייער אין צענטראַלן קאָמיסאַריאַט און אין די לאָקאַלע קאָמיסאַ־ריאַטן פאַר יידישע ענינים.

ס׳זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז אין פיל ערטער האָבן די קאָמי־סאַריאַטן פונאנדערגעלאָזט די יידישע קהילות. דאָס איז געשען אין פּערם און אין אָריאָל. מיר האָבן זיך געווענדט צום קאָמיסאַריאַט מיט אַן אָנפראַגע, צוליב

וואָס דאָס איז געשען און באַקומען אַן ענטפער, אַז אין די צוויי שטעט זענען די קהילות פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן דורך די אָרטיקע סאָוויעטן, נאָך איידער עס זענען געשאַפן געוואָרן די יידישע קאָמיסאַריאַטן.

אין יולי איז פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין צענטראַל־רוסלאַנד מיטן אָנטייל פון 50 דעלעגאַטן. אין צענטער פון די פּראָבלעמען, וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ, איז געשטאַנען די פראַגע פון אונדזער באַציונג צו די קאָמיסאַריאַטן פאַר יידישע ענינים. נאָך פאַר דער קאָנפערענץ האָט זיך אין צענטראַל־קאָמיטעט אויסגעאַרבעט די מיינונג, אַז מיר דאַרפן מיטאַרבעטן מיט די קאָמיסאַריאַטן, מיט זייערע ראַטגעבערישע אינסטיטוציעס, אָבער נישט העלפן זיי אין שאַפן די אינסטיטוציעס.

נאָך דער געשעעניש מיט אונדזער מיטגליד ראַבינאָוויטש — וועלכער איז געווען אונדזער פאָרשטייער אין פּאָליטישן ראַט פון קאָמיסאַריאַט און איז פון דאָרט באַזייטיקט געוואָרן — האָט די מאָסקווער אָרגאַניזאַציע פון אונדזער פּאַרטיי, זיך געווענדט צום צענטראַל־קאָמיטעט מיט דער פאָדערונג נישט מיטצואַרבעטן מיט די קאָמיסאַריאַטן. אויף דער קאָנפערענץ אין חודש יולי, אויף וועלכער ס'זענען אויך געווען צוויי חברים פון ווייסרוסלאַנד, זענען געווען צוויי מיינונגען: איינע מיינע — אַז מ'דאַרף אויך אויף ווייטער מיטאַרבעטן מיט די קאָמיסאַריאַטן, און די מיינונג פון חבר טענענבוים, וועלכער האָט געפאָדערט מיר זאָלן אינגאַנצן פון זיי אַוועק. ס'איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאַג פון טענענבוימען.

דער סדר־היום פון דער קאָנפערענץ איז געווען פאָלגנדיקער: די פּאָליטישע סיטואַציע, די פּאָגראָמען און זעלבשוץ, אונדזער ארץ־ישראל־אַרבעט, די קאָמיסאַריאַטן פאַר יידישע ענינים, די קהילה, די אַלרוסלענדישע קאָנפערענץ, קאָנפערענץ פון יידישע אַרבעטער און אַנדערע. אויף דער קאָנפערענץ האָב איך רעפערירט אויף יידיש וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. איין חבר, שריידער, וואָס האָט געהערט צו דער באָלשעוויסטישער פראַקציע (זי האָט געציילט 5 חברים), איז אַרויסגעטראָטן אויף רוסיש. ער האָט גערעדט מיט גרויס ענטוזיאַזם און פאַרענדיקט זיין רעדע מיטן אויסרוף: „זאָל לעבן די רויטע אַרמיי!". ער איז געווען אַ גוטער בחור. אין אַ צייט אַרום האָט מען אים פאַרמשפּט צום טויט צוליב אַ בלבול. נאָך אַ רעוויזיע פון זיין פּראָצעס האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז ער איז געווען אומשולדיק.

זומער איז די לאַגע אין צענטראַל־רוסלאַנד געוואָרן ערגער. אַלע טשעכאָסלאָוואַקישע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָס זענען אַריינגעפאַלן צו די רוסן אין געפאַנגענשאַפט אין דער צייט פון דער מלחמה, זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן

קיין סיביר. אין סוף פון 1917 האָט מען זיי דערלויבט אַרויסצופאָרן קיין פראַנק־רייך. צוליב דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז זייער אַרויספאָרן אָפּגעהאַלטן געוואָרן און ערשט אין פעברואַר האָט די ראַטנמאַכט זיי דערלויבט אַרויסצופאָרן קיין פראַנקרייך דורך וולאַדיוואָסטאָק. ענגלישע און פראַנצויזישע אַגענטן האָבן זיי אויסגעהעצט צו מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן דער ראַטנמאַכט. דאָס טשעכאָ־סלאָוואַקישע מיליטער האָט פאַרנומען טשעליאַבינסק, סאַמאַרע, די טשעכאָסלאָ־וואַקן האָבן מיטגעהאָלפן צו שאַפן אַן אַנטיסאָוויעטישע מאַכט אין אָמסק. אויך אין סאַמאַרע האָבן זיי געשאַפן אזא מאַכט מיט דער מיטבאַטייליקונג פון די ס.ר.־ן, מענשעוויקעס און קאַדעטן. ביידע רעגירונגען האָבן זיך פאַראייניקט און געשאַפן אַ דירעקטאָריע אין אופאַ. די מלחמה מיט די טשעכאָסלאָוואַקישע אויפשטענדלער האָט זיך געצויגן פינף חדשים. אין אָנהייב אָקטאָבער האָט די רויטע אַרמיי צוריק פאַרנומען סאַמאַרע. עס זענען דאַן פאָרגעקומען טיילווייזע אויפשטאַנדן אין עטלעכע שטעט. די שטאָט יאַראָסלאַוול איז געווען עטלעכע טעג פאַרנומען פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערן. דאָרט איז געווען קאָמיסאַר איי־נער פון מיינע גוטע באַקאַנטע, דער באָלשעוויק נאַכומסאָן. ער איז דערהרגעט געוואָרן דורך די ווייסע בעתן אויפשטאַנד. אין אַ סאָוויעטישן ראָמאַן איז געשיל־דערט זיין טויט, ווי ער האָט פאַר דער עקזעקוציע פאַרשאָלטן זיינע רוצחים.

אין מאָסקווע גופא האָבן די אַנאַרכיסטן אויפגעהויבן דעם קאָפּ. איינמאָל, ווען מיר זענען געגאַנגען פון דער קאָנפערענץ, זענען מיר געווען עדות פון אַ שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן דער מיליץ און די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט אַ פּאַלאַץ און דאָרט זיך פאַרפעסטיקט.

אין חודש יולי איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע די קאָנפערענץ פון די יידישע קהילות אין צענטראַל־רוסלאַנד. אין פּרעזידיום פון דער קאָנפערענץ איז אין אונדזער נאָמען אויסגעוויילט געוואָרן דער הבר ראַבינאָוויטש, וואָס איז דערפאַר שפּעטער באַאַמטיקט געוואָרן פון פּאָליטישן ראַט פון קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים. אויף דער קאָנפערענץ זענען פאָרגעקומען אַן אַ שיעור דיסקו־סיעס צווישן אונדז און „בונד״. די „פאַראייניקטע״ האָבן כמעט שטענדיק מיט־געהאַלטן מיטן „בונד״. אונדז האָט מען כסדר אָנגעגריפן צוליב אונדזער כלומרשטן „באָלשעוויזם״. איך האָב אָפּגעגעבן א דערקלערונג אין נאָמען פון אונדזער פאַרטיי וועגן אונדזער שטעלונג, דערביי האָב איך צוגעגעבן, אַז אייגנטלעך האָבן מיר נישט בדעה צו ענטפערן די, וואָס פאַלן אויף אונדז דאָ אָן, נאָר כדי פון דער טריבונע איבערצוגעבן אונדזערע חברים אין אויסלאַנד, איבער די קעפּ פון די דעלעגאַטן אויף דער קאָנפערענץ, די שטעלונג פון אונדזער פאַרטיי. און ס׳איז טאַקע אַזוי געווען. ווען איך בין געקומען בערך אין אַ האַלב יאָר אַרום קיין פּוילן, האָבן מיר די חברים דערציילט, אַז אונדזער דערקלערונג איז צו זיי דערגאַנגען.

אויף דער קאָנפערענץ איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צענטראַלע אינסטיטו־ציע מיטן נאָמען „צ־ועד" (צענטראַל־קאָמיטעט) איך בין אַריין אין זיין באַשטאַנד אין נאָמען פון אונדזער פּאַרטיי.

אין יולי האָב איך זיך אומגעקערט קיין פּעטראָגראַד. אין שטאָט איז געווען גאָרנישט פרייליך. פּעטראָגראַד איז געווען אינגאַנצן אויסגעהונגערט נאָך ברויט. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן משונהדיקע טיפּן — געוועזענע ריכטער, פירשטן, וואָס האָבן פאַרקויפט ציַיטונגען, שטיקלעך צוקער אָדער אַזעלכע מינים לאַטקעס געבאַקענע פון טונקעלן מעל. קיין ברויט האָט מען כמעט נישט געזען. דער הונגער האָט געהערשט אומעטום, אַלע געשפּרעכן האָבן זיך געדרייט אַרום ברויט. איך פלעג אויפשטיין אין דער פרי, אויסטרינקען אַ גלאָז טיי מיט סאַכאַ־רין און אויפעסן צוויי קאַרטאָפל. נאָך צוויי פלעג איך מיטנעמען מיט זיך צו דער אַרבעט.

אויף מיטאָג אין קאָמיסאַריאַט פלעגט מען געבן זופּ, וואָס אין איר פלעגן אַרומשווימען ביינער פון געטרוקנטע פיש. איך פלעג זיך צו דער זופּ נישט צו־רירן און גלייך פלעגט עמיצער צו מיר צוקומען און געבעטן דערלויבן אים אויפצועסן די זופּ. נאָך דער זופּ האָט מען דערלאַנגט אַ „קאָטלעט" פון קאַרטאָפל געמישט מיט ברויט. צום סוף האָט מען געגעבן שוואַרצע קאַווע אָן צוקער. מען האָט נאָך געקאָנט קויפן צוויי צוקערקעס צו יעדן גלאָז קאַווע. 5 אַזייגער נאָכמיטאָג פלעג איך זיך אומקערן אַהיים און די באַדינערין פלעגט מיר ווידער צוגרייטן אַ מיטאָג אָן ברויט: הערינג, אַ קאַשע, וואָס איך האָב געקויפט אויפן שוואַרצן מאַרק און געטריקנטע פלוימען. נאָך דעם אַלעם בין איך נאָך געווען גאַנץ הונ־געריק און איך פלעג גיין צו מיין מומען, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז מען קאָן דאָרט באַקומען אַ שטיקל פלייש, פאַרשטייט זיך אָן ברויט.

אין אָוונט פלעג איך גיין צו אַ קאָלעגע, אַן אַדוואָקאַט, שפּילן אין פּרעפּ־פעראַנס. איך האָב געוווּסט, אַז דאָרט וועט מען געבן אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל ברויט. ווייל דעם דאָזיקן פריינד מיינעם האָט נישט געפעלט קיין געלט, און ער פלעגט קויפן ברויט אויפן שוואַרצן מאַרק צו 15 רובל אַ פונט. נאָכן טיי טרינקען פלעג איך זיך אומקערן אַ היים און גלייך זיך לייגן שלאָפן, כדי אין שלאָף צו פאַרגעסן דעם הונגער.

פּעטראָגראַד איז אַלץ מער אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן און ס'איז אין איר פאַרבליבן כמעט אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג פון פאַר דער מלחמה. פון זינט זי איז געוואָרן אויס הויפטשטאָט פון רוסלאַנד האָט זי פאַרלוירן איר חן, איר פּראַכט און איר שיינקייט. עס זענען צו איר פאַראייניקט געוואָרן נאָך זעקס ראַיאָנען און אַדמיניסטראַטיוו איז זי געוואָרן דער צענטער פון דער „צפונדיקער קאָמונע". מיר האָבן געלעבט ווי אַ זעלבשטענדיקע מדינה, פאַר

זיך. אפשר דערפֿאַר. וואָס מען האָט געוואָלט אַזױאַרום פּאַרגיטיקן די שטאָט, וואָס איז צוויי הונדערט יאָר געווען די הויפּטשטאָט, פֿאַר איר רום וואָס איז אונטער־געגאַנגען, מיר האָבן זיך אָבער געפֿילט ווי „געוועזענע" שוין נישט אין צענטער פֿון דער רעוואָלוציע, נאָר אין אַן אויסגעליידיקטער פּאַרוואָרפֿענער פּראָווינץ־שטאָט.

פֿאַרן אומקערן זיך קיין פּעטראָגראַד בין איך כמעט אַ חודש געזעסן אין נייעם „צ־ועד" אין מאָסקווע. איך האָב אָבער געזען, אַז פֿאַר מיר איז נישטאָ קיין אַרבעט און נישט געוואָלט באַקומען קיין שכירות אומזיסט, האָב איך באַשלאָסן זוכן אַרבעט אין מיין שטאָט. היות אין די רעגירונגס־קרייזן האָט מען מיך געקענט און די באַציונג צו פּועלי־ציון איז נאָך געווען אַ גוטע, איז מיר נישט שווער אָנגעקומען צו קריגן אַרבעט. מען האָט מיר פֿאַרגעלייגט אָנצוקומען אין אַרבעט־מיניסטעריום פֿון דער צפֿונדיקער קאָמונע. אין ראָט פֿון דער צפֿונדיקער קאָמונע זענען געווען איינגעשלאָסן די אַלע קאָמיסאַריאַטן, וואָס האָבן געפֿירט אַ טעטי־קייט פֿון צענטראַלע אינסטאַנצן, ווי אַ מין סאָוונאַרקאָם פֿון דער געגנט.

אַלס קאָמיסאַר פֿון אַרבעט־קאָמיסאַריאַט איז געווען אַ מעטאַל־אַרבעטער, איוואַנאָוו. הגם אַלע האָבן געוווּסט, אַז איך בין נישט קיין מיטגליד פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן זיי זיך צו מיר באַצויגן מיט גרויס צוטרוי. דער קאָמיסאַר פֿלעגט זיך מיט מיר פֿון צייט צו צייט באַראַטן וועגן פֿאַרשידענע ענינים. איך האָב איבערגענומען די אָפּטיילונג פֿון דער צענטראַלער אַרבעט־בירזשע פֿון דער צפֿונדיקער קאָמונע און כאָטש איך בין מיט די ענינים ווייניק וואָס געווען באַקאַנט, האָב איך זיך אויף גיך אויסגעלערנט די תורה. מען האָט מיר איבערגעגעבן צו אָרגאַניזירן אַרבעט־בירזשעס אין אַלע גובערניעס. צו מיין דיספּאָזיציע זענען געווען צוויי אינסטרוקטאָרן, וועלכע האָבן געדאַרפֿט באַזוכן די ערטער און דורכפֿירן מיינע אינסטרוקציעס. ביידע זענען געווען פֿיינע מענטשן. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן מיט זיי אויף פּאָלי־טישע טעמעס. זיי האָבן מיך געוואָלט באַווירקן איך זאָל אַריינטרעטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווערן אַ מיטגליד פֿון קאָמוניסטישן קעמערל אין אַרבעט־קאָמיסאַריאַט. אויב אַנדערש — האָבן זיי געטענהט — זענען זיי מחויב אויס־פֿירן די אינסטרוקציעס, וואָס זיי באַקומען פֿון קעמערל און אין געהיים נאָכשפּירן מיין טעטיקייט. דאָס איז פֿאַר זיי נישט אָנגענעם ווייל זיי האָבן דאָך צו מיר דעם פֿולן צוטרוי.

ווען איך האָב אָנגעהויבן מיין אַרבעט האָב איך געטראָפֿן אין מיין אָפּטיילונג 11 באַאַמטע. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך געקומען צום קאָמיסאַר און אים מודיע געווען, אַז פֿינף פֿון זיי זענען איבעריק און איך בעט אַ דערלוי־

בעניש זיי צו באַפרייען פון דער אַרבעט. איוואַנאָוו האָט מיך געפרעגט, וואָס ער זאָל מיט זיי טאָן, מיט וואָס שטערן זיי מיר? איך האָב אים דערקלערט, אַז נישט נייטיקע באַאַמטע שאַפן אַ פאַרשלעפּעניש פון עניינים אין דער אָפּטיילונג. אַז אַ „פּאַפּיר" וואָס דאַרף דורכגיין דורך צען הענט, אַנשטאָט 6, וועט דערגיין צו דעם באַשטימטן פּלאַץ מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון עטלעכע טעג. אויף דער פראַגע וואָס צו טאָן מיט זיי, האָב איך געענטפערט, אַז אויף דעם איז דאָ אַ סאָציאַלע פאַר־זיכערונג, וועלכע דאַרף זיך מיט דעם פאַרנעמען.

איינמאָל האָב איך באַקומען אַן אינסטרוקציע פון סעקרעטאַר פון קאָמי־סאַריאַט טוטאָוו. לויטן אַדמיניסטראַטיוון לייטער זענען די רעכט פון סעקרעטאַ־ריאַט געווען גלייך צו די רעכט פון מיין אָפּטיילונג און מיינע קאָמפּעטענצן זענען געווען גלייך צום סעקרעטאַרס. איך האָב אָנגעקלינגען צום סעקרעטאַר און אים געפרעגט, ווער עס האָט געגעבן די אינסטרוקציעס. ער האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס איז אַן אינסטרוקציע פון קאָמוניסטישן קעמערל אין קאָמיסאַריאַט. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך בין נישט קיין פּאַרטיי־מיטגליד און נעם נישט אָן קיין שום אינסטרוקציעס פון פּאַרטיי־קעמערל, וואָס איז נישט קיין אַדמיניסטראַטיווע אינסטאַנץ אין קאָמיסאַריאַט. איך האָב אים געראָטן בעטן דעם קאָמיסאַר, אַז ער זאָל געבן די אינסטרוקציע, דאַן וועל איך זי אויספירן אָן קיין שום אָפּהאַלט. די זאַך איז דערליידיקט געוואָרן אַזוי ווי איך האָב געראָטן.

איינמאָל איז צו מיר געקומען די אַרבעט־קאָמיסאַרין פון פּסקאָווער גובערניע, וועלכע איז געווען אין תחום פון אונדזער קאָמונע. זי איז געווען אַ יונגע, באַחנטע יידישקע. זי איז געקומען באַשטעטיקן די קאַטעגאָריעס פון די שכירות פאַר די באאמטע פון דער אָפּטיילונג פון דער אַרבעט־בירזשע אין פּסקאָוו. עטלעכע טעג פריער האָט אונדזער קאָמיסאַריאַט איינגעשטעלט די שכירות־קאַטעגאָריעס פאַר יעדער אָפּטיילונג פון דער צפונדיקער קאָמונע. דער צענטראַלער קאָמיסאַריאַט אין מאָסקווע האָט מיט צוויי טעג שפּעטער פונאַנדער־געשיקט וועגן דעם ענין אינסטרוקציעס אין גאַנצן לאַנד. די שכירות, וואָס דער צענטער האָט באַשטימט, זענען געווען עטוואָס העכער פון די, וואָס מיר האָבן באַשטימט. ווען ס'איז געקומען די קאָמיסאַרין פון פּסקאָווער גובערניע, האָב איך זיך באַקענט מיט די קאַטעגאָריעס פון די דאָרטיקע אַרבעטער און איך האָב באַ־שטעטיקט די שכירות אַנטשפּרעכנדיק צו די אינסטרוקציעס פון אונדזער קאָמיסאַריאַט. זי האָט זיך אָבער פאַרעקשנט און געפאָדערט באַשטעטיקן די שכי־רות־קאַטעגאָריעס לויט די אינסטרוקציעס פון צענטער. איך האָב איר געזאָגט, אַז כל־זמן אונדזער קאָמיסאַריאַט האָט נישט אָפּגערופן אונדזערע אינסטרוקציעס, האָב איך נישט קיין רעכט זיי צו אַנולירן, אויב זי וויל, זאָל זי גיין צום קאָמי־

סאַר און אים בעטן אַנולירן זיינע אינסטרוקציעס. זי האָט מיר געמאַכט אַ סקאַנדאַל. זי האָט מיך מכבד געווען מיטן נאָמען „סאַבאָטאַזשניק". מען האָט זי שוין ווייזט אויס אינפאָרמירט, אַז איך בין נישט קיין קאָמוניסט. זי האָט מיר צווויסן געטאָן, אַז זי וועט זיך אויף מיר באַקלאָגן פאַרן קאָמיסאַר. אין אַ שעה אַרום האָט צו מיר אָנגעקלינגען דער קאָמיסאַר און מיך געבעטן, איך זאָל אים באַפרייען פון דער דאַזיקער פרוי, ווייל ער האָט שוין קיין כוח מיט איר צו רעדן. ער קאָן אָבער נישט אָפּשאַפן די אינסטרוקציעס און איך בין אַבסאָלוט גערעכט, אָבער כדי פון איר פּטור צו ווערן, „גיב איר וואָס זי וויל".

די באַאַמטע פון קאָמיסאַריאַט האָבן זיך צו מיר באַציגן מיט גרויס צוטרוי און נישט איינמאָל בין איך דעלעגירט געוואָרן אויף פאַרשידענע באַראַטונגען צווישן קאָמיסאַריאַטן. איינמאָל בין איך דעלעגירט געוואָרן צוליב עפּעס אַן ענין קיין וואָלאָגדע. דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיינע פּאַרטיי־חברים און איי־נער האָט מיר אפילו אונטערגעטראָגן אַ מתנה, א נומער פון דער צייטונג „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט", וואָס איז דורך מיר אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע, אין יאָר 1906.

אויף איינער פון די באַראַטונגען איז געשטאַנען די פראַגע וועגן באַשטי־מען די הייך פון די שכירות פאַר די באַאַמטע פון אייניקע קאָמיסאַריאַטן. צווישן אַנדערע אויך וועגן שכירות פאַר פּראָפעסאָרן פון אוניווערסיטעט. זייער פאָר־שטייער האָט געפאָדערט מען זאָל העכערן די שכירות פון די פּראָפעסאָרן פון אַסטראָנאָמיע, ווייל זיי קומט אויס צו אַרבעטן ביינאַכט. דער מאָטיוו האָט אונדז אויסגעזען צו זיין ריכטיק. פּלוצלינג אָבער האָט זיך אויפגעהויבן איינער פון די אָנוועזנדיקע אויף דער באראטונג און דערקלערט, אַז ער איז קעגן אַ העכע־רונג, היות אין ראטנפארבאַנד איז פאַרבאָטן נאַכט־אַרבעט, „זאָלן די פּראָ־פעסאָרן פון אַסטראָנאָמיע אַרבעטן בייטאָג"!

מיין אַרבעט אין דעם קאָמיסאַריאַט האָט נישט לאַנג געדויערט. אין דעם קאָמיסאַריאַט איז געווען אַ יורידישע אָפּטיילונג, בראש מיטן באַוווסטן אַדוואָקאַט דע־פּלאַנסאַן. פאַר דער רעוואָלוציע האָט ער געהערט צו דער פראַקציע פון די טרודאָוויקעס. זיין געהילף איז געווען דער גרוזינישער אַדוואָקאַט, ווערמישעוו, אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איינמאָל האָבן זיך צו מיר גע־ווענדט די באַאַמטע פון פּעטראָגראַדער שטאָט־ראַט וועגן איינשטעלן ביי זיי אַן ארבעטס־בירזשע. אין גאַנג פון באַהאַנדלען דעם ענין האָב איך באמערקט, אַז מ׳יט אים פאַרנעמט זיך אונדזער יורידישע אָפּטיילונג. איך האָב זיך זייער פאַר־וווּנדערט, ווייל לויט זיין תוך האָט ער געדאַרפט געהערן נאָר צו מיין אָפּטיילונג. אין קאָרידאָר פון קאָמיסאַריאַט האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיטן אַדוואָקאַט דע־פּלאַנסאַן און פאַר אים ארויסגעזאָגט מיינע טענות. ער האָט מיר געראָטן,

איך זאָל זיך ווענן דעם ווענדן צו זיין אָפּטיילונג שריפטלעך און דאַן וועט ער די זאַך איבערשיקן אין מיין אָפּטיילונג. אַזוי האָב איך געטאָן, איך האָב אָבער פאַר־געסן אָנצוזאָגן דער קוריערין, אַז דעם בריוו זאָל זי איבערגעבן דע־פּלאַנסאַן און נישט זיין געהילף. זי האָט אים איבערגעגעבן ווערמישעוון און איך האָב פון אים באַקומען אַ חוצפּהדיקע און גראָבע תשובה. איך האָב אים אָבער אויך געענט־פערט ווי עס געהער צו זיין, אַז היות ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס מענטש פון אַ נידעריקער קולטור, וויל איך אויף ווייטער נישט האָבן מיט אים קיין שום ענינים. צומאָרגנס, ווען איך בין געשטאַנען אין קאָרידאָר און געלייענט די מודעות, האָב איך דערהערט אַ קול הינטער מיר: „הינטישער זון, אויב דו וועסט מיר נאָכאַמאָל שרייבן אַזעלכע בריוו, וועל איך דיר צעשפּאַלטן דעם קאָפּ". איך האָב זיך אויסגעדרייט און דערזען ווערמישעוון. איך האָב אים אָפּגעענטפערט נאָר מיט איין וואָרט: „כאַם"! גלייך האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ זעץ איבער מיין קאָפּ און ס'זענען אַראָפּגעפאַלן מיינע ברילן. איך האָב זיך שנעל אַ וואָרף געטאָן אויף ווערמישעוון און נישט טראַכטנדיק האָב איך אים דערלאַנגט פעסטע קלעפּ. איך האָב אים אָנגעכאַפּט און אַ שטופּ געטאָן צו דער וואַנט. ער איז אַנידערגע־פאַלן, האָט זיך צוריק אויפגעהויבן און אָנגעהויבן זיך פאָרען מיט דער האַנט אין דער הינטערשטער הויזן־קעשענע, כדי אַרויסצוציען דעם רעוואָלווער. איך בין געשטאַנען פונקט אין אַזאַ אָרט ווו דער קאָרידאָר איז זיך צעגאַנגען אין צוויי זייטן, ווי אַ „ד", אַנטלויפן האָט נישט געפּאַסט. איך האָב געוואַרט עטלעכע סע־קונדן און זיך נישט גערירט פון אָרט. איך האָב געטראַכט, אַז אויב ער וועט אַרויסציען דעם רעוואָלווער וועל איך באַוויזן צו אַנטלויפן. איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף אים. איך ווייס נישט וואָס עס האָט אים אָפּגעהאַלטן, אָבער דעם רעוואָלווער, וואָס איז שוין געווען אויף אַ העלפט אַרויסגעצויגן, האָט ער צוריק אַריינגעשטופּט אין קעשענע, זיך אויסגעדרייט און אָפּגעטראָגן.

איך בין אַריין אין מיין אָפּטיילונג און אָנגעשריבן אַ בריוו צום קאָמיסאַר, אין וועלכן איך האָב מודיע געווען, אַז צוליב דעם פיינלעכן פאַל, וואָס האָט גע־טראָפן צווישן מיר און אַדוואָקאַט ווערמישעוו, זע איך נישט פאַר מיר קיין מעג־לעכקייט ווייטער צו בלייבן ביי מיין ארבעט און איך בעט מיך באַפרייען פון מיין אַמט. איך האָב געמיינט, אַז ווען מען וועט אויספאָרשן דעם ענין און מען וועט זיך איבערצייגן, אַז איך בין גערעכט, וועט מען מיך בעטן פאַרבלייבן אויף ווייטער ביי דער אַרבעט. אין אַ שעה אַרום בין איך פאַרבעטן געוואָרן צום קאָמי־סאַר, כדי איבערצוגעבן די פּרטים פון אינצידענט. ער האָט מיך אויך איינ־געלאַדן אויף דער זיצונג פון קאָלעגיום ביים קאָמיסאַריאַט, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין דעם טאָג נאָכמיטאָג. ווען איך בין געקומען אויף דער זיצונג, האָט מיר איוואַנאָוו צווויסן געטאָן, אַז מען האָט שוין אויסגעפאָרשט דעם ענין

און מען איז איבערצייגט, אַז איך בין גערעכט און ווערמישעוו וועט באַשטראָפט ווערן. נאָר היות איך האָב אָנגעגעבן אַ ביטע, מען זאָל מיך באַפרייען פון דער אַרבעט, האָבן זיי נישט בדעה מיך צו בעטן, איך זאָל צוריקציען מיין ביטע. זיי באַציען זיך האַרב בנוגע אַ קאָמוניסט, זיי קאָנען אָבער אויך נישט פּריווילעגירן אַ נישט־קאָמוניסט. איך האָב אָנגענומען דעם באַשלוס און בין אַוועק. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מיין אַרבעט אין דינסט פון דער ראַטנמאַכט.

צו יענער צייט האָט זיך צו אונדז געווענדט אונדזער פּאַרטיי אין פּוילן, מיר זאָלן אַהין שיקן עטלעכע חברים צו דער אַרבעט אין דער פּאַרטיי. מיין פרוי האָט מיר מודיע געווען, אַז זי וויל דאָרט פאַרבלייבן און זי וויל, אַז איך זאָל אויך אַהין קומען. איך האָב פאַרגעלייגט דעם צענטראַל־קאָמיטעט מען זאָל מיך אַהין שיקן. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט נישט זייער גערן מסכים געווען, אָבער דאָך באַשלאָסן, אַז איך זאָל פאָרן קיין פּוילן.

ס׳איז מיר נישט געווען אַזוי לייכט זיך צו דעצידירן. אין מאָסקווע האָב איך זיך אָפט באַגעגנט מיט מענטשן פון צענטראַלן אַרבעט־קאָמיסאַריאַט און אַלע האָבן זיי מיך געבעטן פאַרבלייבן אין רוסלאַנד און צוגעזאָגט מיר הרים וגבעות. מיין באַשלוס איז אָבער געווען אַ פעסטער.

דעם זומער פון 1918 האָב איך געוווינט אויפן פערטן שטאָק, אויף אַ גאַס וואָס האָט געהייסן „די ערשטע ראָטע". אין דעם הויז האָט זיך איינגעצויגן דער אָרגאַניזאַציע־אַמט פון סאָוויעט, וועלכער האָט פאַרנומען צוויי שטאָק אונטער מיר. איך בין אויפגעפאָדערט געוואָרן צו באַפרייען די דירה. ס׳האָבן נישט געהאָלפן מיינע טענות, אַז איך בין אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מלוכה־באַאַמטער. עס איז צו מיר געקומען אַ באַאמטער און מיך געדראָט אַרויסצוואַרפן מיט געוואַלד פון פערטן שטאָק. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וועל אים אַראָפּוואַרפן פון אַלע טרעפּ. דער סכסוך האָט זיך געצויגן אַ לענגערע צייט, איך בין אָבער לסוף געצווונגען געווען צו פאַרלאָזן די דירה. מיינער אַ חבר, דער אַדוואָקאַט טעמפעל, האָט מיט אַ שטיקל צייט פריער פאַרלאָזט די שטאָט און אַוועקגעפאָרן קיין פּוילן. מיט דער הסכמה פון זיין ברודער בין איך אַריין אין אַ טייל פון טעמפלס פריער דירה און האָב אַהין אַריבערגעפירט אַלע מיינע זאַכן.

איך האָב אָנגעהויבן ליקווידירן מיינע ענינים אין פּעטערבורג. ווען אַ מענטש זיצט אַ סך יאָרן אויף איין אָרט, וואָרצלט ער זיך איין און אַ סך זאַכן וואַקסן אָן אַרום אים. איך האָב געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק. ס׳זענען אויך פאַרבליבן ביי מיר די דענטיסטישע אינסטרומענטן פון סאַבינען. פאַרן אַרויספאָרן קיין פּוילן האָב איך באַשלאָסן צו לאָזן דאָס מעבל און די דענטיסטישע אינסטרומענטן אין איין צימער און די איבעריקע זאַכן נעמען מיט זיך. איך האָב

באַקומען פון די געהעריקע אינסטאַנצן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אַרויסצו־
פירן די ביבליאָטעק און אויך אַ סאָוויעטישן פּאַס, ווייל איך בין דאַך געפאָרן
אויף אַרבעט אין דער פּאַרטיי, וואָס איז אין רוסלאַנד געווען אָנערקענט. אין
דער פּאַספּאָרטן־אָפּטיילונג האָט געאַרבעט מיינער אַ חבר, דער גרוזין לאָרדקי־
פּאַנידזע, מיינער אַ גוטער פריינד נאָך פון יאָר 1917, ווען מיר האָבן ביידע גע־
אַרבעט אין דעם ביוראָ פון די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. ער האָט
מיר אויך געגעבן דעם אַלטן פּאַס, דעם צאַרישן, ווייל מיר האָבן ביידע פאַר־
שטאַנען, אַז אַ סאָוויעטישער פּאַס איז גוט נאָר אין די גרענעצן פון ראַטנפאַר־
באַנד, אָבער אויף יענער זייט גרענעץ, באַזונדערס אין פּוילן, קאָן אַזאַ פּאַס גורם
זיין צרות צרורות. איך האָב איינגעפּאַקט די זאַכן און דעם 17טן דעצעמבער
בין איך אַרויסגעפאָרן פון פּעטראָגראַד מיט אַ באַגאַזש פון 18 וואַליזעס און 6
קאַסטנס ביכער. די זאַכן האָב איך אָפּגעשיקט קיין מינסק, וואָס איז שוין געווען
באַפרייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע און איך בין געפאָרן קיין מאָסקווע צו
דער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט.

דאָס איז געווען נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. אויב אין די ערשטע
טעג פון דער רעוואָלוציע, אויף וועלכער מיר האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען,
איז געווען אַ געהויבענע שטימונג, האָבן מיר זיך אָבער גאָר גיך איבערצייגט,
אַז דאָס איז נישט געווען די רעוואָלוציע, אויף וועלכער מיר האָבן געהאָפט. די
דייטשן האָבן טאַקע פאַרלאָזט ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע, די ראַטנמאַכט האָט
פאַרנומען די צוויי געביטן, אָבער די באַציִונג פון דער נייער מאַכט אין דייטש־
לאַנד, בראש מיטן סאָציאַל־דעמאָקראַט האַזע, איז געווען זייער אומפריינד־
לעך. די ראַטנמאַכט האָט גלייך געשיקט עטלעכע וואַגאָנעס ווייץ, אַלס
הילף פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן דייטשלאַנד. די נייע רעגירונג פון די אומאָפּ־
הענגיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט אָבער זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די מתנה.

אויף אונדזער זיצונג אין מאָסקווע האָבן מיר באַשלאָסן זיך ווענדן צו דער
ראַטנמאַכט מיט אַ פאָרשלאָג צו שאַפן אין יעדער שטאָט אַ ראַט פון יידישע
אַרבעטער, וועלכער זאָל איבערנעמען אונטער זיין אָנפירונג אַלע ספּעציפישע
ענינים פון דער יידישער באַפעלקערונג. צוליב דעם ענין בין איך דעלעגירט
געוואָרן צום פאָרזיצער פון מאָסקווער סאָוויעט, קאָמיעניעוו, כדי פאָרצושטעלן
אים דעם ענין. קאָמיעניעוו האָט גערן אָנגענומען אונדזער פאָרשלאָג. ער
האָט אַרויסגערוקט נאָר איין באַוואָרעניש: אויב מיר וועלן די אינסטיטוציעס
אָנרופן סאָוויעטן, קאָן דאָס אַריינפירן אין אַ טעות די נישט־יידישע באַפעלקערונג.
דעריבער האָט ער פאָרגעלייגט אָנצורופן די אינסטיטוציעס „קאָמיטעטן פון יידי־
שע אַרבעטער", מיר האָבן מסכים געווען מיט קאָמיעניעווס תיקון.

די באַציִונג פון קאָמיעניעוון צו אונדזער פאָרשלאָג האָט אָפּגעשפּיגלט די באַציִונג פון דער מאַכט אין אַלגעמיין צו אונדזער פּאַרטיי אין משך פון גאַנצן יאָר 1918. מיר זענען דאַן געווען די איינציקע פּאַרטיי, וואָס האָט עקזיסטירט געזעצלעך נעבן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אונדזער מצב איז דעמאָלט געווען אַ פּריווילעגירטער. מיר זענען געווען פאַררעכנט אַלס אַ פּאַרטיי, וואָס שטייט נאָענט צו דער מאַכט. נישט איינמאָל האָבן מיר דאָס אויסגענוצט. ס'האָט געטראָפן, אַז אויף דער זיצונג פון דער פּעטראָגראַדער קהילה האָבן זיך באַוויזן באַפול־מעכטיקט פון דער אַלרוסלענדישער „טשעקאַ" (ספּעציעלע קאָמיסיע צום קאַמף מיט ספּעקולאַציע און קאָנטעררעוואָלוציע) און זיי האָבן געוואָלט אַרעסטירן אַלע אַנוועזנדיקע, ווייל זיי האָבן זיך כלומרשט פאַרזאַמלט אָן א דערלויבעניש. איך האָב זיי גלייך געוויזן מיין צייגעניש, אַז איך בין אַ פאַראַנטוואָרטלעכער רעגי־רונגס־באַאמטער און איך בין מיט זיי אוועק אין אמט פון דער קאָמיסיע. נאָך דעם ווי איך האָב זיך מיט זיי אַדורכגערעדט, זענען אַלע אָנטיילנעמער פון דער זיצונג באַפרייט געוואָרן.

איינמאָל האָט זיך צו מיר געווענדט איינער פון אונדזערע חברים און מיך געבעטן זיך משתדל זיין אין דער „טשעקאַ" וועגן אַ ייד, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן. איך האָב געענטפערט, אַז איך בין גרייט זיך משתדל צו זיין פאַר דעם ייד, אויב ער האָט באמת נישט געהאַט צו טאָן מיט ספּעקולאַציע און מיט קאָנ־טעררעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. איך האָב נאָכגעפאָרשט זיין ענין און פעסט־געשטעלט, אַז דער אַרעסטירטער איז אַ פּשוטער ייד און האָט זיך מיט קיין זאַך נישט פאַרזינדיקט, אויסער מיט דעם וואָס ער איז אַמאָל געווען א בורזשוי. איך האָב איבערגעגעבן אין דער „טשעקאַ" א גרויסן מעמאָראַנדום. אין דער „טשעקאַ" האָב איך געהאַט א גוטן פריינד, דעם באָלשעוויק אַנטיפּאָוו. אין פיר טעג אַרום איז דער ייד באַפרייט געוואָרן.

אין שליחות פון צענטראַל־קאָמיטעט בין איך געפאָרן קיין וויטעבסק מיט אַ רעפעראַט. פון דאָרט האָב איך זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע. פון מאָס־קווע בין איך אַרויסגעפאָרן קיין פּוילן. דער וועג איז געווען אַ לאַנגדויערנדיקער און א פאַרמאַטערנדיקער. ווען איך בין געקומען קיין אָרשע, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די דייטשן זענען שוין פון דאָרטן אוועק און די גרענעץ האָט זיך איבערגערוקט אויף מערב. איך בין געקומען קיין מינסק. אויך דאָרט זענען שוין די דייטשן נישט געווען, זיי זענען שוין געהאַט אָפּגעטראָטן ביז באַראַנאָוויטש.

אין מינסק האָב איך געהאַט אַ זיצונג מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון אונ־דזער פּאַרטיי אין ווייסרוסלאַנד. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון 7 חברים, צווישן זיי די חברטע באַשע. איך בין אויך געווען אין דאָרטיקן סאָוויעט און באַקומען רעקאָמענדאַציעס און א באַשטעטיקונג, אז איך בין אַ פּליט פון פּוילן.

— אַ סגולה אַריבערצוגיין די גרענעץ. מיינע זאַכן האָב איך שוין נישט געקאָנט מיטנעמען, ווייל די באַן איז געגאַנגען נאָר ביז סטאָלפּצי און פון דאָרט האָב איך ווייטער געדאַרפט פאָרן מיט אַקס. בלית ברירה האָב איך אַלע מיינע זאַכן געלאָזט אין מינסק. אַ חבר האָט מסכים געווען איך זאָל זיי לאָזן ביי אים און ער האָט זיי אַריינגעלייגט אין אַ באַזונדער צימער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער זיי איבערגעפירט אין דער קיך פון דער פּאַרטיי, אָבער איך האָב זיי טאַקע שוין קיינמאָל נישט באַקומען, ווייל מיט אַן 8—9 חדשים שפּעטער, אין סעפּטעמבער 1919, זענען פּוילישע אָפּטיילונגען אַריין קיין מינסק און גלייך האָט מען גענומען פּאָגראָמירן יידן. די קיך פון דער פּאַרטיי איז צעראַבירט געוואָרן, אויך מיינע זאַכן. ווען איך בין געקומען פון וואַרשע קיין מינסק אין ענינים פון אונדזער פּוילישער פּאַרטיי, האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז איינע פון די וואַליזקעס, אין וועלכער עס איז געלעגן כמעט אַ נייער קאָסטיום איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן דורך אַ חבר. איך בין צו אים געקומען און ער האָט מיר דערציילט אַז דעם קאָסטיום האָט ער איבערגעמאַכט אויף זיין מאָס. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אַלע זעקס קאָסטנס ביכער זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער פּושקין־ביבליאָטעק. איך בין אַוועק אין דער ביבליאָטעק און דער ביב־ ליאָטעקאַר האָט טאַקע באַשטעטיקט, אַז די ביכער זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער ביבליאָטעק, ס'איז דאָרטן אָבער געווען אַ היימישער גנב, וואָס האָט אַרויסגע־ שלעפּט פון די קאָסטנס, וואָס ס'איז אים נאָר געלונגען. עס זענען נאָר געבליבן דריי קאָסטנס. איך האָב זיך דערפרייט מיט דעם רעשט.

פון מינסק בין איך געפאָרן קיין סטאָלפּצי און פון דאָרט מיט אַ וואָגן — ביז באַראַנאָוויטש. מיט מיר איז אויך געפאָרן אונדזערער אַ חבר, לייבקע בער־ מאַן, וואָס איז דערנאָך געווען אין אונדזער סטודענטישער גרופּע אין בערלין. ער האָט איבערגעזעצט אויף יידיש מאַרקס'ס בוך „דער בירגער־קריג אין פראַנק־ רייך". קיין באַראַנאָוויטש זענען מיר געקומען ביינאַכט, דעם 31־טן דעצעמבער, און מען האָט אונדז דאָרט באַגעגנט מיט שיסערייען, די דייטשן, וועלכע זענען נאָך דאָרט געווען האָבן זיך, ווייזט אויס, אַ ביסל אָנגעשיכורט. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט אונדזערע חברים און איך האָב דאָרט געהאַלטן אַ רעפעראַט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מ'קאָן פאָרן פון באַראַנאָוויטש דורך ביאַליסטאָק—לאָפּי אָדער דורך בריסק—ביאַלע, אָבער בלויז מיט דייטשישע, מיליטערישע באַנען. ס'איז אונדז איינגעפאַלן צו קויפן פערד און וואָגן און פאָרן ווייטער מיט אַקס. לייבקע איז אפילו געגאַנגען אין מאַרק זוכן פערד. אָבער גאָר גיך האָבן מיר זיך אָפּגע־ זאָגט פון דעם געניאַלן געדאַנק. מיט גרויס מי האָט זיך אונדזערע חברים איינ־ געגעבן אונטערצוקויפן עמעצן פון די דייטשן און מיר האָבן באַקומען די מעגלעכ־ קייט צו פאָרן מיט דער באַן ביז בריסק. לויט ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט, האָבן

מיר זיך אין געהיים געדאַרפט אַריינגנבענען אין א וואגאָן און די גאַנצע צייט ליגן באהאלטן אונטער דער באנק, כדי מען זאָל אונדז נישט פּאַקן אויפן וועג. דערנאָך איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר האָבן אויסגעקליבן דעם בעסטן וועג. די יידן, וואָס זענען געפאָרן דורך ביאַליסטאָק—לאַפּי, זענען אריינגעפאַלן צו די פּוילישע זעלנער און יענע האָבן פיל פון זיי אויסגעהרגעט.

פול מיט שרעק זענען מיר געקומען קיין בריסק און פון דאָרט זענען מיר מיט אַ וואָגן געפאָרן קיין ביאַלע. דאָרט איז שוין געווען פּויליש מיליטער. מען האָט רעווידירט אונדזערע זאכן און די פּאַספּאָרטן. דעם סאָוויעטישן פּאַס האָב איך איבערגעלאָזט אין באַראנאָוויטש. דער פּוילישער אָפיציר האָט מיר געזאָגט, אַז מיין צארישער פּאַספּאָרט געפעלט אים נישט. האָב איך אים געענטפערט אַז מיר געפעלט ער אויך נישט און איך וועל אים גערן פאַרבייטן אויף אַ פּוילישן. די פּוילישע שפּראַך, אויף וועלכער איך האָב פליסיק גערעדט, האָט, ווייזט אויס, געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויפן אָפיציר און ער האָט מיר מער נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן. דעם דריטן יאַנואר 1919 בין איך אָנגעקומען אויף דער וואַר־שעווער סטאַציע.

נאָך דעם, וואָס איך האָב דערציילט וועגן די ערשטע יאָרן פון דער רע־וואָלוציע און וועגן די געשעענישן פון דער צייט, ווי איך האָב זיי געזען און אויף וויפל איך האָב זיך אין זיי מער־ווייניק באַטייליקט, וויל איך ווייטער אי־בערגעבן פון מיין דעמאָלטיקן פּרווו אָפּצושאַצן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע וואָס איך האָב געטאָן אין אַ ריי אַרטיקלען, וועלכע זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „אַרבעטער־צייטונג״ — אונדזער פּאַרטיי־אָרגאַן אין פּוילן.

די אַרטיקלען זענען דערשינען אין יאָר 1919 אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע, א. נ. „רוסלאַנד אונטער דער ראַטן־רעגירונג״. איך ברענג דאָ די עיקרדיקע געדאַנקען:

לענין, רעדנדיק וועגן דער טאַקטיק פון דער רעוואָלוציע, האָט געהאַלטן, אַז דער בעסטער לערער איז דאָס לעבן אַליין. דאָס מיינט, אַז מיר זענען נישט בכוח פאָרויסצוזען אַלע פּרטים פון דעם, וואָס מען דאַרף דורכפירן, נאָר נאָכן דורכפירן די זאַך מוז פּלאַנירט ווערן דער המשך פון איר, אויב זי אַנטשפּרעכט די קלאַסן־אינטערעסן פון די אַרבעטער. אין יענער צייט זענען פיל פון אונדז נישט געווען צוגעגרייט אויפצונעמען די לערע. זיי האָבן זיך אפילו איר קעגנגעשטעלט. אָבער דאָס לעבן האָט אין די מיינסטע פאַלן געגעבן גערעכט לענינען און נישט אונדז.

אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָבן די באָלשעוויקעס אָפּגענייגט פון זייערע עיקרדיקע אָנשויונגען. בדרך כלל האָבן די באָלשעוויקעס פון שטענדיק

נעגירט די נאַציאָנאַלע פראַגע. לויט זיי איז די קולטורעלע אויטאָנאָמיע אַן איבעריקע זאַך און אויך אַ שעדלעכע פון קלאַסן־שטאַנדפּונקט, בפרט נאָך — די פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וואָס האָט נאָך ברייטערע פולמאַכטן. אמת, אַז אין דער נאַכט פון 25־סטן אָקטאָבער איז דעקלאַרירט געוואָרן וועגן רעכט פון יעדן פאָלק אויף זעלבסטבאַשטימונג אפילו ביזן אָפּטיילן זיך פון דער מלוכה. דאָס איז אָבער געטאָן געוואָרן, כדי צוצוציען די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווייל די באָלשעוויקעס האָבן געזען, אַז זיי זענען איזאָלירט. דאָס איז געווען טעאָרעטיש, פּראַקטיש האָבן די באָלשעוויקעס נישט בלויז נישט פאַרווירקלעכט דעם פּונקט פון דער דעקלאַראַציע, נאָר געטאָן פּונקט דעם היפוך דערפון. א באַוויז דערצו קאָן דינען די באַציונג פון דער ראַטנמאַכט צו אוקראַינע. דער פערטער אוניווערסאַל האָט זיך ערנסט באַציגן צו דער דעקלאַראַציע פון די באָלשעוויקעס און דעקלאַרירט, אַז אוקראַינע טיילט זיך אָפּ פון גרויס־רוסלאַנד און שטרעבט צו שליסן א סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד. ס'איז אָן שום ספק, אַז די דעקלאַראַציע פון אוקראַינישן אוניווערסאַל איז געווען א פעלערהאַפטע דווקא פון נאַציאָנאַלע טעמים, און מיר, די פּועלי־ציון, האָבן דאָס אויסגעדריקט אויפן אוניווערסאַל גופא. ס'איז געווען קלאָר, אַז די אוקראַינישע מדינה וועט זיך נישט קאָנען קיין עצה געבן קעגן ווילהעלמישן דייטשלאַנד און וועט זיך אים אונטערגעבן. און אַזוי איז פאַקטיש געשען. אויב אָבער פון שטאַנדפּונקט פון וויטן היסטאָרישן חשבון זענען די באָלשעוויקעס געווען גערעכט מיט זייער מלחמה קעגן די אוקראַינער איז פון פּראַגמאַטישן שטאַנדפּונקט די מלחמה געווען אין קעגנזאַץ צו זייער דעקלאַראַציע. מען דאַרף אָנערקענען, אַז בנוגע פינלאַנד איז זיך די ראַטנמאַכט אַנדערש באַגאַנגען. און זי האָט זייער ריכטיק געטאָן וואָס זי האָט געשטיצט די פינישע רויטע גוואַרדיע קעגן די ווייסע. אָבער אויך בנוגע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן איז נישט רעאַליזירט געוואָרן די אָקטאָבער־דעקלאַראַציע. אָנשטאָט זעלבסטבאַשטימונג זענען נאָמינירט געוואָרן קאָמיסאַרן פון אויבן אויף אַלע פעלקער, נישט פרעגנדיק קיין דעה ביי די אַרבעטנדיקע פון די פעלקער. ס'איז באַשטימט געוואָרן א צענטראַלער קאָמיסאַריאַט פאַר נאַציאָנאַלע ענינים אונטער דער אָנפירונג פון סטאַלינען, וואָס האָט געהערשט איבער די קאָמיסאַרן פון יעדער נאַציע. אויך דימאַנשטיין איז באַשטימט געוואָרן אלס קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים און אַלע אָן אויסנאַם שיכטן פון יידישן פאָלק האָבן געזען אין דעם פאַקט אַ פגיעה אין דער יידישער אויטאָנאָמיע. אויב מיר וועלן אפילו אָננעמען די הנחה פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אויך אויף דער יידישער גאַס, האָבן געדאַרפט אויסגעוויילטע יידישע אַרבעטער שטיין בראש פון דער יידישער אויטאָנאָמיע און בשום אופן נישט קיין נאָמינאַנטן פון אויבן, פון א דרויסנדיקער מאַכט.

זייענדיק אויפריכטיק דאַרף מען זאָגן דעם אמת, אַז די קאָמיסאַריאַטן פאַר נאַציאָנאַלע ענינים האָבן אָנגעהויבן אַן ענערגישע אַרבעט אין ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו יידן, באַזונדערס אויפן געביט פון קולטור, ווייל זיי האָבן געהאַט צו זייער רשות געגנוג פינאַנסיעלע מיטלען. ס׳האָבן אָנגעהויבן דערשייַנען ליטעראַרישע ווערק. ס׳זענען אָרגאַניזירט געוואָרן קורסן. די מענטשן, וואָס האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען, זענען פריער געווען ווייט פון יידישן לעבן. ווען זיי האָבן אין גאַנג פון דער אַרבעט זיך דערנענטערט צו די יידישע מאַסן, האָבן זיי זיך ערשט דערוווּסט, אַז דאָס לעבן פון די יידן איז גאָרנישט ווי פון די „גוים״, אַז עס איז אין דעם פאַראַן אַ באַשטימטע ספּעציפיק און אַז ס׳איז נייטיק זיך צו פאַרנעמען נישט מיט קולטור־אַרבעט אליין. זיי האָבן אָנגעהויבן גרינדן זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער, איבערגענומען דעם מושב־זקנים אין פּעטראָגראַד, פאַראינטערעסירט זיך מיט דער פּראַגע פון דער רע־עוואַקואַציע פון די יידישע פּליטים. נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, האָבן זיי צוליב דער נאָמינאַציע פון אויבן נישט געקאָנט געווינען די פאַרשידענע פעלקער, זיי האָבן נישט געקאָנט דערוווערבן זייער סימפּאַטיע צו דער ראַטנמאַכט. בלויז אַ טייל פון די לעטן און פּאָליאַקן (לינקע פּ.פּ.ס.) האָבן געשטיצט די ראַטנמאַכט. ביי די איבעריקע פעלקער האָבן זייערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אין בעסטן פאַל, נישט אָנגענומען קיין קעגנערישע שטעלונג צו דער ראַטנמאַכט. אַזוי איז אויך געווען ביי די יידן.

אין סוף פון יאָר 1918 און אָנהייב פון יאָר 1919 האָט די ראַטנמאַכט טייל־ווייז געענדערט איר נאַציאָנאַלע פּאָליטיק. נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, אין נאָוועמבער 1918, ווען ס׳איז פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט דער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, זענען געווען מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אוקראַינע דאַרף זיין אַ זעלבשטענדיקע מלוכה, פאַרשטייט זיך — מיט אַ פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אין דעצעמבער פון 1918 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ווייסרוסלאַנד, צוזאַמען מיטן גובערניאַלן קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אין מינסק, אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז ווייסרוסלאַנד ווערט דערקלערט אַלס זעלבשטענדיקע רעפּובליק. ס׳איז נאָך נישט באַשטימט געוואָרן, צי דאָס וועט זיין אַ ווייסרוסישע רעפּובליק בלויז, אָדער אַ ווייסרוסיש־ליטווישע רעפּובליק. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די ענדערונג איז פאָרגעקומען, נישט בלויז, ווייל די קאָמוניסטן האָבן אָנערקענט זייער פעלער אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, נאָר אויך בכדי צו פאַרמאַכן די מיילער פון די שונאים.

אַזוי צי אַזוי, איז בנוגע פעלקער מיט אייגענע טעריטאָריעס קענטיק געווען אַ געוויסע ענדערונג אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער ראַטנמאַכט.

אָבער לגבי דעם עקסטעריטאָריאַלן יידישן פאָלק איז נישט געווען קיין סימן פון ענדערונג אין איר פּאָליטיק אין דער ריכטונג פון זעלבסטבאַשטימונג.

פון דאנען דרינגט ארויס די באַציִונג פון די פּועלי־ציון צו די קאָמיסאַ־ריאַטן פאַר יידישע ענינים. לכתחילה האָבן מיר זיך באַטייליקט אין דער טעטי־קייט פון די קאָמיסאַריאַטן, הגם מיר האָבן אָנגעוויזן אויף דער סתירה צווישן דעם אופן פון זייער אַנטשטיין מיטן עצם־פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג. מיר האָבן זיך באַטייליקט נאָר אין די ראַטגעבערישע אינסטאַנצן, אָבער נישט אין די אויספיר־אָרגאַנען, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט טראָגן קיין אחריות פאַר זייער טעטיקייט. אויף וויפל ס׳איז נאָר געווען מעגלעך, האָבן מיר געוואָלט אָפּהאַלטן די קאָמיסאַריאַטן פון שריט קעגן דער יידישער אויטאָנאָמיע. אין אַ געשפּרעך מיט דימאַנטשטיינען וועגן דער פראַגע האָט ער מיר בפירוש צוגעזאָגט, אַז כל זמן עס וועלן נישט געשאַפן ווערן קיין אנדערע אינסטאַנצן, וואָס וועלן קאָנען אויספירן די ראָל פון די קהילות, וועט ער זיי נישט פונאַנדערלאָזן. דאָס לעבן איז אָבער געווען שטאַרקער פון דימאַנטשטיינס מיינונג וועגן דער פראַגע. דער אפּע־טיט קומט צוזאַמען מיטן עסן. די סאָוויעטן האָבן אין פאַרשידענע ערטער אָנגע־הויבן פונאַנדערלאָזן די קהילות, ווי דאָס איז פריער געשען אין פּערם און אָריאָל. און דערנאָך האָבן די אָרגאַנען פון די קאָמיסאַריאַטן אויך אָנגעהויבן אַזוי צו האַנדלען.

אויפן סמך פון אָט די פאַקטן איז פּועלי־ציון געקומען צו דער מסקנה, אַז מיר דאַרפן אינגאַנצן אַרויסטרעטן פון די קאָמיסאַריאַטן, ווייל דער ציל, וואָס האָט אונדז ביז איצט מחייב געמאַכט צו באַטייליקן זיך אין זייער טעטיקייט — אָפּצוהאַלטן די קאָמיסאַריאַטן פון פיינטלעכער טעטיקייט לגבי די אינסטיטו־ציעס פון דער יידישער אויטאָנאָמיע — איז נישט דערגרייכט געוואָרן.

אין דער צייט וואָס אונדזער באַציִונג צו די קאָמיסאַריאַטן איז ארויסגע־דרונגען צוליב קעגנערשאַפט צו אַן עיקר־פּרינציפּ, האָבן די בונדיסטן נעגירט די קאָמיסאַריאַטן פאַר יידישע ענינים צוליב גאָר אַנדערע טעמים.

ווי באַוווּסט זענען זיי געווען באַלשעוויקעס אויף דער יידישער גאַס און מענשעוויקעס אויף דער נישט־יידישער גאַס. דאָרט, אויף דער נישט־יידישער גאַס, זענען זיי געווען קעגנער פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, אָבער דאָ, אויף דער יידישער גאַס, זענען זיי געווען קעגנער פון די קאָמיסאַריאַטן דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַריבערגעטראָטן די גרענעצן פון סדום־בעטל פון זייער קולטו־רעלער אויטאָנאָמיע. דאָס קאָן מען זען פון באַשלוס פון מאָסקווער קאָמיטעט פון „בונד״ פון חודש מאַי־יוני פון יאָר 1918.

וואָסער עקאָנאָמישע פּאָליטיק האָט די ראַטנמאַכט דורכגעפירט אין יאָר 1918 ? ווי געזאָגט, האָט זי געשאַפן אַן אויבערראַט פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט

אין אָרטיקע ראטן. אין די ראטן זענען געווען פארשידענע סעקציעס: פּאַפּיר,
פּעל, טעקסטיל, מעטאל און אנדערע. די סעקציעס האָבן געהאט אן אויפגאַבע
אָנצופירן מיט די פארשידענע עקאָנאָמישע צווייגן און אויך מיט די נאַציאָנאַ־
ליזירטע אונטערנעמונגען. אויף אָנצופירן מיט די צווייגן זענען געשאַפן געוואָרן
צענטראַלע אָרגאַנען, ווי „צענטראַל־טעקסטיל", „גלאַווקאָזש" א. א. זייער שווער
איז געווען די אויפגאַבע אָנצופירן מיט די נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעמונגען.
לויטן דעקרעט זענען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן אַזעלכע אונטערנעמונגען, וואָס
זייער גרונט־קאַפּיטאַל איז געווען העכער פון א האלבן מיליאָן רובל. נישט נע־
מענדיק אין באַטראַכט, צי די אונטערנעמונג איז טאַקע גענוג גרויס, און פון אַזאַ
מדרגה, וואָס איז צוגעפּאַסט צום נאַציאָנאַליזירן. ווייל וואָס מער די קאָנצענ־
טראַציע אין אַ געוויסן צווייג האָט דערגרייכט צו אַ העכערער מדרגה. דאָס
הייסט, אַז אין אים זענען געבליבן אַ קליינע צאָל בלויז גרויסע אונטער־
נעמונגען — איז די נאַציאָנאַליזאַציע געווען א לייכטערע. אויב אָבער אין אַ
צווייג זענען פאראַן א סך אונטערנעמונגען אָבער קליינע, איז נייטיק אַ גוט אנט־
וויקלטער מלוכהשער אפּאראַט. און אַזאַ איז נישט געווען. אָנשטאָט אָנהייבן
נאַציאָנאַליזירן גרויסע אונטערנעמונגען און שפּעטער אויפן סמך פון דערוואָר־
בענער דערפאַרונג נאַציאָנאַליזירן בהדרגה נאָך אונטערנעמונגען — האָט די
מאַכט געוואָלט מיט איין דעקרעט נאַציאָנאַליזירן אַלע אונטערנעמונגען מיטאַמאָל,
נישט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם מצב פון יעדער נאַציאָנאַליזירטער אונטער־
נעמונג. דער ציל פון דער נאַציאָנאַליזאַציע איז דאָך, אז דער מערווערט זאָל
נישט גיין אין קעשענע פון יעדן איינציקן באַלעבאָס, נאָר אין דער מלוכה־קאַסע
לטובת הכלל. דאָס איז דאָך אַן עיקר־פּרינציפּ פון סאָציאַליזם. די אַרבעט דאַרף
זיין אַ קאָלעקטיווע און אויך דאָס אויסנוצן די פּראָדוקטן פון דער אַרבעט איז
מחויב צו זיין קאָלעקטיוו. ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? אויב די אונטערנע־
מונג אַרבעט און שאַפט מערווערט. אויב אָבער די אונטערנעמונג איז אין אַ
שווערן מצב און זי פּראָדוצירט נישט צוליבן מאַנגל אין רוישטאָפן, ברענגט נישט
דאָס נאַציאָנאַליזירן זי קיין שום נוצן דער מלוכה. פאַרקערט, זי ווערט באַשווערט
מיט דער פליכט אויסצוצאָלן שכירות די אַרבעטער וועלכע ארבעטן נישט. די
מאַכט האָט אָבער אַנדערש געהאַנדלט: ווי נאָר זי האָט באַקומען אַ ידיעה, אז א
געוויסע אונטערנעמונג ארבעט נישט, האָט זי גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל זי צו
נאַציאָנאַליזירן. ס'איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, אַז ווען ס'איז פאָרגעשטעלט
געוואָרן דער האַלביאָריקער מלוכה־בודזשעט פון יאָר 1918, האָבן די נאַציאָנא־
ליזירטע אונטערנעמונגען פיגורירט, נישט אויף דער קאָנטע פון די הכנסות, נאָר
אויף דער קאָנטע פון די הוצאות. פון די אונטערנעמונגען איז געווען פאָרויס־
צוזען אין דעם האַלבן יאָר אַ דעפיציט פון 880 מיליאָן רובל.

און ווי איז דורכגעפירט געוואָרן די נאַציאָנאַליזאַציע פון די באַנקען? מען האָט נישט צוגעגרייט פון פאָרויס קיין שום אַפּאַראַט, קיין שום פּלאַן צו קאָנצענטרירן די באַנק־טראַנזאַקציעס אין איין אָדער עטלעכע באַנקען. אין איין טאָג זענען אַלע באַנקען דערקלערט געוואָרן אַלס נאַציאָנאַליזירטע און זיי זענען אין זעלבן טאָג געשלאָסן געוואָרן און אין משך פון צוויי חדשים נישט געווען טעטיק. ווען מען האָט זיי דערנאָך געעפנט זענען די באַאַמטע, וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן אויף זייערע אַמטן, געבליבן כמעט אָן ארבעט. אזוי איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ דעקרעט וועגן דער נאַציאָנאַליזאַציע פון אויסלענדישן האנדל. דער האנדל איז אין אלגעמיין געווען זייער א שוואכער און האָט זיך געפירט נאָר דורך שוועדן. נאָך דער נאציאָנאַליזאַציע איז ער נאָך שוואכער געוואָרן.

אויך די סאָוויעטישע פינאַנס־פּאָליטיק איז אין אָנהייב געווען אויסער יעדער פּלאַנירונג. אין סוף יאָר 1917 און אין דער ערשטער העלפט פון 1918 איז בכלל נישט געווען קיין בודזשעט. ערשט אין סעפּטעמבער פון יאָר 1918 איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ בודזשעט פאַרן לויפנדיקן האלביאָר. די הוצאות האָבן באַטראָפן 27.5 מיליאַרד רובל. די גרעסטע פּאָזיציע פון די הוצאות איז געווען פון קריגס־קאָמיסאַריאַט. די הכנסות האָבן זיך געטיילט אויף צוויי קאַטעגאָריעס: די רעגולערע הכנסה, וואָס האָט לויטן פּרעלימינאַר־בודזשעט באַטראָפן 2,5 מיליארד רובל, און די נישט רעגולערע הכנסה, וואָס האָט געזאָלט אַריינפליסן פון אַן איינמאָליקן שטייער, באַשטימט דורך דעם צענטראַלן עקזעקוטיוו. די שטייער־קוואָטע איז צעלייגט געוואָרן אויף פאַרשידענע שטעט. אויף מאָסקווע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ קוואָטע פון צוויי מיליאַרד רובל, אויף פּעטראָגראַד — אנדערהאלבן מיליארד. ארום און ארום האָט דער שטייער געדאַרפט אריינטראָגן צען מיליארד רובל. דער בודזשעט איז פון פאָרויס פאַרפּרעלימינירט געוואָרן מיט א דעפיציט פון 15 מיליארד רובל. אין דער אמתן איז דער דעפיציט געווען א סך א גרעסערער. די גרויסע נאציאָנאַליזירטע אונטערנעמונגען האָבן געהאט בלויז דעפיציטן. די קליינע אונטערנעמונגען זענען געשטאנען צוליבן מאנגל אין רוישטאָפן. די בורזשואזיע, וועלכע האָט בלי ספק געהאט מזומן געלט אין זילבער און אין גאָלד, איז פארשוווּנדן געוואָרן פון האָריזאָנט. ס'איז אויך קיין ספק נישט, אַז די צען מיליארד, וואָס האָבן געזאָלט אריינפליסן פון איינמאָליקן שטייער, זענען נישט איינגעמאָנט געוואָרן.

ווי זשע דעקט מען דעם גרויסן דעפיציט? אויף דעם איז פאראַן א פּשוט און אלט מיטל: מען האָט געדרוקט קליינע געלט־אָבליגאַציעס, וואָס מען האָט דאַן גערופן „קערענקעס" — נאָך פון קערענסקיס צייטן — אין ווערט פון 20 און 40 רובל. מען האָט געדרוקט א סך באַנקנאָטן, גאַנצע בויגנס פון „קערענקעס". אזא זאך דערפירט אומבאדינגט צו אינפלאַציע.

אויפן געביט פון אפראָוויזאציע האָט די ראטנמאכט געטאָן אלץ, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט. זי האָט אויף זיך גענומען די זאָרג פאַר דער באַשפּייזונג פון דער באַפעלקערונג און באַמיט זיך דאָס צו קאָנצענטרירן אין אירע הענט. אין די גרויסע שטעט, ווי מאָסקווע, פעטראָגראַד, זענען געעפנט געוואָרן געזעלשאַפט־לעכע קיכן, ווו מען האָט געקאָנט קריגן פּשוטע ביליקע מיטאָגן. די פּריוואַטע רעסטאָראַנען זענען פארמאכט געוואָרן. אלע פּראָדוקטן פלעגן געבראכט ווערן אין מלוכהשע באַשפּייזונגס־אינסטיטוציעס און דאָרט פלעגט מען זיי פאַרטיילן דער באפעלקערונג לויט פיר קאטעגאָריעס.

באַזונדער שווער איז אָנגעקומען דער צושטעל פון ברויט. די רעגירונג האָט באַשטימט דעם פּרייז פון ברויט און פלעגט אַ׳ים כסדר העכערן. פונדעסט־וועגן האָט ברויט געפעלט, באַזונדערס אין די גרויסע שטעט. אמת, אין די דער־פער איז געווען א סך ברויט. דער פויער האָט אָבער נישט געוואָלט ברענגען דאָס ברויט אין שטאָט אַריין. ער האָט געטענהט, און מיט רעכט, אַז היות ס׳איז נישט איינגעפירט קיין מלוכהשע קאָנטראָל איבער די פאַרשידענע פּראָדוקטן, וואָס ער דאַרף איינקויפן אין שטאָט, קאָן ער נישט פאַרקויפן זיינע פּראָדוקטן און ברויט לויט אַן אָפיציעלן פּרייז. דער פויער האָט פאַרקויפט זיין ברויט צו ספּעקולאַנטן פאַר אַ געשוואָלענעם פּרייז, און דער ספּעקולאַנט האָט עס ווידער פאַרקויפט פאַר אזא פּרייז, וואָס נאָר וויניקע האָבן זיך געקאָנט דערלויבן צו צאָלן. אמת, די רעגירונג האָט געפּרווט באַשטימען פּרייזן אויך אויף אַנדערע פּראָדוקטן, אָבער צוליבן מאַנגל אין רוישטאָפן האָט זיך די רעגירונג באַמיט צו קאָנצענטרירן אין אירע הענט די פּראָדוקטן, כדי צו קאָנען זיי פאַרטיילן דער באַפעלקערונג נישט לויט אירע באַדערפעענישן, נאָר לויט דעם סכום, וואָס איז געשטאַנען צו איר רשות. אין אַזא סיטואציע האָט מען נישט געקאָנט געבן דעם פויער וויפל ער האָט זיך געגייטיקט, און ער האָט ווייטער פארקויפט זיין ברויט צו ספּעקולאנטן. די רעגירונג ווידער האָט געפירט אַ קאמף מיט דער דאָזיקער ספּעקולאציע. פון דאנען נעמט זיך די נישט־שטאַנדהאַפטיקייט פון דער רעגי־רונגס־פּאָליטיק אויף דעם געביט. צוערשט האָט מען פאַרבאָטן אַריבערצופירן געברויך־אַרטיקלען, דערנאָך האָט מען דערלויבט אַריבערצופירן אַ קליינע צאָל פאַרן פריוואָטן געברויך, נאָך שפּעטער האָט מען דאָס דערלויבט אויסשליסלעך געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. צוערשט האָט מען אָרגאַניזירט גרופּעס פון צווישן די מלוכה־באאמטע אין די קאָמיסאַריאַטן און מען האָט זיי געשיקט אין די ווייטע מקומות איינצוקויפן דאָרט ברויט און מעל און ברענגען פאַר די אַרבע־טער פון זייערע אינסטיטוציעס. דערנאָך האָט מען געשיקט ספּעציעלע אָפּטיילונ־גען „פּראָדאָטריאַדן”, וואָס האָבן געצווונגען די פויערים אָפּצוגעבן דאָס ברויט דער מלוכה. די מלוכה, האָט אַזויארום אויסגעפּרווט פאַרשידענע וועגן, ס׳איז

איר אָבער נישט געלונגען. און עס איז נישט געווען איר שולד. זי האָט געהאָפט, אַז ווען ס׳וועט זיך ענדיקן דאָס בלוט־באָד אויף דער וועלט און עס וועלן באַנייט ווערן די נאָרמאַלע באַציונגען צווישן די מלוכות, וועלן אין רוסלאַנד זיין אַלע נייטיקע רוישטאָפן. דאָס ברויט וועט מען אַרויסנעמען פון דער באַהעלטעניש און די באַשפּייזונגס־פּראָגע וועט געלייזט ווערן.

וואָס שייך דער אַגראַר־פּראָגע, איז די רעגירונג געווען געצווונגען, גלייך נאָך דער אַנטשטייונג פון דער ראַטנמאַכט, אָפּצוטרעטן פון די אָנשויונגען פון איר פּאַרטיי. די ס.ר.׳ן האָבן געהאַלטן, אַז אין דער דאָרפישער געמיינדע („אָבּ־שטשינע״) האָבן זיך אויסבאַהאַלטן רעשטן פון פּאַרצייטיקן קאָמוניזם. זיי האָבן עס געדרונגען פון דעם, וואָס דער באָדן האָט נישט געהערט צו יעדן פּויער, נאָר צום גאַנצן דאָרף, און מען פלעגט אים איבערטיילן פון מאָל צו מאָל, ס׳רוב איין מאָל אין 24 יאָר, צווישן די פּויערים, לויט דער צאָל נפשות אין יעדער פאַמיליע. די „אָבשטשינע״ איז אויך געווען אַלס גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אָפּצאָלן די שטייערן. דערפאַר האָבן די ס.ר.׳ן געהאַלטן, אַז די דאָרפישע „אָבשטשינע״ קאָן דינען אַלס עיקרדיק קעמערל פאַר א סאָציאַליסטישער אָרדענונג אין דאָרף. פון דאַנען האָט אויך אַרויסגעדרונגען זייער שטעלונג אין דער פּראָגע. לויט זייער פּלאַן, האָט מען די ערד געדאַרפט איבערגעבן אין רשות פון דאָרף און דאָס דאָרף זאָל זי צעטיילן לויט די באַדערפענישן פון די פּויערים. דאַקעגן האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן געהאַלטן, אַז די ערד דאַרף ווערן דאָס אייגנטום פון דער מלוכה און יעדער פּויער זאָל פון איר באַקומען אין אַרענדע אַזויפיל ערד, וויפל ער איז בכוח אַליין צו באַאַרבעטן. דער אַגראַר־וויכוח צווישן די צוויי פּאַרטייען האָט זיך געצויגן צענדליקער יאָרן. ווען די באָלשעוויקעס האָבן געשאַפן די ראַטנמאַכט, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט, אַז זיי זענען איזאָלירט. כדי צוצוציִען צו זיך די לינקע ס.ר.׳ן, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר די פאָרשטייער פון פּויערנטום, האָבן זיי מסכים געווען צו סאָציאַליזירן די ערד, לויט דעם פּראָגראַם פון די ס.ר.׳ן און זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פון זייער פּראָגראַם פון נאַציאָנאַליזאַציע. דאָס האָט אפילו באַווירקט די פּויערים־קאָנפערענץ אין סוף פון יאָר 1917 זי זאָל אָננעמען אַ באַשלוס וועגן צושטיין צו דער ראַטנמאַכט. אמת, דער בונד צווישן די באָלשעוויקעס און די לינקע ס.ר.׳ן איז דערנאָך בטל געוואָרן צוליבן אָננעמען די שלום־באַדינגונגען מיט דייטשלאַנד, אָבער די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד איז שוין געווען אַ געשעענער פאַקט.

וואָסערע זענען געווען די רעזולטאַטן פון דער סאָציאַליזאַציע? אין דאָרף האָט זיך באַוויזן אַ גאַנץ שטאַרקע גרופּע, וואָס האָט שוין באַקומען פון דער רע־וואָלוציע דאָס, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. זי איז נישט געווען פאַראינטערעסירט אין איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג צוליב דער מורא, טאָמער וועט מען ביי איר

אָפּנעמען אויף צוריק די ערד. ס׳זענען אין דאָרף געווען אויך אָרעמע פּויערים, וואָס האָבן נישט געקאָנט אַליין באַארבעטן זייער חלק ערד, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט דעם נייטיקן אינווענטאַר און נישט קיין געלט אויף זריעה א.א.וו. די רייכע פּויערים זענען נישט געווען פאַראינטערעסירט אין צושטעלן זעלנער פאַרן מי־ליטער און אויך נישט אין באַזאָרגן די שטאָט מיט ברויט. פּונקט ווי די בור־זשואַזיע אין יאָר 1917, האָבן זיי געוואָלט פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע אין דעם פּונקט, צו וועלכן זיי זענען דערגאַנגען. היות די רעגירונג האָט געוואָלט פאָרסירן די רעוואָלוציע און דערפירן צו אַ סאָציאַליסטישער אָרדע־נונג אין דאָרף, זענען די קולאַקעס געוואָרן די שונאים פון דער נייער רעגירונג. דאָס איז דער קוואַל פון די פּויערים־בונטן, אין ריאַזאַנער, טאַמבאָווער און מאָס־קווער גובערניעס. צו דער פאַרשטאַרקונג פון די אומרוען האָבן אויך מיטגעווירקט די „פּראָדאָטריאַדן״, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אין די דערפער צו קאָנפיסקירן דאָס ברויט און די קאָמיטעטן פון די אָרעמע פּויערים, די „קאָמבעדן״, וואָס די רעגירונג האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין די דערפער, כדי זיי זאָלן דינען ווי אַ כוח קעגן די קולאַקעס.

לענין, וואָס איז געווען באַזונדערס פּילבאַר צו יעדער שטערונג אין אויפ־בוי פון דער סאָוויעטישער מלוכה, האָט זיך דער ערשטער אָפּגעשטעלט אויף די פעלערן אין דער רעגירונגס־טאַקטיק אויפן דאָרף. אין נאָוועמבער 1918 זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן לענינס אַרויסזאָגונגען, אין וועלכע ער האָט באַטאָנט, אַז די רעגירונג האָט געמאַכט אַ פעלער מיט דעם, וואָס זי האָט זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיטן מיטעלן פּויער און אַז מען דאַרף זיי דערנענטערן און אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט דער פּויערישער אָרעמקייט קעגן די קולאַקעס. אין אָנהייב פון יאָר 1919, האָט מען טאַקע אָנגעהויבן ליקווידירן די „קאָמבעדן״ אויפן דאָרף. היות די רע־גירונג האָט זיך נישט געקאָנט צוריקציען פון דער סאָציאַליזאַציע פון דער ערד, וואָס זי האָט אַליין פּראָקלאַמירט, האָט זי געמוזט איינגיין אויף געוויסע הנחות לגבי די מיטעלע פּויערים.

די ענינים פון אַרבעט זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אין אַ ספּעציעלן קאָמיסאַריאַט, וואָס האָט געהאַט עטלעכע אָפּטיילונגען.

אַ באַזונדערע אָפּטיילונג האָט זיך פאַרנומען מיטן באַשטימען די הייך פון די שכירות פאַר אַלע פּראָפעסיעס. אין דער אָפּטיילונג זענען געווען פאַר־שטייער פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. זי האָט אויך באַשטימט די ארבעטס־צייט אין דער פּראָדוקציע, אין די אַמטן א.א.וו.

די קאַסע פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג איז געווען באַשטימט פאַר אַרבעטס־פאַרזיכערונג אין פאַל פון אומגליקס־פאַרפאַלן ביי דער אַרבעט, פון אינוואַ־לידשאַפט, פון קראַנקהייטן א.א.וו.

אַ באַזונדערע אָפּטיילונג האָט זיך פאַרנומען מיטן פאַרמיטלען אין סיכסו־כים צווישן ארבעטער און אַרבעטס־געבער. אין משך פון א גאַנץ יאָר האָט געהערשט אַ פּלאָנטער אין דעם ענין, ווייל אַזעלכע קאָמיסיעס און אָפּטיילונגען האָבן אויך עקזיסטירט ביי די צענטראַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און ביי די סאָוויעטן אין די שטעט. אין פאַל פון אַ נויטיקייט אין פארמיטלונג צוליב אַ סיכסוך, האָט יעדער צד זיך געווענדט צו דער אינסטיטוציע, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבן. סוף יאָר 1918 איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ באשטימטער סדר: דער ערשטער עטאַפּ איז געווען די פארמיטלונג פון דער סיכסוכים־קאָמי־סיע ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ערשט דערנאָך זענען די ענינים איבער־געגאַנגען צו דער סיכסוכים־אָפּטיילונג פון אַרבעטס־קאָמיסאַריאַט.

ס׳איז אויך געווען אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט נאָכפרעג און אָנבאָט פון אַרבעט אויפן אַרבעטס־מאַרק. די אָפּטיילונג האָט געהאַט די אויפזיכט איבער די אַרבעטס־בירזשעס. די עיקר־אויפגאַבע פון דער אָפּטיילונג איז געווען צו קעמפן מיט אַרבעטסלאָזיקייט. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן אויף אַ געהעריקן ניוואָ. די עקאָנאָמישע שוועריקייטן האָבן אוממעגלעך געמאַכט די אַנטשפּרעכנדיקע פונאַנדערטיילונג פון די אַרבעטסלאָזע צווישן די פארשי־דענע ערטער. אין די ערטער, ווו דער הונגער איז געווען שטאַרק, למשל אין דער צפונדיקער קאָמונע, האָבן שטענדיק געפעלט אַרבעטס־הענט. דאָקעגן פלעגן זיי מאַסנווייז גיין אין די ערטער, ווו עס איז בעסער געווען מיט באַשפּייזונג. אין יענע פלעצער איז געווען אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט.

עס האָט זיך אויך דאַן שטאַרק פונאַנדערגעבליט דער פּראָטעקציאָניזם אין די מלוכהשע אַנשטאַלטן; אַ סך אַרבעטער פלעגן צוגענומען ווערן צו דער אַרבעט נישט דורך די אַרבעטס־בירזשעס.

אין דער פראַגע פון דער באַציונג מצד דער רעגירונג צו די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַריינען דאַרף מען אונטערשיידן צוויי פעריאָדן: אין יאָר 1918 איז געווען אַזאַ פארטיילונג פון די ראָלן צווישן די ארבעטס־קאָמיסאַריאַטן און די פּראָפע־סיאָנעלע פאַריינען: די קאָמיסאַריאַטן זענען געווען געזעצגעבערישע אינסטאַנצן, די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אָבער האָבן אָפּגעהיטן, אַז די געזעצן און די אינ־סטרוקציעס פון די קאָמיסאַריאַטן זאָלן רעאַליזירט ווערן. פון אָנהייב 1919 איז אין די רעגירונגס־קרייזן אַרויסגעשווומען דער פאָרשלאַג, מען זאָל פאַרוואַנדלען די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין אויסשליסלעך מלוכהשע אָרגאַניזאַציעס. אַרום דער פראַגע האָט זיך דערנאָך פונאַנדערגעוויקלט אַ דיסקוסיע אין דער באָלשע־וויסטישער פאַרטיי.

ס׳איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויך אויף דער פראַגע פון אַרבעטס־קאָנט־ראָל און אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט.

באַלד נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע איז שרעקלעך געפאַלן די פּראָ־דוקציע. די סיבות דערצו זענען געווען די פאַרערגערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע און אויך די פאַרקירצונג פון אַרבעטס־טאָג. די רעוואָלוציע איז פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג געווען אַ גרויסער יום־טוב און נישט לייכט איז אָנגעקומען דעם אַרבעטער, נאָך דעם גרויסן יום־טוב, צוריק אַריינצוגיין אין דעם אַרבעטס־שפּאַן. דעריבער איז איינע פון די גרויסע זאָרגן פון דער ראַטנרעגירונג געווען — צו פאַרגרעסערן די אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט. די באָלשעוויקעס האָבן דערצו נישט געהאַט קיין אַנדער מיטל, ווי איינפירן רעקאָרד־אַרבעט און אַריינברענגען ספּעציעלע אינזשעניערן, כדי אַזויאַרום הייבן די פּראָדוקציע אין די פאַבריקן. די אינטערנאַציאָנאַליסטן האָבן אויפגעהויבן אַ שווערן קאַמף קעגן דעם סיסטעם פון רעקאָרד־ארבעט. אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע געקעמפט קעגן רעקאָרד־אַרבעט, ווייל דעמאָלט וויל דער אַרבעטער וואָס מער פאַרדינען, ער אַרבעט איבערשעהן און דאָס ווירקט צעשטערעריש אויף זיין געזונט און דעמאָראַליזירט אים גייסטיק. צי זענען דען נישט גילטיק די זעלבע מאָטיוון פאַר דער ראַטנמאַכט? אויף דעם האָבן געענטפערט די באָלשעוויקעס, אַז ביי דער ראַטנמאַכט אַרבעט נישט דער ארבעטער פאַרן פאַבריקאַנט, נאָר פאַר זיך אַליין. יענע ווידער האָבן געטענהט: איינס פון די ביידע, איז דער אַרבע־טער אַ באַוווסטזיניקער מענטש און פאַרשטייט, אַז ער אַרבעט פאַר זיך אַליין — איז דאָך נישט נייטיק איינצופירן רעקאָרד־אַרבעט, גענוג וועט זיין אים אויפ־צוקלערן, אַז ער דאַרף מער פּראָדוצירן פאַר זיך און פאַר דער מלוכה. אויב אָבער ער איז נישט קיין באַוווסטזיניקער מענטש, און די אויפקלערונג וועט נישט העלפן — וועט דאָך די רעקאָרד־ארבעט אויף אים ווירקן אַזוי, ווי זי האָט גע־ווירקט בעת דער בורזשואזער אָרדענונג.

ס'איז קיין ספק נישט, אַז דאָס מיטל האָט פאַרשטאַרקט די עגאָיסטישע אינסטינקטן פון די אַרבעטער און גורם געווען שוועריקייטן אין דער ארבעט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען. אין האַרבסט 1918 האָבן די באָלשעוויקעס אָנער־קענט זייער טעות און אין סעפּטעמבער איז באַשלאָסן געוואָרן — אויף די באַ־ראַטונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די פאָרשטייער פון ראַט פון די פּעטראָגראַדער אַרבעטער — אָפּצושאַפן די רעקאָרד־אַרבעט.

ענלעך צו דעם איז אויך געווען מיט דער פראַגע פון אַרבעטס־קאָנטראָל. נאָך פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן די באָלשעוויקעס אַרויסגערוקט די פאָדערונג איינצופירן אַן ארבעטס־קאָנטראָל אויף דער פּראָדוקציע. זיי האָבן דאָס רעאַליזירט ווען זיי האָבן איבערגענומען די מאַכט. לויטן דעקרעט איז יעדער אַרבעטער־קאָמיטעט פון אַ פאַבריק מחויב געווען צו שאַפן אַ קאָנטראָל־קאָמי־סיע מיט דער אויפגאַבע צו באַשטימען די פּראָדוקציע־נאָרמעס אין יעדער

פאַבריק און דעם פּרייז פון די פּראָדוקטן — לויט דער אויסרעכענונג פון די הוצאות פון דער פאַבריק; קאָנטראָלירן די בוכפירונג, די אַדמיניסטראַטיווע ארבעט, די פינאַנסן א.א.וו.

מיר האָבן געטענהט, אַז די קאָנטראָל דאַרף זיין אַ צענטראַלע און אַז מען דאַרף צופּאַסן די פּראָדוקציע פון יעדער פאַבריק צו דער אלגעמיינער פּראָדוקציע אין לאַנד; די פּרייזן דאַרף מען נישט באַשטימען לויט דער אויסרעכענונג פון די הוצאות פון דער אָדער יענער פאַבריק, נאָר איינשטעלן אַ דורכשניט פון די קאָסטן פון אַ פּראָדוקט פון אַלע אונטערנעמונגען פון דעם געגעבענעם פּראָדוקציע־צווייג אין גאַנצן לאַנד. ווען ס׳איז אַרויס דער דעקרעט, האָב איך געשריבן: „ווער ס׳איז באַהאַוונט אין עקאָנאָמישע פראַגן פאַרשטייט, אַז מען טאָר נישט צונויפמישן די צוויי באַגריפן: קאָנטראָל פון דער פּראָדוקציע און פּלאַנירונג פון דער פּראָדוקציע. מען דאַרף פריער באַשטימען די פאָרמען און די אינסטאַנצן פון דער פּראָדוקציע־פּלאַנירונג, און ערשט דאַן וועט איבערגעגעבן ווערן די אָרטיקע קאָנטראָל־אָרגאַנען דאָס רעאַליזירן די אינסטרוקציעס פון די צענטראַלע פּלאַניר־אינסטאַנצן. כדי דער מאַרק זאָל נישט פאַרפלייצט ווערן פון אַ גרויסער צאָל פּראָדוקטן, כדי אויסצומיידן די הויפּט־מחלה פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג — אַנאַרכיע פון דער פּראָדוקציע, וואָס קומט ווי אַ רעזולטאַט פון דער פרייער קאָנקורענץ, — דאַרף די רעגירונג קודם־כל באַשטימען דעם סכום פון די פּראָדוקטן, וואָס די באַזונדערע פּראָדוקציע־צווייגן דאַרפן פּראָדוצירן. דערנאָך באַשטימען פּראָדוקציע־קוואָטעס פאַר יעדער אונטערנעמונג. אויב אָבער יעדער אונטערנעמונג, ריכטיקער געזאָגט, יעדער קאָנטראָל־אָרגאַן, וועט באַשטימען דעם סכום פון די פּראָדוקטן, וואָס די אונטערנעמונג דאַרף פּראָדוצירן, נישט רעכענדיק זיך מיט דער אַלגעמיינער באַדערפעניש פון אינעווייניקסטן מאַרק, נאָר מיט די באַדערפענישן פון דער אונטערנעמונג צו באַזאָרגן זיינע אַרבעטער מיט אַרבעט; און אויב די פּלאַנירונג פון דער פּראָדוקציע וועט זיך נישט רעכענען מיטן מצב פון מאַרק, נאָר בעיקר מיט די אינעווייניקסטע באַדינגונגען פון דער אונטערנעמונג גופא, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ס׳וועט נישט אויסגעמיטן ווערן די אַנאַרכיע פון דער פּראָדוקציע, מיט אירע אַלע רעזולטאַטן, און ס׳וועט נישט אויסגעמיטן ווערן די קאָנקורענץ פון די אונטערנעמונגען, צווישן זיך גופא... די עגאָאיסטישע טענדענצן פון די ארבעטער אין די אונטערנעמונגען וועלן נאָך שטאַרקער ווערן, ווען זיי וועלן צוטרעטן צו רעאַליזירן דעם דעקרעט וועגן אר־בעטס־קאָנטראָל אין דער אונטערנעמונג״.

אין מיין ארטיקל האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שוועריקייט, וואָס ליגט אין באַשטימען די פּרייזן אויף די פּראָדוקטן דורך יעדער איינציקער אונ־טערנעמונג, אָדער ריכטיקער געזאָגט: דורך זיין קאָנטראָל־קאָמיסיע — לויט

די פּראָדוקציע־הוצאות פון דער געגעבענער אונטערנעמונג. אַלס רעזולטאַט דער־פון וועט זיך באַקומען, אַז אויפן מאַרק וועט נישט זיין קיין אוניפיצירטער פּרייז פאַר די זעלבע פּראָדוקטן, צוליבן אונטערשיד אין די פּראָדוקציע־הוצאות אין די פאַרשידענע אונטערנעמונגען, וואָס פּראָדוצירן די זלעבע פּראָדוקטן.

דיווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט אַלע מיינע הנחות. די קאָנטראָל־קאָמיסיעס האָבן זיך אינגאַנצן נישט גערעכנט מיט דער לאַגע אויפן מאַרק און מיט די אַנדערע אונטערנעמונגען פון דעם זעלבן פּראָדוקציע־צווייג. סוף כל סוף האָבן זיך די באָלשעוויקעס אויך אין דער פראַגע געכאַפּט אויף זייער טעות, די באָלשעוויקעס זענען בדרך כלל נישט געווען פאַרעקשנט ביים בייטן זייער טאַקטיק. לענין האָט געלערנט, אַז אויב אַ געוויסע טאַקטיק דינט נישט דעם ציל, דאַרף מען נישט אָפּשלעפּן, נאָר גלייך זיך אָפּזאָגן פון איר.

אין איינעם פון זיינע אַרויסטריטן, אין פרילינג 1918, האָט לענין מודה געווען, אַז דער דערמאָנטער דעקרעט איז אַ פעלער. די באָלשעוויקעס האָבן אָנ־געהויבן באַגרענעצן די פולמאַכטן פון די קאָנטראָל־קאָמיסיעס און ביסלעכווייז האָבן זיי אָפּגעשאַפן די לאָקאַלע קאָנטראָל און איינגעפירט אַ צענטראַלע קאָנטראָל.

גלייך נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז אין רוסלאַנד פאַרבאָטן געוואָרן יעדע פאָרם פון אַ שטרייק, און מיט רעכט, ווייל די שטרייקן וואָלטן דאַן געקאָנט געווענדט זיין בלויז קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס גופא. היות עס זענען געשאַפן געוואָרן אָרגאַנען צו דערליידיקן אַלע סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און אַר־בעטס־געבער, איז שוין במילא נישט געווען קיין באַדערפעניש אין קיין שום שטרייקן. זיי האָבן נאָר געקאָנט זיין ווילדע און שעדלעכע.

אויפן געביט פון בילדונג און קולטור האָט די ראַטנמאַכט אַ סך אויפגע־טאָן. זי האָט נישט געקאַרגט קיין אָנשטרענגונג אַוועקצושטעלן די פראַגע פון בילדונג אויף אַ הייך. עס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן רעפאָרמען, נישט בלויז אין שול־וועזן, נאָר אויך אויפן געביט פון יעדער קולטור־אַרבעט צווישן די אַר־בעטער. מען האָט געזאָרגט, נישט בלויז צו געבן אַ סיסטעמאַטישע בילדונג, נאָר אויך צו שאַפן די מעגלעכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַלע פעיקייטן פון אַרבעטער. גלייך נאָך דער רעוואָלוציע האָט די רעגירונג איינגעפירט אַ נייע אָרטאָגראַפיע. די עיקר אַרבעט אויף דעם געביט איז אָפּגעטאָן געוואָרן נאָך אין קערענסקיס צייטן — דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, בראש מיטן רעקטאָר פון מאָסקווער אוניווערסיטעט, מאַנואילאָוו. די לערער אין אַלע פאָלקס־שולן און מיטל־שולן איז געווען אומזיסט; די קינדער האָבן אָן קיין שום אָפּצאָל באַקומען אַ פרישטיק און לערנביכער; דער אַריינטריט אויף אַ הויכשול האָט נישט מחייב געווען קיין דיפּלאָם פון אַ מיטלשול. די ראַטנמאַכט האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף

געבן אַ מעגלעכקייט צו לערנען יעדן וואָס וויל נאָר. אויב דער תלמיד איז נישט פעיק, וועט ער אַליין פאַרלאָזן די לימודים און אויב ער איז פעיק — דאַרף נישט דאָס פעלן פון דער מאַטעריעלער אָפּהאַלטן אים פון לערנען. ס׳האָט געקאָנט אויסזען ווי אַ סכנה, אַז די הויכשולן וועלן צופיל פאַרפלייצט ווערן פון די שטור־דירנדיקע. שפּעטער אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ מורא איז געווען נישט באַרעכטיקט. די רעגירונג האָט אויך געזאָרגט פאַר די קינדער, וועלכע האָבן צוליב דער אָדער יענער סיבה, נישט געלערנט אין קיין שום שול.

אין זומער פון 1918 זענען די קינדער פון די ארבעטער, באַזונדערס פון מאָסקווע און פּעטראָגראַד, אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף זומער־קאָלאָניעס. דאָס איז געווען אויפן אָרט, ווייל די קינדער, פּונקט ווי זייערע עלטערן, האָבן נישט בלויז נישט געהאַט קיין פרישע לופט אין שטאָט, נאָר זייער באַשפּייזונג איז געווען זייער שוואַך. מיטן דורכפירן די דאָזיקע אַרבעט האָבן זיך פאַרנומען די פּראָפע־סיאָנעלע פאַריינען. די יידישע קינדער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף זומער־וווינונג דורך דעם קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים.

אויף די פאַריינען איז אויך אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט צו פירן די קולטור־אַרבעט צווישן די ארבעטער. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע אָר־גאַניזאַציעס „פּראָלעטקולט״ (פּראָלעטאַרישע קולטור) און זיי האָבן געדאַרפט פירן די קולטור־אַרבעט. עס זענען צונויפגערופן געוואָרן עטלעכע קאָנפערענצן פון די אָרגאַניזאַציעס, אויף וועלכע מען האָט באַשטימט זייערע אויפגאַבן. ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זענען געגרינדעט געוואָרן דראַמאַטישע סעקציעס, שולן פאַר דערוואַקסענע. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קורסן פאַר אַקטיאָרן, קורסן פאַר רעפערענטן און ענלעכע. עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס פאַר פיזישער קולטור. דער געביט האָט זיך זייער שיין אַנטוויקלט. בקיצור, די ראַטנמאַכט איז געגאַנגען אויף דעם ריכטיקן וועג — אָפּצושאַפן דעם פּרינציפּ פון דער בורזשואַזער אָרדענונג, וואָס זאָגט, אַז עס לערנט נישט דער, וואָס איז פעיק און וויל לערנען, נאָר דער וואָס האָט רייכע עלטערן. די „קינדער פון די קעכינס״ האָבן דאַן באַקומען די אַלע מעגלעכקייטן, וואָס עס האָבן פריער געהאַט נאָר די קינדער פון דער אַריסטאָקראַטיע.

אויפן געביט פון געזעצגעבונג און געריכטס־וועזן האָט זיך דער ראַטנ־מאַכט נישט איינגעגעבן עפּעס ממשותדיקס אויפצוטאָן, נישט געקוקט אויפן גוטן ווילן צו רעאַליזירן די אַנטשפּרעכנדיקע שינויים אָן שטערונגען. גלייך נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ דעקרעט, וואָס אַנו־לירט די אַלע געזעצן פון דער רוסישער מלוכה, וועלכע זענען אין סתירה צום פּראָגראַם פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. די רעגירונג האָט געוואָלט זיך

לייכטער מאַכן די ארבעט: אַנשטאָט אַוועקצוזעצן יוריסטן וואָס זאָלן באַשטימען וועלכע געזעצן אַנטשפּרעכן נישט די פּרינציפּן פון דער פּאַרטיי — און דאָס איז געווען אַ ריזיקע אַרבעט, ווייל אַלע געזעצן פון דער מלוכה, זענען געווען קאָע־דיפיצירט אין זעכצן דיקע בענדער — האָט מען דאָס איבערגעגעבן יעדן איינ־ציקן ריכטער. צי קאָן דען אַ ריכטער, מעג ער זיין דער סאַמע געלערנטסטער, לעזן אַזאַ קאָמפּליצירטע פראַגע? אויך דער באַשטאַנד פון די געריכטן האָט זיך געענדערט פון איין באַפעל צום צווייטן. צוערשט זענען געשאַפן געוואָרן פאָלקס־געריכטן אין באַשטאַנד פון דריי פּערזאָן: אַן ארבעטער, א זעלנער און א נאָמי־נירטער פון סאָוויעט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַלגעמיינער ריכטער־ראַט פון אלע ריכטער און עס איז געשאפן געוואָרן א קרייז־פּאָלקס־געריכט. אָבער אין סוף פון יאָר 1918 איז ער רעפאָרמירט געוואָרן אַזוי, אַז איין אַלגעמיינער געריכט מיט געשווירענע, אויסגעוויילטע, פון די אָרטיקע סאָוויעטן, האָט זיך געזאָלט פאַרנעמען מיט אַלע ענינים, וואָס ווערן געבראַכט פארן געריכט.

אין די נייע אומשטענדן האָבן די אדוואָקאָטן אויפגעהערט צו זיין מענטשן פון אַ פרייער פּראָפעסיע. אָנשטאָט דעם איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָלעגיע פון „געריכטס־פאָרשטייער", וואָס זענען באַשטימט געוואָרן פון געריכט צו פאַר־טיידיקן די באַשולדיקטע. דאָס איז געווען אַ מין קאָרפּאָראַציע פון מלוכה־באַ־אַמטע, וועלכע האָבן באַקומען זייער געהאלט פון דער מלוכה, און די קליענטן האָבן געצאָלט פאַר דער פּארטיידיקונג אין דער מלוכה־קאַסע און נישט די אַדוואָקאַטן. ס'איז געווען קלאָר פון פאָרויס, אַז די „קאָלעגיע" וועט זיך נישט קאָנען אַנטוויקלען און וועט פאַראַליזירט ווערן אין סאַמע אָנהויב. שוין סוף 1918 האָט די רעגירונג באַשטימט זי אָפּצושאפן. ענדלעך איז די מאַכט געקומען צום אויספיר, אַז אין אַ פּאָלקס־געריכט, ווו דער ריכטער דארף משפּטן לויט זיין רעוואָלוציאָנערן געוויסן, זענען בכלל נישט נייטיק קיין אַדוואָקאַטן. דער ריכטער אַליין איז אַ גענוגנדיקע גאראנטיע פאר א גערעכטן משפּט סיי אין קרימינעלע, סיי אין ציווילע ענינים.

די נאָטאַריאַלע אמטן זענען אָפּגעשאפן געוואָרן סוף פון יאָר 1918, זייערע פונקציעס זענען אריבער צו דער רעגירונג, וועלכע האָט געעפנט אַנטשפּרעכנדיקע אָפּטיילונגען ביי די אַרבעטער־ראַטן.

דער קלויסטער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער מלוכהשער ראַם אין אָנהייב פון יאָר 1918. אַלע פּריווילעגיעס פון קלער זענען אַנולירט געוואָרן. דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון קלויסטער און די מאָנאַסטירן איז קאָנפיסקירט געוואָרן. רעליגיע איז געוואָרן אַ פּריוואַטע זאך. ס'איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז דווקא די רעוואָלוציע אויף אָט דעם געביט האָט נישט אַרויסגערופן קיין גרויסע פאַר־ביטערונג ביי די פּויערישע מאַסן, כאָטש בדרך כלל זענען זיי געווען רעליגיעז.

די אָרטאָדאָקסישע גלחים האָבן געפּרווּווט אָרגאַניזירן פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט צוציען קיין מאַסן. אַלע ידיעות אין דער אויס־לענדישער פּרעסע וועגן רדיפות און נגישות לגבי דעם קלער מצד דער ראַטנ־מאַכט, וואָס האָבן גורם געווען צו דער ווענדונג פון פּויפּסט דירעקט צו לענינען — זענען נישט געווען קיין ריכטיקע. אַזוי זענען דאַן אויך פאַרשפּרייט געוואָרן אין אויסלאַנד פאַלשע ידיעות וועגן דער כלומרשטער „סאָציאַליזאַציע פון פרויען". אמת, די חתונה־פּראָצעדור איז געוואָרן אַ ציווילע און איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום רעליגיעזער צערעמאָניע. מען האָט נישט געדאַרפט אָנקומען נישט צו קיין גלח און נישט צו קיין רב. ס'איז גענוג געווען קומען צו אַ ריכטער, אים מודיע זיין וועגן דער חתונה — און דער ריכטער פלעגט דאָס אַריינפירן אין רעגיסטער. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט גטן: ביז דאַן איז לויט דער פּראַוואָסלאַוונער קירך דערלויבט געווען דאָס גטן זיך נאָר אין פיר פאַלן: צוליב אימפּאָטענץ, פאַראַט, צוליבן פאַרלירן די בירגער־רעכט לויט אַן אורטייל פון א געריכט פאר א קרימינעלן פאַרברעכן, צוליבן בלייבן אַן עגונה, אָדער אַן עגון, אין משך פון אַ באַשטימטער צייט. בעת דער ראַטנמאַכט איז דאָס גטן זיך אַן אַן ערך פאַרלייכטערט געוואָרן. איין צד האָט דערלאַנגט א ביטע אין געריכט און דאָס געריכט האָט איינגעלאַדן דעם צווייטן צד; אויב יענער האָט זיך נישט געשטעלט, האָט עס נישט אָפּגעהאַלטן די באַהאַנדלונג פון ענין. דער ריכטער האָט זיך באַקענט מיט די מאָטיוון פון ערשטן צד, און אויב זיי זענען לויט דעם איינזען פון ריכטער געווען באַרעכטיקטע — איז געגעבן געוואָרן אַ גט.

די באַציונג צו רעליגיע איז געווען אַבסאָלוט א נעגאַטיווע מצד די רעגי־רונגס־ און פאַרטיי־קרייזן. די פאַרטיי האָט געהאַלטן, און מיט רעכט, אַז רעלי־גיעזער גלויבן איז אין קעגנזאַץ צו די קלאַסן־אינטערעסן פון די ארבעטער. דערפאַר האָט זי פּראָקלאַמירט אַן אָפענע מלחמה קעגן רעליגיע. „רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק" — אַזעלכע לאָזונגען זענען געווען אויסגעקלעפּט אויף די ווענט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן א באַוועגונג פון בעזבאָזשניקעס צום קאַמף מיט רעליגיע. אין א שפּעטערדיקן פּעריאָד איז פאר דער ראַטנמאַכט קלאָר געוואָרן, אַז די רעליגיע איז צו טיף פאַרוואָרצלט אין די הערצער פון די מאַסן, אַז אַ קאַמף קעגן איר מיט געוואַלד וועט נישט העלפן. אין דער סאָוויעטיטער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1936 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן רעליגיעזע פרייהייט.

די פּרעסע, נישט בלויז די בורזשואַזע, נאָר אפילו פון ארבעטער און סאָ־ציאַליסטן, ווי דער „בונד" און פּ.פּ.ס., קריטיקירנדיק שאַרף די ראַטנמאַכט, האָט גערעדט מיט צאָרן וועגן באָלשעוויסטישן טעראָר, וועגן טויט־אורטיילן און אַנ־דערע שוידערלעכע מעשים פון דער „טשערעזוויטשייקאַ" (ספּעציעלע קאָמיסיע

צום קאַמף מיט ספּעקולאַציע און קאָנטררעוואָלוציע), וועגן פעלן פון פּרעסע־פרייהייט, פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען. ס'איז כדאי צו אַנאַליזירן אויף וויפל די טענות זענען געווען ריכטיקע אָדער נישט.

מען מאַכט נישט קיין רעוואָלוציעס מיט קיין זיידענע הענטשקעס. דאָס איז געווען איינער פון קערענסקיס טעותים. ער האָט געמיינט, אַז אין חודש מערץ איז פאַרענדיקט געוואָרן די רעוואָלוציע, און ער האָט זיך צוגעאיילט מיטן אָפּ־שאַפן טויט־שטראָף. די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס זענען גוט נאָר אין פרידנס־צייט. אַ מענטש האָט רעכט אַרויסצוטרעטן קעגן טויט־שטראָף, נאָר צוליב פּריציפּיעלע טעמים. ס'האָט אָבער קיין שום זין נישט צו אַנולירן טויט־שטראָף אין אַ רעוואָלוציע־צייט, ווען דער טויט הערשט אין די גאַסן און די מלחמה צווישן ביידע וועלטן איז אַ טאָטאַלע. אפילו די „ספּעציעלע קאָמיסיעס" זענען געווען נייטיקע און אומבאַדינגטע אָרגאַנען פאַר דער רעוואָלוציע.

דער מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס איז אין זיי אַריינגעדרונגען איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר דער אויפגאַבע. ער האָט פאַרוואַנדלט די דאָזיקע קאָמי־סיעס אין אָרגאַנען, וואָס האָבן מיט אַלץ דערמאָנט די צאַרישע „אָכראַנע". אויב די פעלערן אין דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די באָלשעוויקעס זענען געווען בעיקר אַ רעזולטאַט פון אויסערלעכע סיבות, אָביעקטיווע, זענען דער באָל־שעוויסטישער טעראָר און די „ספּעציעלע קאָמיסיעס" אַרויסגעוואַקסן צוליב דער פיינטלעכער אַטמאָספער פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, צו וועלכע עס האָבן געהערט נישט בלויז די בורזשואַזיע און די ווייסע אָפיצירן, נאָר אויך די מענשעוויקעס און די רעכטע ס.ר.׳ן, און נאָך דעם צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן אין מערץ 1918 — אויך די לינקע ס.ר.׳ן. אויסער דעם זענען אין די ספּעציעלע קאָמיסיעס אַריין פיל אַזעלכע, וואָס זענען נישט געווען קיין קאָמוניסטן, נאָר „פּרימאַזאָניקעס" ד. ה. צבועקעס, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר קאָמוניסטן און געוואָלט כאַפּן פיש אין מוטנע וואַסער.

די איזאָלירטקייט פון די באָלשעוויקעס נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געווען זייער אומגליק, ווייל זיי האָבן נישט געגוי געקאָנט בודק זיין די כשרות פון די אַלע מענטשן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו פאַרשידענע אויפגאבן. אויסער דעם, האָט זיך די מלחמה געצויגן נישט בלויז אויף די גרענעצן פון לאַנד, ס'איז געווען בירגער־קריג אין לאַנד און די באָלשעוויקעס זענען געווען געצוווּנ־גען צו שיצן מיט אַ שטאַרקער האַנט סיי די רעוואָלוציע, סיי די סאָוויעטישע אָרדענונג.

צוערשט זענען די באָלשעוויקעס זיך באַגאַנגען איידל און זיי האָבן אַרויס־געוויזן צוטרוי צו מענטשן, ווי למשל צום ערנוואָרט פון ווייסן גענעראַל קראַס־נאָוו, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו זיי אין געפאַנגענשאַפט און זיי האָבן אים באַפרייט.

שפּעטער, ווען די רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, אַז דער גענעראַל קראַסנאָוו האָט אויסגענוצט דעם צוטרוי צו זיין ערנוואָרט קעגן דער ראַטנמאַכט, האָט זי דען גענקאָנט באַציען זיך מיט חסד צו די אַלע, וועלכע זענען קעגן איר אויפגעשטאַנען פון אַלע זייטן.

מען טענהט, אַז ס׳איז נישט געווען קיין פרייהייט פון וואָרט, קיין פּרעסע־פרייהייט, ס׳איז אָבער נישט געווען אַזוי אין אָנהייב פון דער ראַטנמאַכט. אין משך פון פיר חדשים נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז נאָך אַלץ דערשינען אין פּעטראָגראַד די צייטונג פון די קאַדעטן „ריעטש״. מען האָט דאַן געמעגט קריטיקירן די ראַטנמאכט. מען האָט אָבער נישט געקאָנט פאָדערן פון די באָל־שעוויקעס, אַז זיי זאָלן דערלויבן כסדר רופן צו א באוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן זיי ! אָט זענען אַ לאַנגע צייט געזעסן אין די סאָוויעטן די רעכטע ס.ר.׳ן, און גלייכצייטיק זענען זיי געווען אין אַ קאָאַליציע מיט די אינטערווענטן פון דרויסן און פון אינעווייניק. ווי האָט מען זיך געדאַרפט באַציען צו פאָרשטייער פון אַזאַ פּאַרטיי ? פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע מענטשן, און ענלעכע צו זיי האָבן די באָל־שעוויקעס באַזייטיקט פון צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט.

ס׳איז אויך כדאי אָפּצושאַצן די באַציונג פון די פּאַרטייען צו דער ראַטנ־מאַכט. אויב אין זומער פון יאָר 1917 איז אין דער גרעסטער צאָל שטאָט־ראַטן און אויך אין די סאָוויעטן געווען אַ מערהייט פון רעכטע עלעמענטן, האָט זיך צום סוף פון יאָר 1917 דאָס בילד געענדערט און די רעכטע זענען דאָרט פאַר־בליבן אַ קליינע מינדערהייט. די גאַנצע אינטעליגענץ איז געבליבן אין לאַגער פון די „אָבאָראָנצעס״, און די צוויי פּאַרטייען, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן מענשע־וויקעס און די רעכטע ס.ר.׳ן האָבן פאַרלאָזט די סאָוויעטן און אויפגעהויבן די פאָן פון באוואָפנטן קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס און די סאָוויעטן. ס׳איז אפילו פאַראַן אַ סברה, אַז דער מענשעוויק דאַן האָט געהאַט אַ חלק אין אויפשטאַנד פון די יונקערס אין פּעטראָגראַד, אין די ערשטע וואָכן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלו־ציע, די פּאַרטייען האָבן זיך צעשפּרייט אויף אַלע זייטן, אַוועק אומעטום, ווו די בורזשואַזיע האָט זיך אָרגאַניזירט אָנצוהייבן אַ מלחמה קעגן דער ראַטנמאַכט. אין אַזעלכע ערטער האָבן זיי געהאָלפן אַראָפּוואַרפן די ראַטנמאכט און אריין אין באשטאנד פון די קאָנטעררעוואָלוציאָנערע רעגירונגען. אַזוי איז אין אַרכאַנגעלסק געשאַפן געוואָרן אַ קאָנטעררעוואָלוציאָנערע רעגירונג בראש מיטן ס.ר. טשיי־קאָווסקי ; ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ בורזשואַזע רעגירונג אין אופאַ, דאָס דירעק־טאָריום מיט דער באַטייליקונג פון די ס.ר.׳ן, וואָס זענען געווען די דעלעגאַטן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. זיי זענען אויך געווען ביי קאָלטשאַקן אין סיביר, ביז מען האָט זיי נישט פון דאָרט אַרויסגעטריבן ; זיי זענען אויך אַריין אין דער רעגירונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון די טשעכאָסלאָוואַקן אין סאַמאַראַ. אין

דער זעלבער צייט, זענען זיי נאָך געזעסן אין די אַרבעטער־ראַטן און באַטייליקט זיך אין דער פּערטער קאָנפערענץ פון די סאָוויעטן אין מערץ פון יאָר 1918. אין די סאָוויעטן האָבן זיי געשפּילט אַ ראָל פון אַ נישט פאַראַנטוואָרטלעכער אָפּאָזיציע און זיי זענען געדולדעט געוואָרן פון דער מאַכט, ביז ס'איז נישט באַוווסט געוואָרן, אַז זייערע פירער האָבן זיך באַטייליקט אין אַטענטאַטן און אין אַ בונט קעגן דער ראַטנמאַכט. אין מאַי 1918 איז אין פּעטראָגראַד דערהרגעט געוואָרן דורך די רעכטע ס.ר.׳ן וואָלאָדאַרסקי; אַ מיטגלידערין פון די רעכטע ס.ר.׳ן, דאָראַ קאַפּלאַן האָט געשאָסן אין לענינען און אים פאַרוווּנדעט. אין אויגוסט 1918 האָבן די רעכטע ס.ר.׳ן דערהרגעט אין פּעטראָגראַד אוריצקין. אין יוני 1918 זענען זיי באַזייטיקט געוואָרן פון אויספיר־קאָמיטעט. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן אָרגאַניזירן, אונטער דער מאַסקע פון אומאָפּהענגיקע „אַרבעטער־קאָנפערענצן", אַן אַקטיווע אָרגאַניזאַציע צום קאַמף מיט דער ראַטנמאַכט. היות, דער „בונד" איז געווען אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרבונדן מיט די מענשעוויקעס, און די פּאַראייניקטע זענען געווען פאַרבונדן מיט די רעכטע ס.ר.׳ן, איז די באַציונג פון די צוויי יידישע פּאַרטייען צו דער ראַטנמאַכט געווען אַזאַ, ווי די באַציונג פון זייערע פאַרבינדעטע נישט יידישע פּאַרטייען, מיט דעם אונטערשייד, וואָס זיי האָבן זיך נישט באַטייליקט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן אין אַטענטאַטן, ווייל טעראָר איז נישט אַריין אין פּראָגראַם פון די דאָזיקע פּאַרטייען, וואָס ס'האָט געהאַט אַן אָרט ביי די ס.ר.׳ן.

די דאָזיקע באַציונגען האָבן זיך געצויגן ביזן סוף פון יאָר 1918. אין מינסק, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין סוף פון יאָר 1918, זענען נאָך געזעסן די רעכטע ס.ר.׳ן אין די סאָוויעטן, וואָס זענען דאַן אָרגאַניזירט געוואָרן. מען האָט זיי נאָר פאָרגעלייגט, אַז זיי זאָלן אָפיציעל דעקלאַרירן זייער נישט סאָלידאַריטעט מיט דער טאַקטיק פון זייער צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז דאַן געווען פאַרטראָטן אין דער רעגירונג אין אופאַ. ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָט מען זיי באַזייטיקט פון די סאָוויעטן. אמת, אז נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד האָבן זיי געביטן זייער מיינונג און אַרויסגעוויזן אַ פּאָזיטיווע באַציונג צו דער ראַטנמאַכט. זיי האָבן אפילו געהאַלטן ביים צוריק אריינטרעטן אין צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט, אָבער די אינטעליגענץ פון דער פּאַרטיי האָט ווייטער באָיקאָטירט און סאַבאָטירט די טעטיקייט פון דער ראַטנמאַכט.

גאָר אַן אנדערע איז געווען די באַציונג פון די לינקע ס.ר.׳ן צו דער ראַטנמאַכט, זיי האָבן זיך באַטייליקט אין ערשטן „סאָוונאַרקאָם". צווישן די 17 קאָמיסארן זענען 7 געווען פון די ס.ר.׳ן. ערשט נאָכן באַשטעטיקן די שלום־באַ־

דינגונגען מיט דייטשלאַנד אויף דעם פּערטן צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן אין מערץ 1918, זענען זיי אַרויסגעטראָטן פון דער רעגירונג, אַריבער צו דער אָפּאָזיציע און אפילו פּראָקלאַמירט א באוואָפנטע מלחמה קעגן דער ראטנמאַכט. וועלנדיק שאַפן אַ סיכסוך צווישן דייטשלאַנד און דער ראַטנרעגירונג, האָבן זיי אין זומער 1918 דערהרגעט דעם דייטשישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, מירבאַך. צו זייער שבח דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן זיך נישט באטייליקט אין קיין שום בורזשואַזער קאָנטררעוואָלוציאָנערער רעגירונג, זיי זענען אָבער זייער גיך נעלם געוואָרן.

גאָר אַן אנדערע איז געווען די באַציונג פון די פאַרשידענע מינים אינ־טערנאַציאָנאליסטן צו דער ראַטנמאכט. א קליינע גרופּע, בראש מיט מאַרטאָוון, האָט זיך פון זיי אָפּגעטיילט און אָנגענומען אַ פיינטלעכע שטעלונג צו דער ראַטנמאכט. די איבעריקע אינטערנאַציאָנאליסטן האָבן זיך גרופּירט אַרום דער צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן", וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון מאַק־סים גאָרקי. די גרופּע האָט זיך אויך געשפּאָלטן אויף צווייען, — אויף אַ לינקער גרופּירונג בראש מיט לינדאָוון, וואָס האָט זיך לסוף פאַראייניקט מיט די באָל־שעוויקעס, און אויף אַ רעכטער גרופּירונג, בראש מיט באַדוראָוון, אַווילאָוון און מאַרטינאָוון. אַלע אינטערנאַציאָנאַליסטן זענען אייגנטלעך געווען גרופּעס פון אינטעליגענטן. די צאָל אַרבעטער צווישן זיי איז געווען זייער אַ קליינע. מען דאַרף זאָגן, אַז זיי זענען געווען די פאַראַנטוואָרטלעכע אָפּאָזיציע אין די סאָוויעטן. זיי האָבן געשטרעבט צו דערפירן צו אַ שלום צווישן די צדדים. דעריבער האָבן זיי געליטן קלעפּ פון ביידע צדדים. בכל אופן, איז פאַר זיי קלאָר געוואָרן, אַז אַ קאַמף מיט דער ראטנמאכט דורך א באוואָפנטן אויפשטאַנד, איז נישט מער ווי אַ הילף פאַר דער קאָנטררעוואָלוציע. דערפאַר האָבן זיי, אין דעם גייסט פון מיטאַרבעטן מיט דער ראטנמאכט, באַמיט זיך אין דער ראַם פון די סאָוויעטן צו ווירקן אויפן גאַנג פון די געשעענישן.

מיר, די פּועלי־ציון, זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט די אינטערנאַציאָנאַ־ליסטן. און ווייל מיר זענען געווען די איינציקע אויף דער יידישער גאַס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס אין די ראַטן, זענען מיר אויף דער יידישער גאַס געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען באָלשעוויקעס. כאָטש מיר האָבן געאַרבעט אין די סאָוויעטן, פלעגן מיר צייטנווייז קריטיקירן די טע־טיקייט פון די סאָוויעטן און נישט איינמאָל האָט אונדזער קריטיק געהאָלפן ; אין יאָר 1918 איז אונדזער פּאַרטיי געווען די איינציקע, אויסער די באָלשעוויקעס, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן דורך דער ראַטנמאַכט. און די באַציונגען צווישן אונדז און דער מאַכט זענען געווען פולשטענדיק נאָרמאַלע. דער וואָס וויל פאַר־שטיין ווי געהעריק אונדזער שטעלונג, דאַרף צוערשט זיך גוט באַקענען מיט די

פּאָליטישע באַדינגונגען פון יענער תקופה, מיט די לעבנס־באַדינגונגען פון די יידישע מאַסן אין צאַרישן רוסלאַנד און מיט די ענדערונגען וואָס זענען פאָרגע־קומען צוליב דער מלחמה, פעברואַר־רעוואָלוציע און אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין דער געשיכטע פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע וועט פארצייכנט ווערן, אַז פּועלי־ציון האָט נישט בלויז נישט געשטערט דער רעוואָלוציע, נאָר לכתחילה אפילו איר מיטגעהאָלפן מיט וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך געווען. מיר האָבן נישט געוואָלט גורם זיין מיט וואָס ס׳זאָל נישט זיין צו איר אונטערגאַנג. און אויב די רעוואָלו־ציע האָט זיך איינגעגעבן, האָבן מיר אין דעם אויך אונדזער חלק בלוט. דאָס רעדט זיך אַלץ וועגן די ערשטע יאָרן, באַזונדערס וועגן ערשטן יאָר פון דער רעוואָלוציע. אויב מיר וועלן אַ קוק טאָן אויף דעם, וואָס ס׳איז געוואָרן דער־נאָך, אין יאָר 1919 און שפּעטער, ווען ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן די מיליטערישע אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון באָראָכאָוון צו פאַרטיידיקן דעם ראַטנפאַרבאַנד — וועט אונדז איינגאַנצן קלאָר זיין אויף וויפל מיר האָבן, מיט אונדזערע אָרעמע כוחות, געהאָלפן דער רעוואָלוציע. אָבער פון די דאָזיקע געשעענישן בין איך שוין נישט געווען קיין עדות.

מאַי 1932 — מאַי 1954.



נ. ניר־ראַפּאַלקעס — אין 1906



פון רעכטס: י. פּעטערזייל, מוליע, זרבבל, נ. ניר

# אינדעקס פון נעמען

**דער אינדעקס איז אַ שליסל צו די נעמען וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך, באַזונדערס די, וואָס האָבן אַ געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פאַרן יידישן און אַלגעמיינעם לעבן.**

ר.



ש.

# אין פאַרלאַג י. ל. פרץ-ביבליאָטעק זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ-לעבן) |
| יוסף ראָזען | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| אפרים שרייער | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| י. לעשצינסקי | דאָס פּנים פון גלות-יידנטום (העברעיש) |
| יעקב פאַט | שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש) |
| רבקה באסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון וויי און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יהושע גלבוע | אויף די חורבות פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד (העברעיש) |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| יחיאל האָפער | ר' זלמן |